משפחה מיט דעם זעלבן נאָמען, ווײַל איך מיך אָנשטרענגען אַ נישטער צו טאָן אין מײַן מיח און אַרויסגריבלען פון דאָרט אַלץ וואָס איך האָב ווען געהערט פון מײַן באָבען און מײַן פֿאָטער עליהם השלום וועגן דעם ייחוס אבות אונדזערן.



די באָבע מינקע פון אַפּיעצאָק

מײַן באָבע, מינקע די אַפּיעצקערין, איז געווען די אײנ־ציקע טאָכטער פון יעקב און רייזל פון נאָוואָ־פּאָליע, וואָס איז אײגנטלעך די יידישע איבערזעצונג ניי פעלד. מײַן באָבע האָט געהאַט 3 ברידער: דאדע, יאשע און משה־צאלע. און פון אַלע שיינע מעשיות, וואָס די באָבע האָט אונדז דערציילט ווען מיר פלעגן זיצן אויפן גרויסן אויוון און פליקן פעדערן — ווונדער־געשיכטעס וועגן אליהו הנביא, ר׳ מאיר בעל הנס, חוני המעגל, וועגן בערן און וועלף, לייבן און פוקסן, איז די שענסטע געווען אַ מעשה שהיה, אַ מעשה נפלא פון דער משפחה:

איין מאָל איז אין דאָרף נאָוואָפּאָליע אָנגעפלייגן אַזאַ גרויסע פור־בויד געשפּאַנט מיט 2 פערד. עמעצער פון די פאָרערס איז אַראָפּגעשפּרונגען, אַ כאַפּ געטאָן מײַן ברודער דאדע, וואָס איז דאַן אַלט געווען 12 יאָר, אים אַרײַנגעוואָרפן אין דער בודע און — היידא, זיך אַוועקגעטראָגן מיטן שליאַך. ווען מײַן קלענערער ברודער יאשע איז געוווּיר געוואָרן פון דעם, האָט ער גלייך אָן טענות ומענות אַרויסגעכאַפּט זיך פון הויז און — „פּאַשאָל״, געגומען נאָכיאָגן די בויד. ער האָט זיך געיאָגט ווי אַ ווײַכער גאַנצע 10 וויאָרסט, ביז סטויבץ. אַז ער האָט דאָרט דערזען די בויד, איז ער גלייך צוגעלאָפן צום מאַרשאַלעק און אָן אָטעם, אין אַ ריינעם דאָרפיש־גויישן לשון אנגעהויבן בעטן: לאָז אָפּ מײַן ברודער, ווייל דו וועסט פון אים קיין נחת ניט האָבן — ער איז אַ כאַרליאַק, אַ קראַנקער, דער מאַמעס פיעסטון... נעם מיר בעסער — איך בין געזונט און שטאַרק און וועל זיין אַ בעסערער סאָלדאַט פאַר אונדזער צאַר־באַטיושקא! דער מאַרשאַלעק האָט זיך צוגעהערט צום יינגלס געבעט און ס׳איז אים געפעלן געוואָרן — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו דאַדן: לויף גיך אַהיים, דו כאַרליאַק איינער, און אויב דו וועסט דערגיין ביז אַהיים, זאָל דיר דאָרט דיין מאַמע ווייטער פיעשטשען. יאשען האָט ער אַוועקגעשיקט ווייט אין רוסלאַנד און זייער אַ לאַנגע צייט האָט מען גאָר ניט געהערט פון אים. 4 יאָר שפּעטער איז אַ רוסישער סאָלדאַט, נאָך 20 יאָר דינען, געקומען אין דאָרף אויף „אָטפּוסק״. איז ער אַרײַנגעקומען צו אונדז און אַ זאָג געטאָן: איך האָב אייך געבראַכט אַ גרוס פון אייער זון — ער איז געזונט און צו־פרידן, נאָר ער האָט געבעטן, איר זאָלט אים שיקן „באָגאָ־מאָלניקי״, ווען איך וועל פאָרן צוריק קען איך עס מיטנעמען פאַר אים. מיר האָבן געקויפט אַ פּאָר תפילין און אַ קליין סידורל און דער סאָלדאַט האָט עס מיטגענומען פאַר אונדזער יאשען. יאָרן שפּעטער האָבן מיר געקראָגן אַ בריוו פון יאסיף יאקאוולעוויטש נייפעלד, ווו ער שרייבט אַז מען האָט אים באַפרייט פון זיין „סלוזשבע״ פאַר דעם טערמין און אַז ער גייט חתונה האָבן מיט אַ יידישע מיידל — אַ טאָכטער פון אַ ניקאָלאַיעווסקן סאָלדאַט; זיין בקשה איז, אַז די מאַמע זאָל קומען צו דער חתונה — און די מאַמע איז געפאָרן קיין מאָסקווע און האָט פאַרבראַכט ביי יאשען 6 חדשים.

יאשע האָט די מאַמען געפירט און געוויזן איר גאַנץ מאָסקווע, אַפילו אין צאַרסקן פּאַלאַץ האָט ער זי אַרײַנגע־פירט און איר געוויזן די קונסט־מעבל וואָס ער האָט דאָרט געמאַכט; אויך דעם איקאָנאָסטאַס אין קרעמל — זיין אַר־בעט. ווען די מאַמע איז צוריקגעקומען איז מײַן ברודער משה־צאלע געפאָרן קיין מאָסקווע — געווען דאָרט עטלעכע יאָר און נאָך דעם אַריבערגעפאָרן מיט זיין פאַמיליע קיין קאַזאַן. ער האָט געהאַט עטלעכע טעכטער און איין זון — אברהם, וועלכער האָט דאָרט חתונה געהאַט און אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. זיין פרוי, אַ זון און 3 טעכטער זענען שפּעטער אויך אַוועק קיין אַמעריקע.

עד כאן די געשיכטע, וואָס די באָבע מינקע האָט אונדז דערציילט. איר פאָטער יעקב — אונדזער עלטער־זיידע — האָט געהאַלטן אין אַרענדע סמאָליאַרנעס אין נאָוואָפּאָליע. דאָרט פלעגט מען ברענען די קאָרטשעס פון די אָפּגעשני־טענע ביימער פון וועלכע מען האָט אַרויסבאַקומען פעך, סמאָלע, דזשעגעך און טערפּענטין. די אויוונס, אין וועלכע מען ברענט די קאָרטשעס, זענען געבויט אין אַ ספּעציעלער פאָרעם, וואָס מאַכט מעגלעך אַז די פאַרשיידענע מינעראַלן זאָלן אַרויסטריפן פון באַזונדערע רערן. די פליסיקע מינעראַלן פלעגן אַרײַנגעגאָסן ווערן אין הילצערנע פעסער און פאַר־

קויפט ווערן אין לאַנד, ווי אויך געשיקט ווערן אויף עקס־פּאָרט קיין אויסלאַנד.

ויהי היום — איז געקומען אַ יונגער בחור פון איוויע, פייווע קאַגאַן, וואָס איז געווען אַ מומחה אין מאַכן די איווונס פאַר סמאָלאַרנעס, און זיך געשטעלט אַרבעטן אין נאַוואָפּאָ־ליע. דאָרט האָט ער זיך פאַרליבט אין דער יונגער, שיינער און שלאַנקער מינקען און זיי האָבן חתונה געהאַט. כדי צו פאַרמיידן, אַז זייערע קינדער זאָלן ניט געכאַפּט ווערן פאַר דעם צאַרס סאָלדאַטן, האָט ער געביטן זיין פאַמיליע־נאָמען אויף נייפעלד. זיין ברודער, אַברהמל דער מענסקער שניידער, איז פאַרבליבן ביים פאַמיליע־נאָמען קאַגאַן. ער האָט גע־וווינט אין דער מיר נעבן דער גרויסער ישיבה. אברהמל האָט געהאַט 2 זין: משה'ל דער סופר און רפאל — אַ וואַיאַזשאַר — און עטלעכע טעכטער. און דאָ אייגנטלעך שטעקט דער ענט־פער אויף דער פראַגע: ווי אַזוי קומען די נייפעלדס צו זיין כהנים?

נאָך זייער חתונה האָבן מיין זיידע און באָבע ע"ה זיך אַריבערגעקליבן אין אָפּיעצאַק — אַ דאָרף 7 וויאָרסט ווייט פון סטויבץ. נאָכן אָפּלעבן עטלעכע יאָר דאָרט, זענען זיי אַריבערגעפאָרן קיין סטויבץ און זיך אויסגעבויט אַ הויז אויף יורזדיקע גאַס. איר ברודער דאָדע — אַ הויכער, שיינער ייד מיט אַ זילבער־גראָע הדרת־פּנימדיקע באָרד, שטענדיק זויבער און פיין געקליידעט — האָט געוווינט אויף שול־גאַס, לעבן אַלטן בית־מדרש. און ער, דער פעטער דאָדע, איז דאָס דער אַלטער ייד, וועגן וועמען עס איז אין אונדזערע מקומות אַרומגעגאַנגען די שפּאַס־לעגענדע, אַז ווען אַ פּאָר ישיבה־בחורים זענען אַ מאָל אין שול צוגעגאַנגען צו אים און גע־בעטן אים דערקלערן דעם פּשט פון אַ שטיקל האַרבער גמרא, האָט ער זיי געענטפערט: ווען ער וואָלט ניט געקענט אויפ־קלערן זיי די גמרא, וואָלטן זיי אים דאָך מבייש געווען — און דאָס איז אַ חוצפה — איז דעריבער טאַקע וועט ער זייער קושיא ניט פאַרענטפערן...

דער פעטער דאָדע מיט דעם אַלטן אידל דויד נייפעלד (יאָשע דעם קאָמיסיאָנערס פאָטער) — אַ קליינטשיק יידעלע אין ווייסע זאָקן און פּאַנטאָפל — פלעגן כמעט יעדן שבת נאָך וואָרמעס (טשאָלנט) אַריבערקומען צו דער באָבע מינקען פאַר טיי און צובייסנס. מיר, די יונגע חברה, פלעגן זיך ניי־געריק צוהערן צו די געשיכטעס פון די אַלטע צייטן וואָס זיי פלעגן זיך דערציילן. ווען זיין פרוי, פעשע שפרה, איז געשטאָרבן, האָט ער פאַרקויפט זיין הויז צו יאַנקל אַלטמאַן און אין עלטער פון 85 יאָר זיך „אַוועקגעשיפט" קיין אַמע־ריקע צו זיין איינציקער טאָכטער גאָלדע, וווּ ער האָט אויס־געלעבט זיינע 90 יאָר.

מיין באָבע מינקע האָט געהאַט 2 זין — לייזער און בערע — און 3 טעכטער — פייגע, ריקליע און שרה. לייזער האָט חתונה געהאַט מיט גאָלדע־פייגע גאַרמיזע, און בערע — מיט הירשקע דעם שוסטערס טאָכטער, שימקע רוסאַק.

ווען דער זיידע פייווע איז געשטאָרבן איז די באָבע מינקע געבליבן וווינען מיט אונדז און אָנגעפירט מיט דער הויז־ווירטשאַפט ביז אין אירע ניינציקער יאָרן. זי האָט אַליין אויפ־גענייט און צוגעגרייט איר „אויסריכטונג" און גאָר אַ לאַנגע צייט פלעגט זי זיך נאָך אויספּיינען און ווייזן אַלעמען די שיינע „גאַרדעראָבע", וואָס זי האָט מיט די אייגענע הענט פאַר זיך צוגעגרייט. אַ פּאָר טעג פאַר תשעה באב — זומער 1904 — האָט זי זיך דערפילט ניט מיט אַלעמען און זי האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין... זי האָט תיכף צוגעגרייט אַן אַלט העמד און דערקלערט: „אַז די ווייבער וועלן קומען און נעמען רייסן שטיקער פאַר אַ סגולה און אַ רפואה פאַר זייע־רע ציטעריקע קינדער, וועלן זיי מיר נאָך פון טיש אַראָפּ־שלעפּן"... דאַן האָט זי געבעטן מען זאָל אָנזאָגן אירע טעכ־טער אין סעלעוויטש און לעכעוויטש, אויך די אייניקלעך און אור־אייניקלעך אין באַראַנאָוויטש. דעם קומענדיקן טאָג, 7 אַזייגער אין דער פרי, ווען אַלע זענען אַראָפּגעקומען מיטן



בערע און שימקע נייפעלד

באַראַנאָוויטשער באַן און זיך פאַרזאַמלט אין הויז, איז זי געווען זייער צופרידן און געזאָגט: „איצטער, אַז די קאַפּעליע איז דאָ, דאַרף מען שוין אויף אַן אמת זיך צוגרייטן". זי האָט אַלעמען דערקענט, מיט יעדערן גערעדט, געשפּאַסט אַפילו, און אַרום 10 אַזייגער פרי, מיט אַ טרויעריקן שמייכל אויפן צערונצלטן פּנים, צוגעמאַכט אויף אייביק אירע אויגן. די צערפּולע ידיעה איז כהרף עין פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די שטעטלשע יידן און 12 אַזייגער איז זי געבראַכט געוואָרן צו איר אייביקע רו.

מיין פאָטער בערע ע"ה איז געווען אַ טשעסלער. ער פלעגט בויען הייזער אין שטאָט, און אויך גאַנץ אָפט אין דאָרף — פאַר רייכע פּויערים און פּריצים. די טשעסלערס זענען געווען פאַראייניקט אין אַרטעלן — 4—6 אין איין אַרטעל. 4—5 אַזעלכע אַרטעלן זענען אין שטאָט געווען. יעדער אַר־טעל באַזונדער פלעגט אָננעמען פּאָדריאַדן צו בויען הייזער. דער פּרייז פאַר אויפבויען אַ הויז איז געווען אָפּהענגיק פון דער גרויס פון לאַן, צאָל פון צימערן אדג"ל. דער פּרייז איז געווען פון 70 ביז 150 רובל און דאָס בויען פלעגט דויערן

פון 3 ביז 5 וואָכן. במשך דער בוי־צייט פלעגט מען מאַכן עטלעכע באַיאַלניצעס, זאַקלאַדזינעס, אַקנאַוויאַיע, באַלקאָוואַ־יע און דאַכאָוויאַיע — און יעדן מאָל פלעגט דער בעל־הבית צוגרייטן אַ פלעשל בראָנפן און צובייסן.

די אַרבעט צווישן די שותפים פון אַרטעל איז איינגע־שטעלט געוואָרן אַזוי, אַז די בעסערע אַרבעטער פלעגן שטיין אויף די פראָנט־ווינקלען, די ערגערע — אויף די הינטער־שטע ווינקלען, אין מיטן, און ביים בויען די אינעווייניקסטע ווענט. יעדן שבת שבת צו נאַכט האָבן די שותפים זיך צוזאַמענגע־קליבן ביי אונדז אין הויז, מיין טאַטע פלעגט אויסרעכענען די וואָך פאַרדינסט פראָ־פּערזאָן און אויסצאָלן יעדן איינעם זיין חלק. די הויפּט־שותפים זענען געווען העשל, אברהמל מענדלס, שמואל באָוילע, אברהם גרשון, שמואל דער קליי־נער, וועלוול קאַטיילע א״אַ.

נאָכן אויסרעכענען זיך פלעגט מען זיך זעצן טרינקען טיי און דערציילן געשיכטעס פון מלך סאָביעסקיס צייטן. מיין טאַטע פלעגט אָפט דערציילן די מעשה, ווי מען האָט ביים שטעטל געבויט די אייזנבאַן־ליניע. ער האָט געאַרבעט מיט איבער 100 פּאָניעס פון מאָסקווע און סמאָלענסק ביים אויפ־שטעלן די רושטאָוואַניעס פאַר דער אייזערנער בריק איבערן ניעמאַן; אויף אַריינצושלאָגן די פּאַליעס אין טייך האָט מען אויפגעבויט אַ שווימענדיקן פּאַראָם מיט אַ הויכן מאַסט; אין דער הויך איז געווען אַ רולעטקע און מיט גראָבע קאַנאַטן האָט מען די שווערע באַבע געצויגן און מען פלעגט זי גלייך אַראָפּלאָזן מיט שוווּנג אויף די פּאַליעס; צום אַרויפציען די באַבע האָבן די פּאָניעס געהאַט אַ ספּעציעלן געזאַנג — דאָס זינגען ביים אַרויפשלעפּן די באַבע האָט געדויערט 5 מינוט, און בלויז איין אויגנבליק — דאָס אַראָפּלאָזן. און אַזוי פלעגט מען ווידער ציען אַרויף — לאַנגזאַם און מיט דער זעלבער מעלאָדיע. דערציילט מען, אַז דער מינסקער יידי־שער פּאַדריאַטשיק לוריע, וואָס האָט געוואָלט ווייזן זיין לומ־דות, איז צו אים — צום טאַטן — צוגעגאַנגען און אַ זאָג גע־טאָן: „עברי, וויניקער פּיזמון און מער פּייט״ (פּאַיעט).

ביים אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן י״ה, נאָכן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם 2טן, האָט דאָס יידישע לעבן אָנגענומען אַ נייע ווענדונג, ווי אַ רעזולטאַט פון האַרבע גזירות און רעכטס־באַגרענעצונגען, וואָס דער אינערן־מיניס־טער פּאָבעדאָנאָסצעוו האָט אַרויסגעגעבן ווי צייטווייליקע געזעצן: גירוש מאָסקווע און דאָס פּראָקלאַמירן דעם תחום המושב (טשערטאַ אָסעדלאָסטי), ווו יידן איז דערלויבט צו וווינען; דאָס אַרויסטרייבן יידן פון די דערפער און צונעמען זייערע רעכט אויף ערד־אייגנטום. אַזוי אַרום איז אַ גרויסער טייל פון די יידישע פּויערים געווען געצוווּנגען איבערצו־וואַנדערן אין די קלענערע שטעט אַרום זייערע נחלות; עס זיינען אויך אָנגעקומען אָרעמערע סוחרים, וואָס זיינען ניט ביכולת געווען אויסצוקויפן ערשטע גילדע פּאַטענטן; אויך בעלי־מלאכות און האַנטווערקער וואָס האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם האַרבן עקזאַמען פון די צעכן. איז מיט איין מאָל די באַפעלקערונג פון די שטעטלעך אומנאַטירלעך אויסגעוואַקסן און פּאַראַלעל מיט דעם איז אויך געוואַקסן די נויט און יאָגעניש נאָך דער ביטערער פּרנסה.

אין סטויבץ איז געווען אַ גרעסערע צאָל בעלי־מלאכות — שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, מאָליאַרעס, רימערס, קאָנאָפּאַטניקעס, מוליאַרעס, בעלי־עגלות, וואַזאָקעס אדג״ל — וואָס האָבן זייער שווער געפּראַצעוועט אויף דער אָרעמער חיונה. עס איז אויך געווען אַ היפּשע צאָל פרויען־שניידער־קעס, וואָס פלעגן אַרבעטן מיט 6, 8 און אַפילו 10 מיידלעך. די באַדינגונגען פון לערנען זיך דעם פאַך זיינען געווען קאָלאָסאַלע שווערע: דעם ערשטן יאָר פלעגט דער פאָטער פון אַ 10—12 יאָריקע מיידל דאַרפן צאָלן דעם שניידער אָדער די שניידערקע — די באַלעבאַטים — 10 רובל. די „לערן־אַרבעט״ פלעגט באַשטיין אין אַרויסהעלפן אין דער שטוב־ווירטשאַפט, ניאַנטשען די קינדער, לויפן אַ גאַנג, אַרויסציען פאַרסטריגעס, אויפבלאָזן די קוילן אין פּרעס־אייזן, לערנען זיך נייען מיט אַ פינגערהוט, פון וואָס די לערנמיידלעך פלעגן ניט זעלטן קריגן פוכירעס אויף די פינגער, און אַ מאָל אויך — כטוב לב השניידערקע — פּאַרנייען אַ נעטל אויף דער מאַשין. אויפן צווייטן יאָר פלעגט די לערנערקע קריגן צוריק אירע 10 רובל; אויפן 3טן — נאָך 10 רובל אַ הוספה, ד״ה — 20. און אַזוי יעדן יאָר אַ הוספה פון 10 רובל — ביז איינע האָט דערגרייכט 60 און מאַנכע מאָל אויך 80 רובל אַ יאָר.

נאָך אַזאַ דערגרייכונג פלעגט אַ מיידל דאָס רוב „אַרויס־גיין פאַר זיך״, אָננעמען 4—5 מיידלעך, „עפּנען״ אַ טיש און פירן אַן אייגענע „מייסטערסקייע״. די גרעסטע מייסטער־סקייעס ביי אונדז זיינען געווען די 2 דאַמסקע שניידערס — בנימין רעשעס (אַוועק קיין אַמעריקע) און נוח דער שניידער. זיי האָבן געהאַט די בעסטע קונדן אין שטאָט: רייכע פרויען, די דאָקטערשע, די אַפּטייקערקע, די איוואַנסקיס, די מאַלבינס א״אַ. זיי פלעגן אויך אַרויספאָרן גאַנץ אָפט צו די פּריצים אין די אימעניעס מיט אַלע מיידלעך, מאַשינעס און גאַנצן קלאָ־פּערגעצייג אויף אַ גאַנצע וואָך. דאָרט פלעגט מען נייען קליידער פאַר די פּריצטעס און זייערע קינדער.



יעקב, רייזל און ליבע נייפעלד

עס זיינען געווען אַ גרויסע צאָל פרויען־מאַסטעריצעס, וואָס האָבן זייער טערמין געענדיקט ביי די די גרויסע שניידער

בנימין און נוח, און זיי האָבן געעפנט שניידעריי־וואַרשטאַטן פאַר זיך: חיה, פעשע, לאה־רחל און שיינקע — שמחה זלמן דעם סטאָליערס טעכטער, גאָלדע — יאַנקל דעם סטאָלערס, מיין שוועסטער רייזל א״אַ. עס זיינען אויך געווען וועש־נייטערקעס מיט קלענערע טישן. די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען געווען זייער שווערע, די אַרבעטס־שעהן 14—15 שעה אַ מעת לעת. זומער־צייט פון סאַמע פרי ביז שפעט אין אָוונט — אַ מאָל אויך נאָך אַ שעה פאַר לאָמפ־ליכט. ווינ־טער — פון פרימאָרגן ביז 11—12 אין מיטן נאַכט, און דאָנער־שטיק — אַ גאַנצע נאַכט, כדי אויסצופּענדיקן די „איספּעשקעס״ פאַר רייכע טעכטער, וואָס גייען חתונה האָבן. און שבת צו נאַכט, גלייך נאָך הבדלה, פלעגט מען שוין לויפן מיט נאָדל־און־פינגערהוט אין דער האַנט צו דער אַרבעט.

פרייטיק, וואַרמעס־צייט, פלעגט אַ גרויסע צאָל מיידלעך זיך אַרויסכאַפּן אויף אַ רגע צו חיים איצע דעם מלמד, וואָס איז אויך געווען אַ מוכר ספרים. פלעגן די מיידלעך ביי אים אויסלייען מעשה־ביכלעך אויף פּראָקאַט. מיינסטנס זיינען דאָס געווען פון שמ״ר, אליקום צונזער, מאיר אייזיק דיק, גאָלדפאַדען א״אַ. דאָס זיינען געווען האַרצרייסנדיקע, שפּאַ־נענדיקע ראָמאַנען פון מעשה בוראס מיט אַטראַקטיוו־מליצה־דיקע נעמען, ווי: דאָס גן־עדן פויגעלע; די אָפּגענאַרטע כלה; די פאַרצויבערטע פּרינצעסין; די פאַרפירטע מיידל; ריכאַרד און די 40 גזלנים און נאָך ענלעכע 32 זייטיקע ביכעלעך. פלעגט מען שבת, נאָכן טשאָלנט, ליגן אין די בעטן, לייענען און באַגיסן זיך מיט ביטערע טרערן אויף דעם גורל פון די העלדן און העלדינעס; איינדרעמלען אַ ביסל און ווידער געלייענט, דאַן זיך צוגעזונגען עטלעכע לידלעך וועגן „בת ציון די אַלמנה״, וועגן אָרעמען יתומל א״אַ.

אין דער צווייטער העלפט פון די 90ער יאָרן האָבן אָנגע־הויבן בלאָזן נייע ווינטן און נייע באַוועגונגען האָבן אָנגעהויבן אויפקומען אין די גרעסערע שטעט. די ערשטע שפּראָצן האָבן זיך שנעל פונאַנדערגעוואַקסן: דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל און דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די יידישע אַרבעטער־פירער אין קאָוונע האָבן אויפגערודערט די יידישע עפנטלעכע מיינונג. מען האָט אָנגעהויבן דיסקוטירן און דעבאַטירן, ריידן און זיך שושקען וועגן אַלע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען: עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע ענינים זיינען ניט אַראָפּ פון סדר היום.

צו יענער צייט האָט אויפגעטויכט אַ נייער מין פון מטי־פים. צווישן די פּיעכאָטנע מגידים, וואָס פלעגן אָפּט באַזוכן אונדזער שטעטל, האָבן אָנגעהויבן קומען אַגיטאַטאָרן פאַר דעם נייעם אידעאַל „ציוניזם״. איך האָב ליב געהאַט צו הערן מגידים, און נאָך די דרשות, קומענדיק אַהיים, פלעג איך זיך אַרויפשטעלן אויף אַ באַנק, אָנטאָן דעם טאַטנס יאַרמלקע, און דער מאַמעס טורעצקע טוך — אָנשטאָט אַ טלית — און אימי־טירן גאָר אַ היפּשן טייל פון די דרשות. אין שיינעם טאָג האָט מען מודיע געווען אין שטעטל, אַז אַ רב פון וואַרשע איז אָנגעקומען — אַ רב, וואָס וויל אַז אַלע יידן זאָלן פאָרן קיין ציון — און ער וועט ריידן בין מנחה למעריב אין אַלטן בית המדרש.



מרדכי מהרשק (אין עלטער פון 73 יאָר)

פאַרשטייט זיך, אַז לאַנג פאַר דער באַשטימטער צייט בין איך שוין געווען אין שול. אַ גרויסער עולם יידן האָט זיך צונויפגעזאַמלט, צווישן זיי די פני פון שטאָט: ר׳ יואל און ר׳ הירשע גינצבורג, מהרשק, אַלטער יאַסעלעוויטש, רובאַשאָוו, לוסטערמאַן א״אַ. אָבער גלייך נאָך „עלינו״ איז אויסגעבראָכן אַן אינצידענט: דער מרא דאתרא איז צוגעקומען צום גאַסט־רב און אים מודיע געווען, אַז ער זאָל צו דער בימה ניט גיין וויל ער, דער היגער רב, פאַרבאָט אים צו האַלטן אַ דרשה. יידן האָבן זיך אָנגעהויבן שושקען, פון דער שושקעריי איז ביסלעכווייז געוואָרן טומלדיק און ס׳איז אויסגעבראָכן אַ מהומה. אין מיטן פון אַלגעמיינעם געפילדער און הו־האַ באַמערק איך ווי עס שלייכט פון הינטער דער בימה מיין באַליבטער רבי ר׳ יצחק תנחומס, ער טריטלט זיך אַזוי געלאַסן און זינגט זיך שטיל אונטער זיין שטענדיקן ניגון. אָט רוקט ער זיך אַלץ נענטער צום מיזרח און רעדט כלומרשט צו זיך, אָבער אַזוי אַז דער זייטיקער עולם זאָל אויך אויפכאַפּן און הערן זיינע רייד:

„ער איז דען אַ רב? ער איז דאָך גאָר אַ ראַבינער, טאָ ווי קומט ער אַהער צו זאָגן דרשות; אַז זיינע אייגענע קינ־דער רופט ער מיט גוייִשע נעמען, טאָ ווי קען אַזאַ גאָר וואָגן צו וועלן ריידן וועגן ציון?״.

און אַזוי אַ רייִדנדיק האָט ער זיך צוגעשאַרט גאָר נאָענט צו דער מיזרח־וואַנט און געבליבן שטיין אַרומגערינגלט פון גרויסן עולם.

„ווער רעדט דאָס דאָרט״? האָט דער רב געפרעגט.

„ר׳ איטשע״, האָט איינער פון די אַרומשטייענדיקע יידן געענטפערט, „ער זאָגט אויך, רבי, אַז דער פרעמדער רב איז ניט ראוי צו האַלטן אַ דרשה״.

„אַזוי גאָר, איר הערט?״ האָט זיך דער רב אָנגעכאַפּט אָן דעם און מיט זיין הייזעריקלעכן קול אויסגעשריען: „אי־טשע — זאָגט עס אויך? טאָ זאָל ער גיין זאָגן זיין דרשה־!״ און דער רב איז מיט האַסטיקע טריט כמעט אַרויסגעלאָפן פון בית

מדרש, און אפילו צו מעריב איז ער ניט צוריקגעקומען.

דער גאַסט־רב, איינגעוויקלט אין זיין טלית, איז אַרויף אויף דער בימה און האָט געהאַלטן אַ פלאַם־פייערדיקע דרשה. פון דער דרשה האָב איך, דאַן אַ צען יאָריק יינגל, כמעט גאָר ניט פאַרשטאַנען. די דרשה איז געווען ניי, אָן אַ ניגון און אָן משלים, און שפּעטער האָב איך עס געפּרוּווט נאָכמאַכן — איך האָב געמאַכט מיט די הענט און געשריען הויך אויף אַ קול. אָבער אָן דערפאָלג.

איך געדענק נאָך אַזאַ פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אַ פאָר חדשים שפּעטער, ווען אַ יונגערמאַן, דוכט זיך פון פינסק, איז אָנגעקומען אין סטויבץ צו אַגיטירן פאַר ציוניזם. ווידער האָט דער רב עס ניט געוואָלט דערלאָזן, און אויך דאָס מאָל האָט זיך איטשע אַזוי לאַנגזאַם צוגערוקט אַלץ נענטער צום רבס ווינקל, כסדר ריידנדיק:

„שוין געזען אַזאַ חוצפּה, אַזאַ חילול השם? אַ יונגער מאַן אַ גלוח זאָל וואַגן זיך צו שטעלן פאַר דעם ארון קודש?"

„זאָל ער גיין זאָגן אויף דער גרויסער בימה", האָט דער רב אויסגעשריען, הערנדיק איטשעס רייד, און אַליין איז ער ווידער, ווי דאַן, מיט אייליקע טריט אַרויס פון בית מדרש.

דער יונגער מאַן איז שנעל אַרויפגעשפּרונגען אויף דער בימה און תיכף אָנגעהויבן באָמבאַרדירן מיט רייד:

„אָט דאָס זיינען דאָס די אָרטאָדאָקסן, די פרומע, וואָס שרייען דריי מאָל אַ טאָג צו גאָט: „ותחזינה עינינו", און נאָך שטאַרקער שרייען זיי: „לשנה הבאה"... און אַז עס קומט אַ ייד וואָס וויל פּרעדיקן פאַר שיבת ציון, לאָזט מען אים ניט ריידן. אָט וואָס איר קענט דערוואַרטן פון די אָרטאָדאָקסן. זאָגט זיי טאַקע די אָרטאָדאָקסן, אַז..."

„פּאגך, ליידאַק, אשוסט", האָבן זיך דערהערט קולות פון דער רעכטער זייט פון שול, „אַראָפּ, דו ליידאַק, פון בימה, אַז ניט וועל איך דיר גלייך אַראָפּשלעפּן".

ס'איז געוואָרן אַ גרויסער טומל און עולם האָט זיך געשפּאַרט צו זען ווער דער שרייער איז. האָט מען דערזען אַ צעקאָכטן ייד, רויט ווי אַ בוראַק, וואָס האָט ניט קיין איין האָר אויף זיין קאָפּ, און ער שרייט נאָך מיט באַנומענע קולות:

„פּאגכעס, וואָס שווייגט איר? שלעפּט אים אַראָפּ פון בימה, וואַרפט אים אַרויס פון שול, דעם ליידאַק!"

האָבן זיך צום שרייער צוגעשפּאַרט עטלעכע בעלי־בתים און געוואָלט וויסן פאַר וואָס ער ליאַרעמט עס אַזוי אויף דעם יונגן מאַן.

„האָט איר ניט געהערט? אַזאַ חוצפּהניק, אַזאַ יונגאַטש! האָט איר דען ניט געהערט ווי ער רופט אַ גאַנצע עדה יידן אָקסן?"

האָט עולם זיך געכאַפּט, אַז דאָס וואָס דער רעדנער האָט דערמאָנט אַ פּאָר מאָל אָ ר ט אָ ד אָ ק ס ן — האָט ער דער שרייער געמיינט אַז ער רופט די יידן אָ ק ס ן. דער ייד איז אויך געווען אַ כבֿד־פּה און האָט פאַרביטן אַ ריש אויף אַ גימל, פלעגט ער אַנשטאָט „פּאַרכעס" אויסריידן „פּאַגכעס". מיט גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען אים צו איבערצייגן, אַז דער רעדנער האָט גענוצט אַ ניי וואָרט, וואָס ער פאַרשטייט ניט — אָרטאָדאָקסן מיינט מען פרומע, אָבער עס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט אָקסן. קוים מיט צרות האָט ער זיך באַרואיקט און דער יונגער מאַן האָט פאָרגעזעצט זיין רעדע, וואָס דער עולם האָט אין שטילקייט אויסגעהערט.

אַזוי האָט עס אויסגעזען צו יענער צייט — מיט 65—70 יאָר צוריק. עס זיינען טאַקע געווען רבנים און לומדים, אָבער דאָס אומוויסן און עם־הארצות ביי יידן איז נאָך דאַן געווען גענוג גרויס. און אין דער זעלבער צייט הויבט זיך אויך אָן אַ באַוועגונג צווישן די אַרבעטער ביי אונדז אין שטאָט — איבערהויפּט צווישן די נייטערקעס. די ערשטע פון זיי איז געווען חיה מרדכי אייזיק דעם וויינערס (גערשענאָוויטש) — אַן אינטעליגענטע מיידל פון אַן אָנגעזעענער משפּחה — וועמען עס האָט זיך פאַרוואָלט לערנען אַ פאַך. ביי דער אַרבעט אָבער האָט זי דערפילט, וואָס אַזוינס מיינט עס אַר־בעטן 15—16 שעה אַ טאָג: זיצן די גאַנצע צייט מיט דער נאָדל און נייען, אָדער דרייען דעם טרעטער פון מאַשין כסדר, אַז די פיס ווערן באַלד געשוואָלן. האָט זי ביסלעכווייז זיך צוזאַמענגערעדט מיט די נייטערקעס פון אַנדערע טישן וועגן אויסבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען.

אין איין שיינעם זונטיק איז אויסגעבראָכן די ערשטע „סטאַטשקע" פון די נייטערקעס אין שטעטל. די פאָדערונג איז געווען — אַ 12 שעהאיקער אַרבעטס־טאָג. די ידיעה, אַז די מיידלעך זיינען אַרויס אין אַ שטרייק, האָט אויפגערודערט דאָס שטעטל. די באַלעבאַטים האָבן געקערט וועלטן: אַזאַ העזה פון יונגע מיידלעך — גאָר סטאַטשקעווען! און ווען? פּונקט ערב די גרויסע חגאות, ווען מען איז פאַרפּאַקט מיט זאַקאַזן. אַנדערע האָבן אַפילו געסטראַשעט: זאָל מען פאָרן צום גובער־נאַטאָר אין מינסק און ער וועט זיי שוין גוט אָנלערנען — מען וועט זיי צונויפנעמען אין שוואַרצע בודעס און פאַרשיקן הינטער די הרי חושך, פּונקט ווי מען האָט פאַרשיקט די סטודענטקע...

און מען האָט דערציילט די מעשה מיט דער סטודענטקע אַזוי: מען האָט געזען אַ שוואַרצע בויד צופאָרן צו איר זיידנס הויז און 2 זשאַנדאַרן מיט סאַבליעס זיינען אַרויס פון בויד און אַריין אין שטוב. נאָך דעם האָבן זיי אַרויסגעפירט די סטו־דענטקע און זי אַריינגעזעצט אין בויד און „פּאַיעכאַלי". און עד היום ווייס מען ניט ווו זי איז אַהינגעקומען. אָבער די אַלע סטראַשונקעס און מעשיות האָבן די מיידלעך ניט אָפּ־געשראָקן. די שניידער־בחורים האָבן זיי גענומען אונטער זייער שוץ און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָלן זיך ניט יאָווען קיין שטרייק־ברעכער. די מיידלעך האָבן זיך געהאַלטן פעסט און אַנטשלאָסן ביז זיי וועלן געווינען דעם שטרייק. און אַזוי איז טאַקע געווען: אויפן 4טן טאָג האָט מיין שוועסטער רייזל, אַליין ניט לאַנג צוריק אַ געוועזענע אַרבעטערקע, צוזאַמענ־גערופן אירע אַכט מיידלעך און נאָכגעגעבן אַלע זייערע פאָ־דערונגען. גלייך נאָך דעם פאַל האָבן אויך אַלע אַנדערע נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון די שטרייקערקעס און 8 אַזייגער דאָנערשטיק אין דער פרי זיינען שוין אַלע מיידלעך געווען ביי דער אַרבעט. דער אַרבעטס־טאָג, האָט זיך געצויגן ביז 8 אָוונט. מיט דעם נצחון, האָט זיך געענדיקט די ערשטע סטאַטשקע ביי אונדז אין שטעטל.



**אין יאָר 1911**

שטייען פון רעכטס: בערל משה דייסער, אהרן אייזנבערג, חיים דוואָרעצקי; זיצן פון רעכטס: מרדכי מאַכטיי, נח בערל

צו דער זעלבער צייט האָבן אָנגעהויבן אַרויסקריכן די ערשטע שפּראָצן פון אַן אַרבעטער־באַוועגונג ביי יידן. נאָך דעם זיינען פאָרגעקומען ווייטערדיקע שטרייקן ביי די שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס א״אַ פאַכן. איצט, האָבנדיק געוווּנען פאַר די אַרבעטער אַ ביסל מער פרייע צייט, האָבן די אינטעליגענטן פון שטאָט געעפנט אַן אָוונט־קלאַס פאַר די אַרבעטער. האָבן זיי געדונגען אַ הויז ביי ריינע בערל כאַשע בריינעס (טוניק) און איינגעלאַדן אַלע די, ווער עס וויל זיך לערנען רוסיש. די לערער זיינען געווען סטודענטן, וואָס זיינען געקומען אויף קאַניקול אַהיים. עס האָבן זיך פאַרשריבן 35 מיידלעך, און יעדן אָוונט — פון 9 ביז 10 אַזייגער — האָט מען זיי געלערנט לייענען און שרייבן רוסיש. אויך די ציוניסטן האָבן אָנגעהויבן ווערבירן יונגע מיטגלידער. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ גרעסערע גרופּע פון יונגע בחורים צו לערנען תנ״ך. יעדן שבת נאָך דעם טשאָלנט זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען ביי יאָשקע בערקע העניעס, דעם בעקער, אין מויער. דאָרט האָבן מיר אויסגעהערט לעקציעס וועגן תנ״ך און יידישע געשיכטע. חוץ די 4 זין פון בעל־הבית, פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן פון 20 ביז 25 יונגע בחורים: נאַכע, פיניע, נוח און בערעלע, משהל דעם איינבינדערס, נוח פאַראָמניק, הערשע יאָסל שייעס קאגאן, בערל משה שמערלס, משהל שמואל ישיעס, מירסקי, יאָסל לייב צירולניק און פיל אַנדערע. דער לעקטאָר איז געווען חיים טשאָרנאָגובאָוו, זייער אַ סימפּאַטישער יונגער מאַן מיט אַ שמייכלענדיק פּנים — ער פלעגט לערנען קאַפּיטלעך תנ״ך און געבן אַ פּירוש אויף דאַטעס פון דער יידישער געשיכטע, לויט דער אויפפאַסונג פון גרעצן. אַזוי איז אַדורך אַ גאַנצער זומער.

איין טאָג, אין מיטן זומער, ווען איך בין אַריינגעקומען צו וואַרמעס אַהיים, זע איך ווי מיין עלטערער ברודער לייבטשע שלעפּט זיך אַריין מיט 2 גרויסע און שווערע פּעק. גלייך פון פירהויז שלעפּט ער די פּעק אויפן בוידעם. ווייל איך אים העלפן, נאָר ער שטויסט מיך אָפּ: ביט דיינע געשעפטן! ווען כ׳בין פון חדר געקומען, בין איך אָן קיינע שהיות אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם. איך האָב אַ נישטער געטאָן אין די פּעק און פאַר מיר איז נתגלה געוואָרן אַן אוצר פון יידישע ביכער — איבער 50 בענדער: יאָסעלע, הערשעלע פון דינענזאָן, פישקע דער קרומער, די טאַקסע, די קליאַטשע פון מענדעלע מוכר ספרים. מיין פריינדס פרוי א״אַ ביכער פון עמיל זאָלא, איוואַן דער נאַר, קרייצער סאָנאַטע פון טאָלסטאָי און נאָך צענדליגער ביכער פון אַמעריקאַנער פאַרלאַג י. מ. הערמאלין. אויף העברעאיש: „התועה בדרכי החיים״, „קבורת חמור״ פון פרץ סמאָלענסקין, „אהבת ציון״, „אמנון ותמר״ פון אברהם מאפו. אויך אַ גרויסע צאָל ביכלעך פון קלענערן פאָרמאַט פון ש. פרוג, י. ל. פרץ א״אַ. דורכוואַרפנדיק אַזאַ באַרג ביכער, האָבן מיינע אויגן זיך ברייט פונאַנדערגעעפנט פון ווונדער. איך האָב געטראַכט, אַז מיין ברודער האָט פונקט ניט געטראָפן, ווייל די ביכער זיינען טאַקע מ י י ן ג ע ש ע פ ט.

פון דעם סאַמע ערשטן טאָג, ווען די יידישע ביבליאָטעק, האָט זיך געעפנט ביי אברהם מאיר בארסוק אין הויז, בין איך געווען אַן אַבאָנענט — פון די ערשטע יינגלעך וואָס האָבן אַריינגעטראָגן די 20 קאָפּיקעס זאַלאָג. די ביבליאָטעק פלעגט זיין אָפן דינסטיק און פרייטיק פון 1 ביז 3 אַזייגער נ״מ. די ביבליאָטעקאַרן זיינען געווען: מאַניע רובאַשאָוו, מלכה צירולניק, שיינע עפּשטיין און פעשע אלקנה שמערלס אייניקל. בדרך כלל האָבן אינטעליגענטע, געבילדעטע מיידלעך פרייוויליק און מיט חשק אָנגענומען זיך צו טאָן יעדע אַרבעט, וואָס איר ציל איז צו פאַרשפּרייטן וויסן און בילדונג צווישן דער יוגנט פון שטעטל.

און איצט — צוריק צו אונדזער בוידעם מיט ביכער. ראַשית כל האָב איך אויסגעקליבן אַ 5—6 גרעסערע און אַ פּאָר קלענערע ביכער און זיי באַהאַלטן אויף אַן אַנדער אָרט. ווי נאָר איך האָב געהאַט אַ פרייע מינוט, בין איך שוין געווען אויפן בוידעם און מיט התמדה געלייענט. אַז כ׳האָב דורכגעלייענט די „אַנטליענע״ ביכער האָב איך זיי צוריקגעלייגט אויף אַן אָרט און גענומען אַנדערע, ביז איך האָב אין אַ קורצע צייט דורכגעלייענט אַלע ביכער. אין איינעם פון די ביכער, האָב איך געפונען אַן „אַטרעזנאָי קופּאָן״ פון פּאָסט אויפן נאָמען פון מיכאל רובין און ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן פון וואַנען די ביכער קומען. מיכאל איז געווען דער עלטערער זון פון יעקב אייזיק רובין. זיין פאָטער איז געווען דער הויפּטפאַרוואַלטער פון העלערס וואַלד־מסחרים. זיינע וועלדער האָבן זיך געצויגן פון סטויבץ ביז וואָלאָזשין. מיכאל, נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט די רעאַל־שול, האָט שטודירט אינזשעניער, און ער איז געווען פון די סטודענטן, וואָס זיינען אין יענע

צייטן געגאַנגען צו די מאַסן. ער איז אָבער ניט געווען דער איינציקער — עס זיינען אויך געווען בערל איוויאַנסקי (מאָטלס), אַלפעראָוויטש, דער רוסישער לערער, די פּראָוויזאָרס פון אונדזער אַפּטייק לייבסאָן און ווילענטשיק. די דאָ אויסגערעכנטע און נאָך עטלעכע זיינען עס געווען די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די אָוונט־קורסן, און וואָס האָבן געקויפט אַ גרויסע צאָל יידישע ביכער און אַריינגעגעבן אין ביבליאָטעק — ווייל ביז דאַן זיינען די מיינסטע ביכער געווען העברעאישע.

די אָוונט־שול האָט זיך אויסגעברייטערט, אַזוי אַז אויך שבת און יום־טוב פלעגן זיך די מיידלעך און עטלעכע בחורים צוזאַמענטרעפן אין די קלאַסן. דאָרט פלעגט מען אויך זינגען לידער, לייענען ביכער און אַ מאָל אַפילו טאַנצן. אַזאַ „אויסגעלאַסנקייט” האָבן די שרייערס פון שטאָט ניט געקענט מער אַריבערטראָגן און איין טאָג — מיר דוכט זיך דעם 2טן טאָג סוכות — האָבן עטלעכע פון זיי אַריינגעכאַפּט זיך צום רוסישן לערער אַלפעראָוויטש און אים באַפוילן פאַרפּאַקן זיינע זאַכן און זיך אָפּטראָגן פון שטעטל. אַ פור, האָבן זיי אים געמעלדעט, וואַרט שוין אין דרויסן. באין ברירה האָט ער איינגעפּאַקט זיין ביסל בעבעכעס און די ביכער, אַריינגעזעצט זיך אין וואָגן, און געזעגענערהייט — באַגלייט מיט זידלעריען און קללות פון די פאַנאַטיקער — האָט די פור אים אָפּגעפירט צום וואַקזאַל און מער איז ער ניט געקומען צוריק.

די דאָזיקע רדיפות האָבן אָבער ניט בטל געמאַכט די אַרבעט פון דער באַוועגונג. זי איז אַוועק אין אונטערגרונט, געדונגען קאָנספּיראַטיווע צימערן און אָנגעפירט ווייטער מיט די קלאַסן, אין קלענערע גרופּעס פון 10—12 מיטגלידער. אויף פּסח, 1900, זיינען געקומען אַהיים עטלעכע שניידער־אַרבעטער פון מינסק און דערציילט, אַז דאָרטן זיינען די אַרבעטער פריי צו שטרייקן און אַז זייערע פאַרזאַמלונגען האַלטן זיי אָפּ אין זאַל „פּאַריזש” און קיינער שטערט זיי ניט.

געווען איז דאָס אין יענער צייט, ווען מאַניע ווילבושעוויטש, סאַשע טשעמערינסקי און אַלעקסאַנדער וואלאך זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין מינסק פאַר זייער פּאָליטישער טעטיקייט צווישן די אַרבעטער. ווען מען האָט זיי געבראַכט קיין מאָסקווע אויף אַ פאַרהער, האָט זיי דער זשאַנדאַרם־פּולקאָווניק זובאַטאָוו איבערגערעדט (און איז דורך זיין דאָזיקן טריק שפּעטער באַרימט געוואָרן), זיי געבן אַ מעגלעכקייט אָנצופירן מיט עקאָנאָמישע שטרייקן פאַר אַ 12 שעהאיקן אַרבעטס־טאָג און העכערע שכירות לעגאַל, אויב זיי וועלן רעזיגנירן פון פירן פּאָליטישע אַרבעט; אויב זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועט זיי די פּאָליציי ניט שטערן אין עקאָנאָמישן קאַמף. זיי האָבן זיך געלאָזט באַווירקן פון זובאַטאָוון און צוריקקומענדיק קיין מינסק האָבן זיי אַ נייע פּאַרטיי פּראָקלאַמירט א״נ „ניעזאַוויסימצי” (אומאָפּהענגיקע). זיי האָבן געדונגען אַ לאָקאַל אין זאַל „פּאַריזש”, אויף ראָמאַנאָווסקע גאַס, און אָנגעהויבן אַ פאַרצווייגטע לעגאַלע טעטיקייט צווישן די אַרבעטער.

דאָס איז געווען דער גרוס, וואָס לייבע דער שוואַרצער און לייב־ארקע ברוך דעם מולערס —ביידע גוטע שניידער־אַרבעטער — האָבן געבראַכט, ווי שוין דערמאָנט, אויף פּסח פון מינסק. זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקן באַגער אויך אויפצוטאָן עפּעס ממשותדיקס פאַר די היגע סטויבצער אַרבעטער, נאָר וואָס האָט מען דאָ געקענט אויפטאָן, אַז קיין צו פיל אַרבעט איז ניט געווען. זיינען די 2 חברה לייט געפאַלן אויף אַן עצה: זיי וועלן מאַכן אַ שריפה אין שטעטל. דער פּלאַן איז



**דער „בונד”**

יצחק צערצעס, אומבאַקאַנט, עוזר בערגער, נח בערנשטיין, יעקב נויפעלד, ירמיהו ראַזאַנסקי, חיים קאַפּלאַן, אומבאַקאַנט, גרשון צערצעס, אומבאַקאַנט, אומבאַקאַנט, הניה טוניק, שלום אקון, לאה ראַזאַנסקי, יהודה באָרסוק, טריבוך אליהו, זכריה ראַזאַנסקי, יאָכע ראַזאַנסקי, חיה אַלטמאַן, אַלטמאַן, מוצניק, פרומע מוצניק, גאָרפינקל, קאַפּלאַן מוליע, אהרן ברוכאנסקי, נויפעלד, אומבאַקאַנט, יעקב מוצניק, אומבאַקאַנט, אַלטמאַן לייבל, אומבאַקאַנט.

געווען אַ פשוטער: אַז אַ האַלבע שטאָט וועט אָפּברענען, וועט ווערן אַרבעט — וועט מען קענען שטרייקן...

און פון רייד צו מעשים: די צוויי בחורים האָבן זיך צוזאַמענגערעדט מיט אַ פאָר סטאָליאַרעס און שלאָסאַרעס, און איין נאַכט איז מען צוזאַמען אַוועק און אונטערגעצונדן יאַשע דעם קאָמיסיאָנערס שפּייכלער, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט קאַסטנס שוועבעלעך, טאָנען גאָזע (פאַראַפין) א״אַ סחורה פון דעם מין. און מיט אַ מאָל — זיי האָבן נאָך ניט באַוויזן אַפילו צו אַנטלויפן פון דער סכנה אַ גרעסערע שטיקל וועג — האָט דער גרויסער גלאָק פון געלן קלויסטער גענומען קלינגען אויף טרעוואָגע. די שטאָט האָט זיך אין פחד אויפגעכאַפּט, די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע, מיט סאַליע בעניעס בראש, איז אָנגעלאָפן מיט די „באַסאָסן”, מיט לייטערס און העק, און ס'האָט גאָר ניט לאַנג געדויערט און דאָס פייער איז לאָקאַליזירט געוואָרן. דער שפּייכלער מיט אַלע סחורות איז טאַקע פאַרברענט געוואָרן — אָבער ניט מער. די אונטערצינדער, האָבן אָבער בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז איידער נאָך דאָס פייער, האָט זיך פאַנאַנדערגעברענט ווי עס באַדאַרף צו זיין, האָט שוין דער גלאָק געקלינגען.

אין דער פרי איז די גאַנצע געשיכטע קלאָר געוואָרן: טעוועלע דער שטומער וואַסער־טרעגער, וואָס פלעגט דאַרפן פאַרזאָרגן זיינע קונדן פון אַ האַלבן מאַרק מיט טייך־וואַסער פאַר טיי, פלעגט געוויינלעך אָנהויבן זיין אַרבעט 2 אַזייגער ביי נאַכט. זיין „וואַסער־מאַרשרוט” פלעגט זיך אָנהויבן: מאָטל איוויאַנסקי — יואל גינצבורג — מאָליע הערצקעס — עליע שואל שולקין, און ער פלעגט פאַרענדיקן מיט יאַשע נייפעלד און חיים יונה דעם קרעטשמער. די דאָזיקע בעלי־בתים פלעגט ער אָפּפטרן ביז 4 אַזייגער פאַרטאָג. פון פיר פלעגט ער „באַאַרבעטן” דעם אַנדער האַלבן מאַרק, פון רישקע הענקינס און לייבע דעם סטאָליערס ברונעמער. איז ער זיך אַזוי אין דער נאַכט געגאַנגען, די קאַראָמיסלע מיט די 2 שווערע עמער וואַסער אַריבערגעהאָנגען איבער די פּלייצעס און ער האָט זיך צוגעברומט זיין צוגעוווינטן א־איי־א. צוגעקומען צום טייך, אָנגעשעפּט פולע עמער און ווידער צו די שטיבער — הין און צוריק, ביז ער איז צוגעקומען צו עליע שואל שולקינס הויז און דאָ האָט ער דערזען אַן אויסטערליש בילד: מענטשן שטייען און צינדן שוועבעלעך איינס נאָך איינס... אָבער אַז ער האָט דערזען דאָס פייערל, האָט ער געלאָזן די עמערס שטיין אויפן גאַניק און ווי אַ וויכער אַוועקגעלאָפן צום קלויסטער און געצויגן דעם גלאָק. נאָך לויפנדיק, האָט ער שוין געזען ווי די אונטערצינדערס אַנטלויפן. איינער פון זיי האָט צוגעהונקען אויף אַ פוס.

אין דער פרי האָט עס טעוועלע דערציילט פאַר אַלעמען אין זיין ספּעציפיש שטאַמלער־לשון: „אייגעלע צוק, שוועבעלע צינד, הייזל בען”... און אַז ער האָט נאָכגעמאַכט ווי די אונטערצינדערס זיינען געלאָפן, האָבן גלייך אַלע פאַרשטאַנען, לויט די סימנים, ווער עס זיינען געווען די חברה־לייט. האָט די געשיכטע אָנגעהויבן גיין פון מויל צו מויל, ביז עס איז דערגאַנגען צום אוריאַדניק. ניט לאַנג טראַכטנדיק, האָט דער אוריאַדניק מיט זיינע 2 סאָטסקעס זיך אַריבערגעכאַפּט און אַרעסטירט עליע יונהן, אבא דעם שמידס און לייב אַרקען, ברוך דעם מוליערס. געבראַכט דעם עדות, טעוועלען, און ער האָט באַשטעטיקט, אַז ער האָט זיי געזען „צינד און לויף”. עס זיינען געווען מיט זיי נאָך 2, נאָר יענע האָבן זיך באַהאַלטן.

דער אוריאַדניק האָט דערווייל די 2 אַריינגעזעצט אין קוטשעמענטע און אַוועקגעשטעלט אַ סאָטסקע מיט אַ שטעקן ביים טיר. אַליין איז ער אַוועק זוכן די אַנדערע 2 פאַרברעכער. די 2 געכאַפּטע האָט ער באַשלאָסן אָפּצושיקן מאָרגן באַגינען קיין מינסק. די אַנדערע 2 האָבן אָבער ניט געוואַרט אויף דעם אוריאַדניקס איינלאַדונג. נאָר זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט יהושע שאשעס דעם אַגענט. ער האָט באַשטעלט אַ בעל־עגלה מיט אַ פאָר סוסים און עלף אַזייגער ביינאַכט זיינען זיי צוגעפאָרן צום טורמע און מיט גרויסע שמיד־האַמערס אויפגעבראָכן די הילצערנע טיר. ביז וואַנען דער סאָטסקע מיטן שטעקן, האָט זיך אויסגעטשוכעט פון זיין שיכורלעכן שלאָף, זיינען אַלע 4 שוין געזעסן אין וואָגן און די פלינקע פערדלעך האָבן זיך שוין געטראָגן קיין באַראַנאָוויטש, צו אַנעקשטיין, דעם הויפּט־אַגענט; פון דאָרט צו דער גרענעץ און — אַוועק קיין אַמעריקע. מיט דעם האָט זיך געענדיקט דער אַוואַנטוריסטישער פּרוּוו צו שאַפן אַרבעט און אָרגאַניזירן שטרייקן. אין שטעטל גופא און ווייט אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָט מען נאָך אַ לאַנגע צייט זיך דערציילט און געסודעט וועגן דער ספּריטנער שטיקל אַרבעט, וואָס חברה האָבן אָפּגעטאָן דעם אוריאַדניק.

די באַוועגונג, האָט קיינער ניט געקענט אָפּשטעלן. זי איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג. נייע מיטגלידער זיינען כסדר צוגעקומען. די אָרגאַניזאַציע, האָט זיך געבויט אויף באַזונדערע שמאָלע קרייזלעך און קליינע גרופּקעס מיט פאָרשטייער פון דער סכאָדקע. די מיטגלידער פון איין קרייזל, האָבן קיינמאָל ניט געוווסט ווער עס זיינען די חברים פון אַ צווייטן קרייזל. מען האָט נאָר געקענט זען פאַרשיידענע גרופּקעס מענטשן שפּאַצירן אויף דער בירזשע און דער גלחשער גאַס. דאָרט האָט מען גערעדט און דיסקוטירט אין דער שטיל פאַרשיידענע פראַגן: ציוניזם, סאָציאַליזם, שטרייקן, באָיקאָטן אדג״ל. די פאָרשטייער פלעגן זאַמלען מיטגלידס־אָפּצאָל, צעטיילן צווישן די חברים „ליטעראַטור”, לעגאַלע און אומלעגאַלע בראָשורקעס, קליינע ביכלעך, געדרוקט מיט דריבנינקע אותיות אויף זייער דינע פּאַפּיר, ווי למשל: די מעשה פון די פיר ברידער; דער אַרבעטס־טאָג; די שכירות; דער עיקר פון דער קאָנסטיטוציע פון לאַסאַל; די ביאָגראַפיעס פון די אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס: איוואַן קאָזשוכין, זשעלעכאָוו, סאָפיע פעראָווסקאַיאַ, באַלאַמאַשאָוו א״אַ; ווי אַזוי קניאַזש קראָפּאָטקין דער אַנאַרכיסט איז אַנטלאָפן פון שליסלבורגער פעסטונג; ווי גריגאָרי גערשוני איז אַנטלאָפן אין אַ פעסל קרויט און ענלעכע ביכלעך. פון מינסקער קאָמיטעט פלעגט מען נאָך באַקומען: „די אַרבעטער שטימע” פון לאָנדאָן, „די צוקונפט” — פון אַמעריקע. די ליטעראַטור פלעגט גיין פון האַנט צו האַנט, און פון קרייז צו קרייז.

נאָך פּסח, 1901, האָט די סכאָדקע באַשלאָסן צונויפצורופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע „באָקאָנטע” און



אַ גרופּע חברים פון יוגנט „בונד־צוקונפט" אין יאָר 1928

„באבעס" (קאָנספּיראַטיווע באַצייכענונגען פאַר חברים און חברטעס). אויף אַלע 4 וועגן וואָס האָבן געפירט צום זאַדוואַריער וואַלד, האָט מען אויסגעשטעלט אַ ריי פון פּאַטרולן. יעדער פאָרשטייער האָט געפירט זיין קרייז צום וואַלד אויף אַ באַזונדערן וועג. אין וואַלד האָט מען שוין פריער געהאָט אָפּגעזוכט אַ פרייע פּאָליאַנקע אַרומגערינגלט מיט אַלטע, געדיכטע ביימער. דאָרט איז פאָרגעקומען דער אַלגעמיינער צוזאַמענטרעף. מען האָט זיך באַקאַנט, געהאַלטן רעדעס, געזונגען לידער און געמיטלעך־חבריש פאַרבראַכט.

אויף דעם קאָנספּיראַטיוון צוזאַמענטרעף זיינען אויך געקומען די אינטעליגענטן: איטשע מרדכי אייזיקס, מיכל רובין, בערל איוויאַנסקי, מלכה צירולניק, שיינע עפּשטיין א"אַ. פאַרענדיקט די „סאָבראַניע" זיינען אַלע צוריקגעגאַנגען אין שטאָט אין דער זעלבער אָרדענונג ווי מען איז געקומען. און פון דאַן זיינען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פאָרגעקומען כמעט יעדן שבת אין די פאַרשיידענע אַרומיקע וועלדער: סיניאַווער וואַלד, לעבן סווערזשנע; אָקינטשיץ, אָרטיוכי, און אַפילו ניקאָלייעשצינע, 10 וויאָרסט פון שטעטל, און אַטיאַלעס. ווינטער אָבער פלעגן די סאָבראַניעס פאָרקומען אין קאָנספּיראַטיווע דירות: ביי ריינען, ביי ליבע גריווקעס, עוזר קיוועס און ביי בערל היישקע דעם קצב. דאָרטן פלעגט מען לערנען לייענען און שרייבן, מען האָט שטודירט פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון סמירנאָוו, קאַפּיטאַל פון קאַרל מאַרקס אדג"ל.

זומער, 1902, האָט די בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין סטויבץ געציילט איבער 100 אַקטיווע חברים און אַ גרויסע פּעריפּעריע, וואָס איז געווען נאָענט. מען האָט זיך גענומען גרייטן צום 1טן מאַי און אויך אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ (סאַמאָאָבאָראָנע). עס איז גראַדע געווען נאָך דעם ווי דער שוסטער, דער העלד הירש לעקערט, האָט געמאַכט דעם באַקאַנטן אַטענטאַט אויפן ווילנער גענעראַל גובערנאַטאָר, פאַר וואָס ער האָט באַצאָלט מיט זיין יונג לעבן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בעוועגונג אין די אַרומיקע שטעטלעך. אין דער־מיר איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק פון די שניידער און שניידערקעס, וואָס האָט זיך געצויגן אָן רעזולטאַט אַ גאַנצע וואָך. מיר האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון מינסקער קאָמיטעט צו שיקן אַ פּאָר פאָרשטייער אונדזערע אין דער מיר. שבת פרי זיינען מיר אָנגעקומען און תיכף זיך געטראָפן מיט דער סכאָדקע: יוסף לייב דער טאָקער, צינקין א"אַ. מען האָט צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע סאָבראַניע אין מיראַנקער וואַלד, גערעדט צו די שטרייקער און זיי אויפגעמונטערט. די באַלעבאַטים, דערפילנדיק די געהויבענע שטימונג פון די פאַרשטרייקטע אַרבעטער, האָבן זונטיק גערופן אונדזערע פאָרשטייער און מיר זיינען איינגעגאַנגען אויף אַ 10 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און באַצאָלן פאַר די שטרייק־טעג. ענלעכע שטרייקן זיינען אויך פאָרגעקומען אין נעסוויזש, גאָראָדזיי א"אַ ערטער. מיר האָבן זיך דאַן פאַרבונדן מיט באַראַנאָוויטש, ווו עס איז געווען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון „בונד" מיט אַלטער דעם טאָקער א"אַ אין דער סכאָדקע.

אין די זעלבע צייטן, האָט זיך אָפגעשפּאָלטן אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי אַ געוויסער טייל, אונטער דער פירער־שאַפט פון בער באָראָכאָוו ע"ה, און געשאַפן אַ נייע פּאַרטיי א"נ „פּועלי ציון". צו אונדז אין סטויבץ איז דאַן געקומען אַ לערער, זלמן אָדער זעליג ראַבינאָוויטש — „זאַר" — אַ זייער אינטעליגענטער יונגער מאַן און אַ פיינער רעדנער, וואָס האָט צוגעצויגן צו דער נייער פּאַרטיי אַ געוויסע צאָל פון דער ציוניסטישער יוגנט: נאָכע, פיניע און ברעלע סלאָוועס, זלמן רובאַשאָוו, פייגל שאַפּירא און איר שוועסטער, יעסל און לייזער רייסער,ביילקע צעכאַנאָוויטש, ראָזע און סאָלטשע גינזבורג און נאָך עטלעכע באַלעבאַטישע בחורים און מיידלעך. חוץ דעם אַ פּאָר שניידער־און שוסטער־בחורים, וואָס האָבן געאַרבעט ביי זייערע עלטערן.

אַזוי ווי זיי האָבן ווייניק וואָס געהאַט צו דיסקוטירן מיט די אַלגעמיינע ציונים האָבן זיי זייער שווערע אַרטילעריע גע־ווענדט קעגן „בונד". פלעגט מען צו דעם צוועק צונויפרופן געמיינזאַמע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מען פלעגט אַרויס־שטעלן פוןביידע זייטן די בעסטע דעבאַטירער צו דיסקוטירן פּראָגראַמאַטיש פּאָליטישע פּונקטן. יעדער פון די צדדים, האָט זיך באַמיט צו איבערצייגן זיינע צוהערער, אַז זיין פּראָגראַם איז כולו אמת און זיי זיין פּאַרטיי איז די בעסטע, אָבער נאָך די וויכוחים פלעגט זיך יעדער צוריקגיין צו זיין מחנה. אַ געוויסע פּאָפּולאַריטעט, האָט זיך פּועלי ציון דערוואָרבן, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט דערקלערט די נייע פּאַרטיי פאַר אומלעגאַל און אַרעסטירט אַ צאָל פון אירע מיטגלידער־אָנפירער און בתוכם אויך וולאַדעקן (ברוך טשארני).

וולאַדעק איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער רעדנער־אַגיטאַטאָר, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען „לאַסאַל דער צווייטער". זייענדיק אין טורמע, דער א"ג סאָציאַליסטי־שער אוניווערסיטעט, צוזאַמען מיט אַ גרויסער צאָל פּאָליטישע אַרעסטירטע, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען ברוך טעפער און סאַשע טשעמערינסקי (דער לעצטער האָט תשובה געטאָן פאַר זיינע זינד מיט זובאַטאָוון), האָבן זיי אַזוי לאַנג דיסקוטירט די פּראָגראַמען פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען, ביז איין טאָג האָט וולאַדעק דערקלערט, אַז ער טרעט אַרויס פון „פּועלי ציון" און גייט אַריבער צום „בונד".

## אַן אַלגעמיינע בילד פון 1905

די בירזשע אין דער גלחשער גאַס איז צו קליין געוואָרן אויף אַריינצונעמען די גרויסע מאַסן יוגנטלעכע, האָט מען זי אַריבערגעפירט אין מאַרק. פאַר שטרענג קאָנספּיראַטיווע סכאָדקעס און באַראַטונגען פלעגט מען נאָך אָבער אַלץ נוצן די אַלטע בירזשע. אַזוי זיינען די ביידע אַרבעטער־באַוועגונ־גען אויף דער ידישער גאַס — און אין אונדזער שטעטל — בונד און פּועלי ציון — געגאַנגען פאַרויס און זיך באַוועגט מיט דעם געוויינלעכן רעוואָלוציאָנערן טעמפּאָ פון גאַנצן, גרויסן רוסלאַנד.

אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג איז אויפגעעפנט געוואָרן דעם 9טן יאַנואַר 1905. אין דעם זונטיק־טאָג זענען צען טויזנט רוסישע אַרבעטער פון פּוטילאָווסקען זאַוואָד אין פּעטערבורג אַרויס מיט אַ ריזן־דעמאָנסטראַציע איבער די גאַסן, אָנגעפירט פון רוסישן גלח גאַפּאָן. די דעמאָנסטראַנטן האָבן רויק מאַרשירט, מיט איקאָנעס פאַרויס און געזונגען הייליקע תפילות, פאַר דעם וווילזיין פון צאַר און זיינע בני־משפחה. זייער גאַנצער ציל איז געווען אַ פרידלעך־גוט־געמיינטער: איבערגעבן אַ פּעטיציע דעם צאַר. נאָר קומענדיק נאָענט צום „צאַרסקאָיע סעלאָ" (קייזערלעכן פּאַלאַץ), האָט זיי אָנשטאָט דער צאַר באַטיושקא גאָר מקבל פנים געווען אַ באַטאַליאָן רייטער־קאָ־זאַקן, באַוואָפנט מיט ביקסן, פּיקעס און שווערדן. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן מיט די פערד אין דער מענטשן־מאַסע און אָנגעהויבן שטעכן, שיסן, שלאָגן אויף רעכטס און לינקס. אַפילו די הייליקע איקאָנע איז געבליבן ליגן אַ דורכגעשטאָ־כענע אין מיטן גאַס. די אַרבעטער האָבן געגומען זיך פונאַנ־דערלויפן און די קאָזאַקן האָבן זיי נאָכגעיאָגט מיט טעראָר. אַזוי האָט זיך געענדיקט די הייליקע פּראָצעסיע מיט אַ בלוט־טיקער מפּלה.

די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע איז אָבער געווען דער ערש־טער סיגנאַל, וואָס האָט פונאַנדערגעכוואַלעט אַן עפנטלעכע אומצופרידנקייט צווישן דער ליבעראַלער באַפעלקערונג און אַ רעוואָלוציאָנערן אויפברויז צווישן די פאַבריק־אַרבעטער. הונדערטער אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס זענען אומלעגאַל געדרוקט און פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער רוסישער צאַרישער אימפּעריע, אין יע־דער שטאָט און שטעטל. אויך ביי אונדז אין סטויבץ האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער מיר האָבן אויפגעפאָדערט די באַפעלקערונג צו אַ אַ פּאָליטישן שטרייק.

שבת, דעם 15־טן יאַנואַר, האָבן מיר צוזאַמענגערופן אַ פאַרזאַמלונג אין זאַדוואָריער וואַלד, ווו רעדנער האָבן באַ־לויכטן און אויפגעקלערט די פּאָליטישע סיטואַציע אין לאַנד און גערופן די אַרבעטער צו זיין גרייט פאַר אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין גאַנץ רוסלאַנד. אין יעדן ווינקעלע האָט עס געקאָכט מיט דערוואַרטונג און אָנזאָג ווי אין אַ קעסל. יעדן טאָג פלעגן קומען שטאַפעטן אָנזאָגן די אַרבעטער־מאַסן די גרויסע נייעס וועגן אויפשטאַנדן און דעמאָנסטראַציעס אין מאָסקווע, קיעוו, אָדעס, כערסאָן, וואַרשע, ביאַליסטאָק, לאָדזש, ריגע, קאָוונע, ווילנע א"אַ. מיליטער און פּאָליציי האָבן באַ־געגנט מיט פייער די אָפענע דעמאָנסטראַציעס. אין די גאַסן פון פיל שטעט זענען באַריקאַדעס אויפגעשטעלט געוואָרן און פיל קרבנות זענען געפאַלן. די שפּיטאָלן זענען פול געווען מיט פאַרוווּנדעטע אַרבעטער, און די טורמעס זענען געוואָרן אָנגעפילט מיט אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן.

דער הויפּט־כוח פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך באַוויזן אין זיין מעכטיקייט דעם ערשטן מאַי: אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דעם גרויסן לאַנד זענען די האַרעפּאַשנע מאַסן אַרויס אין דעמאָנסטראַציעס און צום ערשטן מאָל געפייערט דעם אַרבעטער יום־טוב אָפן, מיט רויט־פלאַטערנדיקע פענער, מיט טראַנספּאַרענטן, וואָס אויף זיי זענען געווען אויפגעשריבן די פאָדערונגען און לאָזונגען פון

די פראָלעטאַרישע פּאַרטייען. דאָס גאַנצע לעבן אין די שטעט האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַלע זאַוואָדן, פאַבריקן, ווערקשטאַטן זענען געווען פאַרמאַכט, אויך אַלע בעקערייען און געשעפטן זענען געשלאָסן געוואָרן. אַפילו די דיליזשאַנסן און דראָשקאַרעס. די טראַמווייען און קאָנקעס אין די שטעט זענען שטיין געבליבן. אַלץ איז טאַקע שטיל געבליבן, אָבער אין עטלעכע שטעט זענען פאָרגעקומען ממש גאַסן־שלאַכטן צווישן מיליטער, פּאָליציי און אַרבעטער.

אויף מאָרגן איז געקומען אַ באַפעל פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־קאָמיטעטן זיך צו שטעלן צוריק צו דער אַרבעט. די פאַבריק־קוימענס האָבן ווידער גערויכערט, די מאַשינעס אין די זאַוואָדן האָבן געקלאַפּט, אַלע וואַרשטאַטן און געשעפטן זענען געווען אָפן. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאָרמאַל לעבן, נאָרמאַל — ווי די אומנאָרמאַלקייט פון אַ רעוואָלוציאָנערער צייט קען אויסזען. די אונטערערדישע באַוועגונג האָט געפּרוווט אַרויסקריכן פון איר אונטערגרונד און זיך ווייזן און לאָזן הערן אין דער ברייטער עפנטלעכקייט. אַזוי האָט זיך עס געצויגן דורך דעם גאַנצן שטורעמדיקן זומער ביז סוף סעפטעמבער, ווען דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו רופן צו אַן אַלגעמיינעם אייזנבאַן־שטרייק.

איך האָב דורכגעטראַכט מיין אייגענע לאַגע און באַשלאָסן, אַז אין אַזאַ ברויזיקע צייט איז עס ניט אָרנטלעך פון מיר צו זיצן אין שטעטל. און מיט 15 קאָפּיקעס בלויז אין מיין טאַש, האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין באַן — אָן אַ בילעט — און געקומען אין מינסק. דאָרט קומענדיק האָב איך זיך גלייך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין פּאַרטיי־אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן. כ׳בין געגאַנגען פון איין פאַבריק צו דער אַנדערער און גערופן די אַרבעטער צום שטרייק, אין די גאַסן — צו פאַרמאַכן די נאָך אָפענע געשעפטן. אַזוי זענען אַדורך עטלעכע טעג. דעם 5־טן אָקטאָבער, 10 אַזייגער אין דער פרי, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער באַוווסטער מאַניפעסט פון ניקאָלאַיען, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין עטלעכע מינוט אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. דער מאַניפעסט איז געווען געדרוקט מיט ריזיקע אותיות און האָט זיך אָנגעהויבן, בערך, אַזוי: מיר, ניקאָליי דער צווייטער, אַלרוסישער אימפּעראַטאָר, קעניג פון פוילן, גרויספירשט פון פינלאַנד אאַ״וו, האָב מיט גאָטס גענאָד באַשלאָסן צו באַפעלן, עס זאָל צונויפגערופן ווערן אַ גאָסודאַרסטווענע דומע (פּאַרלאַמענט), אויסגעוויילט דורך מיינע טרייע אונטערטאַנען, דורך אַלגעמיינע, גלייכע און געהיימע וואַלן אאַ״וו. די הייזער האָבן זיך אין רגעס אויסגעליידיקט. קינד און קייט האָט פאַרפלייצט די גאַסן. עס האָבן זיך פאַרמירט ספּאָנטאַנע דעמאָנסטראַציעס. מיר זענען די ערשטע זאַך אַוועק אין אַ דעמאָנסטראַציע צו דער טורמע אין יוריעווער גאַס. עס האָבן זיך געעפנט די שווער־באַפעסטיקטע טויערן און אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן זענען מיט איין מאָל באַפרייט געוואָרן. די מאַסן האָבן געיובלט. אויסרופן „זאָל לעבן די פרייהייט״ האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן מיט געזאַנג פון דער מאַרסאַליעזע, וואַרשאַוויאַנקע אַ״אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־לידער. מיר האָבן מאַרשירט אין געשלאָסענע רייען צום הויכן מאַרק, ווו עס זענען שוין געווען פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן. פון דאָרט האָבן אַלע צוזאַמען מאַרשירט דורך פראַנציסקאַנער און זאַכאַרעווסקע גאַסן און פאַרקערעוועט צום ווילנער וואָקזאַל. ביי די טרעפּ פון וואָקזאַל האָבן מיר שוין געטראָפן אַ גאַנצע ריי סאָלדאַטן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, וועלכע האָבן אָן אַ שום וואָרענונג אַריינגעפייערט דריי זאַלפן אין דער 50.000 קעפּיקער מאַסע. עס איז געוואָרן אַ ווילדע מהומה, מענטשן זענען אין בהלה געלאָפן און געטראָטן איינער איבערן אַנדערן. עס זענען געפאַלן אַ היפּשע צאָל טויטע און נאָך מער פאַרוווּנדעטע. — דאָס האָט געזאָלט זיין דער ערשטער טאָג פון דער „געוווּנענער״ פרייהייט.

אין דער דאָזיקער טומלדיקער צייט האָט די שוואַרצע מאַפּיע (שוואַרצע מאה) דערזען פאַר זיך אַ גוטע געלעגנהייט אַרויסצוגאַווערן און אַרויסשפּייען די פון יאָרן אָנגעקליבענע יידן־שנאה אין אירע פינצטערע געדערעם. טאָג־טעגלעך האָבן זייערע רעאַקציאָנערע צייטונגען „באָוואָיע וורעמיאַ״, „קיעווליאַנין״ א״אַ, דורך די טריפהנע פּיסקעס פון די רעדאַקטאָרן קרושעוואַן, סוואָראָוו און אַלע אַנדערע מיטאַרבעטער, געשאָטן פעך און שוועבל אויף די יידישע קעפּ. די שוואַרצע מאה האָט אויפגעהעצט דעם המון און אויסנוצנדיק די מהומה, האָט זי אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אין זשיטאָמיר און האָמעל. אמת טאַקע, זיי האָבן גלייך אויף אַן אָרט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ העפטיקן ווידערשטאַנד פון דער יידישער זעלבסטשוץ, דאָך זענען די פאַרלוסטן אין נפשות, האָב און גוטס געווען גאַנץ גרויס. ווען די כוליגאַנעס האָבן זיך, אונטער דער שוץ פון פּאָליציי, אַרויסגעלאָזט מאָרדן, פּלינדערן און רויבן, איז געוואָקסן די מורא אַז די פּאָגראָמען־מגיפה זאָל זיך ניט פאַרשפּרייטן איבער אַנדערע שטעט און שטעטלעך. —

בשייכות מיט אַזאַ עווענטועלע מעגלעכקייט האָב איך אין דער ערשטער ריי אַ טראַכט געטאָן וועגן מיין אייגן היימשטעטל סטויבצי. איך האָב זיך תיכף געווענדט צום מינסקער קאָמיטעט פון „בונד״ און דאָרט באַקומען 6 רעוואָלווערן. איצט איז אויפגעקומען די פראַגע: ווי אַזוי טראָגט מען אַריבער דאָס פעקל געווער, ווייל מינסק איז דאַן געווען ווי אַ באַלאַגערטער קרעפּאָסט, ווו אויף יעדן ווינקל־גאָס האָבן פּאַטרולירט סאָלדאַטן און פּאָליציי. עס איז געווען אַ גרויסע ריזיקע, דאָך האָב איך באַשלאָסן מיטצונעמען דאָס פעקל און דורך פאַרשיידענע אומוועגן און כיטרע איינפאַלן בין איך דורך דעם גאַנצן וועג — פון הויכן מאַרק צו ראָמאַנאָווסקע גאַס — בשלום. איך בין אַריין אין דער סטויבצער אכסניה, ווו יואל טוניק האָט שוין געוואַרט מיט זיין פערד און וואָגן און מיט מיין „פעקל״ זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן און היידא — אַהיים. זייער פרי זענען מיר אָנגעקומען, און אַ ביסל שפּעטער האָב איך שוין צונויפגערופן אַ סאָבראַניע אויפן מאַרק, נעבן דער וואָלאָסטנאַיע פּראַוולעניע (קרייז־פאַרוואַלטונג). עס זענען געקומען אַ סך מענטשן און כ׳האָב זיי דערציילט וועגן אַלץ וואָס איז געשען דורך דער צייט, אויך מיינע אייגענע איבערלעבענישן און דערפאַרונגען. פון דאָרט זענען מיר

אַרויס מיט אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע פון איבער 1000 מענטשן, דורכן מאַרק, מינסקער גאַס און צוריק דורך יורזדיקע גאַס צום מאַרק. אונדזער ערשטע פרייע דעמאָנסטראַציע האָט זיך פאַרענדיקט אָן אינצידענטן.

עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן פרייערע ווינטן. די באַוועגונג איז אַרויס פון אירע באַהעלטענישן. מיר האָבן געעפנט אַן אַרבעטער־קלוב ביי הערשל דוואָרעצקי אין הויז, אין ררמאָווער גאַס. דוואָרעצקיס אַלע 5 זין — ישראל, לייב, חיים, יאָסל און זיסל יצחק זענען געווען אַקטיווע חברים, אָבער איבערהויפט האָט זיך אויסגעצייכנט חיים. יעדן אָוונט פלעגן מיר זיך צוזאַמענטרעפן אין קלוב און עמעצער פון די חברים פלעגט געבן אַן איבערבליק וועגן די טעגלעכע פּאָליטישע פּאַסירונגען, אָדער רעפערירן וועגן די קומענדיקע וואַלן צו דער דומע. מיר האָבן אויפגעשטעלט אַ דראַמאַטישן קרייז מיט אַרע געצע דעם סטאָליערס — פון פאַך אַ פאַבריקמאַכער — וואָס איז געווען אַ גוטער זינגער און פלעגט שפּילן די הויפּטראָלן.

די אַלגעמיינע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, ווי אויך די יידישע האָט זיך איצט אָריענטירט אויף די ליבעראַלע בירגערלעכע און אַרבעטער־באַוועגונגען אין לאַנד. אָבער דער געשפּענסט פון דער שוואַרצער מאה האָט נאָך אַלץ געלויערט איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך. די מורא פאַר מעגלעכע פּאָגראָם־אויסברוכן האָט צוגענומען פיל צייט פון די סאָציאַליסטישע יידישע פּאַרטייען אויף צו אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ באַיוווקעס. אין סטויבץ האָבן אונדזערע שלאָסיאַרעס צוגעגרייט אַ גרויסע צאָל גומענע און דראָטענע נאַגייקעס, בליי־געגאָסענע „העטשקעס" א"אַ, און די סטאָליאַרעס האָבן אויסגעאַרבעט גראָבע, פּוסטע שטעקנס מיט קינזשאַלן אין דער אויסהוילונג א"אַ מינים „געווער". די שטעקנס זענען געווען פיין פּאָלירט, אַזוי אַז קיינער האָט ניט געקענט חושד זיין דעם „אינהאַלט".

אַזוי אַרום האָבן מיר געהאַט אַ מענגע „קאַלטע געווער", שוין אפשר איבער גענוג אָבער ווו נעמט מען הייס געווער: רעוואָלווערן, שפּייערס? דאָס איז אין יענע טעג געווען אַ יקר־המציאות און מיר האָבן געדאַרפט האָבן אַמוייניקסטנס 2—3 שפּייערס אין יעדן אטריאַד — דאָס מיינט אַ סך־הכל פון 50—60 שטיק — און דאָס האָט געדאַרפט קאָסטן אַן אוצר — איז ווו נעמט מען דאָס געלט? צו יענער צייט פלעגט די זעמסקע אופּראַווע אויסטיילן יעדן יאָר פאַרשיידענע שטיקער וואַלד, א"ג „דעלאַנקעס", און עס פאַרקויפן דורך ליציטאַציעס צו די וואַלד־סוחרים. די סוחרים פלעגן פריער נאָך אַרויסשיקן זייערע שאַפאַרעס, וואָס פלעגן אין יעדער דעליאַנקע מעסטן און ציילן דיביימער און אויסרעכענען אומגעפער וויפל עס איז ווערט. דאַן פלעגט מען זיך צונויפפאָרן אין מינסק, צום טאָרג, און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַטעניש און אַ שטייגעניש אין פרייזן, אַז ניט זעלטן פלעגט עס טרעפן אַז מען פלעגט אַריינטראָגן אין אַזעלכע הויכע פרייזן און דער צעהיצטער סוחר פלעגט פון אַזאַ ספּעקולאַציע נעבעך פאַרלירן זיין געלט, פרעמדע געלט און אפילו — די תחתונים...

אַז עס איז דעם יאָר געמאָלדן געוואָרן די דאַטע פון פאַרקויף פון דעליאַנקעס, האָבן זיך די סוחרים באַטראַכט: ס'וואָלט אפשר גאָר געווען אַ גוטער פּלאַן, אַז די אָנפירונג פון די טאָרגעס זאָלן איבערנעמען די יונגע פּאַרטייען אין שטאָט, ווייל די דעפּוטאַציע פון די פּאַרטייען איז געווען גוט. גערעדט און געטאָן: ס'איז צונויפגערופן געוואָרן אַ געהיימע פאַרזאַמלונג מיט די פאָרשטייער פון „בונד", „פּועלי ציון" און אַ נייע פּאַרטיי „דערגרייכער", וואָס האָט זיך צו יענער צייט אָרגאַניזירט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז נאָר אַ קליינע צאָל סוחרים זאָל פאָרן צום טאָרג צוזאַמען מיט איין פאָרשטייער פון יעדע פּאַרטיי, אָבער צום באַשטימטן טאָג זענען אַרויסגעפאָרן אַ גרעסערע צאָל סוחרים. פון די פּאַרטייען זענען געפאָרן: נאָכע קושניר פון „פּועלי ציון", הערשל דוואָרעצקי פון די „דערגרייכער", און איך — פון „בונד". מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ געוויסן רעגולאַמין ווי אַזוי זיך צו האַלטן, אַז עס זאָל ניט אויפוועקן דעם חשד, אַז מיר אַלע זענען יד אחת. מיר האָבן באַשטימט וויפל עס זאָלן זיין די מאַקסימום־פרייזן. די טאָרגעס זענען דורכגעגאַנגען זייער שנעל און מיר אַלע זענען געפאָרן צופרידענע אַהיים.

אַ וואָך שפּעטער האָבן זיך אַלע סוחרים צוזאַמענגעקליבן ביים רב אין הויז אויף אַ „פּערעטאָרזשקע". דאָרט האָט שוין יעדער געקענט אָנבאָטן פרייזן לויט זיינע אויסרעכענונגען און זיין איינזען. אויך מיט דעם ווידער־פאַרקויף, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַן עודף פון 1500—2000 רובל, זענען אַלע געווען צופרידן. דאָס עודף־געלט האָט געזאָלט צעטיילט ווערן — איינס: פאַר די סוחרים, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו קויפן דעליאַנקעס; צוויי: פאַר שטאָטישע הצטרכותן: „ביקור חולים", „גמילות חסד", „לינת הצדק" א"אַ חברות, אויך פאַר די שולן, „תלמוד־תורה'ס" א"אַ שטאָטישע וויכטיקע אינסטיטוציעס. און דריי: פאַר די באַטייליקטע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. לויט אונדזער אָפּמאַך האָבן גאָר די פּאָליטישע פּאַרטייען געזאָלט קריגן א פעטן חלק פון דעם עודף, ווייל מען האָט געדאַרפט דעקן די הוצאות פאַר דעם זעלבסטשוץ. און דאָ האָט פּאַסירט דאָס ערגסטע: ווען עס איז געקומען צו דער חלוקה, האָט מען אָן די פּאַרטייען אין גאַנצן פאַרגעסן. האָבן מיר צונויפגערופן אַ געמיינזאַמע זיצונג פון די פּאַרטיי־קאָמיטעטן און באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ דעפּוטאַציע פון צוויי חברים צו די טיילער און פאָדערן בתוקף אונדזער באַרעכטיקטן חלק.

ווען נאָכע און איך — די 2 פאָרשטייער פון די פּאַרטייען — זענען אַריינגעקומען צו דער אסיפה, ווו עס זענען געזעסן די זט"ה* מיט דעם רב בראש, האָבן מיר זיי דערקלערט, אַז זיי האָבן געהאַנדלט ניט אָרנטלעך לגבי אונדזערע פּאַרטייען, ווייל מיר קומען ניט בעטן דאָס געלט פאַר זיך פּערזענלעך, נאָר פאַר צרכי הכלל, פאַר אַ נאַציאָנאַל יידישן צוועק. מיר האָבן זיי אויך מסביר געווען, אַז אונדזערע חברים זענען גרייט מקריב צו זיין זייערע לעבנס, פאַרגיסן זייער יונג בלוט פאַר דעם יידישן כבוד און פאַר יידיש האָב

* זט"ה — שבעה טובי העיר.

און גוטס. טאָ ווי אַזוי קענט איר — יידן מיט לאַנגע און כשרע בערד — אונדז אַזוי מיאוס אָפּנאַרן, נאָך דעם ווי מיר אַלע צוזאַמען האָבן זיך פאַרשטענדיקט, אַז דער עוהדף וועט פאַרטיילט ווערן כדין?

אונדזער גערעכטע טענה האָבן מיר פאַר זיי געלאָזן און לאָגיש פאָרגעבראַכט, נאָר מיט אַמאָל איז עמעצער פון די סוחרים אויפגעשפּרונגען: —

„ווי האָט איר גאָר די העזה אַריינצורייסן זיך אין אַ פרעמד הויז און מבייש זיין עלטערע מענטשן. מיר וועלן גלייך רופן פּאָליציי און זיי וועלן אייך שוין ווייזן ווו אייער אָרט איז... אַרויס פון דאַנען, יונגאַטשעס! ליידאַקעס!"

ניט וועלנדיק צעהיצן די געמיטער און מאַכן אַ צו גרויסן טומל, זענען מיר אַרויס פאַרשעמט פון זייער געמיינער האַנדלונג און מיר האָבן איבערגעגעבן אויף דער בירזשע וועגן באַלעבאַטיש־פיינעם קבלת פנים וואָס זיי האָבן אונדז איינגעאָרדנט. דאָס איז געווען דאָנערשטיק אָוונט. אויף מאָרגן פרי האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז די בחורים פון די פאַרטייען זענען באַפאַלן דעם רב מיט די בעלי־בתים און געוואָלט באַראַבעווען דאָס קהלשע געלט. שבת פרי איז אין גרויסן בית מדרש דער רב אַרויף אויף דער בימה נאָכן לייענען און אויסגערופן, אַז „בדעת הרב ובדעת הקהל לייגן מיר אַ חרם אויף די בחורים און זייערע משפחות און קיין ייד טאָר מיט זיי קיין מגע ומשא ניט האָבן" און אַ צופרידענער איז דער רב אַראָפּ פון בימה. אָבער מערקווירדיק, ווען די מתפללים זענען געגאַנגען פון שול איז יעדער פאַרבייגענדיקער ייד צוגעגאַנגען צו אונדז און אונטערגעטראָגן אַ ברייטן „גוט־שבת"! אַ סך האָבן אונדז אפילו געדריקט די הענט מיט אָנערקענונג.

די ידיעה וועגן חרם איז ווי אַ בליץ דורכגעלאָפן דורך דער גאַנצער שטאָט. אַלע יידן זענען געווען צעטרייסלט. צו מנחה זענען אַלע יידן פון יורזדיקע גאַס, פון גאַסיקן בית מדרש, פון אַלע מנינים און אויך פון די זייטיקע גאַסן געקומען אין גרויסן בית מדרש און בקול אחד געפאָדערט, אַז דער חרם זאָל תיכף ומיד אַראָפּגענומען ווערן. צווישן דעם גרויסן קהל יידן זענען אויך געווען עטלעכע פון די וואַלדסוחרים מיט וועמען מיר האָבן דעם אָפּמאַך געשלאָסן: ר' לייב רובאַשאָוו, יואל און הירשע גינזבורג, ווי אויך די 2 פירער פון די ציוניסטן מהרשק און אַלטער יאָסעלעוויטש א"אַ חשובע באַלעבאַטים. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, האָט מען גלייך נאָך הבדלה מכריז געווען פון בימה, אַז „בשם הרב ובעלי הבתים דק"ק סטויבץ ווערט דער חרם דערקלערט בטל ומבוטל און אַז די יונגע לייט זענען ריין פון וועלכע עס איז שלעכטע האַנדלונג אָדער חוצפהדיקער אויפפירונג".

דעם זעלבן אָוונט איז ווידער צונויפגערופן געוואָרן אַן אַסיפה ביים רב אין הויז און מען האָט אויף איר באַשלאָסן צו אַסיגנירן 200 רובל, וואָס זאָל פּראָפּאָרציאָנעל פאַרטיילט ווערן פאַר אַלע פאַרטייען אויף צו קויפן געווער. איין תנאי איז יאָ אַרויסגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס געווער זאָל גענוצט ווערן בלויז אין אַן עת צרה, חלילה, אָבער עס זאָל אויסגעמיטן ווערן צו באַנוצן געווער פאַר אַנדערע צוועקן.

מיר האָבן איינגעקויפט דעם נויטיקן קוואַנטום געווער און אויפגעשטעלט שלאָג־אָטריאַדן. אויף יעדע 15—20 חברים איז אויסגעטיילט געוואָרן אַן אָנפירער. מען האָט איינגעפירט אַ זייער שטרענגע דיסציפּלין און גרופּעסווייז איז מען געגאַנגען אין די וועלדער זיך לערנען שיסן. דאַן האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט די אַרומיקע שטעטלעך און צו זיי געשיקט אונדזערע אינסטרוקטאָרן. מיר האָבן נאָך ביי אונדז מאָביליזירט אַלע שטאָטישע בעלי עגלות און מיר האָבן געהאַט איבער 200 אויסגעשולטע און שלאַכט־פעאיקע חברים, גרייט צו שטעלן זיך אין קאַמף אויף יעדן רוף. אויך די „פועלי־ציון" האָבן געהאַט זייערע אָטריאַדן און די באַציונגען צווישן די פאַרטייען זענען געווען זייער פריינדלעכע און גאָר חברישע. און איצט, נאָך אַ משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט, ווען כ'טו זיך אַ גריבל אין מיינע זכרונות און מאַך דעם חשבון הנפש, קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז נאָר די גוטע טאַקטיק, די שטרענגע דיסציפּלין, די אויסגעצייכנטע אָרגאַניזאַציע און די חברישע, פריינדלעכע קעגנזייטיקע באַציונגען, האָבן געהאָלפן אויסמיידן גרעסערע עקסצעסן, פּאָגראָמען און רויבערייען אין אַלע שטעט פון מינסקער גובערניע. אונדז איז באַקאַנט געווען פון אונדזערע אויספאָרש־אָטריאַדן אַז די שוואַרצע מאה גרייט זיך אַרויסצורופן פּאָגראָמען ביי אונדז און אין אַנדערע שטעט, אָבער איבער נאַכט זענען מיר שוין געשטאַנען וואַך אין באַדראָטן אָרט. לאַנג פריער פלעגן שוין אונדזערע אויסשפּירער דערשמעקן דעם אָרט פון דער סכנה און יעדער מעגלעכער פאַרזוך פון אַן אָנפאַל איז באַצייטנס דערשטיקט געוואָרן. ביסלעכווייז האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט דאָס לעבן, וואָס האָט אין יענע באַדינגונגען און צייטן געזאָלט הייסן נאָרמאַל.

עס זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער דומע, צו וועלכער עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן אַ געוויסע צאָל יידישע דעפּוטאַטן פון מינסק, ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, קאָוונע, וואַרשע, לאָדזש א"אַ גרויסע יידישע קהילות. ס'האָט זיך געשאַפן אַ יידישע פראַקציע אין דומע, אָבער איר השפעה אויף דער אַלגעמיינער פּאָליטיק איז געווען אומבאַדייטנדיק, אויך אויף דער יידישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג האָט זי געקענט ווייניק ווירקן. עטלעכע פאַרטייאישע צייטונגען אויף דער יידישער גאַס זענען דערשינען, אָבער צו אָפט זענען זיי קאָנפיסקירט געוואָרן, אָדער צוגעמאַכט אין גאַנצן. אויף מאָרגן אָבער פלעגט די זעלבע צייטונג דערשיינען אונטער אַ נייעם נאָמען מיט אַ נייעם רעדאַקטאָר. די יידישע אַרבעטער באַוועגונג איז געווען אין אַ סטאַדיע פון האַלב לעגאַל און האַלב אונטערערדיש.

די פּאָליטישע טעטיקייט פון דער באַוועגונג האָט זיך מייסטנס קאָנצענטרירט אין די קלובן. אַ גרויסער טייל פון די אַקטיווע אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעגעבן פיל מיט פאַרפולקאָמען אין אַלגעמיינער בילדונג. מיין וועלטלעכע בילדונג איז געווען זייער אַ באַשרענקטע: כ'האָב געלערנט יידיש און אַ ביסל רוסיש ביי וועליע דעם לערער פאַר 30 קאָפּיקעס אַ חודש. חוץ דעם האָב איך געלערנט יידיש פון „בריפענ־

שטעלער״, רוסיש פון די 3 טיילן פון „רוסקאיא רעטש״, אַ ביסל רעכענען: חיבור, חיסור, כפל — ביז חילוק. העברעאיש האָב איך געלערנט ביי יצחק עסטערקין אין „חדר״ על־פּי „מורה הלשון״. ענדלעך האָב איך באַשלאָסן אוועקזעצן זיך ביי לערן־ביכער און אָנהויבן זוברעווען. אין דער הינזיכט האָט מיר זייער פיל אויסגעהאָלפן מיין גרויסע באַקאַנטשאַפט מיט דער פאַמיליע רובאַשאָוו, וועלכע איז אַריינגעפאָרן קיין סטויבץ פון דעם שכנותדיקן שטעטעל מיר אין אָנהויב פון די 90ער יאָרן. ר׳ ליב רובאַשאָוו, איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער ייד מיט אַ פיינע, שוואַרצע הדרת פנימדיקע באָרד; ער איז געווען אַ וואַלד־סוחר, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ סך מיט לערנען און די מערסטע צייט פאַרבראַכט ביי ספרים. זיין פרוי סאָנצע איז געווען אַ הויך געבילדעטע פרוי אין יידישן, ווי אויך אין וועלטלעכן זין. זי האָט קלאָר געקענט גאַנץ תנ״ך, דעם „שולחן ערוך״ און אַפילו פאַרשטאַנען אַ שטיקל גמרא. אַלע קינדער זענען געווען אינטעליגענטע און באַגאַבטע. די טעכטער האָבן אַלע שטודירט, און דער עלטערער זון, זלמן, האָט געלערנט מיט מיר 3 זמנים ביי יעקב מאיר דעם מלמד. נאָך דעם בין איך אַוועק לערנען צו איטשע תנחומס, און זלמן — צו ר׳ יעקב מאיר דעם משולח אויף ווייטערדיקע 3 זמנים. קיין גרעסערע מלמדים זענען שוין אין שטעטל ניט געווען, האָט ר׳ ליב באַשלאָסן צו בעטן דעם פּרוש פון שטיבל — אַ יונגער מאַן, אַ תלמיד־חכם — אַז ער זאָל לערנען אַ פּאָר שעה אין טאָג מיט זלמנען און נאָך אַ פּאָר יינגלעך. בשייכות מיט דעם האָט ער געלאָזט וויסן מיין מומע שרהן, אַז ער וויל מיר זען. אַז איך בין אַריינגעקומען אין דעם שיין מעבלירטן הויז פון די רובאַשאָווס, ווו אין יעדן צימער זענען געשטאַנען אַלמערס מיט ספרים און ביכער, איז ר׳ ליב ביים טיש געזעסן מיט אַ זיידענער יאַרמלקע אויפן קאָפּ. מיט אַ שמייכל האָט ער מיר געפרעגט וואָס איך האָב שוין געלערנט. האָב איך געענטפערט: תנך און גמרא. האָט ער אַרויסגענומען אַ קליין כולל תנכל און פון דאָרט אַרויסגעליינט עטלעכע פסוקים פון פאַרשיידענע שטעלעס און היפנדיק; אויך האָט ער מיר געפרעגט אַ פּאָר קשיות אין גמרא. אַז איך האָב אויף אַלץ געענטפערט, נאָך אָנוויזנדיק דערצו אין וועלכן תנ״ך און אין וועלכן קאַפּיטל די פסוקים געפינען זיך, האָט ער מיר געבעטן איך זאָל זאָגן מיין פאָטער ער זאָל זיך באַמיען אַרי־בערצוקומען צו אים, ווייל ער וויל מיט אים אַרומריידן אַ געוויסן פּלאַן. מיין טאַטן איז אָבער נאָך דעם שמועס מיט ר׳ לייבן ניט געפעלן געוואָרן דער פּלאַן פון לערנען בלויז עטלעכע שעה אַ טאָג.

דאַן בין איך אָנגעקומען אין דער גרויסער תלמוד תורה ביי ר׳ דויד עפּשטיין, ר׳ אליהוס איידעם, פון תלמוד־תורה אין מינסקער און מירער ישיבות. זלמן האָט געלערנט מיט אונדזער געמיינזאַמען גוטן חבר מאָטל מאַכטיי ביי דעם פּרוש. רובאַ־שאָווס מיידלעך האָבן אלע געלערנט אין די גרויסע שטעט. מאַניע האָט געענדיקט מעדיצין און געוואָרן אַן אַקושאָר־דאָקטאָר. קאַטיע און וויטקע האָבן געענדיקט גימנאַזיע מיט אויסצייכענונגען און אין דער צווישנצייט — פון מאַטריקו־לירן ביז צום אַריינטרעטן אין אוניווערסיטעט — זענען זיי


ר׳ דוד עפּשטיין המלמד

געקומען קיין סטויבץ, ווו מיר האָבן זיך באַקאַנט און באַ־פריינדעט. קאַטיע איז טאַקע געווען די ערשטע, וואָס האָט מיר געעצהט און דערמונטערט זיך צו נעמען צום „אוטשעבניק״. נאָך מער, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי איז אַליין גרייט מיר צו געבן אוראָקן און פאַרזאָרגן מיט אַלע נויטיקע לערן־ביכער. גערן האָב איך אָנגענומען איר פאָרשלאָג און זי פלעגט קומען יעדן אָוונט מיט מיר לערנען — ניט נאָר איין שעה, נאָר גאַנצע 2 און ניט זעלטן אפילו 3 שעה, און במשך אַ קאַרגן יאָר האָט זי מיר צוגעגרייט צום עקסטערן עקזאַמען פאַר 6 קלאַסן גימנאַזיע, וואָס איך האָב זייער לייכט אויס־געהאַלטן.

אָנהויב 1907 איז ר׳ לייב רובאשאָוו אַריבערגעפאָרן קיין פּעטערבורג און ביים סוף פון זעלבן יאָר זענען די איבעריקע מיטגלידער פון דער פאַמיליע צו אים געקומען. קאַטיע האָט שטודירט אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, ווו זי האָט געענדיקט דאָקטאָר און דאָרט אויך פּראַקטיצירט. ראַדל איז אין פּעטער־בורג קראַנק געוואָרן און אַוועק פון דער וועלט. וויטיע און אברהמטשיק האָבן אויך שטודירט. אברהם האָט געענדיקט דאָקטאָר, און וויטיע איז אין 1917, נאָך דער רעוואָלוציע, באַ־שטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון פּסיכאָאַנאַליטישן פאַקול־טעט אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט.

סוף 1910 בין איך איינגערופן געוואָרן צו מיליטער־דינסט אין דער רוסישער אַרמיי. סוף 1913, נאָך דריי יאָר דינסט, בין איך באַפרייט געוואָרן. אונטער דער קורצער צייט האָט זיך דאָס לעבן, ווי אויך די מענטשן אין גאַנצן געביטן. מיר איז שווער געווען זיך צו אַריענטירן אין דער ניי־געשאַ־פענער סביבה. נאָר איידער כ׳האָב נאָך באַוויזן זיך אָפּצו־שאָקלען פון מיין פיל־יאָריקן סאָלדאַטסקען גראָען לעבן איז אָנגעקומען תשעה באב 1914 און די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. ווידער בין איך געווען אין מונדיר מיט דעם שינעל אין אַ סקאַטקע, מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע און מיט פּאַטראָנטאַש אַרומגעגאַרטלט די לענדן. דעם 3־טן סעפּ־טעמבער האָבן מיר אַריינמאַרשירט אין אָסט פּריסן און דער־גאַנגען ביז קעניגסבערג און — דאַן — השיבנו נאַזאַד: ליטע, פוילן, גאַליציע, אוקראַינע, און צום סוף — רוסלאַנד. פּאָר

רונדע 2 יאָר האָב איך ניט געשלאָפן אונטער אַ דאַך. אין היץ און רעגן, קעלט און שניי, הונגעריקע און דורשטיקע האָבן מיר מאַרשירט פון איין פּאָזיציע צו דער אַנדערער, פון איין רואינירטער שטאָט צו אַ צווייטער, פון חורבה צו חורבן, ביז איין טאָג, אין סוף פון 1916, בין איך אויפן שלאַכטפעלד געבליבן ליגן אַ פאַרחלשטער און אָפּגעלאָפן מיט בלוט. אין אַזאַ צושטאַנד האָבן מיר דייטשע פעלד־סאַניטאַרן אויפגעהויבן און אַריינגענומען אין זייער פעלד־לאַזאַרעט, אָפּגעשיקט אין געפאַנגען־לאַגער, ווו דער הונגער איז געווען אומדערטרעגלעך. און פון דעמאָלט האָב איך געוואַנדערט פון איין לאַגער צום צווייטן און געטאָן פאַרשיידענע שווערע אַרבעט. ווען מען האָט איין טאָג אויסגעקליבן 30 רוסן און 10 פראַנצויזן און אַוועקגעשיקט אין אַ דאָרף אויף פעלד־אַרבעט — בין איך געווען צווישן די גליקלעכע. דאָרט האָבן מיר אַ ביסל אָפּגעלעבט. מיר פלעגן אויפקלייבן אין פעלד שטשאַוויע א״אַ גראָזן, אָנפאַקן פולע קעשענעס בולבעס, בוריקעס און רעטעך — אַלץ צוזאַמען אָפּקאָכן און הנאה האָבן... חוץ דעם פלעגן מיר אָנרייסן בלעטער פון קאַרשן־ביימער, עס טריקענען און דאַן צערייבן דין און דרייען פון דעם אין צייטונגס־פּאַפּיר באַנקרוטקעס. איין טאָג פאַר ראש השנה 1918, איז מיר אָנגעקומען אַ פּאַסילקע דורכן רויטן קרייץ: 5 פּליטקעס שאָקאָלאַד, 10 פּעקלעך פּאַפּיראָסן און 5 פונט סוכאַרעס — איך האָב מיינע אויגן ניט געגלויבט. ווער האָט עס געקענט שיקן?

## נאָך דער ערשטער מלחמה

דעם 7טן נאָוועמבער איז דערקלערט געוואָרן שלום. גלייך האָבן די מלחמה־באַטייליקטע מלוכות אָנגעהויבן אויסליפערן צו זייערע היימען אַלע קריגס־געפאַנגענע. כ׳האָב די גאַנצע צייט מיין קניפּל מיט די רוסישע מטבעות אויסבאַהאַלטן מיט דער איינציקער האָפענונג, אַז ווי נאָר כ׳וועל אַריינגיין אין ערשטן רוסישן וואָקזאַל, וועל איך ראשית כל קויפן אַ פונט ווייסע ברויט און אַ פּאָר בייגל. אָבער אַלע מיינע האָפענונגען זענען אויסגערונען, ווען איך האָב דערזען די אויסגעהונגערטע רוסישע שטעט און די אָרעמקייט אויף שריט און טריט. די נויט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג איז געווען אין לשער. די באַנען האָבן זיך באַוועגט לאַנגזאַם, ווי טשערעפּאַכעס. מיר זענען געקראָכן אַ פּאָר וויאָרסט און פון מאַנגל אין הייץ־מאַטעריאַל איז ביים לאָקאָמאָטיוו אויסגעגאַנגען די פּאַרע — האָבן די פּאַסאַזשירן זיך געמוזט מטריח זיין און שלעפן האָלץ פון די נאָענטע וועלדער. 15 טעג האָבן מיר זיך געשלעפּט ביז מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אין סטויבץ.

און דאָ האָב איך דערזען דעם גרויסן חורבן פון מיין היים. די שטאָט איז געווען טאָטאַל אָפּגעברענט. די איינוווינער האָבן זיך צייטווייליק אריינגעקליבן אין פון ברעטער צוזאַמענגעקלאַפּטע שאַלאַשן. דער הונגער האָט אַרויסגעקוקט פון יעדנס אויגן און דער דלות האָט געפייפט אין אַלע ווינקעלעך. די פּאָליאַקן האָבן פּראָקלאַמירט זייער זעלבסשטנדיקע מלוכה און ניט אַנדערש ווי געוואָלט אַריינעמען אויך ווייסרוסלאַנד אונטער דער שוץ פון זייערע פליגל... ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ נייע מלחמהלע צווישן רוסלאַנד און פוילן. די פּאָליאַקן האָבן געשיקט זייערע „אַרמייען״ פון גאַליציע און צפון פּאָזנאַן — דאָס זענען געווען באַנדעס פאַרברעכער און קרימינאַליסטן, וואָס האָבן גערויבט און געפּלינדערט די ציווילע באַפעלקערונג, געשלאָגן און געממיתט יידן, געשניטן בערד און אויסגעפירט גאָר אַ סך שרעקלעכע גרוילטאַטן. אַז די רוסן איז געלונגען צו פאַריאָגן די פּוילישע באַנדעס, האָבן מיר אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער ניט אויף לאַנג. דורך דער צייט האָב איך אַ פּאָר בריוו געשריבן קיין פּעטערבורג צו וויטיע רובאַשאָוו. זי האָט מיר גלייך געענטפערט און דאָ בין איך דערגאַנגען דעם סוד פון מיין רויטער קרייץ־פּאַסילקע, וואָס איך האָב באַקומען אין געפאַנגענשאַפט: דאָס האָט איר פאָטער, ר׳ ליב ז״ל, אין איינעם פון די ביולעטינען, וואָס דער רייטער קרייץ פלעגט אַרויסגעבן מיט נעמען פון קריגס־געפאַנגענע אין דייטשלאַנד, געפונען צוו״אַ אויך מיין נאָמען און אַרויסגעשיקט די אויבן־דערמאָנטע פּאַסילקע.

אין מיטן זומער פון 1920 האָבן די פּאָליאַקן ווידער אויפגעזאַמלט אַ שטאַרקע אַרמיי און אָנגעפאַנגען אַ גרויסע אָפּענסיווע אויפן ווייסרוסישן פראָנט. זיי האָבן בעת דער אַטאַקע איינגענומען אַלע גרעסערע שטעט אין יענער געגנט: באַראַנאָוויטש, ביאַליסטאָק, בריסק, גראָדנע, ווילנע א״אַ. שמיני עצרת האָבן זיי אַריינגעמאַרשירט אין סטויבץ. דערגאַנגען ביז קאָלאָסאָווע — אַ דאָרף 10 וויאָרסט פון סטויבץ — און דאָרט געשלאָסן אַ פרידן־אָפּמאַך מיט דער רוסישער סאָוועטיש סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

ביסלעכווייז האָט דאָס לעבן זיך גענומען נאָרמאַליזירן. סטויבץ איז דערקלערט געוואָרן אַלס וואָיעוואָדסטווע. ס׳האָבן זיך צוריקגענומען עפענען די פאַרהאַקטע קראָמען. סוחרים זענען געפאָרן קיין וואַרשע און לאָדזש נאָך סחורה. די פּאַליצעס אין די געשעפטן זענען פול געוואָרן. די שטאָט האָט אויסגעוויילט אַ מאַגיסטראַט מיט לאַווניקעס און אַ בירגערמייסטער. אויך די יידישע גמינע איז צוריקגעקומען צום לעבן. חיים ליוסטערמאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאָרזיצער. מ׳האָט זיך גענומען אָפּבויען די פאַרברענטע הייזער און די שטאָט האָט צוריק אָנגעהויבן אָננעמען איר פאַרמלחמהדיקע מראה.

דאָס נייע לעבן איז אָבער געווען שווער. די רעגירונג האָט — אויף צו באַלאַנסירן אירע גרויסע בודזשעטן — אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן אויף דער באַפעלקערונג, בפרט אויף דעם מיטל־קלאַס וואָס איז געווען אין זיין רוב אַ יידישער. די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אָבער דערווייל פרייער אָפּגעאָטעמט. יעדע פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן אַ טעגלעכע צייטונג, אָדער אַ פּעריאָדישן זשורנאַל. אַ גרויסע נעץ פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד.

די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט: געעפנט אַ נעץ פון יידישע פאָלקסשולן איבערן לאַנד, אַ לערער־אינסטיטוט אין ווילנע אדג״ל. אויך אין סטויבץ איז געעפנט געוואָרן, מיט דער הילף

פון מיינע טייערע חברים נוח קושניר, חיים דוואָרעצקי, מוליע קאַפּלאַן א״אַ, אַ יידישע פאָלקסשול. אין דער שול האָבן געלערנט אַרום 50 אַרבעטער־קינדער מיט זייער גוטע רעזולטאַטן. אָבער ניט נאָר אויפן קולטור־געביט איז געוואָרן ליכטיק, נאָר אויך אין פּראַקטישן זין: אין שטאָט האָט זיך אויסגעבויט אַן עלעקטרישע סטאַנציע. יידישע טרופּעס פון וואַרשע און ווילנע זענען גאָר אָפט געקומען מיט גאַסטראָלן און געגעבן די בעסטע פאָרשטעלונגען. ס׳האָט אויסגעזען, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן שטעלט זיך איין, נעמט אָן סטאַבילע פאָרמען, אָבער מיר פערזענלעך האָט עס ערשט איצט ניט באַפרידיקט.

## אין דרום אַפריקע

רוסלאַנד איז געווען פאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער, מיט אָן אַ שיעור באַגרענעצונגען דאָרט אַריינצוקומען, אַפילו פאַר רוסישע בירגער וואָס זענען פאַרבליבן מחוץ אירע גרענעצן. איך האָב געפילט מיין פאַרפליכטונג לגבי דער פאַמיליע — איז נאָך דעם ווי איך האָב איינגעאָרדנט מיין ברודער פייווע און מיינע צוויי שוועסטער פייקע און זלאַטע מיט אַן אונטערקונפט און פרנסה — הייזער און געשעפטן — האָב איך פאַרוואָרפן מיין רוקזאַק אויף די פלייצעס און אַוועק קיין דרום אַפריקע.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביי מיין עלטערן ברודער, אין זיין פאַבריק פון מענער־קליידער, אָבער אויך פון דרום אַפריקע האָב איך אָנגעהאַלטן מיינע פאַרבינדונגען מיט די פריינד פון רוסלאַנד און סטויבץ. מיט מיין גוטן פריינד מיילאַך מילצענזאָן און אַלע אַנדערע סטויבצער עמיגראַנטן פלעג איך זיך אָפט טרעפן ביים זאַמלען געלט פאַר דעם „גמילות חסד״ א״אַ שטאָטישע באַדערפעניש. איך האָב אויך געזאַמלט פאַר דער „פאָלקסצייטונג״, פאַר מעדעם סאַנאַטאָריע אין אָטוואָצקער „צישא״ א״אַ. אין 1931 האָבן זיך די רעפרעסיעס אין רוסלאַנד פאַרשטאַרקט, דער אייזערנער פאָרהאַנג האָט זיך לחלוטין אַראָפּגעלאָזן און די פאַרבינדונגען מיט דער מערב־וועלט זענען געוואָרן לויזע. איך האָב פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט מיט מיינע חברים און פריינד פון יענער זייט פאָרהאַנג.

אין 1934 האָב איך חתונה געהאַט מיט מיין פרוי, העניע נאָרמאַן פון בירזש, ליטע (געוועזענע קאָוונער גובערניע). כ׳האָב געזוכט מיטלען אַריבערצוברענגען קיין דרום אַפריקע עטלעכע מיטגלידער פון אונדזער פאַמיליע. נאָך גרויסע שוועריקייטן האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו ברענגען אונדזער שוואָגער מרדכי פאָזניאַק און מיין שוועסטער רייזל. אין 1938 האָבן מיר אויך געבראַכט אַהער מיין שוועסטער זלאַטעס 2 עלטערע יינגלעך: בערע — 14 יאָר און שמעון — 13 יאָר. מיר האָבן זיי אַריינגעגעבן אין שול פאַר אַ פאָר יאָר און זיי זענען אויסגעוואָקסן פיינע יונגע לייט. אויך מיין פלימעניק בערע עפשטיין האָבן מיר באַזאָרגט מיט אַלע נויטיקע דאָקומענטן און וויזעס צו קומען אַהער, אָבער אָנקומענדיק קיין דרום אַפריקע האָט די אָרטיקע מאַכט אים ניט געוואָלט אַריינלאָזן: מיט טרערן און תחנונים האָבן מיר קוים געפועלט ביי דעם ענגלישן קאָנסול פון צפון ראָדעסיע, אַז ער זאָל דאָרט קענען אַריינפאָרן. אונטער אַ גאַראַנטיע פון 500 פונט



**אַ גרופּע חברים פון „בונד״ אויף אַ אָפּשייד־אָוונט צום אָפּפאָרן פון הירשל נייפעלד קיין דרום־אַפריקע**

זיצן פון רעכטס: זימל חייטאָוויטש, בערל זאַרעצקי, נח קושניר, הירשל נייפעלד, חיים דוואָרעצקי, מולע קאַפּלאַן, נאַכע קושניר;
שטייען פון רעכטס: יוסף דוואָרעצקי, חיים־הירשל אקון, חיים־ליב קאַפּלאַן, העניע טוניק, פרומע מאלבין, דבורה דוואָרעצקי, בערל קאַנטאָראָוויטש, לייזער ראַדונסקי, גרשון צערעצעס.



זלאַטע און מרדכי פאָזניאַק און זייערע קינדער: בערע, שמעון, שימקע, באַשע.

האָבן מיר די דערלויבעניש באַקומען. מיר האָבן אויך באַקומען וויזעס פאַר מיין שוועסטער זלאַטע מיט אירע 2 יונגע טעכטער, אָבער דעם טאָג ווען זיי האָבן געזאָלט אַרויספאָרן זענען די ברוטאַלע מערדער באַפאַלן פוילן. די 16 יאָריקע שימקעלע, דאָס טעכטערל פון מיין שוועסטער, איז געווען צווישן די ערשטע 10 יידישע מיידלעך וואָס די רוצחים האָבן אַרויסגעפירט און דערשאָסן אויף אקינטשיצער וועג.



בערע עפשטיין

אין 1941 האָב איך מיט מרדכין געעפנט אַ קליינעם ווערקשטאַט צו מאַכן היטלען. מיר האָבן ביסלעכווייז פאַרגרעסערט אונדזער פּראָדוקציע און געמאַכט אַ פיינעם לעבן. די שותפות האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט, ווייל מרדכי איז קראַנק געוואָרן. דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע און געשטאָרבן. איך האָב דאַן אַריינגענומען זיינע 2 יונגע קינדער אין געשעפט. אַ דאַנק מיין גוטע באַהאַנדלונג צו די אַרבעטער, האָט זיך אונדז איינגעגעבן ניט נאָר אָנצוהאַלטן די קליינע פאַבריק, נאָר אַפילו זי פּילפאַך צו פאַרגרעסערן. אין דער פאַבריק האָבן מיר אַנטוויקלט אַן אָפּטיילונג פאַר מענערהיטלען, וואָס האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן.

אין זומער 1945, נאָך דעם זיג איבער דער מעכטיקער מערדער־דייטשלאַנד, וואָס איז געלעגן אַ צעשמעטערטע, האָבן מיר צוזאַמענגערופן אַ ביסל סטויבצער לאַנדסלייט און געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר דער שארית הפליטה, אין צוזאַמענשטעל פון אברהם רוסאק, זיין זון יחזקאל און טעכטער, יעקב ברוק, די ברידער טשעסלער, באשקע מילצענזאָן, יאנקל נייפעלד, זיסל דוואָרעצקי, נחום מאַלבין א״אַ. מיר האָבן באַזוכט אַלע אונדזערע לאַנדסלייט, געזאַמלט געלט און געשיקט קיין ארץ־ישראל שפייז און קליידער־פּאַסילקעס



זיצן פון רעכטס: חיה־אגינסקי לאה פאָזניאַק, העניע נייפעלד, ראָזע רוסאק, פעוטיע אפשטיין; שטייען פון רעכטס: שמעון פאָזניאַק, יחזקאל רוסאק, אליעזר רייסער, הירשל נייפעלד, שלמה ראָזאָווסקי, שמעון עפשטיין.

אדג״ל. מיר האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיט אַלטע ישראל־תושבים, אַפּשטאַמיקע פון סטויבץ, ווי ירוחם כארכורימס זון, יאשקע דעם שלאָסערס זון א״אַ, און געשיקט רעגולערע הילף דורך זיי פאַר די ניי־געקומענע פליטים. אונדזערע לאַנדסלייט אין דרום אַפריקע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף אונדזערע ווענדונגען און געלט איז געזאַמלט געוואָרן אין גאָר גרויסע סומעס. מיר האָבן איינגעאָרדנט פונקציעס ביי באשקען אין הויז, ביי אייזל רייסער, ביי מיר אין הויז א״אַ — און יעדע אַזאַ אונטערנעמונג האָט אַריינגעבראַכט 150—200 פונט. אַלע געלטער — גרויסע און אויך קלענערע סומעס — האָבן מיר געשיקט אויף די נעמען פון אונדזער גאָר חשובן בן־עיר זלמן רובאשאָוו און בעבע כארכורים. מיר האָבן זיי אויך געראַטן, אַז די געלטער זאָלן ניט אויסגענוצט ווערן אויף די טעגלעכע באַדערפענישן, נאָר דאָס זאָל זיין דער פאָנד פאַר אַ גמילות־חסד־קאַסע, אַזוי ווי אין דער אַלטער היים, וואָס זאָל אַרויסגעבן הלוואות אויף לייכטע באַדינגונגען, און אַז די נייע עולים זאָלן באַקומען ווי מעגלעך גרעסער סומעס — זיי זאָלן זיך קענען איינאָרדענען און ניט

דאַרפן אָנקומען צו קיצבה. זיי האָבן אָנגענומען אונדזער עצה און געגרינדעט דעם גמילות חסד, ווו יעדער לאַנדסמאַן איז פאַר אַ פּיי (אָפּצאָל) פון 5 פונט געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאַסע. אויך ביי אונדז האָבן מיר ווערבירט אַ גרויסע צאָל „פּיישטשיקעס" אויף פאָלגנדיקן אופן: איז ביי איינעם געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַן איינקל, אַ בר־מיצווה, אַ חתונה — יעדער לאַנדסמאַן ביי וועמען ס'איז פאָרגעקומען אַ שמחה האָט זיך ביישטייערט פאַרן גמילות חסד מיט 5 פונט און געקראָגן אַ תעודה אויף זיין נאָמען. אַזוי אַרום האָט אונדזער קליינע „קאָלאָניע" אין דער גאָלדענער מדינה בייגעטראָגן אַ היפּשן טייל צום דערפאָלג פון דער אַזוי נוציקער אונטערנעמונג. לויט אירע באַלאַנסן איז צו זען, אַז די גמילות־חסד קאַסע איז אויסגעוואָקסן צו אַ גאַנץ גרויסער אינסטיטוציע מיט אַן אומזאַץ פון צענדליגער טויזנטער פונטן.

אַ געוויסע צאָל פון אונדזערע מיטגלידער — אברהם רוסאק ז"ל, זיינע קינדער, יעקב ברוק און פרוי, סאלי פער, יאנקל נייפעלד און זייערע פרויען, בערצע און שמעון פאָזניאק — האָבן באַזוכט ישראל און יעדערער פון זיי האָט געבראַכט גוטע גרוסן וועגן דער לאַגע פון אונדזערע פריינט און באַקאַנטע. פאר די לעצטע פאָר יאָר האָט זיך די אַרבעט פון אונדזער סטויבצער סאָסייטי אַ ביסל אָפּגעשוואַכט: מען קומט זיך צוזאַמען זעלטענער. די מיטינגען ווערן באַזוכט פון ווייניקער לאַנדסלייט, און דאָך איז נאָך אַלץ מעגלעך צו זאַמלען ביי די 5—6 פאָרלעך וואָס באַזוכן רעגולער אַ 50—60 פונט.

ווי איך בין אינפאָרמירט, קומט פאָר אין ישראל אַ פּיבערהאַפטע אַרבעט צווישן אונדזערע לאַנדסלייט און פריינד, וואָס איר ציל איז צו פאַרענדיקן דעם ספר הזכרון פון אונדזער היימשטאָט סטויבץ. ווייל איך ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן מיינע גוטע ווונטשן און ברכות צו די אַלע וואָס נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין זאַמלען מאַטעריאַלן, צו די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער, צו די שרייבער און דרוקער פון דעם הייליקן ספר.

און לאָמיר אַלע האָפן, אַז יעדער סטויבצער — אַפילו פון אַ דריטן און פערטן דור — ווו אַזאַ איינער זאָל זיך היינט ניט געפינען, וועט זיך אָנשטרענגען צו דעראָבערן און לייענען דעם ספר הזכרון פון דער גאָר רייכער, דינאַמישער און שפרודלדיקער פאַרגאַנגענהייט, פון אַ דור קדוש וטהור, וואָס האָט פאַרזיגלט דעם לעצטן בלוטיק־רומפולן קאַפּיטל פון דער פאַרשניטענער סטויבץ. —

# מענדל מאכטיי / א. מיט זעכציק יאר צוריק

ביז היינטיקן טאָג איז שווער זיך פאָרשטעלן אַ גענויע בילד פון סטויבצער אָרט־לעבן מיט זעכציק יאָר צוריק. די סיבה איז ניט נאָר, ווייל מיר האָבן שוין פאַרלאָזן דאָס שטעטל צוריק מיט צענדליקער יאָרן, און עס איז שווער זיך דערמאָנען זאַכן פון אַמאָל. מיר האָבן זיך צוגעוווינט צו אַ ניי מאָדערנעם מעכאַניזירטן אָרט־לעבן מיט פאַרשיידענע טעכנישע באַקוועמלעכקייטן, און מיר האָבן פאַרגעסן דעם פּשוטן פרימיטיוון לעבן פון אַ פּראָווינציאַנאַל פּויליש־רוסיש שטעטל אויפן רעכטן זייט פון ניעמאַן. עס איז ניט צו פאַרגלייכן דאָס לעבן אין שטעטל אין די יאָרן 1930—1940, צו די יאָרן פון ענדע 19־טן יאָרהונדערט און אָנפאַנג פון 20־טן יאָרהונדערט. ווען מיר גייען פאָרשטעלן דעם אַמאָליקן לעבן כאָטש טיילווייז וועלן מיר באַקומען אַ בילד ווי למשל אַ דערציילונג פון אוראַלטע צייטן.

מיר וועלן פּרוּוון דערמאָנען זיך ווי האָט אויסגעזען סטויבץ מיט אַ זעכציק יאָר צוריק.

סטויבצער נאַטירלעכע קאָמוניקאַציע־פאַרבינדונג איז געווען דורכן ניעמאַן און מ'פלעגט דורכן וואַסער שיקן האָלץ און פאַרשיידענע סחורות ביז מזרח־פּרייסן. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אייזן־באַן, האָט זיך געשאַפן אַ נייע פאַרבינדונג צווישן שטעטל מיט דער ברייטער וועלט.

איידער דער באַן איז געקומען אין סטויבץ, האָבן זיך יידן באַזעצט און אויסגעבויט הייזער ביים ניעמאַן. אויף דער רומאָווער גאַס נאָענט צום ניעמאַן, זענען אויסגעבויט געוואָרן די שענערע הייזער, דאָרט האָבן געוווינט רייכערע יידן, ד. ה. מכובדים, „שיינע יידן". דער צענטער פון יידישן לעבן איז געווען די געגנט ביים טייך. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט דער הויפּט־האַנדל. דאַקעגן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די שטאָט האָט זיך אַנטוויקלט און פאַרגרעסערט, האָבן זיך אויסגעבויט הייזער אַרויף צו צפון אויף דעם זאַמדיקן באָדן.

אין הערבסט און במשך פון ווינטער פלעגן די יידן אָפּקויפן ביי די גויים פון דער אַרומיקער סביבה זייערע תבואות. די איינגעקויפטע סחורות געהאַלטן אין צוויי גרויסע שפּייכלערס, וועלכע זענען אויסגעבויט געוואָרן צו דעם צוועק. דער גאַנצער האַנדל און די גרויסע שפּייכלערס זענען געווען איבערהויפּט אויף רומאָווער גאַס. אַ גרויסן טייל פון די תבואות פלעגן יידן ברענגען פון סלוצקער געגנט און פלאַקס פון סמאָלענסקער געגנט. די צונויפגעזאַמלטע סחורות פלעגן זיי פאַרקויפן קיין דייטשלאַנד. פרילינגס צייט, ווען דער אייז האָט אָפּגעלאָזט און די וואַסער אין ניעמאַן איז אַריבער די ברעגן, דאַן פלעגט מען די סחורות טראַנספּאָרטירן מיט שיפלעך ביז פּרייסן (דייטשלאַנד), ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַלץ איז געווען, ווען דער באַן האָט נאָך ניט געדינט אַלס טראַנספּאָרט־מיטל.

דער וואַסער־טראַנספּאָרט, איז געווען אַ פּרימיטיווער לאַנגזאַמער פאַרקער אָבער אַ ביליקער מיטל. די דאָזיקע שיפלעך האָבן געהייסן „ביידאַקן". דאָס וואָרט „ביידאַקן" איז נאָך ביז היינט זיכער אומבאַקאַנט, ניט נאָר פאַר יידן אין דער גאָרער וועלט, נאָר אַפילו סטויבצער יידן ווייסן ניט וואָס דאָס זענען אַזוינס „ביידאַקן".

די „ביידאַקן" זענען געטריבן געוואָרן מיטן וואַסער דורך מענטשלעכע אַרבעטס־הענט. קומענדיק צוריק פון דייטשלאַנד,



דאָס רומאָווע געסל

פלעגן יידישע סוחרים ברענגען פאַרשיידענע סחורות. צוריק־וועגס, האָט מען געמוזט די „ביידאַקן" ציען אַרויף מיטן וואַסער. די אַרבעט איז ניט געווען אַזוי לייכט. עס האָט אָפט מאָל פּאַסירט, אַז מ'האָט ניט באַוויזן די „ביידאַקן" ברענגען צוריק צום געהעריקן פּלאַץ, ווייל דער ווינטער האָט זיך אָנגערוקט אין מיטן, דער טייך איז געוואָרן פאַרדעקט מיט אייז, איז מען דאַן געווען געצוווּנגען ברענגען צוריק די סחורות מיט פערד און שליטן.

אין יענע צייטן זענען די גאַסן ניט געווען ברוקירט, קיין טראָטואַרן האָבן ביז 1922 ניט עקזיסטירט. אין רעגנדיקע טעג זענען די נידעריקע גאַסן וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט צום טייך, געווען פול מיט בלאָטע. ביז שפּעט אין זומער זענען אויף זיי געווען שטייענדיקע טייכלעך, און ס'איז שווער געווען דורכצוגיין די גאַס. דאַקעגן די העכערע גאַסן ווי: האַלב פּאַצ'טאָווע, האַלב פּאַראַמנע, יורזדיקע, מינסקער, די גלח'שע גאַס (שפּעטער מיצקעוויטש), שפּיטאַלנע זענען געווען טיף זאַמדיק. אין די נידעריקע גאַסן איז דער באָדן געווען האַרט איינגעקלאַפּט, באַקוועם פאַרן פוסגייער און אויך פאַר די דורכפאָרער.

די הויפן ביי די הייזער זענען געווען אָפענע, ניט קיין פאַרצאָמטע. אַלץ וואָס ווייטער און העכער פון טייך זענען די הייזער געווען מער באַשיידענע. די הייזער זענען געווען הילצערנע, און די דעכער באַדעקט מיט גאָנטעס (שינדלעך), באַוואָקסענע מיט אַ דיקער שיכטע מאָך און גראָז.

דער גרעסטער טייל הייזער, אין וועלכע ס'האָבן געוווינט אָרעמעלייט האָבן ניט געהאַט קיין פּאָדערהויז (ווי מ'האָט דאָס גערופן „פּאָרהויז"). אין אַנדערע הייזער ביים אַריינגאַנג אין שטוב איז געווען צוגעבויט אַ פּאָדערצימער, אַלס קיך־צימער. עס איז געווען צונויפגעקלאַפּט פון ברעטלעך, וועלכע האָבן געהאַט דעם אויסזען פון אַ סוכה.

די מעבל אין די הייזער איז געווען זייער באַשיידן. דער הויפּט מעבל־שטיק איז געווען דער אַזוי גערופענער קאָמאָד (קופער). אַ גרויסער קאַסטן, הויך איין מעטר, אָדער עטוואָס מער, שיין געפאַרבט פון דרויסן. די דעק איז געווען עטוואָס רונדיק.

דאָרטן האָט מען געהאַלטן מלבושים און אַנדערע זאַכן. אַ שראַנק, האָט מען געקענט טרעפן ביי אַ גאַנץ רייכן בעל־הבית. אין שטוב איז געשטאַנען אַ טיש, אַ לאַנגע באַנק און אייניקע טאָבאַרעטקעלעך.

שלמה חיים בערנשטיין האָט אין זיין צייט געקויפט אַ שרייב־טיש. ביי אייניקע אין שטוב איז שוין געווען אַ גראַמאָפאָן מיט אַ גרויסער טרובע.

צום ווינטער קלימאַט איז שווער געווען זיך צופּאַסן, איבער־הויפּט פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג מיטן צוגרייטן וואַרעמע זאַכן אין שיך פאַר די קינדערלעך, וועלכע האָבן זיך געמערט כמעט אין יעדער שטוב. אויסער דעם, האָט מען זיך געמוזט באַוואָרענען און צוגרייטן: קאַרטאָפל, מערן, אַ ביסל בוריקעס, קרויט און אז. וו. ווי אויך אַ פּאָר פורלעך האָלץ צו דערוואַרעמען די שטוב אין די קאַלטע ווינטערדיקע טעג. צו דעם האָט מען געמוזט דינגען אַ פויער צו זעגן און צעהאַקן דאָס האָלץ. דאָס אַלץ, האָט זיך שטאַרק אָנגעזען אין דער הוצאה. ניט איינער איז געווען געצוווּנגען אָנקומען טיילווייז צו אַ הלוואה פון גמילות־חסד־קאַסע אָדער פון אַ צווייטער קוועלע, כדי צו פאַרזאָרגן זיך מיט די נויטווענדיקע פּראָדוקטן און הייץ־מאַטעריאַלן.

ביי די אָרעמע יידן זענען די הייזער ניט געווען צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דאָרטיקן ווינטער. מען האָט געקענט טרעפן שטיבלעך, ניט פון קיין איבעריק דיקן האָלץ, אָדער געבויטע פון צוויי שיכט ברעטער, אין מיטן אָנגעפילט מיט זעגעכץ אָפּפאַל (אַזוי גערופענע „שאַלאַסן"). זומער

צייט, ווען דאָס האָלץ איז געוואָרן טרוקן, די ברעטער האָבן זיך איינגעצויגן, די שפּאַרן צווישן די ברעטער זענען געוואָרן ברייטער, דאַן האָט די אָנגעפּילטע זעגעכץ לאַנגזאַם זיך אויסגעשאָטן אין דרויסן. די „שאַלאַסן" האָבן ניט געהאַט קיין פונדאַמענט, נאָר אַרומגעשאָטן מיט אַ שיכט זאַמדיקן באָדן, כדי די שטוב זאָל איינהאַלטן די וואַרעמקייט אום ווינטער. דאָס האָט געהייסן אַ „פּריזבע". אַזאַ „פּריזבע" אין אַ קליין שטעטל איז געווען אַ שם־דבר. אַזוי האָט מען געקענט זען זומער צייט, ווי עס זיצן אויף דער „פּריזבע" ווייבער, שכנות, באַקאַנטע אין די לאַנגע פאַרנאַכטן, זיי ציען אַ לאַנגע מעשה, דערציילן אַ ביסל רכילות אָדער שטריקן אַ פּאָר וואָלענע זאָקן צום ווינטער.

די קליינע שטיבלעך האָבן געהאַט קליינע פענצטער איבערגעטיילט אויף קוואַדראַט טיילן. ווען אַ שויב, האָט זיך אויסגעבראָכן אין פענצטער, האָט מען דערווייל פאַרשטאָפּט דאָס לאָך מיט אַן אַלטער העמד אָדער אַ שמאַטע ביז עס וועלן זיין די פּאָר גראָשן אויף אַריינצושטעלן אַ נייע שייבל.

ניט יעדע שטוב, האָט זוכה געווען צו האָבן דאָפּלטע פענצטער אויפן ווינטער. אויף דער נאַכט פלעגט אַ שיכטע פראָסט פאַרדעקן די פענצטער־שויבן און אויסמאָלן אויף זיי פאַרשיידענע ווינטערדיקע בילדער פּייזאַשן, אַ שניי אין וואַלד, אַ פערד און שליטן און אַנדערע בילדער. בייטאָג, אַז די זון, האָט עטוואָס באַשיינט די פראָסטיקע פענצטער, דאַן האָט גערונען וואַסער פון די פענצטער אויף די ווענט און אויף דער פּאָדלאָגע. האָט מען זיך נוהג געווען אַוועקלייגן שטיקלעך שמאַטעס, קראַיקעס, אונטערהענגען פלעשער, כדי דאָס וואַסער זאָל אַריינרינען אין די פלעשער.

גוט איז געווען דעם בעל־הבית, וועלכער האָט געהאַט אַ קליינעם אויוון אין שטוב און צו דעם נאָך אַ פּאָר פורלעך ברענ־האָלץ אויף אָנצוואַרעמען די שטוב. אין אַנדערע הייזער איז געווען אַ לעזשאַנקעביים קאָך־אויוון, ביי אַנדערע איז דאָס אויך ניט געווען. אין שטוב איז געווען אַ גרויסער רוסישער קאָכאויוון. ס׳איז געווען אַ מנהג, אַז אין די ווינטערדיקע קאַלטע נעכט, האָט די משפּחה זיך געלייגט שלאָפן אויפן אויוון צו דערוואַרעמען די ביינער. די שטוב באַלייכטונג איז אויך ניט געווען אַזוי פּשוט. פאַרצייטן אין די גאָר אַמאָליקע יאָרן, האָט מען באַלויכטן די צימערן מיט לוטשינקעס. אין מיטן שטוב איז געווען איינגעריכטעט אַ לייוונטענע טרויב אויסגעשמירט מיט ליים, וועמענס דורכגאַנג איז געווען דורכן דאַך, כדי דער רויך זאָל זיך ציען צום דרויסן, אונטן האָט מען געצונדן דינע שפּענדלעך האָלץ, ברענענדיק האָט דאָס געוואָרפן אַ געוויסן שיין איבערן שטוב. אין אָוונט זיצנדיק אין שטוב, זייענדיק פאַרטאָן אין אַ געוויסער אַרבעט, אָדער פירנדיק אַ שמועס, האָט מען געדאַרפט יעדעס מאָל צולייגן דינע שטיקלעך האָלץ־לוטשינקעס אונטערצוהאַלטן דעם פייער און מיט דעם האַלטן אויך ליכט אין שטוב, וואָס האָט נאָר פאַרטריבן אַ ביסל דאָס פינצטערניש. שפּעטער איז דער סאָרט באַלייכטונג געבליבן נאָר ביי די גויים אין די דערפער. די יידן האָבן זיך שוין באַנוצט מיט אַזוי גערופענע „קורניקעס", קליינע נאַפט־לעמפּעלעך מיט אַ גלעזל פון אויבן, כדי עס זאָל פאַרברויכט ווערן ווייניקער נאַפט. דערפאַר פרייטיק צונאַכטס, האָבן געברענט אין יעדער יידישער שטוב ליכט און אַן אַנגענעמע וואַרעמקייט האָט געהערשט אין הויז.

פרייטיק, האָט מען געהייצט צוויי מאָל דעם גרויסן אויוון. אין דער פרי, האָט מען געבאַקן ברויט און חלה, און דעם צווייטן מאָל, האָט מען געהייצט אויף טשאָלנט. דעם שווערן האָראָפּאַשנעם לעבן און שווערן יאָך פון דער גאַנצער וואָך, האָט זיך יעדער ייד באַמיט אויסצלאָדן און זיך שטאַרקן מיטן שבת יום המנוחה.

אויף שבת האָט מען זיך באַמיט צוגרייטן אַ ביסל טרוקן האָלץ. שבת פרי האָט מען געוואַרט, אַז די גויע זאָל אַריינקומען איינהייצן (אַריינטאָן די האָלץ) אין קליינעם אויוון. און נאַכהער איז זי געלאָפן טאָן די זעלבע מצוה ביי די איבעריקע יידישע שכנים. ביז די גויע האָט באַוויזן צוריקקערן זיך, האָט אָפט ניט איין מאָל פּאַסירט, אַז דער פייער איז אויסגעלאָשן געוואָרן. ווען דאָס האָלץ, האָט זיך שוין אויסגעברענט פאַרשאַרט און אויפגערוימט די אויסגעברענטע קוילן. אַמאָל איז פאַרבליבן אַ ניט־דערברענט שטיקל האָלץ (אַ האַלאַוועשקע), האָט עס פאַרטשאַדעט די קעפּ.

אונדזער געגנט איז געווען רייך מיט וואַסער־אוצרות: דער אייביק שטראָמענדיקער טייך ניעמאַן און דערצו די אונטער־ערדישע וואַסער־קוואַלן. די באַפעלקערונג אַליין, האָט געמוזט זאָרגן פאַר שאַפן מיטלען כדי צו באַקומען וואַסער. צו דעם צוועק האָבן זיך שכנותדיקע בעלי־בתים צוזאַמענגערעדט ,געקליבן געלט און געגראָבן אַ ברונעם. אַזוי האָבן יידן און קריסטן, דורך אַ קאָלעקטיווער איניציאַטיוו, געגראָבן ברונעמס.

ניט יעדע געגנט, האָט געהאַט דעם מזל אָנשטויסן זיך אויף אַ גוטן אונטערערדישן קוואַל מיט געשמאַקע טרינקוואַסער. אין אַלע ברונעמס נאָענט צום טייך איז די וואַסער ניט געווען קיין גוטע. דאַקעגן אין די ברונעמס העכער צום באַרג איז דאָס וואַסער געווען באַטעמט און זויבער.

אַ דורכשניטלעכער בעל־הבית, האָט געמוזט אַליין ברענגען און אָנפילן אַ פעסעלע וואַסער אויף אַ גאַנצן טאָג. אין די פרימאָרגן־שעהן, אָדער אין אָוונט פלעגט מען זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ פּאָר עמער און מיט אַ קאַראָמעסל אויף די אַקסלען. ביי וועלכן סטויבצער בעל־הבית איז ניט געהאָנגען אַ קאַראָמעסל אין דרויסן אָדער אין פאָרהויז אויפן וואַנט?

די רייכערע בעלי־בתים האָבן אַליין ניט געטראָגן וואַסער אַ היים. פאַר דעם זענען געווען וואַסער־טרעגערס, נאַכהער איז עס לאַנגזאַם איבערגעגאַנגען אין גויישע הענט. אפילו נאָך דער ערשט׳ער וועלט־מלחמה זענען נאָך פאַרבליבן עטלעכע וואַסער־טרעגערס: נחמן אידל, און איבערהויפּט דער אַלעמען גוט באַקאַנטער, משה׳ל קוזנעצאָוו פון סווערזשנע, וועלכער האָט זיך שטענדיק באַרימט, אַז ער איז געווען פעלדפעבל אין דער צאַרישער אַרמיי. קיין סך האָט מען אים ניט געדאַרפט בעטן, כדי ער זאָל זיך שטעלן „סמירנאָ" און „אָפּראַפּאָרטירן" ווי פאַר אַ צאַרישן אָפיציר.

טראָץ דעם איז ער געווען אַ שטילער ערלעכער מענטש. ער האָט גוט באַדינט די יידישע בעלי־בתים אין סטויבץ.

שטענדיק געטראָגן פולע עמערס וואַסער פאַר אַ פּאָר גראָשן און דערצו נאָך באַקומען אַ שטיקל ברויט אָדער אַ טעלער זופּ פון אַ בעל־הביתטע.

## שריפות

אין יאָר 1907, איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה אין סטויבץ. פון אַ אָנגעצונדענעם פּרימוס אין שטוב פון אַ וואַלד סוחר, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פייער איבערן גאַנצן שטעטל. עס זענען אָפּגעברענט געוואָרן: דער מאַרק, דער שול־הויף און די גאַסן רומאַווע, פּאַטשטאָווע, ווילנער און יורזדיקע. עס זענען פאַרברענט געוואָרן די גוישע שייערן און אויך די אַלטע שעכט־הויז (די באָינע). די פייערלעשער פון די שכנות־דיקע שטעטלעך — מיר, ניעסוויזש, סווערזשנע און אויך פון מינסק, זענען אַלאַרמירט געוואָרן קומען העלפן. טראָץ אָט די אַלע גרויסע באַמיאונגען איז ניט געלונגען אָפּצוהאַלטן דעם פייער, וועלכער האָט אָן רחמנות געבושעוועט און זיך פאַרשפּרייט. די שריפה האָט אָפּגעווישט דעם גרעסטן טייל הייזער פון שטעטל און האָט איבערגעלאָזט הונדערטער יידישע משפחות אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

נאָך דער שריפה האָט מען געפונען ביי טשערנאָגור באָווסקען אין קעלער אַ פאַרברענטן קערפּער פון אַ יידישן ייִנגל. דאָס האָט געמאַכט אַ טרויעריקן איינדרוק אויף די סטויבצער יידן. מיטן באַקומען סטראַכאָווקע (פאַרזיכערונגס־געלט) האָבן די יידן געהאַט אַ מעגלעכקייט ווידער אויפצושטעלן אַ דאַך איבערן קאָפּ. אייניקע האָבן נאָך באַוויזן אויפצובויען נאָך שענערע הייזער פון די וועלכע זיי האָבן געהאַט פריער. מיט אייגענע געלט־מיטלען און אַ דאַנק דער געלט שטיצע פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער, האָט מען באַוויזן אויפצושטעלן נייע בתי־מדרשים.

דאָס שטעטל איז געוואָרן אַ צענטער פון אַרבעט. עס האָבן זיך צונויפגעפאָרן פון דער נאָענטער געגענט פאַרשיי־דענע בעלי־מלאכות ווי: טשעסלאַרעס, סטאָלאַרעס, מולאַרעס.

די שטעטל האָט זיך געבויט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ און אין משך פון דעם זעלבן זומער איז סטויבץ, מיט אירע הילצערנע הייזער צוריק אויפגעבויט געוואָרן.

### א שריפה אין 1915

דעם 25־טן מאַי 1915, האָט אויסגעבראָכן אין שטעטל אַ געוואַלדיקע שריפה, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן פון קיטאַיעוויטשעס זאַוואָד. דער שטאַרקער ווינט איבערהיפּנדיק ניין הייזער, האָט איבערגעוואָרפן דאָס פייער אויף די גוישע שייערן, אויפן ברעג פון ניעמאַן. אין משך פון אייניקע שעה, האָט דער פייער פאַרכאַפּט אַלע הייזער פון שטעטל, אַזוי אַז עס איז נישט געבליבן אַפילו קיין זכר פון אַ האָלאָוועשקע. ווען עס זענען געקומען פייערלעשער פון מינסק און פון די אַרומיקע שטעטלעך איז שוין געווען צו שפּעט. — פון דעם שטעטל איז געבליבן אַ קופּע אַש.

כאָטש די יידן האָבן באַקומען סטראַכאָווקע־געלט, און צאַרישע געלט איז אין יענער צייט געווען אַ ווערטפולע מטבע, דאָך איז ניט געווען באַשערט צוריק אויפצובויען דאָס שטעטל צוליב אייניקע סיבות. ערשטנס, האָט די מאַכט געפּלאַנעוועט, אַז איין שטוב זאָל זיין אָפּגערוקט פון דער צווייטער שטוב, און אויסברייטערן די גאַסן. די צווייטע סיבה איז געווען דאָס, וואָס דער מלחמה־פראָנט האָט זיך דערנענטערט. באַראַנאָוויטש, קאַרעליטש און האָראָדישטש זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן, סטויבץ איז נאָך געווען אין רוסישע הענט. אויס שרעק פאַרן פראָנט און פון די קאָזאַקן, האָט אַ היפּשער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַרלאָזט סטויבץ און זיך באַזעצט אין מינסק און אויך אין אַנדערע שטעט. אַזוי איז אין סטויבץ פאַרבליבן אַ קליינע צאָל איינוווינער און דאָס שטעטל האָט זיך ניט צוריק אויפגעבויט. די סטראַכאָווקע געלט האָט פאַרלוירן זייער ווערט ווייל די צאַרסקע רובלס האָבן זיך אַנולירט.

עס דאַכט זיך, אַז די ליידן פון דער באַפעלקערונג אין דער ערשטער וועלט מלחמה זענען ניט אָנזעענדיק אין פאַר־גלייך מיט די אכזריותדיקע טאַטן וואָס די מענטשן האָבן איבערגעלעבט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין אומקום. דאָך האָבן אויך מענטשן אין יענער צייט געליטן צרות און ליידן אָן אַ שיעור.

אַלע, וועלכע זענען געווען מיליטער־פּעאיק אין עלטער פון אַכצן ביז פינף און פערציק יאָר זענען געווען רוסישע סאָלדאַטן. עלנט זענען פאַרבליבן די משפחות. קינדער האָבן פאַרלאָזט די היימען, מענער האָבן איבערגעלאָזט פרויען און קינדער אין דער היים אָן פרנסה. אין יאָרן ארום, האָט ווער עס איז דערלעבט קומנדיק צוריק זען זיינע נאָענטע.

אין אייניקע וועלט־טיילן איז שוין געוואָרן פרידן, מענטשן האָבן אָנגעפאַנגען אַ נאָרמאַלן לעבן. ביי אונדז, האָט זיך אָבער פונאַנדערגעפלאַקערט דער בירגער־קריג, און פון צייט צו צייט פלעגן די מאַכטן זיך טוישן.

אין פעברואַר 1918, האָבן די דייטשן אָקופּירט אונדזער געגנט. אָנפאַנג 1919 זענען די דייטשן געווען געצוווּנגען אָפּטרעטן און עס זענען אַריין די סאָוועטן.

אין דער זעלבער צייט האָבן די פּאָליאַקן אָרגאַניזירט אַ אייגענע אַרמיי, וועלכע האָט געהייסן „פּוילישע לעגיאָנען" און זיי האָט געלונגען צו פאַרטרייבן די רויטע אַרמיי. אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַרום, אונטערן דרוק פון דער רויטער אַרמיי, זענען די פּאָליאַקן ווידער געווען געצוווּנגען אָפּטרעטן. ביי זייער אָפּטרעטן האָבן זיי ראַבירט יידישע געשעפטן און הייזער (געשענדעט יידישע מיידלעך), פּאָגראָמירט און אויסגעפירט רציחות איבער יידן. מענטשן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע הייזער און זיך אויסבאַהאַלטן אין וועלדער אָדער אין ‚פאַרשיידענע באַהעלטענישן.

שפּעטער האָבן די פּאָליאַקן ווידער פאַרטריבן די סאָוועטן. אין רעזולטאַט פון דעם שלום־אָפּמאַך איז סטויבץ פאַרבליבן אויף דער פּוילישער זייט, צען קילאָמעטער פון רוסישן גרענעץ.

פון יאָר 1921, האָט זיך סטויבץ ווידער אָנגעהויבן אויפצובויען. די וועלכע זענען אַמאָל פון דאַנען אַנטלאָפן האָבן נאָכן שליסן דעם שלום־אָפּמאַך, זיך צוריקגעקערט צו זייערע „כלומרשטע" היימען. אויסער זיי זענען אויך געקומען אַ צאָל



**אַ גרופּע סאָלדאַטן פון יאָרגאַנג 1901—1900**

זיצן פון רעכטס: וועלוול טוניק, אברהם טוניק; שטייען פון רעכטס: שאַכנאָוויטש פון סווערזשנע, דניאל מילצענזאָן, דאַרעווסקי פון סווערזשנע, מרדכי מירסקי, יצחק ברוכאַנסקי, אברהם צעכאַנאָוויטש, פייוועע ליס.

פרעמדע מענטשן פון דער רוסישער זייט מיטן צוועק צו אַנטלויפן פון די באָלשעוויקעס. די פרעמדע אָנגעקומענע האָבן זיך געשאַפן פרנסות און אויך זיך שנעל צוזאַמענגעלעבט מיט די אָרטיקע יידן. מיט דער צייט פאַנגט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין סטויבצער יידישן לעבן. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ ניי קולטורעל לעבן. די בתי־מדרשים זענען געוואָרן באַנייט, און יעדן שבת און יום־טוב פלעגן צענדליקער מנינים פון מתפללים זיי אָנפילן. אַלתר יאָסעלעוויטש האָט מיט זיין איניציאַטיוו אויפגעשטעלט אַ „תרבות" שולע, וועלכע האָט דערצויגן פיל קינדער אין נאַציאָנאַל־ציוניסטישן גייסט. עס איז אויך אויסגעבויט געוואָרן א „תלמוד־תורה", א „בית־יעקב" שולע צו געבן אַ רעליגיעזע דערציאונג יידישע מיידלעך.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידישע פאָלקס־באַנק. אַ רייכער גמילות־חסד אַנשטאַלט, אַ „חונן דלים", אַ „ביקור־חולים". שאול אַגינסקי (דער בעדער), האָט געזאָרגט צוריק אויפצובויען די יידישע שטאָט־באָד.

דער לעבן פון די סטויבצער יידן איז געווען אין פולן שווונג. די יידן האָבן אָנגעהויבן שאַפן פרנסות. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דער האַנדל.

# ב. דער פאַראַם איבערן ניעמאַן

ביי יעדערן פון אונדז, האָט זיכער די אַלטע היים איבערגעלאָזן וואַרעמע דעראינערונגען, וועלכע באַגלייטן אונדז לאַנגע יאָרן.

די וועלכע האָבן עמיגרירט און פאַרלאָזט סטויבצ אין פאַרשיידענע תקופות, און אויך יענע וועלכע האָבן איר פאַרלאָזט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אין טראַגישע אומשטענדן, אָט די אַלע האָבן מיטגענומען מיט זיך וואַרעמע געפילן און זכרונות פון אַמאָליקן צניעותדיקן לעבן אין אונזער שטעטל. זיכער וועט ניט בלויז איינער ווען שענקען אייניקע שורות אין דעם יזכור־בוך און וועט דערמאָנען צום גוטן אונדזער טייך ניעמאַן.

דער ניעמאַן האָט אונדז באַשאָנקען מיט פיל פאַרשיידנאַרטיקן פאַרגעניגן און באַרואיקט אונדזער געמיט אין דער פרייער צייט. די אייביק שטראָמענדע, שטילע, זויבערע, גראָע וואַסער האָט באַרייכערט אונדזער שטעטל מיט אַ שיינער נאַטור־לאַנדשאַפט.

אין משך פון אַ גאַנצן זומער האָבן זיך יונג און אַלט געבאָדן און זיך געקוויקט אין דעם קילן וואַסער. דאַקעגן אין די ווינטער טעג, ווען אַ דיקער אייז האָט פאַרדעקט דעם טייך, האָט ער געדינט פאַר אַ אָנגענעמען ספּאָרט־פּלאַץ צו פאָרן און גליטשן זיך אויף אים. דער ניעמאַן האָט אונדז געגעבן מאַטעריעלן נוצן. ער האָט באַזאָרגט די גאַנצע אומגעגנט מיט פאַרשיידענע סאָרטן פיש. ער האָט געשאַפן אַ גייסטיקע באַפרידיקונג די פיש־פאַנגער און באַפוצט די

יידישע טישן אין שבת און יום־טוב מיט דעם פייערלעכן טראַדיציאָנעלן פיש מאכל.



וועלוול דעם פּאַראָמניקס הויז נעבן אָרט פון פּאַראָם

דער טייך האָט געדינט אַלס טראַנספּאָרט־מיטל פאַר סוחרים צו טרייבן שיפן און שיקן האָלץ־קלעצער מיטן וואַסער אַזש ביז די ווייטע פּרייסישע געגענטן. דאָס ווייכטיקסטע איז, וואָס דער ניעמאַן האָט געשאַפן פּרנסה פאַר אַ סך יידישע און אויך קריסטלעכע פאַמיליעס.

די האָלץ־קלעצער האָט מען אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער, געבונדן זיי צוזאַמען אין אַ ברייטער שיכטע, נאָכהער האָט מען אַזעלכע בריקן געבונדן איינס מיטן צווייטן אין דער לענג אויס, אַזוי האָט זיך געשאַפן אַ לאַנגער געהילצטרייב פון בערך אַ האַלבן קילאָמעטער. אַזוינע פּליטן אין די צענדליקער און הונדערטער זענען געטריבן געוואָרן דורך דעם פּליסענדן וואַסער מיטן פיזישן כוח פון די אָרטיקע גויים, ווייט ביז פּרייסן. די טראַנספּאָרט אַרבעטער האָט מען געמוזט באַזאָרגן מיט שפּייז־פּראָדוקטן, ווי למשל: ברויט, אַרבעס, קאַשע־גרויפּן, זאַלץ, טאַבאַק, און צושטעלן פאַר זיי די בויטיקע מאַטעריאַלן, ווי: זערדקעס, גאַרדזועלעס, שיריגעס, דראָט, טשוועקעס, קעסטלעך פאַר ברויט, פלאַש־בוטלעס פאַר וואַ־סער, בלעכענע טרובעס, ליכט, פאַר די פּליטן טרייבער צו באַלייכטן און סיגנאַליזירן איינער דעם צווייטן. דאָס אַלץ און נאָך נויטיקע באַדערפענישן האָבן די גויים זיך געמוזט פאַרזאָרגן אויף זייער מאַרשרוט פון לאַנגע וואָכן. אַזוי האָט סיי די יידישע און סיי די קריסטלעכע באַפעלקערונג געהאַט פּרנסה ווער מער און ווער ווייניקער פון אונדזער ניעמאַן. איבערן ניעמאַן איז געשווומען אַ פּאַראָם.

היינט צוטאָג ווייסן ניט פיל מענטשן וואָס איז דאָס אַזוינס אַ פּאַראָם, ווי זעט ער אויס, צו וועלכן צוועק האָט ער געדינט. אַנדערע האָבן אפילו ניט געהערט דאָס וואָרט „פּאַראָם". אָבער מיר, סטויבצער יידן, וועלכע געדענקען דעם לעבן אין סטויבץ פון פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, געדענקען גוט אונדזער פּאַראָם איבערן ניעמאַן און וואָס פאַר אַ גרויסע באַדייטונג ער האָט געהאַט אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. אין יענע צייטן איז נאָך קיין בריק ניט געווען איבערן טייך. דערפאַר האָבן מענטשן צוגעטראַכט און אויסגעבויט אַ פּרימיטיוון קאָמוניקאַציע־מיטל מיט וועלכן מ'זאָל איבערפירן מענטשן, בהמות, פערד, וועגענער און אַלע אַנדערע באַוועגלעכע זאַכן פון איין זייט ניעמאַן אויפן צווייטן. אַזוי אַרום האָט דער פּאַראָם געדינט אַלס אַ פאַר־בינדונגס־מיטל פאַר סטויבץ מיט די דערפער און שטעטלעך פון צווייטן דרום־מערב טייל פון ניעמאַן. דער פּאַראָם, האָט דערמעגלעכט די גויים פון צווייטן זייט טייך קומען אין שטאָט כדי צו פאַרקויפן זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ־דוקטן, אויך פאַר די יידישע בעלי־עגלות פירן אָדער ברענגען סחורות פון דער אומגעגנט.

לאָמיר פאָרשטעלן דעם טעכנישן געבוי פון דעם פּאַראָם. מ'האָט אויסגעבויט אַ שיפל פון האָלץ פון 12 מעטער לענג אויף פיר מעטער ברייט. אונטן איז געווען אַ פוס־באָדן פון ברעטער, ביי די זייטן צוגעבויטע באָרטן (פאַרענטשן) פון איין מעטער די הויך, כדי צו פאַרהיטן פון אַריינפאַלן אין וואַסער. אַזעלכע דריי שיפלעך־פּאַראָמען זענען געבונדן געוואָרן, איינס מיטן צווייטן, אין דער ברייט פון דעם טייך. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ באַוועגלעכער בריק אויף אַריי־בערפאָרן דעם טייך. אַ דיקער קאַנאַט (שטריק) איז געווען פאַרצויגן און פאַרפעסטיקט צו צוויי האָלץ עמודים, וועלכע מען האָט איינגעגראָבן אין באָדן אויףביידע זייטן פון טייך און אויך צוגעבונדן צו צוויי זייטן ווענט פון פּאַראָם. דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיטן צוועק, אַז דער פּאַראָם זאָל ניט מיטגעשלעפּט ווערן מיטן וואַסער שטראָם פון טייך.

אין נאָרמאַלע זומער־טעג איז די לענג פון פּאַראָם געווען גענוג גרויס, אַז ער האָט דערגרייכט פון איין זייט טייך ביזן צווייטן. דאַקעגן אין הערבסט אָדער פרילינגס־צייט, ווען דער טייך האָט זיך אויפגעהויבן העכער פון זיין נאָרמאַלן צושטאַנד, האָט מען שוין געמוזט מיט איין פּאַראָם איבער־פאָרן פון איין ברעג צום צווייטן מיט דער הילף פון דעם שטריק, וואָס איז געווען פאַרצויגן איבערן טייך. פּסח־צייט נאָכן צעגיין פון שניי, ווען דער טייך האָט זיך אויסגעגאָסן אויף קילאָמעטערס ווייט איז קיין פאַרבינדונג מיטן פּאַראָם ניט געווען מעגלעך.

עס האָט פּאַסירט, אַז די פּליטן זענען געגאַנגען מיטן וואַסער, האָט מען געמוזט אָפּשטעלן די קאָמוניקאַציע באַוועגונג פון דעם פּאַראָם. אָפּבינדן איין טייל פּאַראָם, ציען אים צום ברעג, כדי עס זאָל באַפרייט ווערן אַ פרייער דורכגאַנג פאַר די פּליטן. דאָס איז געווען אַ שטרענגער לעבנס געזעץ. בשעת זייער מאַרשרוט מיטן שטראָם. קיינער האָט ניט געוואַגט זיי צו פאַרהאַלטן. דאַן ווידער האָט זיך פאַרהאַלטן די באַוועגונג פון ביידע זייטן פון טייך. איבערהויפּט אין די מאַרק טעג, ווען די באַוועגונג איז געווען געוויינלעך גרויס, האָבן זיך געשאַפן לאַנגע רייען פון „פּאָדוואָדעס" (פורן). די גויים זענען געוואָרן אומגעדולדיק צו וואַרטן. יעדערער, האָט זיך געאיילט צוריק אהיים אין דאָרף, ווו עס האָט געוואַרט אויף אים אַ סך אַרבעט אין דער ווירטשאַפט. די בהלה איז געווען גרויס און דער דרויסן איז פול געוואָרן מיט קולות און געשרייען. די גויים האָבן געשריען, געזידלט זיך, גע־שאָלטן און אָפט זענען נאָך געפלויגן פייערדיקע פּעטש.

אַזעלכע פּאַראָמען זענען געווען אויך אין נאָך אַנדערע

ערטער ווו מ׳האָט באַדאַרפט איבערגיין דעם טייך. אונדז זענען באַקאַנט פּאַראָמען פון די ארומיקע געגנטן ווי אין זוקאָווּבאָרעק, לונין, און אויפן וועג מיטן וואַסער צו מאַ־הילנע. סטויבץ האָט צוגעשטעלט די בעלי־מלאכות אויף בויען פּאַראָמען. אָבער אין ערגעץ איז ניט געווען אַזאַ גרוי־סער פּאַראָם ווי אין סטויבץ. צום ביישפּיל — אין לונין איז געווען אַ פּאַראָם, אַ פּליטל אויף וועלכן ס׳איז ניט געווען קיין פּלאַץ נאָר פאַר צוויי פורלעך. ווען ער האָט מיטגענומען מער פון דעם, האָט דער פּאַראָם זיך אַראָפּגעלאָזט אונטערן וואַסער. פאַר איבערפאָרן דעם פּאַראָם האָט יעדער געמוזט באַצאָלן. די פּרייזן זענען ניט געווען איינהייטלעכע, יעדער פּאַראָם האָט געהאַט זיין באַשטימטן אָפּצאָל. אין לונין האָט געקאָסט איבערפאָרן דעם פּאַראָם 4 קאָפּיקעס אין איין ריכ־טונג. דאַקעגן, ביי אונדז אין סטויבץ, האָט געקאָסט ניט מער ווי 3 קאָפּיקעס הין און צוריק. אַ פוסגייער, האָט באַצאָלט איין קאָפּיקע. שטאָטישע מענטשן זענען איבערגעגאַנגען דעם פּאַראָם אָן קיין אָפּצאָל.

אין די מאַרק־טעג איז די באַוועגונג מיטן פּאַראָם געווען אַ גרויסע. די משפּחה, די אייגנטימערס פון פּאַראָם, איז אין אַזעלכע טעג געווען באַשעפטיקט מיט איינקאַסירן געלט פון די איבערפאָרער.

דער פּאַראָם איז אויך אויסגענוצט געוואָרן אַלס אַ פאַר־ווײלונגס־פּלאַץ. אַזוי צום ביישפּיל אין די זומערדיקע זוניקע נאַכהער פאַרוואַרפן זיי די ווענדקע פון די געפלאָכטענע פערד־האָר אין וואַסער אריין און וואַרטן מיט היפּש געדולד ביז אַ נאַאיווער פיש זאָל קומען און זיך אָנכאַפּן אויף דער ווענדקע.

אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן פלעגן מענטשן גיין איבערן פּאַראָם אויף דער צווייטער זייט פון דער גרינער לאָנקע, וועלכע איז געווען באַוואַקסן מיט פיל קאָלירטע בלימלעך.

זומער פאַרנאַכט פלעגט גיין אַ בעל־עגלה באָדן זיין פערד אין טייך. ער שטעלט אַרויף צוויי נאַקעטע פיס אויפן פּאַראָם, שלעפּט מיט זיך אַ לאַנגע לייטשע, צו וועלכער עס איז צוגעבונדן דער פערד. דער פערד גייט אַריין אין דער טיפער בוכטע, קילט זיך אָפּ און באָדט זיך גוט אויס אין וואַסער. נאָכן באָד פירט דער בעל־עגלה צוריק אַרויס דעם הירזשענדן פערד, כאַפּט זיך אַרויף רייטנדיק אויפן נאַסן פערד און מיט אַ גאַלאָפּ פליט ער צוריק אין שטאַל.

„דאַוואַי (גיב) פּאַראָם".

דער פּאַראָם איז געווען דאָס אייגנטום אָדער אַ קאָנ־צעסיע פון אַ געוויסן ייד, פון וואָס ער האָט געצויגן פּרנסה. נאָר אויף באַדינען דעם פּאַראָם האָט ער באַדאַרפט האָבן אַ גוי צו פאַרשיידענע שוואַרצע אַרבעט בייטאָג און צו היטן דעם פּאַראָם ביינאַכט. פאַר דעם גוי, דעם פּאַראָמניק, איז אויס־געבויט געוואָרן אַ גאַנץ קליין געמיין ביידל, מיט אַביסל שטרוי אַלס אונטערבעט אויף דער נאַקעטער ערד. דאָרט



דער בריק אויף שקאָלנע גאַס

טעג איז דער טייך פול געווען מיט ייִנגלעך צו באָדן און פּליאַסקען זיך אין וואַסער. אייניקע פלעגן זיך אַרויפכאַפּן אויפן פּאַראָם און שפּרינגען מיט גרויס געפּילדער אין וואַסער אַריין. אַנדערע האָבן באַוויזן זייער קונצשטיק פון שווימען אונטערן וואַסער פון פּאַראָם.

די פישפאַנגער פלעגן קומען גאַנץ פרי צום טייך, פאַר־קאַטשען די הויזן איבער די קני, באַזעצן זיך בכבודיק אויפן ראַנד פון פּאַראָם, אַרונטער־לאָזן די נאַקעטע פיס אין וואַסער, פלעגט ער שלאָפן און אויך צושטעלן דעם פּאַראָם פאַר די פאַרשפּעטיקטע רייזנדע און דורכגייער.

אין די שפּעטיקסטע קאַלטע הערבסט נעכט, אָדער אין די פרילינגס צייטן, פלעגט די וואַסער זיין פיל העכער ווי נאָרמאַל. דער טייך האָט זיך צעגאָסן ברייטער פון זיינע ברעגן, דער פּאַראָם דערגרייכט ניט אין זיין נאָרמאַלער לענג פון איין ברעג צום צווייטן, און עס קורסירט בלויז איין טייל פון פּאַראָם. אַ פאַרשפּעטיקטער בעל־עגלה קערט זיך אום

שפּעט אין דער נאַכט פון זיין וועג צוריק אַ היים. ער קומט צום ברעג, דער פאַראָם איז אויפן צווייטן זייט פאַרשלאָסן. דער גוי אין זיין ביידל שלאָפט גאַנץ געשמאַק אויפן שטרוי איבערגעדעקט מיטן גרויסן פעלץ. דער בעל־עגלה שרייט מיטן גאַנצן כח כדי אויפצוּוועקן דעם גוי פון זיין טיפן שלאָף. אַרום הערשט אַ טיפע נאַכט־שטילקייט. אַלץ דרימלט אין דער רואיקייט, די לופט איז ריין און הילכיק, עס לאָזט זיך הערן אַ טיפער אויסגעצויגענער עכאָ קול:

„דאַוואַי פּאַראָם" — דאָס הייסט: „ערל, דערלאַנג דעם פאַראָם אויף איבערפאָרן".

איך אליין, וועלכער האָב געוווינט אַ גאַנץ היפּשן מהלך פון טייך, אַנטקעגן דעם געלן קלויסטער, פלעג איך ניט איין מאָל זיך אויפכאַפּן פון שלאָף דערהערנדיק דעם הילכיקן געוואַלד געשריי „דאַוואַי פאַראָם". ביז דער גוי פלעגט זיך אויפהויבן פון זיין געלעגער, זיך אויסשטרעכן, אַ ביסל אויס־קראַצן, אַרויסקריכן פון זיין בודע און לאַנגזאַם אָפּשליסן דעם פאַראָם. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ היפּשע צייט און דער פאַרשפּעטיקטער נאַכט־פאָרער האָט דערווייל געמוזט שטיין אויפן צווייטן ברעג און וואַרטן ביז ער האָט באַקומען סוף כל סוף דעם פאַראָם, כדי צו דערגרייכן אַ היים.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען פון פאַראָם איז שוין קיין זכר ניט געבליבן, איז אָבער דער פּאָפּולערער ווערטל פאַרבליבן. „דאַוואַי פאַראָם" ווי איינער זאָגט: „ער שרייט און וואַרט אויף באַלדיקער הילף".

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען די שטעטלעך באַראַנאָוויטש, קאַרעליטש, האָראָדישץ זענען געווען אין דייטשע הענט און דאַקעגן סטויבצע איז געווען ביי די רוסן, האָט די רוסישע אַרמיי באַשלאָסן אויפשטעלן אַ בריק איבערן טייך.

אין יאָר 1915 איז אויסגעבויט געוואָרן דער ערשטער בריק איבערן ניעמאַן.

דער יונגער דור, האָט ניט זוכה געווען צו זען אונדזער פאַראָם. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען אונדזערע סטויבצער וועג־מענטשן, ווי: בעלי־עגלות, קצבים, סאַדאָווניקעס, קאַראַבעלניקעס, וועלכע האָבן פאַרבראַכט זייערע טעג אין די וועגן זענען זיי ניט איין מאָל אַנגעקומען אין די ערטער: בערעזנע, קריביטשנע, יערעמיטש, סיניאַווקע, סלאָבאָדע. ווו אַ טייך איז געפלאָסן און פאַרשטעלט דעם איבערגאַנג אויפן צווייטן זייט. זיי האָבן נאָך געהאַט די זכיה צו פאָרן מיט אַ פאַראָם און צו שרייען אין די נעכט: „דאַוואַי פאַראָם"!

## ג. ביים באַשטימען גרעניצן

סטויבצע איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער פּוילישער טעריטאָריע און איז פאַרבליבן אַ גרענעץ־שטעטל. ביסלעכווייז האָבן סטויבצער יידן זיך אַנגעפאַנגען באַפרייען פון דעם לאַנגיאָריקן מלחמה־קאָשמאַר פון אומקום און פאַרניכטונג.

דער גרעסטער טייל, האָט זיך אומגעקערט צו די געוווינטע היימען. אַנדערע ווידער, האָבן אָנגעהויבן פון דאָס ניי בויען די הייזער און זוכן פרנסה.

מיט אַ מאָל זענען די סטויבצער אויפגעציטערט געוואָרן פון אַן אומגליק וואָס האָט געטראָפן די קינדער פון שמואל וויינשטיין (דער מולער) אין 1924.

דער באַרג נעבן געלן קלויסטער איז פון שטענדיק אָן געווען אַ באַקוועמער שפּיל־פּלאַץ פאַר יידישע קינדער. אין אַ געוויסן טאָג ווען די צוויי קינדער האָבן זיך געשפּילט אין די זאַמדן, האָבן זיי געפונען אַ אויפרייס־באָמבע, און ניט וויסנדיק וואָס דאָס איז האָבן זיי פאַרגעזעצט זייער שפּיל. די באָמבע האָט עקספּלאָדירט און די קינדער זענען אומגעקומען.

אויף די וועגן איז אויך ניט געווען רואיק. פאַרשיידענע באַנדיטן פלעגן באַפאַלן סוחרים, וועג־מענטשן, צעראַבירן זייערע סחורות צונעמענדיק אַפילו פערד און וואָגן, און אין פיל פאַלן אויך געדראָט מיט טויט. די גרענעצן זענען אויך ניט געווען באַוואַכט ווי געהעריק. פאַרשיידענע שמוקלערס האָבן זיך באַנוצט מיט דעם און האָבן געשמוקלט סחורות און אַריבערגעפירט אויך מענטשן. (געהייסן האָבן זיי „פּראַוואָדניקעס").

אין רוסלאַנד, האָט געהערשט דאַן הונגער און טעראָר. מענטשן זענען אַריבער דעם גרענעץ קיין פּוילן, ווו דער הונגער האָט זיך ניט געפילט און דער האַנדל איז געווען פריי. דערפאַר אָבער זענען געווען ווייניק בעלנים גיין קיין רוסלאַנד.

אין יענער צייט, אין אָנפאַנג 1924, זענען פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף גוטבאַזיצערס, אויף פּאָליציאַנטן, וואָס פלעגן דינען אין דער גרענעץ־וואַך.

ביי דער פּויליש־רוסישער גרענעץ איז געווען אַ וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן ביז אונדזער שטעטל. איינמאָל אין אַ זונטיק פאַרטאָג האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ גרויסע שיסעריי, דער רעש און די מהומה איז געוואָרן אַזוי גרויס אַז ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַ מחנה מיליטער באַשיסט דאָס שטעטל. אומבאַקאַנטע זענען באַפאַלן דאָס שיך־געשעפט פון יצחק נייפעלד (יאַשעס) און צערויבט די שיך. אַ ביסל שפּעטער זענען זיי אויך באַפאַלן דעם זייגערמאַכער יחזקאל (כאַטשע) יהודה רודיצקי, צעבראַכן די שויפענצטער און צוגענומען די זייגערלעך.

ביי אליקום מילצענזאָן האָבן די באַנדיטן צוגענומען מאַנופאַקטור סחורות. גלייכצייטיק האָבן זיי צוגענומען פערד ביים סטאַראָסטע און ביי קיטאַיעוויטש, אַ יידישער אַנגעשטעלטער וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט, איז דערשאָסן געוואָרן צום טויט.

דאָס שטעטל האָט דעמאָלט איבערגעלעבט טויט־שרעק אַ גאַנצע נאַכט, ס'האָט זיך געהערט אַ שיסעריי און אויפרייסן פון גראַנאַטן.

אַ טייל פון די אַנפּאַלער, רייטנדיק אויף די פאַרכאַפּטע פּאַליצייאישע פערד, האָבן זיך געלאָזן אין דער ריכטונג פון גרענעץ. מ'האָט זיי אָבער דעריאָגט און ביי אייניקע פון זיי זענען געפונען געוואָרן צוגערויבטע סחורות, וועלכע זענען צוריקגעקערט געוואָרן די סוחרים.

איינער פון די אַנפּאַלער, אַ סטויבצער קריסט, גראַטשקע, האָט זיך באַהאַלטן נעבן דאָרף רוסאַקאָוויטש אין אַ סטאָג פון היי. אַ פּאַסטעך האָט אים געמסרט און ער איז אַרעסטירט געוואָרן.

איך געדענק די גרויסע ליזה פון די קרבנות פון דעם באַנדיטן אַנפאַל. עס זענען געווען צען הרוגים; ניין פּאָליאַקן און איין ייד.

אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט זיך שטאַרק גערודערט מיטן פּראָצעס קעגן דעם סטויבצער שייגעץ גראַטשקע אין נאָוואָגרודקער קרייז געריכט. עס זענען אויפגעטראָטן אַלס עדות די צעראַבירטע סוחרים: יצחק נייפעלד, אליקום מיל־צענזאָן און אויך אלי יונה קיטאַיעוויטש. גראַטשקע איז פאַרמישפּט געוואָרן צו טויט־שטראָף.


משהל קושניר, העניע דבורה (מאַכטיי) איר מאַן הירשל צעפּלאָוויטש


הירשל און מיניע גאָלדע מאַכטיי


מענדל מאַכטיי, זיין פרוי שרה (סאַפּאָזשניקאָוו), די קינדער: פּעשע־חייקע און הענדל


צביה טוניק (ליבעס), הענדל און פּעשע־חייקע (מענדל'ס), פייגל עטל און שרה מאַכטיי.
לייבל פלאַקסין, ליבע טוניק, איר זון הירשל

# באַוועגונגען און פּאַרטייען

## מרדכי מאַכטײ / דאָס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן

מיטן אָנפאַנג פון 20־טן יאָרהונדערט, האָבן די נייע ווינטן, וועלכע האָבן געבלאָזן אין רוסלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיך געלאָזט מערקן אויך אין דער סטויבצער יידישער באַפעלקערונג. שוין אין יאָר 1898 ווערן אין סטויבץ פאַרשפּרייט אַרום 50 שקלים און סטויבץ צוזאַמען מיט קוידאַנאָוו, שיקן דעם ה. מירלעס אַלס דעלעגאַט צום 2־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. אויב מען זאָל נעמען אין באַטראַכט, אַז אַ שקל האָט געקאָסט 50 קאָפּיקעס לערך אַ האַלבע וואָך הוצאה, וועט מען קענען אָפּשאַצן די גרויסקייט פון דעם אויפטו. דאָס איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער טעטיקייט פון אלתר יאָסעלעוויטש, מרדכי מהרשק און מיין ברודער אהרן ז״ל. מיט 2—3 יאָר שפּעטער אָרגאַניזירט אלתר יאָסעלעוויטש די ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „בנות ציון״, וועלכע האָט געציילט קרוב 200 פרויען מיטגלידער. אַ קורצע צייט נאָך דעם האָט זיך אין סטויבץ אָרגאַניזירט דער „בונד״, וועמענס גרינדערס און פּאַקטישע פירערס זענען געווען הירשל נייפעלד, יוסף בער, שמעון דעם מלמד׳ס און ישראל־לייב דוואָרעצקי. אָבער דער פאַקטישער כוח פון „בונד״ אין סטויבץ זענען געווען די אינטעלעגענטקעס, רובאַשאָווס, איוויאַנסקיס און גינזבורגס טעכטער. דורך זייער געזעלשאַפטלעכן מעמד אַלס גבירישע און האַלב־גבירישע טעכטער האָבן זיי אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון „בונד״ און פאַרגרעסערט זיין טעטיקייט־געביט. אומגעפער אין יאָר 1902 אָרגאַניזירט זיך די „פועלי־ציון״ (מינסקער טאלק), וועמענס אָרגאַניזאַטאָר און אומדערמידלעכער טוער איז געווען פיניע קושנער (סלאַוועס) מיט דער מיטהילף פון ברוך אַגינסקי און טוביה שמעון דעם מלמד׳ס.

די אַנטשטייאונג פון די 3 פּאַרטייען האָט אַריינגעבראַכט אַ גייסטיקע איבערקערעניש אין שטעטל. פאַרשווּנדן איז געוואָרן די ביטול־באַציונג צום בעל־מלאכה; פאַרקערט, ער איז געוואָרן דער, וועמען די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געוואָלט אַריינציען אין זייערע רייען. אויך אין די בתי־המדרש האָט זיך אָנגעפאַנגען מערקן דער גייסט פון דער נייער צייט: וואָס מער ס׳האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל **פּאַרטיי חברים**, — אַלץ ווייניקער איז געוואָרן די צאָל בית־המדרש באַזוכער; וואָס גרעסער ס׳איז געוואָרן די נאָכפראַגע אויף ביכער אין דער ביבליאָטעק — אַלץ זעלטענער האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון אמר רבא, אמר אביי; וואָס גרעסער ס׳איז געוואָרן די צאָל וויכוחים און דיסקוסיעס צווישן די פּאַרטייען, — אַלץ זעלטענער איז געוואָרן דער פּלפּול.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די נייע ווינטן, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען בלאָזן, האָבן אויך מיר ניט אויסגעמיטן. נאָך גאַנץ יונג פאַרלאָז איך די ישיבות, ווּהין מיין פאָטער, וועלנדיק מיר אויסבילדן אַלס רב, האָט ער מיך אַהין געשיקט. אָנשטאָט זיצן גאַנצע טעג איבער דער גמרא, ווידמע איך ביסלעכווייז מיין צייט מיט לערנען העברעאיש און רוסיש און לייענען ביכער אין דער ביבליאָטעק. אַזוי אַרום באַקען איך זיך מיט די פּראָקלאַמאַציעס (פלוג־בלעטלעך), געשריבן אויף דינעם פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, וועלכע איך פלעג שטילערהייט, אויף יענעם לשון „קאָנספּיראַטיוו״ אָדער „קאָנספּע״ באַקומען. די פּראָקלאַמאַציעס, הן פון „בונד״, הן פון „פועלי ציון״, האָבן מיר שטאַרק באַווירקט מיט זייער פאָדערונג פון רעכט און יושר און קעגן אונטערדריקונג. מיין דערציִונג אין דער קינדערשער ציוניסטישער גרופּע פון איין זייט און די אידעאַלן פון ישעיהו און די איבעריקע נביאים פון דער צווייטער זייט האָבן מיך פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט צום פועלי ציוניזם.

### די אַנטשטייונג פון „פועלי ציון״

ווי שוין אויבן געזאָגט, האָט זיך אין יאָר 1902 אָרגאַניזירט די פועלי ציון באַוועגונג דורך די חברים: פיניע קושנער (סלאַוועס), ברוך אַגינסקי און טוביה שמעון דעם מלמד׳ס. זומער 1904 האָט מיר איינער אַ חבר איינגעלאַדן אויף אַ פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען שבת נאָכמיטאָג אין זאַדוואָריער וואַלד.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט עס זאָל זיך ענדיקן דער מיטאָג, כדי וואָס גיכער זיין אויף דער פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט מיך געלאָקט אויך מיט איר קאָנספּיראַטיווקייט און פאַרבאָטנקייט דורך דער צאַרישער מאַכט. מיט אַ געמישטן געפיל פון גאוה, וואָס איך, אַ יוגנטלעכער, נעם אָנטייל אין אַזאַ פאַרזאַמלונג פון איין זייט און די שרעק פאַר דעם



**דער ערשטער „הכשרה"־פונקט אין סטויבץ**

זיצן פון רעכטס: שפרה גרונעס, משה טוניק, רחל סעראגאָוויטש, רעלקע טוניק, יוסף פילשציק, משה באָרסוק, חיה דאָרסקי, נחמה איזנלבוך; שטייען פון רעכטס: חנה באָרסוק, אברהם טוניק, מרדכי באָרסוק, איסר ראַבינאָוויטש, שלום אַקון, מאַריאַשע קומאַק, יהודית מאַכטיי, פריידל פרוסינאָווסקי, העניך גוטהאַרד, אבא באַגין, ליבל פלאקסין, אהרן טוניק, אלימלך מילצנזאָן, פייגל בערנשטיין.

אַלמעכטיקן אוריאַדניק פון דער צווייטער זייט, האָב איך תיכף נאָך מיטאָג זיך געלאָזט אין וועג צו די פוילישע מאהילקעס.

אַרום 50—60 מעטער פון די מאהילקעס, האָט פלוצלינג פון צווישן די הויכע קאָרן אויפגעטויכט אַ געשטאַלט פון אַ חבר, וועלכער האָט געגעבן אָנווייזונגען ווי צו גיין, כדי ניט אריין אין שטח ווו דער „בונד" האָט געהאַט זיין פאַרזאַמלונג. דאָס זעלבע האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט ביז איך בין צוגעקומען צום פלאַץ פון דער פאַרזאַמלונג, און דאָ האָט מיר דערוואַרט אַן איבערראַשונג זעענדיק די אָנוועזנדע. איך האָב געוווסט, למשל, אַז יאָסל־בער שמעון דעם מלמד'ס איז אַ בונדיסט, איך האָב אָבער ניט געוווסט, אַז זיין ברודער טעוול — איז אַ פועלי ציוניסט; פייגל חיים איטשע דעם



פייגל און משה זילבערמאַן

מעלערס (משה זילבערמאַנס ווייב) איז געווען די אַקטיווסטע טוערין אין די „בנות־ציון" און איר שוועסטער שיינקע האָב איך דאָ געטראָפן. חיה קלמנ'ס — אַ בונדיסטין און איר בחור ברך אַגינסקי — אַ פועלי־ציוניסט. אָבער די גרעסטע איבער־ראשונג איז פאַר מיר געווען, ווען אין אַ צייט ארום איז אָנגע־קומען פיניע קושנער מיטן רעדנער חיים איטשקע גער־צאָווסקי פון קוידאַנאָוו און מען האָט געזונגען די שבועה, וועלכע איך האָב ביז דאַן קיין מאָל ניט געהערט, אויפן הויכן קול, אָן מורא פאַר קיינעם. ווען איך האָב אָבער דערהערט פון ווייטנס די בונדישע שבועה, האָב איך דערפילט, אַז דאָ קומט פאָר דער קאַמף צווישן דיביידע פאַרטייען. נאָך דעם ווי פיניע האָט פאָרגעשטעלט גערצאָווסקען, האָט דער לעצטער אָנגעפאַנגען זיין רעפעראַט אין וועלכן ער האָט באַגרינדעט די נויטווענדיקייט פון אַ טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע פון יידישן פאָלק (אויף איין טעריטאָריע), ווי אויך דעם קאַמף פון די אַרבעטער פאַר פאַרבעסערן זייער שטאַנד האָט ער באַגרינדעט, איין זאַך ווייס איך גאַנץ באַשטימט, אַז זיינע ווערטער האָבן גערעדט צו מיינע געפילן פון צדק און יושר, וואָס יעדער יוגנטלעכער איז עמפינדלעך צו דעם, און דאַן איז באַשטימט געוואָרן מיין פאָליטישער וועג, דער וועג פון אַרבעטנדן ציוניזם.

נאָך דעם רעפעראַט איז פאָרגעקומען די אָרגאַניזאַציע פון דעם סניף און מען איז צוגעטראָטן אויסקלייבן דעם פאַרטיי־קאָמיטעט. היות ווי די פאַרטיי איז געווען אומלעגאַל מוז דאָך איר קאָמיטעט אויך זיין אַ געהיימער. כדי ביי אַ דורכפאַל זאָל דאָך די פאָליציי ניט קענען קומען אויף די שפורן פון קאָמיטעט, זענען די וואַלן פאָרגעקומען לויט פאָלגנדן סיסטעם. אַלע אָנוועזנדע האָבן איינשטימיק מסכים

געוועזן, אַז ברך אגינסקי (ברך באַשע בלומע שרה׳ס) זאָל זיין דער פאַרמיטלער צווישן דעם קאָמיטעט און די חברים, ד. ה. אַז ער איינער זאָל וויסן דעם צוזאַמענשטעל פון פאַרטיי־קאָמיטעט. יעדער חבר איז צוגעגאַנגען צו ברכ׳ן און פאַרשריבן פאַר וועמען ער שטימט. ממילא האָבן די חברים מער ניט געקענט ווי משער זיין, אָבער בשום אופן ניט וויסן אויף זיכער ווער איז אין קאָמיטעט.

די ערשטע פאַרזאַמלונג אויף וועלכער איך בין געווען אָנוועזנד איז ניט געווען גרויס אין צאָל. איך גלויב אַרום 30—40 חברים. דאָס איז אָבער נאָר געווען דער אָנהויב, איידער ס׳זענען צוגעקומען אינטעליגענטע כוחות. נאָר אין גיכן קומט קיין סטויבץ דער לערער ברעוודע, וועלכער צוזאַמען מיט גערצאָווסקין פאַנגען אָן פירן אַ ברייטע קולטורעלע טעטיקייט. ענדע הערבסט 1904 קומט קיין סטויבץ זעליג ראַבינאָוויטש (באַקאַנט אַלס יידישער שריפטשטעלער אין אַמעריקע יצחק זאַר). אין זיין דערציילונג „ווערא יאַקאָוור לעוונאַ" באַשרייבט זלמן שזר ראַבינאָוויטשן, ניט אָנגעבנדיק זיין נאָמען, אַלס גלענצנדער שרייבער און רעדנער. ער איז געווען אַ רעדנער בחסד עליון. ווען ער האָט גערעדט זענען די צוהערערס געשטאַנען ווי צוגעשמידט צום פּלאַץ. ס׳דערמאָנט זיך מיר ווינטער 1905, ווען אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן ידיעות וועגן פּאָגראָמען און מען האָט געדאַרפט ריידן צום עולם וועגן זעלבסט־שוץ, האָבן מיר אים איין מאָל אַ שבת געבראַכט ריידן אין גרויסן בית מדרש. ווען ער איז אַרויף אויפן בימה האָבן די בעלי־בתים געוואָלט פאַרלאָזן דעם בית־מדרש, נאָר פיניע מיט נאָך אַ פּאָר חברים זענען געשטאַנען ביים טיר און קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט, אויס מורא, אַז די פּאָליציי זאָל זיך ניט דערוויסן וועגן דער פאַרזאַמלונג. ווי נאָר אָבער ער האָט אָנגעפאַנגען ריידן, האָט ער אַלעמען ווי פאַרכישופט, און דער גאַנצער עולם אָן אויסנאַם האָט זיך מיט גרויס ערנסטקייט צוגעהערט צו זיינע רייד. מיט ראַבינאָוויטשעס קומען האָט זיך פאַרשטאַרקט די פּאַרטיי טעטיקייט. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן קרייזלעך פאַר פּאָליטישע עקאָנאָמיע, קולטור־געשיכטע.

יעדער חבר האָט געהערט צו אַ קרייזל. צוליב דעם וואָס די פּאַרטיי איז געווען אומלעגאַל, האָבן די קרייזן ניט געציילט מער ווי 8—10 מענטשן. דעריבער איז אויסגעקומען, אַז אַ חבר איז אין איין קרייז געווען אַ צוהערער, דאַקעגן אין 2־טן — דער לעקטאָר. די טעטיקייט האָט שטאַרק געהויבן דעם באַוווסטזיין פון די חברים. אַ דאַנק דעם האָט זיך די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע פונאַנדערגעוואַקסן. אין אָנפאַנג פרילינג 1905 דערגרייכט זי שוין לערך 120 חברים.

אונדזערע חברים זענען איצט געוואָרן אַגרעסיוו לגבי דעם „בונד" און ס׳האָבן זיך אָנגעפאַנגען שטאַרקע דיסקוסיעס צווישן אונדז מיט זיי. דער צוזאַמענטרעף פון די חברים איז געווען אויף דער גאַס וועלכע האָט, אין די צאַרישע צייטן, געהייסן בעלאַצערקאָווסקאַיאַ, און אין דער פּוילישער צייט — „מיצקעוויטש גאַס". ביי אונדז האָט זי באַקומען דעם נאָמען די „בירזשע". ווען די רעכטע זייט פון דער „בירזשע" איז געווען פאַרנומען דורכן „בונד" איז די לינקע זייט (קיין טראָטואַרן זענען דאַן ניט געווען) פאַרנומען געוואָרן דורך „פּועלי־ציון". אויף דער „בירזשע" פלעגן פאָרקומען אַלע דיסקוסיעס צווישן אונדז און דעם „בונד". פון די אַלע דיסקוסיעס זענען מיר אַרויס געשטאַרקט. ס׳איז ניט געווען קיין איין פאַל, אַז עמעצער פון אונדזערע חברים זאָל אַריבער אין „בונד", דאַקעגן זענען געווען פאַלן מ׳זאָל איבערגיין צו אונדז פון די בונדישע רייען. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אַלס פּועלי־יוצא פון די דיסקוסיעס איז צו אונדז אַריבער מאיר יוסף שוואַרץ, וועלכער איז קורץ נאָך דעם אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. צום באַדויערן האָט ער זיך, ניט געקענט דאָן אַקלימאַטיזירן און ער איז צוריק געקומען. ביז מיין אָפּפאָר קיין אמעריקע, אין אויגוסט 1905, האָט זיך אונדזער פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע שטאַרק פונאַנדערוואָקסן און האָט אָנגעיאָגט דעם „בונד". מיר האָבן געהערט צו מינסקער מרכז, וועלכער איז באַקאַנט אַלס „מינסקער טאָלק". דער מרכז איז געווען טעריטאָריאַליסטיש איינגעשטעלט. ס׳איז דאַן אָנגעגאַנגען דער קאַמף וועגן „פּאַלעסטיניזם" און „טעריטאָריאַליזם". היינט, ווען מדינת־ישראל איז אַ פאַקט, איז שווער צו פאַרשטיין די גאַנצע ערנסטקייט, וועלכע די פראַגע האָט אַרויסגערופן העכער 50 יאָר צוריק. דאַן האָט עס אָבער פאַרנומען אַ העכסט וויכטיקן פּלאַץ אינעם געדאַנקען־גאַנג פון די חברים. געטיילט האָבן זיך די חברים כמעט 90% טעריטאָריאַליסטן און אַ מינדערהייט האָט זיך דעקלאַרירט אַלס „פּרינציפּיעלע" טעריטאָריאַליסטן און פּראַקטישע „פּאַלעסטינצעס".

אין אונדזער פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען די זעלבע פּראָפּאָרציע, די איבערוויגנדע מערהייט מיט ברעוודע און גערצאָווסקי אין שפּיץ זענען געווען טעריטאָריאַליסטן, די פּרעדיקער פון פּאַלעסטיניזם זענען געווען זעליג ראַבינאַוויטש (יצחק זאַר), זלמן שזר. געווען זענען מיר קליין אין צאָל, לערך 10—12 חברים און אפילו ראַבינאָוויטש מיט זיין גרויסן רעדנער־טאַלאַנט האָט ניט געקענט ענדערן די פּראָפּאָרציע. וואָס איז די סיבה דערפון? אפשר דער מאַסן־פּסיכאָז, וואָס האָט רעאַגירט אויף די מיסדערפאָלגן פון ד״ר הערצל ביים סולטאַן און אפשר, ווייל די דאַמאָלטיקע פּאַרטיי־אַגיטאַציע האָט אין גאַנצן נעגירט דעם טיפן סענטימענט פאַר ארץ־ישראל וואָס איז געווען איינגעוואָרצלט ביי יעדן ייד אין האַרצן און אפילו די א״י אָנהענגער האָבן ניט געקענט אַרויסזאָגן אָפן, אָדער האָבן זיך געשעמט צו אַנערקענען דעם סענטימענט און האָבן זיך גערופן „פּרינציפּיעלע טעריטאָריאַליסטן און פּראַקטישע פּאַלעסטינצעס". ס׳איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך צו איבערצייגן חברים, אַז פּראַקטיש איז לייכטער צו קריגן א״י איידער אַן אַנדער טעריטאָריע, בפרט אַז דאָס איז געווען גלייך נאָך דעם אוגאַנדאַ פאָרשלאַג, און דעריבער זענען מיר געווען קליין אין צאָל. ווי איז געווען די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג — ווייס איך ניט, ווייל איך בין אָפּגעפאָרן קיין אמעריקע און דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע עמיגראַציע און ווען איך בין נאָך 4 יאָר צוריקגעקומען, האָב איך געטראָפן נאָר 2 חברים, וועלכע זענען



פרייהייט־פועלי־ציון

אויך אין יענע יאָרן געווען פּאַסיווע, און אין יאָר 1909 זענען זיי געווען ווייט פון פּאַרטייאישער טעטיקייט.

די ביטערע דערפאַרונג פון 1905 יאָר — ווען די רוסישע רעוואָלוציע איז דערטרונקען געוואָרן אין יידיש בלוט — האָט דערווייטערט יעדן פון דעם וואָרט סאָציאַליזם. אַזוי, קומענדיק צו דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, און ניט טרעפנדיק קיינעם מיט וועמען זי אויפשטעלן, האָב איך זיך פאַרנומען מיט ציוניסטישער טעטיקייט ווי קק״ל. אויך האָב איך אָנגעשטעקט דער יוגנט וואָס האָט געלערנט רוסיש און געווען ווייט פון יידישע לימודים מיטן באַגער צו לערנען העברעאיש און תנ״ך ווי אויך געשיכטע. אָבער אויך דאָס איז בטל געוואָרן נאָך מיין אָפּפאָר אין אָנפאַנג 1912 קיין וואַרשע.

# שכנא שאצקין / ציוניסטישע ארגאניזאציעס

איך געדענק ניט יענע ראָמאַנטישע צייטן פון יידישן לעבן אין סטויבץ ווען דער הויפּט האַנדל און לעבן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם טייך ניעמאַן, וואָס איז פול געווען מיט האָלץ און שיפלעך, וועלכע זענען געשוווּמען קיין קעניגסבערג. און ווען אַ שיינע פּאָר יאָר פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג האָבן אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן געטראָגן אַ ציוניסטישן כאַראַקטער (אָדער דער „בונד"). איך געדענק ווי מען פלעגט דערציילן, אַז די אַלע פאַרזאַמלונגען פלעגן פּאָרקומען אין די אַרומיקע וועלדלעך, ניט ווייט פון סטויבץ. איך געדענק ווי מירקע, די פרוי פון לייב זימל רייסער, האָט דערציילט ווי זי האָט פאַרלאָרן אויף איינע פון די פאַרזאַמלונגען אין סיניאַווער וועלדל אַ פּאָר קאַלאָשן. מען האָט אַ זאָג געטאָן אַז אַן אוריאַדניק גייט און מען האָט באַדאַרפט הויבן פיס...

ווען איך בין געקומען קיין סטויבץ אין 1924 האָבן שוין, אין די פּאָר יאָר פון פּוילנ׳ס זעלבסטשטענדיקייט זיך אַנטוויקלט פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און אַלע זענען כמעט לעגאַליזירט געווען דורך דער פּוילישער מאַכט, געוויינטלעך אויסער דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט איר געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין לאָקאַלן — ווי מען האָט עס גערופן אין סטויבץ אין יענע צייטן. די ערשטע צייט האָט יעדע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויסגענוצט די אַכסניה פון בית־ספר „תרבות" וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון לערער אלתר יאָסעלעוויטש ז״ל, וועלכער פלעגט אַלעמען געבן דעם שליסל און זאָגן: עס איז דאָך ניט וויכטיק וואָס פאַראַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דאָס איז, צי רעכטס אָדער אַ ביסל לינקס. דער ציל איז דאָך דער זעלבער, אַלע ווילן דאָך די זעלבע ארץ־ישראל. עס דערמאָנט מיך, אין ווייסרוסלאַנד, אין אָנפאַנג פון די צוואָנציקער יאָרן, איידער די סאָוועטישע מאַכט, האָט איינגעשטעלט אָרדנונג, זענען אַנטשטאַנען פאַרשיידענע באַנדעס. די שקצים פון דער געגנט פלעגן בייטן די פאַרב פון די היטלעך, היינט אזא פאַרב וואָס האָט געהערט צו איין באַנדע און אין אַ וואָך אַרום אַ צווייטע פאַרב. און ווען מען האָט געפרעגט דעם שייגעץ פאַר וואָס טוט ער עס אַזוי? האָט ער געענטפערט: „די פּראָגראַם און געהאַלט פון אַלע באַנדעס איז די זעלבע, 300 רובל אַ מאָנאַט און שלאָגן יידן." אַזוי האָט אויך יעדן מאָל דער לערער אלתר ז״ל געזאָגט, אַז די הויפּט־זאַך איז מ׳זאָל נאָר זיין ציוניסטן, דער אונטערשלאַק איז ניט וויכטיק.

דער לערער אלתר ז״ל איז געווען די ציוניסטישע אָטאָריטעט ביי אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען אין סטויבץ. געוויינטלעך איז אים מער צום האַרצן געווען די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אַממערסטן זענען די מיטגלידער געווען פאַרנומענע מענטשן מיט דאגות פרנסה. איך געדענק ווי פאַר יעדן ציוניסטישן קאָנגרעס, מיט וואָס פאַר אַן אָנשטרענגונג עס פלעגט אים אָנקומען צוזאַמענרופן די אַלע מיטגלידער אויף אַ פאַרזאַמלונג בכדי דורכצופירן די שקל־אַקציע. דער לערער אלתר ז״ל פלעגט

אַ ביסל אויסמוסרן דעם עולם, און די קינדערלעך פלעגן צוזאָגן זיין גוט און פרום און נאַכהער ווידער דאָס זעלבע ווי אַמאָל.

אין יענער צייט זענען שוין אין סטויבץ געווען פאַרשיי־דענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס: די „התאחדות", וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף אַ פּאָר אַקטיווע און איבערגעגעבענע חברים, ווי אַברהם משה דאַנציג, חנה באַרסוק, אבא באָגין, אידל דוד קאָפּילעוויטש, משה טוניק, נח באַרסוק. צו זייער יוגנט אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" האָבן געהערט: אסתר באַרסוק, אברהם באַרסוק, שמואל מילצענזאָן, מרים פּראָשציצקי און נאָך חברים, וועלכע איך געדענק שוין ניט. צו דער אַלגע־מיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו „התאחדות" און „גור־דוניה" האָבן געהערט בירגערלעכע קרייזן. דאַקעגן צו „פועלי ציון" און זייער יוגנט אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" אונטער דער אָנפירונג פון די חברים: הירשל קומאָק, גוטל בערנשטיין, איסר ראַבינאָוויטש, און אַנדערע, איז די מערהייט באַשטאַנען פון סאָציאַליסטישע אַרבעטער־קרייזן. איך דערמאָן זיך, אָט ווי היינט איז עס געווען, ווי הירשל קומאָק האָט דיסקוטירט מיטן לערער אלתר, און ער האָט באַטאָנט, אַז ביי „פּועלי־ציון" איז ברוכאָווס ציוניזם און ניט הערצלס.

אין דער צייט, האָט דער ועד פון דער אַלגעמיינער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע איינגעזען, אַז „אם אין קמח אין תורה", אויב ס'איז ניטאָ קיין יוגנט קען די אָרגאַניזאַציע ווייטער ניט עקזיסטירן. מען האָט צוזאַמענגערופן די יוגנט פון די בירגערלעכע קרייזן און עס איז געגרינדעט געוואָרן די אָרגאַניזאַציע „התחיה", צו וועלכער עס האָבן געהערט בחורות און בחורים שוין אין עלטער איבער צוואָנציק יאָר. מ'קען זאָגן, אַז „התחיה" איז געווען טעטיק. יעדע וואָך זענען באַהאַנדלט געוואָרן רעפעראַטן און קעסטל־אָוונטן, אויף וועל־כע עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשיידענע פראַגן. כמעט אַלע חברים האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע אָוונטן. ווי באַוווּסט זענען אַלע פאַרזאַמלונגען פאָרגעקומען אין דער „תרבות" שולע, אָבער מיט דער גריננ־דונג פון „התחיה" האָט מען זיך איבערצייגט, אַז מען מוז האָבן אַ לאָקאַל אין וועלכן עס זאָל זיין אינטערעסאַנט אַריינ־קומען און צוזאַמענטרעפן זיך מיט חברים. מען האָט דאַן געדונגען אַ לאָקאַל ביי ראובן דעם שניידער מאַכטיי נעבן בריק. מיט דעם האָט אויפגעלעבט דער ציוניסטישער געדאַנק אין סטויבץ. מען פלעגט איינאָרדענען פארשיידענע פאַר־ווײלונגס־אָוונטן, שאַך־שפּילן און אַזוי ווייטער. — אין דער זעלבער צייט, האָט זיך געעפנט אַ דרוקעריי אין סטויבץ און דאָרטן האָט געאַרבעט אַ סלאָנימער בחור, נפתלי קלי־באַנסקי, אַ חבר פון „השומר־הצעיר". איינזעענדיק, אַז די מערהייט פון סטויבצער שול־יוגנט איז ניט אָנגעשלאָסן אין קיין אָרגאַניזאַציע (אויסער „מכבי", וועלכע האָט יאָ אַמאָל אָנגעפירט וועלכע ס'איז טעטיקייט, און איז שנעל פלוצלינג אונטערגעגאַנגען), האָט קליבאַנסקי צוזאַמענגערופן די שול־יוגנט און אים איז געלונגען צו גרינדן אין סטויבץ די



זיצן אונטן פון רעכטס: ברכה באָרסוק, עטל מאַכטיי,ביילע רעזניק, חנה שמוקלער, חיה קלאַצוק, ביילקע זלאָטניק, שולע ראַזאָווסקי; אין דער 2־טער ריי: הירשל קומאָק, העניע אָקון, אברהם אינזנלבוך, אַלטמאַן, גוטהאַרט, ביילקע קירזשנער, אומבאַקאַנט, גוטל בערנשטיין, ציפּע רחל טוניק שטייען פון רעכטס: מרדכי וואָדאָנאָס, טייבל אָקון, משה קלוטש, שפרה גרונעס, ציפּקע מאַכטיי, איסר אַבינאָוויטש, מינע רייסער, ביילקע זלאָטניק, יעקב וואָדאָנאָס, מרדכי ראָזאָווסקי, חייקע רודיצקי, לייבל פלאַקסין.

„השומר־הצעיר" אָרגאַניזאַציע. די יונגע שילערס, האָט ער פּאַראינטערעסירט מיט פאַרשיידענע סקאוט און ספּאָרט־איבונגען, און דאָס האָט די יונגע קינדער זייער שטאַרק אימפּאָנירט, און במשך פון גאָר אַ קורצער צייט, האָט זיך דער „השומר־הצעיר" אין סטויבץ שטאַרק אַנטוויקלט און אַרומגענומען די גאַנצע שול־יוגנט פון אַלע קרייזן, ביז ביסלעכווייז און לאַנגזאַם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „השומר־הצעיר" איז ניט נאָר אַ סקאוט־און ספּאָרט אָרגאַניזאַציע, נאָר זי פאַרמאָגט אויך אַ פּראָגראַם וועלכער איז אַ ביסל צו לינק.

אין יענער צייט איז די הויפּט ציוניסטישע אַרבעט געווען פאַר די פאָנדן: „קרן־קימת־לישראל" און „קרן־היסוד". פאַר דער זאַמל־אַקציע פון „קרן־היסוד", פלעגט איין מאָל אין יאָר אַראָפּקומען פון וואַרשע אַ שליח, אַ גוטער רעדנער, פלעגט ער שבת ריידן אין בית־מדרש און צו מאָרגנס דורכגיין מיטן לערער אלתר דאָס שטעטל און אַדורכפירן אַן איינמאָליקע געלט־אַקציע. דאַקעגן קק"ל דאָס איז געווען אַ טאָג־טעגליכע אַרבעט, און טראָץ דער איבער־געגעבנהייט פון פיל חברים, האָבן די הכנסות ניט באַטראָפן קיין גרויסע סומען. איך מוז פאַרצייכענען די טעטיקע חברים פון קק"ל: חנה באַרסוק, אַבא באַגין, וועלכע האָבן פיל צייט אָפּגעגעבן פאַר קק"ל. און איבערהויפּט: מוישקע חיים איטשע באַרסוק'ס שטוב, ווו עס איז שטענדיק געווען אַ אָר־האַ פון פאַרלעך, וואָס פלעגן קומען איינע נאָך די צווייטע נעמען מאַטעריאַל פאַר די זאַמלונגען און אָפּברענגען דאָס געלט.



קרן־קיימת־קאָמיסיע

פון רעכטס: יוסף פילשציק, נח באַרסוק, חיים עפשטיין, פּיניע מוניק

איין מאָל איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין סטויבץ אַ שליח מטעם קק"ל פון ארץ־ישראל, אַ געוויסער מאיר האזרחי. די פאַרזאַמלונג איז פאַרגעקומען אין אַלטן בית מדרש, ער האָט זייער שיין גערעדט און האָט אויסגענומען ביים עולם. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אין סטויבץ אַ גדוד למען קק"ל און אַלס יושב־ראש איז אויסגעוויילט געוואָרן דער חבר שלמה זאַלצמאַן, וועלכער איז געווען אַ לערער אין דער פּויליש־מלוכישער גימנאַזיע. איך בין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מזכיר. במשך גאָר אין אַ קורצער צייט זענען די הכנסות געוואַקסן און מען האָט געזאַמלט זאַגאָר מער וויפל דער מרכז האָט באַשטייערט. דער ח' זאַלצמאַן איז געווען זייער אַן ענערגישער מענטש און ער האָט אַלעמען מיטגע־שלעפּט אין דער אַרבעט פון קק"ל. ווער געדענקט עס ניט דעם טראַדיציאָנעלן יערלעכן באַל פון קק"ל, וועלכער פלעגט פאָרקומען חנוכה אומגעפער יעדן יאַנואַר אין וועלכן עס פלעגן אַנטייל נעמען די גאַנצע פּני פון שטעטל, און אַפילו קריסטן פלעגן באַזוכן די יערלעכע נשפים פון קק"ל.

די לעצטע יאָרן האָבן מיר אויך דורכגעפירט אַ נייע אַקציע פאַרן קק"ל, וועלכע האָט אַריינגעטראָגן אַ גאַנץ שיינע הכנסה, דאָס זענען געווען די ברכות־קאַרטן לראש־השנה וועלכע זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן דורך אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „פרייהייט", „השומר־הצעיר", „גורדוניה" און „בית"ר". אלנפאַלס, נאָך אַזאַ צייט פון הכנסה פאַרן קק"ל ווי אין זאַלצמאַנ'ס צייטן איז ניט געווען. איך דערמאָן זיך, אַז אַ חבר פלעגט אַמאָל פאַרשפּעטיקן צו דער אסיפה פ׳ון קק"ל, וואָס פאַר אַ קלאַפּ אויפן טיש מיטן זייגער ער פלעגט געבן. עס קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן.

### גרינדונג פון „בית"ר"

איין מאָל, ווען דער ח' זאַלצמאַן איז צוריקגעקומען פון לעמבערג פון די זומער פעריען, האָט ער מיך, נאָך אַ פאַר־זאַמלונג פון קק"ל, געבעטן בלייבן — ער האָט מיט מיר עפּעס וויכטיקס צו ריידן. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן ווי דער „השומר־הצעיר" זעט אויס אין גאַליציע, אַז זיי זענען פּשוט קאָמוניסטן, און מען מוז זען שאַפן אַ צווייטע אָרגאַ־ניזאַציע בכדי צו ראַטעווען די בעסטע יוגנט.

איך ווייס ניט ווי אַנצורופן דאָס, אפשר אויף עברית קול־קדומים, ווייל די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב זיך באַטייליקט צו די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס האָב איך שטענדיק געשטימט פאַר זשאַבאָטינסקיס ליסטע. ביז דער גרינדונג פון „בית"ר" אין סטויבץ זענען אַלע מאָל געווען אין קלפּי צום ציוניסטישן קאָנגרעס 5 שטימען — איך, מאַניע איסאַקאָוו, ברוך לאַנדוי, יעקב אַקסעלראָד און שלום רודיצקי. איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט: שאַפן אין סטויבץ די „ביתר" אָרגאַניזאַציע, וועלכע עס איז צום אָנפאַנג גאָרנישט געווען קיין לייכטע זאַך, ווייל כמעט די גאַנצע יוגנט איז שוין געווען אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. ס'איז דאָ שלום־עליכם'ס אַ סיפּור, אַז איין מאַן האָט פאַרלאַנגט פון זיין פרוי זי זאָל אים מאַכן בלינצעס אויף שבועות, האָט זי אים געזאָגט: זייער גוט און שיין, אָבער זי האָט ניט קיין קעז און ניט קיין פּוטער און ניט קיין אייער פון וואָס צו מאַכן בלינצעס. אַזוי איז אויך געווען מיט דער גרינדונג פון „ביתר" אין סטויבץ. אָבער טראָץ די אַלע שוועריקייטן איז געלונגען גאָר אין אַ קורצער צייט צו שאַפן אין סטויבץ אַ שיינע „בית"ר אָרגאַניזאַציע. די ערשטע חברים זענען געווען: שכנא גאָלדבערג, חנה רודיצקי, לייבע רודיצקי, שולמית טוניק, זלמן גאָלדבערג, חנה רודיצקי, לייבע רודיצקי, שולמית שוואַרץ. אין אַ צייט שפּעטער זענען אָפּגעפאַלן, הויפּטזעכלעך



„ביתר" מיטן ראש הקן שכנא שצקין

זיצן פון רעכטס: הירשל מילצנזון, לוין, שמעון עפשטיין, לובעצקי, חאצע ברוכנסקי, שמחה קושניר; 2־טע שורה: ליבל אגינסקי, אַאוסקרן, שניאור ברנשטין, תנחום רבינוביץ, פרומע ברנשטין, שכנא שצקין, סוניה רייסר, ליובע רוסאק, בערל מכטיי; 3־טע שורה: ברנשטין, מירסקי, מלכה גולדברג, רובין, אברהם מירסקי, גורביץ, אברהם לפקובסקי, מוצניק; 4־טע שורה: זלמן גולדברג, שכנא רייסר, יחזקאל רוסאק, אליעזר רובינשטיין, אומבאַקאַנט, יוסף טוניק.

פון „השומר הצעיר", אַ ביסל פון ינוגערן עלעמענט — אליעזר רובינשטיין, תנחום ראַבינאָוויטש, נחום אייזנבערג, יחזקאל רוסאק, זלאַטקע סראָגאָוויטש און נאָך פיל וואָס איך האָב שוין פאַר אַזאַ צייט לאַנג פאַרגעסן זייערע נעמען. נאָר איך געדענק, אַז אין סטויבץ פלעגט כ׳ תמוז פאָרקומען אַ פייערונג אויפן פרייען פעלד אָדער אין סיניאָוועור וועלדל, אָדער פון דער צווייטער זייט שטאָט נעבן דער וואַסער־מיל. מיט אַן אַרויסמאַרש פון אַלע יוגנט אָרגאַניזאַציעס דורך די גאַסן פון סטויבץ, האָט זיך „ביתר" צום ערשטן מאָל באַטייליקט און האָט זייער אויסגענומען. נאָכדעם איז „ביתר" געוואַקסן אזוי ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן. דעם ערשטן לאָקאַל האָבן מיר געדונגען ביי זעליג פעקער דעם וועטראַק אויף ווילנער גאַס, אָבער מיר האָבן גלייך געמוזט זוכן אַ גרעסערן מעון, ווייל די משפחה איז גרעסער געוואָרן. און מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל ביי אַברהמ׳ל דעם שניידער (לעווין) אויף יורזדיקע גאַס.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען, אַז אין פיל פלעצער זענען צווישן די ציוניסטיש־סאָיאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און „ביתר" פאָרגעקומען קריגערייען און געשלעגן. אין מיין צייט, ווען איך בין געווען פון די מפקדי „בית״ר" אין סטויבץ, איז געווען שלום און איינער האָט ניט געהויבן אַ האַנט אויפן צווייטן. אין די ערשטע צייט נאָך מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל אין 1932, האָב איך געקראָגן בריוו, אַז אין סטויבץ איז אויך געוואָרן אַ הכשרה־פונקט פון „ביתר" און דער קן „ביתר" איז פילפאַכיק פאַרגרעסערט געוואָרן, און האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין סטויבצער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דעם 4־טן נאָוועמבער 1932 האָב איך זיך געזעגנט אויפן סטויבצער וואָקזאַל מיט פיל גוטע פריינד, פאַרטיי חברים, שכנים, פאַמיליע און קרובים, איבערהויפּט מיט דער פאַמיליע בערל־משה רייסער און זיין פרוי און קינדער, וועלכע איך האָב זיי דאַן געזען צום לעצטן מאָל אין מיין לעבן. איך האָב ניט זוכה געווען זיי צו זען און זיי האָבן ניט דערלעבט צו זען תקומת מדינת ישראל, צו וועלכער זיי אַלע האָבן אַמאָל געהאָפט דערלעבן און זען דעם יידיש פאָלק אין זיין היסטאָרישער היים, „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו", און צו מקיים זיין דעם פסוק: „חדש ימינו כקדם".

# אַנשטאַלטן

## מרדכי מאַכטיי / סאָציאַלע טעטיקייט פאַר דער ערשטער מלחמה

איינע פון די העכסט־וויכטיקע טעטיקייטן פון יידישן קיבוץ אין זיין לאַנגן וואַנדער־וועג, זייענדיק אַרומגערינגלט מיט שנאה פון אַלע זייטן, איז געווען די זעלבסט־הילף. דאָס באַוווּסטזיין, אַז פון די אַרומיקע, אָדער פון דער מלוכה קען ער קיין הילף ניט באַקומען האָט געבראַכט צו דער אָרגאַניזאַציע פון די חברות „ביקור חולים״ און „חונן דלים״. אין יעדן אָרט ווו ס׳האָט זיך נאָר געפונען אַ יידישער יישוב, האָבן עקזיסטירט די דאָזיקע חברות. דער „חונן דלים״, האָט געגעבן הילף די אָרטיקע אָרעמע משפחות און דערמיט האָט זיך באַגרענעצט זיין טעטיקייט. דער „ביקור חולים״ האָט איינגעאָרדנט נאַכט־דיזשורן ביי ערנסט־קראַנקע און דערמיט פאַרלייכטערט דער משפּחה, אַז זי זאָל ניט פאַלן אונטערן לאַסט פון פאַרנעמען זיך מיט דעם קראַנקן (קיין שפּיטאָל איז דאַן ניט געווען). אָרעמע קראַנקע פלעגן, חוץ דעם, באַקומען אומזיסט מעדיצינישע הילף און רפואות. חוץ דעם, האָט דער „ביקור חולים״ אויסגעהאַלטן אַ „ליאָדאָוונע״ (אַן אייז־קעלער) ווו ס׳איז געווען אייז פון ווינטער ביז ווינטער. אַזוי, אַז ביי פאַלן פון גרויסע היץ האָט יעדער איינער באַקומען אייז אָן אָפּצאָל.

די נייע ווינטן, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען בלאָזן ביים אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, האָבן זיך געלאָזט מערקן אויך אויפן געזעלשאַפטלעכן־סאָציאַלן געביט. מען באַנוגנט זיך שוין ניט מער מיט די אַלטע פאָרמען פון „ביקור חולים״, „חונן דלים״, „מעות חטים״ וכדומה. די אַלע חברות פאַרבלייבן אין רשות פון דעם אַלטן דור, וועלכער איז געגאַנגען מיט דעם אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג פון מצוות און צדקה. אָבער מיטן אויפוואַכן פון ציוניזם און סאָציאַליזם אין די שטעט און שטעטלעך פון תחום, האָט עס שוין קיין השפעה ניט געהאַט. דער מיטעלער דור, איז ניט געבליבן גלייכגילטיק צו די נייע ווינטן פון 20־טן יאָרהונדערט, ווען די אַלטע טעטיקייטס פאָרמען האָבן ניט באַפרידיקט, און זיי האָבן געזוכט אַ וועג אויסצולאָדן זייער ענערגיע אויפן געביט פון סאָציאַלער טעטיקייט און קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר די מאַסן, וועלכע נויטיקן זיך אין דעם.

### די אנטשטייונג פון דער יידישער באנק

אַ גרופּע יידן, וועלכע פלעגט דאַווענען אין דער חסידים שטיבל, ווער צוליבן דאווענען און ווער ווייל דאָרטן, האָט ער זיך באַגעגנט מיט מענטשן וועלכע האָבן אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון אַלטן דור, האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק וועלכע זאָל געבן הלוואות אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן דעם קליינעם קרעמער און בעל־מלאכה. זיי האָבן איינגעזען, אַז דאָס איז אַ דרינגענדע נויטווענדיקייט אין שטעטל, כדי צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די אָרעמערע שיכטן. אין 1908 גרינדעט די גרופּע די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק. צווישן אירע גרינדער און לייטער זענען: ר׳ יואל גינזבורג (זלמן שזר׳ס פעטער), אַ ייד, וועלכער האָט זיך געפונען אויפן שוועל פון אַלטן און נייעם דור, געדאַוונט האָט ער 3 מאָל אַ טאָג און גלייכצייטיק, שבת פלעגט זיין קריסטלעכע דינסט שטעלן דעם סאַמאָוואַר, געהערט האָט ער צו דער גבירישער גרופּע, כאָטש ער איז געווען ווייט פון זיין אַ גביר.

דער אַפּטייקער־קרעמער, מרדכי מהרשק, אויך אַ שטיבל־דאַווענער נאָר לפנים, ווייל ניט גיין דאַווענען איז געווען אוממעגלעך, פלעגט ער דערפאַר גיין דאַווענען נאָר שבת, אַ ייד אַ פּיקח, וואָס האָט אָפיציעל געפּרעדיקט דעם ציוניזם. (שטילערהייט איז ער געווען אַ מיטגליד פון „פּועלי־ציון״). ביי אים פלעגט די יוגנט זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים. דעם „המליץ״ אָדער „הצפירה״ פלעגט דער עולם קומען לייענען ביי אים אין אַפּטייק.

ליפּא ראָזאָווסקי אויך „אַ שבתדיקער דאַווענער״, (שושנה גערשענאָוויטשעס פעטער) צוליב זיין באַשעפטיקונג אַלס עקספּעדיטאָר אויף דער אייזנבאַן איז ער געווען אויסגעמישט מיט די רוסישע באַאַמטע, און זיין צייטונג איז שוין ניט געווען דער „המליץ״, נאָר אַ רוסישע.

דעם אַפּטייקער לייב מונוועז, אַן אַריינגעפאָרענער קיין סטויבץ, האָבן די חסידישע שטיבל דאַווענער, צוגעצויגן צו זייער טעטיקייט.

אַלטער יאָסעלעוויטש אָדער אַלטער דער לערער, געבוירן

אין לובטש. געלערנט האָט ער אין ישיבות און געקומען איז ער קיין סטויבץ לערנען פאַר זיך. אין בית מדרש האָט ער זיך באַגעגנט מיט מיין ברודער אהרון הי״ד וועלכער האָט זיך מיט אים באַפריינדעט און געוואָרן זענען זיי גוטע חברים. אהרון, וועלכער איז געווען אַ בחור אַ מושלם אין פולן זין פון וואָרט, אַליין אַן אויטאָדידאַקט האָט ער אָנגעפאַנגען צוזאַמען מיט אַלטערן לערנען העברעאיש און זיך פאַרבונדן מיט אים אין ציוניזם. אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרלאָזט אַלטער דעם בית־המדרש און ווערט אַ העברעאישער לערער, אַ הייסער איבערגעגעבענער ציוני און דער ציוניסטישער אויטאָריטעט אין סטויבץ.

צוזאַמען מיט דער בעליבתיש אינטעליגענטן גרופּע, געפינט זיך אין דער לייטונג פון באַנק, לייב ברוכאַנסקי, אָדער לייבע אסתרקעס, אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר. די חסידישע אינטעליגענטע גרופּע, האָט אים אַריינגענומען אין אירע רייען, אַלס פאָרשטייער פון די בעלי מלאכות, אַ זאַך וואָס איז ביז דאַן ניט געווען אָנגענומען אין דער אַזוי־גערופענער העכערער געזעלשאַפטלעכער גרופּע, ווו מען פלעגט אָפט הערן: „גאָט צו דאַנקען ביי מיר אין משפחה איז ניטאָ קיין בעל מלאכה״. וואָלף פעלדמאַן, אָדער וועלוול קאַמעניער, ניט קיין גביר, האַנדלען פלעגט ער מיט פעדערן. אַליין אַ חשוך־בנים, האָט ער זיך איבערגעגעבן צו דער טעטיקייט מיט לייב און לעבן, ער ווערט דער קאַסירער פון באַנק. אַזוי ווי קיין פרנסה האָט אים ניט געפעלט, און מיט דעם עסק האָט זיך אָפּגעגעבן זיין פרוי, פלעגט ער זיין פון די ערשטע וואָס קומען אין באַנק און אַוועקגיין פון די לעצטע.

טראָץ דעם וואָס די אויבנדערמאָנטע זענען געווען פון קעגנזעצלעכע אַנשויאונגען, האָט זיי אַלעמען פאַראייניקט דער דראַנג נאָך קאָנסטרוקטיווער טעטיקייט לטובת דער באַפעלקערונג. זייער גאַנצע ענערגיע האָבן זיי געווידמעט דער באַנק. ניט נאָר וואָס זיי האָבן די ערשטע אַריינגעטראָגן פולע פייען פון 10 רובל (פאַר יענער צייט אַ גאַנץ באַדייטנדע סומע אין אַ קליין שטעטל), נאָר אויך די ערשטע פקדונות האָבן זיי אַריינגעטראָגן, כדי די באַנק — נאָך איידער זי וועט באַקומען קרעדיטן פון י. ק. א. — זאָל זי קענען אָנפאַנגען איר טעטיקייט. אַ דאַנק דעם ווערט די באַנק אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַ וויכטיקער עקאָנאָמישער פאַקטאָר אין לעבן פון סטויבץ.

דער בעל־מלאכה און קליינער קרעמער באַפרייט זיך פון פראָצענטניק, וואָכערניק. יעדער באַקומט בכבוד אַ הלוואה. די הויך פון דער הלוואה דערגרייכט צו דער כמעט פאַנטאַסטישער סומע פון 300 רובל, אַ סומע וועלכע האָט פיל מאָל באַטראָפן מער פון דער גאַנצער סחורה ביים קרעמער, אָבער אַ דאַנק דעם האָט זיך פאַרגרעסערט זיין סחורה־אומזאַץ און פאַרבעסערט זיין מאַטעריעלע לאַגע. הויפּטזעכלעך זענען אויפגעריכט געוואָרן די אָרעמערע צווישן די קרעמער און בעלי־מלאכות. די קאַטעגאָריע, וועלכע פלעגט צום אָנפאַנג באַקומען אַ הלוואה ביז 25 רובל, און דאָס נאָר קעגן עטלעכע ערבים, וועלכע האָבן געוווסט, אַז ס'איז מעגלעך דאָס זיי וועלן דאַרפן צאָלן די הלוואה, — אָט די אָרעמערע שיכטן, זינט זיי זענען פּטור געוואָרן פון די פראָצענטניקעס, זענען אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט געשטיגן עקאָנאָמיש, זיי פלעגן קריגן גרעסערע הלוואות און האָבן ניט געהאַט קיין זאָרג מיט ערבים.

סטויבצער יידן האָבן זיך באַצויגן צו דער באַנק מיט דער גאַנצער זאָרגפעליקייט און די הלוואות פלעגן געצאָלט ווערן אין דער צייט. אפילו דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914, האָט ניט געשטערט דער נאָרמאַלער טעטיקייט פון באַנק.

די גרויסע שריפה וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 25־טן מאַי 1915, אין וועלכער מער ווי ¾ הייזער זענען אָפּגעברענט געוואָרן צוזאמען מיט די קראָמען און די דערנענטערונג פון דער דייטשער אַרמיי האָבן געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג אויפן באַנק. דער מאַנגל אין דירות און די מורא פאַרן דייטש האָבן באַוויגן אַ סך מענטשן אויסוואַנדערן קיין מינסק. ביז די מענטשן האָבן זיך אַ ביסל איינגעאָרדנט און געהאַט די מעגלעכקייט צאָלן זייערע חובות, איז דאָס געלט אין גאַנצן געוואָרן ווערטלאָז און די ערשטע באַנק האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

## טעאטער אין סטויבץ

קיין טעאַטער איז, חס וחלילה, אין סטויבץ ביזן 20־טן יאָרהונדערט ניט געווען. די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס איך געדענק, פון מיינע קינדער־יאָרן איז געווען „אחשורוש״, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „פורים שפיל״. פורים נאָך דער סעודה פלעגן די פורים־שפּילער קומען אין די הייזער און געבן זייער פאָרשטעלונג. אויף וויפל ווי איך געדענק איז די „טרופּע״ באַשטאַנען פון 4 פּערזאָן אונטער דער אָנפירונג פון שאול בער רייסער, זיידע פון געצל רייסער. די 4 האָבן פאָרגעשטעלט די 4 הויפּט־העלדן פון דער מגילה: אחשורוש, המן, מרדכי און אסתר. פאַרשטייט זיך, אַז אסתר האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט ניט חלילה אַ פרוי, נאָר אַ כשרער פרומער ייד. דאָס הויז ווו די פורים־שפּילער פלעגן אַריינקומען, פלעגט גלייך באַלאַגערט ווערן מיט קינדער פון דער גאַנצער גאַס, וועלכע פלעגן באַגלייטן דער „טרופּע״ אין אירע ווייטערע וואַנדערונגען איבער די הייזער פון שטעטל.

אין מיין קינדהייט האָב איך געהערט וועגן אַ פאָרשטעלונג „עקידת־יצחק״ אָדער „מכירת־יוסף״, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער ווייבערשער שול פון גרויסן בית מדרש. ווער זענען געווען די אויספירערס פון די פאָרשטעלונגען ווייס איך ניט. אַלנפאַלס דערמיט האָט זיך געענדיקט דער „טעאַטער״ אין סטויבץ.

אין אָקטאָבער 1909, האָט אַלטער יאָסעלעוויטש געמאַכט אַ פרוו צו גרינדן אַ דראַמאַטישן קרייז און אַריינגעצויגן אין אים אַ גרופּע פון זיינע פריינד. אַלע האָבן דער איניציאַטיוו אונטערגעהאַלטן און אייניקע פערזאָנען האָבן אַרויסגעזאָגט זייער גרייטקייט אָנטייל נעמען אין דער ערשטער פאָרשטעלונג (זי איז אויך געווען די לעצטע). נאָכן באַקענען



**אַ פורים־פאָרשטעלונג**

מאשע גינזבורג, פעשע חרחורים, מושקע הארענקריג, אברהם לאפקאווסקי, רחל קאַרפ.

זיך מיט אייניקע פיעסן האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף ליבינס „די צובראָכענע הערצער״. דער רעזשיסאָר איז געווען אַלטער און ער האָט אויך פאַרטיילט ראָלן. אין די הויפּט־ראָלן האָבן אָנטייל גענומען ביילע, אַלטערס פרוי, ראָלצע גינזבורג (זלמן שזר׳ס קוזינע), שמעון קיטאיעוויטש, בערל קושנער און איך. מען האָט אויך געבראַכט אַ קינד, א יתום בערל (באָריס) מאַרגאָלין, וועלכער איז פאַר דעם פאַריתומט געוואָרן פון זיין מוטער. אַלס מוזיקאַלישער לייטער איז צוגע־צויגן געוואָרן בערל־משה רייסער. אַ מענטש מיט גרויסע מוזיקאַלישע פעאיקייטן, וועלכער, וואָלט ביי אַנדערע באַדינ־גונגען, אויסגעוואַקסן אַ גוטער מוזיקער. נאָך פילמאָליקע צוגרייטונגען (רעפּעטיציעס), איז ענדלעך די פאָרשטעלונג פאָרגעקומען ענדע דעצעמבער אין גרעסטן זאַל, וואָס איז דאַן געווען אין סטויבץ, וואָס האָט געדינט אַלס אַ זיצונג־זאַל פון פרידנס־ריכטער. דער דערפאָלג פון דער פאָרשטעלונג האָט אַריבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. דער זאַל איז געווען געפּאַקט. אין די קאָרידאָרן זענען געבליבן פיל מענטשן, וועלכע האָבן צוליב מאַנגל אין פּלאַץ ניט געקענט אַריין אין זאַל.

דער דראַמאַטישער קרייז, האָט אָבער ניט געקענט פאָר־זעצן זיין טעטיקייט, צוליב דעם וואָס ראלצע גינזבורג איז אַוועקגעפאָרן שטודירן און ביילע יאָסעלעוויטש אַלס פאַרהיי־ראטע פרוי, האָט ווידער ניט געקענט אַנטייל נעמען, אויך דער טויט פון מיין מוטער, האָט מיך אַרויסגעצויגן פון דער טעטיקייט. היות דער קרייז איז באַשטאַנען פון געציילטע פערזאָנען (די אַזוי גערופענע אינטעליגענטן גרופּע) און ניט געהאַט קיין גרעסערע באַזע הינטער זיך, האָט ער געמוזט זיך צעפאַלן. דער געדאַנק, אָבער, האָט באַקומען נאָכפאָלגער און „עמך״ האָט זיך גענומען צו דעם. ס׳האָט זיך געגרינדעט אַ צווייטער קרייז, וועלכער איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון „עמך״. זיי האָבן באַשלאָסן שטעלן „די שחיטה״ פון יעקב



**דראַמאַטישער קרייז פון בית־ספר „תרבות״**

פון רעכטס שורה 1: אברהם רייסר, סוניה אגינסקי, רחל אשקוביץ, חיה מילצנזון, יוסף רנזון; פון רעכטס שורה 2: העניע טוניה, פיטל ברנשטין, רייזל מזה, משה אסתרקין, יענטל גורביץ, יאשע לוסטרמן, פסיה חרחורים, פון רעכטס, שורה 3: חנה אקסלראָד, חנה לונגין, יהודית אגינסקי, סאָניע לונגין, פעסיה טוניק, פעסיה אגינסקי, אסתר מנקר.

גאָרדאָן. די הויפּט־אָנטייל־נעמער זענען געווען: חיה אַגינסקי (חיה קלמנ׳ס), איר קוזין יעקב אינזעלבוך, שניאור בערנשטיין (שניאור ביילע עשקעס). זיי האָבן זיך אָבער ניט געקענט קיין עצה געבן און מען האָט מיך איינגעלאַדן אַלס רעזשיסער. אויך די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. נאָך דעם איז געקומען א צווייטע פאָרשטעלונג: „גאָט, מענטש און טייוול" פון יעקב גאָרדאָן, נאָר אָנשטאָט חיה קלמנס, האָט שוין די הויפּט־ראָל געשפּילט שאַ־שע פרומע טוניק, אויך אַנדערע האָבן זיך געביטן, אָבער איך געדענק שוין ניט זייערע נעמען. נאָך דעם איז ווידער געשטעלט געוואָרן יעקב גאָרדאָנס „די שחיטה".

די אלע פאָרשטעלונגען האָבן, אַרויסגערופן גרויס איבערעס און יעדע פון זיי איז געשפּילט געוואָרן ביי געפּאַקטע זאַלן.

## מרדכי מירסקי, בצלאל באסקין / סטויבצער פייערלעשער

די פייערלעשער אָרגאַניזאַציע אין סטויבץ איז געווען, ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אַ געזעלשאַפט פון פרייוויליקע מיטגלידער יידן און קריסטן, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן אַ טייל פון זייער פרייער צייט אויף איבונגען ווי אַזוי צו לעשן אַ שריפה אין שטעטל, וועלכע פלעגט אָפט אָפּווישן גאַסן, הייזער און פאַרמעגנס. אַ סך משפחות פלעגן פלוצלינג בלייבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן אַ קישן צום שלאָפן, געבליבן זענען זיי אומגליקלעכע און צעבראָכענע אויף היפּשע יאָרן. די פייערלעשער האָבן געדאַרפט לעשן און גלייכצייטיק ראַטעווען מענטשן און זייערע פאַרמעגנס אין שטעטל. אַלס צוגאָב האָבן זיי נאָך געמוזט פאָרן אין נאָענטע און ווייטע שטעטלעך און דערפער מקיים זיין די מצווה פון קעגנזייטיקער הילף, מיטאַרבעטנדיק טיילמאָל מיט די פייערלעשער פון די שכנותדיקע שטעטלעך.

מיט איבונגען פלעגן זיי זיך אָפּגעבן הויפּטזעכלעך פאַר נאַכט אין זייער פרייער צייט. אָבער לעשן אַ שריפה זענען זיי געווען גרייט צו יעדער צייט און יעדער שעה, טאָג און נאַכט, ווי נאָר דער אַליאַרם־סיגנאַל פלעגט זיך דערהערן אין מאַרק און אין די אַרומיקע גאַסן, זענען גלייך אויסגעוואָקסן די פלינקע בחורים אָנגעטאָן אין די גראַנאַטמונדירן, מיט די העק ביים פּאַס, און די געלע מעשענע קאַסקעס אויפן קאָפּ, אויסגעשטעלטע ביים הילצערנעם סארייי (באַראַק) ביים עק פון מאַרק אַנטקעגן דעם ווייסן קלויסטער אין גלייכע רייען ווי סאָלדאַטן, און וואַרטן אויפן באַפעל פון זייער נאַטשאַלניק צו גיין קעמפן מיטן פייער, מיטנעמענדיק פּאָמפּעס, לייטערס, פעסלעך וואַסער איינגעשפּאַנטע צו פערד, וועלכע זענען מאָביליזירט געוואָרן ביי די אָרטיקע גויים אָדער בעלי־עגלות.

כמעט יעדע פייערלעשער קאָמאַנדע האָט פאַרמאָגט אַ בלאָז־אָרקעסטער, וועלכער פלעגט אויפוועקן, באַשיינען און לעבעדיק מאַכן די שטימונג פון די פייערלעשער. דער אָרקעסטער פלעגט תמיד גיין פאָרויס אין פייערלעכע פּאַראַדן פון



פייערלעשער

נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אין לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון פייערלעשער, אויף שמחות און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. די יידישע באַפעלקערונג האָט שטענדיק געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו די פייערלעשער. די יידן זענען שטענדיק געווען דער רוב מנין ורוב בנין פון די פייערלעשער גרופּן.

ס'איז שווער צו געדענקען ווען די פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן ביי אונדז, אָבער לויט די באַווייזן וואָס מיר געדענקען, האָט זי עקזיסטירט צענדליקער יאָרן, לויט ווי ס'זאָגן עדות די אַלטע פּאָזשאַרניקעס יעקב ברוכאַנסקי (יאַנקל פּיישעס) און יוסף באָרסוק דער שלאָסער. יידן האָבן געלעבט דורות לאַנג צווישן אַ קריסטלעכער באַפעלקערונג, אָפּט פיינטלעך געשטימט, וועלכע האָט ניט איין מאָל דעם ייד פאַרפאָלגט סיי מאָראַליש סיי פיזיש. האָט דאָס געהאַט אַ באַדייטנדע וויכטיקייט, וואָס יידישע יונגעלייט זענען געווען אָרגאַניזירט; דאָס האָט געשאַפן כבוד, שעצונג און אָנערקענונג אַז אַ ייד איז ניט נאָר אַ בית־מדרשניק מיט אַ בלייכן פּנים, נאָר איז אויך פּראָדוקטיוו און קען אויך אויספירן פיזישע אויפגאַבן ווי זיין קריסטלעכער שכן.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג איז דער יידישער יונגערמאַן ניט געווען געפאַלן ביי זיך, און באַוויזן זיין שטאָלצן קולאַק. דאָס האָט געשאַפן אַכטונג און אָנערקענונג מצד די קריסטן. דער מונדיר מיט די מעשענע קנעפּ אויפן קערפּער פון יידישן בחור האָט אַריינגעגעבן מוט און געשטאַרקט דעם גייסט פון יידישן כלל. אין אַ מאָמענט פון סכנה האָט דאָס געדינט אַלס יידישע אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטס־גרופּע פון יידישן זעלבסטשוץ. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען געווען די נאַטשאַלניקעס צוויי קריסטן, באַן־באַאַמטע עליסעווסקי און וואַסילעוו וועלכער האָט אין דער גרויסער שריפה פון 1915 אָפּגעברענט, קריכנדיק אין פייער, זיינעביידע פיס. שפּעטער איז געווען נאַטשאַלניק איסאַק אַבראַמאָוויטש אינספּעקטאָר פון גאַראָדסקאַיאַ־אוטשילישטשע (שטאָט־שולע).

די קריסטן זענען געווען די רעפּרעזענטירנדיקע פּערזאָנען פאַר דער מאַכט. זיי פלעגן אַראָפּקומען אויף די פּאַראַדן אָנגעטאָן אין די שיינע מונדירן, אויסגעפּוצטע, רייטנדיק אויף שיינע פערד, און געמאַכט אַ רושם באַקומענדיק דעם געהעריקן כבוד. דאַקעגן די יידן האָבן פאַרנומען אַ באַדייטנדן פּלאַץ, געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע און באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דער פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע. דער יאָך פון אָרגאַניזירן און פירן די ווירטשאַפט איז שטענדיק געלעגן אויף געציילטע איבערגעגעבענע חברים פון די פייערלעשער. נאָך אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך זייער אויסגעצייכנט צווישן די פייערלעשער אונדזער שמואל טוניק, וועלכער איז שפּעטער דערגאַנגען ביזן העכסטן שטאַפּל פון דער אָנפירערשאַפט.

שמואל טוניק האָט דערוועקט די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט ביי אונדז אין שטעטל און איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה מיט זיין העלדישקייט. ער האָט כמעט אַלע זיינע יאָרן געאַרבעט ביי וואַלד סוחרים אַלס אָנגעשטעלטער אין די וועלדער. ער איז געווען אַ גבור, הויכגעוויקסיק און שטאַרק געבויט, מיט אַ שיינעם העלדישן אויסזען. וועגן זיין גבורה פלעגט מען אין יענע יאָרן דערציילן ממש נסים, צב"ש ער פלעגט קענען צעטרייבן אַ מאַרק מיט גויים. ניט איין מאָל האָט מען אים אַלאַרמירט אַרויסרופנדיק צו הילף, ווען גויים פלעגן זיך אָנשיכורן אין אַ מאַרק־טאָג און וועלן אָנפאַלן אויף די יידישע קראָמען.



שמואל טוניק

שמואל טוניק האָט ניט מורא געהאַט פאַר קיינעם, און טאַקע צוליב זיין העלדישקייט האָבן אים אַלע קריסטן רעספּעקטירט און פּשוט ליב געהאַט.

אין יאָר 1912 איז פאָרגעקומען אין פּעטערבורג אַ צוזאַמענפאָר פון דער אַלרוסישער פייערלעשער אָרגאַניזאַציע אין צוזאַמענהאַנג מיטן 300־יעריקן יובל פון דער צאַרישער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע אין רוסלאַנד. שמואל טוניק האָט דערהאַלטן אַ פּערזענלעכע איינלאַדונג אַלס פאָרשטייער פון דער סטויבצער פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע, פון קניאַז ליובאָוו דעם הויפּט־אָנפירער פון דער פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד. אין יענע צייטן איז דאָס געווען פאַר יידן דער גרעסטער כבוד, צו געפינען זיך אין איין קרייז מיט אַזעלכע הויכע צאַרישע רעגירונגס לייט. אויפן באַל האָט געטאַנצט אונדזער שמואל טוניק מיט דעם קניאַז ליובאָווס טאָכטער.

שמואל טוניק ווערט מיט דער צייט באַערט מיט אַ סך פאַרשיידענע מעדאַלן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט ער דערשיינען אויף פּאַראַדן, זיין מונדיר באַהאָנגען מיט מעדאַלן, פון דער רוסישער און שפּעטער פון דער פּוילישער רעגירונג, רייטנדיק אַ שטאָלצער אויף אַ שיינעם פערד. ער איז געווען




די לויה פון שמואל טוניק

געטריי און איבערגעגעבן דער פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע. אָפט האָט ער איינגעאָרדנט אויפנאַמעס פאַר די חברים פייער־לעשער יידן און קריסטן אויפן אייגענעם חשבון.

אין יאָר 1936 איז ער געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר. אַ גרויסער עולם, פון גאַנצן שטעטל, יידן און קריסטן האָבן אים באַגלייט. ביי דער לוויה האָט דער פייערלעשער אָרקעסטער געשפילט טרויער מאַרשן. לכבוד אים האָט הלל אקון דער סטאָלער און גבאי פון חברה קדישא געמאַכט אַן ארון אויף טראָגן מתים וואָס דאָס איז געווען פאַרבאָטן אין שטעטל לאַנגע יאָרן.

אַלטע לייט האָבן דערציילט, אַז הרב ר׳ טעוועלע האָט שטרענג געאסרט צו טראָגן מתים אין אַ פאַרטיקן שיינעם ארון צוליב פאָלגנדן פאַקט: די חברה קדישא האָט אַמאָל גע־וואָלט אָנשרעקן אַ סטויבצער בעל־הבית פאַר ניט וועלן באַשטייערן זיך פאַר שטאָטישע הצטרכות (מסים), האָבן זיי ביי אים הינטערן פענצטער אַוועקגעשטעלט דעם ארון און ער איז פון שרעק געשטאָרבן. פון דאַן אָן האָט ר׳ טעוועלע מבטל געמאַכט זיך באַנוצן מיט אַ ארון. מתים פלעגט מען טראָגן אין אַ פּראָוויזאָרישע מיטה, וועלכע חברה קדישא פלעגט עס מאַכן פון ברעטלעך פאַר יעדן באַזונדער און מיט די ברעטלעך פלעגט מען פאַרדעקן דעם מת אין קבר.

נאָך שמואל טוניקס טויט פאַרנעמט זיין פּלאַץ משה באָגין. געקומען איז ער צו אונדז פון באַראַנאָוויטש, אַ אינטעליגענטער מענטש, אַ סוחר מיט הויכע בילדונג און אַ טיכטיקער כלל־טוער יאָרן האָט ער פאַרטראָטן יידן אין שטאָט־ראַט אַלס לאַווניק, אַ הייסער ציוניסט. די פּאָליאַקן האָבן מיט אַלע כוחות געוואָלט אַרויסנעמען די פייערלעשער אָנפי־רערשאַפט פון יידישע הענט, אָבער אַ דאַנק משה באָגין מיט זיין ענערגישע מי איז געלונגען אויך אויף ווייטער אָנצו־האַלטן די פייערלעשער אָרגאַניזאַציע אין יידישע הענט.

אַ גרויסן טריט פאָרויס האָט דורכגעמאַכט די סטויבצער פייערלעשער אָרגאַניזאַציע אין די 30־קער יאָרן. דער מאַ־גיסטראַט (שטאָט־פאַרוואַלטונג) האָט אַסיגנירט אַ גרויסע סומע געלט אויף צו מאָדערניזירן און פאַרגרעסערן דעם אינווענטאַר. די פייערלעשער האָבן באַקומען אַ נייעם ספּע־ציעלן פייערלעשער אויטאָ מיט אַ מאָטאָר־פּאָמפּע, ווי אויך אַ גרויסע צאָל גומענע רערן, וועלכע האָבן געשעפּט וואַסער פון ניעמאַן און געקענט דערגרייכן ביז משה פלאַקסין (דער בלעכער) סוף מינסקער גאַס. ס׳איז אויך געווען אַן אַפּאַראַט, מיט זיין הילף האָט מען געקענט די וואַסער צעטיילן אויף צוויי ריכטונגען, ד״ה לעשן צוויי שריפות אין דער זעלבער צייט.

דער אַלטער סאראי, וועלכער האָט יאָרן לאַנג, אויסער זיין נאָרמאַלן צוועק פון מאַגאַזינירן דעם אינווענטאַר, אויך געדינט אַלס זאַל פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען, איז צע־וואָרפן געוואָרן. זיין פּלאַץ האָט מען פאַרווענדעט אויף צו

פאַרגרעסערן דעם מאַרק. די אַמאָליקע פעסלעך זענען שוין געוואָרן אומנוצלעך. דער אינוועטאַר פון די פייערלעשער האָט זיך געפונען אויפן הויף פון מאַגיסטראַט אין אַ ספּעציעלן גאַראַזש. אויפן זעלבן הויף איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ הילצערנער טורעם און אויף אים אַן אַליאַרם־סירענע, וועלכע פלעגט הילכיק אַלאַרמירן די שטאָט אין פאַל פון אַ שריפה. דער אַלטער אַלאַרם־מיטל פון קלינגען אין גלאָק פון געלן קלויסטער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן.

אין יאָר 1939, שוין קורץ פאַר דער מלחמה, זענען אויסגעגראָבן געוואָרן אין העכערן טייל פון שטאָט צוויי אונטערערדישע וואַסער־רעזערוואַרן, איינער אויף מינסקער גאַס נעבן הויז פון ציפּע ראַזאָווסקי (לייבע הושעס) און דער צווייטער, אויף יורזדיקע, נעבן דעם הויז פון גוטל מאנר סעוויץ.

מיטן אַריינקומען פון די סאָוויעטן אין סעפּטעמבער 1939, האָט די פרייוויליקע אָרגאַניזאַציע אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די מאַכט אָרגאַנען, וועלכע האָבן איבערגענומען דעם גאַנצן אינוועטאַר האָבן געשאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלע גרופּע פון בערך אַ צוואָנציק מאַן, וועלכע האָבן געהאַלטן טאָג און נאַכט וואַך (דיז׳ור) און האָבן געקראָגן אַ מאַנאַטלעכן געהאַלט, צווישן זיי זיינען דאָס רוב געווען קריסטן און זייער ווייניק יידן און כמעט קיינער איז ניט געבליבן פון די פריערדיקע, לאַנגיאָריקע, איבערגעגעבענע פרייוויליקע פייערלעשער.

אויסער די אויבנדערמאָנטע צוויי יידישע הויפּט־נאַטשאַלניקעס איז כדאי צו דערמאָנען די אַקטיווע טוער און פייערלעשער לויט די פאַרשיידענע תקופות ווי: אליקים און אלימלך מילצענזאָן, ד״ר יחזקאל און אבראשע סירקין, אברהם רוסאק, בערל טוניק. די טרייע וועטעראַנען יעקב ברוכאָנסקי (פיישעס) און יוסף באַרסוק (דער שלאָסער), דער דענטיסט ד״ר צדוק יערנבורג, ביי וועמען ס׳האָט זיך אויפגעהאַלטן די פאָן (זניאַמע) פון דער סטויבצער פאָזשאַרנע, און אויף יעדער פייערלעכקייט פלעגט מען איר פון זיין שטוב אַרויספירן מיטן אָרקעסטער, מיט גרויס פּאַראַד און כבוד.

די אָפיצירן: נתן ווינאווער, מרדכי בארסוק, אליהו נייפעלד, מרדכי מירסקי, יעקב רובינשטיין. אונטעראָפיצירן: הירשל טוניק (פייגעס), זאלע רעזניק, פייווע אַגינסקי, אידל דוד קאַפּעלאָוויטש, יוסף דוואָרעצקי, משה באָרסוק, משה סארנאוו ,בצלאל און דב (בעבע) באסקין.

די פייערלעשער: חיים קאַפּלאַן, בערל עסטערקין, שמואל לייב אגינסקי, געצל רוסאק, בערל, מאָטל, אליהו און שמואל אינזעלבוך, יצחק בארסוק (צאַלקעס) ,לייבל און שלמה אגינסקי, יעקב, חיים און נחום בערנשטיין, יצחק טשערטשעס, לייבל און מאָטל פלאקסין, מאָניע סקורניק, זעליג קאַנטאָראָ־



**פייערלעשער אָרקעסטער**

זיצן פון רעכטס: אידל כץ, שלום אָקון, יוסף צערצעס, ליבל גאַרמיזע, בצלאל דער כליזמר פון מיר, נחמן רודיצקי, אַ קריסט, אידל קוקיש, חיים קאַפּלאַן; שטייען פון רעכטס: יודל באָרסוק, מיכל טוניק, לייבצע ראָזאָווסקי, הירשל קושניר, מולע קאפלאַן, יענקל בערנשטיין, זאוול סלוצאַק, אַ קריסט, יוחנן פלאַקסין, ברוך אסתרקין, ברוך רוסאק.

וויטש. סיגנאַליסטן: מאיר סעגאַלאָוויטש (געצע דעם סטאָלערס), יעקב רייסער (שמערלס), מיכל טוניק (חיים׳ס) יוחנן פלאקסין.

דער אָרקעסטער: יעקב און משה־איטשע בערנשטיין (באַשעס), ברוך עסטערקין, לייבל גארמיזע, אידל כץ, יוסף טשערטשעס, הירשל קושניר, ברוך רוסאק, אלתר רודיצקי, אידל קוקיש, נחמן און הירשל רודיצקי, מאָטל מאלבין, זאָוול סלוטשאַק, שלום אָקון און יודע באַרסוק.

ס׳זענען געווען נאָך פיל אַנדערע, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענע צייטן אָנטייל גענומען אין דער פייערלעשער אַרבעט און זיי האָט געטראָפן דער זעלבער גורל ווי די איבעריקע סטויבצער יידן.

# געצל רייסער / א. דער גמילות־חסד אין סטויבץ

אין יאָר 1929

...מיט דעם געדאַנק צו גרינדן אַ גמ״ח־קאַסע, געטריבן פון אַ געפיל פון העלפן דעם צווייטן האָט זיך פאַרמאָסטן אַברהם יעקב חרחורים אין חול המועד פסח אפריל 1929. די ערשטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון די פערזאָנען: אברהם חייט, אהרון מאכטיי, אלתר יוסעלעוויטש, זאב טוניק, בערל ברודכאנסקי, אליקים מילצענזאָן, מרדכי־פייוול, קיוואָוויטש, שלמה פאליי, ראובן טוניק, געצל רייסער. די אַקטיווע חברים פון דער פאַרוואַלטונג, האָבן גלייך געעפנט אַ זאַמל־אַקציע אין שטאָט כדי צו שאַפן פון פייען (גרונט־אַקציעס) אַ גרעסערן געלט־פאָנד וואָס זאָל דינען אַלס גרונט־קאַפּיטאַל.

דער גמ״ח האָט זיך באַלד נאָך זיין גרינדונג געשטעלט מיטן פנים צו די מער נויטיקערע לייט. מ׳האָט אָנגעהויבן טיילן קליינע הלוואות. אין די ערשטע לווים רשימות זיינען געווען איבערהויפּט אַרבעטער און קלענערע מאַרק הענדלער, ווי הערינג, זאַלץ, און דזשעגאַכץ פאַרקויפערס. דער סטאַטוט איז לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער פוילישער מאַכט אין אויגוסט 1929. אַלס לאָקאַל האָט מען געדונגען אַ צימער ביי שאָשע באַרסוק אין מאַרק.

צו יענער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אין פוילן דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" — „יעקאפא", וועלכער האָט צענטראַליזירט די גמ״ח באַוועגונג אין אונדזער געגנט מיטן זיץ־פלאַץ אין ווילנע, פינאַנסירנדיק אַזעלכע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. די „יעקאפא" פלעגט איינטיילן אָן פּראָצענטיקע לאַנג־טערמיניקע הלוואות לויט דער גרויס פון די אייגענע קאַפּיטאַלן.

די זיצונגען פלעגן פאָרקומען יעדע וואָך: זונטיק און מאָנטיק אָוונט. זונטיק האָט מען איינגעקאַסירט די געלט און מאָנטיק פלעגט מען אַרויסגעבן הלוואות.

די טעטיקייט ווי חשבונות, פּראָטאָקאָלן, באַריכטן אדג״ל איז געפירט געוואָרן מיט אַ רעגולערע פּינקטלעכקייט, אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל פון אונדזער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע. און פון צענטער אין ווילנע.

אין יאָר 1930

די אינסטיטוציע איז נאָך דאַן ניט אַזוי פּאָפּולער געווען, און אויך ניט אַזוי נויטיק, ווייל די וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַ גמילות־חסד, האָבן געליען איינער ביים צווייטן. דער סטויבצער רב, הג״ר יואל סאָראָצקין זצ״ל, האָט דערציילט, אַז פאַרן ערשטן וועלט קריג איז ביי אים אין שטוב געווען אַ גמילות־חסד, אָבער ניט אין אַזאַ גרויסן פאָרמאַט. דער קרעמער און דער סוחרישער עלעמענט, האָט געהאַט אַ פאָלקס־באַנק, וועלכע פלעגט געבן הלוואות אויף פּראָצענט. די נייע אינסטיטוציע האָט געטראָגן אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער. דער קרעמער און סתם בעל־הבית, האָבן זיך געשעמט גיין לייען אין גמילות־חסד. אָבער די גרינדער האָבן ווי פאָרויסגעזען די שפּעטער שווערע עקאָנאָמישע יאָרן, וועלכע ס׳וועלן דאַרפן אויסשטיין די יידן אין פוילן. אין יאָר 1930 אַרום חנוכה, האָט די גמ״ח פאַרוואַלטונג צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין נייעם בית־מדרש אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון פון זייער טעטיקייט במשך דעם לעצטן יאָר.

פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען אליקים מילצענזאָן. לויטן באַריכט פון אהרן מאַכטיי, זענען די ערשטע 700 זלאָטעס אין קאַסע פאַרוואַנדלט געוואָרן במשך פון איין יאָר אין אַ פאַרקער פון 2000 זלאָטעס. דער פּערסאָנאַל איז געווען אַ פרייוויליקער (ניט קיין געצאָלטער). ס׳זענען געווען בלויז קליינע אויסגאַבן: אויף פּאַפּיר און טינט. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, האָט באַשלאָסן באַשטייערן יעדן מיטגליד מיט אַ חודש־אָפּצאָל: 50 גראָשן אַ חודש. אַלס מיטגלידער זיינען געווען ניט נאָר די וואָס לייען געלט, נאָר אַלע איינוווינער פון שטאָט.

דער פאָרזיצער אליקים מילצענזאָן לייענט פאָר אַ פּראָטאָקאָל פון „יעקאפא" דעלעגאַט פון ווילנע וואָס איז אַראָפּגעקומען אין מערץ 1930 צו רעווידירן אונדזער טעטיקייט. ער האָט פעסטגעשטעלט מיט צופרידנהייט די אַקטיווויטעט פון דער פאַרוואַלטונג אויפן געביט פון שאַפן אייגענע מיטלען, אָנפּראָצענטיקע פקדונות, דעם פּינקטלעכן איינמאָנען די צוריק־צאָלונגען פון די לווים, און באַגריסט דעם פאָרשלאַג וועגן מיטגלידס־אָפּצאָל.

אַ דאַנק דעם פלעגט אונדז שטענדיק דער „יעקאפא" צוטיילן פרישע הלוואות. אָבער ניט גרעסער פון אונדזער גרונט קאַפּיטאַל.

אין יאָר 1931

אין דעם דאָזיקן יאָר האָט זיך אָנגעהויבן פאַרערגערן די עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילן, און די נויטן זענען גרעסער געוואָרן, האָט דער גמ״ח דורכגעפירט אַ חנוכה־אָוונט אין הויז פון יחזקאל וואָלפסאָן. דער אָוונט האָט אַריינגעבראַכט ריינעם רווח 500 זלאָטעס. זינט דעמאָלט איז פאַרבליבן אַ טראַדיציע איינצואָרדענען יעדן חנוכה אַ באַל לטובת דעם

גמ״ח, וועלכער איז נאָך מער פּאָפּולערער געוואָרן. די קומענדע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַ שטורמישע. מענטשן פֿון פֿאַרשידענע שיכטן האָבן געפֿילט ווי וויכטיק עס איז צו זיין פֿאַרטראָטן אין אַזאַ פֿאַרוואַלטונג. צום ערשטן מאָל זענען פֿאָרגעקומען געהיימע וואַלן, און ס׳זענען אויסגעוויילט געוואָרן: אברהם יעקב חרחורים, אליקים מילצענזאָן, ליפּמאַן דאָרסקי, לייבע קומאַק, בערל טוניק, שמואל וויינשטיין, הירשל קושניר, ראובן טוניק, געצל רייסער. די ערשטע רעוויזיאָנס קאָמיסיע: אליהו חיניץ, מרדכי מכטיי. דער צושטאַנד אין קאַסע איז געווען: פֿאַרליען 3200 זלאָטעס, מזומן אין קאַסע 800 זלאָטעס.

די 800 זלאָטעס האָבן יענעם אָוונט געבראַכט יצחק יאָסעלעוויטש, זאב טוניק, בערל ברוכאָנסקי, וועלכע האָבן עס אויפגעזאַמלט אין שטאָט פֿון פּקדונות אָן פּראָצענט, און אומצוקערן עס צו אַ באַשטימטן טערמין. ווי זיי האָבן דערציילט, איז זיי אָנגעקומען שווער אויפצוקלייבן די געלט. דער עולם האָט נאָך ניט געהאַט דעם פֿולן צוטרוי צו דער אינסטיטוציע. ביי דעם רייכערן עולם איז עס געווען פֿילאַנטראָפּיע, ווייל די געלט ווערט דערווייל אויפגעגעסן און קומט ניט צוריק. ערשט שפּעטער ווען ס׳זענען אונטערגעקומען די טערמינען און מיר האָבן די געלט צוריק אָפּגעטראָגן יעדערן אין שטוב אַריין, האָט דער עולם זיך געוווּנדערט. שמואל טוניק, דער נאַטשאַלניק פֿון פּאָזשאַרנע, האָט אויסגעליען צום ערשטן מאָל 3 דאָלער און בפירוש געזאָגט, אַז ער לייט דאָס נאָר ווייל עס זענען געקומען אַזעלכע 3 קאַרפּן־קעפּ, קען ער ניט אָנטזאָגן. אָבער אַז דער גמ״ח האָט אים אָפּגעשיקט צוריק די געלט אין צוויי מאָנאַטן אַרום, האָט ער זיך איבערגעקוקט מיט מאַריאַשען און זיך געוווּנדערט: „זע, זיי האָבן געבראַכט די געלט צוריק״. צום צווייטן מאָל, האָט ער שוין געליען 10 דאָלער, אָבער אויך מיט אַ תנאי צוריק אָפּגעבן. דער גמ״ח האָט ביי אים געהאַט אַ קאָנטע פֿון 25 דאָלער. דאָס איז צו יענער צייט אין סטויבץ געווען אַ פֿיינע מטבע.

אין יאָר 1932

דער גמילות־חסד זוכט קווועלן ווי צו פֿאַרגרעסערן דעם אומזאַץ אין אָנבליק פֿון דער וואַקסנדיקער נויט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג. מען באַשליסט זיך צו ווענדן צום פֿאָלקס־באַנק אָנצונעמען דעם גמ״ח אַלס מיטגליד און באַשטימען אַ אָנפּראָצענטיקע הלוואה אין דער הויך פֿון 1000 זלאָטעס צום אויסצאָלן יעדע וואָך. די באַנק האָט אָפּגעלייגט אונדזער ביטע ביז דער אַלגעמיינער באַנק־פֿאַרזאַמלונג. די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג, ווו די מערהייט איז געווען גמ״ח מיטגלידער האָט באַשלאָסן מיט ⅔ שטימען צו געבן אונדז די הלוואה.

אויסנוצנדיק די געלעגנהייט וואָס משה באַגין און חיים דוואָרעצקי זענען געווען לאַווניקעס אין מאַגיסטראַט, האָט דער גמ״ח אין 1934 אונטערגענומען אַן אַקציע צו באַקומען פֿאַרן גמ״ח אַ יערלעכע סובסידיע פֿון 500 זל., וועלכע איז טאַקע באַשטעטיקט געוואָרן. אין דער טעטיקייט פֿון דער קאַסע איז איינגעפֿירט געוואָרן אַ סיסטעם פֿון גרעסערע קורץ־טערמיניקע הלוואות.

אויף דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן, אָנצופֿאַרטרויען די ווייטערדיקע אָנפֿירונג פֿון גמ״ח דער אַלטער פֿאַרוואַלטונג.

אין יאָר 1935

דער לאָקאַל פֿון גמ״ח קאַסע ביי שאָשע באָרסוק איז שוין געווען צו ענג, איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצורעמאָנטירן דעם פֿאָליש פֿון אַלטן בית־מדרש און שאַפֿן פֿון דעם צוויי צימערן: פֿאַרן גמ״ח, פֿאַר אינטערעסאַנטן און פֿאַר דער פֿאַרוואַלטונג. אין אונדזער אייגענעם לאָקאַל פֿלעגן מיר שבת פּ׳



**ביים בופֿעט אויפֿן גמילות־חסד־באַל**

שטייען פֿון רעכטס: צבי ברנשטיין, יצחק בורסוק, דוד קומאַק, יעקב קומאַק, באַשקע מילצנזון, מנדל אייזנבערג, פּנחס טוניק, פֿייגל ברוכנסקי, הירשל קושניר, לאה רייסר, הירשל קומאַק, חיה שיינדל קומאַק, האדע לפּקובסקי, ראובן טוניק, געצל רייסר, ליפּא דורסקי.

משפּטים, איינאָרדענען אַ מנין צום דאַווענען און צוגרייטן אַ לעקעך און בראָנפן. פֿאַר חנוכּה פֿלעגן מיר אויך שאַפֿן אַ באַל־קאָמיסיע, ספּעציעל פֿון יוגנטלעכע כּוחות, כּדי צו זיכערן דעם דערפֿאָלג פֿון חנוכּה־באַל. מיטגלידער פֿון דער באַל־קאָמיסיע זענען געווען: בתיה מילצענזאָן, חיענקע סעגאַלאָ־וויטש, העניע עסטערקין, מרים מילצענזאָן, רבֿקה קאַנטאָראָ־וויטש, לאה דוואָרעצקי, ראָזע טוניק, מינה רייסער, חיה שיינדל קומאַק, בערטע רובין, חיה קלאַצוק, לאה רייסער, פֿייגל ראַ־זאַבסקי, כּאַשע טוניק, מיכל טוניק, איידל דוד קאַפּילאָוויטש, בעבע באַסקין, יעקבֿ רייסער (שמערל'ס), יוסף טוניק (חיים מאַשעס), נחום אייזנבערג, בערל בערנשטיין (ירוחימס), דוד קומאַק, ברוך גארמיזע. פֿון עלטערע פֿרויען: נחמה קאַנטאָ־ראָוויטש, חנה ליבע סעגאַלאָוויטש, שׂרה אייזנבערג. די אַק־טיווסטע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג צום באַל זענען געווען: ליפּמאַן דאַרסקי, פֿייווע אגינסקי, הירשל קומאַק, ראובֿן טוניק, געצל רייסער.

יענעם ווינטער האָט פּאַסירט אַ מעשׂה מיט אַ קאָמי־זעלקע. עס איז געשטאָרבן שמואל אגינסקי — דער שעסטאַק, אַזוי האָט מען אים גערופֿן, ווייל ער האָט געהאַט אַ זעקסטן פֿינגער. ביי דער „טהרה" האָט חבֿרה־קדישא געפֿונען אויף זיין קערפּער אַ שווערע קאָמיזעלקע, אין וועלכער ס'זענען געווען איינגענייט 400 רובל אין גאָלד, און אין ניקאַלייע־ווער 10־און 5 רובלדיקע אַסיגנאַציעס. 300 רובל האָט גענומען חבֿרה־קדישא און 100 רובל האָבן אַריינגעגעבן אין גמילות־חסד קאַסע די גבאָים פֿון חבֿרה קדישא: לייזער לייב שליפֿ, עזריאל רודיצקי און קלמן אינזעלבוך.

אין יאָר 1936

דער גמ"ח האָט געמאַכט באַמיאונגען און געזוכט וועגן צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די סטויבצער אַמעריקאַנער לאַנדס־לייט, כּדי צו באַקומען פֿון זיי שטיצע. קיין גענויער אַדרעס איז ניט געווען. דער רבֿ ליבערמאַן, פֿלעגט יערלעך פֿאַר פּסח באַקומען פֿון אַמעריקע מעות־חטים צום פֿאַרטיילן צווישן אָרעמע, האָט ער אָבער דעם אַדרעס אונדז ניט געוואָלט געבן מורא האָבנדיק, אַז אויך הרבֿ סאָראַצקין וועט בעטן פֿון אַמע־ריקע מעות־חטים. אַלזאָ איז באַשלאָסן געוואָרן צו פֿאַר־עפֿנטלעכן אַ בריוו אין די ניו־יאָרקער צייטונגען, אין „פֿאָר־ווערטס" און אין „טאָג" צו די סטויבצער לאַנדסלייט, און די לעצטע האָבן זיך טאַקע וואַרעם אָפּגערופֿן, און האָבן אונדז אַריינגעשיקט 1000 דאָלער — דעמאָלט 5000 זלאָטעס. מיר האָבן דאָס גלייך אַרויפֿגעשריבן אויפֿן גרונט־קאַפּיטאַל און געפֿאָדערט אויך שטיצע פֿון אונדזער צענטראַלע „יעקאַפּאָ" אין ווילנע, זיי האָבן אונדז אַריינגעשיקט נאָך 5000 זלאָטעס אויף לאַנגע טערמינען אָן פּראָצענט.

בתיה מילצענזאָן איז אָפּגעפֿאָרן מיט איר פֿאַמיליע קיין דרום־אַפֿריקע. דער גמ"ח, האָט באַשלאָסן דערלאַנגען איר אַ דאַנק־בריוו פֿאַר איר אַקטיווער מיטהילף און טעטיקייט אין גמ"ח. דעם בריוו האָט איר דערלאַנגט אונזער חשובֿער פֿאַר־זיצער ליפּמאַן דאַרסקי אין דער אַנוועזנהייט פֿון פֿיל באַגליי־טער און דעם שרייבער פֿון די שורות. באַשקע מילצענזאָן,

האָט צוגעזאָגט העלפֿן (ווו זי זאָל ניט זיין) שטיצן דעם גמ"ח. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום איז אָנגעקומען באַשקעס ערשטער בריוו מיט אַ טשעק אויף 5 פֿונט. אין סטויבץ 5 פֿונט דעמאָלט האָט באַטראָפֿן 130 זלאָטעס. זינט דאַן איז יעדן מאָנאַט פֿון באַשקען אָנגעקומען 5 פֿונט ביזן אויסברוך פֿון דער 2־טער וועלט־מלחמה.

אַ גרויסער טייל מיטגלידער פֿון פֿאָלקס־באַנק זענען אַטאָמאַטיש אַרויסגעשטויסן געוואָרן צוליב דער לאַסט פֿון די פּראָצענטן, פּראָטעסטן פֿון וועקסלען און די צו שטרענגע פּינקטלעכקייט פֿון די צוריק־צאָלונגען.

דער יערלעכער טראַדיציאָנעלער חנוכּה־באַל איז אַדורך מיט דערפֿאָלג.

זוכנדיק ווי צו פֿאַרגרעסערן די הכנסות, האָט באַשלאָסן דער גמילות־חסד אַרויסצוגעבן אַ ספֿר־זהבֿ. פֿייוול מאָל־טשאַדסקי, פֿון דער דרוקעריי, האָט אַרויסגעוויזן גרויס איני־ציאַטיוו ביים צוזאַמענשטעלן דעם ספֿר־הזהבֿ מיט אַ שיינעם קונסט־בלאַט און גוט צוגעפּאַסטע פּערל פֿון תּלמוד. אויפֿן פֿאָדערבלאַט פֿון אויבן אין אַ האַלב קרייז האָבן געשיינט פֿון גאָלד־אותיות די ווערטער: „על שלושה דברים העולם עומד, על התורה, על העבודה ועל גמילות־חסדים". און פֿון אונטן האָבן אַרויסגעשריען די שורות: „ובשלושה דברים יותר גמילות־חסדים מן הצדקה: צדקה — לעניים, גמילות חסדים — בין לעניים ובין לעשירים; צדקה אינם חוזרים, גמילות־חסדים חוזרים; צדקה לחיים, גמילות־חסדים בין לחיים ובין למתים". אונטן איז געווען דאַטירט דאָס יאָר און אַ פּרט, אַ גימטריה פֿון פּסוק „אם כּסף תּלוה את עמי" וכו'.

די הקדמה צום ספֿר הזהבֿ איז געווען פֿון הרבֿ ר' יואל סאָראָצקין זצ"ל, וועלכער האָט געשריבן צווישן אַנדערעס: „אויב עס זענען נאָך דאָ שיינע מעשׂים אויף דער וועלט, איז די שענסטע גמילות־חסדים, און דער „זוהר" פֿאַרזיכערט אַז די וועלכע זענען זיך עוסק בגמילות־חסדים זענען זיי פֿאַרזי־כערט מיט לאַנגע יאָרן".

אַן הקדמה האָט אויך צוגעשיקט הרה"ג ר' יהושע ליבערמאַן זצ"ל. זיין הסכּמה איז אַריינגעקלעפּט געוואָרן אין ספֿר, מיט נאָך אַ בריוו פֿון ר' אליהו דעם שוחט זצ"ל. ער האָט אין זיין צייט געזען, אַז דער גמילות־חסד זאָל לייען 200 זלאָטעס אויף קויפֿן האָלץ פֿאַר אָרעמע, וועלכע פֿרוירן פֿון קעלט אין די הייזער מיט זייערע קליינע קינדער. ר' אליהו אַליין, האָט צוגעזאָגט העלפֿן אויפֿקלויבן דאָס געלט אין שטאָט. ער האָט געבראַכט ציטאַטן פֿון חורבן בית־המקדש, ווי דריי בעלי־בתּים פֿון ירושלים, האָבן זיך אונטערגענומען אויסצוהאַלטן די שטאָט, איינער מיט מעל, איינער מיט זאַלץ, און איינער מיט האָלץ „וחשיבו לו רבנן לדציבא", און אונדזערע חכמים האָבן אַמבעסטן געלויבט דעם שפּענדער פֿון דעם האָלץ.

דער ציל פֿון ספֿר־הזהבֿ איז געווען אַ דאָפּלטער. ערשטנס פֿאַרצייכענען די חשובֿע און יידישע פּערזענלעכקייטן אין סטויבץ. אַן אָפּטיילונג איז געווען געווידמעט פֿאַר חתונות, בריתן, בר־מצוות, יאָרציטן; פֿון חתונות זענען געווען איינגע־געשריבן (וועלכע איך געדענק): שלמה הרכבֿי'ס טאָכטער, חיה מיטן חתן האָבן פֿאַרנומען אַ גאַנצן בלאַט, פֿון אויבן איז



דער מאַרק אין אַ רו־טאָג

געווען איינגעשריבן מיט „ספר־תורה אותיות״ **די חתונה און אַ גליק** ווינטשונג פון „גמילות־חסד״. נאָכדעם זענען געקומען די אונטערשריפטן פון חתן כלה מיט אַלע מחותנים און אַנוועזנדע. די חתונה, האָט אונדז אַריינגעבראַכט 75 זלאָטעס; די צווייטע חתונה פון העניע עסטערקין מיט מרדכי אינזעלבוך; די דריטע חתונה פון רבקה קאַנטאָראָוויטש מיט ניסן הרכבי. פון „בר־מצוה״ איינשרייבונגען: פייקע שימקעס זון שמעון עפשטיין און לאה חיים יונה׳ס אייניקל — יוליק פינטשעווסקי,ביידע האָבן מנדב געווען 10 זלאָטעס.

אַלע סטויבצער הילפס־חברות האָבן געהאַט געמיינזאַמעס מיטן „גמילות־חסד״. דאָס איז געווען זייער באַנק. די אויפגעזאַמלטע געלטער, זענען געהאַלטן געוואָרן אין „גמילות־חסד״ קאַסע, וועלכע האָט דאָס געלט אויסגעצאָלט צו יעדער צייט.

אין יאָר 1938

דער טראַדיציאָנעלער חנוכה־אָוונט האָט פּראָגרעסירט און איז פאַרביטן געוואָרן אין אַ חנוכה־באַל פון מאַסקעס מיט אַ גוטער הכנסה. די פאַרוואַלטונג האָט געקויפט, דורך דער פאַרמיטלונג פון אברהם צעכאַנאָוויטש, אַן אייזערנע קאַסע און איינגעמויערט עס אין די שטיינערטע ווענט פון אַלטן בית־המדרש. פורים צייט זענען געקומען אין גמ״ח די אַרטעלשציקעס פון מצה באַקן, מנחם קושניר, (יאשקע בערקע הענעס) און לייבל אגינסקי (שאשעס) פון איין אַרטעל, און שלמה קומאק דער ציגעלניק מיט זיינע צוויי זין יהושע און חיים פון צווייטן אַרטעל. אַזוי ווי קיין געלט האָבן זיי ניט געהאַט, פלעגן זיי זאָגן: מיר זענען געקומען צום גמילות־חסד **אַלס דריטער שותף, מיר וועלן געבן העגט מיט מאַשינעס** **און דער גמ״ח זאָל געבן געלט. פון אָנפאַנג האָט דער גמ״ח** דאָס אַלץ אָפּגעוואָרפן, פאַקטיש דאַרף מען דאָך זיי העלפן, האָט דער גמ״ח אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלען מיטן מעות־חיטים־קאָמיטעט, ווו עס זענען געשטאַנען בראש ר׳ יצחק שמואל עפשטיין, ר׳ לייבעצקע ברוכאנסקי (אסתרקעס) און דער חשובער פאָרזיצער ר׳ ליפמן דארסקי. דער גמ״ח האָט צוגעשטעלט מעל ביידע אונטערנעמונגען. די ערשטע 100 פּוד מצה זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן די מעות־חיטים נעמער און אַ טייל מיטגלידער פון גמילות־חסד ממש פאַר אַ ביליקן פרייז

אין יאָר 1939

דאָס איז שוין געווען דאָס לעצטע יאָר פון „גמילות־חסד״ עקזיסטענץ אין סטויבץ. דער חודש־באַריכט פון אויגוסט דאָס יאָר, וועלכער איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין „יעקאפּא״ אין ווילנע, האָט שוין געוויזן 24000 זלאָטעס אין אומלויף פון דעם 14000 זלאָטעס גרונט־קאַפּיטאַל, 6000 זלאָטעס פון „דזשאָינט״־יעקאפּא״ אין ווילנע, די איבעריקע געלטער פון שטאָטישע פקדונות פון מיטגלידער — 420, ליי־קאָנטעס אין קאָנטאָ־בוך 308, פאַרלעגענע חובות, ד.ה. די וואָס האָבן ניט געצאָלט די לעצטע חדשים — 6%, בייזוויליקע צאָלער — 2%.

דעם 1־טן סעפּטעמבער, פרייטיק אין דער פרי איז היטלער באַפאַלן פוילן. דעם 3־טן סעפּטעמבער זונטיק אָוונט איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון „גמילות־חסד״ אין אַ מלחמה־שטימונג. אַ קליינער טייל, האָט געבראַכט געלט און אַ קליינער טייל פון די פרויען פון די פּלוצלונג מאָביליזירטע מענער זענען געקומען לייען הלוואות.

מאָנטיק דעם 4־טן סעפּטעמבער, האָבן מיר אויסגעטיילט 8 הלוואות צו 50 זלאָטעס פאַר אַכט משפחות. ביים פאַרשליסן די טיר האָט זיך אָפּגערופן ר׳ ליפּא: „ס׳דוכט זיך מיר, אַז מיר האָבן אונדזער קאַריערע פאַרענדיקט". דעם 17־טן סעפּטעמבער, זונטיק, צום־גדליהו גאַנץ פרי זענען אין סטויבץ אַריין פלוצלינג סאָוויעטישע טאַנקען און פון הינטן אַ שטאַרקע מאָטאָריזירטע אַרמיי.

נאָך סוכות איז געקומען אַ סאָוויעטישער ליקווידאַטאָר צו ליקווידירן די בענק און קאַסעס. דער „גמילות־חסד" האָט אויך באַקומען אַן איינלאַדונג. אונדזער פאָרזיצער ר׳ ליפּא, האָט מורא געהאַט גיין צו זיי, (אַזאַ מענטש ווי ער הייסט ביי זיי „קופּעץ"). אַלזאָ איך אַלס וויצע־פאָרזיצער און מיטן אַרבעטער־יחוס מיט אונדזער בוכהאַלטער שמואל יוסף זלאטקין, מיט עטלעכע ביכער פון גמ"ח אונטערן אָרעם, האָבן מיר זיך געלאָזט צום קאָמיסאַר און זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים. מיר האָט ער געפרעגט, וואָס פאַר אַ פונקציע האָב איך פאַרנומען אין אַזאַ צעפוילטער געזעלשאַפט? אויף מיין ענטפער „פּאָמאָצניק פּרעדסיעדאטיעל" (געהילפס־פאָרזיצער), האָט ער געפרעגט וויפל איז געווען מיין מאָנאַטלעכער געהאַלט? ענטפערנדיק „גאָרנישט", האָט ער מיר ביוזלעך באַטראַכט און געפרעגט: פון וואָס האָסטו געלעבט? האָב איך אים אַלץ דערציילט און אויך מיין לעבנס־ביאָגראַפיע. דאַן איז ער מילדער געוואָרן און געבעטן מיר זיצן. האָב איך געפונען די דרייסטקייט און געבעטן אויך שמואל יוסף׳ן זיך זעצן. דער קאָמיסאַר האָט אַלץ אויסגעפרעגט און פאַרשריבן, קאָנטראָלירט די ביכער איבערהויפּט די ציפערן (יידיש האָט ער ניט געקאָנט לייענען), די ביכער מיט די וועקסלען געהייסן אוועקלייגן און ברענגען אים דעם גאַנצן אינווענטאַר. אַרויסגייענדיק פון דאָרטן האָט ר׳ שמואל יוסף זלאטקין געזאָגט צו מיר: „עס זענען געווען אפשר מענטשן וואָס האָבן זיך באַקלאָגט, אַז מיר פירן ניט גוט, איצט וועלן מיר זען ווי וועט סטאַלין פירן דעם סטויבצער גמילות־חסד".

דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן זיי ניט אָפּגעגעבן איז געווען דער ספר־הזהב. איך האָב אים באַהאַלטן אויף מיין בוידעם, טראַכטנדיק אַז עס וועט נאָך צוריק זיין אַמאָל אַ וועלט. ער איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן בוידעם אין דעם היסטאָרישן פרייטיק, דעם 27־טן יוני 1941 מיטן אַריינקומען פון די דייטשן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די געשיכטע פון לעבעדיקן סטויבץ, צוזאַמען מיטן לעבעדיקן סטויבצער גמילות־חסד. אַכט יאָר שפּעטער, דעם 23־טן מרץ 1949, נאָך שרעקלעכע יאָרן פון ליידן און פיין — גרינדן מיר ווידער אַ גמילות־חסד ע"ש קדושי סטויבץ אין אונדזער באַפרייטער מדינת ישראל לעולם־ועד.



**די גרינדער פון גמילות־חסד ע"ש קדושי סטויבץ בישראל**

פון רעכטס: געצל רייסער, יחזקאל בן־משה, משה באָרסוק

# ב. דער ביקור חולים

די חברה „ביקור חולים" מיט אירע גבאים: הרב יהושע ליבערמאַן, יצחק שמואל עפשטיין, מרדכי פייוול קיוואַוויטש, אברהם חייט, משה פלאַקסין, יוסף יוזעלעווסקי, יוסף מיס־קאָוו, משה זילבערמאַן. זייער אויפגאַבע איז געווען העלפן אָרע־מע קראַנקע מיט אַ דאָקטאָר און מעדיקאַמענטן. ד"ר סירקין איז געווען אָנגעשטעלט ביים ביקור־חולים אויף ניט קיין גרויסן מאַנאַטלעכן געהאַלט, צום חולה איז ער געגאַנגען נאָר מיט אַ צעטל פון ביקור־חולים. — מעדיקאַמענטן האָט אַרויסגעגעבן דער פּראָוויזאָר שמעון קיטאַיעוויטש לויטן רעצעפּט פון דאָקטאָר מיטן אונטערשריפט און שטעמפּל פון „ביקור־חולים".

די קאַסע פון „ביקור־חולים" האָט רעגולירט אירע חשבו־נות מיטן דאָקטאָר און אַפּטייקער יעדן מאָנאַט. אין ערנסטע פאַלן פלעגט דער „ביקור־חולים" אויך באַנוצן דעם ד"ר גרינבערג מיטן שטאָטישן שפּיטאָל. אויסער דעם, האָט דער „ביקור־חולים" אויסגעליען פאַרשיידענע מעדיצינישע אינ־סטרומענטן: ערשטע הילפס־באַנדאַזשן, יאָד, אַספּירין, טערמאָ־מעטערס, באַנקעס, קליזמעס, פּענכערס פאַר אייז און הייסע וואַסער, גומענע בייגל אונטערצולייגן אַ קראַנקן און נאָך פאַרשיידענע זאַכן. דאָס אַלץ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ היים נאָר אויף אַ משכון. עס האָט זיך געפירט אַ אינווענטאָר און אַ קאַסע־בוך. אַלץ איז דאָרט געווען פאַרשריבן, אָבער די נעמען פון די קראַנקע, וואָס האָבן באַקומען שטיצע זענען געווען איינגעשריבן מיט ראשי־תיבות אָדער מיט סימנים. ס'זענען געווען פאַלן, וואָס דער „ביקור־חולים", האָט געשטיצט אָרעמע און פאַרהיט פיל פון ניט קראַנק ווערן. כמעט יעדער ייד פון שטעטל, האָט געצאָלט אַ פרייוויליקן מאָנאַטליכן מיטגלידס־אָפּצאָל פון אַ האַלבער זלאָטע און מער.

### פרויען קאָמיטעט

דאָס איז געווען אַ חברה צו העלפן עלנטע פרויען און יתומים. די גבאים פון דער חברה־פרויען — זענען געווען: הרבנית מיכלה ליבערמאַן, רישה מאַרגאָלין, חנה שרה בייפעלד, נחמה קאַנטאָראָוויטש, צביה חייט, חיה רובין, אסתר רחל מאַטלי, כאַשקע הרכבי, איטקע נייפעלד, חנה ברוכאַנסקי. זיי האָבן געהאַט אַ רשימה פון פרויען חברות, וועלכע האָבן געצאָלט אַ מאָנאַטלעכן אָפּצאָל. זיי פלעגן אויך באַקומען שטיצע פון אַמעריקע דורך די סטויבצער: ה' צירולניק און ד"ר טוניק. אויך פון אַפריקע, פלעגט באַשקע מילצעגזאַן העלפן פון צייט צו צייט. די אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן יתומים מיט קליידונג, שיך און אויך אויסלערנען זיי אַ פאַך.

### חברה ליאַד (אייז)

די חברה איז געווען אַן אָפּטיילונג פון „ביקור־חולים". איר הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן זומער די קראַנקע מיט ליאַד (אייז). גבאים פון דער חברה זענען געווען: אליהו דער שוחט, יצחק שמואל עפשטיין, לייבעצקע ברוכאַנסקי, (אָס־תרקעס), הלל אָקון, שמואל וויינשטיין, שמואל טוניק דער קצב.

חנוכה צייט, פלעגן זיי אויפקלייבן איבערן שטאָט בערך 200 זלאָטעס, אָפּגעדונגען אַ „ליאַדאָווניע" ביי איינעם פון די סאָדע־וואַסער פאַבריקאַנטן: אהרון אייזנברג, נחמה קאַנטאָ־ראָוויץ, אברהם עפשטיין, אָנגעפּאַקט אַ פולע ליאַדאָווניע מיט שטיקער ליאַד, אויסגעהאַקטע פון ניעמאַן, געלאָזן עס ליגן צום זומער. — „הלוואי זאָל מען זיין געזונט, און דאָס ניט דאַרפן". מיט די ווערטער, פלעגן די גבאים זיך ווינטשן ביים געזעגענען זיך.

### חברה האָלץ

די אויפגאַבע פון דער חברה, איז געווען באַזאָרגן ווינטער צייט די אָרעמע מיט האָלץ. די גבאים ר' אליהו דער שוחט, ר' יצחק שמואל עפשטיין, ר' ליפּמאַן דאָרסקי, וועלוול טוניק, בערל משה רייסער, געצל רייסער, זיי פלעגן גיין קלייבן געלט איבערן שטאָט, איינקויפן האָלץ און אין די אָוונט־שעהן צעפירט דאָס צו וועמען מען האָט געדאַרפט. מ'איז צוגעקומען שטיל צו אַ שטוב אָדער אַ הויף, אַראָפּגעוואָרפן דאָס האָלץ און ווייטער געפאָרן, קיינער זאָל ניט זען און ניט הערן.



די גבאים פון דער חברה ברויט

פון רעכטס: הלל אקון, עזריאל רודיצקי, עוזר קירזשנער, דער שמש פון נייעם בית־מדרש.

### חברה ברויט

די חברה פלעגט באַזאָרגן אָרעמע מיט ברויט. די גבאים זענען געווען מענער און פרויען: אברהם חייט און צביה חייט, פרומע רעשע עפשטיין, ביילע אַגינסקי, עזריאל רודיצקי מיט זיין פרוי, הלל אָקון, לייבע קומאַק. יעדעס יאָר האָבן זיך אַלע בעלי־בתים באַשטייערט מיט ברויט. דער מינימום איז געווען אַ פוד ברויט אַ יאָר. די חברה פלעגט געבן דעם אָרעמאַן א צעטעלע אין אַ בעקעריי, צו יאַשקע בערקע הענעס, אָדער עוזר בערנשטיין ביילע עשקעס אויף 2 פוד ברויט אַ חודש. די חברה, האָט אירע חשבונות שטענדיק דערליידיקט רעגולער אין די בעקערייען.

# ג. האנטווערקער פאראיין

דער האַנטווערקער־פאַראיין אין סטויבץ האָט זיך געגרינ־דעט אין יאָר 1925 אונטער דער אָנפירונג פון די חברים: שלמה אוטיעווסקי, אברהם לעווין, ברוך גאַרמיזע.

זיין ערשטע אויפגאַבע איז געווען: פאַרטיידיקן די אינ־טערעסן פון האַנטווערקער וואַרשטאַטן און קעמפן קעגן די פאַרשיידענע גזירות פון דער פוילישער מאַכט קעגן דעם יידישן האַנטווערקער.

קעגן די „צעכן־גזירה" וואָס די מאַכט האָט פאַראָרדנט, וועלנדיק דערמיט צונעמען ביי פיל ספּעציעל יידישע האַנט־ווערקער די מעגלעכקייט פון פירן אייגענע וואַרשטאַטן — האָט דער פאַראיין געפירט אַן אינטענסיווע אַרבעט ביים אַרויס־באַקומען די האַנטווערקער־קאַרטן וועלכע האָבן דערמעגלעכט אויך דעם יידישן האַנטווערקער צו פירן זיין וואַרשטאַט. אויך אין שטייער־אַמט האָט דער פאַראיין געקעמפט פאַר אַ יושרדיקן אָפּשאַצן פאַרשיידענע מלוכה־שטייערן פון דעם סטויבצער יידישן האַנטווערקער.

דער פאַראיין אין שטעטל האָט אַרומגענומען אַלע יידישע בעלי־מלאכות פון אַלע פאַכן און איז געווען דער לעגיטימירטער פאַרטרעטער פון אַלע יידישע האַנטווערקער אין אַלע אַנ־שטאַלטן און כמעט די שטאַרקסטע ווירטשאַפטלעכע אָר־גאַניזאַציע אין שטעטל.

די צענטראַלע פון די יידישע האַנטווערקער אין פוילן איז געווען אונטער דער השפעה פון די פאָלקיסטן און גע־שטימט אַנטי־ציוניסטיש. דאָך איז דער פאַראיין אין סטויבץ געווען כמעט אַ ציוניסטישער. די גרעסטע טייל האַנטווערקער האָבן געצאָלט פאַר די פאָנדן פון קרן קימת און קרן היסוד, און ווער רעדט די קינדער פון די האַנטווערקער, האָבן כמעט אַלע אָנבאַלאַנגט צו פאַרשיידענע ציוניסטישע יוגנט־אָר־גאַניזאַציעס.

אַלעמען האָט געטרפן די מערדערלעכע האַנט.

כבוד זייער אָנדענק.



זיצן פון רעכטס: גרשון רייסר, חיים קלוטש, משה פלקסין, הלל אקון, ברוך גרמיזא, שלמה אוטיעבסקי, שמואל וויינשטיין, יעקב ליב ברנשטיין, יוסף יוזלבסקי; שטייען פון רעכטס: שלמה גורפינקל, אלי׳ נאליבוצקי, יצחק ברנשטיין, אליעזר זרעצקי, שמשון וויינשטיין, זאב סלוצאָק, גוטהרד, שמואל גולדברג, גוטל מנושביטש, שלמה בורדא, יעקב סאַווין, ראובן מאַכטיי, מרדכי פוזניאק.

# פאָלקלאָר

## בן ירוחם / מיין שטעטעלע סטויבץ

עס שטייט פאַר מיינע אויגן מיין געבורט־שטעטעלע: די גאַסן, די הייזער מיט די שטרויענע דעכער, דער מאַרק, דער שול־הויף, די שולן, בתי מדרשים, דער שיינער קלאָרער טייך ניעמאַן און אַרום די גרויסע וועלדער, די שמעקנדיקע געבלומטע פעלדער, און איבערהויפּט די האַרציקע יידן, קרובים, פריינד, די יוגנט און די קינדער.

### אונדזער הויז

אַ הילצערנע שטוב, דער דאַך געדעקט מיט גאָנטעס, אַנטקעגן אונדזער הויז, אַ ברונעם מיט געשמאַקע קאַלטע וואַסער. הינטערן הויז אַ גרויסער גאָרטן, ווו מען האָט געזייט קאַרטאָפל, אוגערקעס, רעטעכלעך, ציבעלע, מערעלעך און שאר־ירקות.

אויף ווינטער האָט מען אָנגעגרייט אין קעלער קאַרטאָפל, פעסער געזייערטע אוגערקעס, קרויט א.אַ.וו.

ווינטער־צייט, ס׳איז אַ מיצעליצע, דער שניי פאַרשיט די טירן, אַז עס איז שווער אַרויס אין דרויסן. ס׳איז קאַלט, פינצטער, קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. אין אַזעלכע טעג איז מען ביי נאַכט פון חדר אַ היים געגאַנגען מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט.

איך געדענק סטויבץ אַלס פיר־יאָריקער ייִנגל. מיין פאָטער, ירוחם חארחורים, ווי פיל סטויבצער יידן, האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע. געווען איז ער אַ פרעסער, אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל דאָלאַרן, געקומען קיין סטויבץ און געגנבֿעט מען זיך צו מסחר. אין 1911 איז דער פאָטער געקומען דעם לעצטן מאָל פון אַמעריקע, און מען האָט איבערגעבויט אונדזער שטוב. דעם יסוד געמאַכט פון גרויסע שטיינער, יידישע צעסלאַרעס האָבן געצעסעט גרויסע קלעצער און ס׳האָט זיך געפלאָכטן און געבויט כמעט אַ ניי הויז, מיט פאַקוליע (פלאַקס) האָט מען געקאָנאָפּיאָטעט (געשטאָפּט) צווישן די שפּאַלטן. ווינטער האָט מען אַריינגעשטעלט דאָפּלטע פענצטער.

אין אַ ווינטערדיקן טאָג האָט מען געהייצט די קאַכלאויוון, און אין שטוב איז געווען וואַרעם. איינגענעם איז געווען שבת, פרייטיק צו נאַכט, דער פראָסט טרעשטשעט, די מעצעליצע דרייט, די פענצטער זענען פאַרפראָרן, אין שטוב איז וואַרעם, עס שטייען די לייכטער אויפן טיש און עס לייכטן די ליכט, עס לאָזן זיך הערן די שאַרפע ריחות פון טשאָלנט, צימעס, און געפילטע פיש. די משפחה זיצט אַרום טיש, און מען זינגט זמירות.

מוצאי שבת קודש, האָט מען געקאָכט קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ, געפּרעגלט הערינג מיט ציבעלע, דער סאַמאָוואַר אויפן טיש, עס זיצן קרובים און שכנים אַרום טיש און מען דערציילט מעשיות. מען קלאַפּט אין טיר, עס קומט אַריין דער אַלטער שלמה׳צקה (ברוכאנסקי), אַ פאַרווייעטער, אַ דערפראָרענער, מיט אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ. ער טרייסלט אָפּ דעם שניי, מען לאַדט אים צום טיש דערוואַרעמען זיך מיט אַ הייסער גלאָז טיי.

דער אַלטער שלמה׳צקע איז געווען אַ ייד איבער הונדערט יאָר אַלט. ער איז געווען פון די כאַפּערס, וועלכע פלעגן כאַפּן יידישע קינדער אַלס ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן, און געדינט האָבן זיי פינף־און־צוואָנציק יאָר. פאַרן גיין כאַפּן איז ער געקומען מיט אַ טאָג פריער, און אָנגעזאָגט, אַז מאָרגן וועט ער קומען כאַפּן. אַ פשוטער ייד איז ער געווען אָבער פול מיט לעבן. זיצנדיק ביים טיש, פלעגט ער אָנהויבן דערציילן מעשיות פון אַ נוסטן, און אַ נוסטן האָט געקענט זיין פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. צו זיין לויה, איז די גאַנצע שטעטל געקומען, און ס׳האָבן אים מספיד געווען די רבנים.

שיין איז געווען אונדזער געסל די אַזוי גערופענע די גלח׳שע און שפּעטער מיצקעוויטש־געסל אין פרילינגסצייט. אונדזערע שכנים, די קריסטן, האָבן געהאַט סעדער מיט קאַרשן־בוימער, עפּל און באַרן. ניט ווייט פון אונדזער הויז, האָט זיך געצויגן די באַן־ליניע, און אַרום איז די פאַשע געווען באַדעקט מיט גרינע גראָז, מיט בלימעלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן. סטאַדעס בהמות, פערד האָבן זיך געפאַשעט, זשאַבעס האָבן געקוואַקעט, שיינע מאָטילן זענען געפלויגן, בינען האָבן געהודשעט, יונגע פערדלעך האָבן געהירזשעט. די לופט זויבער ריין און די נאַטור האָט דערהויבן די נשמה. ביים אַריינגאַנג אין שטעטל פון דער באַןסטאַנציע איז געשטאַנען די הויכע ווינט־מיל. ווען איך בין געקומען מיטן טאַטן מאָלן קאָרן אין דער ווינט־מיל, האָב איך זיך צוגעקוקט מיט גרויס אינטערעס ווי די גרויסע שטיינער דרייען זיך, און מאָלן די טרוקענע קאָרן. די פאַ־

מיליע פעקער, בעלי־בתים פון ווינט־מיל, פלעגן שלעפּן די גרויסע זעק. אַפילו זייערע טעכטער, הויכע און געזונטע מיידלעך, האָבן געשלעפּט ווי מענער די שווערע זעק. די הויכע ווינט־מיל איז געווען אויף אַ באַרג. ביסטו אַרויף אין דער הויך, האָסטו געזען סטויבץ.

צו זאַדוואָריע האָסטו געזען, פעלדער באַוואַקסן מיט ווייץ, קאָרן, האָבער, גערשטן, אַזוי ווי כוואַליעס האָבן זיך געבויגן די גאָלדענע תבואה־זאַנגען. צווישן זיי פּאַסן פּעלדער פון זילבער קאָליר, די שניי־ווייס בליענדע רעצקע און אַלעס איז באַמבלומט מיט פאַרשיידענע קאָלירטע בלימעלעך. פון ווייטן פליסט דער שיינער קלאָרער „ניעמאַן”. ביי די ברעגן פון טייך, דער גרינער „סענאקאָס”, עס שמעקט דאָס היי. די פּויערים און פּויערטעס ביים שניידן די גראָז זינגען זייערע פאָלקס־לידער.

אין מזרח־זייט זעט מען די גרויסע אַרצ'עכיער וועלדער, און פאַר זיי די אַזיערע מיט דוד לייבס (סירקין) וואַסער־מיל.

מיט אונדזערע שכנים, די ווייסרוסן, האָבן מיר געלעבט בשלום. ליב האָב איך געהאַט צו גיין, מיט אונדזער שכן פּעטראַ באַרטאַשעוויץ כאַפּן פיש. זענען מיר געגאַנגען הינטערן אייזערנעם בריק צו סווערזשנע, איבער שיינע גראַזיקע פעלדער מיט בלומען פון פאַרשיידענע קאָלירן. דער ניעמאַן איז שיין, אַ פליסיקע, קלאָרע וואַסער שטראָמט. מיר זעצן זיך ביים ניעמאַן, אַרום שמעקט דער לאַנדיש. אויף דער ווודע טשעפּעט מען אָן אַ וואָרעם, מען וואַרפט אין וואַסער דעם שנור, עס טיאָכקעט, און אָפט שלעפּט מען אַרויס אַ פּלאַטקע, אַ העכטל.

## וועלדער

סטויבצער געגנט איז געווען געבענטשט מיט וועלדער, פון איין זייט די פּעריפעריע פון דער גרויסער נאַליבאָקער פּושטשע און פון דער צווייטער זייט אַרצעכיער און אַנדערע וועלדער. צענדליקער קילאָמעטער האָבן זיך געצויגן געדיכטע סאָסנאָווע, יאָלקע און בערעזעווע וועלדער. די הייך פון סאָסנעס און יאָלקע־בוימער איז געווען ביז 30 מעטער. האָט מען אויסגעהאַקט די בוימער, און אַראָפּגעלאָזט עס אין ניעמאַן אַלס פליטן, געבונדן מיט גאַרזשעלעס און געשיקט עס קיין פּרייסן. צענדליקער יידישע פאַמיליעס האָבן געלעבט פון וואַלד.

אַלס קליינע קינדער זענען מיר זומער געגאַנגען אין וואַלד קלייבן יאַגדעס, שוואָמען און מאַלינעס. מיט גרויסע קוישן און קריגן אין די הענט איז מען אַרויס פאַרטאָג, מיטן זון־אויפגאַנג דורכן דאָרף אַרצעכי, און זיך געלאָזט אין גרויסן וואַלד ביז סווערזשנאָווע. אין דער פרישער לופט האָבן מיר שפּאַצירט באַרוועס אויף דעם מאָך און געקליבן די שוואַרצע און רויטע יאַגעדעס. ווען די קריגן זענען פול געוואָרן, האָט מען זיך געלעגט אויפן מאָך אָפּרוען, און געקוקט אויף די הויכע סאָסנאָווע בוימער, ווי זיי שאָקלען זיך און עס דוכט זיך, אַז אָט פאַלן זיי. ביים זייט וואַקסט אַ בוס־בוים, אַ קליינע וועוויאָרקעלע מיט אַ רויטלעך־ברוין קאָליר



די ווינט־מיל

שפּרינגט פון בוים צו בוים, זי זאַמלט אויפן ווינטער די ניס. אַנקלייבנדיק די יאַגעדעס צוריקוועגס, איז מען געגאַנגען דורך די אַקינציצער וועלדער קלייבן שוואָמען, געלינקע ליסיצעס יידישע שוועמלעך. אַ שיינער ספּאָרט איז געווען קלייבן באָראָוויקעס, אַ שיינער שוואָם פון אויבן אַ ברוינער קאָליר און אונטן ווייס, אַ פליישיקער שוואָם גוט צום טריקענען און זייער טייער צום עסן. אָנגעלאָדן מיט פולע קוישן, גייט מען צוריק דורך די פעלדער פול מיט הויכע קאָרן און ווייץ. שפּעט, ממש שוין פינצטער פלעגט מען קומען אַהיים.

די סטויבצער סביבה האָט געשאַפן אַ ליבשאַפט צו דער נאַטור, צו ערד־אַרבעט. די באָבע מלכה האָט באַאַרבעט אונדזער גאָרטן, זי האָט געזייט, געפלאַנצט, געיעט און ליב געהאַט די ערד־אַרבעט; זי איז געווען אַ שטילע פרוי, צו אַכציק יאָר האָט זי נאָך געאַרבעט אין גאָרטן. זי האָט פון איר מויל קיין מאָל קיין קללה ניט אַרויסגעלאָזט. צו נייַנציק יאָר איז זי בלינד געוואָרן. מיין מוטער פייגל האָט איר לאַנגע יאָרן באַדינט, זי האָט געלעבט קרוב צו הונדערט יאָר.

## טיפן

דער ערשטער סטויבצער ייד, וואָס האָט מיר אַ קניפּ געגעבן אין בעקל, איז געווען אָרע (אָראַנצ'יק) דער בעל־עגלה, אַן ערלעכער ייד. אויף די עלטערע יאָרן, איז ער געזעסן אויף דער פּריזבע ביי זיין זון שלום און זיך געוואַרעמט. ווען איך מיט מיין פאָטער זענען פאַרביי געגאַנגען, האָט ער אונדז אָפּגעשטעלט און דערציילט מעשיות פון אַמאָליקער וואָזקע. סטויבצער פורן פלעגן פאָרן אַזש ביז סמאָלענסק. ער האָט געדענקט, ווי מ'האָט נאָך געלייגט די רעלסן פון דער באַן־ליניע וואַרשע—מאָסקווע. די בעלי־

עגלות האָבן פּראָטעסטירט, דאָס וועט צונעמען בײַ זיי די פּרנסה. עס זענען געווען יידן, וועלכע זענען געווען קעגן בויען אַ באַן־סטאַנציע נעבן שטעטל, דאָס וועט אַריינברענגען הפקרות. עס וועלן קומען קאַצאַפּעס... פּיל יידן זענען גראַדע געווען צופרידן פון דעם, דאָס וועט אַריינברענגען פּרנסה אין שטעטל און אָרע, האָט דערציילט, אַז נאָך דעם ווען ס׳האָט שוין עקזיסטירט די באַן־ליניע האָבן די בעלי־עגלות געהאַט נאָך מער פּרנסה. דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען.

דער צווייטער פרייליכער ייד וואָס האָט געוווינט בײַ אונדז אין גאַס, איז געווען שלום פּעפּקע, דער היטל־מאַכער. אַ מענטש פול מיט הומאָר, אַ זינגער, אַ וויצלער, געוווינט האָט ער בײַ שאול דעם בעל־עגלה. היטלען האָט ער געמאַכט פון אַלטע סחורה. אַ וואַש, אַ פּרעס, און עס איז אַרויס אַ נייע היטל.

אינטערעסאַנט איז געווען איינקוקן זיך ווי שלום פּעפּקע מעסט אַ גוי אַ היטל: „וואַנקע, טי זשע קראַסאַוויעץ!" און אַז וואַנקע שרייט, אַז די היטל איז צו גרויס, דאַן שפּאַרט אָן שלום פּאַפּיר און די היטל פּאַסט. געפּאָדערט האָט ער פאַר אַ היטל צוויי רובל, און אַז דער גוי האָט געבאָטן 60 קאָפּיקעס, האָט ער געשריען צו זיין ווייב: מזל־טוב, וואַנקע האָט שוין אַ היטל.

ווינטער, אין די גרויסע פרעסט איז מען געגאַנגען דאַווענען אין יענקל פּיישעס (ברוכנסקי) מנין. די מתפּללים אַממערסטן זענען געווען אַרבעטער, בעלי־מלאכות, שניידערס, שוסטערס, שמידן און בעלי־עגלות.

שעהן בין איך געשטאַנען נעבן בנימין צערצעס דעם שמידס קוזניע און געקוקט ווי מען שמידט דעם הייסן רויטן אייזן. אַ שווערע אַרבעט און אויך אַזוי שווער איז געווען דאָס לעבן פון די בעלי־מלאכות.

איך דערמאָן זיך די נידעריקע הייזלעך פון די צוויי שוסטערס, די ברידער אברהם מאיר און שאול אייזיק אַלטמאַן. זיי האָבן געקלאַפּט אַ טשוועקל נאָך אַ טשוועקל, און אין שטוב איז קיין ברויט ניט געווען.

אין ווינקל פון דעם קליין געסעלע, האָט געוווינט מיין מומע דבורה, ישראל אַהרע חארחורימס ווייב. אַ ענערגישע פרוי, אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אָבער פול מיט לעבן. איר מאַן איז געווען אין אַמעריקע און זי האָט געהאָדעוועט אירע צוויי קינדער, און דערנערט זיי אין דער מלחמה־צייט, פון איר אייגענער פּראַצע. זי איז געווען אַ גלעזערקע, מיטן סיגאַרעט אין מויל, איז זי געשטאַנען און געשניטן די גלאָז מיטן דימענט, געטראָגן אין די דערפער טאַפלען גלאָז און געגלאָזט דאָרטן די שויבן.

זאדווואריע סלאבעדע און זאסוליע זענען געווען אירע דערפער, אַהין האָט זי געטראָגן די טאַפלען גלאָז און פאַר דעם האָט זי באַקומען מעל, קאַרטאָפל. אָט די נידעריקע דאַרנקע דבורה, האָט געשלעפּט גאַנצע פודן קאַרטאָפל, קאָרן, ווייץ. עס איז געווען מלחמה צייט. עסנוואַרג איז געווען אַ וויכטיקע זאַך, און דבורה האָט פאַרדינט מער ווי פּעאיקע מענער.

אין הערבסט — אין רעגן, און ווינטער — אין פראָסט, שניי און זאַווערוכעס, האָט מען געקענט זען דבורהן מיטן גרויסן זאַק אויפן פּלייצע. דבורה איז געווען אַן אַרבעטער־טיפּ, אַ פאָלקס־מענטש, זי האָט זיך באַנוצט אין ריידן מיט ספּעציפישע אויסדרוקן און ווערטלעך.

אַ סטויבצער ייד פון ניו־יאָרק, האָט מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס — ער פאָרט אַמאָל אויף זיין מאַשין אין אַ ווינקל פון ניו־יאָרק. ער זעט אַ סטויבצער פרוי און צו זיין גרויס אייבעראַשונג איז דאָס געווען דבורה. זי האָט אים געגעבן שלום־עליכם, און אַריינגעשלעפּט צו זיך אין דירה אויף לאַטקעס מיט סמעטענע. ביז דער סאַמע עלטער האָט זי אָנגעפירט מיט אַ לאַנדווירטשאַפט אַרום ניו־יאָרק.

אויף מינסקער גאַס האָט געוווינט חיים לוסטערמאַן, אַ שיינער ייד, אַן אינטעליגענט אין פולן זין פון וואָרט. ער איז געווען אַ גרויסער למדן. אין גרויסן אַלטן בית־המדרש איז עס געזעסן שטענדיק בײַ אַ שיעור פון אַ בלאַט גמרא און אָפּט מאָל זיך געפּלפּולט מיטן רב און מיט די למדנים. זאָגנדיק אַ שיעור בײַ די חברות „עין־יעקב" און „מדרש", איז ער דערצו נאָך געווען אַ גרויסער נדבן. פאַר זיין אייגן געלט, האָט ער איינגעקויפט אַ גאַנצן שאַנק ספרי עין־יעקב, מדרשים און ילקוטים און אַריינגעגעבן עס אין גרויסן בית־מדרש.

בײַ זיך אין שטוב האָט ער פאַרמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק, אַ ש"ס, מדרשים, העברעאישע, יידישע און רוסישע ביכער. די פרוי זיינע, אַ גרויסע מיוחסת, איז געווען דער היפוך פון מאַן. זי האָט געפירט די געשעפטן און געווען אַ קעגנערין פון איר מאַנס קולטור. זי פלעגט שטענדיק שרייען: „ווידער מיט די ביכער, צו וואָס דאַרף איך דיין קולטור? געלט, פּרנסה איז וויכטיקער!" — כאָטש קיין פּרנסה האָט קיינמאָל ניט געפעלט. ער האָט קיינמאָל ניט געענטפערט, און פאַרגעזעצט לייענען און שטודירן. איך האָב געלערנט צוזאַמען מיט זיין זון, איך בין געווען אַ אָפטער אַריינגייער צו זיי אין שטוב און געזען די פּאַטריאַרכאַליש־יידישע הויז. דער סאַמאָוואַר אויפן טיש, ס׳איז שטיל, מ׳זיצט און מען קוקט אַריין אין ביכער. אין אַ ווינקל זיצט די שיינע חנה, אַ ברונעטקע מיט אַ פאָר שוואַרצע שיינע טיפע קאַרשן־אויגן. אַ שוואַרצע קאָפּ האָר מיט אַ ווייסן פּאַס האָר פון געבורט אָן, נאָר דאָס האָט איר גוט געפּאַסט, אַז ווען זי איז געגאַנגען אין גאַס האָט מען זיך אָפּגעשטעלט קוקן. מ׳האָט איר מקנא געווען.

חיים לוסטערמאַן איז געווען אַ ציוניסט און זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. איך דערמאָן זיך אָן דעם טראַגישן סוף פון לוסטערמאַנס זון — יואל וועלכער האָט געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פון דער סטויבצער קהילה. ווען די נאַציס האָבן אים גענומען אויף צוואַנגס־אַרבעט אין באַראַנאָוויטשער לאַגער, (לויט ווי מ׳האָט דערציילט), איז ער געשוואָלן געוואָרן פון הונגער. צו דער קבורה אין לאַגער, איז ניט געווען קיין שטיקל ליוונט אויף תכריכים, האָט מען אים אַרומגעוויקלט מיט פּאַפּירענע זעקלעך פון צעמענט און געבראַכט צו זיין אייביקער רו. אויך סאָניע און יעקב לוסטערמאַן, זענען געווען העכסט איינ־

טעלעגנע מענטשן און ביידע זענען זיי אומגעקומען דורך די דייטשן.

אַ צווייטע וואַרעמע ציוניסטישע שטוב איז געווען שרה׳קע גערשענאָוויטשעס הויז. די ערשטע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען פאָרגעקומען ביי שרה׳קען אין שטוב און אויך די ערשטע העברעאישע לידער זענען דאָרטן געזונגען געוואָרן. אויב מען וויל באַצייכענען אַ בעלי־בתישע שטוב פון דעם אַלטן סטויבץ, איז עס ניט קיין אַנדערע ווי גערשענאָוויטשעס. דער גרויסער לאָמפּ אויפן טיש שבת צו נאַכט, מ׳פאַרברענגט גוט, מען שמועסט אין פּאָליטיק. הערצל גערשענאָוויטש איז געווען אַ אינטעליגענטער מענטש פון דער וואַלד־בראַנזשע, וועלכער האָט אָפט באַזוכט פּרייסן און אַריינגעבראַכט אין שטוב עטוואָס פון דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור.

צוויי פאַרצווייגטע משפחה־קרובים זענען זיי געווען: די גערשענאָוויטשעס און די ראָזאָווסקעס. זיי זענען געווען געבענטשט מיט געלערנטע קינדער, — די אינטעליגענץ פון דער יוגנט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה: רעדנער, אַרטיסטן, קולטור־טרעגער. די משפחה האָט זיך צעטיילט: די גערשענאָוויטשעס — ציוניסטן, און די ראָזאָווסקיס — טרעגער פון דער וועלט־רעוואָלוציע. די זין פון ראָזאָווסקעס זענען געווען גרויסע פירער, רעדנער און קעמפער אין דער רויטער אַרמיי; די גערשענאָוויטשעס זענען אַלע אַוועק קיין ארץ־ישראל. די עלטערע טאָכטער, די ערשטע אַלופת „חיל־החן״ שושנה גערשנאָוויטש. די איבעריקע קינדער אַלע אַקטיוו געווען אין דער הגנה. עס איז אָנגענעם צו דערמאָנען און שטאָלצירן ווי אין די שווערע צייטן פון ישוב, האָט שושנה געטראָגן געווער אין דער אַלט־שטאָט פון ירושלים. איך געדענק אַ טאָג, ווען מ׳האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם פון די אַראַבער. איך האָב דאַן ביי זיי גענעכטיקט. די אַלטע מאַמע שרה׳קע, האָט געוועקט אירע זין צו לויפן שנעל אין דער אַלט־שטאָט. שרה׳קע איז יונגערהייט פאַרבליבן אַן אלמנה און געלעבט אַ געמאַטערטן לעבן. דאָך האָט זי דערצויגן אירע קינדער זיי זאָלן זיין געבילדעטע און זעלבסטשטענדיקע. די איינציקע גאַנצע סטויבצער פאַמיליע וואָס האָט דערגרייכט קיין ארץ־ישראל.

אויף מינסקער גאַס האָט געוווינט חיים איטשע באָרסוק דער מלמד, ביי וועמען ס׳האָט געלערנט אויך זלמן שזר. ביי אים האָבן געלערנט די בעליהבתישע קינדער. זייענדיק אַ גרויסער ידען און קענער פון תלמוד און תנ״ך, כאָטש פון אַלטן דור, (געבוירן אין 1842), האָט אַריינגעבראַכט די השכלה אין אונדזער שטעטל. ער איז געווען אַ הייסער חובב ציון, אַ לעזער פון „הצפירה״ און „המגיד״, אַ פאַרשפרייטער פון חיבת ציון געדאַנק. חיים איטשע האָט געקענט אַ סך מלאכות, געווען פעאיק צו אַלעס.

געשטאַמט האָט ער פון אַ פאַרצווייגטער פאַמיליע פון רבנים, קינסטלער און קולטור־טרעגער — אַ קייט פון דורות, וואָס ציט זיך אַזש ביז איטאַליע, אַרום טויזנט יאָר. זיינע עלטער־זיידעס שטאַמען פון ר׳ נח מענדעס זצ״ל, בעל המחבר פון „ספר נפלאות חדשות ופרפראות לחכמה״ פון סלוצק און ר׳ גרשון חסיד פון שקלאָוו, זיין זיידע, ר׳ איטשעלע האָט געשניצט די כרובים, חיות און קונסט־אותיות אין דער אַלטער סטויבצער קאַלטער שול, וואָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט ביי אַלעמען. ר׳ איטשעלע, האָט געהאַט בדעה אויסשניצן פון האָלץ דעם בית־המקדש און ער האָט געאַרבעט אויף דעם פיל יאָר.

חיים איטשע איז געווען פון די ערשטע גרינדער פון דער ביבליאָטעק. צו יענער צייט איז עס געווען טריף און ער האָט געפירט וועגן דעם וויכוחים מיט די רבנים. ער איז געווען אַ עסקן אין פאַרשיידענע אָנשטאַלטן ווי „גמילות־חסדים״, „עוזר־דלים״ אאַ״וו. פסח צום סדר, האָט זיך צונויפגעקליבן ביי אים זיין גאַנצע משפחה און אָפּגעריכט דעם סדר פייערלעך. צו די אייניקלעך פלעגט ער זאָגן: „איר וועט נאָך דערלעבן זען דאָס לאַנד, איך האָב געשטרעבט, געהאָפט, אָבער איך האָב זיך אַ ביסל פאַרשפעטיקט״. ווען עס איז געקומען אין שטאָט אַ עסקן פון „קרן־היסוד״ זאַמלען געלט פאַר „קרן־הזהב״ און פיל האָבן געגעבן זייערע תכשיטים, האָט ר׳ חיים איטשע אַראָפּגענומען זיין זייגער, וועלכער איז ביי אים טייער געווען אַלס אַן אַנטיק פון פיל יאָרן און אַוועקגעגעבן לטובת דער געלט־אַקציע.

ווען דער סטויבצער רב, הרב ליבערמאַן, האָט אָנגעמערקט פאַרוואָס גיט ער געלט פאַר די אַפּיקורסים, האָט ער געענטפערט, אַז ער האַלט פון משיחן, נאָר משיחן דאַרף מען העלפן קומען און מיט יישוב הארץ דערנענטערט מען די גאולה.

### יורזדיקע

יעדער שטעטל האָט איר פלאַץ וואָס איז אַ שם־דבר. יורזדיקע איז געווען דאָס אָרט פון שפעטערדיקן געטאָ. פון יורזדיקע האָט מען געפירט אונדזערע טייערע דריי טויזנט יידן אין גרוב אַריין.

דורות לאַנג האָט יורזדיקע מיט זיך פאָרגעשטעלט די סטויבצער האָרעפּאַשניקעס, די עמך, די באַטן־בויער, די שמידן, די סטאָליאַרעס, סטעלמאַכערס און מוליאַרעס.

יורזדיקער קינדער, זענען געווען חברה־לייט. די קליינע שלמה׳לעך, יענקלעך, זענען געווען אָנגעטאָן אין הייזלעך מיט אַ שפּאַלט, אַן עקל האָט זיך שטענדיק נאָכגעשלעפּט, און פון היגיענע זענען זיי געווען ווייט. פאַר די יורזדיקער ייִנגלעך האָבן אַפילו די שקצים געציטערט.

הינטער יורזדיקע אויפן באַרג, האָבן זיך געצויגן די שייערן פון די פויערן. שבת נאָך מיטאָג, איז מען געגאַנגען אַהין שפּאַצירן. אַרום דער ציגעלנע זענען געווען שיינע פעלדער. פאַרליבטע פּאָרלעך האָבן דאָרט שטענדיק פאַרבראַכט.

האָט מען עפּעס איינעם אָפּגעטאָן אַ קונדס־שטיק איז דאָס געווען אויפן חשבון פון יורזדיקע.

מיר ברענגען דאָ איניקע טיפּן און פאָלקס־מענטשן פון יורזדיקע:

ראובעלע דער בעל־עגלה, ווען ער איז אין כעס געוואָרן אויף אַ סטויבצער בעל־הבית, האָט ער גענומען זיין באַק און




שמערל אסתרקין שאַלעוועט די שטוב צו ווינטער

אים אָנגעטאָן אַ ווייסן ליילעך, און פסחביים סדר האָט ער צוגעפירט דעם באָק ביזן טיר פון יענעם ייד. צו „שפוך חמתך״ ווען דער בעל־הבית האָט געעפנט די טיר, האָט ראובעלע אַ דריי געטאָן דעם באָקס עק, און ער איז ווילד אַרויף אויפן טיש, צעבראָכן די ארבע כוסות און די מסובים האָבן זיך דערשראָקן און צעטומלט. ראובעלע איז געשטאַנען אין דרויסן און געלאַכט.

אין אַ מאַרק־טאָג, ווען פויערן פלעגן באַפאַלן יידן, דאַן האָט ראובעלע אַריינגעטאָן אַ מעסער אין שטיוול און אַ רעוואָלווער אין קעשענע און אָך־און־ווי איז געווען צו די פויערן, וואָס האָבן זיך דערוועגט טאָן עפּעס שלעכטס אַ ייד.

שאָשע אינזעלבוך, האָט געשטאַמט פון אַ פאַרצווייגטער פאַמיליע פון רבנים, און געלערנטע. יונגערהייט, האָט זי זיך פאַרליבט אין אַן אַרבעטער. קעגן דעם ווילן פון אירע עלטערן, האָט זי געהייראַט מי ז אים. איר מאַן איז יונגערהייט געשטאָרבן און אַלס אָרעמע אלמנה, האָט זי דערצויגן אירע קינדער.

מען האָט געקענט זען ווי פאַרטאָג שטייט שאָשע און קנעט די טייג. איר ציג כאַפּט זיך אַריין און באַלעקט די טייג מיט גרויס הנאה, און שאָשע יאָגט איר אַרויס און זאָגט: זי איז געקומען בעמען חלה...

אַ קאָמאַר איז מיר איין מאָל אַריין אין אויג, בין איך געגאַנגען צו שאָשע דער בעקערקע, זי איז געווען אַ ספּעציאַליסטין. מיט איר גרויסן רויטן צונג האָט זי אויסגעלעקט דעם קאָמאַר, און שאָשע איז געוואָרן אַן „אויגן־דאָקטאָר״.

יורזדיקע האָט סימבאָליזירט די אַרבעטער מאַסן, האָראָפּאַשניקעס. דאָס שטעטל איז געלעגן ביים ניעמאַן, אַרום גרויסע וועלדער. דאָ האָט מען אַראָפּגעלאָזט קלעצער, האָלץ און געפירט עס קיין קעניגסבערג. אין סטויבץ האָט מען געבויט באַטן, אַזעלכע שיפלעך, וועלכע זענען געגאַנגען אַזש קיין פּרייסן. אויפן ברעג ניעמאַן, נעבן וועלוול טוביק, האָבן געאַרבעט יידישע צעסליאַרעס און קאָנאָפּיאַטניקעס. גייענדיק צום ניעמאַן באָדן זיך, האָט מען געהערט קלעפּ פון האַמערס און העק. ניט איין מאָל האָט מען געהערט אַ וויכוח, אַ קריגעריי: געצל זלאָטניק (ברכ׳ס) דער קאָנאָפּיאַטניק, קריגט זיך וועגן דעם אָרט און טייטש פון אַ פסוק אין תנ״ך. איך געדענק ווי פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז איינער פון די וויכטיקסטע קאָנאָפּיאַטניקעס, בערל כאשע בריינעס געהרגעט געוואָרן, ווען עס איז אַראָפּגעפאַלן אויף אים אַ באַט. ער איז געווען אַ העלד, יונג שיין און הויך.

דער „בונד״ האָט געפירט אַ טיכטיקע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער־מאַסן. דעם ערשטן מאַי האָבן זיך צונויפגעקליבן די בעלי־מלאכות ביי ישראל ראָזאָווסקי, דעם צעסלער, און מען האָט געמאַכט אַ לחיים אויף וואָדקע און חיים דווארעצקי דער אַפּטייקער, האָט געהאַלטן אַ דרשה וועגן סאָציאַליזם.

די רעדעס איבער סאָציאַליזם האָבן געהאַלטן די פירער, די אינטעליגענץ פון שטעטל, טראָץ דעם וואָס זיי זענען געווען בעלי־בתישע קינדער, און האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר.

צווישן די אַרבעטער האָבן זיך ניט אַרויסגעוויזן קיין פירערס. אָבער זייערע קינדער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָבן פיל געלעזן און שוין געפריידיקט סאָציאַליזם. אויף צוויי פון זיי וויל איך זיך אָפּשטעלן: זכריה ראזשאַנסקי און מוליע קאַפּלאַן.

זכריה אַ בעל־עגלהס אַ קינד פון אַן אָרעמער הויז, איך דערמאָן זיך דאָס קליינע הייזעלע נעבן בנימין דעם



פון רעכטס: מוליע קאַפּלאַן, זכריה ראַזאַנסקי, גרשון צערצעס

שמידס קוזניע. דאָס הויז איז געווען צוויי מעטער די הויך. ביסטו אַריין אין שטוב, האָסטו ווי צוגעהאַלטן דעם פּאַטאַלאָק. זכריה איז געזעסן אין אַ ווינקל און געלייענט אַ יידיש בוך. ווען זכריה פלעגט אַרויסטרעטן אויף אַ פאַרזאַמלונג, האָט ער גערעדט פון טיפן האַרצן, געפאָדערט גערעכטיקייט און קאַמף פאַר אַ נייער געזעלשאַפט. אַנדערש איז געווען מוליע קאַפּלאַן. ער אַליין אַ סטאָליער, אַ האָראָפּאַשניק פון קינדוויַיז אָן, אָבער ער האָט אַ סך געלערנט, ניט אין אַ גימנאַזיע אָדער אין אַ אוניווערזיטעט, נאָר פון זיין דערפאַרונג אין פּראַקטישן לעבן. מוליע קאַפּלאַן איז געזעסן טאָג און נאַכט און געלייענט, געלערנט. כמעט אַלע ביכער פון סטויבצער ביבליאָטעק האָט ער איבערגעלייענט. די יידישע קלאַסיקער האָט ער געוווּסט אויף אויסנווייניק. אַ רעדנער איז ער ניט געווען, ווייל ער איז געווען אַ כבד־פּה. ער האָט באַגרינדעט דעם סאָציאַליזם וויסנשאַפטלעך. ער האָט שטודירט מאַרקסן, לענינען און אָנטייל גענומען אין וויכוחים. ער איז געווען אַ בונדאָוועץ מבטן ומלידה, געטריי דער פּאַרטיי, זיך באַטייליקט אין אַלע קולטורעלע אָנשטאַלטן: אין שולע, אין ביבליאָטעק און אין קולטור־אַרבעט.

אין יאָר 1935, זומער־צייט, האָב איך באַזוכט דעם לעצטן מאָל מיין שטעטל סטויבץ. שפּאַצירנדיק איין מאָל אַליין, אַ פאַרנאַכט איבערן בריק, איז מיר נאָכגעגאַנגען מוליע קאַפּלאַן אַ לאַנגע צייט, און ניט געוואַגט צו גיין צו מיר. איך האָב אים אָפּגעשטעלט. זיין ערשטע פראַגע איז געווען צי וועט ארץ־ישראל לייזן די יידן־פראַגע. ער האָט צוגעגעבן ווען אַפילו יאָ, אַז ארץ־ישראל וועט אַריינעמען אַ מיליאָן יידן, וואָס וועט זיין מיט די איבעריקע 14 מיליאָן? דאָס איז געווען אין יאָר 1935. היטלער האָט שוין אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די יידן, און עס האָט שוין געשמעקט מיט קריג. האָב איך געזאָגט צו מוליען: אויב מען וועט אַפילו קענען אין אונדזער דור איבערפירן נאָר צוויי מיליאָן יידן קיין ארץ־ישראל און מאַכן זיי פּראָדוקטיוו — איז אויך כדאי. מיר האָבן דיסקוטירט פיל איבער דער אַראַבער־פראַגע, העברעאיש, יידיש, אימפּעריאַליזם און זעלבסשטענדיקייט. דער מענטש איז געווען בקי אין אַלע פראַגן.

## דער מארק-טאג

ווי אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָט דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג זיך פאַרנומען מיט האַנדל.

עס שטייט פאַר מיינע אויגן אַ סטויבצער מאַרק־טאָג: ס׳פאָרן פורן, מ׳פירט קאָרן באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, פון אַלע עקן שטאָט פירט מען פון כל טוב: תבואה, בהמות, פערד, שעפסן, קעלבער, גרינס, פרוכט, שוואָמען, שמאָרסקעס; מ׳פירט אויף וועגענער, מ׳טראָגט אויף די פּלייצעס, מ׳גייט צו פוס, מ׳גייט באָרוועס, פאָרן אַריינגאַנג אין שטאָט טוט מען אָן די שטיוול, די לאַפּטשעס.

די וואַסער אין אָזיערע ביים וואַסער־מיל איז קלאָר, ס׳דרייען זיך די רעדער, די שטיינער מאָלן די תבואה.

פון ווייטן צווישן די הויכע ביימער, שטייט דער אַלטער דוד לייב סירקין מיט דער ווייסער באָרד — דער גבאי פון דער גרויסער שול. די פויערן באַגריסן אים מיט אַ „דזיען־דאָברי". פון מינסקער גאַס יאָגן זיך וועגענער, יעדער וויל פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ אין מאַרק.

דער מאַרק ווערט פאַרפולט. אַ טומל, אַ רעש: פערד הירזשען, בהמות מוקען, די בעטלער זינגען, די קאַטאַרינקע דריפּעט, די קראָמען זענען פול מיט קונים, מען קויפט און מען פאַרקויפט. די שענקען זענען פול מיט פויערן, מען זיצט גרופּעסוויַיז, מען טרינקט צוזאַמען מיט די ווייבער, מען קושט זיך און מ׳צעשלאָגט זיך.

אבא ידידה׳ס זיצט און פאַרקויפט ליימענע טעפּ. די קינדער אַרום אים בלי עין־הרע וואַרטן ביז דער טאַטע וועט עפּעס לייזן, וועט ער קויפן אַ ברויט און מ׳וועט אים צעקנייפּן פּיצלעכוויַיז.

רוסאַק דער פּאָליציאַנט, וועלכער רעדט יידיש דרייט זיך אַרום די וועגענער, ער מושטירט און ווייזט ווו יעדער דאַרף שטיין. און שאָשע מיישקעס (אַגינסקי) טענהט צו אים האַלב רוסיש האַלב פּויליש: „יאַק מאַי מאַשקאַ פּאַסטאַווילאַ" — מיין משה האָט עס אַוועקגעשטעלט, און רוסאַק וויל פון גאָרניט וויסן און הייסט רוקן דעם וואָגן ווייטער.

אין גרויסן טומל פון מאַרק, אַ נאָווינע אין שטעטל: מינדע קריגט זיך מיט חיה כאַנצעס, די שלעפּט אַ קונה און די שלעפּט אַ קונה. יונה שאַפּיראָן אַרט ניט די גאַנצע זאַך, ער מעסט רואיק אַ שיקסע אַ שטיקל ציץ אויף אַ בלוזקע.

קריגערייען זענען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג אין אַ מאַרק־טאָג. אַפילו קרובים האָבן זיך געקריגט צוליב פּרנסה: מינדע מיט חיהן, יאָקל מיט די ברידער, ירוחם מיט דבורקען. די פויערן פאַרקויפן אויס זייער סחורה און מען קויפט אין די קראָמען. אַלע זענען פאַרהאָרעוועט. פאַרנאַכט הויבט מען אָן צעפאָרן זיך. די סטויבצער מעשטשאַנעס קומען קלייבן עמערס מיסט, ביי תנחום אלי שאולס (שולקין) אויפן גאַנעק שטייט שמואל טוניק און רעדט מיט טעוועלען. שמואל טוניק, אַ גבר אַ הויכער, אַ שיינער, ער איז דער נאַטשאַלניק פון די פייער־לעשערס. ווען ער איז געווען אָנגעטאָן אין מונדיר, האָט מען געקענט מיינען אַז ער איז אַ יידישער גענעראַל.



א.מאַרק־טאָג

טעוועלע דער וואַסער־טרעגער, אַ קליינינטשקער, אַ דאַר יידעלע, וואָס האָט ניט געהערט און ניט געקענט גוט ריידן, טענהט פאַר שמואל טוניקן, אַז ער האָט גאָרנישט פאַרדינט פון מאַרק־טאָג, און שמואל שרייט אים אַריין אין אויער, אַז היינטיקע וואָך וועט זיין אַ חתונה און ער וועט זען צושאַרן אים, טעוועלען, עפּעס צו פאַרדינען.

אויפן צווייטן גאַנעק ביי אליקים מילצענזאָן ריידן ווייבער פון ליפּע דאַנציגס מציאה: ער האָט געקויפט אַ הון פאַר פינף זלאָטעס, מורא האָבנדיק פאַר זיין ווייב חנה, האָט ער איר געזאָגט, אַז די הון האָט געקאָסט נאָר דריי זלאָטעס. ווען אַ ווייבל, האָט חנהן געבאָטן פיר זלאָטעס, האָט זי פאַר־קויפט די הון — אַ זלאָטע גייט ניט צו פּוס...

ברייגע מיט פריידען שטייען מיט די בעזעמער און קערן זייער פּלאַץ. ברייגע מיט פריידען זענען געווען אַלטע מייד־לעך ביי די זיבעציקער. זיי האָבן ניט חתונה געהאַט ווייל זיי האָבן ניט געקענט אויסוויילן אַ חתן לויט זייער יחוס, זיי שטאַמען פון ציון־בער. אַ שוועסטער זייערע, האָט גע־הייראַט מיטן דוקאָרער רב, וועמענס קינדער זענען געווען די ברידער טשאַרני, דער באַוווסטער שרייבער און קריטיקער ש. ניגער און וולאַדעק, דער באַוווסטער פירער פון „בונד״.

עס שטייען יידן, מאַכן חשבונות, מען טיילט זיך מיט פרנסה, מען פירט קאָנקורענץ, שותפות. איינער פון די סטויב־צער פיינע יידן, וועלכער איז געווען אַ רודף־שלום און פלעגט זיך אַריינמישן אין יעדן סכסוך איז געווען יצחק שמואל, ממש פון די ל״ו צדיקים. ער האָט געלאָשן די פייערן פון מחלוקת. האָט עמעצער ניט געהאַט וואָס צו עסן און יצחק שמואל האָט זיך דערוווסט פון דעם, האָט ער גלייך שטילערהייט געבראַכט עסנוואַרג. האָט מען געדאַרפט חתונה מאַכן אַן אָרעמע כלה,



ירוחם חרחורים



פייגל חרחורים



אליהו און ראשקע מאַכטיי מיט זייערע קינדער:
בערל, חיים־יצחק, רבקה, פנינה, חיה, רחל, שירקע

האָט יצחק שמואל געשאַפן געלט. האָט ער געדאַרפט אַוועקטראָגן אַן אָרעמער אלמנה אַ פּוד מעל, און זיין זון האָט געוואָלט דאָס טון, האָט יצחק שמואל געזאָגט ניין. — ער אַליין מוז דאָס אַוועקטראָגן, — מען דאַרף וויסן ווי אַזוי צו געבן יענעם, ניט מבייש זיין אים חלילה. ווען עמעצער איז געקומען צו אים לייען אַ גמילות־חסד און ער אַליין, האָט ניט געהאַט קיין געלט, איז ער געגאַנגען לייען ביי אַ שכן און געבראַכט דעם מענטשן אַ גמילות־חסד.

די אַרעסטירטע יידן אין טורמע, פלעגט ער שטענדיק ברענגען עסן. איין מאָל ווען ער האָט געבראַכט אין טורמע עסן, האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט: „פּאַניע רבינא, היינט זענען אין טורמע ניטאָ קיין יידן". האָט ער געענטפערט: „איך האָב געבראַכט עסן פאַר מענטשן, אויב עס זענען דאָ מענטשן, וויל איך זיי איבערלאָזן דאָס עסן". און ער האָט איבערגעלאָזט דאָס עסן פאַר די קריסטן.

### סטויבצער גרויסע שריפה אין 1915

אין סטויבץ זענען פאָרגעקומען אָפטע שריפות. יעדע פאָר יאָר אַ שריפה. די עלטער פון מענטשן און געשעענישן זענען גערעכנט געוואָרן לויט די דאַטעס פון דער שריפה. אַז אַלטע יידן האָבן גערעדט, דערציילט, האָבן זיי געזאָגט:

דאָס איז געשען פאַר דער גרויסער שריפה, אָדער נאָך דער קליינער שריפה.

ר' בצלאל (צאַלקע) דער מלמד, איז געווען אַ דאַר יידל, אַן אַלטער מלמד. מיין טאַטע, האָט נאָך ביי אים געלערנט. אַן ערלעכער ייד, דער דלות האָט געהערשט ביי אים אין דעם קליינעם שטיבעלע. שירקע, די טאָכטער, האָט געפּאַשעט די ציג און שרה חנה האָט פאַרקויפט בייגל.

ר' צאַלקע דער מלמד, האָט דערצויגן זיינע תלמידים צו מעשים טובים. שטענדיק האָט ער פאַרגעשטעלט דעם גן־עדן און גיהנום.

ווינטער האָבן מיר געלערנט ביז שפּעט ביי נאַכט. און אַ היים איז מען געגאַנגען מיט דער לאַמטערנע אין האַנט. אַז דער רבי פלעגט איינשלאָפןביים טיש, האָבן מיר זיך אַרויסגעגנבעט און אַרויסגערוקט זיך אַ ביסל צו זשאַוועס באַרג. דאָרטן זענען מיר געפאָרן אויף שליטעלעך. באַרג אַרויף, האָבן מיר געשלעפּט דעם שליטל און באַרג אַראָפּ, איז עס שוין אַליין געפלויגן. אַז דער שליטל האָט זיך איבערגעקייקלט זענען מיר געווען צופרידן. זומער צייט, אַז מיר האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצוגנבענען פון חדר, זענען מיר געלאָפן זיך באָדן אין ניעמאַן. שווימען אין ניעמאַן איז געווען אַ פאַרגעניגן. ווען איינער פון אונדז האָט זיך געטרונקען, האָט אים שטענדיק אַרויסגעראַטעוועט קאַסציע, וועלכער האָט גערעדט יידיש אַזוי ווי אַ ייד.

ווי געזאָגט, זענען מיר געזעסן ביים טיש און געלערנט. פון די תלמידים געדענק איך: פּינע טוניק (זשאַוועס), לייבל גאַרמיזע, שמערל ראַזאָווסקי (ציפּעס). לערנענדיק די פּרשה „בהעלותך את הנרות", הערט זיך פלוצים אַ טומל, מען קלינגט אין די גלאָקן — סטויבץ ברענט. מען האָט געזען דעם פייער פון מערב זייט, פון אלי יונה קיטאַיעוויטשעס טאַרטאַק. איך בין געלאָפן אַהיין. דער הימל איז געווען רויט, ס'האָבן געברענט טויזנטער קלעצער און ברעטער.

ביים פייער זענען געשטאַנען די פייערלעשער, מען האָט געשפּריצט וואַסער מיט די קישקעס, אָבער דאָס איז געווען אַזוי ווי אַ טראָפּן אין ים. שמואל טוניק, דער נאַטשאַלניק פון די פייערלעשער, גיט באַפעלן, מען פרוווט לעשן אין איין זייט, ברענט עס אין אַ צווייטע זייט, — מען קען דעם פייער ניט באַהערשן.

דער ווינט וועלכער בלאָזט פון זאַיאַמנער זייט, וואַרפט אַריבער די פלאַמען אין צענטער פון שטאָט, וועלכער איז אַממערסטן באַוווינט דורך יידן.

איך לויף שנעל אַהיים. די שטאָט ברענט שוין אין עטלעכע פלעצער. די קריסטן, וועלכע אַלע האָבן פערד פירן זייערע בעבעכעס אויף די וועגענער, אויסערן שטאָט. יידן שלעפּן מיט די הענט. מען שלעפּט זאַכן, קישנס, קאָלדרעס, מעבל, עס פליען פעדערן, ס'הערן זיך געוואָלדן, געוויינען, אַ מוטער האָט פאַרלאָרן אַ קינד זי חלשט, ספּאַזמירט.

מיר האָבן געוווינט אויסערן שטאָט, זענען מיר געלאָפן ראַטעווען דאָס גוטס פון אונדזערע קרובים. עס האָבן געהאָלפן אַפילו קליינע קינדער.



צאלקע דער מלמד



שרה חנה, זיין פרוי



**פוטבאָל־מאַנשאַפט פון „בונד"**

ערשטע שורה פון רעכטס: אַ מירער, אהרן ברוכנסקי, ירמיהו רוזובסקי; צווייטע שורה פון רעכטס: צבי זוכוביצקי, יהודה בורסוק, חיים קאפלאן; דריטע שורה שטייען: אידל קוקיש, מאיר רבינוביץ, יעקב נייפעלד, יוסף צערצעס, אברהם אלטמאַן.

דער צענטער פון שטאָט, דער מאַרק, ברענט. יידיש האָב און גוטס גייט אַוועק מיטן רויך. ווייבער שטייען און שרייען זיי ברעכן די הענט. עלטערע יידן לויפן אין בית־מדרש ראַטעווען ספרי־תורה׳ס. מיט מסירות־נפש און שטאָלץ טראָגט מען אַרויס די געראַטעוועטע ספרי־תורה׳ס, ספרים, מחזורים, ספרי תלמוד א.אַ.וו.

פאַרנאַכט זענען אָנגעקומען פייערלעשער פון גאַנצן געגנט: קאָידענאָוו, האָראָדזיי, מיר. דער ווינט איז געוואָרן שטילער, מען האָט באַהערשט דאָס פייער. אויף מאָרגן בין איך געגאַנגען זען דעם חורבן. מער ווי אַ האַלבע שטאָט איז אָפּגעברענט געוואָרן. דער רויך, האָט נאָך געשלאָגן פון די געלאָשענע האָלאָוועשקעס עס זענען געזעסן ווייבער, מענער און האָבן באַוויינט דעם אומגליק: יידישע פּראַצע, בלוט און שווייס איז אַוועק מיטן רויך. עלטערע מענטשן און קינדער זענען געבליבן שלאָפן אין דרויסן. אין די איבערגעבליבענע הייזער, האָט מען אַריינגענומען צו 8—7 משפּחות. דער חורבן איז געווען גרויס.

## מענדל מאכטיי / בעלי־עגלות

אין אַמאָליקע יאָרן איז אַ בעל־עגלה ניט געווען פאַררעכנט צווישן די בכבודיקע יידישע פּרנסות. אַ בעל־עגלה, אַ פערד־טרייבער, איז געווען אַ נידעריקע באַשעפטיקונג.

דאָך זענען אין סטויבץ געווען אַרום פערציק יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געלעבט פון דער דאָזיקער פּרנסה, און צווישן זיי אַ היפּשער טייל אָרנטלעכע אַרבעטזאַמע יידן, וועלכע האָבן זיך נוהג געווען אָפּהיטן דאָס דאַווענען דריי מאָל אין טאָג. אויב ניט אין וועג, ווי געוויינטלעך, פלעגט אַ בעל־עגלה זיך שטענדיק אַריינכאַפּן אין אַ בית־מדרש צו אַ „ברכו״ אָדער צו אַ „קדושה״.

עס פרעגט זיך פון וואַנען האָבן בעלי־עגלות אין סטויבץ געצויגן זייער חיונה, אַז דער באַן־וואָקזאַל איז געווען בערך אַ מרחק פון אַנדערהאַלבן וויאָרסט פון שטעטל. דערצו נאָך האָבן פיל זיך נוהג געווען גיין צו פוס צום באַן, כדי איינצושפּאָרן אַ פּאָר גראָשן. אויסער דעם האָבן יידישע בעלי־עגלות געהאַט שטענדיקע קאָנקורענטן: די קריסטלעכע פורלייט. ווינטער, בעת די גויים זענען געווען פריי פון פעלד־אַרבעט האָבן זיי זיך געשאַפן אַ דערבייאיקע פּרנסה: דינען אַלס בעלי־עגלות. זיי האָבן געקענט זיך דערלויבן פאַרקויפן זייער אַרבעט פאַר אַ קלענערן פּרייז, ווייל די שפּייז פאַר די פערד האָבן זיי געהאַט פון זייערע אייגענע פעלדער. טראָץ דעם האָבן די יידישע בעלי־עגלות אויסגעהאַלטן די קאָנקורענץ. אַדרבא, אַפילו קריסטן, ווען זיי האָבן באַדאַרפט עפּעס צו פירן, האָבן זיי זיך גיכער געווענדעט צו אַ יידישן בעל־עגלה. די סיבה איז געווען אַן איינפאַכע — דער יידישער בעל־עגלה איז געווען אַרבעטסזאַמער, פעאיקער און מער פּינקטלעכער.

די אַרבעט פון אַ סטויבצער בעל־עגלה איז געווען פאַרשיידנאַרטיק. אָנהויבנדיק פון פירן צום באַן האָלץ, קלעצער, ברעטער פון די טאַרטאַקן, פעך פון די סמאָליאַרנעס, אָדער אויסצולאָדן די וואַגאָנעס סחורה: מעל, צוקער, הערינג און אַנדערע פּראָדוקטן, און אַוועקפירן עס אין די שפּייכלערס פון די סטויבצער סוחרים. אַזוי האָבן די בעלי־עגלות געפירט אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט אונטערן האַנט: תבואות, קאָרן, ציגל, שטיינער און אויך פּאַסאַזשירן, יידן און קריסטן, אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער — אַבי ס׳האָט נאָר געגעבן אַ ביסל פּרנסה פאַר אַ יידיש געזינדל מיט אַ היפּש ביסל קינדערלעך.

איז אונטערגעוואָקסן ביי אַ בעל־עגלה אַ 12־יאָריקער יינגל, האָט ער געהאָלפן דעם טאַטן, ביז ער איז געוואָרן זעלבסשטענדיק, און אַז מ׳האָט זיך שוין געקענט אויף אים פאַרלאָזן, דאַן האָט זיין טאַטע געקויפט נאָך אַ פערד און וואָגן. דער זון האָט געאַרבעט ביים טאַטן אין שטוב ביזן פּריזיוו, ביז ער איז אַוועק דינען. אומקערנדיק זיך אַהיים פון מיליטער־דינסט איז ער ווייטער אַוועק אַרבעטן ביים טאַטן ביז דער חתונה.

ווען אַ זון האָט באַקומען אַ ביסל נדן און דערצו נאָך אַ פּאָר יאָר קעסט, האָט ער זיך געקויפט אַ פערד און וואָגן, געדונגען אַ דירה — אַ קאַמער, און געפירט אַ זעלבסשטענדיק לעבן. עס האָט אויך פּאַסירט אַז אַ בעל־עגלה איז באַשאָנקען געוואָרן נאָר מיט טעכטער, אַזעלכער האָט געמוזט דינגען אַ יונג צו דער אַרבעט, יענער איז געשלאָפן און געגעסן ביים בעל־עגלה אין שטוב און באַקומען דערצו נאָך „מזומן״ אַ פּאָר גראָשן. עס זענען געווען אין שטעטל אויך בחורים, וועלכע האָבן געאַרבעט מיט געדונגענע פערד, ווי צום ביישפּיל: חיים לייבעצקעס מאָטל רעשעס, טעוולס יינגלעך, יאַנקל יאָשע, אָדער חיים בערל, וועלכער איז ברוגז געוואָרן אויף זיין שניידער־פאַך און איז געוואָרן אַ בעל־עגלה. ס׳זענען אויך געווען בעלי־משפּחות, וועלכע זענען געפאָרן מיט געדונגענע פערד למשל, משה לייב בעזרוצקי — ווען ער איז שוין געוואָרן אַ יורד, אָדער גרשון פערעקאַפּטשיבער און נאָך אַנדערע.

און אויב עס האָבן געפעלט אין סטויבץ פערד־טרייבערס, זענען אַזעלכע געקומען פון דער אַרומיקער סביבה. זלמן קוגל פון סווערזשנע, יהושעלה, חיים שעצקעס פון ניעסוויזש, ראובן בורילע פון רוביעזעוויטש, גרשונקע פון קאַרעליטש א.אַ.וו.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען יואל טוניק אַלס כאַראַקטער־פולן מוסטער־טיפּ פון אַ האָרעפּאַשנעם סטויבצער בעל־עגלה. יואל איז געווען אַ בעל־עגלה בן בעל־עגלה. שוין אין זיינע יונגע יאָרן איז ער אַוועק אַרבעטן אַלס אַ בעל־עגלה, און ניט געוואָלט אַרבעטן ביי זיין טאַטן. אַ דאַנק דעם, האָט ער באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ ביסל געלט און ביז דער חתונה האָט ער שוין פאַרמאָגט עטלעכע פערד מיט אַן אייגענער הייזקע. זיין באַשערטע גיטל מאַטע — משה דעם מלמד׳ס טאָכטער פון

סווערזשנע, איז אויך געווען אַן אַרבעטסזאַמע פרוי, וועלכע האָט נאָך באַוויזן געבן אַ היפשן נדן איר מאַן. נאָך דער חתונה, האָט זי, גיטל, געהאַט ביי דער שטוב אַ מעלקנדיקע בהמה, און זומער באַאַרבעט אַ גרויסן גאָרטן.

צו דעם נאָך, איז יואל געווען געבענטשט מיט אַ שיינער שטימע. ער האָט ליב געהאַט נאָכצוזינגען חזנישע שטיקלעך. זיינע צוויי ברידער האָבן געזונגען ביים חזן. ס׳דוכט זיך מיר, אַז דער ערשטער גראַמאַפאָן אין סטויבץ איז געווען ביי יואלן אין שטוב.

ער פלעגט זיך נוהג זיין אַוועקשטעלן זיך ביים טרויב פון גראַמאָפאָן און מיטזינגען דעם חזן קוואַרטינס „צור ישראל". שווער איז געווען אונטערצושיידן וועמענס שטימע הילכט אַרויס אין דרויסן, צי איז דאָס די שטימע פון גראַמאָפאָן, אָדער יואלס קול.

יואל איז געווען אַ טאָג־טעגלעכער אַריינגייער אין נייעם בית־מדרש. אָפּגעהיט דריי מאָל אין טאָג דאָס דאַווענען און אונטערשטיצט דעם בית־מדרש ביד נדיבה. ווינטער־צייט פלעגט ער עפענען די טירן פון בית־מדרש דריי אַזייגער פאַרטאָג. זיין חזקה איז געווען יאָר־יערלעך קויפן „פתיחת נעילה", דאָס האָט ער אויך געהאַלטן פאַר אַ סגולה אַז די פערד זאָלן מאריך ימים זיין.

חברה לצים, וויסנדיק זיין שוואַכקייט פון קויפן „פתיחת נעילה", האָבן זיך נוהג געווען אָנציען דעם פרייז פאַר דער פתיחה ביז 15 רובל אין גאָלד, אָבער יואל האָט געקויפט „פתיחת נעילה" ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום פרייז.

שבת פאַר מעריב, פלעגט ער זיצן ביים לאַנגן טיש אין בית־מדרש און מיטזאָגן מיטן גאַנצן עולם דעם „אשרי תמימי דרך". עס קלינגט נאָך היינט אין די אויערן זיין ספּעציעלער ניגון.

אַמאָליקע יאָרן האָב איך בכלל געמיינט אַז די בעלי־עגלות האָבן אָפּגעקויפט די חזקה אויף צו זאָגן תהילים, ווייל די גרעסטע תהילים־זאָגערס זענען זיי געווען. צ״ב משה׳קע בערקאָוויטש, אָדער הענדעלע און נאָך אַנדערע. דער תהילים איז ביי זיי ניט אַרויס פון מויל; אומעטום ווו זיי זענען נאָר געווען: אין בית־מדרש אָדער זיצנדיק אויפן וואָגן אונטערוועגס, האָבן זיי שטענדיק געזאָגט תהילים.

אַ קעגנזאַץ־טיפּ פון דעם איינגעוואָרצלטן עכטן בעל־עגלה־טיפּ יואל, איז געווען דער קליינגעוואוקסיקער הענדעלע. פאַרבלייבנדיק אַ יתום נאָך אין די קינדער־יאָרן, איז ער געווען געצוווּנגען זוכן צו פאַרדינען פאַר זיך, איז ער מיטגעפאָרן אויף דיביידאקן ביז דייטשלאַנד אַלס אַ געהילפס־יינגל, וואָס האָט געקאָכט עסן פאַר די ביידאקן־אַרבעטער. נאָכהער האָט ער חתונה געהאַט מיט פסיה חייקען, חיים דעם אַנוטשניקס אַ שוועסטער. ער האָט איינגעהאַנדלט אַ פערד און וואָגן, געוואָרן אַ אַנוטשניק און אַוועק איבער די דערפער. אָבער אַ שלימזל איז ער געווען, און ער פלעגט בלאָנדזשען אויף די וועגן. ביי די גויים האָט ער געהייסן מענדל, ווייל אַ נאָמען הענדל האָבן זיי ניט געהערט.ביידע זין זיינע לייבע און אייזל זענען אונטערגעוואָקסן און געוואָרן קאַראַבעלניקעס.

זומער־צייט איז געווען שוואַך דער דאָזיקער האַנדל, האָבן זיי זיך פאַרנומען אַ ביסל מיט בעל־עגלהריי, ביז זיי זיינען ביסלעכווייז געוואָרן סטאַבילע אמתע בעלי־עגלות.

זיי זענען שוין אויך געפאָרן אין די וועלדער, געפירט קלעצער, געפירט אין שטאָט ליים, זאַמד. זיי האָבן אויך געפירט פּאַסאַזשירן אין ווייטע שטעט און שטעטלעך. ביי זיי האָבן די פערד גערוען פון שבת־רו, זייענדיק מקיים דעם פסוק: „למען ינוח שורך וחמורך". זיי פלעגן בכלל זיך ניט ווענדן צום רב אויסצוקויפן אַ שטר־מכירה, כדי איבערגעבן גויים די פערד צו פאָרן מיט זיי אין שבת. זיי פלעגן אַפילו שבת ניט איבערגעבן די פערד אין די הענט פון יינגלעך, כדי צו פירן זיי באָדן און אָנטרינקען (פּאָיען) זיי אין ניעמאַן. נאָר אַ שאלה האָבן זיי געוואָלט פרעגן דעם רב: צי מעג מען דעם פערד אָנטאָן אַ אוזדעטשקע אין שבת, ווען מ׳פירט אים צום ברונעם. זיי האָבן שטענדיק אָפּגעהיט דאָס דאַווענען, אַפילו ווען דאָס איז געווען אויפן חשבון פון דער פרנסה. פאַרטאָג זענען זיי שוין געלאָפן דאַווענען אין יורזדיקער בית־מדרש. פאַרנאַכט ווען אַלע בעלי־עגלות, זענען נאָך געשטאַנען אויף דער בירזשע אַנטקעגן חיים יונה׳ס קרעטשמע, זענען זיי געלאָפן גיך צום שול־הויף כאַפּן אַ מנחה. פרייטיק פאַרנאַכט, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַלץ, האַק און פּאַק, אַוועקגעפאָרן אַ היים פריער, אויסגעשפּאַנט די פערד און אַריינגעשטעלט זיי אין שטאַל אַריין.

דער אַלטער הענדעלע איז אַוועק אין מרחץ אָנגעטאָן אין אַ פשוטער קאָרטענע קאַפּאָטע מיט אַ ריין העמד לכבוד שבת. אויסגעשמירט די שטיוול מיט ריצן־אייל און מיט אַ גוטע שמירערכץ. אַוועק איז ער אין דעם בעל־מלאכהשן יורזדיקע בית־מדרש׳ל מקבל־שבת זיין. נאָכן דאַווענען שטענדיק מיטגענומען אַ היים אַ צוויי אורחים, אָרעמע לייט צום שבתדיקן טיש.

דער אַלטער הענדעלע פלעגט מאַכן קידוש. נאָך אים זיינע זין, יעדער באַזונדער אויף צוויי חלות. אויפן טיש האָבן געברענט צוועלף ליכט אין אויסגעפוצטע גלאַנציקע שבתדיקע לייכטערס. אַ גרויסער נאַפט־לאָמפּ האָט באַלויכטן די שטוב און דאָס האָט דערהויבן דעם געמיט. נאָכן בענטשן, פלעגט ער מעביר סדרה זיין, אָפּזינגען די הפטרה לויט דעם טראָפּ, אַפילו דעם תרגום אָפּגעזאָגט.

דעם גאַנצן לעבן, האָט הענדעלע אָפּגעהיט אַלע מצוות, מנהגים, שבתים, ימים־טובים און געפאַסט אַלע תעניתים.

אַזוי האָט געלעבט אַ שטילע בעל־עגלהשע משפחה וואָס האָט ניט געקענט די מלאכה פון שלאָגן זיך מיט גויים, אָדער מיט יידן. זיי האָבן אַפילו ניט געקענט זיך שעלטן אָדער זידלען ווי אַנדערע בעלי־עגלות.

סטויבצער בעלי־עגלות זענען געווען אַ האָרעפּאַשנע מאַסע, אַרבעטזאַמע מענטשן. זיי האָבן ניט מורא געהאַט פאַר אַ פראָסט, פאַר קיין שניי, פאַר קיין גאָס רעגן. פאַר אַ גראָשן פרנסה שטענדיק געווען גרייט צו פאָרן אין עק וועלט.

געפירט אין שטוב אַ בעל־הבתישן שטייגער לעבן. מיט קיין רויטן גאַרטל האָבן זיי זיך ניט פאַרגאַרטלט, קיין לולקע ניט גערויכערט, געדאַווענט די תפילות אָן מימיקעס און טענצלעך. אַ ביסל בראָנפן ליב געהאַט ביי יעדער געלעגנהייט. און אויב אַ שטייגער אַזאַ ייד, א בעל־עגלה, ווי אָרע דער כהן, האָט פיינט געהאַט צו פאַרזוכן דעם ביטערן טראָפּן, האָבן אים די חברה איין מאָל מיט כוח אַריינגעגאָסן אין מויל דעם בראָנפן. נאָר ניט געזאָרגט, אַ סטויבצער בעל־עגלה, האָט געקענט לייטיש אַריינגיסן אַ ביסל בראָנפן, אָבער דעם שכל הישר האָבן זיי קיינמאָל ניט פאַרטרונקען.

געלעבט, כשר פאַרדינט, געשפּאַרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן, אויפגעשטעלט אַן אייגענע הייזקע, און אַמאָל אפשר אויך פאַרדונגען אַ צימער. ניט קיין לייכטן לעבן פאַרבראַכט, נאָר מיט אמונה, מיטן געדאַנק, אַז דאָס איז מנת־חלקו און גענומען אַלץ באהבה.

אַ דור נאָך אַ דור איז פאַראיבער, פאַרברייטערט און פאַרגרעסערט האָט זיך דאָס בעל־עגלהשע געזינדל.

אין סעפּטעמבער 1939 האָט זיך צעטרייסלט דאָס בעל־עגלהשע וועלטל — ס'האָבן זיך צעשיידט דער פערד און דער מענטש.

## שמואל מילצענזאן / זכרונות

עס שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס ליבע שטעטעלע סטויבץ מיט אירע גלייכע ברוקירטע גאַסן און הילצערנע איין־שטאָקיקע הייזער. אַ סך יאָרן זענען אַריבער זינט איך האָב באַקומען פון דאָרט דעם לעצטן בריוו פון מיינע נאָענטע און טייערע. איך ווייס, אַז פון זיי אַלעמען איז פאַרבליבן בלויז אַ גרויסער ברודער־קבר. דאָך קען איך זיך ניט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז איך רייד וועגן טויטע מענטשן, וועלכע זענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן און האָבן אונדז איבערגעלאָזט פאַריתומט און מיט זכרונות פון אַמאָל.

אין סטויבץ האָט זיך אַנטוויקלט אַ שיינער שטאָלצער יידישער לעבן. סטויבץ האָט פאַרמאָגט אַ יידישע און אַ העבראַישע שולע. עס זענען דאָרט געווען יידישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע מינים. סטויבצער בחורים האָבן געוווּסט זיך קעגנשטעלן מיט הצלחה אַנטקעגן די אָנפאַלן פון צעבושעוועטע פויערים און קעגן די ענדעקישע כוליגאַנעס. ווי האָט עס פּאַסירט, אַז די דאָזיקע שטאָלצע און שטאַרקע יידישע באַפעלקערונג איז געגאַנגען כצאן לטבח? עס זענען בלויז איבערגעבליבן געציילטע פון גרויסע פאַרצווייגטע משפחות. געציילטע, וועלכע האָבן מיט זיך מיטגענומען דעם לעצטן אָנבליק פון אונדזערע טייערע אין זייערע פיינלעכע מאָמענטן פון לעבן, און האָבן עס אונדז איבערגעגעבן.

איך געדענק סטויבץ פון 1918, ווען אונדזער משפחה איז צוריקגעקומען פון מינסק. די גאַסן זענען נאָך געווען פול מיט ליידיקע פלעצער פון אָפּגעברענטע הייזער. האַלב צעפאַלענע אויוונס מיט אַ שטיקל קוימען האָבן עדות געזאָגט, אַז אויף די פלעצער זענען אַמאָל געשטאַנען הייזער. דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען ברוקירט בלויז אין די זייטן, אין מיטן זיינען געשטאַנען עטלעכע שאַלאַסלעך, וואָס האָבן געדינט פאַר געשעפטן. נאָך יעדן רעגן פלעגט זיך אין מיטן מאַרק שאַפן אַ גרויסע בלאָטע, אין וועלכער עס פלעגן זיך אויסלייגן חזירים.

מיין ערשטע שולע, וואָס איך האָב דאַן דערקענט אין סטויבץ, איז געווען אין דער גרויסער שול, אין עזרת נשים. דער רבי איז דאַן געווען ר' אברהם חייט ז"ל, נאָר דער „חדר" האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. דער וועלט־קריג האָט זיך דאַן געענדיקט, אָבער דער רוסיש־פּוילישער קריג, האָט זיך נאָך געצויגן ביז דעם יאָר 1921. אין פאַרלויף פון די יאָרן געדענק איך נאָך דעם מאָדערנעם „חדר" ביי ליסן אין שטוב אויף זאַגומענער גאַס. פון דאָרטן איז ער אַריבער צו בערנשטיינען אין עק פּאַצ'טאָווער. די לערערס זענען דאַן געווען: מאיר יוסף שוואַרץ, יוסף שקאַלניק און אברהם חייט, ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין סטויבץ צום לעצטן מאָל, האָט זיך געעפנט אַ יידישע שולע אין פּרעסעס הויז אויף מינסקער (שפּעטער פּילסודקיס) גאַס. אין דער שולע האָט מען געלערנט בלויז יידיש. איך געדענק אויך די שולע ביי פריידל חייט, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט יידישיזם.

ס'לויפט דורך פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון אונדזער שטעטל ווען די ערשטע פּאָליאַקן זענען אָפּגעטראָטן. גערופן האָט מען זיי די ערשטע פּאָליאַקן צו אונטערשיידן פון די וועלכע זענען אַריין צו אונדז דעם צווייטן מאָל, צום ענדע פון קריג. דאָס איז געווען אין אַ זומערדיקן שבת. פּלוצלינג איז דאָס שטעטל פאַרפלייצט געוואָרן מיט הונדערטער פּוילישע זעלנער (פּאָזנאַנטשיקעס) און האָבן אָנגעהויבן רויבן יידיש גוטס. דאָס זענען געווען זעלנער פון אַ פאַרבייפאָרנדיקן צוג, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער סטאַנציע. זייט דעם טאָג איז די יידישע באַפעלקערונג אין שטעטל פאַגראָמירט געוואָרן דורך די פאַרבייגייענדיקע אָדער פאַרבייפאָרנדיקע זעלנער. און נאָך די זעלנער פלעגן גיין די אָרטיקע קריסטלעכע איינוווינער מיט זעק און קוישן און רויבן יידיש האָב און גוטס. די רויבעריי האָט אָנגעהאַלטן העכער אַ וואָך. דאָס יידישע לעבן און פאַרמעגן איז געוואָרן הפקר. מיין פאָטער איז ספּעציעל געזוכט געוואָרן דורך דער זשאַנדאַרמעריע צוליב זיין פּאָפּולאַריטעט אין דער אומגעגנט. ער האָט אַלזאָ געמוזט פאַרלאָזן די שטוב און אויסבאַהאַלטן זיך אין די שייערן פון די אַרומיקע קריסטן און אין די קוסטעס ביים ברעג פון ניעמאַן. אין שטעטל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די זעלנער וועלן פאַרברענען די הייזער. די געשלאָגענע יידישע באַפעלקערונג, געדענקענדיק נאָך די שריפה פון 1915, זענען אין די הונדערטער אַרויס צום ברעג פון ניעמאַן און האָבן זיך דאָרט פונאַנדערגעלעגט אויף די שנעל צוזאַמענגעבונדענע פּעקלעך, איבערלאָזנדיק הפקר די הייזער און פאַרמעגן. מיר




די האָטעלן פון שולקין און מילצענזאָן

האָבן מיט דער מוטער דאָס זעלבע געטאָן. אָבער באַלד האָט אונדזער פאַמיליע געמוזט אויף דעם פלאַץ פאַרלאָזן, אויס מורא, אַז די זשאַנדאַרן וועלן אונדז זוכן ניט געפינענדיק דעם פאָטער. מיר האָבן זיך דאַן אויסבאַהאַלטן ביי די קאַנקאַלאָוויטשעס אויפן וועג קיין קרוגליצע ביז עס זענען אָנגעקומען די באָלשעוויקעס.

די באַפעלקערונג האָט זיך צוריקגעקערט צום נאָרמאַלן לעבן און מיר קינדער, צו אונדזערע באַליבטע מלחמה־שפּילן. איך געדענק, אַז די יוגנט פון שטאָט האָט זיך דאַן צעטיילט אויף צוויי גרופּן: איינע האָט געהייסן פּאָצ׳טאָווע גאַס און די צווייטע — מינסקער גאַס. די גרופּן פלעגן יעדן שבת נאָך מיטאָג מלחמה האַלטן צווישן זיך. דער מלחמה־פלאַץ איז געווען הינטער דעם געלן קלויסטער צווישן די שייערן. איין גרופּע פלעגט דער צווייטער באַוואַרפן מיט שטיינער און צווינגען צום אָפּטרעטן. אויך גרויסע בחורים האָבן ניט געפעלט אין דעם שפּיל. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער צד האָט געהאַט זיינע העלדן און אַז די העלדן פלעגן זיך באַווייזן אויפן מלחמה־פלאַץ, פלעגט דער שפּיל אָננעמען פאָרמען פון אַ מלחמה ממש מיט פאַרוווּנדעטע און געפאַנגענע.

אין יענער צייט פלעגן אַרומפאָרן באָלשעוויסטישע אַגיטאַטאָרן. אויך צו אונדז איז אַראָפּגעקומען אַזאַ פאַרשוין, אַ יונגער 18—20־יאָריקער בחורל. ער האָט אין אונדזער הויז רעקוויזירט אַ צימער און געפירט אין שטאָט אַגיטאַציע. אונדזערע מלחמה־שפּילן האָבן אויך אים פאַראינטערעסירט און שבת, אין ברען פון קריג, איז ער געקומען אויפן קריגס־פלאַץ און האָט פּרובירט איבערנעמען דאָרט די אָנפירערשאַפט. נאָך דעם ווי דאָס איז אים ניט געלונגען, איז ער צו־מאָרגנס נעלם געוואָרן. די באָלשעוויקעס האָבן דאָס מאָל ביי אונדז ניט לאַנג אָנגעהאַלטן, די פּוילישע זעלבער זענען

צוריקגעקומען, און אונדזער שטעטל איז געבליבן אַ טייל פון פּוילן ביז דעם אויסברוך פון דעם לעצטן וועלט־קריג.

מיט דער ענדע פון דעם רוסיש־פּוילישן קריג, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ יידיש לעבן. עס האָבן זיך געעפנט חדרים, שולן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ סוחרים־פאַראיין, אַ באַנק, אַ גמילות־חסדים־קאַסע א.אַ.וו. צו יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ ציוניסטישע טעטיקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און איבערהויפּט צווישן דער יוגנט. עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „השומר", מיט אַ ציוניסטישן אינהאַלט. די אָרגאַניזאַציע, האָט דאַן אויסגעפירט אַ פאָרשטעלונג מיט גימנאַסטישע איבונגען און פּיראַמידן. די אָרגאַניזאַציע האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן און אויף איר פלאַץ זענען אַנטשטאַנען „פּועלי־ציון" און „התאחדות". שפּעטער זענען אויך געגרינדעט געוואָרן דער „החלוץ", „החלוץ־הצעיר", „פרייהייט", „גורדוניה", „השומר־הצעיר" און „בית"ר". פאַרן אַנטשטיין פון „פּועלי־ציון" און „התאחדות" איז געשאַפן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הכוכב־הנוצץ". אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר אַנטוויקלט אַ מערווייניקע פלאַנירטע טעטיקייט. אַהרעלע חייט, פלעגט פאַר אונדז האַלטן פאָרטראַגן וועגן ציוניזם.

מיר האָבן אויך אויסגעפירט אַ פאָרשטעלונג „חנה ושבעת בניה" אין אַ חנוכה־אָוונט. דאַן איז אויך געווען דער אָנהויב פון גרינדן אַ ציוניסטישע ביבליאָטעק. מיר האָבן געקויפט די אַזוי גערופענע „ניצנים" בראָשורקעס. איך געדענק, אַז ערב הושענא־רבה האָב איך, צוזאַמען מיט איסר ראַבינאָוויטש, אָנגעריסן הושענות אין קוסטאַרניק נעבן באַן־ליניע אויפן וועג קיין סווערזשנע, פון די פאַרקויפטע הושענות־געלט האָבן מיר געקויפט „ניצנים" ביכלעך.

צו יענער צייט איז אויך געקומען פון רוסלאַנד קיין סטויבץ דער לערער יאָסעלעוויטש ז"ל מיט זיין פאַמיליע, און

עס איז געגרינדעט געוואָרן די „תרבות"־שולע. ביים גרינדן די שולע איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן די אָנהענגער פון דער שולע און די אָנהענגער פון דער תלמוד־תורה. ווען יעדער צד וויל פאַרנעמען דעם בנין פאַר זיך. אין קאַמף קעגן יאָסעלעוויטשן זענען געשטאַנען הרב ר' יהושע ליבערמאַן ז"ל און גוטל באַרסוק ז"ל. צום סוף איז דער קאַמף אַנטשידן געוואָרן לטובת דער תרבות שולע.

אַ טייל פון סטויבצער געדענקען נאָך זיכער דעם חדר אין גאַסיקן בית־מדרש פון מלמד מיכאל באַרישאנסקי ז"ל. ר' מיכאל איז געזעסן ביי אַ לאַנגן טיש און האָט מיט אונדז געקנעלט־געלערנט תורה. דעם לאַנגן דינעם שטעקל, האָט ער פון זיין האַנט ניט אַרויסגעלאָזט. איך ווייס ניט נאָך היינט צו טאָג, צי וואָלט ער זיך מיט אונדז אַן עצה געגעבן אָן דעם שטעקל. הגם ער האָט זיך מיט אים זעלטן ווען באַנוצט, און אויך דאַן איז דער ראָזמאַך געווען פיל שטאַרקער ווי דער קלאַפּ. די שול איז געווען אין אַ גוייש געסל און אין די פּאַוזעס פלעגן ניט פעלן שקצימלעך וואָס פלעגן מיט אונדז מלחמה פירן, פאַרשטייט זיך, מיט שטיינער. די זעלבע שקצים פלעגן אונדז אָפּוואַרטן אויפן וועג אין חדר. איך וועל ניט פאַרזיכערן, אַז אין דעם זענען זיי געווען שטענדיק די שולדיקע.

ס'איז אויך אַנטשטאַנען אין סטויבץ אַ מכבי־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ספּאָרט. איבערהויפּט, האָט מען זיך דאַן אָפּגעגעבן מיט פוטבאָל, און דער ספּאָרט־פּלאַץ איז געווען אויפן צווייטן זייט ניעמאַן.

סטויבצער יוגנט איז געווען צעטיילט אין פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. אויך דער „בונד" איז געווען שטאַרק פאַרטראָטן אויף דער יידישער גאַס. די ציוניסטישע יוגנט האָט רעאַליזירט איר אייגנאַרטיקן וועג צו באַקומען די העגעמאָניע אין שטאָט. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געפירט איר באַזונדערע טעטיקייט. די איינציקע נייטראַלע באַזע, ווו די אַלע אָרגאַניזאַציעס פלעגן זיך צוזאַמענקומען איז געווען די „קרן־קיימת" טעטיקייט און אין אַ קלענערער פאָרעם אויך דער „החלוץ". דער צענטער פון דער „קרן־קיימת" טעטיקייט איז געווען ביי באַרסוקן אין הויז. חנה ווי אויך איר טראַגיש־אומגעקומענער ברודער נח באַרסוק, האָבן אין דער „קרן־קיימת" אַרבעט געזען זייער ציל פון לעבן. איין מאָל אין מאָנאַט פלעגן פאָרלעך אַרויסגיין איבער די הייזער אויסליידיקן די „קרן־קיימת" פּושקעס. דער טאָג פלעגט כמעט שטענדיק זיין זונטאָג, ווייל דאַן פלעגן די מערהייט שילער און אויך דערוואַקסענע זיין פריי פון זייער באַשעפטיקונג. מען פלעגט אויך אָרגאַניזירן בעלער, און די הכנסה פלעגט זיין קודש פאַר „קרן־קיימת". ערב ראש־השנה, פלעגט אויך אָרגאַניזירט ווערן אַ „קרן־קיימת" פּאָסט צום פונאַנדערטיילן ווונטש־קאַרטן צום נייעם יאָר. די יידישע באַפעלקערונג, האָט זיך גערן געניצט מיט דער פּאָסט און דאָס פלעגט אַריינברענגען אַ גרויסע סומע פאַרן פאָנד. די בריוו־טרעגער זענען געווען די חברים פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

איך האָב מיינע יוגנט־יאָרן פאַרבראַכט אין „גורדוניה" און פון דאָרטן געשעפּט מיינע ציוניסטישע אידעאַלן. די גרינדערס פון „גורדוניה" זענען געווען די אַקטיווע חברים פון התאחדות, ווי חנה באַרסוק, נח באַרסוק, אהרון טוניק (זשאוועס) א"אַ. די „גורדוניה"־אָרגאַניזאַציע האָט ניט באַוויזן זיך צו פאַרברייטערן. זי איז פאַרבליבן אין אַ ענגן קרייז. דאָך פלעגט דאָרט געפירט ווערן אַ דערציאונגס־טעטיקייט. באַזונדערס טעטיק זענען מיר געווען אין די זומער מאָנאַטן.



**אַ גרופּע פּריזיוווניקעס פון יאָרגאַנג 1910**

זיצן פון רעכטס: מאיר רבינוביץ, יוסף צערצעס, חיים קומאק, יוסף אגינסקי, מרדכי סאָפּאָזשניק; שטייען פון רעכטס: אייזיק באסקין, בערל גורפינקל, שמואל מילצענזאָן, מוליע קומאק, ברוך מוצניק.




**פרייהייט**

זיצן פון רעכטס, שורה **1: אברהם ליס, זושע קלאצוק, אלחנן ראדונסקי; זיצן פון רעכטס: שורה 2**: ליבע ראָזאָווסקי, רחל מוצניק, איסר ראבינאָוויטש, אומבאקאַנט, **הירשל קומאק, יעקב** וואָדאָנאָס, צביה ברוכאנסקי; שטייען פון רעכטס: גרשון רבינאָוויטש, קלוטש, ליבע קלוטש, ברוכאַנסקי, לייבל באָרסוק, מוצניק.

מען פלעגט אַרויספאָרן אויף זומער־קאָלאָניעס אין דער אומגעגנט צוזאַמען מיט ניעסוויזער, ווילנער און אַרומיקע סניפים.

מיר האָבן אויך אַמאָל פּרובירט צו גרינדן אַ הכשרה־קיבוץ. אַ גרופּע פון אונדז איז אַרויס אין ניקאלאיעווטשינער ציגעלניע און האָבן דאָרט געאַרבעט ביים אָנלאָדן און אויסלאָדן די אויוונס ווי אויך אַנדערע אַרבעטן. עס זענען מיט אונדז דאַן געווען אויך חברים פון וואָלקאָוויסק, ווילנע און לאָדז. דער קיבוץ האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן.

אינטערעסאַנט פלעגן פאַר אונדז זיין די אויספלוגן אין אין כ׳ תמוז. עס דערמאָנט זיך מיר אַן אויספלוג אין סעניאַווער וואַלד. אין דעם אויספלוג האָבן אויך אָנטייל גענומען דער „השומר־הצעיר” און סווערזשנער „גורדוניה”. אין וואַלד האָט יעדע אָרגאַניזאַציע געמאַכט אַ באַזונדערן לאַגער. דער אויספלוג איז פאַראייביקט געוואָרן אויף אַ געמיינזאַם בילד פון אַלע אָנטיילנעמער. שפּעט אין אָוונט איז די גורדוניה־יוגנט צוריקגעקומען אין שטאָט אין געשלאָסענע רייען און מיט אַ געזאַנג אַריינגעמאַרשירט אין די גאַסן ביז צום מאַרק. דער אַריינמאַרש אין מיליטערישער אָרדענונג און מיט אַ הילכיקן געזאַנג, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער קריסטליכער באַפעלקערונג, און אַ לאַנגע צייט נאָך דעם האָט מען געקענט הערן זינגען דאָס ליד „קדימה הפועל”. די סטויבצער יוגנט, האָט בכלל ליב געהאַט צו שפּאַצירן אין די אַרומיקע פעלדער און וועלדער. עס איז נאָר געווען גענוג צו אַריבערגיין דעם בריקל ביים וואַסער־מיל און מען איז שוין געווען אין דעם אָקינצ׳יצער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן ווייט אויף צענדליקער קילאָמעטערס. אויפן צווייטן זייט פון ניעמאַן אַרום צוויי קילאָמעטער פון שטאָט איז געווען דאָס סעניאַווער וועלדל, אַן איבערבלייבעניש פון אַמאָליקן גרויסן סעניאַווער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אויף ביידע זייטן פון דער באַן־ליניע און ווייט הינטער דער יואפּניצע. נאָך די קאָנקאָלאָוויטשעס האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסיוון פון קרוגליצער וואַלד.

אין די זומער־מאָנאַטן פלעגט דער הויפּט־שפּאַציר־פּלאַץ פון דער באַפעלקערונג זיין דער בריק איבערן ניעמאַן און דער „סענאַקאָס” (היי־פעלדער). אַהין פלעגן גאַנצע פאַמיליעס אַרויס אין די שבת־אָוונטן, און אַנזעטיקן זיך מיט דער אַראָמאַטישער לופט פון פריש־געשניטענעם היי. די שפּאַצירן פלעגן זיין באַליבט באַזונדערס ביי אונדז קינדער, ווו מיר האָבן זיך געלאָזט וואַלגערן אין פאַרשיידענע קונדסים־שפּילן צווישן די אָפּגעשניטענע קופּעס היי. פאַרשטייט זיך, אַז די שפּילן פלעגן שטענדיק פאַרשטערט ווערן דורך די בעלי־בתים פון דעם היי, וועלכע פלעגן אונדז פון דאָרט צעטרייבן.

דער ניעמאַן איז באַקאַנט יעדן סטויבצער פון זיינע פריסטע קינדער־יאָרן. צו זיינע ברעגן פלעגט מען לויפן אין יעדער פרייער מינוט. באַזונדערס באַלעבט פלעגן זיין זיינע ברעגן אין די זומערדיקע פריי־טיק־טעג. גרויס און קליין

פלעגן זיך טובל זיין אין זיינע וואַסערן און פלעגן זיך אונטערגעבן דער שטיפערישער אַטמאָספערע אַרום. עס האָט ניט געפעלט אויך פאַרשיידענע שפּיצלעך וואָס איינער דעם צווייטן פלעגט אָפּטאָן. דער באַליבטער שפּיצל פלעגט זיין צו מאַכן יענעם אַ קנופּ דורך פאַרבינדן די אַרבל פון העמד און באַנעצן דעם קנופּ אין וואַסער. חברה פלעגן אויסשיסן מיט אַ געלעכטער ווען דער קרבן אַרויסגייענדיק פון וואַסער, פלעגט ציטערנדיק פון קעלט זיך באַמיען אויפבינדן דעם קנופּ.

אין די זומער־אָוונטן איז דער ניעמאַן געווען פול מיט שיפלעך פון פאָרלעך און גרופּן.

אין די ווינטערדיקע שבתים און זונטיק־טעג פלעגט דער פאַרפרוירענער ניעמאַן זיין פול מיט קאָנקעס־פאָרערס און סתם צוקוקערס. עס איז געווען איינגענעם צו האַלטן צעשפּרייט די פאָלעס פון רעקל און לאָזן זיך טראָגן דורכן ווינט איבערן אייז קילאָמעטערס ווייט מיט אַ געשווינדקייט.

פורים־צייט פלעגט דער ניעמאַן זיך באַפרייען פון דעם אייז־צודעק. זיינע וואַסערן פלעגן זיך צעגיסן ווייט איבער די ברעגן און באַדראָען די שכנותדיקע געסלעך, וועלכע פלעגן פאַרפלייצט ווערן מיטן וואַסער. אַ סך מאָל איז דאָס וואַסער געשטיגן אַזוי הויך, אַז מען האָט געמוזט באַנוצן שיפלעך, כדי צוקומען צו די פאַרפלייצטע הייזער. אין אַזעלכע טעג פלעגן זיך אויפן הילצערנעם בריק געפינען סאַפּיאָרן און פייערלעשער און פלעגן מיט לאַנגע באָסאַקעס אָפּשטויסן די גרויסע שווימענדיקע אייז־שטיקער, עס זאָל זיך ניט טרעפן אַ „זאַפּאָר" ביים בריק כדי ניט צו באַדראָען אים, טראָץ דעם וואָס עס זענען געווען אויסגעבויטע „לאָדאָרעזן", וועלכע האָבן געדאַרפט שיצן דעם בריק. דער אייזגאַנג איבערן ניעמאַן איז געווען אַ צוציענדע אַטראַקציע פאַר דער באַפעלקערונג.

מאַנכע מאָל פלעגן די באָסאַקעס ניט גענוג זיין צום פאַרמיידן דאָס אויפקלייבן זיך פון אייז־שטיקער און דאַן פלעגט מען דאָס אייז צעשפּאָלטן מיט אויפרייס־מאַטעריאַל. עס האָט אויך אַמאָל פּאַסירט, אַז איינער פון די סאַפּיאָרן איז אַראָפּגעפאַלן פון בריק צווישן די אייזשטיקער און איז דערטרונקען געוואָרן. מען האָט זיין קערפּער ניט געפונען. ערשט אין איינעם פון די זומער־טעג, האָט עמעצער ביים באָדן אַרויפגעטראָטן אויף אַ האַנט, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון זאַמד אונטערן וואַסער. אַזוי איז געפונען געוואָרן דער קערפּער פון דערטרונקענעם זעלנער.

ניט קיין קליינעם פּלאַץ אין שטעטל האָט פאַרנומען די „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע". די מערהייט פון די פייערלעשער און די קאָמאַנדירן זענען געווען יידן מיט שמואל טוניק ז"ל בראש. זיי פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין די זונטיק־טעג צו זייערע איבונגען און פלעגן מאַרשירן איבער די גאַסן מיט זייער אָרקעסטער בראש. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מאַרש פלעגט שטענדיק פאָרקומען אין דער באַגלייטונג פון הונדערטער קינדער אַרום.

די צענטראַלע געשעענישן און פאַרזאַמלונגען פון דער סטויבצער יידישער באַפעלקערונג פלעגן פאָרקומען אין דער גרויסער שול. דאָרטן פלעגט מען זיך צוזאַמענקלייבן הערן אַ מגיד, אַ רעדנער פון „קרן־קיימת" אָדער „קרן־היסוד". דאָרטן פלעגן פאָרקומען פּראָטעסט־מיטינגען קעגן דער מאַנדאַטאָרישער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל. דאָרטן פלעגן אויך פאָרקומען פאַרזאַמלונגען פון סוחרים־פאַראיין, פון דער יידישער באַנק־קאַסע, גמילות־חסד־קאַסע א"אַ.

דאָס יידישע סטויבץ איז געווען אַ לעבהאַפטע קאָצענטרירטע קהילה. עס האָבן אויך דאָרט ניט געפעלט קריגערייען וועגן רבנים בענקלעך, פּאַרטייאישע ויכוחים אאַ"וו. עס האָט זיך אין שטעטל פון שטענדיק אָן געפונען אַ שטאָלצע יידישע יוגנט, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט מיט ווירדע יעדן אַנטי־סעמיטישן אָנגריף.

פון דעם אַלעמען איז געבליבן בלויז אַ בינטל זכרונות מיט דעם פיינלעכן באַוווסטזיין פון דעם גרויסן ברודער־קבר, וואָס איז פאַרבליבן צווישן די חורבות אָן אַן אויפזיכט.

# לייבל מירסקי / סטויבץ אין מיין זכרון

איך געדענק, דאָס אין יאָר 1918 האָט מיר מיין מוטער געפירט ביים האַנט צו וואָלף טוניק אין שטוב, ווו עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ „חדר". דער לערער איז געווען מאיר יוסף שוואַרץ. ער האָט פאַרהאָנגען די פענצטער וואָס האָבן זיך געוואָנדן צום ניעמאַן, כדי די תלמידים זאָלן זיך נישט פאַרקוקן אויף די גענדז וועלכע שווימען אויפן ניעמאַן.

אַזוי האָבן מיר געלערנט אַ האַלבן „זמן". נאַכהער האָט מיך די מוטער אַוועקגעפירט אין גאָסיקן בית־מדרשל אויף דער פּאָטשט־גאַס ווו מיר האָבן געלערנט אין בשותפותדיקן חדר פון די מלמדים אברהם חייט און מיכאל באָרישאַנסקי. איך געדענק זייערע ליכטיקע פנימער, ווי זיי פלעגן וועלן מיר זאָלן וואָס מער דערגרייכן אין די לימודים. געשלאָגן האָט מיך אברהם חייט ז"ל מיט זיינע „לאָקשן", פאַר פאַרטייטשן „ויתרוצצו הבנים בקרבה" — „האָבן זיך געטאַראַ־

פּעצ'קעט די קינדער אין בויך". אין יענער צייט, האָט אין דער ווייבערישער שול פון דעם דאָזיקן בית־מדרש געוווינט אַן אַלטער ייד, אָן אַ משפּחה, וועלכער האָט אויסגעדינט אין ניקאָלאַיעווסקער אַרמיי 25 יאָר. ער פלעגט אונדז דערציילן מעשיות ווי מען האָט אים געכאַפּט קליינערהייט. מיר פלעגן אויפמערקזאַם אויסהערן די דערציילונגען. נאָך דעם ווי עס האָט זיך פאַרפעסטיקט די פּוילישע מאַכט, האָט מען פאַרבאָטן צו לערנען אין בית־מדרש ווי נאָר מיר פלעגן דערזען אַ פּאָליציאַנט, פלעגן מיר זיך צעלויפן פון בית־מדרש. שפּעטער זענען מיר איבערגעגאַנגען צו אברהם חייט אין שטוב. אברהם חייט'ס פרוי איז געווען אַ גרויסע קענערין פון לשון־קודש און איך געדענק ווי זי פלעגט מיר העלפן לערנען און צוגרייטן די לעקציעס, געהייסן האָט זי צביה. זיי האָבן געוווינט ביי יצחק איזגור. אין יאָר 1922 האָבן מיר שוין געלערנט

אין „תרבות״־שולע אונטער דער אָנפירונג פון יצחק יאָסע־לעוויטש, וועלכער האָט אָנגעהויבן, צוזאַמען מיט דער דער־ציאונגס־אַרבעט, אויך אַ קאָלאָסאַלע ציוניסטישע טעטיקייט. אין דער זעלבער צייט, האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די ציוניסטישע יוגנט אונטער דער אָנפירונג פון בעבע חרחורים (בן־ירוחם) און יוסף קאַרפּ. ס׳קלינגט אין מיינע אויערן די ערשטע ליד: „יש לנו ארץ ושמה פלשתינה, שמה אוכלים דבש וגבינה״. שפּעטער האָט דער דרוקער נפתלי קליבאַנסקי אָרגאַניזירט דעם „השומר־הצעיר״. דער העכסטער קלאַס פון דער „תרבות״ שולע איז אַריין אין „השומר־הצעיר״. מיר זענען אַריינגעצויגן געוואָרן מיט יוגנט־ברען אין דער אַרבעט פאַר ארץ־ישראל. דער עמוד־התווך איז געווען יצחק יאָסע־לעוויטש. אונטער זיין אָנפירונג האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַ־ניזירן דעם קרן־קימת און קרן־היסוד. אייביק וועט פאַר מיר שטיין די געשטאַלט פון אונדזער לערער יצחק יאָסעלעוויטש, וועלכער האָט אין אונדז איינגעפלאַנצט דעם פּאַטריאָטיזם אין ציוניזם. די שומרים פלעגן טאָן אַלע סאָרטן אַרבעט כדי צו פאַרדינען אַ גראָשן פאַרן קק״ל, האַקן האָלץ אאַז״וו. און איך פלעג אַפילו כאַפּן מייז ביי שאול מעקלער אין תבואה־קרעמל און קריגן דערפאַר 50 גראָשן פון אַ קאָפּ. דאָס אַלעס איז געטאָן געוואָרן אויסער די חודשדיקע אַרבעט ווי אויסליידיקן די פּושקעס פון קק״ל.

אין שטעטל האָט אויך ניט געפעלט קיין מחלוקת. פון איין זייט האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די רעוויזיאָניסטן מיטן „בית״ר״, און אויך די בונדאָווצעס, וועלכע האָבן געגרינדעט עטלעכע מאָל עפענען אַ „יידישיסטישע״ שולע. די ציוניס־טישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „השומר־הצעיר״, „גורדוניה״, „בית״ר, „פרייהייט״, פלעגן אָרגאַניזירן טיולים אין סיניאַווער וואַלד, וווּהין ס׳פלעגט קומען די גאַנצע יידישע באַפעלקע־רונג. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען אונדזער חבר יצחק חרחורים, וועלכער איז אומגעקומען אין רוסלאַנד, און האָט נישט דער־לעבט צו זען די אויפבליאונג פון ארץ־ישראל, פאַר וועלכער ער האָט אַזוי פיל מי אַפּגעגעבן. ערע זיין אָנדענק!

דעם 17טן סעפּטעמבער 1939 איז אונדזער ברוזינדיק לעבן אַפּגעשטעלט געוואָרן...

4 יאָר בין איך געווען אין דער רויטער אַרמיי, פּאַרטיי־דיקט מאָסקווע, באַפרייט פּראָג און איינגענומען בערלין.

מיין לעצטער באַזוך אין סטויבץ

דער אויסזען פון אונדזער שטעטל אין די יאָרן 1956/57 איז געווען שוידערלעך, ממש ניט צו דערקענען. דער ברודער־קבר אויף זאַיאַמנער וועג איז פריי פון אַלע פּאַסטעכער, וועלכע האָבן אויסגעגראָבן מתים און געזוכט גאָלדענע צייִ־נער. אויף מיין ווענדן זיך צום הויפּט־ראַט פון סטויבץ אין יאָר 1957, ווען איך האָב דאָס אָנגעצייגט, איז קיין ענטפער ניט געקומען. איך האָב אויפגעקליבן די ביינער און קעפּ פון מיינע בעסטע שטעטלדיקע פריינד און חברים און געבראַכט זיי צוריק צו קבר־ישראל, געזעגנט זיך מיט זיי און פאַרלאָזן מיין שטעטעלע סטויבץ דעם 14.3.58.



אברהם מירסקי, זיין שוועסטער יוכבד (יאָכע) מיט אירע קינדער

## יחזקאל רוסאק יאהאנעסבורג / אַ. געהאַלטן וואָרט...

שוין פיל יאָרן זענען פאַרביי, און אַז איך דערמאָן זיך פון די קינדער־יאָרן, וואָס פאַר אַ שטיפערס איך און מיינע חברים זענען געווען, לאָזט זיך עס קוים גלויבן. די שפּיצלען וואָס מיר פלעגן אָפּטאָן איינער דעם צווייטן ווי אויך צו דערוואַקסענע, איז פשוט אומגלויבלעך. קיינער מיט אַ פור און וואָגן, האָט ניט געקענט פאַרבייפאָרן דעם שול־הויף, ווינטער־צייט מיט שניעזקעס ברעכן שויבן, מאַכן די פערד לויפן צעטראָגן, וואַרפן שישקעס אין בערד און אין מיידלשע האָר אאַ״וו.

יעדער באַעוולטער, פלעגט קומען צום לערער אַלטער זיך באַקלאָגן. צו ערשט פלעגט ער צו אונדז ריידן און פּרובירן ווירקן מיט ווייכע ווערטער; אַז עס האָט ניט געהאָלפן, פלעגט ער מיט שטרענגע ווערטער צו אונדז אַפּעלירן; ווען דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, האָט ער אונדז געדראָט אין גאַנצן אַרויס־וואַרפן פון דער „תרבות־שולע. אַפילו דאַן האָבן מיר צו ערנסט זיינע ווערטער ניט גענומען, און ווי געוויינטלעך, ווידער פאַרגעזעצט מיט אונדזערע טייוולאָנישע שטיקלעך.

איבערהויפּט האָבן מיר געפּלאָגט דער לערערין, לאה טילמאַן, וועלכע איז געווען אַן איידעלע, דעליקאַטע, שטילע פרוי, און פון אונדזער קלאַס פלעגט זי זייער ליידן און גאַנץ אָפט געוויינט.

אין אַ געוויסן טאָג, אין מיטן פון אַן אַריטמעטיק־לעקציע, האָט זי מיר אַרויסגערופן צום טאָפּל איך זאָל לעזן אַ פּראָב־לעם.



די „תרבות" שולע

איינער פון די חברים האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז מ'קען ניט הערן מיין דערקלערונג, ווייל איך רייד אונטערן נאָז. דאַן האָבן אַלע שילער אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיקן געלעכטער. ניט קענענדיק קאָנטראָלירן דעם קלאַס איז די לערערין טילמאַן אַרויסגעלאָפן אַ צעטומלטע. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער, איז דער לערער אַלטער מיט איר אַריינגעקומען אין קלאַס און אַלעמען האָט ער אַרויסגעטריבן באַטאָנענדיק דערביי, אַז ער וועט די שטערער ניט אַריינעמען צוריק אין קלאַס, און זיין וואָרט האָט ער געהאַלטן.

# ב. מיין לעצטער ל"ג־בעומר אין סטויבץ

יעדן ל"ג־בעומר פלעגן אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, די תרבות־שולע און די חדר ייִנגלעך גיין אין וואַלד פאַרברענגען דעם טאָג אויף דער פריי אין ספּאָרט און אין טענץ אין א ריכטיקער חלוצישער אַטמאָספערע.

גאָר פרי פלעגן די עלטערע מיטגלידער פון די אָנטייל־נעמענדיקע אָרגאַניזאַציעס אָנקומען אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, צוגרייטן די לאַגערן פאַר די שפּעטערדיקע אָנקומענדיקע יונגוואַרג און פירער. פיל באַזוכער פון שטאָט, זענען געקומען אַלעס בייצוזען.

אַזוי ווי יעדן יאָר, איז אויך אין יאָר 1932, דעם לעצטן ל"ג־בעומר, וועלכן איך האָב פאַרבראַכט אין סטויבץ, זענען מיר אין מיטן נאַכט געגאַנגען צוזאַמענשטעלן אונדזער לאַגער.

דער טאָג איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין און וואַרעם, די לופט האָט געשמעקט מיט אַ זאַפטיקן אַראָמאַט פון די בלומען, ביימער און גראָז.

אַלעס איז געגאַנגען כשורה. נאָך דעם ווי די יונגוואַרג פון אַלע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע פירער זענען אָנגעקומען, האָבן זיך אָנגעהויבן די דערעפענונגס רעדעס, דערנאָך דער פאַראַד. נאָך מיטאָג, האָט מען אָנגעפאַנגען מיט די ספּאָרט שפּילן אויף וועלכע אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט.

אין מיטן שפּיל האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אַ שוואַרצער וואָלקן, עס האָט לאַנג ניט געדויערט און ס'האָט אַ גאָס געטאָן אַ רעגן מיט דונערן און בליצן, פּשוט אַ מבול, יעדער איינער איז געלאָפן זוכן אַ שוץ.

דער בית"ר, צו וועלכן איך האָב באַלאַנגט, האָט אין יענעם יאָר אויפגעשטעלט אַ גרויסן געצעלט, וואָס האָט געקענט אַריינעמען הונדערטער מענטשן, און אין איניקע מינוטן איז עס געוואָרן איבערפולט, מ'איז געשטאַנען געפּאַקט ווי אין אַ שאַכטל סאַרדינען.

ס'האָט לאַנג גערעגנט, די גאַנצע שמחה איז פאַרשטערט געוואָרן. גלייך ווי דער רעגן האָט אויפגעהערט האָט יעדער איינער זיך געקליבן וואָס שנעלער גיין אַ היים, ווייל די שטרעקע אין שטאָט אַריין איז געווען אַ ווייטע.

גרייטנדיק זיך אַהיים, האָבן מיר באַמערקט, אַז אונדזער דגל פון בית"ר, וועלכן מיר האָבן אַראָפּגענומען פון שטאַנג



בית"ר — ל"ג־בעומר אין וואַלד

פאַרן רעגן פעלט פון דעם פלאַץ, ווו מען האָט אים אַוועק־געלייגט, און קיינער האָט ניט געוווּסט ווער עס האָט אים צוגענומען.

פלוצלינג האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ווען עס האָט אַזוי שטאַרק געדעגנט איז אַ חבר פון „השומר־הצעיר" (ניט קיין סטויבצער), געשטאַנען ניט ווייט פון דעם פלאַץ ווו מען האָט דעם דגל אַוועקגעלייגט. ניט זאָגנדיק קיינעם בין איך גלייך געלאָפן צו דעם „השומר־הצעיר"־לאַגער אים זוכן. אַז איך האָב געטראָפן דעם חבר און אים גוט באַטראַכט, האָב איך באַמערקט אַז ער קוקט מיר אויס אומנאַטירלעך דיק. ניט געטראַכט לאַנג, האָב איך אים די העמד אויפגעהויבן און געפונען דעם דגל אַרומגעוויקלט אַרום זיין קערפּער. אַרויס־ציענדיק עס, האָט זיך אַ גרויסער עולם צוזאַמענגעקליבן.

זיינע חברים און אויך אַנדערע האָבן אים שטרענג פאַר־געוואָרפן, פאַר אויסניצן אונדזער גאַסטפריינדלעכקייט, און אין אַזעלכע אומנאַטירלעכע אומשטענדן זאָל ער האָבן באַגאַנגען אַזאַ פאַרברעכן — גאָרניט קיין העלדישקייט.

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן אונדזער אַלעמענס פרייד און דעם רושם וואָס דער אינצידענט האָט געמאַכט אויף אַלעמען, און ספּעציעל אויף מיר.

# אהרן חייט ניו־יאָרק / סטויבץ מיין שטעטעלע
## (פּאָעמע)

מיין חרובער שטעטל — אַ מצבה
מיינע לאַנדסלייט — אַ מתנה.

איך בענק נאָך דיר, מיין ליבע, אַלטע היים,
מיין וויגעלע, מיין מאַמעס שויס, מיין ערשטע ליד;
דאָרט ווו איך האָב פאַרוועבט מיין יוגנט־טרוים,
ווו ס'האָט אין מיר דערוואַכט דאָס „פּינטעלע ייד".

זיס שטעטל מיינס! אַ שטייסט פאַר מיר אין פולן חן,
די הייזעלעך, די גאַסן און דער מאַרק,
כאָטש געווען ביסטו ווי אַ „טל־ומטר" קליין,
אין האַרץ ביסטו איינגעבאַקן, כ'ליב דיך אַזוי שטאַרק.

אַט שטרעקסט דו זיך אידיליש ביי דעם „ניעמאַן"־טייך,
ווו ס'שלענגלט זיך אַ שטיפּערישער וואַסער־שטראָם,
עס האָבן דיינע וואַסערן דערפרישט סיי אָרעם און סיי רייך,
און איבער זייער נאַסן רוקן זיך געשיפלט דעם „פּאַראָם".

און אַט מיין הייזעלע, ווו די באָבע האָט מיך געוויגט,
מיט טענער זיסע אייגעשלעפערט ס'פּיצל קינד,
דערביי אויף פרענטעלעך אַ זאַקביים קורניקל געשטריקט,
דערציילט פון וועלט און מענטשן, זויבער־ריין פון זינד.



פּאַראָמנע גאַס

אָט ווידער הער איך מאַמעס צאַרטן קול,
וואָס שבת בין השמשות טריפט ווי אָוונט־טוי,
„גאָט פון אברהם" — פליסטערט צנועהס כשר מויל,
און „שטערן דריי" זי זוכט אין טיפן הימל־בלוי.

און אָט דער אַלטער חדר, מיין יניקה־קוואַל,
און צווישן רבי, טייטל־קאַנטשיק, שמיץ,
פעדעמט זיך אין קאָפּ אַ ליכטיק־העלער שטראַל,
שוועבט דורך אַ רש"י, תוספות, מיט אַ שאַרפן בליץ.

מיין ליב און טייער שטעטל, מיין חלום אויפן וואָר,
מיט יידן אָן עין־הרע אַ גאָר היפּשן קהל,
כלי קודש, קרעמערלעך און גבירים — אויך אַ פּאָר,
ס'רוב „עמך", בעלי מלאָכות, געשפּאַנט אין שווערן עול.

חיונה מאָגער, קאַרג, דער פּדיון קליין און שוואַך,
קיין אייגן גראָשן, אַלץ געפירט אויף באָרג און ליי,
און זעט אַ חידוש, אַזאַ מערקווירדיקע זאַך,
פאַרגונען זיך שמשים צוויי און זאָגאַר רבנים דריי...

הרב ר' יהושע, דער „שמן זית זך",
זיך קוים אַדורכגעלעבט פון „הייוון אויפן לייט",
מיט תורה שטעטל געהייליקט יום טוב, שבת, וואָך,
מיט יעדן אָרעמאַן געטיילט דעם ביסן ברויט.

ר' משה פון זאַבלודאָווע, פאַר ווייבערשן נאַראָד,
דערנערט זיך פון צדקניות, וועלכע אים אַהער געבראַכט;
הרב סאָראָצקין, עס איז גאָר געווען קיין סוד,
געהאַלטן זיך דורך „מעטריקעס" און כוח פון דער מאַכט...

ר' אליהו, עלטסטער שוחט, אַ ייד, אַ צוקער־זיס,
ביים קצב אַ בהמה פלעגט ער קוילענען אין שטאַל;
און אַלס געניטער מוהל געלאַדן צו יעדן ברית,
צו תשובה יידן וועקן פלעגט זיין שופר־שאַל.

ר' שלמה שוחט, אַ ייד גאָר אָן אַ גאַל,
מיט האַרץ אַ וואַרעמער און ברייט־אָפענע הענט;
האָפענונג, הילף און טרייסט געטראָגן איבעראַל,
ניט איינמאָל פאַר אַ „פרעמדן חוב" געצאָלט אַ הויך פּראָצענט.

ר' יוסף חסיד, אַ שטילער, ליבער ייד,
ניט מיד געוואָרן שלעפּן זיך פון הויז צו הויז,
פון פּרוטות קייט פון עכטער יידישקייט געשמידט
אין „יורזדיקעס" ישיבה און אין קלויז.

ר' מאיר'קע, דער „געלער", איר געדענקט אים, דעם „טשודאַק"?
מיט שפּיי און קרים פון נאָז גאָר אויסגעלאַכט די וועלט;
אין מיטן מאַרק געשטעלט זיך טאַנצן אין אַ זאַק,
פאַר תלמוד תורה אָפּגעגעבן דאָס גאַנץ „ספּעקטאַקל־געלט".

און דוד כאַשע לאה'ס, קנאי, פּיאָנער,
פאַר „קוצו של יוד" אויף קרבנות גרייט,
געבראָכן יעדן צאַם, אַ יעדערע באַריער,
אַ נייע „יונגע סטויבץ" אין תורה־גייסט געבויט.

דער „לערער אַלטער", טרייער ציון־וועטעראַן,
מיט יוגנטלעכן שוווּנג און זילבער־גרויע האָר,
געשיכטע האָט געשאַפן אָט דער בראַווער מאַן,
ציון־אידעאַלן פאַרפלאַנצט אין האַרץ פון דור.

און ווער פון אייך געדענקט ניט מאָטעלע מאַכטיי,
דעם בליציק־שאַרפן מוח, דאָס קאָך־לעפל פון שטאָט;
ראַבינער, לאַוניק, יידישער נאָטאַר, „אוטשאָני יעווריי"
אין „הויכע פענצטער" אָנגעשפּאַרט צו אָפּשרייען געבאָט.

דערמאָנט איר זיך דעם ביאַליסטאָקער יונגערמאַן, דעם פּראַנט,
דעם גבאי'ס ווילן איידעמל אויף קהל'ס פּעטע קעסט,
מיט פּאַפּיראָס און שטעקעלע ווויליונגעריש געשפּאַנט,
און שטעטל פאַר „נאָז" געפירט ביי זיך אין קהילה־נעסט.

ר' שואל פון דעם מרחץ אונדזער קאַרלסבאַדער שפּריץ,
אויף פּסח פלעגט ער כשרן אין קעסל ס'גאַנצע שטאָט,
אויפן „פּאָל" די שענסטע יידעלעך מכבד געווען מיט שמיץ,
און אַלע בעלי בתים האָט ער געהאַט אין „באָד".

זלאַטע מיניעס מיידלעך ביז סאַמע גרויען צאָפּ
אויף זיווג און באַשערטן געדולדיק אַלץ געוואַרט,
זייער „פאַרכאַפּטן אייגנטום" געהיט ווי אויג אין קאָפּ
פון „טשופּיקס פּלאַץ" מיט בעזעמער נאָך מאַרק־טעג
שמוץ פאַרשאַרט.

חאַנטשעס טעכטער אין „ראַד קראָמען", טיר ביי טיר,
זיך שטענדיק אָנגעטאָן צו להכעיס ווי אויף געוועט,
אייביק ברוגז, אָנגעבלאָזן ווי אַן אמתער געשוויר,
איינע ביי די אַנדערע אויף שידוכים אָנגערעדט.



אברהם סאַדאָווסקי

**אברהמ'ל פול־פול, דער „גאַזעטשיק" און קולטור־טרעגער,**
**פון פאָלק,**
**פלעגט שחרית דאַוונען ביזן האַלבן טאָג מיט אייפער**
**און מיט פלייס,**
**דאַן צום וואָקזאַל נאָך בלעטער לויפן אָן סדר ,אָן אַ טאָלק,**
**און קומען אָונט־צייט מיט „האַלב־געבאַקענע נייעס".**

**און טאָמער אויף „פּאַראָמנע" הערט איר אַ געוואַלט,**
**מיט אַ געבראַזג פון טעלער און גרילץ פון ליימענע טעפּ ;**
**ניט חידושט זיך: דער קאַמף איז שוין גאַנץ אַלט:**
**די „גלעזערקע" און אבא ידידי'ס ברעכן זיך די קעפּ.**

**שמואל כאַשע בריינעס מיט מעדאַלן פול באַדעקט,**
**מיט „קאַסקע" אויפן קאָפּ, קנעפּ מעשענע און מונדיר,**
**זיך בלאָזן ברייטלעך ווי עס קומט אים דער רעספּעקט:**
**נאַטשאַלניק פון פּאָזשאַרנע, ווער איז דען גלייך צו מיר ?**

**ר' ליפּאָ דאָרסקי, אַ ייד אַ טייערער מיט גאָט און האַרץ,**
**האָט מיטגעפילט דעם קרעמערס און האָרעפּאַשניקס נויט,**
**צו העלפן זיי פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט דאָס שוואַרץ,**
**אַ גמילות־חסד־קאַסע מיט הלוואות אויפגעבויט.**

**אין קהל־שטיבל איז אָונט־צייט אַ טומל, אַ יריד,**
**געצל ביי דער קאַסע און ראובע ביי דעם בוך,**
**עס לייט און צאָלט דאָ אויס דער הענדלער און דער שמיד**
**און ברענגט אַהיים אַ זעקל מעל, אַ בגד און אַ שוך.**

**מרדכי פייוול פעשע ריוועס, אַ ייד מיט אַ געפיל,**
**אין מיטן נאַכט פלעגט לויפן: און מיינט ניט ס'איז אַ וויץ,**
**אַ פענכער ליאָד אַ קראַנקן ברענגען אין דער שטיל**
**געלייגט צוקאָפּנס, אַ סגולה אַראָפּוואַרפן די היץ.**

**יוסף דער מאַלער האָט טאָג און נאַכט געשטרעבט,**
**צו ברענגען הילף אין נויט, ווען ביטער איז דער טעם,**
**דורך „ביקור חולים" דאָקטאָר, מעדיצין, רעצעפּט,**
**געהיילט דעם אָרעמאַן מיט טראָפּן, פּיל און גראַם.**



**אַ גרופּע סטודענטן**

ערשטע שורה, זיצן פון רעכטס: ד"ר אהרן לעווין, 2 קריסטן ; צווייטע שורה, שטייען פון רעכטס: אומבאַקאַנט, ד"ר יצחק עפּשטיין, סאָניע קאַנטאָראָוויטש, אדוו. אהרן חייט, טאַניע וואָלפסאָן, יואל לוסטערמאַן, ד"ר יעקב אַקסלראָד.

דער אַלטער ר׳ ידידיה, אַ שוסטער גאָר פון פאַך,
חיונה געצויגן פון דראַטווע און פון נאָל,
ווו נאָר אַ צער, אַן אומגליק געשטאַנען אויף דער וואַך,
אַ מזג טוב, געשטיצט, געהאָלפן אָן אַ צאָל.

תנא אלי שאול׳ס, דער תקיף פון אַ שטאָט,
אין שול די גרעסטע דעה מיט האַרבן וואָרט געזאָגט,
פאַר קצב, בעל עגלה זיין ווונק געווען — געבאָט,
ווייל גאַסט־הויז און די „מאה״ האָט ער טאַקע פאַרמאָגט.

לייבע אסתר׳קעס דער חברה־קדישא אטאמאַן
דעם אָרעמאן געטאָן „דאָס רעכט״ שלא על מנת לקבל פרס,
ט״ו כסלו צו דער סעודה געפירט דעם גאַנצן שפּאַן,
פון אַ רייכן בר־מינן „געריסן שוין אַ פּאַס״.

אברהם דער וואַטניק ביים עמוד טריי געדינט,
אין באַנק און גמילות־חסד געצירקלט מיט דער פען,
ביי אים אין חדר געלערנט אַ יעדן הויזגעזינד...
ניט איינער האָט אים צו פאַרדאַנקען אַלץ וואָס ער ווייס
און קען.

דער „פרויען־קאָמיטעט״ די מאַמעס פון דער שטאָט,
צו זיי אַ שווער געמיט האָט שטענדיק זיך פאַרטרויט,
געהאָלפן מיט אַ ביסל געלט און אויך אַ לאַבן ברויט.
ניט געלאָזן די געפאַלענע אויף גורל שווער באַראָט,

מיין היימשטאָט טייערע, מיט יידן מיוחסים,
געהאַט האָסטו אָן עין־הרע פון יעדן סאָרט און מין,
אַפילו איינעם וואָס פלעגט די „צאן קדשים״,
אַריינשמייסן די „מלקות״ ערב יעדן יום הדין.

די יוגנט דיינע, פון שטעטל־געוועב די פעדעם,
געקאָכט זיך אין דיסקוסיע מיט ברען און פלייס און שווונג,
הרצל, טרומפעלדאָר, באָראָכאָוו און מעדעם,
אין היציקער פאַרטיי־מחלוקת געלופטערט שאַרפע צונג.

פרנסה? האַנדל? שווערע אינדוסטרי?
אַ פעסל נאַפט, אַ קייקל קאַלך, אַ בינטל שטרוי.
און פרייע קאָנקורענץ? וואָס הייסט דען און נאָך ווי?
צוליב פדיון פון אַ הערינג זיך צעהרגעט פאַר אַ גוי...




פרויען פאַראיין און יתומים פאַרזאָרגונג

השגות! האָטעל „אייראָפּע” מיט אלקים בעל הבית,
צוויי מענטשן קוים געקענט זיך דורכשפּאַרן אין טיר;
אַ ביטערע איראָניע, אַ חוזק, זייפנבלאָז,
מ׳שטיינס געזאָגט, אַ „קאָנטינענט” פון... איילן פיר אויף פיר.

אידיליש האָט אַ ישוב דאָרט געלעבט,
אַ שיינע עדה יידן אַזוי מיט לייטן גלייך,
אַ קרעפּטיק היימיש לעבן האָט זיך שטיל געוועבט
אין ווילטאָג — אָרעם, אין אינהאַלט — פאַרבנרייך.

ביז... ווי גזלנים פון דעם טיפן וואַלד,
די נאַציס דאָרט גערויבט, געמאָרדעט און געשענדט,
ווי חיות רעות אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט,
די היים און שול פאַרטיליקט און פאַרברענט.

יונג און אַלט אין בונקערס און אין וואַלד,
ווי שמשון קעגן פלשתים דרייסטן ווידערשטאַנד געוואַגט;
גערעכנט זיך מיט רוצחים פאַר שחיטה, שריפה, געוואַלט,
געווען איז עס אָבער דער דראַמעס לעצטער אַקט.

פון וויסטן געטאָ אַיינגעטונקט אין פייער־גלות,
געטריבן האָבן מערדער יעדן איינעם, קינד און קייט,
מיט לעצטן „שמע” צו דער עקידה פון אומשולדיק בלוט,
געגאַנגען דער לויה־צוג אין מאַרש פון טויט.

איצט איז דאָרט שטיל, מיט רויך איז אַלץ אַוועק,
אין גרויסן מאַסן־קבר רוט זייער געביין,
און וויסטער טרויער וואָגלט דאָרט פון עק צו עק,
אַ קדיש זאָגט דער ווינט איבער אַ קאַלטן שטיין.

כאָטש איך בין ווייט פון דיר, פאַרוואָגלט אין אַ פרעמדן לאַנד,
ביסטו ווי דער „סנה” ביי מיר, דער דאָרן־שטאַם,
תחיית־המתים קומסט דו אויף צו מיר פון בראַנד,
אין מיין געדעכעניש ביסטו פריש, ביסטו גאַנץ אין פלאַם.

ס׳האָט מיין אבלות ניט קיין גרענעץ און קיין גרונט,
פאַרנייען וועל איך קיינמאָל ניט דעם קריעה־ריס,
אַזוי וועט טריפן שוין און בלוטיקן מיין ווונד,
אומפאַרהיילט וועט בלייבן אָט דער שלאַנגען־ביס.

עס לויפן יאָרן, אָבער עלנט מיין געמיט,
פאַראַנקערט איז אין דיינע חורבות אַש און שטויב,
דיין יאָרצייט טריי וועט ווערן אָפּגעהיט,
אַ קדיש דיר צום הימל, צום בורא דיר אַ לויב.

ביים צאַנקענדיקן שיין פון יאָרצייט־ליכט,
אַ זון דיינער באַוויינט דיר און ער שווערט,
ניט רוען וועט ער ביז וועסט ווערן אויפגעריכט,
אָ, ליבע סטויבץ מיינע, אויף מאַמע־ציונס ערד.

## ראזע דווארעצקי ניו־יארק / א דעראינערונג

איך געדענק נישט גענוי דאָס יאָר אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די מאַכט האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן און דאָס האָט אויך ניט אויסגעמיטן אונזער שטעטעלע סטויבץ. רוסן זענען אַרויס, דייטשן אַריין, דייטשן אַרויס, פּאָליאַקן אַריין, און מיט יעדן אָפּטריט זענען יידן, יידישע טעכטער, יידיש האָב און גוטס געווען הפקר.

האָדעווענדיק זיך אַלס יתומה ביי מיין פעטער מרדכי פּייוול איז מיין מומע פעשע־ריווע גרייט געווען שטענדיק אונטערשטעלן איר פּלייצע צו באַשיצן און פאַרהיטן מיך פון שלעכטס.

איין מאָל, געדענק איך, איז מען געקומען איינקוואַרטירן אָפיצירן אין אונדזער שאלאש. שנעל האָט די מומע אויסגעגאָסן אַ פלאַש שוואַרצן קאַרבאָל און מיט שרעק אָפּגעבעטן זיך, כלומרשט אַז אין הויז זענען דאָ טיפוס־קראַנקע.

דעם צווייטן מאָל האָט זי זיך אָנגעטאָן אין שמאַטעס כדי אויסצוזען עלטער און זען ווער עס דערנענטערט זיך צו אונדזער הויז און אויסקויפן אונדזער הויז פון אונטער־צינדן.

איך מיטן פעטער האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם, איז געקומען מיין טייערע אומפאַרגעסלעכע מומע, און זי האָט מיר געגעבן אַ פאַטשיילע מיט אַ האַלבן ברויט, און געזאָגט:

„ראָזעלע, מיין קינד, לויף דורך די פעלדער אין דאָרף שעצקי, די דריטע הויז לינקס ווי דו קומסט אַריין אין דאָרף וווינט דאָרטן מאַרטאַ, זאָג איר, אַז דו ביסט לייזערושקאס אַן אייניקל, און זי וועט דיר אויסבאַהאַלטן”.

אַ דערשראָקענע, אַ צעטרייסלטע בין איך געלאָפן און הערענדיק ווי עמעצער גייט, פלעג איך זיך איינבויגן און באַהאַלטן צווישן די קאָרן און אָט בין איך שוין בשלום אין דאָרף.

כ׳האָב אויסגעזוכט מאַרטאַן. די קריסטין האָט מיר גוט אויפגענומען, געגעבן עסן זויער־מילך, קעז מיט ברויט, און זי זאָגט: „דאָרטן אַנטקעגן זיצן נאָך זשידקעס פון סטאָלפּצי”.

איך גיי אַרויס און זע: עס זיצט קושע אַלטמאַן, זיין שיינע שטומע שוועסטער גאָלדע מיט אַ פּיצל קינד משה׳לע, יאָכע שלמה מאיר׳ס (וועלכע איז דערנאָך געוואָרן קושעס פרוי), און יאָכעס אַ שוועסטער מערי.

מען קאָכט קאַרטאָפל אין מיטן הויף אויף אַ דרייפוס אייוועלע, אַלע זיצן אַרום פייער אַזוי ווי ביים טאַטן אין ווייננאָרטן. „ווי רואיק דאָ איז!” טראַכט איך, דאָרטן אין שטעטל איז מען ניט זיכער מיטן לעבן.

מיט אַמאָל לויפט צו דער גוי, ניט טויט ניט לעבעדיק: אַנטלויפט! מען כאַפּט יידן! מיר אַלע האָבן זיך אַריינגעכאַפּט



דער מאַרק־פּלאַץ

אין שטאַל, מען האָט מורא צו אָטעמען, עס ציטערן הענט און פיס. בכדי דאָס קינד זאָל נישט אָנפאַנגען וויינען און וועט אונדז אַנטדעקן, האָבן מיר פון אַ שטיקל ברויט געמאַכט אַ סאָסקע אין אַ שמאַטקע.

אָט הערן מיר ווי עס פאָרן אַריין רייטנדיק אויף פערד פוילישע בלוט־דאָרשטיקע סאָלדאַטן. עפן אויף דעם שטאַל, מיר דאַרפן היי פאַר די פערד, קלינגט אַ באַפעל. דער גוי ליגט אויף דער ערד, וויסנדיק וואָס עס דערוואַרטעט אים, ער פאַרשטייט ניט וואָס מען וויל פון אים.

פלינק ווי אַ הירש גיט קושע אַ לויף צו דעם איינציקן פענצטערל. גיט אַ בויג אויס די אייזערנע גראַטעס און לויט זיין וווּנק הויבן מיר אָן שפּרינגען און אָט ליגן מיר שוין אַלע פאַרטויעט נעבן וואַנט פון שטאַל.

ווען די געפאַר איז אַריבער, זענען מיר געלאָפן צום



**צום אָפּפאָר פון שושנה גערשענאָוויטש קיין ארץ־ישראל**

זיצן פון רעכטס: אברהם צעכאַנאָוויטש, שרה נייפעלד, ראָזע דוואָרעצקי, חיים עפשטיין, העניע אסתרקין, נחום גערשענאָ־וויטש; זיצן שורה 2; ברוך אָקון, ליבע אַלטמאַן, מרדכי מירסקי, שושנה גערשענאָוויטש, אהרן טוניק, חוה וואָלפסאָן, אבא באַגין; שטייען פון רעכטס: מרדכי באָרסוק, ריווע סאָסלאַנד, וועלוול וואָלפסאָן, חוה שלייף, אומבאַקאַנט, איטע וואָלפסאָן, חיענקע סעגאַלאָוויטש, פייגל סראַגאָוויטש, סאָניע לוסטערמאַן.

נאָענטסטן וועלדל, די מורא איז געווען צוליבן קינדס וויינען.

דריי טעג זענען מיר געווען אין וועלדל. מאַרטאַ די קריסטין האָט אונדז דורך אַ פּאַסטעך געשיקט קעז מיט מילך. קושע האָט דאָס אונדז ניט געלאָזט עסן, נאָר דעם קינד האָט ער דערלויבט צו געניסן פון דעם. מיר האָבן זיך דערנערט מיט ווילדע יאַגעדעס פון וועלכע דער מויל איז געוואָרן אַנטצונדן און מיר האָבן באַקומען בויך־ווייטאָקן. זיצנדיק אין אונדזער באַהעלטעניש האָבן מיר געהערט ווי מען רייסט אויף די בריקן אין סטויבץ. קומענדיק אַ היים איז אַלעס געווען צעשטערט. אַלע פון מאַרק האָבן זיך באַהאַלטן אין ווייסן קלויסטער, אין אַ קעלער.

ווער האָט געקענט זיך פאַרשטעלן, אַז גרעסערע שוואַרצע וואָלקנס רוקן זיך אויף פּוילן. און אין יאָרן אַרום — אין דער צווייטער וועלט־מלחמה וועלן פאַלן מיליאָנען אין די שלאַכטן. די יידן ווערן אכזריותדיק אומגעבראַכט דורך די נאַצישע באַרבאַרן, וועלכע דערקלערן אַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג דעם יידישן פאָלק.

אין די גרויזאַמע טעג טרעפן זיך ווידער צוזאַמען קושע אַלטמאַן מיט זיין פּלימיעניק משה'לה. קושע, שוין אַ ייד אין די יאָרן, משה'לע שוין אַ יונגער, שטאָלצער בחור פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. זיי ביידע און נאָך פיל יידן פון סטויבץ און פון נאָך אַנדערע שטעט און שטעטלעך מיט געווער, דערקלערן אַן אומברחמנותדיקן נקמה־קאַמף דער נאַצישער אַרמיי.

קושע אַלטמאַן מיט זיין פּלימיעניק משה'לה אַלטמאַן — ביידע שטאָלצע פּאַרטיזאַנער, וואַנדערן פון די פּאַלעסיער ביז די נאַליבאָקער פּושטשעס קעמפנדיק מיט הערא־איזם און כבוד. זיי זענען דאָרט געפאַלן אין קאַמף קעגן די רוצחים פון יידישן פאָלק.

כבוד זייער אָנדענק.

## ישראל פראשציצקי / א משפחה פון א ישובניק

אַרום סטויבץ זענען געווען איינציקע דערפער, מעזשינקע, אַגאַטשין, פּרושענאַווע און אַנדערע ווו עס האָבן געלעבט יידישע פאַמיליעס.

אונדזער פאַמיליע, די משפּחה פּראַשציצקי, איז געווען אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע און פון דורי־דורות דאָרפס־יידן.

די דאָזיקע דאָרפס־יידן זענען נאָך אין דער מיטן פון פריערדיקן יאָרהונדערט געווען אַ סך אין צאָל, אָבער אין פאַרלויף פון דער צייט, צוליב די גזירות אויף די יידן אין די דערפער, האָט זיך זייער צאָל שטאַרק פאַרקלענערט. די צאַרישע רעגירונג, האָט אין די 80־ער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט פאַרבאָטן יידן, צו וווינען אין די דערפער מיטן אויסנאַם פון די, וועלכע האָבן געקענט באַווייזן, אַז זייערע עלטערן האָבן זיך דאָ באַזעצט נאָך פאַר די איגנאַטיעוו־גזירות.

אונדזער פאַמיליע האָט דאָס געקענט באַווייזן, דערפאַר טאַקע האָבן מיר געהאַט „ווינרעכט", און אונדזער פאַמיליע האָט צעוואָרפן אירע מיטגלידער אין איינציקע מקומות.

נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, זענען די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די יידן און די קריסטלעכע שכנים געווען גאַנץ טאָלעראַנט און אַפילו פריינדלעכע. דערהויפּט האָבן זיך צווישן די קריסטלעכע שכנים און די פּראַשציצקעס אַנטוויקלט גוטע באַציאונגען.

אין אַגאַטשין, האָט געהאַלטן אַ גרויסע קרעטשמע לייבע פּראַשציצקי. ניט ווייט פון דאָרטן אין מעזשינאָווקע, האָט געהאַט זיין וווינזיץ לייבעס פאָטער, גרשון פּראַשציצקי. ער האָט געהאַט 40 העקטאַר באָדן און אויך אַ סמאָלאַרניע, אַ פאַבריקל מיט אויוונס, ווו מ'האָט פּראָדוצירט פון סאָסנאָווע וואָרצלען פעך, סמאָלע, טערפּענטין און האָלץ־קוילן. ניט ווייט, האָט אויך געוווינט חיים פּראַשציצקי מיט זיינע 17 קינדער.

עס דערמאָנען זיך מיר אויך איינציקע יידישע משפּחות פון דאָרפישע יידן אין דאָרף זאַסולע און אין פּרושענאַווע, ווו עס איז געווען דער קרעטשמער מאָטע חאַזאַנאָוויטש. דאָרטן זענען אויך געווען אין יענער צייט אַלפּעראָוויטש אַ וואַלד־אָנגעשטעלטער און י. ראַלניק.

צווישן די דאָרפישע יידן, האָט פון שטענדיק אָן געהערשט אַ גייסט פון ברידערלעכקייט און פריינטשאַפט. פאַר דער דערציאונג פון די קינדער האָבן זיי געהאַט אַ לערער, אברהם וואָלף, וועלכער איז געווען זייער סאָציאַליסטיש געשטימט. אַלע יינגלעך פון דער סביבה פלעגן קומען צו אים לערנען.

אין 1905 האָט אונדזער לערער אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון די פויערן, וואָס האָבן באַאַרבעט די באָדנס ביים גוטבאַזיצער פון הויף פון גראַף טשאַפּסקי אין „פּרושענאַווע". ער האָט גוט אויסגענוצט די שנאה וואָס די אָרעמע דאָרפישע פויערן האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער צום גראַף טשאַפּסקי, און ער האָט אַגיטירט צווישן זיי, אַז די פיינטשאַפט זאָל קומען צו אַן עפנטלעכן אויסדרוק.

אָט דער לערער אונדזערער, האָט דערוואָרבן אַ יונגן שייגעץ איוואַן פון דאָרף פּרושענאַווע צו זיינע סאָציאַליסטישע אידעען — און דער דאָזיקער איוואַן, האָט זיך פאַרליבט אין לאַהן, די טאָכטער פון קרעטשמער מאָטע חאַזאַנאָוויטש און זי איז אַוועק אין אַ דערבייאיקן קלויסטער און זיך אָפּגעשמדט. פון עגמת־נפש, האָט איר פאָטער מאָטע פאַרלאָזט דעם דאָרף פּרושענאַווע און איז אַוועק אין דערבייאיקן שטעטל מאָהילנע.

געוויינטלעך איז מען אין דאָרף געווען שטאַרק דערווייטערט פון יידישקייט, אָבער פאַר ימים־נוראים פלעגט מען אָפּטרייסלען דעם וואָכעדיקן שטויב און די גרויקייט פון פּראָסטן לעבנס־שטייגער. אין אַ צענטראַלן פונקט האָבן מיר געהאַט אַ מנין און מ'פלעגט דאָרט דאַווענען בציבור.

צרות האָבן זיך אָנגעהויבן אין דער ערשטער וועלט מל־חמה, ווייל דאָ גראָד איז געוואָרן די גרענעץ, און צוליב דעם

איז אַ טייל פון אונדזער משפחה אַריבער קיין סטויבץ און אַ טייל אויף יענער זייט רוסישער גרענעץ, אין שטעטל אוזדע.

מיר ווילט זיך דאָ אגב, אָפּשטעלן אויף די קרעטשמעס אַרום סטויבץ און ווי זיי האָבן אויסגעזען אין אַמאָליקע יאָרן.

אין יענער צייט, האָט יעדע קרעטשמע געדינט אַלס אַ אָפּרו־פּונקט פאַר דורכגייערס און דורכרייזנדע. עס פלעגן דורכפאָרן פערד־סוחרים, וועלכע פלעגן פאָרן אויף די מערק־טעג און אויף ירידים.

אַרענדאַרן פלעגן אויך זיין יידן. זיי האָבן געהאַט פּרוכט־גערטנער. אַזוי ווי די ערטער זענען געווען אַרומגערינגלט מיט וואַלד איז זומער צייט דאָרטן געווען אַ שיינער אָפּרו־פלאַץ.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה מיטן אומקום פון די יידן אין מזרח אייראָפּע, זענען די ערשטע אומגעקומען די יידישע משפחות, וועלכע האָבן געוווינט אין די דערפער.

זאָל זיין געהייליקט דער זכר פון אָט דער פאַרצווייגטער פאַמיליע פּראַשציצקי און פון אַלע אומגעקומענע יידישע דאָרפישע משפחות.

## ראזע פעטשעניק־פּרוסינאַווסקי / גוטקעלע

אויף דער נאַדנימאַנסקע גאַס, פאַררוקט אין אַ הויף איז געשטאַנען איינגעהויקערט איר ווייס געקאַלכט שאַלאַשס, וואָס איז אויך אינעווייניק געווען ריין. דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז דאָ וווינען אָרעמע מענטשן, דאָך ריינע און פּינקטלעכע. אין דעם צריף, האָבן געוווינט גוטקעלע, איר טאָכטער חיה׳לע און דער זון ברוך מיט זיין פאַמיליע.

מיטן אונטערוואַקסן פון איר זון פלעגט גוטקעלע טענהן, אַז איר האַרץ דערלויבט איר ניט, אים חתונה מאַכן מיט אַ פרעמדער. זי פלעגט זאָגן: איך האָב אים 5 יאָר געזויגן און געטראָגן אויף די הענט — וועל איך אים אָט סתם אַוועקגעבן ?!...

שפּעטער איז זי בעסער געוואָרן און נאָך דער חתונה — אים אויך אַריינגענומען מיט זיין משפחה צו זיך אין צריף. גוטקעלע פלעגט אין איר שווער לעבן, קיינמאָל ניט פאַרלירן איר גוטמוטיקייט. באַגעגנדיק יונגע פאַרלעך אין גאַס — פלעגט זי זיי אָננעמען פאַר די הענט און זאָגן: „אוי סאַראַ



אהרן גערשאָנאָוויטש

קאַלטע הענט, און מיינע אַזעלכע וואַרעמע" און זי פלעגט באַלד צוגעבן: „נאָט זעט קינדערלעך, קיין איין גרויע האָר, אַלץ שוואַרץ ווי מיט 30 יאָר צוריק". אַלע זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט איר פריילעכקייט און פלעגן גוטמוטיק לאַכן.

איר ווייס געקאַלכטער צריף האָט אויך געדינט אַלס אַ אכסניה פאַר אָרעמע לייט וואָס פלעגן אַרומפאָרן איבער די שטעטלעך זאַמלען נדבות. אין די הייסע זומערדיקע נעכט פלעגן זיך צעטראָגן איבערן שטעטל די געזאַנגען פון אירע אורחים, די אָרעמע־לייט. ביי איר אין אכסניה פלעגן גאַנץ אָפט זיך שליסן שידוכים צווישן די אָרעמע לייט און ס׳איז געווען אגיל ואשמח אינעם שאַלאַש.



נעבן חיה׳ס קיאָסק שטייט מרדכי איזיק גערשענאָוויטש

איר טאָכטער חיה׳לע פלעגט זיך פאַרנעמען מיט באַקן בייגל און קוכן. פאַרטאָג, ווען אַלץ איז געווען איינגעהילט אין אַ טיפן שלאָף — פלעגן סטויבצער יידן זיך קוויקן מיט די געשמאַקע בייגל און קוכנס וואָס חיה׳לע פלעגט אַריינוואַרפן צו זיי דורך די אָפענע פענצטערס.

מיטן פּראָגרעס פון לעבן האָט חיה׳לע אויך פּראָגרעסירט און געעפנט אַ קיאָסק אין מיטן מאַרק. —

# געשטאַלטן

## הרב ניסן וואַקסמאַן ניו־יאָרק / דער לעצטער סטויבצער רב - הגאון ר' יהושע דוב ליבערמאַן הי"ד

דער לעצטער סטויבצער רב איז טאַקע געווען ממש אַ סטויבצער געבוירענער און די פאַמיליע ליבערמאַן האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין סטויבצער קהילה'שן לעבן במשך פון איבער הונדערט יאָר.

דער זיידע ר' משה דוד זילבורג, האָט שוין זיין נאָמען נאָך אַלס יונגער בחור „געקלונגען" אין זיין געבורטס שטעטל רובזעוויץ, און ער איז שוין דאַן געווען באַוווּסט אַלס גרויסער למדן און בקי אין ש"ס און פוסקים. אַזוי ווי קיין חשק האָט ער ניט געהאַט צו רבנות, חתונה האָבנדיק אין סטויבץ, האָט זיך גראָד געמאַכט אַז די שטאָט האָט דאַן געזוכט אַ שוחט, האָט ער אָנגענומען די שטעלע. ער פלעגט אויך זאָגן „מדרש" און „עין יעקב" בין מנחה למעריב אין גרויסן בית המדרש.

אַזוי ווי קיין גרויסע שחיטה איז ניט געווען אין שטעטל, פלעגט ר' משה דוד זיצן אַממערסטן אין בית המדרש און לערנען. סטויבצער זקנים פלעגן באַגייסטערט דערציילן פון זיין גרויס התמדה. מ'האָט אים אַמאָל געטראָפן שפּעט ביינאַכט איבער אַ בלאַט גמרא איינעם אַליין אין שול, און כדי ער זאָל ניט אַנטשלאָפן ווערן ביים לערנען האָט ער אויסגעטאָן די שיך און געהאַלטן די פיס אין אַ שיסל קאַלטע וואַסער...

איבער צוואַנציק יאָר האָט שוין ר' משה דוד געלעבט אין סטויבץ. ווען זיין פאַמיליע האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט ער אָנגעפאַנגען צוגרייטן פלענער אויף צו פאַרגרעסערן זיין איינקונפט. דאַן האָט זיין עלטערער זון שלמה זיך געדאַרפט שטעלן צום פריזיוו. דאָס האָט אים שוין אין גאַנצן צוטרייסלט. גיין „דינען פאָניען" איז ביי ר' משה דודן געווען דאָס ערגסטע אויף דער וועלט, נאָר צו דעם האָט ער באַטראַכט אַ פלאַן. ער האָט זיין זון שלמהן אַוועקגעפירט לערנען קיין טורעץ ווו קיינער האָט אים נישט געקאָנט, און פאַר אַ רעכטער מטבע, האָט ער אים פאַרשריבן ביים סטאַראָסטע אַלס בן יחיד אונטערן נאָמען שלמה ליבערמאַן (אין אָנדענק פון באַוווּסטן גאון און שוחט רבי ליבערמאַן פון פראַג, וואָס ווערט דערמאָנט אין יורה דעה סימן לה' ש"ך ס"ק י"ח).

אַזוי האָט שלמה משה דודס געקראָגן אַ נייעם נאָמען און אויך אַ „פּערווילגאָטע" וואָס האָט אים באַפרייט פון מיליטער.

אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט שלמה חתונה געהאַט מיט חיה גאָלדע, די טאָכטער פון טורעצער נכבד און איז געבליבן דאָרטן לערנען אַ פּאָר יאָר אויף „קעסט".

ווען די קעסט האָבן זיך געענדיקט, האָט ר' שלמה זיך צוריקגעקערט צו זיין פאָטער אין סטויבץ. ר' משה דוד האָט אים דאַן איבערגעגעבן די „חזקה" אויף שחיטה און אַליין האָט ער געמוזט פאַרבויגן זיינע פּרינציפּן און אָננעמען אַ רבנות אין דער שטעטל וואָהין נעבן מעזריטש.

טראָץ דעם וואָס אַלע יידן אין דעם שטעטל זענען געווען קאָצקער חסידים און ער, ר' **משה דוד** איז געווען אַ „קאַלטער מתנגד", האָבן זיי אים **שטאַרק פאַרערט** צוליב זיין תורה און פרומקייט און אַלעס איז **אָנגעגאַנגען כשורה במשך אַ פּאָר** יאָר.

האָט פּאַסירט אַמאָל, אַז ר' משה דוד איז געגאַנגען אין מקווה, און אויסטרענדיק די זאַכן האָבן אייניקע בעלי בתים דערזען, אַז ער טראָגט שלייקעס אויף זיינע הויזן, אַנשטאָט ווי די מערסטע דאָרט האָבן געטראָגן, אַ געוויינלעכן פּאַס. זענען די יידן גלייך אַוועק אין בית המדרש און דערציילט דעם עולם, דאָס זייער רב איז אַ „דייטש" און איז זיכער „געכאַפּט אין דער מעשה" (ד. ה. אין דער „טרייפער השכלה"), והראייה: „ער טראָגט דאָך שלייקעס"... מער האָבן שוין די קאָצקער חסידים ניט געקענט טאָלערירן. מ'האָט גלייך גערופן אַ שטאָט־אסיפה און איינשטימיק באַשלאָסן אַוועקצרשיקן דעם „ליטוואַק" אַהין פון וואַנען ער איז געקומען.

ר' משה דוד האָט נעבעך געמוזט מאַכן פליטה און צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע. זיין נאָמען איז גלייך געוואָרן פּאָפּולער צווישן די לומדישע קרייזן פון דער ליטווישער חברה ש"ס אין שטאָט און דער באַוווּסטער וואַרשעווער גביר ר' פייביש טראַקענהיים האָט אים אָנגעשטעלט לערנען פּריוואַט מיט זיינע קינדער, דעם שפּעטער באַקאַנטן סענאַטאָר ר' יעקב טראַקענהיים און זיין ברודער וואָלף.

אין יענע יאָרן, פלעגט דער גאון ר' יאשע בער סאָלאָווייטשיק בריסקער רב, קומען אָפט קיין וואַרשע, ווו ער איז געווען שטאַרק באַליבט. האָט פּאַסירט, אַז ווען ר' יאשע בער,

האָט באַזוכט זיין פריינט, ה׳ טראַקענהיים האָט ער דאָרט געטראָפן ר׳ משה דודן לערנענדיק גמרא מיט די קינדער. ר׳ יאשע בער האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס איז ניט קיין פשוטער מלמד, דורכריידענדיק מיט ר׳ משה דודן אין לערנען איז ער שטאַרק נתפעל געוואָרן פון זיינע בקיאות און חריפות און האָט אים איינגעלאַדן ווערן אַ דיין אין בריסק. ר׳ משה דוד האָט גלייך אָנגענומען דעם פאָרשלאַג און געווען איז ער דיין אין בריסקער בית־דין אין דער צייט פון די גאונים ר׳ יאשע בער און שפּעטער זיין זון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ביז ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרס״ד (1904) און זיין איידים ר׳ חיים יעקב שולמאַן האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ ביז דעם לעצטן חורבן.

ווען ר׳ שלמה ליבערמאַן, האָט איבערגענומען די שחיטה „חזקה" פון זיין פאָטער, האָט ער אויך לאַנג געזאָגט „מדרש און עין יעקב" פאַרן עולם אין גרויסן בית המדרש. דערצו נאָך האָט ער פאַרמאָגט אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר וועלט־לעכע אינטערעסן און אַ הויכער מאָס נאַטירלעכער פּיקחות און געזונטע לאָגיק.

אונטער זיין פאָטערס איינפלוס האָט זיך ר׳ שלמה אויך געשראָקן, אַז זיינע קינדער זאָלן חס־ושלום ניט מוזן „דינען דעם קיסר". קודם כל, האָט ער זיי פאַרשריבן אין נאַוואַרע־דאָק, ווו ער האָט געגלויבט, עס וועט זיין גרינגער צו בעפריי־ען זיך פון פּריזיוו, טראָץ דעם וואָס סטויבץ האָט דאַן בעלאַנגט צו מינסק און סטויבצער פלעגן זיך דאָרט שטעלן. נאָך פיל שוועריקייטן און גרויסע אויסגאַבן האָט ער טאַקע זוכה געווען און אַלע זיינע זין זענען באַפרייט געוואָרן, און יעדן מאָל איז דאָס ביי אים געווען ווי אַ יום־טוב, און לכבוד דעם, פלעגט ער פאַר זיך אויפנייען אַ נייע קאַפּאָטע. ווען שטאָטישע לצים האָבן אים געפרעגט פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען אַזאַ „עשירות", אָדער אפשר האָט ער געפונען אַ „דימענט אין אַ לונגען"... האָט ער געענטפערט: עשׂו האָט גענוג אַריינגעכאַפּט פון דעם עסק, לאָמיר אויך עפּעס געניסן פון דעם"...

ער פלעגט שטענדיק זאָגן: צוויי זאַכן זענען קיינמאָל ניט צו טייער, און תמיד איז עס ווערט וויפל מ׳זאָל ניט באַצאָלן פאַר דעם: באַפרייען אַ זון פון פּריזיוו, אָדער חתונה מאַכן אַ טאָכטער. ווען סטויבץ האָט אָפּגעברענט און ר׳ שלמהס שטוב איז אויך פאַרברענט געוואָרן, האָט ער געקריגן 800 רובל „סטראַכאָוואָקע" נאָר אָנשטאָט בויען גלייך אַ נייע הויז, האָט ר׳ שלמה מיט די געלט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. האָבן אים פריינט באַמערקט: ס׳טייטש ר׳ שלמה ווי טוט איר דאָס אַזאַ זאַך צו בלייבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ? האָט זיך ר׳ שלמה געוויצלט: אָן אַ סכנה, וואָס לענגער מ׳וואַרט ווערט די הויז זיין נייער, אָבער וואָס לענגער די טאָכטער וואַרט — ווערט זי זיין עלטער!...

טראָץ דעם, וואָס ר׳ שלמה, האָט זיך פאַרנומען בלויז מיט שחיטה, האָבן אַלע אין שטאָט געוווּסט, אַז אויך ער, ווי זיין פאָטער איז ראוי צו זיין אַ מורה הוראה און ווען דער רב ר׳ יואל סאַראַצקין איז אין מיטן דער ערשטער וועלט מלחמה ענדע 1915 אַוועק פון סטויבץ טיף קיין רוסלאַנד, איז די גאַנצע



ר׳ שלמה שו״ב

שטאָט אָנגעשטאַנען אויף ר׳ שלמהן און ער האָט געמוזט איבערנעמען די רבנות, וועלכע ער האָט אָנגעהאַלטן ביז ער איז נפטר געוואָרן, י״ד טבת תר״פ.

ס׳איז כדאי דאָ צו באַמערקן אַז דאָס האָט פּאַסירט טראָץ דעם, וואָס האָבן ניט געפעלט קיין בעלנים אויף סטויבצער רבנות. סטויבץ האָט געהאַט אַ טראַדיציע פון דורות לאַנג אויף גרויסע רבנים. אירע מזרח בעלי־בתים האָבן נאָך ניט פאַרגעסן אַז דער גאון ר׳ דוד טעוועל איז פון זיי אַוועק און געוואָרן מינסקער רב. אויך האָט אין סטויבץ גראַדע דאַן פּערוויילט דער בעהאַלטענער גאון ר׳ אברהם ישעיה קאַרעליץ, וואָס איז שפּעטער באַוווּסט געוואָרן לויטן נאָמען פון זיינע ספרים — „חזון איש". די פרוי פון ר׳ אברהם ישעיה, האָט געהאַט אין סטויבץ אַ שניט־קראָם, וואָס זי מיט איר שוועגערין, די שוועסטער פון איר מאַן, האָבן אָנגעפירט, און ער איז געזעסן טאָג און נאַכט אין בית המדרש און געלערנט, אויסערן טאָג פון אַ „יריד", ווען דער מאַרק איז געווען פול מיט גויים פלעגט זיך ר׳ אברהם ישעיה אַריינכאַפּן אויף אַ פּאָר שעה אין קראָם כדי האַלטן אַ אויג אויף די ערלים און אויך אַמאָל אַליין אָפּמעסטן אַפּאָר אַרשין סחורה פאַר אַ קונה. דער געשעפט האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר און מסתמא געבראַכט געוויסע רווחים, אָבער דערווייל האָט דאָס צוגעגעבן חשי־בות צו דער שטאָט. ר׳ אברהם ישעיה האָט זיך טאַקע ניט געמישט אין שטאָטישע ענינים אָבער בלויז זיין אָנוועזנהייט האָט שוין געווירקט אַז ניט יעדער וואָס רופט זיך רב האָט געוואַגט צוטראַכטן וועגן זיין אַ קאַנדידאַט אויף סטויבצער רבנות.

ר׳ שלמה ליבערמאַן, האָט געהאַט פיר זין און ווי דער שטייגער, יעדן געגעבן דאָס בעסטע וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען אין לערנען תורה. נאָכן לערנען ביי די שטאָטישע גמרא מלמדים, האָט ר׳ שלמה זיי געשיקט אין די באַוווּסטע ישיבות ווי: מיר, ראַדין און סלאָבאָדקע ווו זיי האָבן פאַר־בראַכט פיל יאָרן און געוואָרן גרויסע לומדים און זייער

פאָטער האָט פון זיי „געשעפּט גרויס נחת”. דער מיטעלער זון ר׳ יוסף איז שפּעטער געווען רב אין ביטען נעבן סלאָנים, ר׳ יעקב איז געווען האָראָדישטשער שוחט און דער ייִנגסטער זון ר׳ מאיר איז געווען רב אין יעלינאָווע נעבן סובאַלק. אָבער דער קרוין פון דער משפחה איז געווען ר׳ שלמהס עלטסטער זון הגאון ר׳ יהושע דוב ליבערמאַן.

הרב ר׳ יהושע דוב, אָדער ר׳ אישיע — ווי מ׳האָט אים גערופן אויפן היימישן מאַמע לשון — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרמ״ה (1884). אַלס קינד האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן, און די שטאָטישע מלמדים האָבן געזאָגט, אַז ס׳וואַקסט אַ גאון. צו עלף יאָר האָט שוין זיין פאָטער אים געבראַכט אין דער מירער ישיבה. דער ראש ישיבה הגאון ר׳ חיים לייב טיקטינסקי, האָט אים פאַרהערט און אַריינגענומען אין דער ישיבה, ווו ער איז גלייך באַקאַנט געוואָרן אַלס „דער קליינער סטויבצער עילוי”.

עס איז שווער צו וויסן אויב דער יונגער ייִנגל האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אין זייער פולער מאָס, די טיפע שעורים וואָס ער האָט נאָך אַריינגעכאַפּט צו הערן אין די לעצטע פאָר יאָר פון דעם אַלטן גאון ר׳ חיים לייב, וועלכע האָבן געמאַכט אויף אים אַ גרויסן איינדרוק און אַ אונגעהויערע ווירקונג, וואָס האָט זיך געפילט במשך זיין גאַנצן לעבן. ווער ס׳האָט מיט אים פערבראַכט אין תורה ענינים און געזען זיין פיינט האָבן, אַלערליי סאָרטן פּלפּולים און בליציקע פּשטלעך, נאָר אַנשטאָט דעם, שטענדיק געזוכט צו דערגיין דעם ריכטיקן גאַנג, האָט ער געקענט באַמערקן די טיפע וואָרצלען פון געדאַנקען־גאַנג פון דעם מערקווירדיקן גאון ר׳ חיים לייב, וועמעס אייגנאַרטיקער סאָרט לערנען האָט פאַרכישופט אַלע זיינע תלמידים און איז פאַרבליבן לעגענדאַריש אין דער ייִדישער תורה וועלט.

ר׳ חיים לייב האָט געזאָגט זיינע שיעורים ביז ענדע תרנ״ח און איז נפטר געוואָרן י״ט ניסן תרנ״ט. נאָך אים איז אָנגעקומען אַלס ראש ישיבה, דער גאון ר׳ אלי ברוך קמאי, און אויך ער האָט זיך שנעל באַקענט מיט דעם סטויבצער. ר׳ אלי׳ ברוך איז געווען גאָר באַגייסטערט פון זיין „רייפקייט” און „לעבעדיקייט” אין לערנען און האָט אים שטאַרק מכבד געווען.

אין יאָר 1900, ווען אישיע איז אַלט געוואָרן 16 יאָר, איז ער אַוועקגעפאָרן אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. דאָ האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נייע וועלט. אין יענער צייט זענען אין דער סלאָבאָדקער ישיבה געווען פיל בחורים מיט געניאַלע פעאיקייטן, וואָס זענען שפּעטער באַוווּסט געוואָרן אַלס גאוני הדור, און דער יונגער בחורל פון סטויבץ האָט זיך דאָ געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. זיינע כשרונות זענען גלייך אָנערקענט געוואָרן און ער האָט געקראָגן אַ נאָמען צווישן די סאַמע געהויבענע פון דער ישיבה.

איבערהויפּט האָט זיך מיט אישיען פאַראינטערעסירט דער גרינדער און אויבער־משגיח פון ישיבה, ר׳ נטע הירש פינקעל. זייענדיק אַ געהויבענער פּעדאַגאָג און אַ פאַרערער פון בעלי כשרונות האָט ער געוווּסט ווי צו מאַנעווורירן, כדי אַרויסצו־ברענגען און דערמוטיקן יענעמס כשרונות און דערמעגלעכן דאָס ער זאָל שטייגן וואָס העכער.

אַזוי האָט זיך ר׳ נאָטע הירש, אָדער ווי מ׳האָט אים שוין דאַן גערופן „דער אַלטער”, שטאַרק מטפל געווען מיט דעם סטויבצער. ווען ער האָט געזען, אַז אישיע איז נאָך קליינשטעטלדיק, שעמעוודיק און צוריקגעצויגן, האָט ער זיך אויף אים ספּעציעל אָפּגעלייגט צו אַרויסברענגען אים פאַר דער ישיבהשער עפנטלעכקייט כדי צו קריגן פאַר אים אַן אָנערקענונג און אינספּיראַציע פאַר זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג.

אישיע איז פאַרבליבן אין סלאָבאָדקע במשך קאַרגע צען יאָר, דורך וועלכע ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה און איז באַוווּסט געוואָרן אַלס איינער פון די גרעסטע לומדים פון דער ישיבה. „דער אַלטער”, האָט מיט אים שטאָלצירט און ערוואַרט צו זען אין אים אַ גרויסאַרטיקן פירער ביי ייִדן.

אין יאָר 1910, האָט „דער אַלטער” באַשלאָסן צו שיקן עטלעכע פון זיינע בעסטע תלמידים אין דער מירער ישיבה, כדי צו הויבן איר ניוואָ, און לערנען אין אַלגעמיין, און באַזונדערס אין „לימוד המוסר”, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון זיין זון, הגאון ר׳ אליעזר יהודה פינקעל, וועלכער איז שוין דאַן געווען דער איידעם פון ר׳ אלי׳ ברוך, און ראש ישיבה במשך אייניקע יאָר. האָט „דער אַלטער” געבעטן אַז אישיע זאָל צוזאַמען מיט זיין חבר ר׳ יוסף ארלער (הרב פאַרבער, יעצט ראש ישיבה פון „היכל התלמוד” אין תל־אביב), זאָלן שטיין אין דער שפּיץ פון דער גרופּע. זעלבסטפאַרשטענדלעך איז דאָס געווען ווי צוגעמאָסטן פאַר אישיען, אַ געוועזענער תלמיד אין מיר און אַ שכן פון זיין געבורטס שטאָט סטויבץ.

אישיע מיט זיינע חברים האָבן ערפילט זייער מיסיע פולקאָם, די מירער ישיבה, האָט דאַן געקראָגן אַ גרויסן שטויס פאָרווערטס און איז פון דאַן פאַרעכנט אַלס איינע פון די גרעסטע תורה־צענטערס אין דער וועלט. אָבער אישיע איז נאָך מער צונוצגעקומען. ס׳האָט גראָד פּאַסירט, אַז די שטאָט מיר איז דאַן אָפּגעברענט געוואָרן. האָט אישיע פאָרגעלייגט, אַז מ׳זאָל דערווייל אַריבערפאָרן קיין סטויבץ. ביז מ׳וועט אויפבויען אַ נייעם בנין אין מיר. דער יונגער ראש ישיבה, האָט מסכים געווען מיט דעם געדאַנק, אָבער ר׳ אלי׳ ברוך׳ן האָט דאָס ניט געשמעקט, ווייל ער האָט געטענהט, אַז סטויבץ איז באַוווּסט פאַר אַ „פרייער שטאָט” און דערום איז דאָס אַ גייסטיקע סכנה פאַר דער ישיבה. ער האָט באַפעסטיקט זיין געדאַנק מיט דעם פאַקט, אַז טראָץ דעם וואָס סטויבץ איז בלויז אַרום זיבעצן קילאָמעטער פון מיר, און דאָך זענען פון סטויבץ ניט געווען קיין ישיבה לייט אויסער אישיען מיט זיינע צוויי ייִנגערע ברידער, און נאָך אַ בחור מיטן נאָמען יוחנן בר׳ מאיר מירסקי (שפּעטער רב אין זאבלאָדאָווע, אומגעקומען אין אוישוויץ), דערום האָט מען זיך אַריבערגעקליבן קיין קאָרעליץ.

גראָדע איז אין אייניקע טעג אַרום אויך קאָרעליץ פאַרברענט געוואָרן (די לצים פון געגנט האָבן זיך דאַן געוויצלט: „אויב שטעט ברענען שוין, נאָך איידער די ישיבה בחורים זענען רבנים, וואָס פאַר אַ פייער וועט שוין זיין אין די שטעט וווּ זיי וועלן זיין רבנים...), דאָס מאָל האָט שוין דער גאון ר׳

אלי׳ ברוך אויך מסכים געווען, אַז די ישיבה זאָל אַריבער צייטווייליק קיין סטויבץ.

ווען די ישיבה לייט זענען אָנגעקומען, איז די גאַנצע שטאָט געקומען אין בית המדרש מקבל פנים זיין. דער גאון ר׳ אלי׳ ברוך האָט געהאַלטן אַ דרשה און ערקלערט, אַז סטויבץ מוז האָבן אַ קאָלאָסאַלן זכות, דאָס די השגחה האָט אַריינגע־פירט די מירער ישיבה צו זיי אין שטאָט אַריין. צום ענדע האָט ער אויסגעפירט, אַז אַפילו פאַר אַרויסגעבן איין ר׳ אישיע ליבערמאַן איז סטויבץ ווערט דעם גרויסן כבוד.

פון דאַן אָן האָבן סטויבצער יידן אָנגעפאַנגען קוקן אויף ר׳ אישיען מיט אַנדערע אויגן און זיך באַצויגן מיט גרויס רעספעקט צו אים.

אין יאָר 1913 האָט ר׳ אישיע געהייראַט מיט מיכלע, די זייער גראַטענע טאָכטער פון שעדלעצער רב, ר׳ שמעון דוב אנאליק.

פריילין אנאליק איז געווען הויך געבילדעט און אַ שיינ־הייט פון ערשטן גראַד. צו דעם נאָך האָט זי פאַרמאָגט אַ זעלטן איידעלן כאַראַקטער, מיט אַ נאַטירלעכע מענטשן ליבע וואָס האָט געפירט צו גוטע מעשים, און צו שטיל־צניעות־דיקע מידות.



הרב ר׳ מאיר ליבערמאַן שליט״א
מיאמי, אַמעריקע

אין זומער 1914 האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און אַלע שעדלעצער יידן האָבן געמוזט אויסוואַנדערן טיפער אין רוסלאַנד. איז ר׳ אישיע מיט זיין פרוי געפאָרן קיין מינסק, די ערשטע גרויסע שטאָט ווו מ׳האָט ערלויבט צו בלייבן. ספּעציעל פאַר אים איז דאָס געווען גוט כדי צו זיין נאָענט צו זיין משפחה אין סטויבץ.

אין מינסק איז דאַן געווען אַ ריכטיקער „קיבוץ גלויות״, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די מערסטע רבנים און גאונים פון די מלחמה קאַנטן. דאָרטן האָבן אויך פאַרווײַלט אין יענער צייט די סלאָבאָדקער ישיבה און דער בריסקער רב ר׳ חיים סאָלאָ־ווייטשיק אַרום וועמען ס׳האָבן זיך געטוליעט כמעט אַלע בני תורה. אין יענער צייט האָט דער באַוווסטער גאון און צדיק ר׳ אלחנן וואַסערמאַן אָנגעפירט מיט אַ ישיבה אין דעם שטעטל סמילאָוויץ, וואָס איז ניט ווייט פון מינסק, נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפן פון בריסק, ווו ער איז געווען ראש ישיבה פאַר פיל יאָרן. האָט פּאַסירט, אַז ר׳ אלחנן איז געקומען אין מינסק צו זען זיך מיט ר׳ חיימן און דאָרטן זיך געטראָפן מיט ר׳ אישיען. ווי געוויינליך, האָבן זיי גלייך פאַרבראַכט אין תורה ענינים און ר׳ אלחנען איז שטאַרק געפעלן דער סאָרט לערנען פון ר׳ אישיען און זיין וווּנדערבאַרע קלאָרע הסברה. ר׳ אלחנן האָט אים איינגעלאַדן איבערצונעמען אַ טייל פון זיין ישיבה אין דעם שטעטל דוקאָר, צען רוסישע וויאָרסט פון סמילאָוויץ, אויפן וועג צו דער באַן־סטאַנציע רודענסק, ביי מינסק, וועלכע איז געווען דער געבורטס־פּלאַץ פון די באַרימטע דריי ברידער שמואל ניגער, ברוך וולאדעק און דניאל טשאַרני.

ר׳ אישיע, האָט מיט פרייד אָנגענומען די איינלאַדונג. ר׳ אלחנן האָט גלייך געשיקט אַ גרופּע פון פיינע בעלי כשרו־נות קיין דוקאָר און ר׳ אישיע האָט זיי האַרציק אויפגענומען און געזאָגט פאַר זיי אַ שיעור אין גמרא.

דוקאָר איז געווען אַ קליין שטעטל, אָבער די דאָרטיקע יידן, געוויינלעכע פאָלקס־מענטשן, בעלי־מלאכות און אַרבע־טער, האָבן פאַרמאָגט וואַרעמע יידישע הערצער און האָבן אויפגענומען די ישיבה מיט אָפענע אָרעמס. די מערסטע זענען דאָרט געווען ליובאַוויטשער און קוידענאָווער חסידים. האָט זיי דער שטאָט־רב ר׳ ניסן טעלושקין, זייער אַ איידעלער ייד מיט אַ הויכן ליובאַוויטשער פּולס, בלויז געזאָגט, אַז דאָס איז אַ געלעגענהייט פאַר דוקאָר, וואָס ס׳מאַכט זיך ניט אַזוי אָפט. זענען שוין דוקאָרער יידן געלאָפן „העגדום פּענדום״, מיט חסידישן ברען צו טאָן עפּעס פאַר דער ישיבה. יעדערער פון זיי האָט געוואָלט האָבן אַ בן־ישיבה אין הויז אויף שבת און ניט שטענדיק זענען געווען גענוג ישיבה לייט פאַר אַלעמען.

איך קאָן קיינמאָל ניט פאַרגעסן די גוטסקייט און עכט־האַרציקייט, וואָס די דוקאָרער יידן האָבן דאַן אַרויסגעוויזן צו אונדז יונגע בחורימלעך. דאָרטן איז געווען אַ קירזשנער, מיטן נאָמען משה אהרון, ער האָט געהאַט אַ הויז אַ גרויס־לעכע, איינגעטיילט אויף דער העלפט. אין איין האַלבער איז געווען זיין „וווינונג״, אַ קיך אָפּגעטיילט מיט אַ פאָרהאַנג פון די בעטן מיט אַ גרויסן קופערט, און אין דער צווייטער העלפט זיין „מייסטערסקאַיע״, ווו ער האָט געמאַכט זיינע היטלען. האָט זיך משה אהרון דער קירזשנער דורכגערעדט מיט זיין „אשת חיל״ און באַשלאָסן, אַז וויבאַלד די היטלען מאַכט מען דאָך בלויז בייטאָג, קאָן מען דאָך אַריין נעמען עטלעכע ישיבה בחורים, וואָס זאָלן דאָרטן שלאָפן בייניאַכט און קענען דורכן טאָג עסן אין דער האַלבער הויז פון זיין וווינונג. האָבן זיי אַוועקגעשטעלט זעקס אויפשטעל בעטלעך און אַריינגענומען זעקס ישיבה בחורים צום עסן און שלאָפן במשך דער וואָך, אויסער שבת, ווי געזאָגט, ווען ער האָט זיך געמוזט טיילן מיט זיין פאַרגעניגן מיט נאָך יידן, און פאַר־האַלטן פאַר זיך בלויז איינעם פון זיי.

ווי אַלע יידן פון דוקאָר, האָט אויך דער משה אהרון פאַרמאָגט אַ פאַר ציגן, וואָס האָבן אים געליפערט אַ העלפט פון זיין חיונה. האָט דער האָראָפּאַשנער ייד, וואָס האָט קוים

געקענט אַדורכקריכן אַ פרשה חומש מיט עברי־טייטש פּלעגט ער אויפשטיין יעדן פרימאָרגן, און איידער ער איז געלאָפן אין שול דאַווענען, האָט ער אויסגעמאָלקן זיינע צווי ציגן און אויפגעוועקט „זיינע" ישיבה בחורים, און צוגעטראָגן צום בעט יעדן איינעם פון זיי אַ שיסל מיט צוויי פולע גלעזער: איינס פאַר „נעגל־וואַסער" אין שיסל אַריין, און די צווייטע פול מיט וואַרעמע ציגענע מילך, „אויפן ניכטערן האַרצן"... די שמחה פון דעם יידן, ווען „זיינע ישיבה בחורים" האָבן „דער־קוויקט זייערע הערצער" מיט די פרישע מילך פון „זיינע ציגן" איז געווען אומבאַשרייבלעך, און זיינע אויגן האָבן אַזש געלויכטן פון גליק!

אין דער ישיבה זענען געווען אייניקע גאָר אָרימע ישיבה בחורים, וואָס האָבן ניט געקראָגן קיין שטיצע פון דער היים און געמוזט עסן „טעג". געווענלעך האָבן די דוקאַרער יידן פאַר זיך ניט געמאַכט קיין טעגלעכע „פּאַטראָנעס", נאָר זענען אַ גאַנצע וואָך אָפּגעקומען מיט „שיע פּיע", אָבער צו דעם טאָג וואָס דער ישיבה בחור קומט, פלעגן זיי מאַכן ספּעציעלע מאכלים לכבוד אים, ווי לאַטקעס און אַנדערע מעדנים. אַזוי אַרום האָבן די יונגע ישיבה־לייט געגאָסן פון די דוקאַרער יידנס גוטהאַרציקייט און צוגלייך פון פּאַטערלעכע באַציאונג פון ר׳ אישיען און זיין רביצן מיכלע.

די ישיבה אין דוקאַר און שפּעטער אין שטעטל איהומען, האָט אָנגעהאַלטן אייניקע יאָר, און פיל הונדערטער יונגע בחורים, וואָס זענען נאָכער אַריבער אין די גרויסע ישיבות, האָבן אין איר געקראָגן זייער פונדאַמענטאַלע ערציאונג אונטער דער פירערשאַפט פון הרב ר׳ יהושע ליבערמאַן. אָבער וואָס ווייטער איז די סאָוועטישע ממשלה געוואָרן מער פיינד־לעכער צו רעליגיע און רעליגיעזע עלעמענטן, ביז ס׳איז גע־וואָרן אונמעגלעך אָנהאַלטן די ישיבה, איז ר׳ אישיע אַוועקגע־פאָרן צו זיין משפּחה אין סטויבץ, וועגן וועלכע מ׳האָט שוין דאָן געערעדט אַז דאָס וועט בעלאַנגען צו פּוילן.

## סטויבצער רבנות

ווי שוין אויבן דערמאָנט, האָט זיין פאָטער ר׳ שלמה אָנגעהאַלטן די סטויבצער רבנות אין די מלחמה יאָרן, ביז ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תר״פ — 1920.

אַזוי ווי ר׳ אישיע איז דעמאָלסט געווען אין סטויבץ איז גלייך געוואָרן אַ באַוועגונג אין שטאָט אויפצונעמען אים אַלס רב. אינטערעסאַנט איז געווען דער פאַקט, וואָס דער גאון, דער חזון איש, וועלכער איז נאָך דאַן געווען אין סטויבץ און, ווי שוין באַמערקט, זיך קיין מאָל ניט באַטייליקט אין שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן, האָט ער דאָס מאָל פאַרנויגט זיין פּרינציפּ און אַליין געשריבן דעם כתב־רבנות, וואָס די חשובסטע בעלי־בתים האָבן באַלד געחתמ׳עט און ר׳ אישיע איז באַשטימט געוואָרן אַלס סטויבצער רב. באַלד נאָך דעם האָט ער אָנגע־פאַנגען אַ סעריע אַקטיוויטעטן וואָס ער האָט אָנגעפירט ביז צו דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

דורך די מלחמה יאָרן זענען פאַרברענט געוואָרן אין סטויבץ די בתי־מדרשים און די מקווה. דערום האָט ר׳ אישיע די ערשטע זאַך אָרגאַניזירט זייער צוריקבויען און געגרינדעט אַ תלמוד תורה „חורב", וואָס האָט אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן ביז דער טרויעריקער פּערניכטונג, געגעבן אַ רעליגיעזע ערציהונג צו הונדערטער יידישע קינדער אין סטויבץ און אַ באַזונדער „בית יעקב" שולע פאַר מיידלעך, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם פּראַכטפולן בנין, אונטער דער פירערשאַפט



זיצן פון רעכטס: הרב ר׳ יוסף ליבערמאַן פון ביטען און זיינע קינדער, זיין שוואָער הרב ר׳ פסח זוכאָוויצקי פון האַנצעוויטש; שטייען: הרבנית ליבערמאַן און איר פעטער זוכאָוויצקי.

פון זיין שוואָגער, הרב ר׳ שלמה חארי, וועלכער איז אויך געווען דער פרעזעס פון דער סטויבצער „אגודת ישראל״.

אַרום 1930, האָט דער פריערדיקער הרב ר׳ יואל סאראָצקין, וועלכער האָט, ווי שוין דערמאָנט, זיך געפונען זינט 1915 אין מאָסקווע, זיך געווענדעט צו דער סטויבצער קהילה נאָך אַ פאָדערונג, וואָס זאָל אים ערלויבן זיך צוריקקערן קיין פוילן, און האָט פאַרזיכערט אַז ער וועט ניט זוכן צוריק די רבנות. פיל קהילה חברים האָבן זיך געקוויינקלט וועגן דעם, ווייל זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר מעגלעכע מחלוקת. אָבער דער רב, ר׳ יהושע ליבערמאַן, האָט זיי צוגערעדט צו דערפילן דעם פאַרלאַנג פון הרב סאראצקין, כדי צו ראַטעווען אים פון רוסלאַנד. צום סוף, ווען הרב סאראצקין, האָט זיך טאַקע אומגעקערט קיין סטויבץ, האָט הרב ליבערמאַן אָפּגעטראָטן פון זיין אָרט אין דעם גרויסן בית המדרש און פון דער אָפיציעלע קהילה רבנות, און איז געבליבן בלויז מיט די הייוון, ד. ה. זיין פרנסה איז באַשטאַנען פון פאַרקויפן הייוון און הרב סאראצקין איז געוואָרן דער אָפיציעלער רב.

ווי געווינלעך, האָט די לאַגע פאַרשאַפט היפש פאַרדראָס, אָבער טראָץ דעם אַלעם, האָט הרב ליבערמאַן ניט אויפגעגעבן קיינע פון זיינע גייסטיקע אַרבעט אין סטויבץ, און צוזאַמען מיט זיין באַליבטער רביצן, האָבן זיי פאָרגעזעצט אַלע זייערע לייסטונגען פאַר די יידישע מוסדות אין שטאָט און איבערהויפּט פאַר דעם רעליגיעזן חינוך סיסטעם. חוץ די אַלע עלעמענטאַרע דערציונגס אַנשטאַלטן פאַר דער יוגנט אין שטאָט, האָט הרב ליבערמאַן אויך מצליח געווען צו ערפילן זיין הויפּט אַמביציע אין לעבן, נעמלעך אויפצושטעלן אַ ישיבה א. נ. „אור ישראל״, וואָס ער אַליין האָט אָן קיין געהאַלט אָנגעפירט, און אויך געלערנט מיט דעם העכסטן קלאַס אַ שיעור יעדן טאָג. אויסער אים זענען געווען נאָך אייניקע ראשי־ישיבה פאַר די אַנדערע קלאַסן, הרבנים ר׳ שמחה פלאָטקין, ר׳ יהודה כגנוביץ, ר׳ משה גיטעלעס, ר׳ יעקב דומניץ, ר׳ דוד שמואלאוויץ (אַלע אומגעקומען).

אין משך פון עטלעכע יאָר, האָט דער תורה־חינוך געוויזן זיינע פרוכט, און סטויבץ איז געוואָרן אַ עכט רעליגיעזער צענטער. פיל שטאָטישע מיידלעך האָבן געהייראַט מיט בני תורה וואָס זענען פאַרבליבן אין שטאָט און אין דער גרויסער ישיבה האָבן געלערנט אַרום 30 ישיבה לייט פון סטויבץ. די רעליגיעזע עלעמענטן האָבן אויך געהאַט אַ דאָמינירענדע האַנט אין דער פירערשאַפט פון דער קהילה און פון מאַגיסטראַט צו אַזאַ מאָס, אַז ס׳איז ניט געווען צו דערקענען דעם נייעם גייסט, און זיין ווענדונג צו רעכטס, וואָס האָט געהערשט אין סטויבץ.

טראָץ דעם וואָס זיין שוואָגער הרב ר׳ שלמה חארי איז געווען דער אָנפירער פון „אגודת ישראל״ אין שטאָט, איז הרב ליבערמאַן געבליבן שטרענג אומפּאַרטייאיש ווי ער האָט געהאַלטן אַז אַ רב באַלאַנגט צו אַלעמען, און דערום טאָר ער זיך נישט איינשפּאַנען אין דעם וואָגן פון וועלכע ס׳איז פּאַרטיי, אָן אויסנאַם. ער האָט אַפילו אַנטזאָגט די איינלאַדונג פון וועלטלעכן אגודת ישראל צו ווערן אַ מיטגליד אין דער „מועצת גדולי התורה״, אַ פּריווילעגיע צו וועלכע ס׳האָבן געשטרעבט פיל רבנים.

זיין פירערשאַפט און איבערגעגעבנהייט צו סטויבץ האָבן אים באַליבט געמאַכט צווישן אַלע שיכטן פון שטאָט, און אויך די אינטעליגענטע און ליבעראַלע עלעמענטן האָבן צו אים און זיין חשובע רביצן אַרויסגעוויזן גרויס רעספּעקט, פאַרערונג און ליבשאַפט. אין שטאָטישע אינטערעסן האָבן אים געשטיצט מיטן פולן האַרצן ניט בלויז אַזעלכע געשוואָרענע רעליגיעזע שטאָט פירער ווי דער אי־ניציאַטאָר פון די אָרטיקע מוסדות הצדקה והחסד, דער נכבד ר׳ יצחק שמואל הלוי עפשטיין (נפטר געוואָרן ג׳ ניסן תרצ״ג), נאָר אויך אַזעלכע ווי ד״ר סירקין, דער פראָוויזאָר שמעון קיטא עוויטש, שלמה הרכבי, און זימל חייטאָוויטש, וועלכע זענען אַלע געווען זיינע איבערגעגעבענע פריינד און פאַרערער.

ווען אין תמוז תרצ״ו איז נפטר געוואָרן די רביצן (קינדערלאָז), איז דאָס געווען אַ טרויער, וואָס האָט איינגעהילט גאַנץ סטויבץ און אומגעגנט, און צו איר הספד, וואָס איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק י״ב תמוז אין גרויסן „בית יעקב״ זאַל, איז דער געדראַנג געווען אומגלויבלעך און אַלע האָבן געקלאָגט ווי אבלים.

אַמבעסטן האָט זיך אַרויסגעוויזן די איבערגעגעבנהייט פון דער שטאָט צו הרב ליבערמאַן ביי דער פייערלעכער חנוכת־הבית פון דער פאַרברייטערטער „חורב״ שולע, מוצאי שמחת תורה תרצ״ח, וועלכע האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם פון פאַרשידענע קלאַסן.

נאָך אַ גייסטרייכן איבערבליק וועגן חינוך פון דעם פאָרזיצער מאַגיסטער אהרן חייט זענען פאַרקויפט געוואָרן די הויפּט כבודים: „די שער״ און „די שליסל״. די שער האָבן אויסגעקויפט אַ גרופּע, צוזאַמענגעשטעלט פון ראש הקהל אבא בערקאָוויטש, שרגא מאלטשאצקי, און זאב וואלפסאן, וועלכע האָבן עס איבערגעגעבן אין די הענט פון הרב ליבערמאַן, כדי צו שניידן דעם סימבאָלישן באַנד פאַר די שוועריקייטן וואָס ער האָט דורכגעמאַכט ביז דער בנין איז דערגרייכט געוואָרן. אַ צווייטע גרופּע פון שאול שמערקאָוויטש, שרגא אגינסקי, מיכל טוניק א. אַ. האָבן געקויפט דעם שליסל און מכבד געווען הרב סאראצקין צו עפענען די טירן פון דעם בנין.

ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן איז הרב ליבערמאַן געווען אין גאַנצן איבערגעגעבן דער יידישער ערציאונג וואָס ער האָט באַטראַכט פאַרן הויפּט פונדאַמענט פון יידנטום. דעם גרעסטן טייל פון זיין גאָר קליינער הכנסה האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר דעם ציל און פאַר אַנדערע צדקה אין שטאָט ער פלעגט שטענדיק באַמערקן אויפן פסוק: „ויגדל עוון בת עמי מחטאת סדום — די זינד פון מיין פאָלק איז גרעסער ווי דער חטא פון סדום״ — וואָרום? ווייל אין סדום פלעגט מען בלויז אונטערהאַקן די פיס — כדי אַריין צופּאַסן אין זייער בעטל. אָבער מיט היינטיקן אומרעליגיעזן חינוך האַקט מען אונטער די קאָפּ!..

כאָטש הרב ליבערמאַן, האָט זיך ניט געעסקנט מיט אייגענע פּאַרטיי ענינים, איז ער אָבער געווען שטאַרק

פאַראינטערעסירט מיט די פּערזאָנען, וועלכע מ׳שטעלט זיי אַרויס צו פאַרטרעטן דעם קהלשן לעבן און ער פלעגט שטענדיק אַרויסזאָגן זיין מיינונג מיט געדאַנק און קלאָרקייט.

איין מאָל פאַר וואַלן, האָט הרב ליבערמאַן געדרשנט אַ ספּעציעלע דרשה און אויסגעדריקט אַ ווונדערבאַרן געדאַנק וואָס איז ווערט צו פאַרצייכענען:

דער בעל האגדה פון פסח זאָגט: „כנגד ארבעה בנים דברה תורה, אחד חכם ואחד רשע, אחד תם ואחד שאינו יודע לשאול", דאָס הייסט, אַז די תורה רעדט שטענדיק צו פיר קלאַסן מענטשן. פרעגט הרב ליבערמאַן: אויב אַזוי זענען דאָך די חכמים שטענדיק געווען בלויז אַ מינדערהייט פון אַ פערטל, און די אַנדערע דריי פערטל זענען תמיד באַשטאַנען פון רשעים, תמים און שאינו יודע לשאול, טאָ וואָס ליאַרמעט מען אַזוי שטאַרק געגען דער היינטיקער וועלט, וועלכע איז אייגנטלעך נישט פיל אַנדערש און ערגער אין דעם הינזיכט פון אַמאָל?

ענטפערט הרב ליבערמאַן, אַז דער חשבון איז טאַקע דער זעלבער ווי אַמאָל, נאָר דער אונטערשייד איז וועגן דער פירער איז. אַמאָל איז דער חכם געווען דער פירער, און דער תם איז נאָכגעגאַנגען, און דער „שאינו יודע לשאול" איז געגאַנגען נאָכן תם. ממילא האָט שוין דער רשע אויך געמוזט זיך נאָך שלעפּן נאָך זיי. היינט ליידער איז גאַנץ אַנדערש. דער הויפּט פירער איז דער רשע, און דער תם גייט נאָך אים, און נאָך זיי שלעפּט זיך דער „שאינו יודע לשאול". דערום איז דער חכם געבליבן אַליין, און איז אויף גרויסע צרות...

✶

ווי כמעט אַלע רבנים פון דער געגנט, האָט אויך הרב ליבערמאַן פעסט באַשלאָסן צו טיילן זיך מיט דעם גורל פון זיין באַליבטע סטויבץ, און זיך ניט רירן פון אָרט, טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאַט געלעגנהייטן צו אַנטלויפן פון רוסלאַנד, ווען רבנים און גאַנצע ישיבות מיט די תלמידים זענען געלאָפן קיין ווילנע, אָדער אַנטלאָפן, אַפילו שפּעטער אונטער די דייטשן, פאַר דער געטאָ צייט, טיף קיין רוסלאַנד. זיין האַרץ האָט אים אָבער ניט ערלויבט צו טראַכטן וועגן זיך, ווען ער האָט געזען וואָס ס׳קומט פאָר מיט אַלע אַנדערע יידן אַרום אים.

די וואָכן און מאָנאַטן אונטער דער נאַצי אָקופּאַציע, איבערהויפּט זינט זיי האָבן געשאַפן דעם געטאָ, האָבן זיך געצויגן ווי שוואַרצע וואָלקנס מיט שטענדיקע טויט־שרעק און פאַרצווייפלונג. ביז יענעם גרויסן יום־כיפור תש״ג, וואָס איז אויסגעפאַלן מאָנטיק דעם 21סטן סעפּטעמבער 1942, יעדערער האָט אינסטינקטיוו געשפּירט דאָס עטוואָס שוידערליכעס הענגט אין דער לופטן. יידן האָבן נאָך איינגעשטעלט דאָס ביסל לעבן וואָס איז אין זיי פאַרבליבן און געדאַווענט מיט אַ מנין במשך פון גאַנצן טאָג אין דער הויז פון נחמה שרה די טיקערקע, ווען פון דרויסן האָבן פרויען געהיט, אַז די בייזע אויגן פון די נאַציס זאָלן חו״ש ניט אַנטדעקן די יידישע קאָנספּיראַציע.

אויך אַ צווייטער מנין האָט געדאַווענט אין דער הויז פון דעם האָנטשאַר, אויף פּאַטשטאָווע גאַס. דאָרטן האָבן געווינט דער רב ליבערמאַן מיט זיין פלימעניצע מרים די אלמנה, פון הרב דאמניץ און איר זון. דער רוביזעוויטשער שניידער אשר,ריינעס איידעם און ר׳ מרדכי פייבל קיוואָוויץ. ווען דער טאָג איז דורך בשלום האָבן אַלע ווי פריש אָפּגעאָטעמט און ווידער געפרייוט האָפן. ביים רב ליבערמאַן, האָט מען אויך געדאַוונט אויף צו מאָרגן נאָך יום כיפור, דינסטיק אין דער פרי. און אַפילו מיטוואָך האָט מען זיך געשטעלט אין דער פרי צום דאַוונען, אָבער ניט פאַרענדיקט. די גרויסע גרוב ניט ווייט פון „בית עולם" איז שוין געגראָבן געוואָרן דורך די לאָקאַלע גויים אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פרי, האָט מען שוין געטריבן אַלע יידן, וואָס מ׳האָט געכאַפּט אין און אַרום געטאָ.

אין מיטן דעם דאַוונען פון הגאון הקדוש ר׳ יהושע דוב ליבערמאַן מיט זיין מנין, האָבן זיי, די טמאים, אים גענומען, ווען ער איז נאָך געווען איינגעהילט אין טלית און תפילין, און זיי געבראַכט צום זעלבן אָרט, ווו ער איז דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט אַרום נאָך צוויי טויזנט יידן.

„ערד פאַרדעק ניט זייער בלוט"! ארץ אל תכסי דמם!

# יצחק אייזיק שפירא / הרב ר׳ יהושע דב ליבערמאַן

אין אונדזער שטעטל סטויבץ האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אונדזער חשובער און געאַכטעטער הרב הגאון ר׳ יהושע דב ליבערמאַן. ער האָט געלערנט אין סלאָבאָדקער ישיבה און איז געווען פון די עלויים. ער איז געווען בקי אין ש״ס און פוסקים ראשונים און אחרונים. ער האָט געהאַט אַלע מעלות און ראוי געווען זיין דער מנהיג און רב פון דער קהילה אין שטאָט. ביי די גויים איז ער אויך געווען זייער געאַכטעט.

ר׳ יהושע דב איז געווען אַ גרויסער מרביץ תורה. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם רעליגיעזן חינוך אויף אַ הויכער מדרגה. ער האָט געגרינדעט אַ תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער. דער מנהל פון תלמוד־תורה איז געווען הרב ר׳ שלמה חארי שו״ב זייער אַ באַליבטער מענטש אין שטעטל. תנ״ך, עברית, דקדוק און גמרא האָט געלערנט אַ מלמד, אַ גרויסער מומחה ר׳ יהודה קאַפּושצעווסקי, וועלכער האָט אַליין געלעבט אין דחקות אָבער זיינע קינדער האָט ער געשיקט לערנען אין די ישיבות. זיין עלטסטער זון איז אַ גרויסער תלמיד חכם און איצט איז ער רב ראשי אין נתניה הרב ר׳ משה לעווין שליט״א, הרב ליבערמאַן האָט געשאַפן אַ וואָכער — מ׳זאָל צאָלן יעדע וואָך פאַרן ת״ת. דער קאַסירער פון וואָכער איז געווען איינער פון די מיטגרינדער פון ת״ת, ר׳ יוסף מיסקאָוו דער חסיד, ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דעם בית־יעקב און מיט גרויס מי אויפגעשטעלט אַ בנין פאַר דער שולע. אויפן פלאַץ פון דעם „נסתר" נחום ר׳ אליה׳ס אויף יורזדיקע. זכותו תגן עלינו.

אין הרב ר׳ יהושע דוב׳ס צייט האָט אויך עקזיסטירט אַ



„תפארת־בחורים"

זיצן פון רעכטס: הרב דוד שמואלוביץ, ראובן טוניק, אהרן חיט; שטייען פון רעכטס: יוסף רודיצקי, אייזיק שפירא, ליב אהרן גרונעס, אלטר מנקר, חיים סטאָלאָוויצקי, מרדכי חייקל פרוסינאָווסקי.

ישיבה־קטנה — וווּ ס׳האָבן געלערנט 4 ראשי ישיבות, רבנים גאונים: ר׳ יהודה כגנוביץ, ר׳ משה גיטעליס, ר׳ דוד שמואלוביץ און ר׳ יעקב דומניץ. סטויבץ איז געווען דער מרכז פון תורה. פון די קליינע אַרומיקע שטעטלעך האָט מען געשיקט די קינדער לערנען אין דער ישיבה. ר׳ יהושע דב האָט געשיקט אָרימע קינדער לערנען אין די גרויסע ישיבות, און ער האָט זיי אויך נאָך געגעבן אויף הוצאות. בכלל האָט ער זיך מוסר נפש געווען פאַר „עניי עירך".

דעם רב׳ס שטוב איז געווען אַ בית ועד לחכמים, תמיד פלעגן זיך ביי אים אויפקלייבן בעלי בתים, געוועזענע ישיבה בחורים, און עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן פאַרשידענע ענינים, דברי תורה און הוויות העולם. דער רב פלעגט רעדן וועגן סלאָבאָדקער ענטוויקלונג און די וועגן פון מוסר.

די בחורים האָבן זייער הנאה געהאַט און גרויס איז געווען זייער אינטערעס זיין ביים רב אין שטוב, דאָס האָט אויך פאַרהיט פיל געוועזענע ישיבה בחורים זיי זאָלן ניט אַרויס לתרבות רעה.

דער רב האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט די לאָקאַלע ענינים פון שטאָט, ד.ה. מיטן מאַגיסטראַט. צו די וואַלן האָט ער אַגיטירט פאַר דער רשימה פון אַגודת ישראל און סתם בעלי בתים. דעם רב׳ס רשימה וועלכע איז געווען נר. 5 האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג. אויף דעם האָט דער רב געדרשנט דעם רמז „ב׳ה׳בראם" (בראשית ב, ד).

די פאָלגענדע מעשים שהיו וועלן בולטער מאַכן די פערזענלעכקייט פון הרב ר׳ יהושע דב ז״ל און וועלן באַלייכטן זיינע מידות, צדקות און יראת שמים.

בשעת דער גרויסער מחלוקת וועגן רבנות האָט הרב הגאון ר׳ יהושע דב ליבערמאַן פאַרלאָזן דעם אַלטן בית הכנסת און איז אַוועק דאַווענען אין שטוב. נאָכדעם אַז אין שטוב איז געוואָרן ענג, האָט ער געדאַוונט אין ת״ת, וואָס די געגנער האָבן גערופן „פּאדלאזשנע", ווייל די ת״ת איז געשטאַנען לעבן באָד. דער רב האָט מיר דערציילט אַז ס׳זענען געקומען צו אים בעלי בתים און יונגוואַרג און האָבן אים גערופן גיין מיט זיי צוריק דאַווענען אין אַלטן בית הכנסת. „מיר זיינען דאָ לעבן אייך, אויב מ׳וועט אייך אָנרירן און פוגע בכבוד זיין וועלן מיר זיי דערלאַנגען"…. האָט דער רב געענטפערט: „ווי באַלד עס קען קומען צו אַ ריב אחים, בין איך מוותר"... און ער איז אַוועק פון זיין אָרט ווו ער איז געזעסן מער פון צען יאָר. פון תלמוד תורה איז ער אַוועק אין יורזדיקן בית המדרש און דאָרט מרביץ תורה געווען ברבים.

ער האָט געלעבט בדחקות און דאָך געטאָן פיל צדקה און חסד. אַ גרויסן טייל פון תלמוד תורה בודזשעט האָט ער געדעקט, ווי אויך פון דער ישיבה־קטנה. האָט ער פאַרליען עמעצן אַ גמילות חסד האָט ער קיינמאָל נישט געבעטן צוריק — טאָמער האָט יענער ניט, וועט ער דאָך אים פאַרשעמען און וועט נאָך עובר זיין אויף אַ לאו „לא יגוש".

אין שטעטל איז געווען אַ וואַסער טרעגער אַ קריסט מיטן נאָמען פאַשקע, האָט ער געהאַלטן זיינע געלט ביים רב, און קיינער האָט פון דעם ניט געוווּסט. אַז ער איז געשטאָרבן און קיין יורשים האָט ער ניט געהאַט, האָט דער רב גענומען זיינע געלט און אַריינגעטראָגן אין מאַגיסטראַט.


הרב ר׳ יהודה און יענטע יאַקימאָוסקי

די גוים האָבן געזען אַזאַ זאַך זענען זיי נשתומם געוואָרן און דער קידוש השם איז געווען גרויס.

יעדן יאָר פאַר פסח פלעגט אָנקומען געלט פון אמעריקע — אויף מעות חיטים. איינמאָל האָט זיך פאַרשפעטיקט דאָס אָנקומען פון דעם געלט און דאָ איז 10 טאָג פאַר פסח. האָט דער רב צונויפגערופן די בעלי בתים פון אַלע בתי מדרשים און ער האָט מעכב געווען די קריאה, איך בין געגאַנגען רופן וועלוול טוניק (עזריאלס) פון אַלטן בית המדרש, און ער האָט זיי דערציילט אַזוי ווי דעם יאָר איז נאָך ניט אָנגעקומען די מעות חיטים געלט, דעריבער פאַרלאַנגט ער אַז צען בעלי בתים זאָלן צוזאָגן, אַז גלייך נאָך הבדלה, וועלן זיי קומען אונטערשרייבן וועקסלען ביים רב אין שטוב, כדי דערווייל לייען געלט אין באַנק. ווען אָנקומען די געלט וו׳צט מען אומקערן די וועקסלען צוריק און אויב ניט, וועט יעדער דאַרפן אָפּצאָלן זיין וועקסל און כל זמן מ׳וועט דאָס ניט


שיינע־בתיה שאפירא

ערלעדיקן וועט מען ניט לייענען אין ספר. אַזוי איז געשעען. אין אַ פאָר טעג שפּעטער איז אָנגעקומען די געלט.

אין יאָר 1939 אין די ערשטע חדשים פון דער סאָוויעטן־מאַכט, בין איך איינמאָל געגאַנגען מיטן רב דאַווענען מנחה, גייענדיק האָט ער מיר געפרעגט „וואָס טראַכסטו?" האָב איך אים געענטפערט „איר ווייסט דאָך, וואָס די וועלט זאָגט — „אשרי יושבי ביתך". האָט מיר דער רב געענטפערט: „איז גוט אַז מ׳האָט אַ בית". דאַן האָב איך פאַרשטאַנען דעם רמז, אז עס איז ניט קיין פלאַן צו בלייבן דאָ. געטראַכט האָב איך פאָרן קיין ווילנע (אַ דאַנק דעם רב בין איך געבליבן לעבן). אין יענע צייטן זענען רבנים געלאָפן נאָך ווילנע צו די ליטווינער.

מ׳האָט פאָרגעלייגט דעם רב: „אפשר איז אַ פלאַן אַז דער רב זאָל אויך פאָרן?" האָט ער געענטפערט: „אַ רב איז גלייך ווי אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף, כל זמן אין סטויבץ בלייבן יידן טאָר מען די שטאָט ניט פאַרלאָזן".

נר זכרון לנשמת אמי מורתי שיינה־בתיה בת וולף יוסף, אחותי יענטה בת צבי ובנה צבי שנהרגו על קידוש השם בגיטו סטויבץ.

גיסי הרב ר׳ יהודה בר׳ יוסף יאַקימאָבסקי שנהרג על קידוש השם במחנה ברנוביץ.


חיה אגינסקי אויפן קבר פון איר מאַן ברדך בר׳ משה
די צווייטע מצבה איז נאָך הירשל (יענטעס) שאפירא

# מאטל מאכטיי / מיינע סטויבצער מלמדים

אַ גרויסן פלאַץ אינם פאַרמירן דעם צוקונפטיקן גייסטיגן לעבן האָבן ביי אונדז אין שטעטל פאַרנומען די מלמדים.

איך געדענק גוט מיין ערשטן מלמד — דאָס איז געווען לייב איינזעלבוך (אָדער ווי מען פלעגט אים ביי אונדז אין שטעטל רופן — לייב מאטשיכעס אויפן נאָמען פון זיין פאָטער מרדכי).

אין די צייטן פון מיינע קינדער־יאָרן פלעגן די פאַמיליע־נעמען נאָר פיגורירן אויפן פאַספאָרט אָבער ניט אין מויל פון אונדזערע שטאָטישע תושבים. מ׳האָט פון די אמתע פאַמיליע־נעמען זייער ווייניק געוווּסט, דער צונעמעניש — איז געווען דער באַקאַנטער נאָמען. אָט ווי מיין פאָטער, זייענדיק דער שוחט פלעגט ער באַקומען בריוו אויפן נאָמען אליהו שו״ב (וואָס מיינט שוחט ובודק).

די אינסטיטוציע חדרים און מיט איר צוזאַמען די מלמדים, האָט אין אָנפאַנג פון 20־טן יאָרהונדערט אָנגעפאַנגען אונטערגיין און כמעט פולשטענדיק אונטערגעגאַנגען נאָכן טויט פון באַניע דעם מלמד און נאָכן אַרויספאָר פון ר׳ יהושע דעם דיין קיין באַראַנאָוויטש. און אַזוי טאַקע איז רייף געוואָרן דער באָדן פאַר דעם דאַן ממש רעוואָלוציאָנערער אויפטו פון אַלטער יאָסעלעוויטש עפענען אַ געמישטע שול פאַר יינגלעך און מיידלעך, ווו אָנשטאָט חומש האָט מען געלערנט סיפורי המקרא. קיין באַזונדער צימער פאַר די תלמידים איז ניט געווען. געלערנט האָט מען אין חדר, וועלכער האָט גלייכצייטיק געדינט אַלס עס־צימער און קיך. אין דער צייט ווען דער רבי מיט די קינדער זענען געזעסן ביים לאַנגן טיש און געלערנט איז אין פאָדערשטן טייל פון צימער פאָרגעקומען די געוויינטלעכע קיך־אַרבעט. ווינטער צייט, פלעגן זיך פאַראייניקן די ריחות פון קיך מיט דעם אָטעמען פון די תלמידים. ווען די פענצטער זענען געווען כמעט הערמעטיש פאַרקלעפט, כדי איינהאַלטן די וואַרעמקייט אין שטוב, האָט זיך דאַן געפילט דער אמתער ריח ניחוח. פון אַלע חדרים אין וועלכע איך האָב געלערנט איז אַממערסטן געווען מיין ערשטער חדר ביי דעם דרדקי מלמד לייב אינזעלבוך. ניט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס סטויבץ איז געווען געבענטשט מיט שריפות, האָט אָבער אַ לאַנגע צייט דער פייער ניט געוואָלט באַלעקן דעם פאַלאַץ און אין מיין פריסטער קינדהייט, האָט אָט די אַלטע איינגעבויגענע צעפוילטע חורבה, געדינט אַלס „חדר”, ווו קליינע קינדערלעך האָבן באַקומען זייער ערשטע „בילדונג”.

די שיטה ביי די דרדקי מלמדים איז באַשטאַנען פון 3 טיילן: 1) לערנען די אותיות און תנועות: 2) לערנען לייענען; 3) אָנפאַנג חומש.

ווען דער תלמיד, האָט שוין געוווּסט די נעמען פון די אותיות און תנועות האָט מען דאַן געלערנט קמץ אלף אָ, קמץ בית באָ א.אַ.וו. נאָכהער איז מען איבערגעגאַנגען צו „שעפטשען” ד״ה אָנשטאָט וואָס דער תלמיד זאָל זאָגן אויפן קול קמץ א, קמץ ב אדג״ל, האָט דער תלמיד אויפן קול געזאָגט נאָר א׳ אָדער ב׳ און דעם נאָמען פון דער תנועה האָט ער געזאָגט שטילערהייט (געשעפטשעט) און דאַן אויסגעשריען „באָ”. דאָס האָט געדויערט לערך אַ האַלבן זמן און דאַן איז מען אַריבער צו לייענען אין סידור. דעם אַנדערן זמן, האָט מען שוין געלייענט פליסיקער און געזאָגט טיילן פון תפילות און ביים 2־טן האַלבן זמן, האָט מען אָנגעפאַנגען חומש. אַזוי איז אויסגעקומען, אַז נאָך אַ יאָר לערנען, האָט דער תלמיד שוין גוט געלייענט. ביי דעם רבין, האָב איך געלערנט נאָר 1 זמן, ווייל פון די מצבות וואָס מיין פאָטער ז״ל פלעגט מאַכן, האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען, אַזוי אַז ביי דעם רבין האָב איך ניט געהאַט וואָס צו טאָן.

## ר׳ חיים יצחק באַרסוק

מיין 2־טער מלמד איז געווען ר׳ חיים יצחק באַרסוק אָדער חיים־איטשע דער מלמד, נח און משה באַרסוקס זיידע, געווען איז ער אַ קליינינקער, אַ מאָגערער אָבער אַ לעבעדיקער און זיך לייכט באַוועגט. היות פון מלמדות אַליין, האָט ער ניט געקענט מפרנס זיין זיין משפחה, האָט ער אַ ביסל צוגעהאַנדלט מיט ספרים. מיר דוכט זיך, אַז ער האָט אויך געלייענט דעם „הצפירה” אָדער „המליץ”. ווו האָט ער גענומען געלט אויף אַבאָנירן אַ צייטונג? — פשוט, כמעט קיינער אין סטויבץ האָט ביז 1905 ניט אַבאָנירט אַליין אַ צייטונג, נאָר שטענדיק בשותפות 3—4 צוזאַמען אַמאָל אויך מער. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געהאַט אַ השפעה אויפן רבין. איך געדענק ניט, צי ער האָט זיך באַנוצט מיטן קאַנטשיק לגבי די תלמידים. איך בין נוטה צו גלויבן, אַז ניט. מיר דוכט, אַז ער האָט ניט געקענט אויפהייבן אַ הויך קול און דערפאַר, אפשר, האָט ער ניט געהאַט קיין סך תלמידים. ווייל דער עולם האָט געהאַלטן פון „חושך שבטו שונא בנו”. אַ רבי וואָס שלאָגט ניט די תלמידים וועט ער זיי פיל ניט אויסלערנען. דאַקעגן ביי די תלמידים איז ער געווען באַליבט און מען האָט געלערנט אפשר פיל פלייסיקער, ווי ביי אַ רבין וואָס האָט באַנוצט דעם קאַנטשיק און וואָס ער האָט געלערנט, ווי חומש און נ״ך זענען ביי מיר געווען באַליבט.

## ר׳ יעקב מאיר צאַרליך

מיין 3־טער מלמד איז געווען ר׳ יעקב מאיר צאַרליך, גיכער באַוווּסט אַלס יעקב מאיר דער געלער, צוליב זיין געלער באָרד און אויך כדי צו אונטערשיידן פון אַ 2־טן ר׳ יעקב מאיר, וועלכער איז געווען טיילוויז אַ משולח און טיילוויז אַ מלמד, וועמען מען האָט גערופן יעקב מאיר דער גרויסער. אויב ר׳ חיים איטשע האָט געלערנט תנ״ך נאָר אויפן שפּיץ גאָפל, און געלערנט אונדז דערצו אַ משנה, האָט ר׳ יעקב מאיר געטיילט זיין צייט צווישן תנ״ך און גמרא און געלייגט מער אַכט אויף גמרא. דער חדר ביי ר׳ יעקב מאירן איז געווען אָפּגעטיילט פון דער קיך מיט אַ ווענטל, אמת אָן אַ טיר, אָבער דאָך אָפּגעטיילט און די תלמידים האָבן זיך געקענט בעסער קאָנצענטרירן, ניט אָפּרייסנדיק זייער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם וואָס ס׳טוט זיך אין קיך.

ר׳ יעקב מאיר אַליין, אַ ייד אין די 50־ער מיט אַ הויכן

שטערן און אַ בעל הדרת־פּנים פון אַ תלמיד חכם, שטענדיק אַ הייזעריקער האָט געהאַט אַ געוווינהייט קנייטשן דעם שטערן אַפילו ווען ער האָט געטראַכט וועגן אַ קלייניקייט. איך פלעג זיך באַמיען נאָכמאַכן זיין קנייטש, אָבער מיין יונגער שטערן האָט זיך קעגנגעשטעלט און בשום פנים ניט געוואָלט נאָכמאַכן די אינטערעסאַנטע פיגור. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ קליינער סאַמאָוואַרל וועלכער האָט אַנטהאַלטן, דוכט מיר, 12 גלעזער. במשך פון לערנען, פלעגט ער עס אויסטרינקען באַנוצנדיק זיך נאָר מיט 1־2 קוואַדראַט שטיקלעך צוקער. זיין לערנען איז געווען אַ רואיקער, אָן רוגזה, ער האָט זיך ניט באַנוצט מיט די הענט אָדער מיטן פּאַס כדי „אַריינקלאַפּן" אין אונדז די תורה.

זיין רואיקייט ביים לערנען, כאָטש ער איז געווען אַ הייסער חסיד, דערקלערט זיך אפשר אויך דערמיט, וואָס היות זיין פרוי, איטקע פראַדע, האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער פּרנסה, האָט ער אָנגענומען אַ קלענערע צאָל תלמידים. במילא האָט ער געקענט בעסער לייגן אַכט אויף די תלמידים און באַשעפטיקן זיי מער, האָבן מיר ניט געהאַט קיין צייט צו שטיפן און דערפאַר מער געלערנט.

## ר׳ בנימין כהן, באַניע דער מלמד

מיין 4־טער מלמד איז געווען ר׳ באַניע, ווי מען האָט אים אין שטעטל גערופן. געווען איז ער אַ ייד אַ חלוש, אַ שוואַכער, מיט אַ שטענדיקן ברענען אויפן האַרצן צו וואָס ער פלעגט סיסטעמאַטיש באַנוצן טרינק־סאָדע. אויסער דעם האָט ער געליטן פון אַ כראָנישן הוסט, וועלכער פלעגט אים שטאַרק מאַטערן. ווען ער פלעגט זיך שטאַרק פאַרהוסטן און ווערן אַזש רויט, פלעגט אונדז אַרומנעמען אַ רחמנות געפיל, קוקנדיק ווי ער מאַטערט זיך. ר׳ חיים יצחק האָט געלערנט כמעט אויסשליסלעך תנ״ך, ר׳ יעקב מאיר —ביידע זאַכן, ד״ה תנ״ך און גמרא, האָט ר׳ באַניע געלערנט אויסשליסלעך גמרא. גערעכנט האָט ער זיך אין סטויבץ פאַרן בעסטן גמרא־מלמד צוגלייך מיטן דיין ר׳ יהושע מעדוועטקען (זע באַראַנאָווי־טשער יזכור־בוך, דער סטויבצער דיין), וועלכער האָט גע־מוזט זיך פאַרנעמען מיט מלמדות, ווייל פון זיין דיינות האָט ער ניט געהאַט פון וואַנען צו לעבן. געלערנט האָבן מיר ביי ר׳ באַניען, דוכט זיך ניט מער ווי 10—8 תלמידים און דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס מיין פאָטער ז״ל, האָט מיר געשיקט לערנען ביי אים. דעם זמן וואָס מיר האָבן ביי אים געלערנט, האָבן מיר ווירקלעך אַ סך דערגרייכט. זיין אומברחמנותדיקער טויט, האָט געמאַכט אַ סוף צו אונדזער לערנען און מיר זענען אַריבער צום 5־טן מלמד.

## דער קוידאַנאָווער פּרוש

נאָכן טויט פון ר׳ באַניע, האָט זיך פאַר אונדזערע עלטערן, זאַמקעס און מיינע, זיך געשטעלט די פראַגע וועגן אונדזער ווייטערן לערנען. פון ר׳ חיים איטשען ביז ר׳ באַניען האָבן מיר געלערנט צוזאַמען און זענען געווען די איינציקע, וועמענס עלטערן האָבן געוואָלט, אַז מיר זאָלן קענען גוט גמרא (מיין פאָטער ז״ל האָט געהאָפט, אַז איך וועל זיין אַ רב און ר׳ לייב רובאַשאָוו, האָט אויך געוואָלט, אַז זיין זייער פעאיקער זון זאָל זיין אַ גרויסער למדן). קיין גמרא־מלמדים אין דער מדרגה פון ר׳ באַניען זענען ניט געבליבן. שיקן אין דער מיר, זענען מיר נאָך געווען צו יונג (מיר זענען דאַן אַלט געווען 9.5 יאָר), האָבן אונדזערע עלטערן אָנגעפאַנגען זוכן אַ מלמד. צו יענער צייט, האָט זיך באַוויזן אין דעם חסידישן שטיבל אַ ייד אַ פרוש, דער קוידאַנאָווער פרוש און אונדזערע עלטערן האָבן אים אַנגאַזשירט אַלס אונדזער מלמד.

ווען מען האָט אַנגאַזשירט דעם פרוש, האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן פלאַץ ווו צו לערנען. די אָרטיקע מלמדים האָבן געלערנט אין זייערע דירות, דאַקעגן דער פרוש, האָט דאָך קיין אייגענע וווינונג ניט געהאַט (אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָט ער געשלאָפן אין דעם חסידישן שטיבל). דערפאַר האָט אונדזער חדר געוואַנדערט פון דירה צו דירה. דעם ערשטן ווינטער איז אונדזער חדר געווען ביי באַשע דוואָרעצקי, די באָבע פון חיים דוואָרעצקי. היות מיר זענען געווען נאָר 3 ייִנגלעך, ריכטיקער געזאָגט, נאָר 2, ווייל דער דריטער פלעגט קומען בלויז אויף איין שעה אַ טאָג, האָבן מיר דאָך ניט געדאַרפט קיין גרויסן צימער און אָט דער חדרל האָט געקענט אַריינגעמען נאָר אונדז מיטן רבין.

דעם צווייטן זמן, זומער איז אונדזער חדר געווען ביי עזריאל סטעלמאַך, דער פאָטער פון פאַרשטאָרבענעם דזשעק סטילמאַן. אַלט זענען מיר געווען בלויז צו 10 יאָר און די גאַס האָט געצויגן, געבעטן זיך קומט קינדערלעך שפּילן און הנאה האָבן פון די קינדער־יאָרן, אָבער דער רבי איז געווען אומבויגזאַם און האָט אונדז די גאַנצע צייט ניט אָפּגעלאָזט פון דער גמרא. פאַר אים האָט אויסער גמרא קיין זאַך ניט עקזיסטירט. איין מאָל גייענדיק אין חדר בין איך פאַרבייגעגאַנגען איטשע תנחומס שטוב פון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט דער ניגון פון תנ״ך. ס׳האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ בענקעניש נאָך אַ קאַפּיטל תנ״ך, אַזוי ווי ביי ר׳ יעקב מאירן און איך האָב זיך געווענדעט צום רבין מיט דער ביטע: רבי, לערנט מיט אונדז תנ״ך! אויף דעם האָט ער געענטפערט: און גמרא קענסטו שוין?

דעם דריטן זמן איז שוין אונדזער חדר געווען ביי ארע דעם בעל עגלה. אין פאַרגלייך מיט דעם אָרט זענען שוין אונדזערע פריערדיקע חדרים געווען פּאַלאַצן. די שטוב איז ניט געווען אויסגעטינקעוועט און אפילו ניט אויסגעקאַלכט און דורך די קלייניקע פענצטערלעך, האָט די ווינטער־זון קיין שליטה ניט געהאַט און שטענדיק האָט דאָרטן געהערשט אַ טונקלקייט. געבליבן זענען מיר בלויז זאַלבעגאַנד, ווייל צום דריטן ייִנגל איז שוין דער רבי געגאַנגען אַהיים. ווען דער רבי איז אַוועק האָבן מיר זיך פאַרנומען, ד״ה זלמן האָט אַרויסגעגעבן אַ צייטונג. כ׳דערמאָן זיך ווי זלמן, האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז אויך איך זאָל עפּעס אָנשרייבן. אָבער צום שרייבן דאַרף מען דאָך האָבן טאַלאַנט. עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד האָב איך זיך געמאַטערט ביז איך האָב אָנגעשריבן עטלעכע שורות. דאַקעגן האָט זלמן אָנגעשריבן די גאַנצע „צייטונג" פון אַלע זייטן אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר. נאָר 2 נומערן האָט זלמן אַרויסגעלאָזן און דאַן איז ער קראַנק געוואָרן.

ער איז שוין דעם ווינטער ניט געקומען מער אין חדר און צום ענדע זמן, האָט זיך אויך געענדיקט אונדזער לערנען ביים קוידאַנאָווער פּרוש.

1.5 יאָר האָבן מיר געלערנט ביים פּרוש. דאָס איז אָבער ניט אין גאַנצן ריכטיק. איך האָב ביי אים געלערנט 1.5 יאָר אָבער זלמן נאָכן איבערייס מיטן רבין (זע דער קוידאַנאָווער פּרוש פֿון זלמן שזר), לערך אין מיטן ווינטער איז ער קראַנק געוואָרן און האָט שוין מער דעם חדר ניט באַזוכט. היות דער דריטער תלמיד, האָט געלערנט נאָר 1 שעה אין טאָג בין איך אַליין געבליבן אין חדר דעם גאַנצן טאָג. געלערנט האָט דער רבי מיט מיר, ניט קוקנדיק אויף מיינע 10.5 יאָר אָן אַן אויפהער כמעט פון 8 אין דער פרי ביז לערך 8 אָוונט. במשך פון דעם ווינטער זמן, האָט ער באַוויזן אָפּלערנען מיט מיר די גאַנצע מסכת חולין.

דערמיט האָבן זיך געענדיקט מיינע מלמדים, ווי אויך די 5 יאָר וואָס זלמן און איך האָבן איבערגעגאַנגען פון רבין צו רבין. דאָ האָבן זיך אונדזערע וועגן צעשיידט. איך אין די ישיבות און ער אין אַנדערע לימודים צענטערן.

די נאָטיץ מיינע וועט אָבער ניט זיין אַלזייטיק אויב איך וועל, כאָטש מיט אייניקע ווערטער, ניט דערמאָנען די איבעריקע מלמדים, די ביי וועמען איך האָב ניט געלערנט.

פּאַראַלעל מיט די חדרים, האָט נאָך עקזיסטירט אַ תלמוד תורה, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין אייגענע געביידע נאָר געלערנט אין 2 פלעצער אין קהל־שטיבל און אין דער ווייבערשער שול פון גרויסן בית מדרש. דער מלמד איז דאָרט געווען ר׳ אברהם שאפּירא באַקאַנט אַלס אברהמל, דער תלמוד תורה מלמד, געווען איז אויך אַ מלמד ר׳ אברהם שמוקלער (עלטער־זיידע פון סאניע באַרישאנסקי — טוניק) און כדי צו אונטערשידן אים פון דעם תלמוד תורה מלמד, האָט מען אים גערופן אברהמל דער גרויסער.

געוווינט האָט ער אַנטקעגן ר׳ יעקב מאירן און גראַדע ווי ער, האָט ער אויך געלערנט תנ״ך און גמרא אָבער מער געלייגט אַכט אויף לערנען גמרא.

אַ באַזונדערן פּלאַץ האָט פאַרנומען צווישן די מלמדים ר׳ חיים יצחק אסתרקין אָדער איטשע תנחומס. געווען איז ער אי אַ מלמד אי אַ מגיד. אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, וועלכער פלעגט מיט זיין ריידן באַצויבערן זיינע צוהערער. ווען ער פלעגט „זאָגן״ אין יורזדיקע בית־מדרשל, פלעגט דאָרט זיין געפּאַקט, אַז ס׳איז ניט געווען קיין פּלאַץ און אַ סך מענטשן זענען געשטאַנען אונטערן פענצטער און האָבן „געלעקט די פינגער״ פון זיינע פאַרטרעפלעכע משלים. געווען איז ער אויך אַן ערשט־קלאַסיקער מלמד און געלערנט האָט ער נאָר תנ״ך. ער האָט געהאַט זיין אייגענע שיטה פון לערנען אַזוי, אַז דער תלמיד האָט שנעל אויפגענומען דעם באַדייט. איך דערמאָן זיך, וואָס זיינער אַ תלמיד האָט מיר דערציילט ווי אַזוי דער רבי האָט אים פאַרטייטשט דעם פסוק אין ירמיהו „כי שתים רעות עשה עמי אותי עזבו מקור מים חיים״. מיט זיין ספּעציפישן ניגון האָט ער אויסגעזונגען „כי שתים רעות עשו עמי — ערשטנס אותי עזבו און צווייטנס איך בין דאָך אַ מקור מים חיים. די תלמידים האָבן זיך ניט גענויטיקט אין קיינע ווייטערדיקע דערקלערונגען. ער וואָלט אַלס מלמד מסתמא געהאַט זייער גרויס דערפאָלג, ווען ניט זיין ליבשאַפט צום ביטערן טראָפּן, וואָס האָט געווירקט אַז ער זאָל האָבן ווייניק תלמידים און מיט דער צייט איז ער געוואָרן בלויז אַ מגיד. מען האָט דערציילט, אַז פאַרן האַלטן אַ דרשה, פלעגט ער פאַרזוכן פון פלעשל. האָט מען אים אַמאָל געפרעגט: ר׳ יצחק, פאַרוואָס טרינקט איר אַזויפיל, האָט ער מיט זיין ספּעציפישן ניגון געענטפערט: „לשוני עט סופר מהיר״ — מיין צונג איז געגליכן צו אַ פעדער פון אַ גוטן שרייבער, וועלכע מען מוז איינטונקען כדי זי זאָל שרייבן, אַזוי בין איך אויך.

# אהרן חייט ניו־יארק / א בינטל זכרונות

## מיינע טאטע־מאמע, א מערקווירדיק פאר־פאלק אין דער אלטער היים

... חרוב איז מיין שטעטל, אַוועק אין רויך און פלאַמען, אָפּגעוואָשט געוואָרן אין דעם בלוט און מאַרך פון אונדזערע קדושים וטהורים.

טויט זענען מיינע עלטערן; אויסגעוואָרצלט פון אונדזער זינדיקער ערד.

דעם טאַטן האָבן די נאַציִשע רוצחים ימ״ש אַפילו ניט פאַרגונען די רו אין קבר; פאַרשוועכט זיין מצבה, פאַראַקערט דאָס בערגל ערד אויפן אַלטן בית עולם.

ווער ווייס, אויב אַ טמאדיקע גויישע פוס באַטרעט ניט די כשרע הייליקע אותיות פון דעם מליצהדיקן נוסח אויף דער מצבה, וואָס איז מעגלעך איינגעפּאַסט אין דעם אספאַלט פון אַ טריפענער גאַס אין מיין איצטיקן דורכויס־קריסטלעכן שטעטל?!..

די מאַמע האָט פאַרשלעפּט איר אַלט בינטל ביינער אַהער אין אַמעריקע, און דאָ אומגעקערט אַן אויסגעלייטערטע נשמה צום באַשעפער אַזוי זויבער און ריין, ווי זי האָט עס פון אים באַקומען, איבערלאָזנדיק דאָ אויף אַ היגן בית עלמין אַ דאַרן אויסגעקרענקטן גוף. ניט באַשערט געווען דער „הנאהבים והנעימים״ אויך נאָכן טויט...

און איך, אַן עלנטער זון, בלאָנקע אַרום אין נאָסטאַלגישער בענקשאַפט צווישן צוויי קאָנטינענטן, וועמעס באָדן עס האַלט מיין גרעסטן אוצר. אַן איראָניע פון גורל, און דערצו נאָך אַ זכות, וואָס זיי זענען אַמווייניקסטנס געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל, — אַנדערע האָבן דאָך דעם „לוקסוס״ אויך ניט...

טראָג איך זיך איבער אויף דעם „הייליקן אָרט״ פון מיין אייגענעם זכרון, קום איך דאָרט אויף „קבר אבות״, כדי אָט אין דעם „מענה לשון״, דורך די שורות פון דער באַשרייבונג, צו זאָגן די „נייע תחינה״ אויף אברהם דעם וואַטניק און צביה



ר׳ אברהם און צביה חייט

ר׳ אַהרעס ע״ה, וועלכע האָבן מיר און אונדזער פאַמיליע אויף דער וועלט געבראַכט.

וואָס געווען, איז געווען, ס׳איז שוין ניטאָ, אָבער זכרונות זענען אומצושטערבאַר, אומבאַצווינגבאַר, אומשטערבלעך.

סטויבץ, מיין שטעטעלע סטויבץ!

אַ העק אין דער גרויסער, גאָרער וועלט; אַ פּינטעלע אויף דער מאַפּע פון ערד־קוגל, אַן אָרעם, חושכדיק ווינקל, אָבער פאַר מיר איז עס געווען אַ מלכות, אַ מיטל־פּונקט, אַן עיקר, און — דער עיקר, — אַ היים.

און אָט פון דעם אַש און שטויב פון מיין שטעטעלע, פון צווישן דער פאַרבנרייכער פּאַנאָראַמע פון אָבות און אמהות, טויכן אַרויס מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע, מיינע ליבסטע; מיינע אומפאַרגעסלעכע.

אברהם דער וואַטניק, ר׳ איטשע דעם וואַטניקס זון, אַ נאָמען, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין דעם זכרון פון דורות; אַ נאָמען וועלכן בראַווע זין פון מיין היימשטאָט, תלמידים און פאַרערער, האָבן מיטגענומען אויף זייערע רייזעס איבער די זיבן ימים, אַנטלויפנדיק פון פּריזיוון, פון קאַטאַרגעס, פון טורמעס, פון דעם צאַר און „יאַסניע וויעלמאָזשני פּאַן״, אין זוכעניש פון מזל און ברויט אין פרייערע לענדער, אונטער ליכטיקערע הימלען.

מען געדענקט אברהם דעם וואַטניק, ווייל ער האָט אויף זיינע קני אויפגעצויגן די יוגנט פון שטעטל. און ניט איינער אפשר האָט נאָך אַ בלויען „סיניאַק״ פון דעם „רבינס קאַנטשיק״, וואָס האָט צוזאַמען מיט שמיץ אויפן הינטער־חלק, במחילה, דאָך „אַריינגעשמיסן״ אין קאָפּ אַ היפּש ביסל יידישקייט. אָ, די שמיץ, די יוגנט־שמיץ...

און געווען איז ער ניט בלויז דער מלמד פון עלטערן, קינדער און אייניקלעך, נאָר אויך זייער שליח ציבור, דער חזן פון שטעטל, וואָס מיט זיין „סקאַרבאַוואָען״ נוסח און ניגון פלעגט ער אַן עדה יידן פאַרטרעטן ביים עמוד, דינען אַלס זייער מליץ יושר און אויסבעטן אַ גוט יאָר.

ווער קען פאַרגעסן יענעם שלאַנקן, שיינעם, הויכן יידן, מיט דער רונדער שוואַרצער בערדל, וועלכער פלעגט זיך ערב ימים נוראים ווייקן דעם האַלדז מיט וויסאָצקיס טיי און אַ קעפּל צוקער. — קהלס מתנה צום חזן, און אַ סגולה, אַז ׳ער שטן המשחית, דער בעל דבר, זאָל זיך, חלילה, ניט אַריינכאַפּן און הייזעריק מאַכן די „כלי״? ווער קען אויסלאָזן פון זכרון, ר׳ אברהמען איינגעוויקלט אין יענע טעג מיט אַ שאַל אויפן האַלדז אַז קיין בייזער ווינט, חס־ושלום, זאָל ניט צוקומען און ניט שאַדן? און ווער קען עס ניט געדענקען זיינע „יעלות״, זיין „ונתנה תוקף״, זיין „הנני העני ממעש״, וועלכע האָבן געשפּאָלטן אַלע הימלען; זיין „טל״ וואָס האָט געצערטלט מיט דער לופט פון דערוואַכטן פרילינג, אָדער „גשם״, וואָס האָט געטריפט מיט דער דורכדרינגלעכער נעץ פון האַרבסטיקע רעגנס?

און געווען איז ר׳ אברהם ניט בלויז אַ כלי־קודש, אַ מלמד און חזן, נאָר אויך דער „אוטשאָני יעוורעי״, דער „נאָטאַר״ פון שטעטל, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קאַליגראַפישער האַנטשריפט און קענטניש פון חשבון, רוסיש, דייטש, העברעאיש, אַ מומחהדיקער עקספּערט אין נוסחאות פון פאַרשיידענע סאָרטן, גראַטולאַציעס, עפּיטאַפן, מליצהדיקע טיטולן א. אַ. וו.

ער איז אויך געווען באַקאַנט אַלס דער רעוויזאָר אין דער שטעטלדיקער באַנק, ווו ער פלעגט זייער אָפט אַריינקומען נאָכקוקן חשבונות, ווי אויך דער אַקטיווער טוער אין שטעטלשן גמילות חסד, ווו ער פלעגט העלפן אַרויסגעבן הלוואות.

אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן איז ר׳ אברהם געווען מיט דעם גאַנצן שטעטלשן לעבן. אַן אינסטיטוציע, אַ קהל אין איין פּערזאָן.

אויך אויסערלעך האָט ער געמאַכט אַ מאַיעסטעטישן איינדרוק. אַריסטאָקראַטיש־זויבער, אַ פּאַצעט אין זיין קליידונג, נעט און אַרטיק, אַ „שטשעגאָל״, ווי מען פלעגט עס רופן אין שטעטל, האָט ער אימפּאָנירט מיט זיין עלעגאַנץ. מען פלעגט איבערריידן, אַז ר׳ אברהם נעמט אין דעם קאַלטסטן טאָג אַריין אַ הויפן שניי אין הויז, כדי אָפּצופּוצן זיינע בגדים, אַ דאַמאַלטיקער פּרימיטיווער ערזאַץ פאַר דער היינטמאָדישער כעמישער רייניקונג.

מען פלעגט זען ר׳ אברהמען זייער אָפט אין קאָמיטעטן מיט אַ שליחות איבערן שטאָט, פאַר מעות חטים, פאַר „ליאַד״ אין דער שטאָטישער „ליאַדאָווניע״, פאַר צרכי ציבור. עס איז אויך געווען זיין פונקציע די „הערכה״ (אָפּשאַצונג) און פאַרקויף פון די „שטעט״ אין שול פאַרן יאָר, און דאָס פירן דעם שטאָטישן „פנקס״.

און אָט דער מערקווירדיקער ייד, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט תורה און השכלה, האָט זיך געשעפּן אַמבאַסאַדאָרן פון „סטויבצן אַרט און שטייגער״ איבער דער גאָרער וועלט. פון בריוו פון אַרגענטינע, דרום אַפריקע, אַמעריקע א. אַ. וו. פלעגן דערגיין אין שטעטל גרוסן. ווי אַזוי היימישע וואָגלער אין די ווייטע מרחקים פלעגן זיך פאַרזאַמלען און שטילן זייער אומעט און בענקשאַפט מיט ר׳ אברהמס אַ ניגון אָדער זיינס אַ גלייכוואָרטל.

אַן אמתער „עזר כנגד״, אַ לעבנסבאַגלייטערין ניט נאָר

אין פאַמיליע־לעבן, נאָר אויך אין גייסטיקן איינפלוס אויפן שטעטל, איז געווען זיין פרוי, מיין גאָט־זעליקע מאַמע, — צביה ר׳ אָהרעס. מען האָט זי אַזוי גערופן, אויס רעספּעקט פאַר מיין זיידן, ר׳ אָהרען, דעם צדיק, וועמען מען האָט אין שטעטל זייער געליבט און וועמעס מידות טובות מיין מאַמע האָט איבערגענומען און ווייטער פאָרגעזעצט.

צביה ר׳ אָהרעס האָט באַלאַנגט צו יענעם טיפּ פון קליינשטעטלדיקע „למד־וואָווניצעס", וועלכע מען זעט נאָר אַרויס דורך דעם „הצנע לכתדיקן" שלייער פון זייערע מעשים טובים.

זי איז געווען אַן אמתע אשת חיל, פאַרהעלטניסמעסיק זאַט אין יאָרן, אָבער יונג אין גייסט, איינע פון די לעצטע מאָהיקאַנערס פון אַ דור נשים צדקניות, וועלכע פאַרשווונדן פון דעם אויבערפלאַך.

קליינגעוויקסיק, דאַר און איינגעשרומפּן, איז זי אָבער געווען שאַרף אין מוח, טיף אין שכל און גרויס אין האַרץ. אירע סטויבצער לאַנדסלייט געדענקען נאָך צביה ר׳ אָהרעס, די מלמדקע וועלכע האָט געהאָלפן ר׳ אברהמען „צוזאַמענשטעלן אַ קנעלונג" פאַר דעם נייעם זמן, לערנען און פירן דעם חדר, ווען איר פאַרמאַטערטער מאַן פלעגט זיך מוזן אָפּרוען פון מידקייט ביים „סידור, חומש און טייטל" און זי פלעגט דאַן איבערנעמען דעם חינוך הבנים. זי האָט אויך היימישע מיידלעך און ווייבלעך געלערנט תחינה, טייטש־חומש און „צאינה וראינה".

פאַר זייערע אויגן שטייט אויך דאָס בילד פון צביה, די צדקה־גבאיטע, אָט די מאָגערע יידענע מיט דעם שייטל אויפן קאָפּ, און דעם ליכטיקן, וואַרעמן בליק אין אירע ווייכע אויגן, ווי זי פלעגט זיך שאַרן אין די פאַרנאַכטן אַרום די איינגעפאַ־




ערשטע שורה, אויבן פון רעכטס: **יחזקאל וואָלפּסאָן**, אהרן מאַכטיי, אברהם חיט, דוד סוועקסוויין, יוסף מאָלטשאַדסקי, **בערל ברוכאַנסקי; 2־טע שורה:** חיים ליב קאַפּלאַן, נתן ווינאַווער, אלימלך מילצענזאָן, אַברהם לעווין, חיים יצחק צעשלער, אברהם רוטאַק, מרדכי מאַכטיי, חיים הירשל אָקון; 3־טע שורה: ברוך גאַרמיזע, אשר אָקסלראָד, אליי ראַבינאָוויטש, שלמה הרכבי, אליקים מילצענזאָן, אייזיק באָרישאַנסקי, שלמה פאַליי, נחום מלבין, יצחק כץ.

לענע הייזלעך און אַרויסשאָקלען פון די פאַלדן פון איר פאַר־טאָך לאַבנס ברויט פאַר אָרעמע פאַמיליעס; דאַן פלעגט זי גלייך פאַרשווינדן אין די שאָטנס פון איר „הצנע לכת". דער זעלבער וואַכזאַמער אויער פלעגט פאַרנעמען דעם קרעכץ פון אַ שווער האַרץ; די זעלבע ליפּן פלעגן פליסטערן אַ תפילה און אַ טרייסט־וואָרט פאַר אַ ביטער געמיט; די זעלבע הענט פלעגן העלפן אָרעמע כלות, עלנטע יתומים, פאַרוואָרלאָזטע אלמנות, אַליין און דורך דעם „דאַמסקי קאָמיטעט" פון שטאָט.

מען געדענקט אויך צביה ר׳ אָהרעס אַלס די שטעטלשע „פאַרוקן־מאַכערקע", וועלכע פלעגט באַקליידן פרומע ווייַ־בערשע קעפּ מיט דעם צודעק פון צניעות, און דערלויכטן הערצער מיט אמונה אין גאָטס וואָרט.

לומדות, פּיקחות, צניעות, צדקות, מענטשן־ליבע און טאָלעראַנץ, זעלבסט־באַנוגענונג און צידוק־הדין אויף די קאַפּריזן פון גורל, אָננעמען יסורים פאַר ליב, — האָבן צוזאַמען געשאַפן אַ בלומענקראַנץ פון מעלות. מען האָט זיך אָפט געוווּנדערט, ווי אַזוי אַזאַ קליינער גוף האָט געקענט אויפ־האַלטן אַזאַ שיינעם גייסט, וועלכער האָט באַוויזן וווּנדער אויף ביידע זייטן ים, אין דער אַלטער היים, ווי אויך אין אַמעריקע. איר ליבע און צדקה פאַר א"י זענען געוועזן אויסערגעוויינלעך.

אַ גאָר באַזונדער טאַלאַנט זענען געוועזן דער מאַמעס האַנט־אַרבעט, דאָס „העפטן" פון קונסט־געוועבן, וועלכע זי פלעגט שענקען פאַר אַ דבר שבצדקה. זי איז אויך געוועזן באַשאָנקען מיט אַ פליסיקער פעדער צום שרייבן און האָט איבערגעלאָזט אַ ניט־פאַרענדיקט טאָג־בוך. איר התמדה האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ און זי האָט דאָ אין אַמעריקע דורכ־געמאַכט אַ ענגלישע עלעמענטאַר־שולע אין די אָוונטן, נאָך טעג פון געראָטענער און שווער־אויסגעהאָרעוועטער באַלעבאַ־טישקייט אין הויז.

דער שטריק־פרענטל און דער ספר זענען געוועזן אירע אומאָפּשיידבאַרע חברים ביזן לעצטן אָטעמצוג. שטענדיק אַרומגערינגלט פון מענטשן, איז זי געוועזן זייער פריינד און וועג־ווייזער ביזן לעצטן טאָג. אַוועק איז זי פון דער וועלט,



דאָס הויז פון אברהם חיט

אין מיטן געוועב פון אַ שיין, כשר, הייליק לעבן, אין סאַמע מיטן פון אירע געכתיבהטע שורות צווישן פען און פאַפּיר, פרענטל און שטריק־ווערק, מיט אַן אוצר פון ניין צענדליק פרוכטבאַרע און שיינע יאָרן.

און אָט אין דער אַטמאָספער צווישן טאַטע־מאַמע האָבן מיר זיך אויפגעצויגן. אונדזער היים איז געוועזן דאָס שפּיגל פון דור, דער דופק פון שטעטל. אונדזער טיש איז געוועזן די בינע פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע צוזאַמענשטויסן, פון מאָדערנע ווינטן, אָבער אויך די פלאַטפאָרם פאַר דברי תורה און מוסר. דער ראָמאַנטישער שטורעם פון אונדזער צייט האָט זיך אויסגעווירבלט צווישן די ווענט פון אונדזער הויז.

דאָס איז געוועזן איינע פון די פילע ליכטיקע, נאָבעלע, אידעאַלע היימען פון אונדזער שטעטעלע סטויבץ, ביי די שטילע וואַסערן פון ניעמאַן; אַ נעסט, וועמעס אָבות און אמהות זענען אויפן עולם האמת, און די קינדער און קינדס־קינדער טראָגן די גרויסע ירושה און די זוניקע חלומות איבער דער גרויסער, גאָרער וועלט.



**ביי דער לויה פון הירשל מאַכטיי**

פון רעכטס: עקיבא ליס, שאול גינזבורג, מענדל מאַכטיי, שרה מאַכטיי, משה יצחק בערנשטיין, פייוועו ליס, רחל און ראָשקע קושניר, **מאַנדל** מאטשאסקי, משה רייסער, ליבע און וועלוול טוניק, יאָסל און אלי־הענדל מאַכטיי, מיני־ע־גאָלדע מאַכטיי, פייגל מאַכטיי (לייבעס), **ראובן** מאַכטיי, חיה מאַכטיי, ליבע קאַנטאַראָוויטש, לייבע מאַכטיי, **פייגל** און עטל מאַכטיי, באַשע מאַכטיי (לייבעס).

# געצל רייסער / אַ. צוויי עסקנים

ר׳ יצחק־שמואל אפשטיין — ר׳ לייב ברוכאַנסקי אסתר־קעס —ביידע פלעגט מען טרעפן ביי געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן: אין פאָלקס־באַנק, אין „מעות־חיטים״־קאָמיטעט צוזאַמען מיטן רב פון שטאָט. אין „הכנסת־אורחים״ ביים באַשטעלן אַ אורח אויף שבת און צופּאַסן אים צום בעל־הבית, — פאַר אַ מגיד, אָדער אַ אורח אַ בעל הדרת־פּנים, האָבן זיי געזוכט אַ גביר׳יש הויז, דאַקעגן אַ „עמך״־ייד באַשטעלט ביי אַ בעל־מלאכה. ווען דער רב האָט געדאַרפט געבן אַ גרעסערע סומע געלט, ווען עס איז א מתן בסתר,



ר׳ יצחק שמואל אפשטיין

פלעגט ער רופן די ביידע. — זיי פלעגן שאַפן די סומע געלט. ווי צוויי חברים און דאָך ניט קיין גלייכע אין זייערע אייגנשאַפטן. זינט מיין יוגנט געדענק איך האָט ר׳ יצחק־שמואל געחברט זיך מיט ר׳ ידידיה רוסאַק, זיי האָט מען שטענדיק געזען אין בית־המדרש לערנענדיק אַ בלאַט גמרא בחברותא. ביידע פלעגן גיין אַהיים מיט די טליתים אונטערן אָרעם, דערגענצנדיק בשעת מעשה זייערע סברות וועגן אַ תוספת, אַ מהרש״א. ר׳ ידידיה, אַ גרויסער למדן, אַ ירא שמים, דער ריכטיקער ר׳ יוחנן הסנדלר. ער איז יונג נפטר געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נאָכן טויט פון ר׳ ידידיה האָט ר׳ יצחק־שמואל גענומען זיך חברן מיט ר׳ לייב אסתר׳קעס. ר׳ יצחק־שמואל איז געווען אַ גמרא־ייד, אַ למדן, איש תם וישר, ערלעך און ריין ווי אַ אויסגעהאַמערט שטיק גאָלד. נאָכן התלהבותדיקן דאַווענען פלעגט ער בלייבן לערנען. בין מנחה למעריב געזעסן און געלערנט מיט אַ ליכט אין האַנט ביים וואַקלענדיקן שטענדער. געווען איז ער אַן ערלעכער סוחר און קרעמער און ליב געהאַט באַזאָרגן ניט איינעם מיט אַ גמילות־חסד. אַוועקגעשיקט אַ זון קיין ארץ־ישראל. פלעגט אויפנעמען אַן אורח בכבוד. זייענדיק אין אַ ספק צי ער איז מקיים על פי דין די מצוה פון הכנסת אורחים, פלעגט ער זיך בעטן ביי לייבעצקען, ער זאָל חלילה ניט באַליידיקן אַן אָרעמאַן, אַפילו אַ רמאי. אַ דאַנק די רמאים — פלעגט ר׳ יצחק־שמואל זאָגן, — ווען ניט זיי וואָלטן מיר קיינמאָל ניט געקענט מקיים זיין די גרויסע מצוה פון הכנסת אורחים.

ר׳ לייב אסתר׳קעס אַ תהילים ייד. אין דער יוגנט איז ער געווען אַ בעל־מלאכה, ביים טייך די באָטן געבויט, שפּעטער אַ סוחר׳ל, געדרייט זיך אַרום די סוחרים אויפן רום און געהאַט פרנסה. אין אַ העלן טאָג האָט ער זיך מיישב געווען און אויפגעגעבן די אַרבעט. האָבנדיק פרנסה פון דירה־געלט האָט ער זיך גענומען איינהאַנדלען עולם־הבא — געוואָרן אַ גבאי אין חברה־קדישא און האָט זיך גענומען פלייסיק צו דער גרויסער מצוה פון הכנסת־אורחים. גייענדיק מיט אַן אָרעמאַן, באַשטעלן פאַר אים אַ פרישטיק, אַ מיטאָג, אָדער אַ שבת, פלעגט ער אים נעמען פריער אויף אַ שטרענגן קרייץ־פאַרהער מיט האַרבע ווערטער, וועלנדיק זיך דערוויסן צי איז ער אַ אָרנטלעכער מאַן. ערשט דאַן באַזאָרגט אים מיט אַ פּלאַץ צום עסן אָדער צום שלאָפן.

זאַמלענדיק נדבות לצרכי ציבור, פלעגט מען לייבעצקען געבן די נדבה אויס מורא. ער פלעגט זאָגן: ביי מיר זענען דאָ צווייערליי בעלי־בתים, די וואָס גיבן, אָדער די וועלכע נעמען. דערציילט האָט ער, אַז אַמאָל איז ער אַריין מיט ר׳ יצחק־שמואל׳ן צו ר׳ יואל גינזבורג, אַ מאַרק־בעל־הבית, אַ גרויסער גביר, נאָך אַ נדבה. עס איז געווען נאָך אַ רעגן און די שטיוול זענען געווען פאַרבלאָטיקט. קומען זיי אַריין אין קיך — איז קיינער דאָרט ניטאָ. ר׳ יצחק־שמואל שטייט און וואַרט, אָבער ער, ר׳ לייבעצקע קריכט ווייטער — אויך אין עס־צימער איז קיינער ניט געווען, ביז ער איז דערקראָכן צום סאַלאָן. דאָרטן איז געזעסן גראָדע ר׳ יואלס מאַדאַם בהרחבהדיק אין אַ ווייכן שטול און געלייענט אַ ראָמאַן. ווען זי האָט דערזען ווי ער קריכט מיט זיינע בלאָטיקע שטיוול איבער די פּערסישע דיוואַנען, האָט זי אַ געשריי געטאָן: ר׳ לייב, דאָס איז פון אייך אַ העזה, שוין מאַרש אַרויס פון דאַנען! ר׳ לייב האָט זיך ניט דערשראָקן חלילה, און האָט שטאָלץ אַ זאָג געטאָן: „הער אויס, פּריצטע! קאָך זיך ניט אַזוי, אויפן בית־עולם וועלן מיר ליגן אַלע גלייך אויפן זעלבן דיוואַן״. זי, ניט האָבנדיק קיין ברירה, האָט גלייך געגעבן אַ געהעריקע נדבה כדי וואָס שנעלער פּטור ווערן פון אים.

# ב. ר׳ לייב ראזאווסקי גבאי פון יורזדיקער שול

לייבע ראזאווסקי דער גבאי פון יורזדיקער בית המדרש. ווען איך דערמאָן זיך וועגן אים דערוועקט זיך אין מיר אַ שטיק אַלטע געשיכטע פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

אַט שטייט פאַר מיינע אויגן אַ דור, פון אַלטע ערלעכע, געלאַסענע, רואיקע, טייערע יידן. ער איז געווען מיינער אַ שכן, און ווי ער פלעגט דערציילן איז ער געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1850 אין דער קליינער שטעטעלע צירן נעבן דער מיר. קיין גרויסע בילדונג האָט אים זיין טאַטע ניט געקענט געבן, געלערנט האָט ער אין אַ חדר, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס האָט מען זיך געקענט אויסלערנען. ער האָט געלערנט עטלעכע יאָר אין אַן אַלטן טיפּ „חדר״ און ער איז געווען אַ קלוגער ייד, און צו זיינע רייד האָט מען זיך גוט צוגעהערט אין בית־מדרש ווען מען האָט געשמועסט וועגן וועלט־פּאָליטיק. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ בעל־מלאכה. זיין פרוי פריידע־תמרה, אַ ערלעכע יידענע פון יענעם דור, דערצו אַ גבאיטע אין חברה־קדישא, האָט געפירט אַ ערלעכע יידישע שטוב, געהאָדעוועט אירע קינדער, אַ טאָכטער באַשע און 2 זין שלום און יענקל. באַשען האָבן זיי חתונה געמאַכט פאַר הלל שמחה־זלמנס אקון, און שלום האָט חתונה געהאַט מיט לאהן פון דער מיר, יענקלען האָבן זיי אוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. שלום מיט זיין פרוי זענען געשטאָרבן זייער יונג איבערלאָזנדיק אַ קינד פון אַנדערהאַלבן יאָר, דאָס איז חיים ראָזאָווסקי, וואָס איז דאָ מיט אונדז, געבליבן אַ קייעלכדיקער יתום, האָט אים פריידע־תמרה גענומען צו זיך און געהאָדעוועט אים נאָך בעסער ווי אַ אייגן קינד.

ר׳ לייב א ערלעכער ייד מיט גוטע מידות, צוויי מאָל האָט ער געבויט דעם יורזדיקן בית־מדרש פון אויפגעקליבענע גראָשנס, ווען ער האָט נאָר געטראָפן אין גאַס, אָדער גייענדיק פון שטוב צו שטוב, געקליבן געלט פאַרן בית מדרש.

אין יאָר 1907 נאָך דער גרויסער מאַלבין־שריפה האָט דער קליינער און אַלטינקער יורזדיקער בית־מדרש אָפּגעברענט צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטעטל, עס איז געווען כמעט אוממעגלעך צו יענער צייט אפילו טראַכטן, וועגן אָפּבויען דעם בית־מדרש, ווייל די בתי־מדרשים אויפן שול־הויף זענען געווען פאַרזיכערט, און די מתפללים — מאַרק־יידן האָבן געקענט אויך אַרויסהעלפן, דאַקעגן דער יורזדיקער בית־מדרש איז ניט געווען פאַרזיכערט, און די מתפללים, יורזדיקער יידן, בעלי־מלאכות און ניט קיין פאַרמעגלעכע. אַזאַ אונטערנעמונג איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס מסירת־נפש. פון געזאַמלטע גראָשנס אויפבויען אַ בית־מדרש, טעג און נעכט האָט ר׳ לייב געהאָרעוועט און געשמאיעט ביז ער האָט דערלעבט אין 1910 צו זען דעם בית־מדרש אָן אויפגעבויטן: די בענק, טישן, די בימה און ארון־קודש האָט מען אויפגעקלאַפּט פּראָוויזאָריש פון פּשוטע ברעטלעך.





ר׳ לייב און פריידע־תמרה ראָזאָווסקי

דאָס אַלץ זעט אויס אָרעם און מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. ר׳ לייב קען ניט רוען. לאָזט ער זיך פאָרן קיין אוזדע און באַשטעלט דאָרטן אַ שיינעם ארון־קודש ביי ספּעציאַליסטן וועלכע קענען די מלאכה פון שניצן.

איך געדענק נאָך די שמחה פון יענעם אָוונט ווען בעלי־עגלהס האָבן געבראַכט דעם ארון־קודש אויף צוויי וועגענער געפּאַקט אין שטרוי, עס זאָל זיך חלילה ניט אָפּרייבן די פּאָליטור, 25 רובל באַצאָלן פאַרן ארון־קודש האָט ר׳ לייב געקראָגן אַ מתנה פון יעקב־אייזיק רובין. די שמחה האָט געדויערט ניט לאַנג, אין דער לעצטער שריפה פון יאָר 1915 האָט ווידער אָפּגעברענט דער יורזדיקער בית־מדרש צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטעטל. אין די מלחמה יאָרן האָט קיינער ניט

געטראַכט וועגן בויען הייזער. די יורזדיקער בעלי־בתים האָבן אויפגעשטעלט פון ברעטלעך צייטווייליקע באַראַקן, האָט זיך איבערגעצויגן דער בית־מדרש צו אונדז אין באַראַק אויף עטלעכע יאָר, דערנאָך צו שלמה דעם ציגעלניק אויף פּאָטש־טאָווע גאַס.

אין יאָר 1918 ביים סוף פון דער מלחמה איז געקומען פון אַמעריקע אַ דעלעגאַט משה׳ל צירולניק און ער האָט געבראַכט געלט צו רעמאָנטירן די גרויסע בתי־מדרשים אויפן שול־הויף און די באָד, דעם יורזדיקער בית־מדרש האָט מען פאַרגעסן אין אַמעריקע.

די אחריות פאַלט ווידער אויף ר׳ לייבן. אָבער ווו נעמט מען געלט? ר׳ לייב הויבט אָן צו אונטערהאַנדלען מיטן שטאָטישן קאָמיטעט און נאָך אַ לאַנגן קאַמף באַקומט ער די ערשטע 500 דאָלער, ער קויפט האָלץ און בויט שוין ווידער דעם בית מדרש. אָבער מיט אַ פּאָר מעטער ברייטער און לענגער ווי פריער. ער האָט ווידער געקליבן נדבות צו באַצאָלן די בעלי־מלאכות און אויפגעבויט די ווענט מיטן דאַך. ר׳ לייב איז געווען מלא שמחה, מ׳וועט ווידער האָבן אַ אייגענעם בית־מדרש ווו צו דאַוונען. די איבעריקע געלט צום אויספּאַרטיקן דעם בית־מדרש האָט ר׳ לייב געהאָט אַ פּלימעניצע און פּלי־מעניקעס פּעני און פיליפּ כהן און זיין זון יענקל, וועלכע האָבן געוווינט אין ניו־יאָרק לודלאָו סטריט. אין זייער האַל פלעגן זיך דאָן צוזאַמענקומען אַלע סטויבצער לאַנדסלייט אין דעצעמבער צום יערלעכן מיטינג. די האָבן אים אַ סך געהאָלפן מיט געלט, צו אויסענדיקן די שול.

די מתפּללים וועלנדיק אויסדריקן ר׳ לייבן דאַנקבאַרקייט און כבוד, האָבן געדונגען אַ מאָלער און געהייסן אויסמאָלן אַ לייב איבערן טיר פון בית־המדרש מיט דער אויפשריפט: „הוי עז כנמר וקל כנשר רץ כצבי וגבור כארי".

אין יאָר 1939 מיטן אָנקומען פון די סאָוועטן, האָבן זיי קאָנפיסקירט די שול־הויף, בתי־מדרשים. דער יורזדיקער בית־מדרש איז געבליבן דער איינציקער מקום תורה ותפילה, אין דעם זכות פון ר׳ לייב ראַזאַווסקי.

פריידע־תמרה איז געשטאָרבן חשון 1925.

ר׳ לייב איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג סוכות 1932.

כבוד זייער אָנדענק.

# ג. די משפחה קיטאַיעוויטש

אין יאָר 1906 האָט זיך באַזעצט אין סטויבץ די משפחה קיטאַיעוויטש. זיי זענען געקומען פון סטאַריצע, סלוצקער געגנט, געקויפט אַ שטח זאַמדיקן באָדן אין עק ווילנער און פּאָטשטאָווע גאַסן האַרט ביים ניעמאַן לעבן בית עלמין.

דער באָדן איז געווען הונדערטער יאָרן אומפּרוכטבאַר, ביז דעם אָנקומען פון דער משפחה קיטאַיעוויטש. דער פאָטער פון דער פאַרצווייגטער משפחה ר׳ אברהם־יהושע קיטאַיעוויטש איז אַראָפּגעקומען מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן אויפצושטעלן דאָ



ר׳ אברהם יהושע קיטאַיעוויטש



אליהו יונה קיטאַיעוויטש

אַ גרויסע אונטערנעמונג. נעמלעך: אַ גרויסן טאַרטאַק צו זעגן קלעצער פון וואַלד אויף פאַרשיידענע ברעטער און האָלץ געצייג, מיט אַ גרויסן דאַמף־מיל, וואָס איז געווען מיט זיין גרויס, די ערשטע מיל אין גאַנצן געגנט.

דער גאַנצער פּלאַץ איז באַלד ביים אָנהייב געוואָרן אַרומגעצאָמט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן פון ברעטער. עס האָט אויסגעזען ווי אַן אייגענע רעזידענץ. אויפן אַריינפאָר־טויער פון

ווילנער גאַס וואָס איז געווען שטענדיק געשלאָסן, האָט אַרויס־
געשריען אָ גרויסע שילד: האַנדלס־אונטערנעמונג פון משפחת
קיטאַיעוויטש. ביים טויער איז באַלד אויסגעבויט געוואָרן די
ערשטע הייזל פון האָלץ פאַרן היטער און קוטשער מאַרטין, אַ
קריסט וואָס האָט ערלעך געדינט דער משפחה זיין גאַנצן לעבן.



אַסיאַ, יאַנע, בערטאַ, רחל קיטאַיעוויטש

צו דעם האָט מען אויסגעבויט אַ גאַנצע ריי מיט שטאַלן און
סטאָדאָלעס פאַר די פערד און וועגן.

שפּעטער איז מען צוגעטראָטן בויען הייזער פאַר דער
פאַרצווייגטער משפחה, און פאַרן פערסאָנאַל.



שמעון קיטאַיעוויטש

זייער באַזעצן זיך האָט באַלד געגעבן די ערשטע צייכנס
פון פרנסה אין שטעטל, אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף בעלי־
מלאכות: צעשלאַרעס, מולאַרעס, סטאָלאַרעס. שלאָסער, שמידן,
גלעזער, און פאַרבער. אין די קראָמען זענען געקומען גרויסע
באַשטעלונגען נאָך פאַרשיידענע בוי־מאַטעריאַלן, דאָס



יאַשקע קיטאַיעוויטש

גאַנצע שטעטל איז געוואָרן אויפגעלעבט. עס איז קענטיק
אומעטום און אויף אַלע געביטן. אין די בתי מדרשים, אין
גאַס, און אין אָרעמע הייזער, האָבן די נדבנים און געזעלשאַפט־
לעכע טוער מיט אַ ברייטער האַנט אונטערשטיצט אָרעמע.



מרים קיטאַיעוויטש

דער פאָטער אַברהם יהושע מיט זיין פּאַטריאַרכאַלן אויס־
זען מיט אַ גרויסע ווייסע באָרד. אַ פאַרברענטער קוידענאָווער
חסיד, שליסט זיך באַלד אָן פאַר אַ שטענדיקן מתפלל פון
חסידים שטיבל אויפן שול־הויף און ווערט באַלד דער גבאי.

די משפחה מיידט אויך ניט אויס צו שטיצן דעם קליינעם בית מדרש פון פּאַטשטשאָווע גאַס.

דער עלטערער זון אליהו יונה דער בעל הבית אין גע־שעפט איז געווען לאַנג־־יעריקער ראש־הקהל ביז יאָר 1932. שמעון אַ פּראָוויזער — ער קויפט אָפּ דעם זכות פון שטאַטישן אַפּטייק ביים פּראָוויזער מונוועז, און בלייבט די גאַנצע יאָרן דער איינציקער אַפּטייקער אין שטעטל, נעמט אַן אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און פלעגט גיין אין שתדלנות צו דער פּוילישער מאַכט אין נייטיקע אַנגעלעגנ־הייטן און דערביי פול מיט ליבע צו ארץ־ישראל. ער איז געווען דער איינציקער פון דער גאַנצער משפחה, וואָס האָט זוכה געווען קומען קיין ישראל.

# חנה באַרסוק / מוליע קאַפּלאַן

צום אָנדענק פון פריינד און חבר

איך געפין אַלס מיין פליכט, דערמאָנען אַ פריינד, פון וועמענס משפחה ס'איז קיינער ניט געבליבן.

אַרום סטויבץ זענען געווען וועלדער, פעלדער מיט תבו־אות. גרינע פעלדער פון דעם שמעקנדיקן היי, גראָזן און בלומען, וועמענס ריח האָט זיך געשפּירט אין דער לופט. ס'האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען די פּויערישע אָנגעפּילטע שייערן מיט כלערליי תבואות.

שבת נאָך מיטאָג, זענען געגאַנגען יידישע משפחות אוי־סערן שטאָט אָפּרוען זיך אויף די לאָנקעס אויפן פרישן היי. פאַר דער יוגנט זענען די שייערן געווען אַ וויכטיקער פּלאַץ פאַר זיצונגען — לעגאַלע און מערסטן טייל אומלעגאַלע. ניט ווייט פון די שייערן, איז געווען אַ געסל, וואָס האָט געהייסן יורזדיקע. דאָס איז געווען אַ געסל פון האַרעפּאַשנע מענטשן און פון אַרבעטער, וואָס האָבן קוים פאַרדינט צום לעבן. די אָרימקייט איז געווען גרויס. מ'האָט געזען קליינע הייזלעך, פענצטער פאַרקלעפּטע מיט פּאַפּיר. קינדערלעך זענען אַרומ־געלאָפן באָרוועס, האַלב נאַקעט. אָבער יורזדיקע, האָט אַרויס־געגעבן זין און טעכטער, מיט וועמען מיר האָבן זיך ניט באַ־דאַרפט שעמען; שטאָלצע יידן און מענטשן זענען זיי געווען, וועלכע האָבן געוווּסט פאַר וואָס זיי קעמפן. ווען איך בין געגאַנגען דאָרט קלייבן פאַר קרן־קיימת — זענען זייערע גראָשנס מיר געווען טייערער ווי פון אַנדערע רייכערע קוואַר־טאַלן. זיי האָבן געגעבן זייערע לעצטע גראָשנס מיט שטאָלץ און ליבע.

אין איינע פון די אָרעמע הייזער איז געבוירן און דער־צויגן געוואָרן אין דחקות, הונגער און נויט, אַן קינדער־פרייד — מוליע קאַפּלאַן. זיין מוטער, האָט געהייסן שפרה די בע־דערקע, אָדער די טוקערקע, ווייל אירער אַ פעטער, שאול דער בעדער, האָט געהאַלטן אין אָרענדע די באָד, און זי האָט דאָרטן געאַרבעט און פאַרנומען זיך מיט די פּרויען. ווינטער פלעגט זי פאַרקויפן געגנדז. זומער, געדענק איך, פלעגט זי שטיין אין מאַרק און פאַרקויפן פאַרשיידענע גרינס. זי איז געווען פון מיטעלן וווּקס, אַ ברונעטקע, די האָר קיינמאָל ניט פאַר־קעמט. ס'זענען איר נאָכגעגאַנגען פיר אָדער פינף קינדערלעך בלויז אין העמדעלעך, באָרוועסע. פון די נעזעלעך האָט שטענדיק געקאַפּעט. דאַרינקע, שוואַרצינקע. מען האָט געפילט, אַז דאָס זענען קינדער וואָס ווייסן ניט פון פרייד און ווערן דערצויגן אין נויט. דער פאָטער איז געווען אַ הויכער ייד, פון פּאַך, דאַכט זיך, אַ סטאָלער. ער איז יונג געשטאָרבן, און די מאַמע שפרה, האָט באַדאַרפט מפרנס זיין די גרויסע משפחה — זעקס קינדערלעך. פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ מצב גייען די קינדער יונג זוכן אַרבעט.

מוליע האָט זיך געלערנט סטאָלעריי. ער אַליין איז גע־ווען אַ הויכער בחור מיט גרויסע פיס און מיט אַ פּאָר לאַנגע הענט, וועלכע ער פלעגט האַלטן אַראָפּגעלאָזן. ביים ריידן פלעגט ער צושטאַמלען און דערביי געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט געהאַט אַ סימפּאַטישן אויסזען, אַ שעמעוודי־קער פון נאַטור, ווי ער וואָלט געליטן פון אַ מינדערוווערטי־קייטס־געפיל, זייענדיק ניט אין זיין קרייז פון באַקאַנטע. אַט דער בחור, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין איין גוטן טאָג אין זיין יוגנט, און אויסגעהאָדעוועט זיך אין אָרעמקייט, האָט גע־מוזט יונגערהייט אַרבעטן שווער כדי צו העלפן אין שטוב.

מוליע האָט אָנגעהויבן דענקען, זוכן און קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן פאַר אים און אויך פאַר דער יידישער אַרבע־טער מאַסע, פאַר זיינע ברידער און שוועסטער. ער איז גע־ווען איינער פון די „בונד"־קעמפער. ער האָט געוווּסט פאַר וואָס און צוליב וואָס ער קעמפט. ער איז געווען אַ כוח אין זיין פּאַרטיי, וועלכע איז געווען גרויס אַמאָל, פאַר דער ערש־טער וועלט־מלחמה. מוליע איז געווען דער ביבליאָטעקאַר פון אונדזער גרויסער ביבליאָטעק. ער האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ בוך פּאַסט יעדן איינציקן צו געבן.

אונדזער הויז איז ניט נאָר געווען אַ היים פאַר די אַלע, וואָס האָבן אַן אָנטייל גענומען אין בויען און שאַפן פאַר ארץ־ישראל, נאָר אויך אַ היים פאַר יעדן איינעם, און מוליע קאַפּלאַן האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו אונדז.

די חברה האָט געשפּאַסט, היתכן? איך האָב אים אויפ־גענומען זייער שיין. יעדן פרייטיק נאָך ליכט־בענטשן, פלעגט ער קומען צו אונדז. פון אָנפאַנג איז ער געווען שעמעוודיק, נאָר מיט דער צייט, האָט ער זיך געפילט גוט. מיר פלעגן דיסקוסירן עטלעכע שעה, און עס איז געווען אינטערעסאַנט פירן מיט אים אַ שמועס. ביז וואַנען מיר האָבן באַשלאָסן מער ניט באַהאַנדלען פּאָליטישע שמועסן, פלעגן מיר קריטיקירן

ביכער, געפירט ליטעראַרישע שמועסן, ווי אויך ריידן איבער נייעס, לויפנדע וואָך־פּראַגן. מוליע איז געווען אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע.

איך גלויב, אַז איך בין געווען די איינציקע, ניט פון זיין קרייז, וועלכע האָט זיך מיט אים געטראָפן און אים גוט פאַר־שטאַנען, און געקענט אים אָפּשאַצן. דער מענטש האָט געקענט דערגרייכן זייער פיל, ווען ער וואָלט געהאַט די מעגלעכקייטן צו דעם.

אַלס שטאַרקע קעגנערין פון זיין פאַרטיי, האָב איך גע־שעצט אין מוליען דעם מענטש, דעם קעמפער, דעם טרעגער פון קולטור.

פאַר מיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז ער געקומען זיך געזעגענען מיט מיר.

מיר האָבן פיל גערעדט. נאָר עטלעכע ווערטער זיינע וויל איך איבערגעבן: „איר פאָרט, איר האָט דערגרייכט אייער ציל צו וואָס איר האָט געשטרעבט, און איך קעמף און שטרעב".

זיין נאָמען זאָל זיין געבענטשט!

# אריה־ליב מירסקי / שלמה און חיענע־רחל מירסקי

איך געדענק מיין פאָטער נאָך זייענדיק אַ ייִנגל פון 6 יאָר. יאָרן איז ער געווען גבאי ראשון אין דער סטויבצער חברה קדישא. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די קאַמפן זענען פאָרגעקומען אַרום סטויבץ, האָט ער אויף זיך גענומען אַ פליכט צו פאָרן צום פראָנט אויסגעפינען געפאַלענע יידישע סאָלדאַטן און ברענגען זיי צו קבר ישראל. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס מסירת נפש און סכנת נפשות.

נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער פוילישער מדינה, ווען דער גרענעץ האָט זיך איינגעשטעלט צווישן נעגאָרעלע—סטויבץ, פלעגן פיל יידן אַריבערשמוגלען דעם גרענעץ פון רוסלאַנד קיין פוילן, כדי עמיגרירן קיין אויסלאַנד, אָדער קיין ארץ־ישראל. פיל פון זיי זיינען געכאַפּט און אַרעסטירט גע־וואָרן. מיין פאָטער, אויסנוצנדיק זיין באַקאַנטשאַפט מיטן דע־מאָלסטיקן פוילישן „סטאַראָסטע" גראַף צאַפּסקי, האָט פיל מיטגעווירקט צו באַפרייען די אַרעסטירטע.

ביי ענדע פון דער וועלט־מלחמה האָט געהערשט אין שטעטל אַ תוהו־ובוהו און אַ געדריקטע שטימונג. ביי נאַכט פלעגן פאָרקומען אָנפאַלן פון באַנדעס צו רויבן יידישע קראָ־מען. די נאַכט־געשרייען און רופן נאָך הילף פלעגן אויפוועקן מיין פאָטער. און שטענדיק איז ער גערן געגאַנגען העלפן פאַרטרייבן די באַנדיטן און גנבים.

אין שטעטל האָט דאַן געהערשט אַ הונגער, איז מיין פאָ־טער אויסגעקליבן געוואָרן פון שטאָט־ראָט צו פאַרטיילן שפּייז צווישן דער יידישער און ווייסרוסישער באַפעלקערונג. גע־ווינטלעך, אַזאַ אַרבעט איז ניט קיין דאַנקבאַרע, ווייל אַלע־מען איז געווען שווער צופרידנשטעלן.

מיין פאָטער איז אויך געווען אַ בעל קורא אין גרויסן בית מדרש און יאָרן לאַנג אַ עסקן בצרכי ציבור באמונה.

ווען די גויים האָבן געוואָלט אָפּנעמען ביי אונדז די יידישע פאַשע, האָט מיין פאָטער זיך באַטייליקט אין אַ דעלע־גאַציע קיין וואַרשע, צום אינערן־מיניסטער און מצליח געווען איבערצייגן אים, אַז די גערעכטיקייט איז מיט אונדז.



שלמה מירסקי

מיין מוטער חיענע רחל איז אויך געווען אַ געזעלשאַפט־לעכע טוערין. זי האָט געהאָלפן גרינדן דעם פרויען־קאָמיטעט אין שטעטל, וועמענס אויפגאַבע איז געווען פאַרזאָרגן אַל־מנות, יתומים און חתונה מאַכן אָרעמע מיידלעך.

ערע זייער אָנדענק.

# חיים גראַדע / עלעגיע אויפֿן חזון־איש

אַבי, אַבי, ישׂראל'ס רייטוואָגן און רייטער,
ער איז פֿאַרשוווּנדן אין אַ רייטוואָגן פֿון שטראַלן.
נאָר אין די טרערן מײַנע וועט ער ברענען ווײַטער,
כאָטש ניט אויף מיר האָט ער געלאָזט זײַן מאַנטל פֿאַלן.
איך האָב אַמאָל אויף זײַנע הענט געגאָסן וואַסער,
און איצט פֿאַרגיס איך טרערן אויף זײַן טויט אָן אויפֿהער.
דער העלזעער האָט ניט געוואַרט אויף דעם מבשׂר,
ביז ער וועט אָנזאָגן די גאולה מיט זײַן שופֿר;
געגליכן צו אַ פֿויגל מיט געשפּאַנטע פֿליגל,
וואָס טראָגט זיך נידעריק אַריבער ברייטע שטראָמען,
ביז אומגעריכט צעקרישלט זיך דער זילבער־שפּיגל
און פֿאַלט אַרונטער פֿון אַ באַרג־ריס אין די תּהומען;
דערלאַנגט אַ שאָס דער פֿויגל, ווי אַ פֿײַל פֿון בויגן;
אַריבער וואַסער־ווענט און אָפּגרונטן און פֿעלדזן.
און שפּאַלט די וואָלקנס, ברייט די פֿליגל אויסגעצויגן —
אַזוי האָט אויך מײַן וועג־ווײַזער, געבענטשט מיט העל זען,
פֿאָראויסגעזען דעם בראָך. ער איז אַוועק באַצײַטנס
און אויפֿגעשטעלט די סוכּת דוד הנופֿלת.
איך האָב געהערט זײַן נאָמען קלינגען פֿון ווײַטן,
ווי איינער הערט אין חלום געטלעכע קאַפּעליעס.

איך ווייס, איך האָב מײַן רבין אָנגעטאָן יסורים,
ווײַל איך האָב נישט געוואָלט אין הויז פֿון גאָט פֿאַרבלײַבן.
און ס'איז מײַן שטראָף געווען אַ וואָלקן־בראָך, אַ שטורעם,
וואָס האָט מיך נע־ונד ווי שטויב געגומען טרײַבן.
וועלט־אײַן וועלט־אויס האָט מיך דער שטורעם אומגעטריבן,
און מיך צוריקגעבראַכט אין לאַנד פֿון מײַנע קבֿרים.
אַז איך זאָל זען ווי פֿון מײַן היים־שטאָט איז געבליבן
דער נאָמען ווילנע בלויז, געדרוקט אויף אַלטע ספֿרים.
נהי ובכי ירושלים פֿון דער ליטע!
איך האָב אַרײַנגעקוקט אין הויז פֿון צדיק־תּמים,
און מײַנע זיבן יאָר, די יאָרן פֿון אַ שמיטה,
אין זײַן געצעלט פֿון אנשי־אמת און חכמים —
האָב איך געוואָלט דערזען אַהינטער זײַנע שויבן.
ווּ אויך בײַנאַכט האָט ווי די זון געשײַנט זײַן שמייכל
און וואָס איך האָב דערזען האָט אָפּגעטויט מײַן גלויבן,
איך האָב דערזען אַ קרייץ, אַ צלם אין דעם היכל.
איך האָב געזען עס אויף דער וואָר און ניט אין חלום!
זינט דעמאָלט ווייס איך: ווילנע איז אויף אייביק חרובֿ.
מײַן האַרץ פֿירט קריג מיט גאָט, איך ווייס ניט פֿון קיין שלום,
ווײַל גאָט איז אויך ניט פֿאַר אַ בית־המקדש ערובֿ.

מײַן רבי אָבער האָט אין גזר ניט ווידערשפּעניקט,
און גענומען פֿון דעם גזר דעם שווערסטן חלק;
צו זײַן פֿאַר יעדן בעל־יסורים אונטערטעניק,
און בענטשן יעדן ווײַטאָג, ער זאָל ווערן הייליק.
די שטראַלן זײַנען מיט דער זון ניט מער באַהאַפֿטן,
ווי זײַן געדאַנק האָט זיך באַהאַפֿטן מיט די הימלען.
דאָך האָט דער עלנט פֿון דעם ערדישן באַשטראָפֿטן
אים ניט געלאָזט בײַנאַכט אויף זײַן געלעגער דרימלען.
איר פּליטים פֿון די ברעגעס בײַ דעם בוג און נאַרעוו,
און איר אַנטלאָפֿענע פֿון גלות אין מאַראָקע!
דער רבי איז געווען אין טרייסטן אײַך אַ חריף,
דער רבי איז געווען אין אײַער נויט אַ בקי.
יתומות פֿון דער ליטע און פֿון מדבר תּימן!
באַוויינט זײַן קבֿר אויף דער ערד פֿון זכרון־מאיר.
דער רבי האָט געשיקט אײַך בענטש־ליכט אין די היימען,
דער רבי האָט באַדעקט אײַך מיט אַ חופּה שלייער.
אויך איך וועל וויינען ווי אַ יתום הייס און ביטער,
אַ קדיש־יתום אויסקלאָגן נאָך מײַנע יאָרן;
מײַן אומרו איז געוואַקסן ביז צו אַ געוויטער,
און איך וואָלט אין געוויטער יעדן וועג פֿאַרלאָרן;
האָב איך דערזען זײַן מילכוועג איבער מיר פֿאַרבײַגיין,
און פֿון דער נאָענט זיבן יאָר האָב איך געזען אים!
ער איז אויף מיר געשטאַנען הייליק אין זײַן שווײַגן,
און מיט זײַן שווײַגן אײַנגעשטילט אין מיר דעם גיהנום.

איך האָב געזען אים שטיין פֿאַרדבֿק'עט בײַ זײַן שטענדער,
ווי ער וואָלט שטראַלנדיק ביים סיני־באַרג געשטאַנען,
און אויך אין צוגעזאָגטן לאַנד פֿון אַלע לענדער
האָט ער געזוכט דעם מדבר ווּ ס'איז גאָט פֿאַראַנען.
און ווי דער תּשבי נאָך זײַן שלאַכט מיט פֿרעמדע געטער
איז אויפֿן כּרמל־באַרג צונויפֿגעדרייט געלעגן —
(זײַן שאָטן ליגט נאָך דאָרט, און אין זײַן תּפֿילה בעט ער
זײַן אויסגעברענטע ערד זאָל זײַן געבענטשט מיט רעגן) —
אַזוי איז אויך דער חוזה פֿון אַ ליטוויש שטעטל
געלעגן קראַנק און אָרעם אויף אַ בעט פֿון אײַזן.
באַלאַגערט האָבן הילף באַדערפֿטיקע זײַן בעטל
און פֿאָרכטיק אים געבעטן, ער זאָל וווּנדער ווײַזן.
זײַן נאַקעט בעטל — אַ מזבח, אַן עקידה,
ווּ ער איז מיט אַ גמרא אויפֿן האַרץ געשלאָפֿן.
מיר זײַנען אין איין וואַלד־שטיבל געשלאָפֿן ביידע,
ביז איך בין אין דער וועלט פֿון וואַלד־שטיבל אַנטלאָפֿן.
זײַן נאַקעט בעטל און דאָס לײַב אויף דעם מזבח —
אין טלית און אין תּפֿילין האָט ער אָנגעטאָן עס.
ווי ווײַט איך האָב ניט אין דער וועלט פֿאַרבלאָנדזשעט,
גיי איך —
און וועל נאָך ווײַטער גיין! — ביים שײַן פֿון זײַן רחמנות.
ער איז געווען פֿון זײַן געבוירן־טאָג אַ מלאך,
וואָס האָט פֿאַרבאָרגן זײַנע פֿליגל צווישן מענטשן,
און מיטן אָפּשײַן פֿון זײַן גרויסער ליבשאַפֿט שטראַל איך,
כאָטש ער האָט ניט געוואָלט מײַן וועג אין לעבן בענטשן.

1954

# עמוד האש

עמוד־האש, וואס איז געבליבן ברענען נאך מיין רבין,
צו ליכט־זייל, וואס האט אויפגעשיינט אין יוגנט פון מיין לעבן,
באשענק מיך אויך אין אסיען מיטן אפשיין פון דיין קדושה,
אפילו אויב איך האב דיין אנגעזיכט באדעקט מיט בושה.
איך זע דיך נאך פארזונקען שטיין אין שמונה־עשרה'ס שטילע,
ווי דו וואלסט נאך ביז איצט פאר מיר געבעטן אין דיין תפילה.
ניט לאז מיין לעבן ליגן נאקעט אויף א וויסטן באדן,
אפילו ווען ס'איז מיר אליין מיין לעבן ניט קיין שאדן.

פון בענקשאפט גיי איך אויס בעת איך הויב זיך אן דערמאנען
ווי מיך האט אויך באגלייט א גינציקער עמוד־הענן —
דער וואלקן ווו מיין מאמעס טרערן האבן זיך געזאמלט,
ווען זי האט אויף מיין קאפ באהארצטע תחינה־רייד געשטאמלט.
דער וואלקן־זייל האט מיך באשיצט פון שטיינער און פון פיילן,
און שיין איז ער געווען — דער שענסטער צווישן מארמאר־זיילן!
אפילו ווען דער פייער־זייל האט זיך פון מיר דערווייטערט,
האט מיך דער וואלקן צוגעדעקט מיט טרערן און געלייטערט.

אין אנדערן עק וועלט, ווו איך בין פון דעם טויט אנטלאפן,
דארט האבן מיינע שכינה־זיילן ווידער זיך געטראפן,
ווי דעמאלט ווען דער רבי האט געלאזט מיין מאמען רופן
און איר דערציילט: איר זון איז פון דער זונשיין בגילופין.
פארשטעלט האט זיך אין פיגל זיין געשייטער יצר־הרע,
דער וואלד האט אים פארכישופט און פארפירט פון דער גמרא.
די וועלט איז אים א שטרויכלונג, און די ביכער — א נסיון,
און ווילד איז ער פון גלוסטונג אין די זומער־נעכט וואס בלויען.

די מאמע האט געוויינט פארשעמט, דער רבי האט געצארנט.
בחינם האבןביידע מיך געלערנט און געווארנט.
איך האב געשטורעמט ביז מיין יוגנט האט זיך ראש פארענדיקט,
און די באשיצער מיינע קומען שוין צו מיר ניט שטענדיק.
דער וואלקן־זייל האט ביסלעכווייז זיך אויפגעהערט באווייזן,
צו־אלט בין איך, א מאמע זאל נאך אויף מיין פוס־טריט שפרייזן,
צו־לאנג האב איך געבלאנדזשעט און איר אנגעטאן יסורים;
דער ליכט־זייל אבער ווייזט זיך נאך און איך גיי נאך פון
אין שפור אים.

עמוד־האש; פאראויסגייער אין מדבר פון מיין בלאנקען!
ווייל איך האב זיך מיט גאר מיין כשרון און געמיט פארשאנקען
צו אויסזינגען דאס ליד פון ארעמען און פרומען ציבור —
דערלייז מיך פון דעם מדבר אין מיין הארץ און פון זיין פיבער.
כאטש איך האב ניט דער תורה אפגעגעבן מיינע כוחות,
האב איך פארריכט מיט גינגאלד איר צעריסענעם פרוכת.
א, העלף מיר אין דעם זכות וואס איך בין דער מחיה־מתים
פון דיינע מיטדאוונער אין די צעפאלענע טליתים.

איך ווייס, איך וואלט אליין באדארפט שוין זיין א מורה־דרך,
נאר צו א וויסטן דור וואס האט קיין נאכוואקס ניט געהער איך.
צו־שפעט בין איך געקומען. אבער איך האב ניט פארשפעטיקט
דעם טאג פון גזר, וואס האט אויך מיך מיט טרערן אנגעזעטיקט.
דערצארנט, קראנק פון בענקשאפט, האב איך ווידער אנגעהויבן,
נאר ניט מיט דיין הכנעה, דיין בטחון און דיין גלויבן.
פון דיין געשטאלט האט אויסגעוויקלט זיך א זייל פון פייער,
און איך האב אויסגעפלאקערט האסטיק ווי א פולער שייער.

ווען איך האב דיך דערקענט, ביסטו געווען אין יארן יינגער
ווי איך בין איצט, דיין טרויעריקער תלמיד און באזינגער.
דעפאר וואס איך האב זיך מיט איינמאל יונג־זיין ניט באגנוגנט,
קען איך זיך ניט ארויסרייסן ביז איצטער פון מיין יוגנט.
אראפגעגנידערט האבן שוין אויף מיר אזוי פיל שלאקסן,
דאך בין איך צו מיין גרויען עלטער אלץ נאך ניט דערוואקסן.
אפילו מיין פארשקלאפטע טריישאפט צו א טרוים אן אלטן,
האט מיך פארפירט די אלטע זינד און אלטע שטראף־געשטאלטן.

אין לאנגע ווינטער־נעכט פון פאסנע, ארעמע שבתים,
האסטו ארייגגערעדט אין מיר, א בחור א יתום,
אז ווארהאפטיק און אמת איז אין לעבן בלויז די תורה,
נאר מיך האט ניט באגליקט דיין טויזנט־יאריקע מסורה.
האסטו, דער הייליקער, געלעבט אין עיגול פון דער ריינקייט,
און איך האב אין א טרוים געלעבט, אין שפיגל פון דער שיינקייט.
א ליכט־זייל איז געווארן פון דיין אויסגעשטראלטן עיגול,
און איך האב מיינע הענט צעשניטן אין געפלאצטן שפיגל.

ווי איך האב יינגלווייז געבראכט אין שטוב א טויב אין בוזעם,
בין איך ארויס אין לעבן מיט באפליגלטע חרוזים.
איך האב געמיינט, אז דיכטער גליען ווי פרימארגן־פארבן;
איצט ווייס איך:
דיכטער זינגען ווייל זיי שרעקן זיך פאר שטארבן.
איצט ווייס איך אויך, אז דו,
דער וואלד מתבודד און דער שוויגער,
האסט ניט געהאט מיין אומרו צו דער וועלט,
מיין דארשט און נייגער.
ווייל דו ביסט פול געווען מיט פרייד אריבער דיינע ברעגעס,
און ס'האט קיין טויט־שרעק ניט באטריבט אויך דיינע
לעצטע רגע'ס.

פארגעסן קען איך ניט דיין ווארט:
„אלץ קויפט מען אויס מיט שווייגן".
פארגעסן קען איך ניט דיין ארט: א שאטן אונטער צווייגן,
ווו דו, דיין ספר און דאסביימל האבן אויסגעשוויגן
א ניגון — האט די וועלט נאך ניט געהערט אזא מין ניגון!
א טיפע אזערע אין בערג געווען איז דיין געוויסן,
האסטו געקענט זיך אין דיין אייגענעם געדאנק פארשליסן,
און אין דער פולקייט פון דיין הארץ,
און פרישקייט פון דיין צניעות,
האסטו געלעבט אין זיך מיט שטענדיק האלב־פארמאכטע וויעס.

דיין תלמיד אָבער גייט אַרום מיט הונגעריקע אויגן.
אַ האַלבע וועלט האָב איך שוין אין מיין בליק אַריינגעזויגן!
אַזוי פיל לאַמפּן־ליכט פון שטעט. דאָס בלוי און גרין פון ים׳ען.
דאָס גאָלד פון זונשיין איבער שניי־בערג.
בראָנדז פון ביימער־שטאַמען.
נאָר פאַלן מיר אַרונטער מיינע ברענענדיקע וויעס.
פאַרלעשן גלייך זיך אַלע מיינע ליכטיקע נסיעות.
און בלויז דיין שמייכל — דיין נר־תמיד —
לויכט מיר היימיש־אייגן,
בעת איך מוז זיך אין אַ וועלט אַ פרעמדער שלאָפן לייגן.

ווען איך האָב דיך פאַרלאָזט, ביסטו געבליבן מיין סניגור,
און נאָכגעזאָגט אַ שבח מיר מיט אַ משל אויף דיין שטייגער,
אַז וואָס איך זאָל ניט טאָן, אַז מיין איך ערלעך אַז איך מוז עס.
כאָטש אָפּטמאָל קוש איך אַ פאַרפרומטער — פסולע מזוזות.
דער מענטש, האָסטו געזאָגט, איז אָפּטמאָל זינדיקן אַ בעלן,
ווייל ער, דער כלומרשט שטאָלצער מענטש,
איז שטאַרק ביי זיך געפאַלן.
נאָר יענעם גראָד, וואָס פאַלט אופסניי
אין זעלבן שטיין און שטרויכל,
באַדאַרף מען מוחל זיין, ווייל ער איז זיך אַליין ניט מוחל.

אַזוי האָסטו גערעדט פון מיר, דעם מורד צווישן לערנער.
ס׳איז וואָר. לאיבוד זיינען ניט געגאַנגען דיינע קערנער.
דערקענט האָב איך דעם אמת,
כאָטש מיט דריי יאָרצענדליק שפּעטער,
אַז יענער וואָס האָט איין גאָט נאָר, האָט מער ווי הונדערט געטער.
פאַרמשפט האָב איך זיך אַליין אויף ענגע דלית אמות,
ווייל איך זיץ אַלץ נאָך אויף אַ שוועל מיט יידישלעכע מאַמעס,
ווייל מיין געמיט לעבט אַלץ נאָך אין געצעלט פון שם ועבר,
און פון דער ווייטן, רבי, צי איך אויס זיך אויף דיין קבר.



אויף אַ הזכרה אָוונט נאָך ד טשיבצער קדושים, י״א תשרי אין תל־אביב

# שטערן פאַרטאָג

## זלמן שזר / א. די באַשיצער פון דער שטאָט

סטויבץ, שטאָט פון מיין יוגנט! איך בין נישט געווען מיט דיר אינעם טאָג פונעם גרויסן אומגליק... און מיין אויער האָט נישט פאַרנומען דעם געשריי פון דיינע פאַרפּייניקטע, די טייערסטע מיינע, זייט מיין יוגנט־צייט. אין יענעם טאָג פון י״ב תשרי ה׳תש״ג, ווען עס זענען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט טויזנט פינף הונדערט פון דיינע זין און טעכטער, זקנים און קינדער. טייל פון זיי וואָס זענען געווען מיינע חברים אין חדר און אַנדערע פון זיי וואָס זענען געווען מיינע פריינט אין פּאַרטיי. ווען מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן מיט זייערע פרויען און קינדער אין איין ברידער־קבר, וואָס זייערע אייגענע הענט האָבן אויסגעגראָבן... איז מיין האַרץ אין מיר אין יענעם שוואַרצן טאָג נישט צעבראָכן געוואָרן ביים געשריי פון זייערע קללות! פון דערווייטנס האָב איך מיטגעלעבט דעם בראָך פון מיין פאָלק און איך האָב גאָרנישט תופס געווען גענוי, אַז אויך אייער פּערזענלעכער בראָך איז איינגעוויקלט אין דעם שטורעם־בראָך פון מיין גאַנץ פאָלק. די איינגעלאָשענע שטעטלשע עכאָס האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן פון דער ווייטנס און זענען אָנגעקומען פאַרשפּעטיקטע; אָן ווערטער און אָן פּרטים, בלויז געטראָגן זיך אויף די כוואַליעס פון ברידערלעכן אומרו, וואָס האָט באַהערשט דאָס האַרץ...

סטויבץ, שטאָט פון מיין קינדהייט! שטאָלץ פון מיינע יוגנט־יאָרן! איך גלויב נאָך אַלץ נישט אַז דיך האָט מען געפירט ווי שאָף צו דער שחיטה... האָב איך דאָך געקענט דיינע יונגע גיבורים, די דערצויגענע אויפן ברעג פון ניעמאַן און די בריות ביי גרענעץ־געשלעגן... איך געדענק דאָך נאָך דיינע העלדישע קצבים און בעלי־עגלות, די קאָנאַפּאַטניקעס פון די באַטן און די פליטן־בינדער אויפן רום... די קאַראַבעלניקעס, וואָס פלעגן זיך פאַרמעסטן מיט די שכורע פויערים און די יורזדיקער יידן, דערצויגענע אויף שווערער פּראַצע און אויך די בחורים פון מאַרק — וואָס האָבן געוווסט ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט געווער... ווי אַזוי־זשע האָט אייך אַלעמען פאַרלאָזן אייער גבורה?

יאָ, די איינצלנע פּאַרטיזאַנער דיינע — וואָס זענען געקומען קיין ארץ ישראל דורך שבעה מדורי געראַנגל — פון די פּאָליעסער וועלדער ביז דורך די גרענעצן פון רומעניע און איטאַליע, זיי זענען דיינע עדות — אַז אויך אין דעם טאָג פון בראָך און צאָרן האָט זיך נישט אינגאַנצן אָפּגעטאָן פון דיר דער גייסט פון גבורה. אַפּנים אַז דער שונא האָט געמוזט זיין זייער שטאַרק און זייער אכזריותדיק — אויב ער האָט דיך אַזוי געפאַנגען! איך האָב דיין סוף נאָר איבערגעוויטיקט פון דער ווייטנס — און פאַרשפּעטיקט. איך בין אָבער געווען אַן עדות ביים אָנהייב, ווען ס׳האָט צערשט אַ פלאַקער געטאָן אין דיר דער גייסט פון ווידערשטאַנד און פאַרטיידיקונג. איך געדענק נאָך גוט ווען עס איז צום ערשטן מאָל אַריינגעפאַלן צווישן דיינע יוגנטלעכע רייען דאָס שטאַרקע צינדנדיקע וואָרט „זעלבסטשוץ״, ווען דאָס אָרגאַניזירן די סאַמאָ־אָבאָראָנאַ האָט זיך קוים אָנגעהויבן. וועל איך דערציילן דאָס, וואָס עס לעבט נאָך ווי אַ ליכטיקער זכר אין האַרצן.

די פאַרטיידיקונג אַליין איז עלטער געווען פאַר דער אָרגאַניזאַציע. דאָס שטעטל האָט געלעבט פון מסחר און מלאכה און עס האָט געהאַט אַרום זיך דערפער. יעדער זונטיק, ווען דער מאַרק־טאָג איז פאָרגעקומען, איז געווען אַ טאָג פון פּורעניות. נעבן דער שטאָטישער קרעטשמע, און ביי די הייזער פון יונה דעם וויינער און מרדכי אייזיק דעם וויינער, פלעגט יעדן מאַרק־טאָג זיך זאַמלען אַ מין געזעמל, וואָס פלעגט אָנוואַרפן אַ פּחד. יונה און מרדכי אייזיק זענען געווען ביידע כשרע, לומדישע יידן, וואָס האָבן יעדן פרייטיק צוגעגרייט ראָזשינקע־וויין אויף קידוש און הבדלה פאַר די שטאָטישע בעלי־בתים, און יעדן זונטיק פלעגן זיי פאַרקויפן בראָנפן פאַר די דאָרפס־פויערים. און זינט דער שנאַפּס איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון רעגירונגס־מאָנאָפּאָל, פלעגן די פויערים זיך אויסשטעלן אויפן מאַרק, ביי דער מאָנאָפּאָלקע זונטיק פאַרנאַכט אין לאַנגע רייען. זיי האָבן שוין דאָרט איבערגעלאָזן דעם גאַנצן פּדיון פאַר די פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין שטאָט אַריין. מיט אויסערגעוויינטלעכער ווירטואָזיטעט פלעגן זיי אַרויסקלאַפּן אין דער לופט אַריין די קאָרקעס פון די פלעשער און אַריינציען אין מויל אַריין איין פלעשל שנאַפּס נאָכן אַנדערן... פון דאָרט האָט אַלע מאָל געלויערט די סכנה. ווען עס האָט זיך דערנענטערט די „פּאַסכע״ אָדער ערב דעם „ניתל״־טאָג, ווען דער קלויסטער־גלח האָט באַוויזן ווי געהעריק אויפצורייצן די פויערימס פאַנטאַזיע, נאָך דער לאַנגער פּראָצעסיע, וואָס האָט



**אַ צוזאַמענטרעף פון סטויבצער פּאַרטיזאַנער**

שטייען פון רעכטס: דוד סלוטשאַק, רבקה רייך (קאַנטאָראָוויטש), שמואל ליב אגינסקי ז״ל, אהרן מלמד, גצל רייסער, זיצן פון רעכטס: יחיאל גראנאטשטיין, כהנאָוויטש, העניע פּאָסטעסאָרסקי, אליעזר מלמד, צבי אגינסקי, שלמה אגינסקי, אליעזר רייסער ז״ל, ישראל רייסער ז״ל.

זיך אַרומגעדרייט אַרום דער שטאָט און איבער די טירן פון דער „מאָנאָפּאָלקע״ — האָבן די צעפלאַמטע פויערים אויסגע־לאָזן זייער פרומקייט און זייער שנאה צום רעגירונגס־שנאַפּס... אַן אימה איז דאַן אָנגעפאַלן אויף יידישע הייזער! חדר־ייִנגלעך האָבן זיך דאַן דערציילט, אַז אין אַזעלכע טעג רוקט זיך ראובלע דער בעל־עגלה דעם אייזערנעם לאָם אין די שטיוול־כאָלעוועס אַריין — על כל צרה שלא תבוא...

ראובעלע דער בעל־עגלה איז געווען דער בכור פון משה׳קע דעם בעל־עגלה. משה׳קע אַליין פלעגט אין זיינע יונגע יאָרן אָנציען מיט זיין בויד אַזש ביז סמאָלענסק און ניזשני־נאָווגאָראָד, וווהין ער האָט געפירט די שטאָטישע סוחרים אויף ירידים. אים האָב איך נאָך באַוויזן צו קענען אויף זיינע עלטערע יאָרן. יעדעס יאָר האָט ער אונדז געפירט, די מאַמען מיט אונדז קינדער, צום אַלטן פוילישן דאָקטאָר מאַלקעוויטש אין דאָרף מאַליאָווע, פינף שעה פאָרן פון סטויבץ. אויפן וועג האָט ער געהאַלטן אין איין זאָגן תהילים, מיט אַ זיס קול און מיט אַ וווּנדערלעכער אַקצענטירונג, ביז ער האָט אויף דער נסיעה אויסנווייניק פאַרענדיקט דעם גאַנצן תהילים, זיצנדיק אויף דער קעלניע, און צווישן איין ספר און דעם אַנדערן, האָט ער מיר דערווייל געגעבן אַ לעקציע ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן אַ זייער מליצהדיקן העברעאישן בריוו. איז זיין בכור ראובעלע געווען דער ערשטער פון די שטעטלדיקע באַשי־צער. ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט אָננעמען קיין באַפעלן פון אַן אָרגאַניזאַציע. ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיינע חברימס הילף און איז זיכער געווען, אַז ער אַליין קען פאַרטרייבן אַלע שונאים פון דער גאַנצער שטאָט. אויפן ערשטן בליק האָט מען אין אים לגמרי נישט געקענט דערזען קיין גבורהשאַפט. ער איז געווען מאָגער און נישט הויך. ער איז אָבער געווען אומדערשראָקן, און אַלע דערפער האָבן געקלונגען מיט זיין גבורה. איין מאָל — האָט מען דערציילט — זענען אים אויפן וועג באַפאַלן זיבן פויערים און ער איז געווען איינער אַליין. האָט ער זיי אַלע גובר געווען און אַוועקגעלייגט אַלע זיבן. דערנאָך איז ער געקומען צולויפן אין שטאָט אַריין מיט אַן אַריינגעזעצט מעסער אין בויך... אָן שום אָרגאַניזאַציעס און אָן אַ ספּעציעלן אויסוואַל האָט דאָס שטעטל געוווּסט, אַז ראובעלע איז דער באַשיצער אירער. האָט מען אים דערפאַר מוחל געווען אַלע משוגעתן, סיי ווען דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט פרומקייט־ענינים און סיי, ווען דאָס איז שייך געווען צו זיין מאָדנער אויפפירונג מיט זיין אייגן ווייב.

דער צווייטער פון די גיבורים אין שטעטל איז געווען שמואל טוניק. אין זיין אויסערלעכקייט איז ער געווען דאָס פּונקט פאַרקערטע פון ראובעלען. משכמו ומעלה איז ער גע־ווען העכער פאַר אַלע יידן און גויים פון שטעטל. ער איז געווען אַ ריז פון געשטאַלט און אַ בילד־שיינער מאַנסביל. זיינע בלאָנדע, דיקע וואָנצעס זענען געווען צוגעשפּיצט ווי די שפּיזן. אַז ער האָט געשפּרייזט אין שפּיץ פון דער גרופּע פייערלעשער, איבער וועלכע ער איז געווען דער קאָמענדאַנט מיטן קופּערנעם העלם אויפן קאָפּ און מיטן גלאַנציקן טרר מייטער אין מויל, האָט די ערד אונטער איב געציטערט. איך

קען זיך נישט דערמאָנען, אויב ער האָט זיך באמת אַמאָל געשלאָגן מיט אַ גוי, אָבער פאַר זיין קוק אַליין האָט יעדער שכור געציטערט. איז זיין אַרומדרייען זיך אויפן מאַרק שוין געווען אַ גאַראַנטיע, אַז עס וועט די שטעטלדיקע יידן קיין בייז נישט געשען.

די דאָזיקע צוויי באַשיצער זענען אָבער געווען גענוג, כל־זמן עס זענען געווען נאָרמאַלע יאָרן. עס זענען אָבער אָנגעקומען די טעג פון דער ערשטער רעוואָלוציע און די שוואַרץ־מאהניקעס האָבן זיך אָרגאַניזירט. ס׳איז אויסגעפאַלן די שחיטה פון קעשענעוו און די פּאָגראָמען אין האָמעל, האָבן זיך די כמורנע וואָלקנס אויך אַראָפּגעלאָזט אויף דער סטויבצער סביבה. זינט דעם נייינטן יאַנואַר פון 1905, האָט די כוואַליע פון העצע נישט נאָכגעלאָזן. די צייטונגען זענען פול געווען מיט ידיעות וועגן פּאָגראָמען. אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וואָס האָבן גאָרנישט געקויפט אָדער פאַרקויפט, נאָר זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די פּויערים און זיי אויפגערייצט. די פּויערים זענען אַרויסגעגאַנגען פון קלויסטער און זייערע פּנימער זענען געווען פייער און פלאַם. אָרנטלעכע, היימישע פּויערים האָבן דערציילט, אַז אין די דערפער קומען אַראָפּ פייערדיקע רעדנער און אַז זיי האָבן שוין אַפילו באַשטימט דעם טאָג און די שעה...

אין שטעטל איז שוין געווען אַן אָנהייב פון אַ געהיימער, יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער „בונד" האָט שוין געהאַט עקזיסטירט עטלעכע יאָר. אין יענעם יאָר האָט מען אויך אָרגאַניזירט די גרופּע „פּועלי־ציון", וואָס האָט געהערט דעמאָלט צום מינסקער „טאלק". פון האַנט צו האַנט האָט צירקולירט דאָס דינע, סודותדיקע ביכעלע אויף זיידן פּאַפּיר „די פאַמיליע צבי" פון דוד פּינסקי. אינעם הויז פון מ. מהרש"ק, דער פירער פון די שטעטלדיקע ציוניסטן, האָט מען געליינט מיט געפיל דעם העפט „הזמן", ווו ביאַליקס „משא נמירוב" איז געדרוקט געוואָרן. אויף דער גרויסער ציוניסטישער אסיפה האָט דער רוסישער לערער, ז. א. ראַבינאָוויטש, (דער שפּעטערדיקער טעאָרעטיקער פון „פּועלי־ציון"" יצחק זאַר) געשילדערט דאָס קאַפּיטל טראַיאַנאָוו. אַ גרופּע יוגנטלעכע פון טשודנאָוו האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין העלפן די זשיטאָמירער יידן, וואָס זענען געווען אין סכנה. זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען דאָס שטעטל טראַיאַנאָוו, אָבער די דאָרטיקע יידן האָבן מורא געהאַט צו געבן באַשיצונג די טשודנאָווער יונגעלייט. זענען זיבן פון זיי צוליב דעם דערהרגעט געוואָרן אויפן וועג. האָט מען אויסגערופן אַ חרם אויף די טראַיאַנאָווער יידן... מיר, אין יוגנטלעכן צאָרן, האָבן רעציטירט איבער זיי דעם אַלטן פּסוק: אורו מרוז, אמר מלאך יהוה, אורו יושביה כי לא באו לעזרת ה׳, לעזרת ה׳ בגבורים... (איר זאָלט שעלטן מרוז, האָט געזאָגט גאָטס שליח, שעלט: פאַרשאָלטן זאָלן זיין אירע איינוווינער, ווייל זיי זענען גאָט נישט געקומען צו הילף, צו גאָטס הילף פאַר די גבורים).

איז צייטיק געוואָרן דער געדאַנק אין דער פּועלי־ציון־גרופּע, אַז מען דאַרף אויך אין סטויבץ אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ. דער דאָזיקער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער „סכאָדקע", דאָס הייסט פון סניף־קאָמיטעט, וואָס האָט געציילט פינף חברים. אָבער כדי איינצוקויפן „כלים" האָט מען געדאַרפט געלט און מען האָט געמוזט אָנקומען צו די שטעטלדיקע בעלי־בתים. האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן אַן אסיפה אין שול. אָרגאַניזירן די פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט אונדזער חבר פּיניע קושניר, אַ זון פון דער באַקאַנטער קיכלעך־בעקערין אין שטעטל סלאַווע, יאָשקעבערקע הענעס און אַ פּלימעניק פון טשעריקאָווער רב פון די ערשטע מזרחי־רבנים, וואָס איך האָב געהערט רעדן אין שטעטל פאַר ציוניזם. דאָס האַלטן די דרשה אין שול האָט מען אַרויפגעלייגט אויף מיר. איך בין נאָך געווען אַ יינגל, און סך־הכל דעם ערשטן חודש אין דער פּאַרטיי. יענעם פּחד, וואָס איז דעמאָלט אָנגעפאַלן אויף מיר פאַרן אַרויפגיין רעדן (ס׳איז געווען מיין ערשטע פּאָליטישע רעדע אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג) האָבן נישט געקענט אָפּשוואַכן די שרעקן מיינע, וואָס איך האָב זייט דעמאָלט תמיד ערב אַ רעדע אין דער עפנטלעכקייט. די אַסיפה איז פאָרגעקומען אין אַלטן בית־מדרש ביינאַכט, נאָך מעריב. מיין חבר פּיניע איז אַרויף אויפן באַלעמער, אַ קלאַפּ געטאָן אין „שולחן" און מודיע געווען, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן אַרויסצוגיין פון שול. די חברים האָבן אַריינגעשטעלט אַ שטיק האָלץ אונטער דער קלאַמקע, כדי מען זאָל די טיר נישט קענען עפענען.

מען האָט נאָך ליתר תוקף אַוועקגעשטעלט צוויי חברים זיי זאָלן היטן דעם אַרויסגאַנג. אַרומגערינגלט פון מיינע שומרים בין איך אַרויף אויפן באַלעמער און אָנגעהויבן צו רעדן. כ׳האָב אָנגעהויבן מיט אַ מאמר חז"ל, גערופן די יוגנט, אַז זי זאָל זיך מאָביליזירן אין דער זעלבסטשוץ און געבעטן די בעלי־בתים זיי זאָלן אונדז באַזאָרגן מיט געלט. פּיניע, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר אויפן באַלעמער, האָט באַלד נאָך מיין רעדן אָנגעהויבן אויסצורופן די סומעס געלט, וואָס זענען געגעבן געוואָרן.

אין אַ וואָך אַרום האָבן מיר באַקומען אַן אָנווייז פון פאַרטייאישן ראַיאָן־קאָמיטעט אין מינסק, אַז אונדזער סניף דאַרף אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ אין די אַרומיקע שטעטלעך. אויף פּיניען און מיר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דאָס דאָזיקע שליחות. מיר האָבן דאַן באַזוכט די נאָענטע שטעטלעך ווי: סווערזשנע, האראדזיי, באַראַנאָוויטש, מוש און לעכעוויטש. פאַר אונדז ביידן איז דאָס געווען די ערשטע פּראָפּאַגאַנדע־טורנע אין לעבן. קודם כל האָבן מיר זיך געווענדעט צו די אָרטיקע פּועלי־ציון חברים. אָבער די אסיפה איז שטענדיק געווען אַן אַלגעמיינע, אין שול. די זעלבסטשוץ אַליין איז תמיד געווען אומפּאַרטייאיש. דאָרט ווו עס איז נאָר מעגלעך געווען, האָבן מיר זיך באַמיט, אַז עמעצער פון די אָרטיקע באַוועגונגס־טוער, אַ ציוניסט אָדער בונדיסט, זאָל רעדן מיט אונדז צוזאַמען. איז אונדזער רייזע באַלד באַקאַנט געוואָרן דער פּאָליציי און די בעלי־בתים האָבן מורא געהאַט צו קומען אין שול אַריין. אַפילו פּיניעס סטראַשונקעס און דאָס שטיק האָלץ אין דער טיר, האָבן אויך נישט שטענדיק געהאָלפן... עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע מוטיקע יידן, וואָס זענען

פון גרויס שרעק פאַר דער אומלעגאַלער אסיפה אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און אַנטלאָפן. אָבער ווען מיר זענען דערנאָך געגאַנגען צו די יידן אין די הייזער אַריין — האָבן זיי אונדז אַנדערש אויפגענומען. איך געדענק ספּעציעל די גוטע מיטהילף, וואָס מיר האָבן געהאַט פון דעם לעכעוויטשער ציוניסט געלער. ער איז געווען אַ דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן, אַן איידעם פון שטאָטישן גביר, מיט אַ שוואַרצער הערצל־באָרד. ער האָט מיט אונדז צוזאַמען נישט געוואָלט רעדן פון באַלעמער אַראָפּ. דערפאַר איז ער אָבער מיט אונדז געגאַנגען אין די רייכע הייזער, געזאָגט שאַרפע ווערטער די בעלי־בתים און פון זיי באַקומען לייטישע סומעס געלט. די יוגנט האָבן מיר פאַרזאַמלט באַזונדער, אין דער ווייבער־שול. פיניע האָט איינגעטיילט די פאַרשריבענע אין „צענטלעך" און נאָמינירט איבער זיי קאָמענדאַנטן.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען קיין סטויבץ, האָבן מיר זי געטראָפן אַרומגעכאַפּט פון שרעק. האָבן מיר באַשלאָסן צו רופן אַן אסיפה אין דער אַלטער שול, שבת הגדול נאָכן רבס דרשה. מיט מיר צוזאַמען האָט צוגעזאָגט אַרויסצוטרעטן דער פירער פון שטעטלדיקן „בונד" — מיין חבר פון חדר און מיין קאָנקורענט אויף דער פאַרטייאישער „בירזשע" — מיין ליבער הירשל נייפעלד (הירשל שימקעס). דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער זעלבער פיניע. האָבן מיר דאַן געהאַט אַן איבערראַשונג: נאָך דעם ווי מיר ביידע האָבן אָפּגערעדט, איז אַרויף אויפן באַלעמער מיין פעטער און גבאי פון דער חברא קדישא, ר' יואל גינזבורג. איך האָב מורא געהאַט, אַז ער וועט אונדז אויסמוסרן דערפאַר, וואָס מיר האָבן געהאַט די העזה זיך אַריינצורייסן אין שול אַריין און דערצו נאָך אין שבת הגדול! ער וועט דערמיט אַליין אַ תל מאַכן פון אונדזערע אָנשטרענגונגען. אָבער ער האָט אונדז איבערראַשט מיט זיינע ווערטער:

— איך בין נישט קיין מגיד און נישט קיין בן מגיד. איך האָב נישט צו טאָן מיט די פאַרשידענע פאַרטייען, אָבער דאָס מאָל זענען די יינגלעך גערעכט. עס איז אַ מצווה זיי צו העלפן מיט געלט און מיטן גוף, ווייל די לאַגע איז טאַקע ביטער...

באַלד מוצאי שבת האָבן די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט געבראַכט דאָס געלט צום פעטער אויפן גאַנעק און זונטיק אין דער פרי איז פיניע געפאָרן קיין מינסק ברענגען די „שפּייערס" (אַזוי האָבן מיר גערופן די רעוואָלווערן)... אויף דער צווייטער אסיפה, וואָס מיר האָבן דערנאָך שפּעט ביינאַכט אָפּגעהאַלטן אין חסידים־שטיבל, האָט שוין אונדזער אָרגאַניזאַציע געציילט ביי אַ הונדערט רעגיסטרירטע און באַוואָפנטע מיטגלידער.

צוויי מאָל האָבן מיר אין יענער צייט זיך באַנוצט מיט אונדזער אָרגאַניזירטן כוח: דאָס ערשטע מאָל האָט מען אונדז אַלאַרמירט, אַז מיר זאָלן קומען צו הילף דעם נאָענטן שטעטל סוויערזשנע, אויף יענער זייט ניעמאַן. דאָס שטעטל איז געווען קלענער פאַר אונדזערס. עס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע סאַדאָווניקעס. דאָס זענען געווען יידן, וואָס האָבן אָפּגעדונגען די אויבסט־סעדער ביי די אַרומיקע פריצים. זיי פלעגן דערנאָך אַרויספאָרן אויף אַ גאַנצער וואָך אַהין אָפּצוהיטן די ביימער מיט די פרוכטן. דערנאָך האָבן זיי פאַרקויפט די עפּל און די באַרנעס אויף די אַרומיקע מערק. דאָס זענען, אַלזאָ, נישט געווען קיין בית־המדרש־יידן. זיי זענען אויסגעוואַקסן אויף דער נאַטור, שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט שקצים און האָבן דערפאַר געדאַרפט קענען די מלאכה פון פאַרטיידיקן זיך. אָבער אין יענער צייט איז אָנגעפאַלן די אימה פון פּאָגראָמען אויף אַלעמען און די שרעק האָט צעטרודערט אויך די העלדישסטע יידן. באַלד אין דער פרי האָבן מיר באַקומען די ידיעה, אַז אין סוויערזשנע האָט זיך „עס" אָנגעהויבן... פריינטלעכע פּויערים זענען געקומען דערציילן קיין סטויבץ, אַז זייער יוגנט האָט זיך אַוועקגעלאָזן קיין סוויערזשנע רויבן און רצחענען.

מיר האָבן פאַרזאַמלט אונדזער זעלבסטשוץ און זיך אַוועקגעלאָזן העלפן סוויערזשנע. עס איז גראָד געווען די צייט, ווען די שנייען צעלאָזן זיך און דער ניעמאַן הייבט זיך. אין אַ נאָרמאַלער צייט האָט דער וועג פון סוויערזשנע קיין סטויבץ געדויערט צוואַנציק מינוט. נאָר איצט איז דער ניעמאַן „אַרויס פון די ברעגעס". מיר האָבן געמוזט גיין אויף זייטיקע וועגן און אַדורכגיין איבער זומפּיקע טייכלעך. דער וואָגן, אין וועלכן מיר האָבן געהאַט אַזעלכע כלים, ווי אייזערנע שטעקנס מיט קיילעכיק־בלייענע הענטלעך און אייזערנע שטאַבעס, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשלעפּט פון אייזן־קראָמען, האָט נישט געקענט אַריבערפאָרן די זומפּן. האָבן מיר געמוזט אָנלאָדן אויף זיך אונדזער געווער און אַריבערקריכן די זומפּן צופוס. זעקס שעה האָט דאַן געדויערט דער מאַרש פון די סטויבצער באַשיצער קיין סוויערזשנע. ווען מיר זענען געקומען אַהין פאַרנאַכט, מיד און צעבראָכן, אָבער גרייט צום קאַמף, האָבן מיר אָנגעטראָפן אַן אויסגעשטאָרבן שטעטל. די קראָמען זענען געווען צוגעהאַקט, די גאַסן — שטום און ליידיק און אין די הייזער האָט מען קיין לעבעדיקן נפש נישט געזען. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די יידן האָבן זיך דערשראָקן פאַר די אָנקומענדיקע פּויערים, האָבן זיי צוגעשלאָסן די הייזער מיט די קראָמען און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס. מיר האָבן טאַקע געמוזט אַרומגיין מיט אונדזער קאָמענדאַנט פיניע בראש, פון איין קעלער אינעם אַנדערן, אָנצוזאָגן די באַהאַלטענע יידן, אַז די סכנה איז אַריבער: די פאַרטיידיקער זענען געקומען! די יידן פון סוויערזשנע האָבן אויף אונדז געקוקט ווי אויף מלאכים פון הימל. נאָך דעם ווי זיי זענען אַ גאַנצן טאָג אָפּגעלעגן אין די פינצטערע קעלערס פון גרויס שרעק פאַר די רויבער. איך געדענק ווי אַזוי דער יונגער רב פון שטעטל, ר' חייפּע קאַצענעלנבויגן (דער עלטערער ברודער פון מיין טייערן לערער יש"ק) האָט פון גרויס דאַנקבאַרקייט אַ קוש געטאָן פיניען אין שטערן. די סוויערזשנער ווייבער האָבן אַרויפגעבראַכט פון די קעלערס לאַדעשקעלעך מיט זויערמילך און איינגעשטעלטע אוגערקעס, כדי מיר זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. דערנאָך האָבן מיר געהערט, אַז אָט דאָס צעגיין פון די שנייען און דער מסוכנער וועג, וואָס האָבן נישט אָפּגעשראָקן די סטויבצער באַשיצער, האָבן צונישט געמאַכט דעם חשק פון

די דאָרפישע פּאָגראָמשטשיקעס. אין מיטן וועג האָבן זיי חרטה געקראָגן און האָבן זיך אומגעקערט אַהיים מיט גאָרנישט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר געהערט, אַז דעם קאָ־מענדיקן זונטיק וועט „דאָס" פּאָרקומען אין סטויבץ גופא. דאָס מאָל זענען מיר געווען גרייט. מיר האָבן געוווּסט, אַז עס זענען אַראָפּגעקומען פון ווייט ספּעציעלע אויפרייצער. מיר האָבן געזען גויעס, וואָס זענען געקומען אין שטאָט אַריין מיט ליידיקע וועגענער און מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס קומען זיי רויבן און זיי ווילן האָבן מיט וואָס אַהיים־צופירן די אָנגערויבטע זאַכן. באַלד אין דער פרי זענען שוין אונדזערע חברים געווען אין גאַס באַוואָפנטע מיט אייזערנע שטעקנס, בלייענע שטאַבעס און מיט בייטשן, וואָס האָבן געהאַט קיילעכדיקע שטיקער בליי ביים עק, וועלכע מען האָט געהאַלטן גרייט אין די טאַשן. די קאָמענדאַנטן פון די „צענטלעך", באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, האָבן צווישן זיך איינגעטיילט דעם מאַרק. מיטאָג־צייט, ווען די מאַסע האָט זיך אַרויסגעלאָזן פון ווייסן קלויסטער אין שפּיץ מאַרק, צע־פלאַמטע און אויפגערייצטע און גרייטע צום לאָזן זיך שטור־רעמען די יידן, איז זיי געגעבן געוואָרן דער צייכן. איינער פון די פאַרדעכטיקע „געסט" האָט זיך געשטעלט בראש פון דער מחנה און געשלעפּט נאָך זיך די פויערים פון די וועגע־נער, זיי זאָלן זיך אַריינרייסן אין די קראָמען. דאַן האָבן זיך מיט אַ מאָל צעדונערט אַלע אונדזערע רעוואָלווערן ביי די צענטלעך־קאָמענדאַנטן אין די הענט. די שאָסן זענען געקו־מען פון אַלע מאַרק־זייטן. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט גע־שאָסן אין דער הייך און זיי האָבן קיינעם נישט געשעדט. זיי האָבן אָבער באַוויזן אָנצוואַרפן אַן אימה און עס איז גע־וואָרן אַ צעמישעניש אין דער מחנה אָנגרייפער. די פערד האָבן זיך צעווילדעוועט און די פויערטעס האָבן גענומען שרייען ווי געקוילעטע. איין וואָגן איז אַרויף אויפן אַנדערן. די גויים האָבן מיטן לעצטן אָטעם זיך באַמיט צו אַנטלויפן פון שרעק פאַר די באַוואָפנטע יידן, וועלכע זענען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן מאַרק און נישט אויפגעהערט צו שיסן. בלויז געציילטע מינוטן זענען פאַרביי און דער גאַנצער מאַרק איז אָפּגעליידיקט געוואָרן פון די אויפגערייצטע פּאָ־גראָמשטשיקעס...

יאָ, פון 1905 ביז 1942 האָט זיך די וועלט שטאַרק אַנט־וויקלט. זי איז אַוועק פאָרויס! איצט איז שוין נישט דער זעלבער פויער און אויך נישט דער זעלבער האָס. אויך די אויפרייצער און די אויפגערייצטע זענען געוואָרן אַנדערש. אונדזער פּאַריתומטקייט צווישן די גויים האָט אַ שפּרייז געטאָן פאָרויס, פאָרויס... און אונדזער מסוגלקייט זיך צו פאַרטיידיקן? האָט אונדזער דאָזיקער כוח גאָרנישט מיט־געמאַכט דעם פּראָגרעס? מיינע חברים פון דער זעלבסטשוץ אין 1905 זענען טאַקע ביז 1942 זיכער עלטער געוואָרן אָבער אויך זייער צייט איז דאָך נאָך אויך נישט לגמרי פאַראיבער! און דערווייל האָבן זיי דאָך אויך קינדער געבוירן... און איבער דער צייט האָבן זיי מיטגעמאַכט די רעוואָלוציע־יאָרן, די יאָרן פון זעלבסטשטענדיקן פּוילן, יאָרן מיט ראַטנפאַרבאַנד און יאָרן פון דער וועלט־מלחמה — איין מאָל און נאָך אַמאָל! האָט מען מיר דאָך טאַקע איבערגעגעבן, אַז דיינע קינדער, סטויבץ, האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף אַ סך פראָנטן! ווי אַזוי זשע ביסטו אַזוי מאַכטלאָז געווען אין טאָג פון צאָרן און פאַרדאַרבונג? איך קען זיך נישט גלויבן, סטויבץ, שטאָלץ פון מיין יוגנט, אַז דו ביסט געפירט געוואָרן ווי שאָף צו דער שחיטה!

דערלויב זשע מיר, סטויבץ מיינע, אויפן קבר פון דיינע איצטיקע פּאַרפייניקטע צו שטעלן אַ זכר פאַר דיינע אַמאָ־ליקע פאַרטיידיקער.




אַ מאַרק־טאָג

# ב. די נקמה פון דער תוכחה

## א. מאנקת אביונים

אָט דאַכט זיך מיר אַז איך געדענק נאָך, ווען אונדזער „אויפשטאַנד־באַוועגונג״ האָט אָנגעהויבן אויפצוקומען און ווי אַזוי אירע ערשטע שפּראָצונג־צייכנס האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר מיין קינדהייט — אָנזאָגנדיק דערביי אַ נאָענטן, געזעלשאַפטלעכן שטורעם. דער ערשטער סימן, איבערראַשנדיק און בולט, האָט אַזוי ווי געצייכנט דעם אָנקום פון אַ נייער ווענדונג אין אונדזער לעבן. ער האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם אופן ווי אַזוי מען האָט אויפגענומען אין „שטיבל״ — אַרום דעם הינקעדיקן טיש ביים וואַרעמען אויוון — די אומגעהייערע ידיעה וואָס דער אַלטער ציון־בער האָט דערציילט פאַר אַלע, וואָס האָבן זיך אַרום אים פאַרזאַמלט. אַ מעשה נורא פשוט! איסר דער וואַסערטרעגער האָט זיך אין גרויסן בית המדרש נישט געלאָזט אויפרופן צו דער „תוכחה״, ווי עס האָט זיך געפירט זינט לאַנגע יאָרן... נאָך איידער מען האָט גענומען לייענען די תורה האָט ער זיך פּראָסט און פשוט אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און איז אַרויסגעגאַנגען פון בית־המדרש! דאָס אַרומזוכן אים איבער אַלע באַהעלטענישן פונעם שולהויף האָט גאָרנישט געהאָלפן. מען האָט אים נישט געקענט אויסגעפינען...

— וואָס הייסט? ער האָט סתם אַזוי גענומען און אַוועקגעגאַנגען!?

— יאָ... פשוט גענומען און אַוועקגעגאַנגען...

און יענע פאַרגאַפונג, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די זיצנדיקע זקנימס אויגן — און די בייזקייט וואָס האָט אַרומגענומען אַפילו די מיושבדיקע פון דעם עולם — און דער עיקר די לוסטיקייט וואָס האָט זיך באַהאַלטן הינטער די וואָנצעס פון די יונגעלייט... דאָס אַלץ האָט קלאָר פאָרויסגעזאָגט אַ נאָענטן שטורעם.

אויך מיר, קינדער, וואָס האָבן נאָך נישט תופס געווען דעם באַדייט פון דער דאָזיקער מורדישער ידיעה אין איר גאַנצער טיפקייט, האָבן אָבער זייער גוט געפילט אַז איסר דעם וואַסערטרעגערס אַנטלויפן פון בית המדרש איז נישט אומזיסט. און דאָס יונגע האַרץ האָט זיך געשטעלט אויף איסרס זייט — — — ווייל דאָס יונגע האַרץ איז שוין לאַנג פאַרכאַפּט געווען פון אַן אימה, ביים הערן ווי אַזוי ר׳ אליה בעל קורא ברענגט פון זיך אַרויס די מוראדיקע רייד: ארור אתה בצאתך.

„.... וארור אתה בבואך... פאַרשאָלטן זאָלסטו זיין ביי דיין אַרויסגיין און פאַרשאָלטן ביי דיין קומען, פאַרשאָלטן ביסטו אין שטאָט און פאַרשאָלטן אין פעלד... גאָט וועט שלאָגן מיט שווינדזוכט און פיבער, מיט אַנטצינדונק און פיבער, מיט שווערד און מיט אויסקלאַפּונג...״

אַ פחד און אַ גרויל! אַזוי ווי שטיקער האָגל וואָס פאַלן אין אַ צעשטורעמטער נאַכט אויף די דאַך־ציגל, אַזוי האָבן געהעמערט די קללה־ווערטער איבערן קאָפּ... און איסר דער וואַסערטרעגער פלעגט שטיין איינגעקורטשעט, געציטערט און הכנעהדיק זיך געבויגן אונטער דער שווערקייט פון די קלעפּ אַזוי ווי אַ זינדיקער קרבן פון גאַנצן ציבור... איז גוט וואָס ער האָט זיך כאָטש איינמאָל צעבונטעוועט און אַראָפּגעוואָרפן דעם יאָך, פון גאַנץ קהלס זינד, פון זיינע מאָגערע אַקסלען!

...צוויי אַזעלכע זענען זיי געווען, וואָס פון שטענדיק אָן האָט מען זיך נוהג געווען זיי אויפצורופן צו דער פרשה פון דער תוכחה — און ביידע זענען זיי געווען וואַסערטרעגער... איינער, דער תוכחה־ייד פון דער קליינער שול אויף יורזדיקע, איז געווען ידידיה. דער צווייטער איז געווען דער שטענדיקער „עולה לתורה״ צו דער תוכחה אין דער גרויסער שול, איסר, וואָס האָט נאָך געהאַט צוויי ייִנגערע ברידער. אַלע דריי זענען געווען וואַסערטרעגער און זיי האָבן געוווינט אין שכנות נעבן טייך. איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ ספּעציעלע פאַרבינדונג די פרשה פון דער תוכחה האָט געהאַט מיט דער פרנסה פון וואַסערטראָגן און אויב עס איז בכלל געווען אַמאָל אַזאַ מין תקנה, וואָס האָט געהייסן געבן די דאָזיקע האַרבע „עליה״ גראָד אַ וואַסערטרעגער. ס׳איז אָבער געווען אַ פאַקט אַז ביידע שטענדיקע תוכחה־יידן אין שטעטל האָבן געהאַט די פרנסה און אַז ביידע האָבן געשטאַמט פון די אָרעמסטע און אומגליקלעכסטע משפחות.

בדרך כלל איז דאָס וואַסערטראָגן געווען פון די אָרעמסטע און ערגסטע פרנסות אין שטאָט — און דעם אמת געזאָגט, איז עס אויך געווען אַ גויישע באַשעפטיקונג. אין די אַרומיקע שטעטלעך פלעגן די דאָרפס־פויערים קומען אין שטאָט אַריין און אָנשעפּן טייך־וואַסער אין די פעסלעך וואָס זענען געשטאַנען גרייט אין די פאָדערהייזלעך און אין די אַריינגענג. אויך ביי אונדז אין סטויבץ האָבן זיך אַ סך נוהג געווען צו טרינקען וואַסער, וואָס פאַביאַן דער שבת־גוי האָט אָנגעשעפּט. דער דאָזיקער הויכוווּקסיקער ערל פלעגט אַלע פרייטיק־צונאַכטס קומען אַראָפּנעמען די לייכטער פון יידישע טישן און דערפאַר באַקומען אַ שטיק ווייסע חלה. ערב פסח איז ער אויך געווען אַ גאַנצער מאַכער אין רבס בית דין שטוב, בעת מ׳האָט פאַרקויפט דאָס חמץ. בשעת הדחק האָבן די שטעטלדיקע ווייבער זיך אויך באַנוצט מיט דער הילף פון האַפקע דער וועשערין, וואָס האָט ליב געהאַט זיך אָנצושכורן אין יעדן מאַרקטאָג, זידלען און שעלטן אויף דער גאַס אַלע יידן און דערביי זיך קושן מיט די דאָרפס־שקצים פאַר אַלעמענס אויגן... נאָר דאָס שטעטל האָט זיך אויך אַזוי ווי געזאָרגט אַז די חשובסטע בעלי־בתים זאָלן טרינקען וואַסער וואָס איז געשעפּט געוואָרן דורך יידן, וועלכע זענען אַליין פרום און דערצו לאַנגאָנגעזעסענע... לאַנגאָנענדיקע תושבים.

אין, געוויסע הינזיכטן זענען די וואַסערטרעגער אפילו געוואָרן צוגערעכנט צו די שטעטלדיקע כלי קודש, וועמען קהל איז מחויב מפרנס צו זיין, אָבער דערפאַר האָבן אויך זיי געוויסע חובות צו קהל. אַזוי למשל פלעגן טיילמאָל די שטעטלדיקע חופות געשטעלט ווערן אויפן שולהויף. חתן־כלה האָבן זיך דערנאָך אומגעקערט פון דער חופה צו זייערע עלטערן אין הויז, אין דער באַגלייטונג פון אונטער־

פירער און מחותנים. פאָרויס איז געגאַנגען די קאַפּעליע קלעזמער און אַ טשאַטשע יינגלעך מיט מיידלעך זענען זיי נאָכגעלאָפן. דאַן איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַ וואַסערטרעגער מיט די קאַראַמיסלעס און פאַר זיי אַוועקגעשטעלט, ווי אַ סימן מזל, אַ פולן עמער אויפן וועג. אַלע אָנגעזעענע מחותנים האָבן דאַן אַריינגעוואָרפן קופּערנע מטבעות אין דעם עמער און דער אַרומיקער עולם האָט זיך אָפּגעגעבן „מזל טוב"... און אַז עס איז נאָר געקומען אַ רייכער גאַסט אין שטעטל אויף שבת און ביים אויפגערופן ווערן צו דער תורה האָט ער מנדר געווען מיט אַ ברייטער האַנט, איז שוין דערנאָך אַרויס אַ קול אַז אַ נגיד געפינט זיך אין שטאָט. האָט מען אויך געוווּסט אַז מאָרגן, ווען דער גאַסט וועט האַלטן ביים פאַרלאָזן דאָס שטעטל, וועט אַ וואַסער־טרעגער שוין שטיין ביי זיין וואָגן און אויסשטרעקן צו אים די האַנט מיט זיכערקייט און וואַרטן — ביז ער וועט באַקומען דאָס זייניקע. נישט אַנדערש ווי יעדער חשובער כלי קודש. איז שוין געוואָרן דער מנהג זינט צייטן און צייטן, אַז די עלטסטע פון ביידע משפּחות, ידידיה און איסר, זאָלן איטלעכעס יאָר אויפגערופן ווערן צו דער תורה און זיי זאָלן ווערן דעם ציבורס עדות, בעת דער בעל־קורא לאָזט הערן פון באַלעמער די רייד פון גאָטס כעס...

איסרס משפּחה איז באַשטאַנען פון דריי ברידער. אַלע דריי האָבן געוווינט נאָענט פון אייגאַנדער האַרט ביים טייך. אברהמל, איסרס יינגערער ברודער איז געווען אַ האָרבאַטער און קאַרליקעוואַטע. זיין נידעריק שטיבל האָט זיך באַהאַלטן צווישן די אַרומיקע הייזער אין הויף און איז פול געווען מיט קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך כמעט נאַקעטע אַרומגעוואַל־גערט אויף דער פּאָדלאָגע, ווייל אין שטוב זענען קיין בעטן נישט געווען. איך בין שטאַרק מסופק, אויב די דינסטן פון רייכע הייזער האָבן זיך אַמאָל דערנידעריקט און אַריינגע־גאַנגען אינעווייניק. זיי האָבן זיך נאָר אַריינגעבויגן צום נידעריקן פענצטערל וואָס איז קוים געווען עטלעכע טפחים העכער פון דער ערד און האָבן אַריינגעפּויקט אין די שייבלעך אַריין:

— אברהמל... מאָרגן — צוויי פון ברונעם און איינעם פון ניעמען...

דאָס האָט געמיינט צו זאָגן: צוויי עמערס וואַסער זאָל ער מאָרגן אין דער פרי ברענגען פון דעם ברונעם, ס'זאָל זיין מיט וואָס צו וואַשן וועש און צו קאָכן — און איין עמער פריש וואַסער זאָל ער ברענגען גלייך פונעם טייך אויף צו מאַכן טיי...

און טעוועלע, דער דריטער און יינגסטער ברודער פון דער משפּחה איז געווען אַ טויב־שטומער פון קינדוויייז אויף. ער איז געווען זייער קליין און האָט געהאַט אַן אייגענע שטומע „שפּראַך". אַז מיר האָבן געלערנט אין חדר אַ משנה וואָס דערציילט וועגן אַ „חרש שוטה וקטן", האָבן מיר זיך באַלד אַליין אייגעטייטשט: אָט אַזאַ שטיגער ווי טעוועלע... אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען מיט דער קאַראַמיסלע אויפן דאַרן אַקסל פונעם טייך צו די בעלי־בתּישע הייזער און צוריק. ער האָט זיך דערביי אונטערגעברומט עפּעס אַזאַ מין משונהדיק געזאַנג, וואָס נאָר די אַלטע לייט פון שטעטל האָבן געוווּסט דעם פשט דערפון. לאַנגע יאָרן איז טעוועלע געווען אַן אַלטער בחור, ביז די שטעטלדיקע נשים צדקניות האָבן זיך אויף אים מרחם געווען און האָבן אים פאַרשדכנט מיט אַן עלטערער יתומה, הינדע די קויל, וואָס איז געווען דיק און תמיד לאַכעדיק און האָט זיך אויפגעהאַלטן אין הקדש. נאָך דער חתונה האָט אברהמל אויפגעשטעלט פאַרן יינגערן ברודער אַ קליין ביידל נעבן זיין נידעריק שטיבל און ער האָט דאָרט באַזעצט דאָס נייע פּאָרל. דאָס דאָזיקע ביידל איז נאָר געווען נידעריקער פאַר אברהמלס הייזקע און טעוועלעס קאַראָמיסלע האָט גאָרנישט געקענט אַריינקריכן אַהין. דערפאַר האָט ער זי געמוזט לאָזן נעכטיקן אין דרויסן, ווייל די טיר איז געווען אַ סך קלענער.

דער מענטשלעכסטער און געזונטסטער צווישן אַלע דריי ברידער איז געווען איסר. זיין ווייב איז טאַקע געווען שווינד־זיכטיק און אויך זיינע קינדער האָבן געהאַט אַלערליי חולאתן, אָבער ער אַליין איז געווען אַ הויכער און אַ פלינק רירעוור־דיקער. אַליין איז ער געווען אַ שווייגער, אַריינגעטאָן אין זיך און אין זיין מאָגערן גוף. איבער די קנייטשן פון זיין נזיריש, אויסגעמאָגערט פּנים איז געלעגן אויסגעגאָסן אַן עקשנותדיקע און בייזע האַרטנעקיקייט פון אַן איינגעשלאָ־סענעם. אַ פאַרביטערטער מענטש איז דער איסר געווען און ביטער איז אויך געווען זיין האַרבע פרומקייט און זיין שטרענגע אָפּגעהיטנקייט אין אַ מצווה. אַזוי ווי לעבעדיק זע איך נאָך היינט איסערן, ווי ער שטייט אָנגעלענט אָן דעם פענצטער־ברעטל פון דער מערב־וואַנט אין אַלטן בית־מדרש מיט אַ קליין, פאַרדריפּעט תהילימל אין זיין דאַרער האַנט און זאָגט תהילים פאַר זיך. אייגנטלעך איז עס די צייט ווען קהל זאָגט תהילים בציבור און זיינע מזמורים טיילן זיך חלילה נישט אויס פון די מזמורים וואָס גאַנץ קהל זאָגט. אפשר זאָגט ער נאָר די זעלבע קאַפּיטלען... נאָר טיף אין זיך האַלט איסר נישט מיט דעם זאָגן בציבור, גלייך מיט אַלעמען. ער מאַכט נישט קיין שותפות מיט קהל ביים זאָגן תהילים! ער האָט נאָך אַ חשבון מיט קהל! און די שטילע דין תורה זיינע ציט זיך שוין לאַנג, איז אַ האַרבע און אַ טיפע. טאָ זאָלן זיי זיך דערווייל זאָגן תהילים באַזונדער און ער, ער וועט זיך אויך זאָגן זיינס ביחידות, צווישן אַלעמען... און זיין מאָגער, אַסקעטיש פּנים איז ברוגז — גלייך ווי עס וואָלט זיך דאָ געמשפּט מיטן גאַנצן ציבור וואָס זאָגט דעם זעלבן תהילים וואָס ער, ממש נעבן אים...

נאָך יענער מעשה, ווען איסר האָט אָנגעוואָרפן אַזאַ צעטומלעניש אין שטיבל האָט מען זיך דערציילט, אַז ר' אליה דער בעל־קריאה האָט שוין לאַנג געפּילט אַז איסר וויל מורד זיין קעגן מנהג מ'זאָל דווקא אים אויפרופן צו דער תוכחה. נאָך פאַראַיאָרן, ווען ר' אליה האָט געלייענט איבער איסרס קאָפּ דאָס לאַנגע צעטל „ארורס" און „יככהס" האָט ער פּלוצלינג געהערט ווי אַזוי איסר ברומט זיך אונטער שטיל און שאַרף: אויף דיין קאָפּ! אויף דיין קאָפּ! דאָס האָט געדאַרפט הייסן אַז ער וואַרפט אָפּ די אַלע קללות, וואָס ווערן איבער אים געלייענט און ער שיקט זיי אָפּ צו אַנדערע..

נאָר דאָס יאָר האָט ער זיך מיט דעם טריק פון שטילן פּראָטעסט נישט צופרידן געשטעלט. ער האָט פשוט איינגע־שטעלט זיין גאַנצע פרנסה און אַרויס פון שול, צו דער איבערראַשונג פון אַלע מתפללים.

נאָר צו דער פרנסה האָט דאָס אים נישט געשאַדט.

ווייל ביני לביני האָט אָנגעהויבן שיינען דער שטערן פון איסרס בכור, בנימין לייב, אין דער שטעטלדיקער תלמוד־תורה. דאָס יינגל האָט באַקומען אַ שם, ווי איינער פון די בעסטע קעפּלעך אין שטעטל. האָט זיך איסר גענומען בויען שלעסער פון האָפענונגען אויף זיין גראָטענעם און באַליבטן קינד. ער, בנימין לייב, וועט נאָך אַמאָל ברענגען אין שטוינען אַלעמען. ער וועט נאָך באַווייזן אַלע גראָבע פּעמפּיקעס, וועמען גאָט האָט געבענטשט מיט אַ גוטן קאָפּ און ער וועט נאָך אַלעמען לערנען דרך ארץ... זיי וועלן נאָך אַלע מוזן קומען נאַשן פון אים, און מיטן כוח פון זיין תורה וועט ער אויך דעם טאַטן זיינעם אַרויסהייבן פון די מיסטן... ער וועט נאָך ווייזן די נגידים!

וואָס מער בנימין לייב האָט מצליח געווען אין לערנען, אַלץ מער האָט זיך איסרס געשטאַלט אויסגעגלייכט נעבן פענצטער אויף דער מערב־וואַנט פון דער שול ביים זאָגן תהילים אין די פאַרנאַכטן. קיין חסיד איז איסר נישט געווען און ער האָט נישט געקענט אויסדריקן זיינע געפילן דורך קנאַקן מיט די פינגער אָדער דורכן פאַטשן מיט די הענט... בלויז זיין קליינע, דאַרע פויסט האָט זיך געהויבן אין דער לופט אַזוי ווי פון זיך אַליין, צום טאַקט פון די תהילימדיקע פסוקים:

— משוד עניים... מאנקת אביונים... עתה אקום... אמר ה׳...

און עס איז שווער געווען צו וויסן צי דאָס קלאָגט ער זיך נאָר מיט אַ ביטער האַרץ, אָדער ער סטראַשעט עס עמעצן מיט זיין גרימצאָרן — אָדער ער טוטביידע צוזאַמען.

## ב. דער אויסלייזער פון פארשוועכטן כבוד

ס׳האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט. איינמאָל איז דער מלמד פון תלמוד־תורה, יאָשע בכבודו ובעצמו צוגעגאַנגען צום ווינקל פון דער מערב־וואַנט אין שול און אַ פרעג געטאָן דעם וואַסערטרעגער, אויב ער איז מסכים צו שיקן זיין בנימין לייבן קיין מיר ער זאָל דאָרטן לערנען ביי ר׳ זשאַמען אין תלמוד־תורה. ר׳ זשאַמעס תלמוד־תורה אין מיר איז נישט געווען קיין געוויינטלעכע. דאָס איז געווען אַ מין פרוזדור צו דער גרויסער ישיבה. ר׳ זשאַמע אַליין האָט געהאַט אַ שם אויף ווי ווייט אַלס גאָר גוטער מלמד און בלויז די בעסטע יינגלעך האָט מען דאָרט אָנגענומען. פון די שטעטלעך אַרום מיר האָט מען נאָר געקענט שיקן אַ קליינע צאָל פון די בעסטע תלמידים צו ר׳ זשאַמעס „טיש״. דאָס מאָל האָט ר׳ יאָשע מלמד אויסגעקליבן דווקא בנימין לייבן... האָט איסר אויסגעהערט די פריילעכע בשורה און זיין פאַרכמורעט פנים האָט אויפגעלויכטן:

— ס׳הייסט, אויב ער איז מסכים!? אוודאי באַשטייט ער דערויף! וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה!? אַלץ וואָס ער האָט, וועט ער פאַרמשכונען; דאָס לעצטע שטיקל ברויט וועט ער אָפּשפּאָרן פון מויל און זאָל טאַקע בנימין לייב פאָרן צו ר׳ זשאַמעס טיש, אָט פונקט ווי מען האָט אַהינגעשיקט דעם שוחטס זון! אדרבה, זאָלן טאַקע די שיינע יידן אין שטאָט זען אַז נישט בלויז פאַר זיי האָט מען די תורה געגעבן...

און פון דעמאָלט אָן האָט איסר גענומען זאַמלען אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, כדי דער זון זאָל פאָרן לערנען תורה קיין מיר. און פונקט ווי ער האָט געזאַמלט געלט, אַזוי האָט ער זיך אויך אָנגעשטרענגט צו זאַמלען מצוות און צו ווערן נאָך פרומער ווי פריִער. צו האָבן אַ זון אַ למדן דאַרף מען זוכה זיין... און דערצו טאָר זיך דער זון נישט שעמען מיטן טאַטן ווען ער וועט גרויס ווערן. ווען ר׳ ארע האָט פרייטיק־צונאַכטס געוואָלט באַזאָרגן אַן אורח צו אַ בעל־הבית, וואָס זיין ריי איז געקומען און יענער איז גראָד נישט געווען אין שול — האָט איסר זיך מתנדב געווען צו העלפן ר׳ ארען. ער אַליין האָט אַוועקגעפירט דעם אורח צום בעל־הבית אין שטוב אַריין... און איינמאָל, דאָנערשטיק נאָך מעריב, בין איך אַריינגעגאַנגען אין דעם גרויסן בית מדרש צו זען ווי די בחורים זיצן אויף די משמר־נאַכט און לערנען, האָב איך דערזען, ווי איסר שאַרט זיך שטילערהייט אַריין אין שול מיט זיינע עמערס וואַסער. ער האָט אַוועקגעשטעלט די קאַראַמיסלע אין פּאָליש און אַליין איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די בענק מיט אַ קענדל וואַסער, צו דערלאַנגען אַ פרישן טרונק פון טייך פאַר די לומדים. ער האָט זיך דערביי פרום אַיינגעהערט אין דער ברכה וואָס זיי מאַכן איבערן וואַסער און אָפּגעענטפערט „אמן״ מיט צוגעמאַכט־פאַרדבקהטע אויגן...

און מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט צו הערן ווי אַזוי די לומדישע בחורים לויבן זיין בנימין לייבן. וואָס אַן אמת האָט טאַקע דער שם פון זיין זון געהאַלטן אין איין וואַקסן. דאָס יינגל איז געווען אַ גרויסער ידען אין תנ״ך און האָט געקענט אָפּטייטשן דעם שווערסטן פסוק פון איוב אָדער יחזקאל. ער פלעגט אונדז אַלעמען ברענגען אין התפעלות מיט זיינע פשטלעך און דרשות. הגם ער איז געווען גרעסער פאַר די יינגלעך אין אונדזער כתה (מיר זענען געווען ניין אָדער צען־יעריקע און ער איז שוין געווען אַלט אַ יאָר פופצן) האָט ער ליב געהאַט צווישן מנחה ומעריב אַריינצוקומען צו אונדז אין חדר אַריין און אונדז צו פאַרטומלען מיט זיינע קשיות און תירוצים. מיר האָבן געוווסט: ס׳וואַקסט פון אים אַ דרשן!... מיר האָבן געפילט אַז ער שעמט זיך מיט זיין משפחה און מיר האָבן צווישן זיך באַשלאָסן נישט צו דער־מאָנען אין זיין אָנוועזנהייט, נישט אברהמלען און נישט טעוועלען, וואָס זענען געווען זיינע לייבלעכע פעטערס אויך זיי אַליין, ווען זיי האָבן אים געטראָפן אויף דער גאַס זענען צו אים נישט צוגעגאַנגען. ער איז צו זיי אויך נישט צוגעגאַנגען. נאָר איסר איז געווען זיין געהיימער פאַרבינדעטער. בנימין לייב האָט גאָר גוט געוווסט וועגן דעם חוב, וואָס דער טאַטע האָט אויף אים אַרויפגעלייגט: מיטן כוח פון זיין תורה זאָל ער אַראָפּנעמען דעם שאַנדצייכן פון דער משפחה; זיך נוקם זיין אין די גאַסנייַנגלעך, דורך אויפהייבן זיך העכער

פון זיי און דורכן גלייך ווערן מיט די בעסטע קינדער פון שטעטל. האָט זיך בנימין לייב מיטן גאַנצן האַרץ איבערגעגעבן דער דאָזיקער שליחות זיינער.

זיינע ערשטע דרשות, ווי איך געדענק זיי, האָבן נישט געהאַט קיין שום געזעלשאַפטלעכן אָדער גייסטיקן תוכן. דאָס איז געווען סתם אַ געפלעכט פון קשיות און תירוצים. זייער גאַנצע געזעלשאַפטלעכע חשיבות איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער, בנימין לייב, דער זון פון איסר דעם וואַסערטרעגער — אַ פלימעניק פון אברהמעלע קאַרליק און טעוועלע חרש שוטה וקטן — האַלט אַזעלכע דרשות און זיי, די קינדער פון די שענסטע בעלי־בתים הערן אויס, האָבן הנאה און לויבן אַזוי שטאַרק זיין נאָמען... איך געדענק די דרשה וואָס ער האָט פאַר אונדז געהאַלטן ערב פורים ביינאַכט נאָך דער מגילה, ווען מיר זענען צוזאַמען מיטן רבין געגאַנגען אויפן שולהויף:

— וואָס איז דער טייטש אין פסוק „ויספר המן לזרש אשתו את כבוד עשרו ורוב בניו"? מילא, וועגן זיין רייכקייט איז פאַרשטענדלעך. אַמאָל ווייסט דאָס אייגענע ווייב נישט ווי רייך איר מאַן איז — און ער דאַרף עס איר דערציילן. נאָר וואָס האָט ער איר געדאַרפט דערציילן אַז ער האָט אַ סך קינדער? צי האָט דען זיין ווייב זרש אַליין נישט געוווּסט וויפל קינדער זי האָט? נאָר — און דאָ האָט בנימין לייב גענומען אונטערזינגען ווי אַן אַלטער, אויסגעפּרוּווטער מגיד — „רוב בניו" איז דער טייטש די גרויסקייט פון זיינע קינדער. אַז „רוב" מיינט מען „שטאַרק" קען מען אויך זען פון דער תורה „וירבו ויעצמו במאד מאד"...

זיין דאָזיקע דרשה האָט שטאַרק נושא חן געווען ביי אונדז קליינוואַרג און איך, דער ייִנגסטער פון אַלע, האָב אים אפילו צוגעהאָלפן מיטן זעלבן מגידישן ניגון:

— בנימין לייב, כ׳האָב אַ שטאַרקע ראיה פאַר דיין דרשה. מיר זאָגן אין תהילים: מזמור לדוד בברחו מפני אבשלום בנו. אדוני, מה רבו צרי, רבים קמים עלי... איז דאָך די קשיא: צי איז דען די מחנה פון דודס שונאים אַזוי צאָלרייך געווען? אָבער ער איז דאָך נאָר אַנטלאָפן פאַר אבשלומען און זיין בינטל חברים, טאָ פאַרוואָס האָט ער געקלאָגט אַז זיינע שונאים זענען „רבו" און אַז די אויפשטייער קעגן אים זענען „רבים"? נאָר דאָס באַווייזט אַז „רבים" קענען זיין ווייניק אויך, ווי באַלד זיי זענען שטאַרק...

האָט בנימין לייב געלויבט מיין צוהעלפן אים און איך האָב זיך שטאַרק געפרייט מיט זיינע קאָמפּלימענטן, כאָטש דער רבי האָט, דאַכט זיך גאָר, נישט צוגעהערט זיך צו אונדזביידע. נאָר מאָרגן נאָך דער מגילה, ווען קהל האָט זיך צונויפגעדריקט אַרום דעם טיש, האָט דער רבי זיי דערציילט די חידושים פון אונדז ביידע אין אונזער נאָמענס וועגן... געדענק איך ביז היינט איסרס פּנים־אויפגעלויכטנקייט דערביי, בעת ער איז געשטאַנען ביים שול־פענצטער, מיטן עלנבויגן אויף דעם אָנלען און מיטן גראָבן פינגער צווישן די ציין... ער איז געווען איין שטיק געהער, איין שטיק אָנגעזאָפּטער נחת, אויסגעשטרעקט צו דער לויב פון זיין בנימין לייבן, זיין זון און גואל.

און עפעס אַ וואַרעם, גוט געפיל האָט זיך גענומען וועבן צווישן מיר און איסרן. ווי נאָר ער האָט פון דאַן אָן אַ בליק געטאָן אויף מיר, איז די גאַנצע פאַרכמורעטקייט פון זיין פּנים נעלם געוואָרן. איינמאָל האָב איך אפילו זוכה געווען צו אַ קלאָרערן אויסדרוק פון דער דאָזיקער ווייכער צערטלעכ־קייט צו מיר. ביי אונדז אין שטוב איז געווען אויפגעהיטן אַ סלוי מיט איינגעמאַכטס פון רויטע מאַלינעס, אין דער ווינטער־שראַנק. זומער, ווען די מאַמע איז געווען אויף זומער־וווינונג האָט זי צוגעגרייט דאָס איינגעמאַכטס פאַר די אָרעמע קראַנקע, ווען זיי וועלן עס דאַרפן צו רפואה. זי פלעגט דאָס זיסע איינגעמאַכטס צעטיילן גלעזלעכווייז, בעת אַ קינד איז קראַנק געוואָרן און געדאַרפט שוויצן, אָדער פאַר אַ קראַנקער וואָס האָט געליטן אויף די לונגען און האָט שטאַרק געהוסט. ווי נאָר אַ צרה איז מען געקומען צו דער מאַמען, בעטן פון דעם זיס־רויטן וואָס דערקוויקט דאָס האַרץ. מען האָט עס גערופן „לאָבונג". (און ווען איך האָב שפּעטער געלערנט ירמיה און געקומען צום פסוק „הצרי אין בגלעד, אם רופא אין שם מדוע לא עלתה ארוכת בת עמי?" האָב איך מיר דאָס שווערע וואָרט „צרי" אָפּגעטייטשט „לאָבונג" און אַלץ איז מיר געוואָרן קלאָר און פאַרשטענדלעך...).

איז איינמאָל בנימין לייבס מאַמע קראַנק געוואָרן און וועלוול דער רופא האָט איר אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. היות די מאַמע האָט געוווּסט ווי גוט איך בין מיט בנימין לייבן, האָט זי דורך מיר געשיקט אַהין אַ גלעזל מאַלינע־סאָק. איך האָב דאַן גאָר פון דער נאָענט דערזען די אָרעמקייט אין איר יאָמערלעכסטן געשטאַלט. בדרך כלל האָט איסר נישט ליב געהאַט קיין טובות־טוער און ער איז גאָרנישט צופרידן געווען, ווען זיין אָרעמקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פרעמדע אויגן. נאָר צוליבן זכות פון מיין חברן זיך מיט בנימין לייבן האָט ער מיר געוויזן אַ פריינטלעך פּנים און מיט אַ סך צערטלעכ־קייט האָט ער מיך אַהיימבאַגלייט אין שטוב אַריין.

ביז ס׳איז געקומען דער ציוניזם און האָט איבערגעריסן דעם דאָזיקן חסד־פאָדעם. ער, איסר, האָט זיך שטאַרק אָנגעהאַלטן אָן דעם שטרענגן מלמד פון תלמוד־תורה, וועלכער איז געווען בנימין לייבס רבי. איז אָבער דער מלמד געווען איינער פונעם רבס „קאָזאַקן" און אַ פאַנאַטישער שונא פון ציוניזם און ציוניסטן. און איך מיט מיינע חברים, מיטגלידער פון פאַריין „ציון ושפתה" זענען געווען שטאַרק איבערגעגעבן דער ציוניסטישער אגודה. דער ציוניסטישער פאַריין האָט איינמאָל באַשלאָסן צו גרינדן אַ העברעיִשע ביבליאָטעק און מיר, די ציוניסטישע קינדער, זענען אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב זאַמלען ביכער. דערנאָך האָבן מיר מיט גרויס פאַראַד אַריינגעפירט די ביכער־שראַנק אינעם נייעם הויז פון יאָשקע דעם סטאָלער. מיט גרויס באַגייסטערונג האָבן מיר זיך געגרייט צום חנוכה־אָוונט, דורך וועלכן מיר זאָלן קענען שטאַרקן און אויסברייטערן די העברעיִשע ביבליאָטעק, וואָס האָט געזאָלט ווערן אַ פעסטונג פון ציוניזם אין שטעטל. נאָר דער רב האָט געלאָזט אויסרופן אַ חרם אויפן חנוכה־אָוונט. דערנאָך זענען מיר אויפגעשטאַנען אין אַ שיינעם פרימאָרגן און האָבן געטראָפן אונדזער ביכער־שראַנק ליגן

אין מיטן גאַס... און די העברעישע ביכער, דאָס שוואַרצאַפּל פון אונדזערע אויגן, זענען געלעגן צעוואָרפן אין אַלע זייטן.

מ׳האָט געשמועסט אַז דער תלמוד־תורה מלמד און שואל דער בעדער האָבן צוגערעדט דעם רב אַז ער זאָל אויסרופן דעם חרם און אַז מען זאָל אויסרוימען די ביבליאָטעק... און יודעי דבר האָבן דערציילט אַז אויך איסר האָט אַ חלק אינעם דאָזיקן פאַרברעכן.. און געווען אַזעלכע וואָס האָבן עדות געזאָגט: בנימין לייב, איסרס זון און יאָשעס תלמיד, האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט צום שטיקל אַרבעט.

סיי ווי, די פאַרבינדונג צווישן איסר דעם וואַסערטרעגער און די יונגעלייט, וואָס זענען מקורב געווען צום רב, איז שטאַרקער געוואָרן פון יאָר צו יאָר. ווען ס׳איז געקומען צו דער סדרה „תבוא״ בעת מען לייענט די תוכחה, האָבן זיך גענומען הערן קולות אין בית המדרש אַז מען זאָל אויפהערן צאַפּן ס׳בלוט ביי איסרן און מען זאָל מער נישט פאַרלאַנגען פון אים אַז ער זאָל עולה זיין צו דער עליה. ביז אליה דער שוחט, דער בעל־קורא פון בית המדרש האָט איינמאָל אָפּגע־טאָן אַ מעשה: ער האָט זיך אַליין אויפגערופן צו דער דאָזיקער שרעקלעכער פרשה... האָט עס אויסגעזען ווי אַ בס און אַ לאַנגע צייט האָבן אַלע נישט אויפגעהערט צו רעדן דערפון... און נאָך די „ימים נוראים״ האָט יאָשע מלמד מודיע געווען אַז ער האָט איינגעאָרדנט בנימין לייבן אין ר׳ זשאַמעס מירער תלמוד־תורה... און איסר דער וואַסער־טרעגער האָט איינגעפּאַקט דאָס פּעקל און אַוועקגעשיקט זיין בכור און זיין שטאָלצע האָפענונג צו אַ מקום תורה. זאָל ער דאָרט מיטן כוח פון זיין לערנען ליכטיקער מאַכן זיין וועלט און זאָל ער אַראָפּקוילערן פון זיין משפחה די גאַנצע לאַסט פון בזיונות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן אין זייער צעבראָכנקייט, אָרעמקייט און שמאַך.

### ג. די „חברה יושר״

פיר „זמנים״ האָט בנימין לייב געלערנט אין דער תורה־שטאָט מיר. דערנאָך, ווען ער איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט ער זיין שטעטל נישט דערקענט און דאָס שטעטל האָט אים קוים דערקענט. במשך די צוויי יאָר האָט גענומען אויפ־שפּראָצן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קאַפּיטל פּאַרטייען, ציוניסטישע און אַנטי־ציוניסטישע אויך אין אונדזער שטעטל. דער פאַריין „בני ציון״ האָט באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן דעם העברעישן לערער אַלטער יאָסעלעוויטש און מיר, די יוגנטלעכע פון „ציון ושפתה״ האָבן זיך באַמיט צו געפינען פאַר אים תלמידים צווישן די בעסטע יינגלעך. האָט אַלטער געגרינדעט נאָך אַ פאַריין פאַר די פרויען „בנות ציון״ און ער פלעגט פאַר די ווייבער און מיידלעך פאָרלייענען „רעפעראַטן״ אָדער קאַפּיטלען ליטעראַטור פון דער צייטונג „דער יוד״ יעדן פרייטיק צונאַכטס. שבת פאַרנאַכט האָט ער געמאַכט פאַרזאַמ־לונגען אין איינעם פון די זייטיקע בתי מדרשים, אויף וועלכע דער רב האָט נישט געהאַט קיין שליטה און מען האָט דאָרט געגעבן לעקציעס אין תנ״ך. אויף די פאַרזאַמלונגען האָט ער מכבד געווען די אָנגעזעענע משכילים פון שטעטל אַז זיי זאָלן אויסטייטשן די טרייסט־קאַפּיטלען פון ישעיה, אָדער די חורבן־קאַפּיטלען פון איכה פאַר די בעלי־בתים און לומדים, לויטן דקדוק און מיט אַקטועלע אַקצענטן.

די יוגנט פון שטעטל פלעגט לעקן די פינגער פון



**פרייהייט**

ערשטע שורה זיצן פון רעכטס: חיה מאַכטיי, זוסיה קלאַטשוק, ברכה רוסאַק; צווייטע שורה, שטייען: יוסף רענזאָן, הינדע צערצעס, אברהם ליס; דריטע שורה: אומבאַקאַנט, שיינע מאַכטיי, הינדע נאַראָצקי, יוסף מאַכטיי.

אַזעלכע אָוונטן און דעם „רבס קאָזאַקן" האָבן די ערשטע דערקלערט אַ פייערדיקע מלחמה אַלטערן און זיינע פאַרזאַמלונגען. אין דעם גרויסן בית המדרש האָט מען געשמועסט אַז אויף די תנ"ך־לעקציעס פאַרשפּרייט מען אַפּיקורסות און אַז מען לאַכט דאָרט אָפּ פון די מפרשים. דעם רבס מקורבים האָבן באַשלאָסן צו וואַרפן זיך אין קאַמף און נישט לאָזן די יוגנטלעכע קומען צו די לעקציעס. פלוצלינג האָט זיך באַוויזן אויך אַ נייער קעגנער פון אַלטערס תנ"ך־אָוונטן. צווישן די אַרבעטער און געזעלן האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן אַ מאָדנער קלאַנג אַז אַלטער „פאַרפינצטערט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין" און אַז ער פאַרשפּרייט מיט זיינע לעקציעס דעם „גיפט פון שאָוויניסטישן קלעריקאַליזם". אויב די דאָזיקע קלאַנגען האָבן צום ערשט נישט געהאַט גענוג כוח זיך אַליין אויסצוטראָגן, זענען אָבער געווען גענוג ווינטן וואָס האָבן זיי געגעבן פליגל. אין איינער פון די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען אַלטער איז אַהיימגעקומען פון זיין ציוניסטישן פריינט, דעם אַפּטייק־קרעמער מהרש"ק צו זיך אין זיין איינזאַמען צימער — זענען אויף אים פון הינטן אָנגעפאַלן צוויי געזונטע פּויערים. איינער האָט פאַרוואָרפן אַ זאַק אויף אַלטערס קאָפּ און דער צווייטער האָט אים גענומען שלאָגן מיט אַ שטעקן. אַ צעטומלטער האָט אַלטער גענומען פרעגן מיט די לעצטע כוחות:

— זאַ שטאָ? (פאַרוואָס?).

און ער האָט באַקומען אַן ענטפער וואָס איז געווען קורץ, אָבער ער האָט אַלץ אויפגעקלערט:

— זאַ תנ"ך... (פאַרן תנ"ך!).

אַ לאַנגע צייט דערנאָך האָבן מיר נישט געקענט דערגיין ווער עס האָט אָרגאַניזירט דעם דאָזיקן ווילדן אָנפאַל אויף אונדזער באַליבטן לערער. זענען עס געווען די פאַנאַטיקער פון רבס קרייז? אָדער אפשר זענען עס געווען די ערשטע בונדיסטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן שטעלן זייער ערשטע געמאָסטענע און קאָנספּיראַטיווע טריט און ביי וועלכע דער קאַמף מיט אַלטערן איז געוואָרן די ערשטע אַקציע וואָס האָט אונדז אָנגעזאָגט פון זייער עקזיסטענץ?

צי זענען זיי געווען די ערשטע? ניין, אין שטעטל זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן נאָך מקדים געווען אויך זיי. ס'האָט זיך נאָך פאַר זיי געפעדערט דער וווּנדערלעכער לערער, וואָס האָט געלערנט מיט די קינדער פונעם סמאָלאַרניק אינעם נאָענטן וואַלד. דאָס איז געווען אַ פייערדיקער סלאָנימער חסיד אין דער יוגנט און אַ גרויסער למדן. ער האָט געלערנט אין ישיבה און דערנאָך איז ער אַנדערש געוואָרן. און האָט געפלאַקערט מיט אַפּיקורסישן צו להכעיס און מיט רעוואָלוציאָנערן צאָרן. מיט דער זעלבער התלהבות, מיט וועלכער ער האָט אַמאָל געזונגען „יה אכסוף נועם שבת" האָט ער איצט געזונגען מיטן גאַנצן כוח ביז כלות הנפש:

איך ברענג וואָפן
פאַר דעם שלאָפן
אום צו באַפרייען אַרבייטס־שקלאָפן
און איך מאַך זיי פריי — — — —

און אַז ער האָט אויסגעשריגן דאָס וואָרט „פריי" זענען אים פייער־פונקען געפלויגן פון מויל. נאָר ער האָט זיך אַליין אָנגערופן „אַנאַרכיסט". און ער האָט נישט צוגעגעבן קיין באַזונדער באַדייט דאָס אָרגאַניזירן די לערן־יינגלעך. און איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו פאַרכאַפּן דאָס האַרץ פון די אַרומיקע משכילים, האָט אים די שיף אַוועקגעטראָגן אויף יענער זייט אָקעאַן...

און פאַר די בונדיסטן איז נאָך אויך געווען אין שטעטל מיכאל רובין. ער איז געווען אַ קינד פון אַ פאַרמעגלעכער משפחה. ווען ער איז צוריקגעקומען אין שטעטל נאָכן אָפּדינען אין מיליטער האָט ער געהאַט שטייפע וואָנצעס און גערעדט טיף רוסיש. זיין פּנים איז ענלעך געווען צו גאָרקיס און די אויפגעקלערטע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער שטעטלדיקער רוסישער ביבליאָטעק, האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען אַרום אים. אָבער ער איז גאָר געווען אַ „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער" און געזוכט אַ וועג צו די קריסטלעכע באַן־אַרבעטער, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר אַ שטרייק. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט ביז מען האָט מיכאל רובינען אַרעסטירט...

די יונגע יידישע אַרבעטער, שניידער־געזעלן, שוסטערס, בלעכערס, סטאָלערס און די וואָס האָבן געאַרבעט ביי די טייך־ברעגן — פונקט ווי די נייטאָרינס און שייטל־מאַכערינס, צו וועלכע די שמועה פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט דערגרייכט — זיי אַלע האָבן אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך געוואַרט מיטן גאַנצן האַרץ־צאַפּל, אַז עס זאָל קומען אַ באַגלייבטער מנהיג וואָס זאָל זיי אָרגאַניזירן, פירן...

אין יענער צייט איז בנימין לייב, איסר דעם וואַסער־טרעגערס זון צוריקגעקומען פון מיר צו אונדז אין שטעטל. צי איז ער קאַליע געוואָרן און מ'האָט אים פון דאָרט אַרויסגעטריבן? איז ער אַליין אַוועק? אַלנפאַלס ער איז צוריקגעקומען אַן איבערגעקערטער. אין בית המדרש האָט מען אים מער נישט געזען און זיין שוואַרצע רובאַשקע האָט שוין אַליין עדות געזאָגט אַז ער האָט זיך גאָר שטאַרק געענדערט. די וואָס וויסן אַלע סודות האָבן שוין אויך דערציילט אַז די פאָליציי לאָזט אים נישט אויסן אויג. אין דער זעלבער צייט איז אויך צוריקגעקומען, פון דער גובערניע־שטאָט, דער סטודענט פון לעצטן יאָר „קאָמערטשעסקאָיע אוטשילישטשע" (האַנדלס־שול) באָריס. ער איז געווען אַ זון פון דעם שטעטלדיקן גביר. מען האָט וועגן אים דערציילט אַז אין דער גובערניע־שטאָט איז ער געווען פאַרמישט אין אַ שטרייק וואָס די סטודענטן האָבן אָרגאַניזירט. ער אַליין האָט זיך גערעכנט פאַר אַן „אַלגעמיינעם" סאָציאַל־דעמאָקראַט, נאָר אונטערן איינפלוס פון זיין עלטערן קוזין (באָריס קלעצקין, דער שפּעטערדיקער באַרימטער יידישער פאַרלעגער פון ווילנע) האָט ער זיך אויך דערלויבט צו פּרעדיקן סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צווישן די יידישע אַרבעטער אויף יידיש. ער האָט זיך בלויז דערביי זייער געהיטן אַז זיין אַגיטאַציע זאָל זיין אויסגערייניקט פון „יידישע עלעמענטן" און ריין פון נאַציאָנאַלע „איבערטרייבונגען", פון וועלכע יעדער גוטער סאָציאַליסט מוז אַנטלויפן ווי דער פעפער וואַקסט.

ווי נאָר די כוואַליעס פון ציוניזם האָבן זיך אויפגעהויבן אין שטעטל, האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון דיסקוסיעס. אויף איינעם אַ שבת האָט מען צו אונדז אַראָפּגעשיקט אַ באַרימטן בונדישן רעדנער פון דער גובערניע. דאָס האָט ער געדאַרפט אַדורכפירן אַן עפנטליכע דיסקוסיע מיטן לערער אַלטער יאָסעלעוויטש, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער ווייבערשול פון דעם גרויסן בית מדרש. נאָכן אַדורכפירן די עפנטלעכע שלאַכט האָט דער גאַסט־רעדנער אַרויפגעלייגט אויף בנימין לייבן און אויף באַריסן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די בונדישע גרופּע פון שטעטל. צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אויפגעקלערטע מיידלעך פון דער „רוסישער ביבליאָטעק" און די בעל־מלאכהשע לערן־יינגלעך און יונגע אַרבעטער. דערפון איז אויפגעשטעלט געוואָרן די בונדישע אָרגאַניזאַציע.

פון דעמאָלט אָן האָט בנימין לייב מער נישט געוווינט ביים טאַטן אין שטוב, נאָר ער האָט זיך געדונגען אַ צימערל אין צווייטן עק שטאָט, אַרום וועלכן עס האָבן זיך געקרייזלט אַלערליי סודות. אין יענעם יאָר האָט דאָס גאַנצע פּנים פון שטעטל זיך געענדערט נישט צום דערקענען. פּלוצלינג זענען אויסגעבראָכן אַ סך שטרייקן: ביי חייקע דער שניידערין, ביי יאָשקע דעם סטאָלער, ביים „אָדעסער שוסטער" און ביי גרשון דעם בלעכער... אויף איין אָרט האָבן געשטרייקט דריי אַרבעטער און אויפן צווייטן — פיר. נאָך אידער איין שטרייק האָט זיך געענדיקט האָט זיך אַ צווייטער אָנגעהויבן. קיינער האָט נישט געוווּסט רעכט, ווער עס לייגט אונטער דאָס פייער, אָבער אַלע האָבן געזען אַז עס ברענט שוין אַרום און אַרום.

און אַ סך האָבן געוווּסט שטילערהייט: ס'איז בנימין לייבס אַרבעט... נאָך די שטרייקן איז געקומען די ריי אויף אויסגלייכן סתם קריגערייען צווישן אונטערנעמער וואָס האָבן געפירט קאָנקורענץ, צווישן מחלוקת־פירנדיקע קרעמער, צווישן צעקריגטע יורשים און צווישן מאַן און ווייב... מ'האָט שוין געוווּסט: „חברה יושר" וועט פּסקענען... און אַז זי טראָגט אַרויס אַ פּסק דין — טאָר מען זיך נישט אַנטקעגנשטעלן! און פון מויל צום אויער האָט מען זיך דערציילט וועגן אַ ווידערשפעניקן וואָס האָט נישט געוואָלט מקיים זיין דעם אַרויסגעטראָגענעם פּסק פון דער „חברה יושר" — האָט מען ביי אים אין מיטן נאַכט געמאַכט אַ חורבן און ס'איז געווען אַ נס מן השמים וואָס ער האָט געראַטעוועט ס'לעבן... איז דער פּחד פון דער „חברה יושר" געפאַלן אויפן גאַנצן שטעטל.

האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן געזוכט אַ וועג צו איסר דעם וואַסערטרעגערס האַרץ. דאָס האָבן זיי געוואָלט אַז ער זאָל משפּיע זיין אויפן בכור זיינעם און יענער זאָל נישט האַלטן אַזוי שטרענג פאַרן צוים. נאָר איסר האָט אויסגעהערט, הנאה געהאַט וואָס אַזעלכע שיינע יידן ווענדן זיך צו אים נאָך אַזאַ טובה און דערביי האָט ער ווייטער געהאַלטן זיך גאָר האַרט און זיך אָפּגעטרייסלט פון אַלץ און אַלעמען... און די „בונדישע בירזשע" — ס'הייסט דעם גלחס געסל נעבן דעם ווייסן קלויסטער — האָט ממש געגרוישט פון יונגט. אַהין זענען געקומען די אַרבעטער וואָס האָבן שוין געשטרייקט און אַרבעטער וואָס האָבן זיך ערשט געגרייט צו שטרייקן. עס זענען געקומען „באַוווּסטזיניקע" וועלכע זענען גרייט געווען צו אַגיטירן אַנדערע — און עס זענען געקומען רעקרוטן וואָס האָבן געזוכט ווער עס זאָל זיי אַגיטירן... עס זענען געקומען רייכע טעכטער, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו די עקזאַמענס ביים עקסטערן־לערער און עס איז געקומען אַ ישיבה־בחור וואָס האָט געחלומט צו ווערן אַ געהילפס־פּראָוויזאָר אין אַפּטייק... ס'איז געקומען די דענטיסטין, וואָס האָט געוואָלט זיך באַזעצן אין שטעטל און עס איז געקומען די באַברויסקער קורסיסטין, וואָס האָט דאָ געגעבן אורקעס. עס זענען אויך געקומען אַהער די שיינע קצבישע טעכטער יעדן פאַרנאַכט, באַגלייט פון זייערע פאַרערער און זיי האָבן נישט אויפגעהערט צו זינגען די לידער פון עדלשטאַטן און רייזענען... און אין דער געסל־פינצטערניש, הינטער דעם קלויסטער, האָט דאָס אויג געקענט באַמערקן דאָס גלאַנציקע היטל פון רייכן האַלצהענדלערס זון, באָריס און דאָס שוואַרצע העמדל פון בנימין לייבן, וועלכע האָבן צוזאַמען דיריגירט מיטן גאַנצן יונגן רויש אויף דער בונדישער בירזשע.

אין יענעם זומער האָט זיך אויך האַלב־אויסבאַהאַלטן און האַלב געקומען צו גאַסט אויף עטלעכע וואָכן דאַטשע צו אונדז אַ וואַנדערנדיקער סטודענט. דאָס איז געווען מיינע שוועסטערס אַ ידיד, וועלכער איז געקומען פון דער עמי־גראַציע אין שווייץ און פּאַריז. ער איז געווען איינער פון די געהיימע בונדישע פירער און מ'האָט אים גערופן סאַלאָמאָן. ער האָט געהאַט אַ שיין קול, פיינע מאַניערן. דער דאָזיקער בונדישער אינטעליגענט איז געווען אַ מאָגערער, מיט בלויע אויגן און העלע וואָנצעס. אין שטוב אַריין צו אונדז האָט ער געבראַכט אַ טייערע מתנה: אַ גרויסן אוצר פון יידישע פאָלקסלידער, פון וועלכע אַ טייל זענען נאָך ביי אונדז נישט געהערט געוואָרן. יעדן אָוונט האָט זיין האַרציק, ווייך קול זיך געטראָגן איבער די וואַלדיקע שטעגלעך און דערמיט האָט ער געפאַנגען הערצער. יינגלעך און מיידלעך האָבן זיך צו אים געצויגן פון אונדזער שטעטל און פון די אַרומיקע ערטער אויף אַלערליי וועגן און מיט אַלערליי אויסריידענישן. סיי פאַרן זינגען און סיי נאָך דעם האָט ער געשאָטן מיט הייסע קוילן אויף די קעפּ פון די „קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטן" — און געמיינט האָט ער דערביי אַלע מינים פּועלי־ציוניסטן — וועלכע האָבן שוין גענומען אויסשפּרייטן זייערע שטילע נעצן איבער די אַרומיקע שטעטלעך... און אויך מיין האַנט און מיין האַרץ האָבן געהערט צו די דאָזיקע נעץ־פאַרשפּרייטער...

אין איינעם פון יענע טעג האָט דער גאַסט סאַלאָמאָן פאַרשפּעטיקט אַהיימצוקומען פון זיין פאַרמיטאָגדיקן שפּאַציר. צוזאַמען מיט אים האָבן אויך פאַרשפּעטיקט מיינע שוועסטער. די באַזאָרגטע מאַמע האָט מיך דערפאַר געשיקט זיי אַרומזוכן אין וואַלד און ברענגען צום עסן. איך האָב זיי אַ סך אַרומגעזוכט איבער די הויפּט־וועגן פון וואַלד און דערנאָך בין איך אַוועק צו די שאָטן־ווינקלען, ווו מיינע שוועסטער פלעגן זיצן מיט זייערע חברטעס און פריינט,

אונטער די ניסביימער. ביז איך האָב פון ווייטנס דערהערט סאַלאָמאָנס זיסע, האַרציקע שטים פון יענער זייט בערגל. איך בין נאָכגעגאַנגען דעם קול און אַנטדעקט אין דער געדיכטעניש פונעם וועלדל אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון יונגלעך מיט מיידלעך. דאָס זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען דאָ געקומען אויף דאַטשע און אויך געסט פון די אַרומיקע שטעטלעך. אויך מיינע שוועסטער זענען געווען צווישן זיי. סאַלאָמאָן איז געשטאַנען אָנגעלענט אָן אַ בוים און געהאַלטן אַ רעדע פאַר דער חברה, וואָס איז צעוואָרפן געווען צווישן די קוסטן און נעבן אים, אויף אָן אָפּגעשניטענעם שטאָם איז געזעסן דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג: מיין חבר און קעגנער, בנימין לייב דער זון פון איסר דעם וואַסער־טרעגער...

## ד. איין פראָקלאַמאַציע קעגן דער צווייטער

זינט דאַן האָב איך מער זיך נישט געטראָפן פערזענלעך מיט בנימין לייבן. אין יענעם יאָר איז דער פאַרטייישער באַרג אויסגעוואַקסן צווישן אונדז ביידן. דער זעלבער באַרג האָט אויך געשפּאָלטן די גאַנצע יוגנט פון שטעטל אויף צוויי. אַזוי ווי ראַפּטום איז אַוועקגענומען געוואָרן די בייסיקע שאַרפקייט פון דער שפּאַלטונג צווישן איין חסידישע גרופּע און דער צווייטער; ווער שמועסט נאָך וועגן דער רייסעריי פון לאַנגע צייטן צווישן חסידים און מתנגדים. אפילו די נייע קריגעריי צווישן די ציוניסטן און דעם רבס גרופּע האָט פאַרלוירן איר גלאַנץ.

דער יצר הרע פון שפּאַלטונג האָט זיך איצט באַפעסטיקט מיט דער גאַנצער קראַפט אין דער נייער מלחמה, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט צווישן ביידע געהיימע „בירזשעס", וואָס זענען איבער נאַכט אויסגעוואַקסן אין די שטעטלדיקע הינטער־געסלעך. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן דער בונדישער בירזשע, וואָס בנימין לייב האָט מיט איר אָנגעפירט אין קלויסטער־געסל און צווישן דער נייער, פּועלי־ציוניסטישער בירזשע וואָס האָט זיך איינגעפעסטיקט אויף דער מינסקער גאַס. מיט דער נייער בירזשע האָט אָנגעפירט מיין חבר און באַגייסטערער פיניע, דער זון פון סלאָווע בערקע העניעס, די באַקאַנטע בעקערין פון שטעטל.

פיניע איז געווען עלטער פאַר מיר מיט צוויי יאָר און יינגער מיט צוויי יאָר פון בנימין לייבן. ער האָט געאַרבעט אין זיין פאָטערס בעקעריי און דערפאַר פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ כשרן פּראָלעטאַריער. ער האָט אויך געהאַט אָנהענגער צווישן די אַרבעטער־געזעלן און דער אינטעליגענץ פון דער שטעטלדיקער אַרבעטערשאַפט. ער האָט שוין באַוויזן זיך אויסצולערנען העברעיש ביי אַלטערן, און זיין פעטער, דעם פאָטערס ברודער, איז געווען דער טשעריקאָווער רב, הרב קאַקס, וועלכער איז געווען ביי אונדז פון די ערשטע מזרחיסטישע רבנים און מטיפים. ווען זיין פעטער איז געקומען אין שטעטל אריין, האָט ער אויפגעשטורעמט די הערצער מיט זיינע קלוגע און שאַרפזיניקע דרשות און מען האָט זיי געדענקט אַ לאַנגע צייט נאָך זיין אַוועקפאָרן. טאַקע פיניע האָט דאָס צונויפגענומען די יונגע אַרבעטער וואָס האָבן געקענט העברעיש און עס האָט זיי צום „בונד" נישט געצויגן. האָט ער אויפגעשטעלט די ערשטע געהיימע „סכאָדקע" פון פּועלי ציון ביי אונדז אין שטויבץ. פון אבא רובענטשיקס קרייז אין מינסק האָט מען אים צוגעשיקט די ערשטע ליטעראַטור, וועלכע איז נייטיק געווען צו גרינדן אַ סניף און דערנאָך האָט פיניע גענומען אַרויספאָדערן פון מינסק אָדער קאַידאַנאָוו פּועלי־ציוניסטישע רעדנער, וועלכע קענען זיך פאַרמעסטן אין עפנטלעכע דיסקוסיעס מיט אַ בונדישן קעגנער. האָט זיך צעפלאַקערט אַ שלאַכט איבער דער נשמה פון דער שטעטלדיקער יוגנט. פיניע איז געשטאַנען בראש פון איין אַרמיי, בנימין לייב בראש פון דער צווייטער — און איך בין געווען מיט פיניען. היות ווי דאָס לעבן האָט גענומען ברויזן אויף אויף אונדזער בירזשע און פיניע האָט גענומען ברענגען אַהין אַלץ מער יוגנטלעכע — איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע זיי צו „געבן אַגיטאַציע". דער פאַריין „שואפות ציונה", וואָס אַלטער האָט געגרינדעט פאַר די מיידלעך פון שטעטל ווי אַ צוגרייטונג צום קרייז „בנות ציון", איז ביסלעכווייז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ רעזערוו פאַרן נייעם סניף פון פּועלי ציון. אינעם הויז פון דער פאַרזיצערין, שיינקע שאַפּירא, איז אויפגעהאַנגען געוואָרן אַ געהיים פּאָסט־קעסטל. אַהין האָבן די מיידלעך פון קרייז „שואפות ציונה" געקענט אַריינוואַרפן צעטעלעך וועגן פראַגן וואָס האָבן זיי צעטומלט. די צעטעלעך זענען געווען געשריבן אויף געקעסטלט פּאַפּיר, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון שול־העפטן אויף וועלכע מען לערנט זיך חשבון. יעדן טאָג האָט די פלייסיקע און חנעוודיקע שיינקע אַרויסגענומען די קוויטלעך פון קעסטל און זיי געבראַכט צו מיר. איך האָב זיי איבערגעלייענט, קלאַסירט און צוגעגרייט מיינע תשובות. מיינע ענטפערס פלעג איך געבן אויף די פאַרזאַמלונגען שבת צונאַכטס מיט גרויס אויספירלעכקייט, ביים האַלטן די רעפעראַטן פאַר די מיטגלידערינס פון „שואפות ציונה".

און אַז מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ צעטל, אָנגעפּראַפּט מיט פרעמדווערטער און מיט געפעפערטן אַנטי־ציוניזם, פלעגט שיינקע צוגעבן: אַהאַ, דאָס מוז שוין זיין אַ צעטל פון איינער, וואָס הערט זיך איין צו די העץ־רעדעס פון בנימין־לייבן! איך פלעג דאַן זיך אָפּשטעלן אויספירלעכער אויף אַזעלכע רייד און שיסן מיינע פיילן אַ סך ווייטער, וויסנדיק אַז די רייד וועלן דערגרייכן ביז צו מיין גרויסן קעגנער, וואָס באַהאַלט זיך הינטער דער פרעגערין. מען האָט אויך אַרויפגעלייגט אויף מיר די אויפגאַבע צו לייענען פאַר די חברטעס יעדן שבת פאַרנאַכט קאַפּיטלען פון „פּאָ פּאָוואָדו" (אַזוי האָט געהייסן די רוסישע בראָשור וואָס די „מינסקער" פּועלי ציון האָבן אַנאָנים אַרויסגעגעבן אין שייכות מיטן בונדישן אַריינטרעטן אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי). די טעמע פון דער בראָשור איז געווען אַ קריטישער אַנאַליז פון דער בונדישער שטעלונג אין דער יידיש־נאַציאָנאַלער פראַגע און אַ פּאָלעמישע באַשולדיקונג קעגן דעם וואָס דער „בונד" זעט נישט די ספּעציפישקייט פון יידישן פּראָבלעם אין גלות. איבער דעם האָט מען אָנגעדרשנט גאַנצע בערג און מיר האָבן געוווסט אַז אויך אין אונדזער שטעטלדיקן

„בונד" זענען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנקייטן. פאַראַן די „ווייכע" וואָס זענען גרייט מוותר צו זיין אויף דער מינדסטער אַרויסהייבונג פון יידיש־נאַציאָנאַלן פּראָבלעם בעת זייערע דיסקוסיעס מיט דער רוסישער ס. ד. און עס זענען אָבער אויך געווען „האַרטע" וואָס האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל מער אונטערשטרייכן זייער יידישע זעלבסטשטענדיקייט. מיר האָבן אויך געוווּסט אַז באָריס מיט דער באברויסקער רוסישער לערערין געהערן צו די „ווייכע" און אַז בנימין לייב געהערט צו די „האַרטע". פּיניע האָט שוין געהאַט האָפענונגען אַז מיר וועלן נאָך פאַרדינען פון דער דאָזיקער מחלוקת אינערהאַלב דעם „בונד". אין גיכן האָבן אָבער די „ווייכע" געזיגט און בנימין לייב האָט זיך אונטערגעגעבן. „די גאַנצקייט פון בונד" — האָט בנימין לייב גענומען טענהן — „איז וויכטיקער פון אַלץ". האָט ער מקבל געווען אויף זיך די גזירה. נישט בלויז דאָס אַליין וואָס ער האָט זיך אונטערגעגעבן, נאָר ער האָט נאָך געוואָלט אויסמיידן פאַרשידענע רעדענישן אויף דער בונדישער בירזשע. מען האָט געקענט זאָגן אַז צוליב זיין פריערדיקער העברעישער דערציִונג איז ער קעגן באָריסן און אַז דאָס רופט זיך אָפּ אין אים דער פריערדיקער ישיבה־בחור. ער האָט אויך געוואָלט אָנהאַלטן די השפּעה אויף די קעגנער זיינע אינערהאַלב דער פּאַרטיי און זיי פאַרהיטן פון אַסימילאַטאָרישן דאָרן. צוליב די אַלע זאַכן האָט ער זיך גענומען וואַרפן אויפן ציוניזם און פּועלי־ציוניזם מיט נאָך מער פאַרביסנקייט — און די שנאה האָט זיך צעפלאַקערט אויףביידע זייטן.

אין יענער צייט איז געשען עפּעס ערגעץ ווייט אין צאַרישן רוסלאַנד: מען האָט שווער באַשטראָפט פּאָליטישע אַרעסטירטע אין אַ געוויסער תפיסה, אָדער אַ גובערנאַטאָר איז דערהרגעט געוואָרן פון אַן אַטענטאַט — אַלענפאַלס עפּעס איז פאָרגעקומען און דער „בונד" אין שטעטל האָט געהאַלטן אַז ער דאַרף זיך אָנכאַפּן דערין. האָט ער זיך טאַקע נישט געפוילט און אָפּגעטאָן אַ גרויסע זאַך: ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע אין נאָמען פון דער בונדישער אָפּטיילונג ביי אונדז אין שטאָט, אויף אַ זייער „פּאָליטישן" יידיש. לויט די אויסדריקן ווי „דער קאַפּיטאַליסטישער וואַמפּיר" און „דער ווילקיר פון דער סאָלדאַטעסקע" און „דער יום הדין וואָס קומט אָן" — האָט מען באַלד דערקענט בנימין לייבס נוסח צוליב די „נידער"־אויסרופן וואָס זענען געווען אַזוי פיל אין דער פּראָקלאַמאַציע: נידער מיטן בירגערלעכן נאַציאָ־נאַליזם... נידער מיטן קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם... נידער מיטן שאָוויניסטישן קלעריקאַליזם... נידער מיטן ציוניזם.

און יעדער „נידער" זיינער באַזונדער האָט געהאָגלט אויף אונדזער קאָפּ, פּונקט ווי יעדער „ארור" און „יככה" פון דער תוכחה האָט געקלאַפּט אויפן קאָפּ פון איסרן זיין טאַטן, בעת ר' אליה האָט אַזוי בפירוש אַרויסגעלייענט די קללות.

ווען דער ערשטער מאַי האָט זיך גענומען דערנענטערן האָט פּיניע באַשלאָסן אַז דאָס יאָר מוז אויך דער סניף פון פּועלי ציון פאַרעפנטלעכן אַן אייגענע פּראָקלאַמאַציע וואָס זאָל ענטפערן דער בונדישער און דערביי זאָל זי אויך האָבן אַ טעאָרעטישן אינהאַלט. זי האָט אויך געדאַרפט האָבן אין זיך די גרונט־פּרינציפּן פון אונדזער פּראָגראַם, דעם סאָציאַ־ליסטישן, דעם רעוואָלוציאָנערן און גלייכצייטיק ציוניסטישן... גאָר שפּעט ביינאַכט האָט מיך פּיניע אַרויסגענומען הינטער דער שטאָט, אויפן וועג צום סיניאַוועער וועלדל, און דאָרט אין וועלדל האָבן אונדז שוין אָפּגעוואַרט נאָך צוויי: אליקים דער שערער וואָס איז געווען דער קאַסירער פון סניף און די גימנאַזיסטין ליזאַ הרכבי, אַן אינטעליגענט מיידל וואָס איז יענעם זומער געקומען צו אונדז פון סלוצק און איז געווען די אַנטוויקלטסטע פונעם סניף. פּיניע האָט אָוועקגעלייגט פאַר ליזען דעם נייעם העקטאָגראַף וואָס ער האָט נאָר־וואָס גע־בראַכט פון מינסק, ספּעציעל פאַר דער פּראָקלאַמאַציע און אליקים האָט צוגעלויכטן מיט אַ גרויסן לאַמטערן. דאָס איז טאַקע געווען דער לאַמטערן פון סלאַווען, פּיניעס מוטער, מיט וועלכן זי פלעגט יעדע נאַכט גיין אַרויסטראָגן אירע קיכלעך צום פאַרקויפן — און איצט האָט ליזע ביי זיין ליכט גענומען אויסקריצן די ווערטער פון מיין מויל פאַר דער פּראָקלאַמאַציע... דאָס איז געווען די ערשטע פּראָקלאַמאַציע וואָס איך האָב מחבר געווען...

דערנאָך האָט דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק געהעמערט, ווען איך בין יענעם ערשטן מאַי פאַרבייגעגאַנגען דעם שולהויף און כ'האָב געזען ווי גרופּקעס יונגוואַרג זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט און איינער האָט פון איבערן צווייטנס רוקן געשלונגען די פאַרבאָטענע ווערטער, וואָס זענען געשריבן געוואָרן מיט בלויער טינט אויף העל פּאַפּיר... איך האָב געמוזט צונויפנעמען אַלע גייסטיקע כוחות מיינע, אַז קיינער זאָל אין מיין פּנים נישט דערקענען פון וועמענס מויל עס שטאַמען די דאָזיקע שטורמדיקע ווערטער...

## ה. דעם יחידס טרויער

אָבער דער מענטש, וואָס איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן די גאַנצע צייט פון מיין דיקטירן די פּראָקלאַמאַציע — ער האָט זי שוין נישט געלייענט... צוויי טעג פאַרן ערשטן מאַי האָט זיך איבערן שטעטל אַראָפּגעלאָזט די עפּידעמיע פון שוואַרצע פּאָקן און ער, דער פירער פון שטעטלדיקן „בונד" בנימין לייב, איז געווען פון אירע ערשטע קרבנות. אַלע אָנשטרענגונגען פון דאָקטאָר אים אויסצוהיילן האָבן נישט געהאָלפן. ס'האָט נישט געדויערט קיין גאַנצע זיבן טעג און בנימין לייב איז געשטאָרבן — — — אויף יענעם טאָג איז אַזוי ווי פון זיך אַליין אָפּגעשאַפט געוואָרן די קאָנספּי־ראַציע. דער גאַנצער בונד פון שטעטל, מיט אַלע זיינע חברים און חברטעס, אָנהענגער און סימפּאַטיקער — אַלע האָבן זיך אבלותדיק געצויגן צו דער קאָנספּיראַטיווער דירה פון יונגן פירער זייערן, וואָס איז אַזוי פרי פאַרשניטן געוואָרן. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אונדזער שטעטל האָבן די געסלעך געזען טראָגן אַ יידישן בר מינן, וואָס איז נישט געווען איינגעהילט אין קיין טלית, נאָר אין אַ רויטער פאָן... נאָך אים זענען נישט געגאַנגען קיין שמשים פון דער חברה קדישא מיט צדקה־פּושקעס אין די הענט און נישט קיין תלמוד תורה־קינדער מיט תהילים־פּסוקים אין מויל, נאָר אַ גרופּע אַנטבלויזטע קעפּ און מיידלעך מיט אויפגעדעקטע האָר.

זיי האָבן מאַרשירט אין דער ריי, מיט רויטע פענער פאַרויס און רעוואָלוציאָנערע לידער אין מויל. אָט איז אַרויסגעגאַנגען פאַרויס די שיינע דבורה, די טאָכטער פון לייזשע דעם קצב און אָנגעהויבן צו זינגען מיט אַ דערשטיקט קול:

עס טרעפט דיך אַ קויל, מיין געטרייער,
אַ קויל פונעם שונא, דעם הונט,
איך נעם דיך אַרויס פונעם פייער
און הייל דיך מיט קושן דיין ווונד — — —

אַלע באַגלייטער האָבן איר אָפּגעענטפערט מיט אַ הויך קול, איבער דער גאַנצער גאַס וואָס איז אָפּגעליידיקט געוואָרן פון יעדן פרעמדן:

איך נעם דיך אַרויס פונעם פייער
און הייל דיך מיט קושען דיין ווונד...

נאָר איינער, איסר דער וואַסערטרעגער, דער טאַטע פון דעם געשטאָרבענעם, האָט זיך געשפּרייזט באַזונדער, איינזאַם און אויסגעלאָשן צווישן אַלע מאַרשירנדיקע דעמאָנסטראַנטן. עס האָט אויסגעזען אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער צווישן דער מחנה זינגער אויף אָט דער יאַ־לוויה און נישט־לוויה און אַזוי ווי מען וואָלט דאָ גאָרנישט געבראַכט צו אייביקער רו זיין זון, זיין בנימין לייבן — דעם ערשטן פון זיין קראַפט און דעם לעצטן פון אַלע זיינע האָפענונגען... איבערן גאַנצן ווייטיק פון זיין אבלות האָט גובר געווען די שאַנד פון זיין עלנט. אַזוי איז ער נאָך קיינמאָל נישט פאַר־שעמט געוואָרן אין משך פון אַלע זיינע יאָרן וואָס זענען אָנגעזאָפּט געווען מיט צער און פאַרשעמונג.

אָט האָט ער דאָך זוכה געווען און אַלדאָס גרויסע וואָס ער האָט געחלומט וועגן בנימין לייבן איז דאָך טאַקע געקומען... דער צייכן פון שפלות איז דאָך שוין פון בנימין לייבן לגמרי אָפּגעמעקט געוואָרן... אָט איז דאָך געקומען די שענסטע יוגנט פון שטאָט אים אָפּגעבן כבוד, זיין בנימין לייבן! אָבער פאַרוואָס, רבונו של עולם? פאַרוואָס איז אַזוי געשען? פאַרוואָס זעט ער נישט, איסר, נאָך אַזאַ ייִד ווי ער ביי דער לוויה? און פאַרוואָס לאָזט מען אים נישט זאָגן קיין קדיש ביים קבר פון זיין איינציקן זון? און פאַרוואָס איז עס גאָר קיינעם אויפן זינען נישט געקומען, אַז דאָ דאַרף מען מאַכן אַן „אל מלא רחמים״?!

און ווען די פּראָצעסיע איז געקומען צום הויף פון שול און איז געגאַנגען ווייטער, גלייך ווי עס וואָלט דאָ חלילה קיין שול נישט געווען, אָדער גלייך ווי דער מת וואָלט גאָר קיינמאָל קיין שייכות נישט געהאַט מיטן דאָזיקן מקום קדוש — האָט שוין דאָס מעסטל פון איסרס יסורים זיך אויסגעפולט. זיינע קנעכלען האָבן זיך אויפגעהערט צו באַוועגן... אַ שוויי־געוודיקער האָט ער זיך אַדורכגעשלייכט צווישן די שרענגעס פון פרעמדע באַגלייטער און מיט די לעצטע כוחות איז ער אַריינגעפאַלן אין דער ליידיקער שול. ער האָט אָנגעלענט זיינע צוויי עלנבויגנס אין דעם פענצטער־ביישטיבל פון זיין מערב־וואַנט און איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

ס׳איז דאָס ערשטע מאָל וואָס מ׳האָט געזען איסר דעם וואַסערטרעגער וויינענדיק אויפן קול אין סאַמע מיטן בית־המדרש...

# ג. וויערא יאַקאָוולעוונא

צי האָט אונדזער שטעטל געהאַט אויך אַ נטיה צו שיינ־קייט? קען איך זיך דערמאָנען וועגן פיעטעט צו קונסט אין מיין יוגנט? האָט מען דאַרט אויך געוווּסט וואָס איז אַזוינס ליבע? נו, אויב עס זאָל מיר נאָר געלינגען עפּעס צו דער־ציילן וועגן וויערא יאַקאָוליעוונא — וועל איך שוין האָבן דערציילט וועגן דעם אַלעם; און אפשר נאָך עפּעס מער ווי דאָס. איך וועל האָבן דערציילט וועגן דעם גרויסן יום־טוב, פול פון פּראַכט און זון, וואָס האָט פאַרפלייצט די גאַנצע סביבה אירע — זינט דעם טאָג וואָס זי האָט זיך באַוויזן אין אונדזער שטעטל, ביז דעם טאָג ווען זי איז נעלם געוואָרן.

וויערא יאַקאָוולעוונאַ איז געווען די שענסטע פון אַלע פרויען, וואָס איך האָב געקענט אין מיין יוגנט. און אַזאַ שיינע ווי זי האָבן אויך נישט געקענט — לויט זייערע אייגענע ווערטער — אַלע דערוואַקסענע פון שטעטל; און ווי גרויס ס׳איז געווען איר שיינקייט, אַזוי העל איז געווען איר קלוג־שאַפט; און אַזוי ווי ביידע צוזאַמען איז געווען דער צויבער פון איר זינגען און נאָך העכער פאַר אַלע דריי — דער חן פון איר אומגאַנג און פירונג.

זי איז געווען די פרוי פון נייעם דאָקטאָר וואָס מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל אַריין. אַ סך צרות האָט זיך דאָס שטעטל אָנגעליטן פון די פרעמדע און דערווייטערטע דאָק־טוירים. ביז דער יונגער דור האָט זיך אַ נעם געטאָן און אַראָפּ־געבראַכט אין שטאָט אַריין אַ נייעם דאָקטאָר — און טאַקע אַ ייִד פון יידנלאַנד — מאַיסעי אַבראַמאָוויטש. די שטאָט־לייט האָבן אים נאָך געקענט פון זיינע סטודענטישע יאָרן. ער פלעגט דעמאָלט קומען פון כאַרקאָוו, זומער צייט, אויף אַ באַזוך צו זיין פעטער — אַ באַקאַנטן דאָקטאָר אין אַ נאָענטן שטעטל — און צוזאַמען מיט יענעם פלעגט ער אַראָפּקומען צו גאַסט צו אונדז.

לאַנגע יאָרן דערנאָך האָט דאָס שטעטל געהאַט צו שמועסן וועגן זיין גוט האַרץ, זיין הויכער אינטעליגענץ, זיין צוגע־בונדנקייט צו יידישקייט, זיינע גרויסע פעיקייטן און איבער זיין שטודירן אין אַרעמקייט. אין אַ צייט אַרום האָט דער פעטער זיינער, וואָס האָט אים געשטיצט, דערציילט וועגן אים אַ גאַנצע געשיכטע: נאָך איידער דער האַרציקער יונג האָט געענדיקט דעם שטודיום אין אוניווערזיטעט, האָט ער זיך גאָר פאַרליבט אין אַ יידישער אַקטריסע, וואָס האָט געשפּילט אין דער כאַרקאָווער רוסישער אָפּערע. ער האָט זי געזען שפּילן „קאַרמען״. האָט זי צוליב אים פאַרלאָזן די בינע־בריטער, האָט חתונה געהאַט מיט אים — הגם ער איז נאָך געווען אַן אָרעמער סטודענט, און האָט זיך אַוועקגעלאָזן מיטוואַנדערן מיט אים אין די שטעט ווו ער האָט געלערנט.

ווען די שטעטלדיקע יידן האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין געדולד אויסצוהאַלטן די נגישות פון די אַסימילירטע און גוישע דאָקטוירים, האָט מען זיך דערוווּסט אַז דער דאָזיקער ווילער סטודענט האָט שוין געענדיקט זיין לערנען. ער האָט שוין געהאַט געמאַכט זיין פּראַקטיק אין די שפּיטעלער און זוכט אַ שטעטל ווו זיך צו באַזעצן און פּראַקטיצירן. האָט קהל באַשלאָסן אים איינצולאַדן צו אונדז. מען האָט אים צוגעזאָגט דריי הונדערט רובל אַ יאָר, אויסער זיין האָנאָראַר פון די חולאים, און מען האָט אים געדונגען אַ שיינע דירה אינעם צענטער פון שטאָט. און אין איין שיינעם, זומערדיקן פרימאָרגן — פול מיט ליכטיקייט און זון — האָט זיך טאַקע באַוויזן אַברמקע דעם בעל־עגלהס בריטשקע נעבן דעם דאָזיקן הויז. די פרויען פון „דאַמסקי קאָמיטעט" האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט און אויסגעפּוצט די נייע דירה — און פון דער קאָטש איז אַרויסגעשפּרונגען דער דאָקטאָר מאָיסעי אַבראַמאָוויטש. — ער האָט שוין געהאַט באַוויזן צו פאַרלאָזן אַ געשניצט בערדל מיט בלאָנדע וואָנצעס — און האָט געהאָלפן אויסשטייגן פון דער קאַרעטע אַ שלאַנקער פרוי. זי האָט אויפגעהויבן דעם קליינעם וואַל, וואָס האָט זיך חנעוודיק אַראָפּגעלאָזן איבער איר ברייט־ראַנדיקן פאַרביקן הוט און גענומען אַרומקוקן זיך איבערן נייעם שטעטל, וווהין זי איז איצט געבראַכט געוואָרן. דערנאָך האָט זי שנעל אַ כאַפּ געטאָן ביי די הענטלעך אירע צוויי אויסגעפּוצטע קינדערלעך, וואָס האָבן פריילעך געפּלאַפּלט אויף רוסיש — און איז מיט זיי און מיט זייער „ניאַניע" פאַרשוווּנדן אין שטוב אַריין.

מען האָט זי גערופן וויערא יאַקאָווליעוונאַ. און הגם דער נאָמען האָט אין שטעטל געקלונגען ניי און אויסטערליש, איז ער שנעל באַקאַנט געוואָרן צווישן אַלע שיכטן. זי איז באַלד געוואָרן די פרייד פון אַלע מבינים אין שטעטל און האָט אַריינגעטראָגן עפּעס אַ מאָדנע יום־טובדיקייט אין זייער שטאַרק וואָכעדיק לעבן. מען האָט איר שנעל מוחל געווען דעם קלינגענדיקן רוסיש, וואָס האָט פול געמאַכט די גאַס. מען האָט אַוועקגעקוקט פון איר קליידונג, וואָס איז געווען נישט אין גאַנצן אין הסכם מיט דער אָנגענומענער צניעותדיקער הנהגה אין שטעטל. מען האָט זיך אַפילו גוטמוטיק געוויצלט וועגן איר שוואַכער באַהאַוונטקייט אין יידישע זאַכן, און אוודאי האָט מען זיך נישט מתרעם געווען דערויף וואָס זי חברט זיך מיט דער רוסישער באַאַמטנשאַפט פון שטעטל. עפּעס האָט מען איר מוחל געווען אַלע אירע קאַפּריזן און אַפילו הנאה געהאַט פון זיי. און מען האָט זיך נאָך איר געצויגן, יעדער לויט זיין סטיל און מערכה, לויט זיין עלטער און שטאַנד.

דער דאָקטאָר אַליין איז געווען דער פריינט און דער אָנלען פון אַלע קראַנקע אין שטעטל, אָבער זי איז געווען דער טרוים און דאָס געזאַנג פון אַלע וואָס האָבן זיך אַרום איר געזאַמלט. אירע לידער זענען בעיקר געווען פרעמדע און רוסישע. קיין קלאַוויר, וואָס זאָל באַגלייטן איר זינגען, איז נאָך אין שטעטל נישט געווען. נאָר פאַרנאַכט, בעת אירע פריינד האָבן געטרונקען טיי ביי איר אין שטוב, האָט זיך איר געזאַנג אַרויסגעריסן פון פענצטער אַלץ העכער און העכער. דאַן האָבן זיך צעעפנט אַלע טירן אין דער גאַנצער גאַס און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ געפיל אין האַרצן, האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון גאַניק. צווישן די יידישע ווערטן, וואָס זי האָט זיך שנעל אויסגעלערנט — און טאַקע תיכף פאַרטיפט און באַרייכערט — איז געווען אויך דער חסידישער ניגון. צי האָט זי דערצו געהאַט אַן איינגעוואָרצלט־באַהאַלטענע ירושה־נייגונג? אָדער צי איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל יעדער שיינער גייסט ווערט דערצו אינסטינקטיוו צוגעצויגן? אַפילו די סאַמע מקורותדיקע יידן אין שטעטל האָבן געפונען אין דעם נייעם חסידישן ניגון, וואָס זי האָט געזונגען, דאָס בעסטע וואָס זייער האַרץ האָט געפילט און זיי זענען פון אים מיטגעריסן געוואָרן.

איך געדענק איינעם פון אירע ערשטע באַזוכן, צוזאַמען מיט איר מאַן, ביי אונדז אין שטוב. ס'איז געווען אַ שבת. דער טאַטע אַליין האָט איר געהאָלפן אויסטאָן דעם מאַנטל און האָט זיך מטריח געווען אויפצוהענגען אים אויפן האָק. אין פאָדערהויז, פאַרן קליינעם שפיגל, האָט זי שנעל גלייך געמאַכט אויף זיך דאָס שמאָלע, באַצויבערנדיקע וועסטעלע. איך, דאָס קינד, האָב זוכה געווען צונעמען פון איר האַנט דעם הוט אירן און דעם שלייער — צוזאַמען מיט איר דאַנקעוודיק שמייכעלע און העלן קאָפּ־שאָקל — און כ'האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך פון אומדערהערטן פאַרגעניגן. כדי מהנה צו זיין מיין טאַטן, האָט זי מסכים געווען צו זינגען אַ חסידישן ניגון וואָס זי האָט געקענט. מיט פאַרמאַכטע אויגן און יידישער דביקות, אָנגעלענט אויפן טיש — האָט זי געזונגען און דערביי צוגעקנאַקט מיט אַ פינגער, גלייך ווי זי וואָלט געווען אַ חסידיתטע מלידה ומבטן. און דער ניגון אַליין איז ביי איר אַרויסגעקומען אַזוי שטאַרק פאַרבענקט, אַזוי רירנדיק, און צוזאָגנדיק — אַז די נשמה איז אויסגעגאַנגען ביים הערן. לאַנגע יאָרן דערנאָך האָבן מיר געזונגען דעם ניגון ביים שבתדיקן טיש און האָבן אים גערופן „דער דאָקטאָרשעס ניגון".

געדענק איך ווי איינמאָל האָב איך געהערט דעם ניגון פונעם מאָלאָסטאָיקער ישיבה־בחור — וואָס האָט געגעסן שבת ביי אונדז — האָט ער אים קונציק אַריינגעפּאַסט אין די ווערטער פון תהילים: צמאה לך נפשי, כמה לך בשרי... בין איך נשתומם געוואָרן דערפון, ווי אַזוי דער דאָזיקער ישיבה־מתבודד האָט עס אַזוי ווּנדערלעך פאַרשטאַנען צונויפפלעכטן דעם ניגון מיט אָט די הייליקע פסוקים. און זיי האָבן זיך אַזוי אמתדיק אַריינגעפּאַסט, גלייך ווי זיי וואָלטן לכתחילה געשאַפן געוואָרן כדי מזווג צו זיין זיך מיטן איינציקן און טייערן ניגון פון וויערא יאקאוולעוונא... דערמאָן איך זיך אויך אין איינעם אַ שבת, פול מיט שניי און פראָסט, אין וועלכן איך בין אָפּגעשטאַנען לאַנגע שעהן אין דרויסן — און געפרוירן פון קעלט. דאָס האָב איך אַרויסגעקוקט אין אַ ראָג, צווישן מאַרק און דער פּאָסט־גאַס, אויף דער מינוט ווען די דאָקטאָרשע וועט דאָ פאַרבייגיין אויפן וועג אירן צום אַפּטייקער אין שטוב אַריין כדי צו שפּילן אין קאָרטן — כדי איך זאָל קענען פאַר איר אַראָפּנעמען דאָס היטל און איר זאָגן: זדראַסטוווּטיע!...

און נאָך געדענק איך: מיכאל שימי הורוויץ, דער דעלע־



יהודה ליב רובאשוב, דער פֿאָטער פֿון זלמן שז״ר

גאָט צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין. ס׳איז געווען נאָך דעם ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין מינסק. די אַקציעס פֿונעם ציוניזם אין אונדזער שטעטל האָבן זיך גענומען הייבן אַלץ העכער און העכער. מיכאל שימי איז דערביי געווען דער ליבלינג פֿון אונדזער משפּחה; אַ שיין־רעדנער וואָס איז געווען זייער אָנגענומען ביי אַלעמען אין שטאָט, איז ער נאָר־וואָס צוריקגעקומען פֿון דער וויכטיקער קאָנפֿערענץ, פֿול מיט באַגייסטערונג און אינפֿאָרמאַציעס. האָט מען אויף מיר אַרויפֿגעלייגט דעם חוב, אַז איך זאָל איינלאַדן צו מיין פֿעטער אין שטוב אַריין די אָנגעזעענסטע ציוניסטן פֿון שטעטל, לויט אַ באַזונדער ליסטע. האָבן זיך אַלע פֿאַרזאַמלט. אויבנאָן איז געזעסן מיכאל שימי יום־טובדיק אָנגעטאָן, די שיינע שוואַרצע באָרד זיינע פֿונאַנדערגעטיילט אין צווייען, אַזוי ווי די באָרד פֿון נאָרדוי אַליין — און פֿון זיין מויל „שיטן זיך פּערל״. אַך, וואָס פֿאַר אַ צויבער דער מענטש האָט עס פֿאַרמאָגט אין זיין רעדן! וואָס פֿאַר אַ שאַרפֿקייט אין זיין וויכוח! וואָס פֿאַר אַ בילדערישקייט אין זיינע שילדערונגען — און וואָס פֿאַר אַ מין איבערצייגונגס־כּוח אין זיינע שניידנדיקע ראיות! מען האָט אים געדאַרפֿט אויסקושן דערפֿאַר. ער האָט גערעדט וועגן דעם קאָלאָניאַל־באַנק, וועגן הערצלס פּראָיעקטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל; און וועגן די אַראַבער אין ארץ־ישראל וואָס גלויבן שוין אויך, אַז די יידן וועלן זיך אומקערן קיין ציון. ער האָט אַליין געהערט דערפֿון, אַז בשעת די אַראַבער שרייבן דאָרט אונטער אַ פֿאַרקויפֿס־קאָנטראַקט צווישן זיך, באַמערקן זיי, אַז דער קאָנטראַקט איז גילטיק ביז צו דער צייט ווען די יידן וועלן זיך אומקערן אין זייער לאַנד אַריין. ער האָט דערציילט אויסטערלישע זאַכן וועגן אַסימילירטע סטודענטן אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך צוריק דערנענטערט צו יידישקייט און זיי דועלירן זיך פֿאַרן יידישן כּבוד. ער איז אין יענער נאַכט געווען ווי אַ שפּרודלדיקער קוואַל. וועגן וואָס האָט ער דען נישט גערעדט? וועגן דעם קאָנגרעס און זיין שיינקייט; וועגן הערצל און זיין פּראַכט... און אין מיטן רעפֿעראַט האָט ער אַריינגעפֿלאָכטן אַ דערציילונג איבער זיין וווּנדערלעכער באַגעגעניש מיט מאַרקאָ באַרוך אין באַזעל; אַריינגעוואָרפֿן אַ פּאָעטישן פּערז פֿון פֿרוגן און אַ שאַרף ווערטל פֿונעם אָדעסער ראַבינער ד״ר אַווינאָוויעצקי... ער האָט געשאָסן פֿיילן אין דער זייט פֿון עפּעס אַ ראַדיקאַלן אַסימילאַטאָר אין מינסק, וואָס איך האָב נישט געקענט — און שאַרף אָנגעגריפֿן די אַנטיציוניסטישע אָרטאָדאָקסיע, וועלכע כ׳האָב שוין גרייליך געקענט פֿון דער נאָענט. זענען מיר אַלע געווען בלויז געהער און איבערפֿולט מיט אַ דערהויבענער הנאה.

אַז איך זאָג „מיר אַלע״ — מיין איך דערמיט: דעם אַפּטייק־קרעמער, מהרש״ק — דער פֿירער פֿון די שטעטלדיקע ציוניסטן און דער „אַנאָנימער״ קאָרעספּאָנדענט פֿון „המליץ״; דעם פֿעטער הירשל, דער אָפֿיציעלער פֿאָרזיצער פֿון דער ציוניסטישער אַגודה; דעם טאַטן, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט איינגעשריבן אַלס מיטגליד אין ציוניסטישן פֿאַראיין; דעם העברעישן לערער אַלתר יאָסעלעוויטש — דער מנהיג פֿון פֿאַראיין „בנות ציון״; דעם גבירס איידעם, לוסטערמאַן, וועלכער איז געווען אַבאָנירט אויפֿן דייטשן אילוסטרירטן זשורנאַל „אָסט און וועסט״; נחן — דער אָנפֿירער פֿון דער יוגנט; דעם אַרבעטער־טוער פּיניע קושניר; אַהרע, אליה דעם שוחטס זון — און אויך ר׳ חיים איטשע דער מלמד, וועלכער האָט זיך גערעכנט צווישן די עלטסטע חובבי ציון. אויסער זיי זענען דאָרט געווען אַ סך יוגנטלעכע און פֿרויען, אַלץ דאָס שענסטע און בעסטע פֿון דער גאַנצער ציוניסטישער משפּחה אין שטעטל...

פּלוצלינג האָב איך זיך אומגעקוקט און דערזען: די גאַנצע צייט האָט מיכאל שימי הורוויץ געשיקט זיינע בליקן אין יענעם ווינקל אַריין, ביים עק טיש, פֿון וואַנען עס האָט זיך צו אים געצויגן דער געשפּאַנטער בליק פֿון דער דאָקטאָרשע וויערע יאַקאָוולעוונאַ... זי איז געזעסן אַזוי ווי אַ צוגעשמידטע. איר דרייעקיק כּשופֿדיק פּנים איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף איר אָפֿענער האַנט. זי איז געווען איינגאַנצן אויג און אויער און רייצנדיק פֿאַרשטענדעניש, און האָט ווי אַ דורשטיקע געשלונגען זיין יעדעס וואָרט. דאַן האָב איך פֿאַרשטאַנען, פֿון וואַנען מיכאל האָט עס געשעפּט היינט אַזוי פֿיל צויבער פֿאַר זיין רעפֿעראַט און פֿאַר וועמען ער שפּרייט דאָ איצט אויס, פֿאַר אַלעמענס אויגן, זיין געבענטשטע שפֿע.

האָב איך געזען — און בין צעטומלט געוואָרן. האָב מוחל געווען — און האָב זייער גוט פֿאַרשטאַנען...

באַלד נאָך דעם איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. וויערא יאַקאָוולעוונאַס מאַן, ד״ר מאָיסעי אַבראַמאָוויטש איז מאָביליזירט געוואָרן. די חשובֿסטע לייט פֿון שטעטל האָבן זיך דאַן פֿאַרזאַמלט אויפֿן גרויסן הויף פֿון אַ שטאָטישן גביר — און מען האָט זיך פֿאָטאָגראַפֿירט צום געזעגענען, אַלס אייביקער אָנדענק. דאָס דאָזיקע בילד, פֿון אַלע פּני פֿון שטעטל מיט מאָיסעי אַבראַמאָוויטש און וויעראַ יאַקאָוולעוונאַ אין מיטן, איז טאַקע געבליבן ווי דער איינ־

ציקער קאָלעקטיוועט זכר נאָך דער אומגעבראַכטער הײם. נאָך הײַנט קען מען דאָס דאָזיקע בילד אָנטרעפן אין הײַזער פון אונדזערע שטעטלדיקע, וואָס זענען פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווײַטע לענדער. וויערא יאַקאָוולעוונאַ איז געבליבן אַלײן אין שטעטל, ווי אַ לעבעדיקע, טרויעריקע אלמנה. זי איז עפּעס ווי נאָך שענער געוואָרן, אָבער איר צויבער האָט זיך געהאַלטן ווײַט און אָפּגעשלאָסן אין אירע פאַראײַנזאַמטע צימערן. זי האָט באַשעפטיקט די פאַנטאַזיע פון אַ סך, בעת זי אַלײן איז געווען אַרײַנגעטאָן אין איר דערווײַטערטער וועלט. שפּעטער האָט מען זיך דערציילט וועגן אַ רוסישן אָפיציר, אַן אַלטער באַקאַנטער פון כאַרקאָוו, וואָס איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַרײַן, האָט געוווינט אינעם האָטעל בײַם וואָקזאַל און פלעגט זי קומען באַזוכן. דערנאָך איז דער אָפיציר באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. האָט מען געזאָגט, אַז דאָס האָט ער געטאָן צוליב איר. איז דאָס פאַר קײנעם קײן וווּנדער נישט געווען אָבער מען האָט ווייניק געשמועסט דערפון.

אין יענע יאָרן פון דער יאַפּאַנישער מלחמה, פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָבן אויפגעשפּראָצט די ערשטע אַרבעטער־פּאַרטײען בײַ אונדז אין שטעטל. און ס׳האָט זיך צעשפּילט אַ קאַמף צווישן די צדדים. די הויפּטמלחמה האָט זיך אָנגעהויבן צווישן אונדז און דעם „בונד". דאָס שלאַכטפעלד איז געווען דער ענין ביבליאָטעק. ווען די קריגערײַען זענען שוין גאָר שטאַרק געוואָרן — האָט מען געשפּאָלטן די ביבליאָטעק. די רוסישע ביכער זענען אַריבער צו „זײ" און די העברעישע זענען געבליבן „אונדזערע". אין שפּיץ פון דער רוסישער ביבליאָטעק האָבן זיך געשטעלט מײַנע עלטערע שוועסטער. זײ האָבן געהאַט צוהילף דעם רוסישן לערער, דעם סטודענט און דעם לאַנג־יעריקן עקסטערן, אָדער די סטודענטין פון באָברויסק. נעבן די הויפּטעסקנים פון דער העברעאישער ביבליאָטעק האָט זיך געקהלט דער העברעאישער לערער — און איך האָב אים צוגעהאָלפן. אָבער קײן „אײגענעם" סטודענט האָבן מיר נישט פאַרמאָגט. ערשט ווען די מחלוקת איז גאָר שטאַרק געוואָרן און ס׳איז געקומען די צײַט צו גרינדן די פּאַרטײ פּועלי ציון — האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט אונדזערס אַ רוסישן לערער. דאָס איז געווען אַן עילוישער עקסטערן — אַ יונגער טעאָרעטיקער און גלענצנדיקער רעדנער — וואָס איז געוואָרן דער מורה הוראה פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. נאָך אײדער ער האָט זיך באַזעצט בײַ אונדז איז ער שוין באַקאַנט געווען אין דער גאַנצער באַוועגונג מיט זײַנע שווערע מאמרים „וועגן דער סטאַטיק און דינאַמיק פון דער יידישערווירקלעכקייט", „וועגן דער סטאַטיק און דינאַמיק פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט" — וועלכע ער האָט געדרוקט אינעם ערנסטן ציוניסטישן חודש־זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן" וואָס איז דערשינען אין פּעטערבורג.

דער דאָזיקער לערער און רעדנער, מיט דער שוואַרצער טשופּרינע האָר און שײנע מאַניערן, איז אויך געווען אַ קרוב פונעם שטעטלדיקן נגיד — און דערפאַר האָבן מיר אים געקענט אַראָפּברענגען צו אונדז. ער האָט אונדז אויסגעטראָטן אַ וועג צו די רײַכע הײַזער און צו דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. ער האָט אַפילו באַוויזן אַרײַנצודרינגען ביז אינעם אײַנגעשלאָסענעם הויז פון וויערא יאַקאָוולעוונאַ. דאָס איז געווען אַ גרויסער אידעאַליסט און אַ מוסטערהאַפטער בעל־מידות. זײַן עקסטרעמע וועגעטאַרישקייט איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז ער האָט אונדז נישט געלאָזן אָנהענגען קײן פּאַפּיר וואָס כאַפּן פליגן אין אונדזער לאָקאַל, צוליב צער בעלי־חיים. ער איז געווען קלאָר אין מיכײַלאָווסקין און האָט זיך געקריגט פאַר מאַרקסן. איז געווען אַ באַליבטער רעדנער און אַ גרויסער מבין אויף רוסישער פּאָעזיע און בעלעטריסטיק. אַלײן אַ געבוירענער אין סמאָרגאָן, האָט ער אָבער באַהערשט אַלע ניואַנסן פון דער רוסישער שפּראַך ווי אַן אײגענער. זײַן שפּראַך, סײ אין פּריוואַטן באַנוץ און סײ בײַ רעפעראַטן, איז געווען רוסיש. העברעאיש האָט ער נישט געקענט. אידלסאָן, דער רעדאַקטאָר פון „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן", האָט אים פון דערווײַטנס צוגעגבן מוט און ער אַלײן האָט געטראַכט זיך צו פאַרמעסטן מיט זשאַבאָטינסקין, וועמענס שטערן ס׳האָט דאַן אָנגעהויבן אויפצוגײן. בײַטאָג האָט ער געגעבן לעקציעס די עקסטערנס און אין די אָוונטן האָט ער מיט אונדז געקנעלט די טעאָריע פון דער יונגער פּאַרטײ, אָדער געשריבן זײַנע אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען. זײַנע איבעריקע, פרײַע שעהן האָט ער פאַרבראַכט בײַ וויערא יאַקאָוולעוונאַן אין הויז, אָדער אין ווײַטע שפּאַצירן אין די אַרומיקע וועלדער.

ער האָט דאַן געגרינדעט בײַ אונדז די גרופּע „פּועלי ציון" און ער האָט איר דערבײַ געגעבן אַ גאָר־גרויסע מתנה: די מיטהילף פון וויערא יאַקאָוולעוונאַ. איר ערשטע אַקציע פאַר אונדז איז געווען געווידמעט דער ביבליאָטעק. זי האָט פאַר איר אָרגאַניזירט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אין יידיש. אויסגעקליבן האָט זי גאָלדפאַדנס „שולמית". די רעפּעטיציעס האָבן געדויערט אַ גאַנצן ווינטער און האָבן, מיט זײער בײקײט און שײנקייט, פאַרכאַפּט דאָס האַרץ פון אַלע מקורבים צווישן דער יוגנט, וועלכע האָבן געהאַט די זכיה צו זײַן אינעם רעפּעטיציע־זאַל, אָדער נאָענט צו אים. בעתן אײַנשטודירן די ראָלן האָט מען נישט געטאָרט אַרײַנגײן אין אונדזער לאָקאַל. אַזוי האָט וויערא יאַקאָוולעוונאַ באַפוילן. די שפּילער האָט זי אויסגעקליבן צווישן אונדזערע מיטגלידער און סימפּאַטיקער. זי אַלײן האָט געשפּילט די ראָל פון „שולמית". ביז הײַנט זינגט נאָך אין מײַן זכרון דער פּרעכטיקער צאָרן פון דער שײנער שולמית, וואָס איז אײַנגעהילט אין פאַרבענקטן טרויער נאָך איר יוגנט־פרײַנט, וואָס איז פון איר אַוועק... און זי טרײַבט דערפאַר פון זיך אײַנציקווײַז די אַלע וואָס קומען בעטן איר פאַרוווּנדעט האַרץ:

— אַוועק, אַוועק, אַוועק, אַוועק, אַ־ווע־־־ק!...

איר קינסטלערישע אונטערנעמונג האָט אונדז דאַן אַרויסגעפירט פון ענגן ווינקל און קאָנצענטרירט אַרום אונדז אַלע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געבענקט נאָך שײנקייט. אָבער דאָס איז נאָר געווען אַ פאָרשפּיל צו יענער גרויסער און אומגעריכטער הילף, וואָס זי האָט אונדז צוגעטראָגן מיט איר טאַלאַנט און חן בעת דער דעמאָלטיקער גרויסער אַנטשײדונג... דאָס איז געווען אין די שבועות־טעג. אונדזער פּאַרטײ האָט אײַנגעאָרדנט אַ געהײמע פאַרזאַמלונג אינעם זאַדוואָריער



**אַ מסיבה לכבוד זלמן שז"ר אין יאָר 1950**

זיצן פון רעכטס: מרים (מאניה) איסקולסקי (רובאשוב), רחל שז"ר, זלמן שז"ר, מרדכי מכטיי, זלטה מכטיי, חסיה בן משה, נח בורסוק; שטייען פון רעכטס: דב בן ירוחם, נחמה בורסוק, חנה ייכל, עזריאל טוניק, משה אסתרקין, יחזקאל בן משה, משה בורסוק, געצל רייסר, מלכה בן משה, עדנה בן משה, שמואל ליב אגינסקי, פאניע מכטיי, ד"ר ישראל מכטיי, זיין פרוי, פעסיע בן ירוחם, יוסף בן משה, נחמה רייסר, צבי בן משה, יוסף מכטיי.

וועלדל, הינטערן שטאָט. מען האָט אויסגעשטעלט „פּאַטרולן" איבער דער גאַנצער לענג פונעם וואַלד און זיי האָבן געדאַרפט ווייזן דעם וועג פאַר די אָנטיילנעמער. מיר האָבן דאַן דאָס ערשטע מאָל איינגעאָרדנט אין וואַלד אַ קינסטלעכע „דיסקוסיע", כדי איינצואיבן אונדזערע חברים אין פּאַרטייאישן קאַמף — זיי זאָלן וויסן „וואָס צו ענטפערן די קעגנער", וואָס האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. דער אינסצעניזאַטאָר דערפון איז געווען דער לערער. די ראָל פון אַ „בונדישן רעדנער" האָט ער מיר איבערגעגעבן. פאַר זיך האָט ער גענומען די ראָל פונעם אָפּענטפערער. איך האָב אָנגעזאַמלט די שטאַרקסטע אַנטי־ציוניסטישע אַרגומענטן. דאָס מאַטעריאַל האָב איך געשעפּט אין שטוב ביי מיינע שוועסטער, ביי זייערע חברטעס, לערער און געסט און אין דער בונדישער ליטעראַטור מיט וואָס איך האָב זיך אָנגעלייענט. פון דעם אַלעם האָב איך מיר אויסגעבויט אַ גאַנצן טעאָרעטישן בנין. ווי גרויס איז געווען דערנאָך מיין נצחון, ווען דער קלוגער לערער האָט מיט אַ געבילדעטער שפּראַך חרוב געמאַכט אַלע מיינע געביידעס, איינס און איינס — און עס איז פון זיי גאָרנישט געוואָרן. מיין גאַנצער טורעם איז פאַרנאַנדערגעפאַלן ווי אַ זייפן־בלאָז.

ביז גאָר דערמוטיקט פון אונדזער גערעכטן וועג און זיכער אין אונדזער אמת, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגיין אַלע צוזאַמען אין דער ערשטער דעמאָנסטראַציע — און זאָל דאָס גאַנצע שטעטל אונדז זען, מיט אונדזער גאַנצן כוח!

האָבן מיר גענומען שפּרייזן מיטן פאָן פאָרויס און מיט פולע הערצער געזאַנג. אָבער ווען מיר זענען צוגעקומען צום קליינעם בריקל איבערן קאַנאַל, האָבן אונדז די „פּאַטרולן" אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אויף דער צווייטער זייט וועלדל זענען אויך די „בונדישע" קעגנער אונדזערע אַרויס מיט אַ דעמאָנסטראַציע. און אויך זיי דערנענטערן זיך איצט צום שטעטל. און זיי זענען געווען פיל מער פון אונדז, ווייל זיי האָבן מיט זיך געהאַט די אַרבעטער, די רייכע קינדער און די בעסטע אינטעליגענץ. מיר האָבן קעגן זיי אויסגעזען אַ קליין הייפל — און דערצו נאָך אין דער מערהייט יוגנטלעכע. האָבן מיר זיך דערשראָקן אַז עס וועט אונדז קיין כבוד נישט צוקומען פונעם ערשטן באַווייזן זיך אין דער עפנטלעכקייט. אַפּנים אַז זיי האָבן זיך דערוווסט פונעם פּלאַן וואָס מיר גרייטן זיך צו טאָן, און דערפאַר האָבן זיי בכיוון איינגעאָרדנט דווקא איצט אַ קעגן־דעמאָנסטראַציע. דאָס ווילן זיי אונדז צונישט מאַכן דעם גאַנצן יום־טוב און באַווייזן פאַר אַלעמען ווי לעכערלעך־שוואַך מיר זענען...

קיין עצה, ווי אַזוי אויסצומיידן די מפּלה, איז אָבער שוין מער נישט געווען. מיר זענען אין רעכטן מיטן מאַרשירן. מיר האָבן שוין דערהערט פון דערווייטנס דעם אָפּהילך פון אונדזערע קעגנערס טריט און זייער הילכיק געזאַנג. ס'איז אומזיסט אונדזער מי: אונדזער בושה איז אַ זיכערע... האָט זיך פּלוצלינג אַרויסגעטיילט פון דער שורה וויעראַ יאַקאָווליעוונאַ. זי האָט אַ נעם געטאָן די פאָן פונעם יונגן חברס הענט און

מיט איר געשולטער און לויטערער שטים — וואָס האָט איינגענומען הערצער — האָט זי אָנגעהויבן זינגען די „שבועה״. און מיר נאָך איר. ווען די דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך דערנענטערט פון ביידע זייטן, האָט זיך איר קול געשטאַרקט איבער די קעגנערס. און ווען זי איז נעבן זיי פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי אויפסניי אָנגעהויבן איר ליד. זי אין דער שפּיץ און מיר נאָד איר. און דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אונדז, איבער דער גאַנצער לענג פון גאַס, ביז צו אונדזער לאָקאַל. האָט מען דאַן געזאָגט אין דער פּאַרטיי: די וואָגשאָל האָט זיך איבערגעוויגן לטובת אונדז... מיר האָבן מנצח געווען.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז מאָיסעי אַבראַמאָוויטש צוריקגעקומען. ער האָט גענומען וויעראַ יאַקאָווליעוונאַן מיט די צוויי קינדער — וואָס האָבן שוין באַוויזן אונטערצוּוואַקסן און באַליבט ווערן ביי אַלע פאַרערער פון זייער מוטער — און איז מיט זיי אַוועק גאָר ווייט; אַזש קיין טשיטאַ, אין סיביר. דאַן האָט ער אַוועקגענומען פון אונדזער שטעטל די פרייד פון איר פראַכט און דעם גלאַנץ פון איר יוגנט.

עס זאָגט זיך נאָר אַזוי: אַוועקגענומען... ס׳איז אָבער נישט אין גאַנצן אַזוי: דאָס ליכטיקייט, ביים דערמאָנען זיך אָן איר, לעבט ווייטער אין די הערצער פון אַלע אירע פאַרערער. און אינעם געשטאַלט פון יעדער שיינער פרוי, וואָס עס איז זיי ווען עס איז באַשערט צו טרעפן אויף זייער לעבנסוועג, וועלן זיי נישט אויפהערן צו זוכן די שפּורן פון יענעם שטראַלן־ליכט, וואָס האָט אויף זיי אַראָפּגעשיינט פון וויעראַ יאַקאָוולעוונאַן אינעם פרילינג פון זייער יוגנט.

...מיט גאַנצע פערציק יאָר שפּעטער האָב איך געטראָפן אין ארץ־ישראל אַן עלטערן ציוניסטישן פאַבריקאַנט וואָס איז געקומען פון יענעם ווייטן טשיטאַ. האָט זיך אין מיר אַנטוועקט דער חשק אים צו פרעגן אויף וויערא יאַקאָווליעוונאַן. ווי נאָר איך האָב מיין פראַגע אַרויסגעבראַכט אויף די ליפּן — האָט זיך זיין פּנים צעלויכטן. און פּלוצלינג האָט פון זיינע אַלטע אויגן צו מיר אַ שטראַל געטאָן עפּעס פון יענער ליכטיקייט, וואָס האָט אויף אונדז אַרויפגעשיינט דעמאָלט, אין יענע יאָרן, ווען דער פרימאָרגן פון אונדזער יוגנט האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן אויפגיין.



**צום אָפּפאָר פון דער משפחה דאַנציג קיין ארץ־ישראל**

זיצן פון רעכטס: אבא באגין, אברהם קנטאראוויץ, חיים אפשטיין, חיים־הירשל אָקון, משה באָגין, גרונע מירסקי, תנא דנציג, בערטא קיטאיעוויץ, פרוי גאָלדבערג, ליאון מירסקי.

2־טע שורה[1] אברהם רובינשטיין, יהושע וויינראך, וועלוויל טוניק, ליפא דאָרסקי, פריידקע יאָסעלעוויץ, אברהם־משה און מאַניע דנציג, היישע אפשטיין, רחל סאָראָצקין, ראָזע שולקין, פרוי ווינאָווער, יצחק ברוכנסקי.

3־טע שורה: אבא בערקאָוויץ, אברהם טוניק, עטל רובינשטיין, רבקה קאַנטאָראָוויץ, חיה שיינדל קומאָק, חיענקע סאַגאַלאָוויץ אברהם מירסקי, דינה סאָראָצקין, טוכמאַן, אלתר יאָסעלעוויץ, שמעון קיטיעוויץ, אומבאַקאַנט, אומבאַקאַנט, נתן ווינאָווער, סאָניע פראס.

# אומקום

## געצל רייסר / אין געטא און אין לאגער

פרייטיק דעם 27סטן יוני 1941, 2 בייטאָג, איז סטויבץ נאָך אַ שווערן קאַמף מיט די סאָוועטן, פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. די שיסערייען האָבן זיך אָנגעהויבן 8 אין דערפרי און 12 אַזייגער איז שוין די שטאָט געווען אין פלאַמען פייער.

די דייטשע טאַנקן זענען געפאָרן איבער די גאַסן, ווען פון ביידע זייטן האָבן געברענט די הייזער. אייניקע יידן זענען געשטאַנען און געגאָסן וואַסער אויף די קעלערס, ווו עס זענען געווען באַהאַלטן דאָס ביסל זאַכן, — ס'האָט זיך נאָך געדוכט, אַז מען וועט עס נאָך דאַרפן. פאַרנאַכט ווען דאָס פייער איז קלענער געוואָרן, האָט זיך געמערקט, אַז אויף יורזדיקע און שפּיטאַלנע, זענען געבליבן געציילטע הייזער. ווען ס'איז געוואָרן פינצטערער האָט יעדער אָנגעהויבן זוכן אַ ווינקל ווו דורכצושלאָפן די נאַכט, דערווייל האָט מען נאָך ניט געפילט קיין באַזונדערע שרעק פאַר די דייטשן, ווייל ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיך די טאַנקן גערוקט פאָרויס.



אומשולדיקע קינדער

פון רעכטס: רחל מאָצני, ישראל אינזעלבוך און צביה טוניק

זונטיק פרי, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן נעמען אונדז טיילווייז צו דער אַרבעט. אַ סך האָבן שוין פאַרזוכט זייערע ביטערע קלעפּ. קומענדיק צוריק פון דער אַרבעט האָבן מיר שוין געהערט די „גוטע" נייעס פון שפּיטאַלנע גאַס, ווו זיי האָבן אַרויסגעפירט אַרום 72 מענער, געשטעלט זיי צום וואַנט און דערשאָסן, פאַר די אויגן פון זייערע פרויען און קינדער. אין עטלעכע הייזער האָבן זיי אַריינגעוואָרפן גראַנאַטן און פאַרברענט די הייזער צוזאַמען מיט די מענטשן. די צאָל קרבנות פון דעם שוואַרצן זונטיק, האָט דערגרייכט העכער 200.

עטלעכע קרבנות פון דעם דאָזיקן זונטיק האָבן זיך געפונען מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן פאַראָרדנט צו אָפּרייניקן אַלע פלעצער פון די אָפּגעברענטע הייזער, האָט מען זיך אָנגעשטויסן אין אַ קאָטוך פון אַ אויוון אויף מענטשלעכע גלידער — פנימער און פאַרפוילטע הענט. חברה קדישא האָט עס צוזאַמענגעקליבן און געבראַכט צו קבורה אויפן בית־עלמין.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָבן די דייטשן פאַראָרדנט שאַפן אַ יודנראַט. די ערשטע מעלדונג צום יודנראַט איז געווען איינצופירן צוואַנגס־אַרבעט. מענער פון 15 ביז 60 יאָר און פרויען פון 17 ביז 55 זענען געווען פאַרפליכטעט צו אַרבעטן.

1400 יידן פלעגן אַרויס יעדן טאָג גאַנץ פרי צום אומשלאַגפּלאַץ, און פון דאָרטן צו דער אַרבעט. יעדערער האָט געהאַט אַ נומער פון אַ קליין פיר־קאַנטיק שטיקל קאַרדאָן. צו וועלכער הונדערטל ער געהערט, אַזוי האָט מען זיך יעדן פרי אויסגעשטעלט לויט די נומערן. יעדערער אויף זיין פּלאַץ.

דער זאָנדער־פירער פלעגט קומען אָפּקלייבן פאַכלייט באַזונדער, און שוואַרץ־אַרבעטער באַזונדער. צעטיילט זיי אין קאָלאָנעס און לויט דער פאָדערונג פון יעדן אַרבעטס־פּלאַץ צעשיקט גרופּן צו דער אַרבעט אונטער אַ וואַך פון דייטשן, אָדער קריסטלעכע באַאַמטע. פאַרן צעטיילן אונדז אין גרופּן פלעגט מען אונדז יעדן טאָג ציילן. אָט אַזוי זענען מיר יעדן טאָג געגאַנגען צו דער אַרבעט, אָבער קומען צוריק פון דער אַרבעט אַ גאַנצער, איז עס געווען אַ גרויסער נס. ניט איינמאָל צוריקגייענדיק פלעגט אונדזער מחנה ווערן ווייניקער.

איין טאָג, קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט מען אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, און אַרויסגעכאַפּט פון אונדז 87 מאַן (פון פרייע פּראָפעסיעס און אַנדערע אָנגעזעענע פּערזאָנען), אָנגעוויזן האָבן אויף זיי יונגע שקצים, וועלכע זענען געזעסן מיט אַ געסטאַפּאָ־מאַן אין אַ טעקסי.

אין געטאָ האָט מען גערעדט, דאָס מען האָט זיי אַוועקגעשיקט ערגעץ אויף אַרבעט. שפּעטער האָבן ווייבער דער־

ציילט, אַז אַ קריסט האָט פון זיי געבראַכט אַ גרוס, — זיי אַרבעטן אין אַ זייף־פאַבריק נעבן אָרשע, און בעטן מ׳זאָל זיי שיקן עסן.



גענוי האָט קיינער דאַן ניט געוווּסט ווו זיי זענען אַהינגעקומען. ערשט ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רעגנס, האָט מען זיך צופעליק אָנגעשטויסן אויף אַ גרוב נעבן אַקינציצער וואַלד. לויט די זאַכן האָט מען דערקענט חיים דוואָרעצקי, משה באָגין, הרב שלמה חרי, לייזער לייב שלייף און די איבעריקע, וועלכע זענען צוזאַמען דאַן דערשאָסן געוואָרן.

אַ צווייטער אומגליקס־פאַל האָט פאַסירט פרייטיק פאַר ראש השנה תש״ב. פלוצלינג 10 אַזייגער אין דער פרי, איז געמאָלדן געוואָרן אויף אַלע אַרבעטס־פּלעצער, אַז אַלע מוזן זיך זאָפאָרט שטעלן צום אומשלאַג־פּלאַץ. אַלע זענען געקומען, זיך אויסגעשטעלט יעדערער אין זיין הונדערטל. דער זאָנדער־פירער איז אָנגעקומען מיט 20 דייטשן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן.

ער האָט אָנגעהויבן אויסרופן לויט די נומערן ווער עס זאָל אַרויס פון די רייען. ער האָט אָפּגעקליבן בערך 18 מאַן, צוגעגעבן צו זיי נאָך 2, וועלכע זענען געזעסן אין טורמע. די 20 מאַן זענען אָפּגעפירט און דערשאָסן געוואָרן אויפן בית עלמין, ווו אונדזערע אַרבעטער האָבן פאַר זיי צוגעגרייט גריבער.

האַרצרייסנדע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט, ווען די דאָזיקע 20 מאַן האָבן מאַרשירט פאַרביי זייערע היימען, און האָבן זיך געזעגנט מיט די עלטערן, ברידער, שוועסטער, פריינד און שכנים. אַן ענלעכע סצענע, האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף יורזדיקע גאַס, ווו ס׳איז פאַרביי געגאַנגען רחל ברודקענסקי, יהושע דעם בעל־עגלהס אַ טעכטערל פון 18 יאָר, אַ געראָטענע און אַ שיינע.

צווישן די 20 מאַן זענען געווען סטויבצער: שלמה הרכביס טאָכטער מיטן מאַן, די אויבן דערמאָנטע רחל ברודקאַנסקי, בנימין ברוכאַנסקי (מיכאלס), נח בערנשטיין מאַטע דעם אָדעסערס, מאַשע טוב, דוד מאַטע רייַנעס, אברהם טריבוך, יהושע אינזלבוך (בערל שאָשעס) און פיל פון די פּליטים (בעזשענצעס), וועלכע זענען אַריינגעפאָרן קיין סטויבץ.

הרכביס איידעם יצחק וינריב, האָט געאַרבעט אין דער קאָמענדאַטור און געווען גוט באַקאַנט מיט עטלעכע פון די הויפּט רוצחים, האָט ער געבעטן רחמים אויף זיין פרוי. ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן, איז ער פרייוויליק צוגעשטאַנען צו זיין פרוי און אומגעקומען איבערלאָזנדיק אַ צוויי־יעריקן יתום.

זיסל רודיצקי, אלי (עליע), יאָסל בערס, שאול מעקלער זיין שוואָגער, און בערעלע טוניק, שלום יאָשקע דעם קצבס. אָט דער גרופּע האָט די קאָמענדאַטור געשיקט אויף אַ פעלד אויסגראָבן קאַרטאָפל פאַר דער קאָמענדאַטור. יעדערן פון זיי האָט זיך פאַרגלוסט נעמען צו עטלעכע קאַרטאָפל און ברענגען אַהיים, צו שטילן דעם הונגער.

דאָס האָט באַמערקט דער דייטש. אויף אַ מעלדונג פון זייער שומר אין קאָמענדאַטור, איז אַראָפּגעקומען דער גזלן רייכל, און האָט פאַראָרדנט אַרעסטירן זיי. די ידיעה איז בליץ שנעל דערגאַנגען צום יודנראַט, גלייכצייטיק צו נחמה טוניק, בערעלעס שוועסטער, וואָס האָט געאַרבעט אויפן וואַקזאַל ביי די דייטשע לופט־מיליטער. לויט איר בקשה איז גלייך געקומען צו לויפן אַ הויכער אָפיצער אין קאָמענדאַנטור בעטן צו באַפרייען זיי. מ׳האָט אים פאַראָרדנט לויפן צום אָרט וווהין מען האָט זיי אַוועקגעפירט שיסן. ער איז אָבער געקומען צום גרוב 5 מינוט צו שפּעט.

דער יודנראַט האָט אויך פּרובירט אינטערווענירן וועגן די דריי אין קאָמענדאנטור, דערפאַר האָט מען אַרעסטירט דעם גאַנצן יודנראַט אויף 24 שעה. דעם פּרעזעס וויטנברג, וויצע פּרעזעס ירמיהו פראס, די מיטגלידער: זאב טוניק, תנחום שולקין, אלתר יאסעלעוויטש, יהושע וויינריך, בערל משה רייסר, לייבע קומאַק.

במשך 24 שעה, האָט מען זיי 3 מאָל געטריבן פון איין קעלער אין צווייטן. אין קאָרידאָר זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט 2 רייען גזלנים, און האָבן זיי מערדערלעך געשלאָגן מיט גומענע שטעקנס. מען האָט פּרובירט אינטערווענירן ביים בירגערמייסטער וואַנע אָוודזיי, דער האָט צוגעזאָגט הייליק, אַז לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס ער האָט באַקומען פון קאָמענדאַנטור, גאַראַנטירט ער, אַז נאָך 24 שעה באַפרייט מען זיי. צו מאָרגנס האָט מען זיי טאַקע באַפרייט.

קומענדיק פון דאָרטן צעשלאָגענע און קראַנקע, האָבן זיי געמוזט זיך צוריקשטעלן צו זייער אַרבעט גאַנץ פרי. דאָס וואָס מ׳האָט זיי דאָרטן געפייניקט, האָט געדאַרפט בלייבן אַ סוד.

הערשל ראַדונסקי, שמערל דעם שמשס אַן אייניקל, האָט געאַרבעט ביי די לופט־פליער. ער האָט זיך אין עפּעס פאַרזינדיקט, האָבן די מערדער אים באַפעלן אויסגראָבן פאַר זיך אַ גרוב נעבן פענצטער. דורך אַ נס, האָט ער זיך דאַן געראַטעוועט.

אין דער צייט האָבן מיר זיך דערוווּסט פון שווערזנע, אַז דאָרטן האָבן די מערדער אויסגעקליבן 30 מענטשן צוזאַמען מיטן רב און דערשאָסן זיי (מיט דער טענה פון סאַבאָטאַזש). דערווייל זענען אָנגעקומען טרויעריקע גרוסן, אַז אין טורעץ איז שוין געווען אַ שחיטה. אייניקע האָבן זיי אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט אין שווערזנער טאַרטאַק.

פאַר פסח האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז שושן־פּורים איז אין

באַראַנאָוויטש פאָרגעקומען אַ שחיטה. 4000 יידן פון די 12000 באַראַנאָוויטשער איינוווינער זענען דערשאָסן געוואָרן.

ביי אונדז זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע ווערסיעס. מען האָט געזאָגט, אַז די צרה וועט אונדז אויך ניט אויסמיידן, אַ גרויסער טייל פאַרנאַרישטע און הילפסלאָזע יידן האָבן זיך געטרייסט. אַנדערע פלעגן דערציילן, וואָס זיי האָבן געהערט פון די דייטשן אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער, אַז אין סטויבץ קען קיינמאָל אַזעלכעס ניט פאָרקומען, ווייל דאָ גייען דאָך כמעט אַלע צו דער אַרבעט. און אַרבעט איז אַ סך. מיר זענען נוצלעכע יידן, האָבן מיר גאָר גרויסע פאַרדינסטן צו איבערלעבן די מלחמה.

דערווייל דאַרף מען זיך גרייטן צו פּסח. דער עולם באַקט מצה ביי שאשע אגינסקי אין שטוב. ביי איר איז דאָך געווען דער אויוון צו באַקן מצה, פון יאָר צו יאָר. נעבן איר שטוב האָט מען אויפגעשטעלט אַ טויער צום געטאָ. מען האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן שליסן דעם געטאָ.

דער געטאָ איז באַשטימט געוואָרן פון געלן קלויסטער, לענג אויס יורזדיקע גאַס און די רעכטע זייט פון פּאָטשטאָווע גאַס. די פּאָטשטאָווע גאַס אין דער לענג איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכיקן דראָט. ביים טראָטואַר פון רעכטן זייט, און דער מיטן גאַס איז געבליבן פריי פאַרן פאַרקער, אָבער יידער ניט פאַר אונדז יידן, צו אונדז האָט געהערט דאָס זאַמדיקע געסל די פאָרזעצונג פון יורזדיקע ביז נאָך יעקב ליבס קוזניע.

דערווייל איז מען פאַרטומלט געווען מיט צוגרייטן דירות פון שטעלכלעך, אַנדערע האָבן אויפגעשטעלט באַראַקעס.

ד״ר יחזקאל סירקין און וועלוול דעם פּאַראַמניקס משפּחה האָבן פאַרנומען אַלס דירה יעקב לייבס אַלטע קוזניע.

וועלוול מיט זיין זון ראובן זענען שוין געווען טויט נאָך אַ איבערפאַל פון לאַטישן. אלתר דער לערער האָט געבויט אַ נייעם באַראַק, נעבן דער קוזניע. אַזוי זענען אַלע געווען באַשעפטיקט מיט אַכטונג געבן אויף די בעלי־מלאכהס, מאַכן בעסער די אויוונס, די פּליטעס, יעדערער האָט געפּלאַנעוועט מאַכן אַ בונקער, אַ שטיקל באַהעלטעניש אונטערן אויוון, אָדער סתם אַ באַהאַלטענעם קעלער, יעדערער פאַר זיין משפּחה, טאָמער חלילה, זאָל מען האָבן ווו צו באַהאַלטן זיך.

טראָץ דעם וואָס דאָס לעבן אין געטאָ איז מאַטעריעל געווען שווער, האָט מען געזען פאַרנאַכט שפּאַצירנדע יונגע פּאָרלעך. שבת איז אַ טייל געגאַנגען דאַוונען. זונטיק האָט מען ניט געאַרבעט פאַר די דייטשן, האָט מען פרייוויליק געאַרבעט פאַרן געברויך פון געטאָ. דער יודנראַט, האָט געבויט לויט אַ דערלויבעניש פון קאָמענדאַנטור אַ 2 שטאָקיקע הויז אין געטאָ. נאָך אַ הויז איז געבויט געוואָרן פון די אַלטע איבערגעבליבענע ציגל, פון די אָפּגעברענטע הייזער, אין דער פאָרם פון אַ לאַנגע זעמלאַנקע, אין מיטן אַ קאָרידאָר מיט פיל קליינע צימערלעך.

אין יעדער צימערל אַ משפּחה, מיט אַ באַזונדערן אויוון צום קאָכן. די ווייבער פלעגן זיך קריגן אין שותּפותן קאָרידאָר. די קינדערלעך האָבן זיך געשלאָגן איינער מיטן צווייטן.

די עלטערן זענען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין די קריגערייען.

דער דראַנג צו וועלן לעבן איז געווען אַ שטאַרקער, עס האָבן זיך ניט געהערט קיין פּרוּוון פון זעלבסטמאָרד. די פאַרשקלאַפונג איז געווען גרויס. די קאַלטמעסיקייט און אויסגעפלאַנירטע צוריקגעהאַלטנקייט פון די דייטשן האָבן ניט געלאָזן גלויבן אין שלעכטס, ווייל יעדערער פלעגט זיך טראַכטן אַז ס׳קאָן שוין ניט זיין ערגער ווי דאָס איצטיקע. און אפשר פאַר דעם פּרייז פון נויט און פּיין, ווען זיי ראַטעווען זייערע לעבנס, און צו דעם פלעגט נאָך דערגיין אַ טרייסט־וואָרט פון שטעטלדיקן רב ר׳ יהושע ליבערמאַן זצ״ל. זייענדיק פאַרשקלאַפט ביי דער אַרבעט, און די צוגעבונדקייט צו דער משפּחה, האָט זיך קיינעם ניט געוואָלט לאָזן אויפן געדאַנק קיין שלעכטס. אייניקע האָבן געוווסט, אַז עס איז דאָ אַ הייפל יוגנט, וואָס פאַרנעמט זיך אין געהיימעניש מיט פאַרשיידענע פּלענער. זיי גרייטן אַפילו אין באַהעלטעניש געווער צו אַן אויפשטאַנד, אָדער זיי גרייטן זיך צו אַנטלויפן אין וואַלד. פון פּאַרטיזאַנער, האָט מען נאָך דאַן כמעט ניט געהערט, אפשר האָבן שוין אייניקע עפּעס יאָ געוווסט פון דעם.

פּלוצלינג האָט זיך אָנגערוקט דער 26סטער אויגוסט 1942.

2 אַזייגער נאָך מיטאָג, איז בליץ שנעל געמאָלדן געוואָרן דורכן יודנראַט, אויף אַלע אַרבעטס פּלעצער, אַז אַלע מוזן זיך גלייך שטעלן אין געטאָ. עס איז געוואָרן טומלדיק, יעדערער לויפט פרעגן אין יודנראַט. זיי אַליין זענען אויך געווען צעשראָקענע. עס דויערט ניט לאַנג, אַלע שטייען שוין אויסגעשטעלט אין 4 רייען. דער זאָנדער־פירער גיט אַ האַלבע שעה צייט צו נעמען אַ פּעקל. — מיר פאָרן אויף אַרבעט ניט מער ווי אויף 6 וואָכן. אָפּגעציילט 500 מענער, און גלייך דאַרף מען אָפּמאַרשירן צום וואָקזאַל. מיר ווערן צעטיילט אויף 2 גרופּעס, 270 מאַן קיין באַראַנאָוויטש, 230 קיין מינסק. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין באַראַנאָוויטש. מיר האָבן איבערגעשלאָפן די נאַכט אין פאַלעסקער וואַקזאַל ווו עס איז אַמאָל געווען דער בופעט.

מאָרגן פרי, ס׳קומט אַ דייטש אָנגעטאָן אין געסטאַפּאָקליידער. ער קלייבט אָפּ 30 פאַכלייט: טישלער, מולאַרעס, טשעסלערעס און ער פירט אונדז אָפּ אויף פּאָטשטאָווע גאַס, אין דינסטשטעלע פון ס. ד. דאָ ווערן מיר אויסגעשטעלט, און ווידער אַמאָל סאָרטירט, 9 מאַן לאָזן זיי איבער דאָ אין דינסטשטעלע, די איבעריקע 21 מאַן ווערן אָפּגעשיקט קיין קאָלדיצעווא.

עס הויבט זיך אָן אַ נייע קאַפּיטל פון סטויבצער אין באַראַנאָוויטש. מיר זענען נאָך גרינע און בלייבן וואַרטן ביז פרישטיק, דאַן וועלן מיר באַקומען אַ באַפעל, ווו און וואָס צו טאָן.

דערווייל ביי פרישטיק טרעפן מיר זיך מיט יידן פון באַראַנאָוויטש, לעכעוויטש, מעיטשעט, האָרעדישטש.

מיר הערן פון זיי, דאָס אויך ביי זיי איז ענלעכעס פאָרגעקומען. צו ערשט האָט מען צוגענומען די מענער, און דערנאָך צעשאָסן די ווייבער, קינדער און אַלטע לייט. מיר פאַרשטייען, אַז ס׳איז ניט קיין גוטער סימן. אָבער עס לאָזט זיך

פאָרט ניט גלויבן. און אַזוי ווי מיר זענען נאָך דאָ געסט און פרעמדע, טראַכט מען איבערהויפּט פון גאָרנישט.

דעם ערשטן טאָג נאָך דער אַרבעט פירט מען אָפּ אונדזערע 9 מאַן אין באַראַנאָוויטשער געטאָ. דער יודנראַט בראש מיט מוליע יאַנקעלעוויטש, באַשטימען פאַר אונדז אַן אָרט צום שלאָפן, אין פּראָוויאַנט ביוראָ, קעגנאיבער דעם יודנראַט, האַרט ביים טויער אויף סאַדאָווע גאַס. פון דאַנען גייען מיר צוזאַמען מיט די באַראַנאָוויטשער יידן צו 4 אין אַ ריי צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט באַוואַכט דורך אַ פּאַטרול פון געסטאַפּאָ.

דערווייל דערוויסן מיר זיך פּרטים פון דער ערשטער שחיטה, וואָס איז פאָרגעקומען שושן פורים אין באַראַנאָוויטש.

אויפן 3־טן טאָג נאָך אונדזער אָנקומען קיין באַראַנאָוויטש, דעם 29סטן אויגוסט 1942, ווערן אַרומגערינגלט די קאָלאָנעס אַרויסמאַרשירנדיק צו דער אַרבעט, און בערך 700 מאַן ווערן אַוועקגעשיקט קיין מאַלאַדעצ׳נע. ביי דער אַקציע שפּילן זיך אָפּ האַרצרייסנדע סצענעס. איין מיידל ווערט דערשאָסן אין מיטן גאַס, פאַר וועלן אַרויסטרעטן פון די רייען. אָפּאַרבעטנדיק עטלעכע וואָכן, פאַרבענקט זיך אונדז צו זען זיך מיט אונדזערע ברידער 240 סטויבצער, וואָס אַרבעטן אין א. ט. (אָרגאַניזאַציאָן טאָד לאַגער) אויפן פאַלעסקער וואַקזאַל.

פאַר אונדזער פלייסיקער פּאַכמענישער אַרבעט, באַקומען מיר אַ דערלויבעניש פון אונדזער הויפּט־שעף צו גיין זען זיך מיט זיי. ער גיט אונדז איבער די לעצטע פאַראָרדענונג: אויסשטעלן זיך צו 3 אין דריי רייען, און מאַרשירן גלייך האַרט ביים טראַטואַר. מיר זענען געקומען, געזען זיך מיט אַלעמען, און צוריקגעמאַרשירט אין בעסטן אָרדענונג אָן קיין פּאַטרולן. אין א. ט. לאַגער האָבן מיר געטראָפן נאָך אַ גרופּע סטויבצער פון 80 מענער, וועלכע מען האָט געבראַכט פון סטויבצ, דעם 11־טן סעפּטעמבער 1942, ערב ראש השנה תש״ג.

דערווייל דערוויסן מיר זיך וועגן אַ ווידערשטאַנד־טעטיקייט וואָס אָרגאַניזירט זיך אין באַראַנאָוויטשער געטאָ. די אַרבעטער קאָלאָנעס קומענדיק צוריק פון דער אַרבעט, שמוגלען אַריין געווער. ניט איין מאָל זענען די קאָלאָנעס שטרענג אונטערזוכט געוואָרן, ביים אומקערן זיך פון דער אַרבעט אין געטאָ. דער יודנראַט, האָט באַשלאָסן צו בויען אַ בעקעריי אויף ארלע גאַס, אין אַ ניט פאַרענדיקט גרויס הויז.

צו דעם צוועק ווענדעט זיך דאַן דער יודנראַט צום שעף פון ס. ד. אויסצולייען 2 ספּעציאַליסטן אויף צו פאַרענדיקן די בעקעריי. דער צוועק פון בויען די בעקעריי איז געווען: ערשטנס, אונטערן אויוון איז צוגעגרייט געוואָרן אַ גרויסער בונקער, פאַר מאַשין־געווער; צווייטנס, מיטן אַריינפירן מעל אין געטאָ, אַנשטאָט פאַרטיק ברויט, וועט ווערן לייכטער אַריינשמוגלען מער געווער אין געטאָ.

די אַלע פּלענער, האָט צעשטערט דער 22סטער סעפּטעמבער 1942, דער טאָג פון דער צווייטער שחיטה, אין באַראַנאָוויטש, וועלכע איז פאָרגעקומען פּינקטלעך צו מאָרגנס נאָך יום כפור. אַ וואָך צייט, האָט געדויערט די בלוט־באָד, 2 טעג שפּעטער האָבן מיר זיך דערוויסט, אַז י״ב תשרי תש״ג, דעם 23סטן סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אין סטויבצ די ערשטע שחיטה, ווו מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזערע טייערסטע און בעסטע.

דעם ערשטן טאָג סוכות, האָט מען פאַרקלענערט דעם באַראַנאָוויטשער געטאָ. נאָכן אַרבעטס טאָג, האָט מען אַריינגעפירט די רעשטלעך יידן צוריק אין געטאָ אויף פּאָצ׳טאָווע גאַס. צו מאָרגנס זונטיק, איז מען צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. דער וועטער איז געווען אַ שיינער און ביי די לעבנגעבליבענע איז דער לוסט צום לעבן שטאַרקער געוואָרן אין די ערגסטע מאָמענטן.

פון די קוימענס אין געטאָ גייט ווידער אַ רויך. ווייבער שיילן קאַרטאָפל, מ׳באַקט לאַטקעס, די יוגנט גייט ווידער שפּאַצירן אין גאַס, די שטימונג איז געווען אַ ביסל בעסער. מאָרגן פרי, זענען אַלע שוין געשטאַנען ווידער ביים טויער גרייט אין די רייען. עס האָט זיך געמערקט ווי פיל קאָלאָנעס ווערן אויפגעלייזט.

די וויכטיקערע קאָלאָנעס צוזאַמען מיט ס. ד. מאַרשירן אָפּ צו דער אַרבעט. די איבערגעבליבענע רעשטלעך טוליען זיך איינע צו די צווייטע. מ׳פּרובירט אַריינשמוגלען זיך אין די אָפּגייענדע רייען, אָבער צוועקלאָז, זיי ווערן צוריקגעטריבן אונטער אַ האָגל פון גומענס און שטעקנס.

אין דעם מאָמענט קומט אַ מאַן פון געביטס־קאָמיסאַר, און בעט די אַלע רעשטלעך, אויסצושטעלן זיך צו 4, עס ווערט אַ געדראַנג, אַלע שפּאַרן זיך צו זיין פון די ערשטע, דאָ זענען 70% פרויען. ער ציילט אָפּ 300 מאַן, מ׳גייט אַרויס פון טויער.

גלייך הויבט זיך אָן די אויסמאָרדונג פון עלטערע און קינדער. ס׳ווערן אויסגעמאָרדעט בערך 600 מענטשן, צווישן זיי עלטערע מענער, פרויען און קינדער. ווען מיר זענען צוריק געקומען פאַרנאַכט אין געטאָ, איז ווידער געווען שאַ שטיל, ווי קיינמאָל איז גאָרנישט געשען. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און דער הויפּט־תלין, אמעלונג, ימח שמו, גרייטנדיק זיינע פּלענער צו פאָרן אַהיים אויף אורלוב אין ענדע דעצעמבער, האָט ער געוואָלט פאַרטיק ווערן מיטן באַראַנאָוויטשער געטאָ.

דעם 17טן דעצעמבער גאַנץ פרי טומלט זיך ווידער אין געטאָ. אַנדערע לויפן שוין צו די דראָטן. דער געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי, עס פאַלן די ערשטע שאָסן, און עס ליגן שוין די ערשטע קרבנות. די קאָלאָנעס ביים טויער ווערן סאָרטירט, בעסערע פאַכלייט לאָזן זיי נאָך איבער און ווערן אָפּגעפירט אין די וואַרשטאַטן. באַראַנאָוויטש בלייבט יידן־ריין.

צומאָרגנס לייענט מען דאָס אויף די פּלאַקאַטן אין גאַנצן שטאָט. פאַקטיש בלייבן אין באַראַנאָוויטשער קרייז נאָך 800 יידן, אָבער זיי בלייבן פאַרשפּאַרט נעבן זייערע אַרבעטס־פּלעצער, טאָג און נאַכט. בערך 200 יידן, דאָס רוב פרייע פּראָפעסיעס, זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין גיהנום ק. צ. קאָלדיצעוואָ. דאָס איז אַ גוט, 17 קילאָמעטער פון באַראַנאָוויטש, דאָרטן האָבן זיך געפונען 21 סטויבצער. און שפּעטער, האָט מען געבראַכט אַהין נאָך אַביסל פאַכלייט פון סטויבצ. דאָרטן זענען די יידן אויסגעשטעלט געווען אויף אַ הונגער טויט. יעדע וואָך פלעגן שטאַרבן דאָרטן אַ מנין יידן.

די קאָלאָנע ס. ד. האָט געציילט 113 יידן, מ׳האָט זיי אַריינגעזעצט אין דעם הויז פון דער פריש עקסמיסירטער באַראַנאָװעסע אויף פּאָטשטאָווע גאַס, אַנטקעגן איבער די וואַרשטאַטן, כדי עס זאָל זיין באַקוועמער צו היטן. דאָרטן זענען מיר געזעסן 10 מאָנאַטן.

דערווייל זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז די גרופּע פון 250 יידן אין פעלדבוי לייטונג, האָט מען שוין ליקווידירט.

אונדזער עלטסטער גאָלדבערג ז״ל, האָט צוגעגרייט פאַר אונדז אַ פּלאַן צו אַנטלויפן. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט שטאָטישע קריסטן און מיט פּאַרטיזאַנער, כמעט יעדן טאָג פלעגט ער פאָרן אין שטאָט. ער האָט שוין געהאַט פיל געלעגנהייטן צו אַנטלויפן אין וואַלד, אָבער ער האָט געוואָלט אַרויספירן אונדז אַלעמען צוזאַמען. שטענדיק, האָט ער געטענהט, אַז דער וועג איז אַ געזיכערטער. ער האָט שוין אַפילו באַשטעלט 4 גויים וועג־ווייזערס, דאָס דאַרף קאָסטן אַ האַלבן מיליאָן רובל.

געלט פאַר דעם דאָזיקן צוועק, פלעגט ער זאָגן — האָט ער. נאָר מ׳זאָל זיך האַלטן געאייניקט. דערווייל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ביי אונדז זענען דאָ 2 חברים, פאַר וועמען מ׳דאַרף זיך היטן. די דייטשן האָבן אויסגעפונען אַ ספק אין זייער יידישער אָנגעהעריקייט, און אַ לאַדע טאָג קען מען זיי באַפרייען. מיר האָבן אָנגעהויבן אויסצובאַהאַלטן פון זיי אונדזער טעטיקייט. פון דער צווייטער זייט, האָט זיך געשאַפן אַ יוגנט גרופּע, וועלכע האָט געקליבן געווער, געלאָזן זיך אויף פאַרשיידענע קאָמפּליצירטע אַוואַנטורעס, אָבער זיי איז געלונגען צו דעראָבערן אַביסל כלי־זין.

קיין פרישע שותפים האָבן זיי ניט געוואָלט צונעמען, זיי האָבן אָפּגעהאַלטן געהיימע זיצונגען. און יעדע מינוט זענען זיי גרייט געווען צו אַנטלויפן. גאָלדבערג, האָט פּרובירט מיט זיי אונטערהאַנדלען, אָבער זיי האָבן געלייקנט שטיין און ביין. אַלץ איז געווען צוועקלאָז.

די לעצטע טעג פון אָקטאָבער 1943 האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה אַז דאָס לעצטע ביסל יידן פון א. ט. פירט מען קיין קאָלדיצעווע, דאָרטן האָבן זיך געפונען 240 סטויבצער און אַ ביסל באַראַנאָוויטשער. אין די אויטאָס, וואָס מען האָט געפירט די יידן קיין קאָלדיצעווע, האָט מען אויף צוריקוועגס (פון קאָלדיצעווע) געבראַכט טאָרף צום הייצן. אויסצולאָדן דעם טאָרף, האָט מען גענומען אונדזערע אַרבעטער, די האָבן שוין דערציילט גענוי, דאָס זיי האָבן געפונען אין אויטאָ פאָטאָגראַפיעס פון סטויבצער פאַמיליעס.

אין קאָלדיצעווע, האָט מען צו דעם צוועק אויפגעשטעלט אַן אויוון, געהייצט מיט שטרוי און די יידן געטריבן אין אויוון אַריין און פאַרברענט זיי.

דערהערנדיק די שוידערלעכע ידיעה, האָט זיך געטומלט ביי אונדז. וואָס טוט מען?

גאָלדבערג האָט גערופן אַ באַראַטונג פון 7, צו באַשליסן וואָס צו טאָן. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אין קומענדיקן זונטיק, 7טן נאָוועמבער פאַרנאַכט, מוזן מיר אַנטלויפן. יעדן טאָג קומענדיק פון שטאָט, פלעגט ער אונדז אָפּגעבן אַ באַריכט, אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג. 4 פּראָוואָדניקעס, (וועגווייזער) האָט ער שוין. דעם פינפטן דאַרף באַשטעלן אַ חבר פון דער אָרגאַניזירטער יוגנט. דינסטיק איז דער חבר אַוועקגעפאָרן אין שטאָט, און געקומען צוריק אַ צופרידענער. אַלץ איז אין אָרדענונג. דערווייל מיטאָג צייט, האָבן זיך די יונגע חברה מישב געווען, אַז ביז זונטיק איז צו שפּעט צו וואַרטן. און דאָס דאַרף געשען תיכף, דעם 3 נאָוועמבער, ניט וואַרטנדיק ביז אַלע וועלן צוריקומען פון דער אַרבעט. זענען די ערשטע אַוועק, ווי נאָר עס האָט אָנגעפאַנגען טונקעלער ווערן פאַר נאַכט.

עס איז געוואָרן טומלדיק, אַ ריידעריי: נח איז אַוועק, זלמן, הלל, פעלע, סאווע, חנה, זאטורנסקי מיט דער פרוי און אַ 6 יאָריק קינד.

אונדזערער אַ קוריער איז געלאָפן אָנזאָגן אין די וואַרשטאַטן, און אויך פון דאָרטן זענען עטלעכע אַנטלאָפן. דאָרטן איז געוואָרן אַ טומל, מ׳האָט אויפגעהערט אַרבעטן. ס׳איז אַריין אַ דייטש און ער איז איבערראַשט געוואָרן. ס׳זענען אַרומגערינגלט געוואָרן די וואַרשטאַטן צוזאַמען מיט אונדזער וווינונגס־הויז קעגנאיבערן גאַס, דורך אַ שטרענגער וואַך פון ווייס־רוסישע פּאָליציי. די געבראַכטע פון די וואַרשטאַטן זענען שטאַרק געשלאָגן געוואָרן. גלייך איז אָנגעקומען דער הויפּט גזלן מיט זיין סוויטע און אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג זיך אויסשטעלן אין 2 רייען, געשריען האָט ער: „איר ווילט לויפן צו די פּאַרטיזאַנער, איר ווילט אַליין ווערן פּאַרטיזאַנער, אַזעלכע שווינעריייען".

ער האָט אונדז איבערגעציילט. געבליבן זענען 77, 36 זענען אַנטלאָפן. זיין פּסק־דין איז געווען, שיקן אַלעמען מאָרגן קיין קאָלדיצעווא.

נאָך זיין אַוועקגיין איז געוואָרן אַ טומל און ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ געוויין. וואָס קאָלדיצעווע איז, האָבן שוין אַלע געהערט. „ס׳איז בעסער דאָ דער טויט, איידער צו לעבן אין קאָלדיצעווע".

די וואַך פון דרויסן, האָט שטרענג געמאָלדן: שלאָפן גיין. מ׳איז געלעגן אין די בעטן, און גערעדט שטילערהייט. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז מען פירט אונדז אַהין „פּטרן". אַנדערע, ווידער האָבן געזאָגט, אַז דאָרטן וועט זיין אַ סאָרטיראָווקע.

אַלזאָ די נאַכט איז געווען אַ שלאָפלאָזע און אַ געזעגענונגס־נאַכט.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי זענען שוין אַלע געווען אָנגעטאָן, מען האָט געוואַרט, ניט וויסנדיק אויף וואָס. אייניקע האָבן געקוקט אין די פענצטער מיט שרעק, צי עס קומען ניט קיין אויטאָס צו פירן אונדז אין די באַראַנאָוויטשער גריבער. אַרום 8 פרי, איז געקומען גאַנץ געלאַסן איינער פון די גזלנים. ער האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע פאַכמענער גייען אין די וואַרשטאַטן אויפפּאַקן די ווערקצייג, פאַרבערייטן זיך, ווייל נאָך מיטאָג פאָרן מיר קיין קאָלדיצעווע. די ניט פאַכמענער בלייבן דאָ אין הויז. — ווידער אַ שרעק.

די לעצטע האָבן מורא, זיי זאָלן ניט פאַררעכנט ווערן אַלס אומנוצלעכע און מען וועט זיי אַלעמען אויסשיסן.

אייניקע האָבן זיך פאַרמאַסטן באַגיין זעלבסטמאָרד. די איינציקע זאַך וואָס מ׳האָט געקענט דערווייזן איז אַרויפגיין

אויפן בוידעם און אויפהענגען זיך. איך האָב זיך באַטראַכט צי וועל איך קענען באַגיין אַזאַ טאַט. ניין. איך האָב זיך באַהערשט און געפילט, אַז איך וועל דאָס ניט קענען אויספירן. בין איך געוואָרן צוריק האָפענונגס־פול ווי שטענדיק. אויב מיין גורל איז אומקומען, וויל איך פאַרזוכן דעם טעם גלייך מיט מיינע טייערסטע און בעסטע.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון די וואַרשטאַטן, אַז שמחה דער סטאָלער, האָט זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז מיט אַ מעסער. ער האָט שוין געוווּסט דעם טעם פון קאַלדיצעווע. 45 מינוט, האָט ער זיך געמאַטערט, אַז עס איז אַ שרעק געווען צו קוקן, ביז מ׳האָט געפועלט ביים הויפט תלין, ער זאָל אים דערשיסן, כדי צו פאַרלייכטערן זיינע שמערצן.

נאָך מיטאָג, האָט מען אונדז איינגעפּאַקט אין 3 לאַסט־אויטאָס, איבערגעציילט און מיר זענען אָפּגעפאָרן. אַ שעה שפּעטער זענען מיר שוין געווען אין קאַלדיצעווע. מ׳האָט אונדז אַריינגעשפּאַרט דורך אַ טויער באַוואַכט דורך ווייסרוסישע פּאָליציי. דער פּלאַץ איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. דאָרטן האָבן מיר געטראָפן שטרענג באַוואַכטע 130 יידן, אויסגעדאַרטע, פאַרשוואַרצטע, אָפּגעריסענע, הונגעריקע. מיט פרייד זענען זיי אַרויסגעלאָפן אונדז מקבל פּנים זיין. געוווינט האָבן זיי אין אַ פערד־שטאַל.

אומגעפער אין אַ שעה אַרום, 6 פאַרנאַכט, האָט זיך דערהערט אַ שטרענגער פייף, דאָס האָט מען גערופן אַלעמען אויסשטעלן זיך אויפן פּלאַץ, אין 3 גלייכע רייען און איבערגעציילט אונדז איבער 200 מאַן. דאָס אַלץ האָט געמוזט צוגיין מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. פאַר דער קלענסטער עבירה פלעגט מען קריגן מיט אַ גומע אין קאָפּ. עס האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע: „לויפן נאָך די קעסעלעך און גיין אין קאָלייקע צום קיך". נעבן קיך זענען געשטאַנען פאַר אונדז 500 קריסטלעכע אַרעסטירטע, און דאַן ערשט איז געווען אונדזער ריי. פון ווייטן איז געשטאַנען אַ קאָמענדאַנט און אַכטונג געגעבן אויף דער אָרדענונג.

ווען עס האָט דערגרייכט אונדזער ריי, צום באַקומען דאָס ביסל וואַסערדיקע רעטאַך מיט בוריקעס, זענען געפלויגן גומעס אויף אונדזערע קעפּ.

צוריקגייענדיק האָט מען אונדז ווידער איבערגעציילט, אַזוי האָט מען אונדז געציילט 6 מאָל אַ טאָג. נאָכן לעצטן מאָל ציילן, האָט מען אונדז פאַרשפּאַרט אין אַ באַראַק אויף אַ גאַנצע נאַכט.

דער עולם צערוקט זיך אויף די נאַרעס. מיר האָבן נאָך ניט געהאַט קיין פּלאַץ. ווער פון אונדזערע, האָט זיך אַריינגעשמוגלט צווישן באַקאַנטע אויף אַ נאַרע און די איבעריקע האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער קאַלטער ערד. די קאַלדיצעווער האָבן געזאָגט, אַז אונדזער קומען אַהער, זאָגט ניט קיין גוטס. די שטימונג איז געווען אַ דערדריקטע, דער לאַגער האָט אויסגעזען ווי אַ וואַקזאַל, שטענדיק דאַרף מען זיין אָנגעטאָן, גרייט צו אַלע צרות. דאָ הייסט מען שטיין, דאָ הייסט מען לויפן. די נאַכט איז געווען אַ שווערע, די לופט דערשטיקט צו ווערן.

קוים דערלעבט טאָג. ווי ס׳האָט זיך נאָר געעפנט די טיר, זענען אַלע אַרויסגעלאָפן אָפּאָטעמען. מ׳קלינגט שוין, אַלע שטייען אויסגעשטעלט.

4 נאָוועמבער 1943.

מ׳ציילט אונדז איבער, טאָמער בלייבט איינער אין באַראַק ליגן אַ פאַרחלשטער, איז פאַר זיי קיין תירוץ ניט. ווייל אַ ייד האָט ניט קיין רעכט שטאַרבן אַ נאַטירלעכן טויט.

נאָכן איבערציילן גייען מיר צום קיך נאָך פרישטיק — אַ ביסל וואַסער מיט זאַצערקע. אויף גיך געשלונגען, ווידער אויסשטעלן זיך, ווידער איבערגעציילט, געזאָגט אונדז אַ פאָר מאָל „אין דער מאַמען אַריין". דער קאָמענדאַנט מעלדעט: אַלע בוי־פאַכלייט צו דער אַרבעט. די איבעריקע טרייבט מען אַריין צוריק אין באַראַק. אונדז פירט מען אָפּ צו אַ גרויסער געביידע. דאָ מויערט זיך אַ גרויסע טורמע. מיר ווערן צעשטעלט ביי דער אַרבעט. מיר וואָלטן געווען צופרידן, אַרבעטן שווער, בחומר ובלבנים און עסן קדחת, נאָר אַבי לאָזן אונדז לעבן. דאָס דויערט אָבער ניט לאַנג.

10 אַזייגער פאַר מיטאָג, קומט אַ פּאָליציאַנט. ער פאַראָרדנט איבעררייסן די אַרבעט, אויסשטעלן זיך אין די רייען. ער פירט אונדז אָפּ צוריק אין לאַגער. קומענדיק נענטער, דערזען מיר, ווי אַלע יידן שטייען שוין אויסגעשטעלט אויפן פּלאַץ, דערשראָקענע, צעטומלטע. מיר שטעלן זיך צו זייערע רייען. לויפט צו אַ קאָמענדאַנט און זאָגט: ווער עס האָט געלט, זייגערלעך, זאָל עס גלייך אָפּגעבן. און אויב מ׳וועט עס געפינען ביי וועמען עס איז וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן. די פריער שטייענדיקע האָבן שוין אַלץ אָפּגעגעבן. פון ווייטן גייט שוין צו אונדז אַ גרופּע מערדער מיט גומעס און שטעקנס אין די הענט. עס ברעכן זיך די פיס פון שרעק. אַ ווײַלע שפּעטער עס באַוועגן זיך שוין גומעס אויף אונדזערע קעפּ. זיי הויבן אָן אָפּקלייבן נוצלעכע, און הייסן אויסשטעלן זיך צו 3, איינער הינטערן צווייטן.

הונדערט מעטער פאַר אונדז, שטעלן זיי צוזאַמען די אומנוצלעכע. דאָרטן ווערט אַ געדראַנג, קיינער וויל ניט זיין פון די ערשטע. אַ האָגל פון גומעס און שטעקנס קלאַפּט און באַוועגט זיך אויף זייערע קעפּ. ביז דער יונגער סלאָנימער רבי שטעלט זיך דער ערשטער, און אונדזער לייב אהרע גרונעס (שייע גרונעסעס זון), דער צווייטער פון דעם ערשטן דריטל. דער געוויין איז גרויס, דאָס האַרץ איז פאַרשטיינערט, און פינצטער ווערט אין די אויגן.

מיר שטייען אַזוי אין קאַלטן פעלד, אין אַ שניידנדיקן ווינט, פאַרפראָרענע, פאַרגליווערטע.

עס ווערט מיאוס דאָס לעבן. ס׳הערט זיך אַ געשריי צו די צום טויט פאַראורטיילטע: — „אָפּמאַרשירן". זיי גייען שטאָלצע. זיי דערפילן די מצוה פון קידוש השם.

ווען זייערע געשטאַלטן זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטער יענעם זייט טויער, הייסט מען אונדז נעמען די קעסעלעך און גיין צו מיטאָג. גייענדיק מעלדעט דער שעף: „מיט די יודן האָבן מיר שוין פאַרענדיקט, איר 100 מאַן, זענט ניט מער קיין יודן, אַרונטערשמייסן דעם שאַנדפלעק איר ברויכט. אָנטאָן אַ אָפּצייכנונג, ווי אַלע אַנדערע איינגעשפּאַרטע, אַ ווייסן פּאַס 5×15 סענטימעטער אויפן רעכטן ברוסט און

קעגנאיבער אַזאַ פּאַס פון הינטן. מיר פאָדערן פון אייך ערלעכע אַרבעט״.

דערווייל גייען צו עטלעכע שניידער צום שעף מיט אַ אינטערווענץ פּרובירן ראַטעווען דעם שניידער לייבאָוויץ, אַנווייזנדיק, אַז אָן אים וועט זיין שווער אָנפירן די וואַרשטאַטן. דער שעף, ניט טראַכטנדיק לאַנג, שטייגט ער אַריין אין טעקסי, און ברענגט צוריק לייבאָוויטשן. ער איז אַרויס פון טעקסי, האַלב טויט, דערשראָקן. ער איז שוין געווען אַ אויסגעטאָנענער, געלעגן מיטן פּנים צו דער ערד אין דעם דריטן זעקסטל דערשאָסן צו ווערן. ווען דער שעף איז געגאַנגען ברענגען אים, אויסשרייענדיק לייבאָוויטש! האָט זיך יענער אַ הויב געטאָן געלאָפן צו אים אַ דערשראָקענער. דער שעף, האָט אים געהייסן אָנטאָן זיך, איז ער געלאָפן צו דער קופּע זאַכן, אָבער זיינע זאַכן האָט ער ניט געפונען. געכאַפּט האָט ער קורצע קליינע בגדים און שטיוול. קומענדיק אין באַראַק איז ער געפאַלן אין חלשות. מ׳האָט אים געמינטערט און געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן, ער איז געקומען צום באַוווסטזיין אין 6 שעה שפּעטער.

דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיטן בחורל גארעליק.

ווען לוסיע, ישראל משה מאָושאָוויטשעס טאָכטער פון שווערזנע, האָט געפועלט ביים שעף, בעטענדיק פאַר איר קוזין גארעליק, וועמען די פּאָליציי האָט געפונען ביי שניידן שטיוול מיט אַ מעסער. ער איז שטאַרק געפּייניקט געוואָרן. 48 שעה איז ער געלעגן אָן באַוווסטזיין.

די דאָזיקע 2 פאַלן האָבן אונדז געגעבן באַווייזן, וואָס הייסט „תחית המתים״.

דאָ הויבט זיך אָן אונדזער נייער און לעצטער קאַפּיטל קאָלדיטשעווע. אָנשטאָט דעם ריינעם געלעגער אין באַראַנאַוויטש, איז דאָ געווען אַ נאַרע מיט אַ הויפן שטרוי, מיט אַ מחנה פון כנים, פליי און מייז. מ׳האָט געגעסן פלייש פון געפאַלענע פערד. עס זענען אַדורך עטלעכע אומעטיקע שרעקלעכע טעג, און אַלץ האָט געקלאַפּט אויף דאָס ניי.

איין מאָל קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט מען זיך צוזאַמענגערעדט וועגן אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, אַלע צוזאַמען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן פּלענער, ווי אַזוי, און וווהין.

ענדע דעצעמבער איז באַשלאָסן געוואָרן וואַרטן ביז ס׳וועלן קומען די פינצטערע נעכט און דאַן אויסשניידן שטילערהייט אַ לאָך אין וואַנט אונטער דער נאַרע, וואָס פירט אַריין אין דער גאַרבעריי. פון דאָרטן עפענען די טיר, וועלכע פירט צו די שטעכל־דראָט, אַ שטרעקע פון 5 מעטער. שניידן די דראָטן און גיין איבער די בלאָטעס. ביים פּלאַנעווען עס זעט דאָס אויס פיין און גוט, אָבער אין דער ווירקלעכקייט, — וואָס פאַר אַ שוועריקייטן! ס׳זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאַרשיידענע מיינונגען: וואָס? גיין אויף אַ זיכערן טויט, איז שוין בעסער דאָ וואַרטן — איז אויך געווען אַ מיינונג. אָבער נאָך אַ לאַנגן און שווערן וויכוח, בלייבט בהסכם פון אַלעמען, אַז מ׳מוז אַנטלויפן.

אין פאַל ווען מען כאַפּט אונדז, דאַרף מען צוגרייטן פלעשעלעך סם. באַרע נייפעלד, נעמט זיך אונטער צוגרייטן דעם סם. ווערט אַ געדראַנג ווי נעמט מען פלעשעלעך. זענען געשאַפן געוואָרן אין שטאָט אויך פלעשעלעך. געפינט זיך אַ שוסטער, וועלכער האַלטנדיק שטענדיק ביי זיך אין קעשענע דאָס פלעשעלע מיטן סם, האָט זיך איינמאָל דאָס געעפנט ביי אים אין קעשענע און פאַרגאָסן זיין פוס. ס׳איז פאַר־ברענט געוואָרן זיינע הויזן, די וועש, און דער פוס האָט אָנגעהויבן פוילן. דער פּלאַן פון אַנטלויפן איז אָפּגעלייגט געוואָרן.

שפּעטער ווערט ווידער אָן אָפּהאַלט. מען ברענגט צו אונדז אין באַראַק אַ דענטיסט מיט אַ פרוי און אַ קינד, וועלכע האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן אין שטעטל גאראדזיע אויף אַרישע פּאַפּירן. זיי האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן קיין שייכות ניט מיט יידן, און מ׳האָט זיי פאַרהאַלטן דורך אַ טעות און מ׳וועט זיי זיכער באַפרייען. דערווייל האָט עס געשטערט צו אונדזערע פּלענער.

מיר האָבן, אָבער געפילט, אַז די ערד הויבט אָן ברענען אונטער די פיס. פאַר דער צייט האָבן זיך עטלעכע אונדזערע וואַרשטאַטניקעס צוזאַמענגערעדט מיט עטלעכע פּאָליציאַנטן, אפשר זאָלן מיר צוזאַמען זיך אָרגאַניזירן און אַנטלויפן פון דאַנען. 12 פּאָליציאַנטן האָבן מסכים געווען. און ס׳איז געוואָרן באַשטימט, אַז אין יענער צייט, זאָלן זיי פאַרנעמען דעם גאַנצן הויף אין זייער רשות. מיר זאָלן שפּאַנען פערד און וועגן, אָנגעלאָדענע מיט געווער. אונטערלייגן דינאַמיט, און גלייך נאָך אונדזער אָפּפאָרן זאָל אַלץ אויפרייסן צוזאַמען מיט די מערדער.

אָבער די לעצטע טעג האָבן זיך די פּאָליציאַנטן צוריקגעצויגן פון דעם פּלאַן, ניט וועלנדיק ריזיקירן מיט זייערע משפּחות.

אין מיטן מערץ 1944 איז אַרעסטירט געוואָרן אַ באַראַנאָוויטשער ייד. מען האָט אים אויסגעפאָרשט, וואָס מיר ריידן, און וואָס מיר טוען אין די אָוונט־שעהן, בשעת אַלע קומען זיך צונויף צוזאַמען. ווען זיי האָבן געזען, אַז ער וויל גאָרנישט דערציילן, האָט מען אים געשלאָגן מיט גומעס ביז צום טויט.

שפּעטער אין אַ טאָג אַרום איז אַרעסטירט געוואָרן אַ שניידער פון סלאָנים, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אונדזער אָרגאַניזירטן פּלאַן. מורא האָבנדיק, אַז אונדזער פּלאַן זאָל צו נישט ווערן, איז מיטאָגצייט, אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ געהיימע פאַרזאַמלונג און אַלע האָבן באַשלאָסן תיכף אַרויסצוגיין אין וואַלד.

דעם 22סטן מערץ 1944, האָבן די סטאָלאַרעס אויסגעהאַקט אַ וואַנט און 11 אַזייגער אָוונט האָבן מיר פאַרלאָזן דעם לאַגער. פון פריער צעטיילטע אין גרופּן, זענען מיר געלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אונדזער גרופּע, האָט געטאָפּ־טשעט איינער נאָכן צווייטן איבערן בויך אין אַ טיפער בלאָטע, וואָס פרירט ניט איין אַפילו ווינטער צייט. מיר זענען געגאַנגען מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, עס האָט זיך געוואָלט אַלץ וואָס ווייטער אַנטלויפן פון די גזלנים.

די פיס האָבן געבראָכן פון שוואַכקייט, אָבער דער אימפּעט האָט געטריבן און געגעבן כוחות. עס האָט זיך גאָרניט

געגלויבט, און מ׳האָט מורא געהאַט פאַרן געדאַנק, אַז מ׳איז פריי. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס אַלץ איז אַ חלום. מיר זענען פאַרביי געגאַנגען אַ גויישע הייזל, האָט זיך געוואָלט וויסן ווו מיר געפינען זיך. האָבן מיר אָבער מורא געהאַט צו פרעגן. צוויי פון אונדז האָבן באַשלאָסן גיין פרעגן. דער פויער האָט געענטפערט, אַז מיר זענען ווייט פון אונדזער לאַגער נאָר 7 קילאָמעטער. לויט אונדזער אָפּשאַצן, האָבן מיר שוין געדאַרפט זיין ווייט 25 קילאָמעטער. ווי ס׳ווייזט אויס האָבן מיר געבלאָנדזשעט, ווייל דער געגענט איז געווען אונדז אומבאַקאַנט. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן און מיר האָבן ניט געהאַט ווו צו באַהאַלטן זיך, און אַפילו כאָטש איבערזיצן דעם טאָג, ביז מיר זענען געקומען צו אַ בערגל. דאָרטן האָבן מיר געפונען גריבער, און דאָ האָבן מיר באַשלאָסן איבערזיצן ביז נאַכט.

אונדזער גרופּע האָט געציילט 32 מאַן. מיטאָג־צייט האָבן זיך דערהערט עטלעכע שאָסן. שפּעטער זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די מערדער לויפּענדיק אונדז זוכן, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אונדזערער אַ צווייטע גרופּע פון 17 מאַן. אין דער גרופּע איז געווען אַ סטויבצער — משה רייסער (יעקב דעם מוליערס). דאָרטן האָט פּראָוויצירט אַ שוסטער, דער־זעענדיק די מערדער פון ווייטן, האָט ער אין זיך אַריינגעשאָסן פון אַ רעוואָלווער, וועלכן ער האָט געהאַט. מיט דעם, האָט ער אַנטדעקט די גאַנצע גרופּע. אונדזער גרופּע איז איבער־געזעסן ביז פינצטער. דאַן האָבן זיך אָפּגערופן צווישן אונדז 2 פּריוווּיליקע, צו גיין באַקומען אינפאָרמאַציע אין דעם פויערשן הייזל, וואָס האָט זיך געזען פון ווייטן. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז מיר קענען אַלע רואיק אַריין אין הייזל.

אַ זייגערמאַכער פון אונדז האָט צוגעזאָגט געבן דעם פויער אַ זייגער, אויב מיר אַלע וועלן באַקומען צו שטיקלעך ברויט, און צו 2 געקאָכטע קאַרטאָפל. האָבן מיר זיך אָנגע־שלונגען, געשטילט אַ ביסל דעם הונגער און זיך פאַרשטעקט אין פערד־שטאַל, זיצנדיק צוניפגעטוליעטע, ביז 11 ביינאַכט. דאַן האָט אונדז דער פויער געוויזן דעם וועג און מיר האָבן זיך געלאָזן ווידער אין וועג אַריין. עטלעכע פון אונדז האָבן שוין געהאַט געשוואָלענע פיס און ניט געקענט גיין. אָבער דער אימפּעט האָט געטראָגן, און אין עטלעכע שעה אַרום זענען מיר אָנגעקומען אין אַ וועלדל. פון ווייטן האָבן מיר ווידער דערזען אַ פויעריש הייזל, צוגעגאַנגען צום פענצטער פרעגן, וווהין צו גיין. דער פויער האָט אונדז דערציילט, אַז היינט זענען דאָ דורכגעפאָרן 3000 קאָפּאָקן פון האַראַדישטש, וועלכע דינען דעם דייטש, און זיי זענען געפאָרן זוכן אונדז. ער האָט אונדז געעצהט איבערזיצן דאָ ערגעץ ווו אין אַ וועלדל און ניט וואַגן זיך אַ ריר טאָן פאַרויס. דער פויער האָט נאָך אונדז געגעבן אַ ברויט פאַר אַלעמען. מיר האָבן זיך באַראָטן וואָס צו טאָן און באַשלאָסן איבערזיצן אין וועלדל.

צו מאָרגנס ביינאַכט, האָבן מיר ווידער צופעליק אַריין אין דעם זעלבן הייזל, און דער פויער, האָט דערציילט, אַז די קאָזאַקן האָבן שוין זיך צוריקגעקערט. ער האָט אונדז ווידער אַ ברויט געגעבן, און מיר זענען אַוועק פאַרויס. די נאַכט זענען מיר שוין צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, ווו מיר האָבן גאַנץ פרי געטראָפן פלוצלינג אַ פּאַטראָל פון 2 פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אונדז ניט גערן אויפגענומען, און געהאַלטן אין אויס־פרעגן, וואָס מיר טוען דאָ, און פון וואַנען מיר קומען. ווען מיר האָבן זיי דערציילט אונדזער געשיכטע, האָבן זיי אונדז געשטעלט פראַגן און טענות: ווי אַזוי זענען מיר געזעסן אַזוי לאַנג אין קאָלדיצעווע, און געהאָלפן דעם דייטש פאַברי־צירן געווער, כדי צו קעמפן מיט די פּאַרטיזאַנער. הערנדיק זייערע רייד, האָבן מיר זיך דערשראָקן און דערשטוינט: ניט גענוג וואָס די דייטשן מאָרדן יידן, זאָלן אויך פּאַרטיזאַנער קענען שיסן יידן!.. נאָך אַ קורצן אויסטענהען זיך מיט זיי, האָבן זיי געבעטן אפשר קענען מיר זיי געבן אַ זייגערל אָדער אַ ביסל געלט. מיט דעם ווייזט אויס, האָט זיך געשטילט זייער צאָרן און מיר זענען איבערראַשט געווען פון גליק, וואָס מיר האָבן זיך מיט דעם געקענט אויסקויפן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז לויט סטאַלינס אַ באַפעל פון יאָר 1943, האָט מען ניט געטאָרט קיינעם שיסן אין וואַלד.

כדי צו דערגרייכן די ריכטיקע פּאַרטיזאַנער האָבן מיר נאָך געהאַט 50 קילאָמעטער ביז נאַליבאָקער פּושטשע.

נאָך 7 טעג אין ליידן פון קעלט און הונגער, וואַנדערנדיק גאַנצע נעכט מיט די לעצטע כוחות און געשוואָלענע פיס, האָבן מיר דערגרייכט דעם ערשטן פּאַטרול פון בעלסקעס פּאַרטי־זאַנער אָטריאַד. דאָס איז געווען 2 אַזייגער ביי נאַכט, דעם 1 אַפּריל 1944.

דאָרטן האָבן מיר געטראָפן 2 יידישע פּאַרטיזאַנער־אָט־ריאַדן: אין בעלסקעס 1200 מענטשן לויטער יידן, אין זאָרינס אָטריאַד 600 יידן. אין ביידע אָטריאַדן זענען געווען סטויבצער. אין זאָרינס: יעקב לעווין, זיין פרוי סאָניע און זייער זון דוד׳קע, דניאל האַרנקריג מיט זיין פרוי און 2 טעכטער, פּיישע עפּשטיין פון שווערזנע און פּעקער יעקב מיטן זון יהושע, מיישל טוניק, עטקעס (יעקב פּעקער און מיישל טוניק זענען אומגעקומען האַרט פאַר דער באַפרייאונג אין קאַמף מיט די דייטשן. זיין זון יהושע פּעקער איז געפאַלן אַלס העלד אין דער מלחמת העצמאות). אליעזר רייסער און זיין זון ישראליק, דוד סלוצאַק מיט זיין פרוי פרידע, מענדל אייזנ־בערג, אלי ברוכאַנסקי (שמעון חצקאלס) און זיין שוועסטער, שלום רודיצקי, עטל אאוסקרן, איסר דעם סטאָלערס פון אוזדע.

אין בעלסקעס אָטריאַד: מאַלבין, לעצטנס געוווינט אין נאָוואָגרודעק, יונה בערנשטיין, תמר אמרנט—ראַבינאָוויטש, לובה און חנה אקסעלראָד, רבקה קאַנטאָראָוויטש, צבי סטולוביצקי (אליקום דעם סופרס), אסתר בערקאָוויטש, מיטן ברודער בערל קריניצנער, (בערל פּייוועס פרוי), יעקב קאשצעוויטש (ישראל עקיבא ראָזאָווסקיס איידעם, געוווינט אין רובזעוויץ), מיט זיין טאָכטער ליבע צוקער און איר מאַן, זלמן אַגינסקי. 9 סטויבצער פון אונדזער גרופּע, דאָס מיינט, די גרופּע וועלכע האָט געאַרבעט אין באַראַנאָוויטש ביי דער ס. ד. ביזן טראַנספּאָרטירן קיין קאָלדיצעווע אין נאָוועמבער 1943. ברוך עוזר אקונס דריי זין סטאָלאַרעס: זלמן, הלל, בערל, משה סרגוביץ (הלל דעם סטאָלערס איידעם), 3 סטאָלאַרעס ניט קיין סטויבצער געבוירענע (בעזשענצעס), 2 מולאַריעס, געצל רייסער, און משה רייסער — יעקב דעם מולערס.

די סטויבצער וואָס מיר האָבן געטראָפן אין קאַלדיצעווע:

לייב אהרן גרונעס, וועלוול סלוצאַק דער רימער, יוסף טשארנע (דער שווארצער רימער), חיים קאַפּלאַן (שפרה דער בעדערקעס), יונה בערנשטיין, יעקב דעם מולערס 2 זין נחום און אליהו און זייערער אַ שוואָגער מאיר דער שניידער.

אַ פּאָר ווערטער וועגן וועלוול סלוצאַק:

ער האָט געאַרבעט אין אַ גאַרבעריי אַלס זייער אַ נוצ־לעכער פאַכמאַן, און די פּאָליציי איז פון אים געווען באַזונדערס צופרידן. ער איז געווען אַ געזונטער מאַן. איין מאָל האָט ער ניט אויסגעפּערטיקט אַן אַרבעט פּונקט צו דער באַשטימטער צייט, זענען די דייטשן געקומען פרעגן וועגן דער אַרבעט. האָט ער געבעטן זיך ביי זיי: לאָזט מיר וועל איך די אַרבעט אויס־פּערטיקן אין די שפּעטערדיקע שעהן, נאָך מיין אַרבעטס־טאָג. פון אָנפאַנג האָבן זיי איינגעשטימט אויף דעם. שפּעטער האָבן זיי זיך באַטראַכט: ניין, מ׳דאַרף אים באַשטראָפן. צוויי ווייס־רוסישע פּאָליציאַנטן זענען צוגעגאַנגען צו אים פון הינטן, ווי ער איז געזעסן אַרבעטנדיק, האָבן געכאַפּט פון טיש אַ רימערשע נאָדל פון 15 סענטימעטער די לענג און אַריינגעשטופּט אים די נאָדל אין פּלייצע. ער האָט באַלד געחלשט, אָבער פּאַר שרעק האָט ער געבעטן אַ ביסל וואַסער און האָט געוואָלט ווייטער אַרבעטן. ער האָט דערפילט, אַז ער ווערט פאַרגאָסן מיט בלוט. איז ער געקומען אין באַראַק.

דער דאָקטאָר לעווינבוק, האָט אים געפּרוווט איינהאַלטן דאָס בלוט, אָבער ער איז קראַנק געוואָרן ביז ער האָט אין גרויסע ליידן אויסגעהויכט זיין נשמה.

ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען פאָלגנדעס וועגן חיים קאַפּלאַן:

ער איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער מאַן פון די טשעסליאַרעס. ער האָט זיך געקענט באַוועגן פרייער ווי אַ צווייטער. ער פלעגט קענען גיין אין די נאָענטע דערפער מיט אַ תירוץ, אַז ער גייט באַזאָרגן און צוגרייטן מאַטעריאַל פאַר דער אַרבעט. איין מאָל קומענדיק פון דאָרף, האָט די פּאָליציי באַמערקט ווי ער טראָגט אין זאַק אַ ברויט. האָבן זיי אים פאַררופן צו זיך. אָנגערייצט אויף אים אַ גרויסן בייזן הונט, ביז ער האָט אים צעריסן אויף טויט.

באַלד האָבן זיי גענומען 2 יידן, צו פאַרשיטן זיין קערפּער מיט שניי. ער איז געלעגן פאַרשאָטן ביז דער שניי, האָט אָנגעהויבן צעגיין אין פרילינג. האָט די פּאָליציי ווידער גענומען 2 יידן, געהייסן זיי אויסגראָבן אַ גרוב אין מיטן הויף און דאָרט אים באַערדיקט.

לייב־אהרן גרונעס, גייענדיק אין דער ערשטער שורה מיט שטאָלץ אין לעצטן מאַרש צום טויט, האָט אָנגענומען דעם גזר דין גלייכגילטיק, אויסרופנדיק „שמע ישראל״.

אבינו מלכנו נקום נקמת דם עבדיך השפוך!



צום אייביקן אָנדענק די משפּחה פון ליב־מאיר רייסער

זיצן פון רעכטס: פייגע, פריידל רייסער, טויבע און יוסף רוסאַק, געצל, שאול־בער, מינה, ליב מאיר רייסער; שטייען פון רעכטס: אליעזר און שרה יעסל רייסער.

# שמואל לייב אגינסקי ז״ל / מיט פארטיזאנער

אין יאָר 1941 ווען די נאַציס האָבן פאַרשפאַרט די סטויבצער יידן אין געטאָ, זענען די צרות און ליידן געווען אומגעהויער גרויס. די דייטשן האָבן געשלאָגן, געהרגעט און דאָס לעבן איז געווען אומדערטרעגליך. האָבן אייניקע יידן געפּרוּווט לויפן אין וואַלד, אָבער זיי האָבן ניט געקענט דעם געגנט.

אין סטויבצער געטאָ זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַריינגעשמוגלט געווער און קוילן. מ׳האָט עס באַהאַלטן ביי לייזער זאַרעצקי אין קעלער. בסך הכל 13 ביקסן און 2000 קוילן.

איך האָב זיך געווענדעט צו די געווער־זאַמלער און דערקלערט זיי, דאָס זייענדיק געניט און וויסנדיק די וועגן צו די פּאַרטיזאַנער, בין איך גרייט גיין מיט זיי אין וואַלד. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז 12 ביינאַכט וועלן זיי ברענגען דאָס געווער הינטער יאַנקל בערל דעם סטאָליערס שטאַל, וווּ ס׳איז געווען דער צוים פון געטאָ.

לייזער דער סטעלמאַך, זאַרעצקי, האָט געשניטן די דראָטן און איך מיט יוסף הרכבי זענען אַרויס די ערשטע.

עס האָט טאַקע אָפּגעגליקט און עס זענען אַרויס פון געטאָ פופצן מענער און דריי פרויען. געגאַנגען זענען מיר מיטן סעצקיער שאָסיי צו זאַדוואָריער אייזנבאַן־ליניע. אַזוי ווי מיר האָבן געדאַרפט איבערגיין די ליניע, האָבן אונדזערע חברים זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען נעבן קאַוועלאָישטשינער גוט און איך מיט יוסף הרכבי זענען געגאַנגען אויסשפּירן די סביבה.

פון דער ווייטן האָבן מיר באַמערקט עטלעכע דייטשן און אין לענג אויס פון דער ליניע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך אויך פּויערים מיט שטעקנס אין די הענט. האָבן מיר זיך צעלייגט נעבן ליניע און ווי נאָר אַ באַן האָט זיך באַוויזן, האָבן מיר נאָך אים דורכגעלאָפן די ליניע. מ׳האָט אונדז באַמערקט און ראַקעטן האָבן געפּרוּווט אנטדעקן אונדז, אָבער מיר האָבן שוין דערגרייכט דעם נאָענטן וואַלד.

מיר האָבן אויסגעמיטן די ברייטע וועגן אויף וועלכע ס׳האָבן מאַרשירט און געפאָרן דייטשן. געגאַנגען זענען מיר אַ גאַנצע נאַכט ביז מיר זענען געקומען צום געוועזענעם רוסישן גרענעץ. דאָרטן האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אין וואַלד און ביינאַכט זענען מיר דורכגעגאַנגען דעם דאָרף פּרושוועניאָווע.

ניט ווייט פון דאָרטן אין כוטער, האָט געוווינט אַן אַלטע גוט באַקאַנטע קריסטין. בין איך מיט יוסף הרכבי און עזריאל טוניקס הירשל׳ס געגאַנגען אינפאָרמירן זיך ביי איר וואָס הערט זיך אין דער געגנט.

ווען די אַלטע גויה האָט אונדז דערזען איז זי אַ צעשראָקענע אַרויס און ניט געענטפערט אויף אונדזערע פראַגעס. מיר האָבן אָבער באַמערקט ווי פון צווייטן צימער שטעקן אַרויס דריי רעוואָלווערן. מיר האָבן אָנגעשטעלט אונדזערע ביקסן און צו עזריאלן האָב איך אַ זאָג געטאָן: גיב אַ לייכט מיט דער באַטעריע! צו אונדזער דערשטוינונג זענען דאָרטן געווען דריי יידן: איינער אַ סטויבצער און צוויי וואַרשעווער.

שניאור בערנשטיין, איטשעביילע עשקעס האָט דערקאָנט מיין קול. די אַנדערע צוויי זענען געווען יוסף רייך און הערשל פּאָסעסאָרסקי. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געאַרבעט ביי דייטשן אויפן וואָקזאַל און זיך געלאָזן לויפן אין וואַלד אַריין, מיטנעמענדיק 5 פּיסטאָלעטן, וועלכע זיי האָבן בגנבה צוגענומען פון די דייטשן. פּאָסעסאָרסקי, איז פון אַ צופאַל פאַרווּנדעט געוואָרן אין פוס דורך זיין אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער. געלעגן זענען זיי ניט ווייט פון דער אַלטער גויה, וועלכע פלעגט זיי ברענגען רפואות פון אוזדע. מיר האָבן באַשלאָסן צוזאַמען לאָזן זיך אין וועג. פון העלץ האָבן מיר געמאַכט אַ מין טראָג־בעטל פאַרן פאַרווּנדעטן. מיר זענען געגאַנגען 4 קילאָמעטער ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין מאָגילנע. צוקומענדיק צום ניעמאַן איז דער בריק געווען פאַרברענט, האָבן מיר געמאַכט פון העלץ אַ סאָרט פּליט און אויף דעם אַריבערגעפירט דעם פאַרווּנדעטן מיט די פרויען. די מענער זענען איבערגעגאַנגען דעם ניעמאַן נאַקעטערהייט. אין שטעטל זענען מיר ניט אריין, אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געלעגן הינטערן דאָרף מאַטעצקי, וווּ מיר האָבן געזאַמלט עסן. פאַרנאַכט זענען מיר צוריק אַוועק אין שטעטל און פון דאָרטן אָנקומענדיק אין ערשטן דאָרף, האָבן מיר גענומען אַ פור פאַרן פאַרווּנדעטן. אַזוי זענען מיר געגאַנגען אין דער ריכטונג צו פּעסאָטשנע. אין דעם שטעטל האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אונדז איינגעטיילט צו דרייען אין אַ הויז, מ׳האָט אונדז געגעבן עסן און אָפּרוענדיק אַ טאָג, האָבן מיר זיך געלאָזן אין וועג צו זשוקאָווס אָטריאַד. ווען די פּאַרטיזאַנער פון דער אָפּטיילונג, האָבן זיך דערוווּסט, אַז עס קומען אָן יידן מיט געווער, האָבן זיי אונדז אויפגענומען מיט שמחה. אַ פּאָר טעג האָבן מיר אָפּגערוט אין גילציקס פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג און דערנאָך האָבן מיר זיי דערציילט, אַז מיר ווילן זיך ווידער צוריקקערן קיין סטויבץ כדי צו ראַטעווען מענטשן און ברענגען געווער.

ס׳האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע פון זעקס סטויבצער און נאָך זעקס פון קריסטן און מזרח־יידן. ד. ה. פון מזרח ווייסרוסלאַנד. אויף צוויי וועגענער זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף פּרושוועניאָווע און אַריין צו אַ באַקאַנטן פּויער. ער האָט אונדז געפרעגט: ווי אַזוי זענען מיר אַריינגעפאָרן אין דאָרף, וועלכער איז פול מיט דייטשן שוין צוויי טעג.

ווי עס איז זענען מיר אַרויס פון דאָרף און אַריינגעפאָרן אין אַ געדיכטן וואַלד. דאָרטן זענען מיר אָפּגעשטאַנען אַ נאַכט מיט אַ טאָג. האָבן אונדזערע געהאַט טענות צו מיר, פאַרוואָס האָב איך זיי געבראַכט צו די דייטשן? האָב איך מיט הרכבין פאַרגעלייגט מען זאָל שטימען, ווער עס וויל פאָרן קיין סטויבץ און ווער עס וויל זיך אומקערן צוריק. נאָר זעקס האָבן געשטימט פאַרן פאָרשלאָג גיין קיין סטויבץ. די איבעריקע זעקס האָבן באַקומען אַ פערד מיט אַ וואָגן און זיי האָבן זיך אומגעקערט אין אָטריאַד.

אויפן וועג קיין סטויבץ האָבן מיר געשיקט אַ שוואַנגערע קריסטין קיין סטויבץ מיט אַ בריוו צו יעקב לעווין. ער האָט

אונדז געשריבן, אַז נאָך אונדזער פאַרלאָזן סטויבץ, איז פאַרגעקומען ווידער אַ שחיטה. מ'האָט נאָר איבערגעלאָזן „נויטיקע" יידן. זיי וואָלטן וועלן קומען צו אונדז, אָבער עס איז אוממעגלעך איבערגיין די ליניע. פונדעסטוועגן זענען מיר געווען צוויי מעת־לעת נעבן אַרצעכיער דאָרף און קיינער איז ניט געקומען. די לעצטע נאַכט, זענען מיר אַריין אין דאָרף און גענומען זעקס פערד און פעלצן מיט וועגענער פאַרן אָטריאַד.

מיר האָבן געשיקט מיט דער גויה אַ בריוו און געשריבן ווו מיר געפינען זיך. דעם בריוו האָט יאַכע אַלטמאַן איבער־געשיקט אין באַראַנאָוויטש צו איר מאַן קושע אַלטמאַן. אויף דעם סמך זענען געקומען צו אונדז אין אָטריאַד אין יאָוועשצער וואַלד פופציק יידן פון באַראַנאָוויטש און צווישן זיי אויך עטלעכע סטויבצער.

אין יאַנואַר 1943 איז אַרויסגעגאַנגען אַ סטויבצער גרופּע באַפרייען יידן און קריגן געווער. די גרופּע האָט זיך געפונען אין דאָרף פאַהאַרעלע 12 קילאָמעטער פון סטויבץ. דער העל־דישער פאַרטיזאַן פּאָסעסאָרסקי, האָט זיך אַנגעטאָן ווי אַ פויער פון דאָרף. מיט ברויט, אַ שטיקל פּוטער און אייער איז ער צוגעקומען צום שווערזנער טאַרטאַק. דאָרטן האָבן געאַרבעט יידן, ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל קויפן ברעטער. דעם דייטש, דעם שומר, האָט ער געגעבן אַ פּאָר אייער און דערפאַר, האָט ער אים אַריינגעלאָזט אין טאַרטאַק. אין דער צייט פון עסן מיטאָג, האָבן די יידן אַריינגענומען פּאָסע־סאָרסקין אין לאַגער.

אַזוי ווי ביינאַכט איז געווען אַ גרויסער שניי מיט אַ שטורם, האָבן די יידן צעשניטן די דראָטן פון דעם צוים און ס'זענען אַרויסגעגאַנגען 250 יידן. העלפט פון זיי זענען געלאָפן אין אַנדערע וועלדער און די איבעריקע זענען געקומען צו אונדז ווי נאָר מיר האָבן זיך דערוווּסט פון דעם, זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן רייטער ברענגען די באַפרייטע. דער־ווייל האָבן מיר איינגעשפּאַנט אַלע פערד וואָס געפינען זיך אין דאָרף און געפאָרן אַנטקעגן און אַרויפגעזעצט אויף די פורן די באַפרייטע.

ביי די פויערים פון דאָרף האָבן מיר צוגענומען 30 פורן און צוגעזאָגט אומקערן עס און די הבטחה איז דערפילט געוואָרן.

ווען די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט פון דאָס אָפּגעטאָענע, זענען מיר שוין געווען 50 קילאָמעטער טיף אין וואַלד. קומענדיק אין אָטריאַד, האָט די פאַרוואַלטונג אונדז אַלעמען פאַררופן און געהאַט טענות פאַרוואָס האָט מען געבראַכט 125 מענטשן אָן איין ביקס. אויף דעם האָבן מיר געענטפערט און באַטאַנט, אַז צוריק וועלן מיר קיינעם ניט פירן, אָבער מיר וועלן גיין גרופּענווייז קריגן און זאָרגן ווי צו באַקומען געווער. אין שפּיץ פון איין גרופּע איז געשטאַנען דער באַרימ־טער פאַרטיזאַן פּאָסעסאָרסקי.

אונטערוועגנס, האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַ פאַרטיזאַן אַ מערדער־קאָמאַנדיר פון אַ גרופּע רוצחים. ביי פּאָסעסאָרסקין איז געווען אַ דייטשער פאַראַבעל, וועלכן ער האָט צוגענומען ביי דייטשן, ווען ער איז אַנטלאָפן אין וואַלד. האָט דער קאָמאַנדיר געפאָדערט ער זאָל אים אָפּגעבן דעם פאַראַבעל. אויף דעם, האָט פּאָסעסאָרסקי אים געזאָגט: דו ביסט אַ העלד צוצונעמען דאָס געווער ביי מיר, צייג אַרויס העלדנשאַפט און נעם עס אַוועק ביי אַ דייטש אָבער ניט ביי מיר. דער קאָמאַנ־דיר האָט אים געשטעלט אַ אולטימאַטום פון פינף מינוט צייט און אויב ניט שיסט ער אין אים אַריין אַ קויל. פּאָסעסאָרסקי האָט ניט געגלייבט, אַז ער וועט אים שיסן. יענער מערדער האָט אים דערשאָסן צום טויט.

בראָש פון אַ גרופּע איז געשטאַנען דער יונגער העלד עוזר מאַזע, וועלכער איז געגאַנגען שטענדיק פאָרויס אונטער אַ האָגל פון קוילן, ביז וואַנען ער איז געפאַלן. באַקומענדיק אַ ביסל געווער, האָט מען פון די באַפרייטע יידן געפאַרמירט אַ ראָטע קעמפער.

סטויבצער יידן האָבן ניט געקענט זיצן ליידיק און זיי האָבן ווידער געזוכט וועגן ווי צו באַפרייען יידן פון די מערדערישע הענט. ס'האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע סטויבצער קעמפער פון וועלכע די אָנפירער זענען געווען: לאַכאָוויצקי און ווישניאַ פון באַראַנאָוויטש. זיי האָבן גוט געקענט און געוווּסט די וועגן ווי צו פאָרן און וווהין מ'דאַרף פאָרן.

אויף אַ שטרעקע פון 100 קילאָמעטער פון לאַגער איז אַרויס אַ גרויסע גרופּע, אָבער אין וועג האָבן מיר זיך צעטיילט אויף צוויי גרופּעס: לאַכאָוויצקי מיט זעקס סטויב־צער זענען געגאַנגען קיין באַראַנאָוויטש און איך מיט אַ גרופּע זענען געבליבן באַזאָרגן דעם אָטריאַד מיט עסן.

די ערשטע גרופּע איז אָנגעקומען אויפן באַראַנאָוויטשער בית־עולם. דאָרטן האָבן זיי געטראָפן אַ ייד, וועלכער האָט זיי געעצהט גיין אין באָד, ווו עס געפינט זיך נאָך אַ ייד און ער וועט זיי זען העלפן.

האָבן זיי איבערגעלאָזן זייער געווער אויפן בוידעם פון בית־הקברות שטיבל. דער ייד פון באָד, האָט זיי גוט אויפ־גענומען און איבערגעגעבן אין זייער רשות אַ צימער. ישראל מאַכטיי (ראובן דעם שניידערס) האָט זיך אונטערגענומען גיין אין לאַגער אַריין, האָט ער אָנגעטאָן אַ שוואַרץ פעלצל מיט אַ פעלצן היטל און אויסגעשמירט דעם פּנים מיט סאַזשע, כדי אויסצוזען ווי אַ באַן־אַרבעטער. אַוועק איז ער צום פאַליעסער וואָקזאַל, ווו ס'האָבן געאַרבעט סטויבצער יידן. ביי אים זענען געווען פיר האַנט־גראַנאַטן און אַ רעוואָלווער, ער איז געגאַנגען אויף לעבן אָדער אויף טויט.

קומענדיק צום וואָקזאַל, ווינטער אַכט אַ זייגער אין אָוונט, איז ער צוגעגאַנגען צום דייטש — דעם וואַכמאַן און געזאָגט, אַז ער אַרבעט אויפן באַן, ער קומט פון סטויבץ. אַ יידישע פרוי, האָט אים געגעבן טאַבאַק פאַר הירשל טוניק (פייגעס), וויל ער דאָס אים איבערגעבן.

מ'האָט אים דערלויבט אַריינגיין אין קיך און ער האָט הירשלען געגעבן דעם טאַבאַק מיט אַ בריוו, אַז ער זאָל אַרויסנעמען אַ גרויסע גרופּע יידן.

בייטאָג זענען אַוועק פון דער אַרבעט בלויז זיבן מענטשן און זיי זענען געקומען צו אונדז, ווו מיר זענען געווען. אין די זיבן זענען געווען: הירשל טוניק מיט זיינע צוויי זין, לייבע

און פייווע, די צוויי ברידער מאיר און אלימלך מאַכטיי, אהרון מלמד, און מיין זון צבי אַגינסקי.

מ׳האָט ניט גערוט און מיר האָבן אָרגאַניזירט ווידער אַ גרופּע סטויבצער פון אַכט חברים. איך בין געווען דער וועג־ווייזער פון דער גרופּע, און קאָמאַנדיר איז געווען יוסף הרכבי. די אַנדערע: בועז אַקסעלראָד, משה עסטערקין, קושע אַלטמאַן, משה ווײַנשטיין, שניאור בערענשטיין, אברהם שולקין.

אונדזער אויפגאַבע איז געווען פאַרברענען דעם סטויבצער טארטאַק (קיטאַיעוויטשעס), מיט וועלכן די דייטשן האָבן געבעל־הביתעוועט און ער איז זיי גוט צונוץ געקומען.

מ׳האָט זיי גערופן דאָס העלדישע אַכטל, וועמענס שטרעבונג און אויפגאַבע איז געווען ראַטעווען יידן. באַפרייט האָט מען אונדז אויף 12 טעג. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן אַ מחנה דייטשן איז אונדזער לאַגע געווען זייער אַ שלעכטע. מיר זענען שוין געווען 3 קילאָמעטער פון שווערזנע און פינף קילאָמעטער פון סטויבץ. ווי עס איז האָבן מיר זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אַ פויער אין שייער און געלעגן דאָרטן אַ גאַנצן טאָג. די דייטשן זענען דורכגעפאָרן אָן אַן אויפהער אַ גאַנצן טאָג, וועלכער האָט זיך ביי אונדז אויסגעצויגן ווי אַ יאָר.

מיר האָבן קוים דערוואַרט נאַכט, עלף אַ זייגער זענען מיר אַרויס פון שייער אויפן וועג צו דער אייזנבאַן־ליניע. איך און יוסף הרכבי זענען געגאַנגען אויסשפּירן און די איבעריקע זענען געלעגן און געוואַרט.

עס איז געשטאַנען אַ וואַך פון צוויי דייטשן, וועלכע האָבן אונדז ניט באַמערקט. זענען מיר צוריקגעגאַנגען צו אונדזערע חברים און מיר זענען דורכגעגאַנגען די ליניע און זיך געלאָזן גיין צום שאָסיי סטויבץ—מיר און אַריין אין קרוגלעצער וואַלד. פון דאָרטן האָבן מיר געשיקט אַ פויער קיין סטויבץ. ער האָט אונדז צוגעזאָגט, גיין ביזן סטויבצער טאַרטאַק און זען וואָס דאָרטן קומט פאָר, אָבער ער איז ניט אַזוי שנעל געקומען. די דייטשן האָבן אים שטאַרק געשלאָגן און אַרעסטירט. ווען זיי האָבן אים באַפרייט איז ער גלייך געקומען און דערציילט אונדז, ווי די דייטשן היטן זיך פון פאַרטיזאַנישע אָנפאַלן.

מיר האָבן באַשלאָסן גיין אין נאַליבאָקער פּושטשע, און צום שלימזל, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מחנה פון הונדערט פּאָליאַקן. זיי האָבן אונדז אַנטוואָפנט, אָבער מיר האָבן זיך גלייך געווענדעט אין סטאַלינסקער בריגאַדע און צייגנדיק אונדזערע פּאַפּירן און וווּהין מיר גייען, האָט מען אונדז אין שטאַב פון די פּאָליאַקן צוריקגעקערט דאָס געווער, און פּאַפּירן האָט מען אונדז נאָך צוגעגעבן, מ׳זאָל אונדז ניט שטערן און העלפן נאָך מיט וואָס מ׳קען.

מיר זענען געגאַנגען זוכן יידישע גרופּעס אין די קליינע וועלדער. מ׳האָט אונדז דערציילט, אַז מירער יידן געפינען זיך אין בירשטאַנער וואַלד. קומענדיק אַהין האָבן מיר צווישן זיי אויך געטראָפן אַ ביסל סטויבצער יידן. זיי האָבן זיך געבעטן, מ׳זאָל זיי פון דאָרטן אַרויסנעמען, ווייל נאָענט צום שטאָט און צווישן די דאָרפישע פויערן פילן זיי אַ גרויסע שׂנאה. אַזוי ווי אַלעמען איז געווען אוממעגלעך נעמען, ווייל מ׳האָט אַליין ניט געוווּסט וווּהין מ׳גייט, זענען מיט אונדז געגאַנגען בערך אַ צוועלף סטויבצער ווי: יעקב לעווין מיט זיין משפחה, די צוויי שוועסטער אַקסעלראָד, האָרנקריג מיט זיין פאַמיליע, מיישל טוניק (עטקעס), אלי ברוכאַנסקי און אַנדערע. מיר האָבן זיי געפירט אין נאַליבאָקער פּושטשע. די איבעריקע יידן האָבן מיר צוגעזאָגט קומען איניגיכן און אַרויסנעמען זיי, ווייל מ׳דאַרף באַקומען אַ דערלויבעניש פון די רוסישע אָטריאַדן אַרײַנצופירן אין פּושטשע נאָך יידן. אַרום 50 קילאָמעטער האָבן מיר דורכגעפאָרן און זיך דערוווּסט, אַז פון מינסק איז אָנגעקומען אַ גרופּע אַנטלאָפענע יידן פון 300 נפשות מיט ווייבער און קינדער. געפינענדיק זייער לאַגער, האָבן מיר זיך פאָרגעשטעלט פאַר זייער קאָמאַנדיר זאָרין און דערקלערט וואָס אונדזער אויפגאַבע איז. אויף אונדזער בקשה איבערלאָזן ביי אים אונדזערע סטויבצער משפחות, האָט ער דערקלערט, אַז אָן געווער קען ער קיינעם ניט צונעמען, ווייל זיי אַליין האָבן נאָר צען ביקסן. האָבן מיר אים אָפּגעגעבן צוויי ביקסן פון אונדזערע און צוגעזאָגט ברענגען און צושטעלן נאָך געווער פאַר זיין אָפּטיילונג.

אָט אַזוי איז געלונגען אונדז צייטווייליק איבערלאָזן אונדזערע סטויבצער אין זאָרינס אָפּטיילונג.

מיר זענען געווען אַ גרופּע פון אַכט יידן גוט באַוואָפנט און באַזאָרגט מיט גוטע רעקאָמענדאַציע־פּאַפּירן. זענען מיר געקומען אין רובזעוויטשער ראַיאָן און געזוכט יידן אין די וועלדער. דעם געגנט האָב איך גוט געקענט. בין איך אַריין צו אַ באַקאַנטן פויער און ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף די פּלעצער ווו יידן געפינען זיך. קומענדיק אַהין, האָבן זיך דערפרייט אַלע באַקאַנטע רובזעוויטשער יידן. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז ניט ווייט פון זיי געפינען זיך עטלעכע סטויבצער יידן. מיר האָבן דאָרטן געטראָפן: רבקה קאַנטאָראָוויטש, שלום רודיצקי, יאַנקל שמערקאָוויטש (בערע אייזיס אײדעם) און כילקע, אַ פּליט וועלכער האָט געוווינט אין סטויבץ. זיי האָבן זיך באַקלאָגט, אַז די רוסישע פּאַרטיזאַנער קומען אָפט און פייניקן זיי. זיי זענען געווען נאַקעט, באָרוועס. ביינאַכט זענען מיר אַוועק אין אַ דאָרף און געבראַכט פון דאָרטן קליידער, ברויט, פלייש און צוגעזאָגט קומען צונעמען זיי פון דאַנען.

אומקערנדיק זיך אין פּושטשע האָבן מיר געמאָלדן, אַז אין וואַלד געפינען זיך גרופּעס יידן. דער קאָמאַנדיר פון גאַנצן געגנט האָט צוזאַמענגערופן די יידישע אָטריאַדן און אַ באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַרײַננעמען אין זייערע אָפּטיילונגען די יידן פון די קליינע גרופּעס.

עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פורן און האָבן צונויפגעקליבן די יידן פון די קליינע וועלדלעך. מיר האָבן נאָך געפּרוווט איבערגיין די ליניע, כדי צו פאַראייניקן זיך מיט אונדזערע אָפּטיילונגען, האָט מען אונדז באַשאָטן מיט אַן האָגל פון קוילן. זענען מיר אַוועק אין סטאַלינער בריגאַדע, ווו מ׳האָט אונדז אויפגענומען פאַר גוטע געסט. מיר פלעגן דורכפירן די שווערסטע אויפגאַבן. אין לאַגער איז פאַרבליבן

משה׳ל עסטערקין און זיבן מענער פון אונדזער גרופע זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון כאָטעווע.

הונדערטער „ווייסע" פּאָליאַקן זענען אַרויס שלאָגן זיך מיט פּאַרטיזאַנער. אַ גרופּע פון דרייסיק פּאַרטיזאַנער איז אַרומגערינגלט געוואָרן, מ׳האָט ביי זיי צוגענומען דאָס געווער און אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער. אַזוי ווי מיר זענען געווען פון די לעצטע, האָבן אונדז צוויי רוסן אָנגעזאָגט, אַז מיר זענען אין געפאַר. האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן אין וואַלד. איך בין געלאָפן דער ערשטער לינקס און נאָך מיר נאָך צוויי. די איבעריקע זענען געלאָפן רעכטס און אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די באַנדיטן. זיי האָבן געקעמפט ביז דער לעצטער קויל און געפאַלן אַלס העלדן. מיר האָבן צום באַדויערן דאָרטן פאַרלאָרן פינף סטויבצער העלדן: יוסף הרכבי, בועז אַקסעלראָד, קושע אַלטמאַן, משה׳ל וויינשטיין, שניאור בערנשטיין און אויך אַ קריסט.

איך, מיט אברהם שולקין און מיט נאָך אַ קריסט זענען מיר איבערגעגאַנגען אַ גרויסע בלאָטע און קומענדיק אין אָטריאַד (אָפּטיילונג) קיינעם ניט געפונען, ווייל אַלע זענען אַוועק קעמפן מיט די פּאָליאַקן. עס זענען פאַרבליבן קראַנקע און ווייבער.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען מיר אַ גרופּע חברים אַרויסגעפאָרן זוכן אונדזערע סטויבצער חברים און מיר האָבן אפילו זייערעביינער ניט געפונען.

די רויטע אַרמיי האָט אינגיכן באַפרייט אַלע פּאַרטיזאַנער.

אברהם שולקין איז געפאַלן אויפן פראָנט. איך האָב געפונען מיין 16 יאָריקן יינגל צבי, וועלכן איך האָב איבערגעלאָזן אין די וועלדער.

איך בין ווידער געקומען קיין סטויבץ און געשטאַנען אַ צעבראָכענער אויף די קברים פון אונדזערע שענסטע און בעסטע קרובים און פריינד. די שטאָט איז געווען פאַרברענט. מיר האָבן זיך געפילט אַלס לעבעדיקע יתומים אויף יעדן טריט און שריט. יעדער טריט איז געווען איינגעטונקט און דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט. מיר האָבן געזוכט אַ וועג ווי צו לויפן ווייטער. אין פּוילן האָבן מיר ניט געפונען קיין רו פאַר אונדזער צעבראָכענעם געמיט.

געקומען קיין ארץ־ישראל קעמפן פאַר אַ אייגן־לאַנד. מיין זון צבי אגינסקי איז אַלס פרייוויליקער אַוועק אין דער יידישער אַרמיי. ער איז פאַרוונדעט געוואָרן, און איצט איז ער אין דעם ראַנג פון אַ רעזערוו אָפיצער אין דער יידישהעלדישער ארמיי.



**מיט פרייד האָבן מיר אויפגענומען די ספרי תורות פון אונדזערע לאנדסלייט אין אַמעריקע פאַר אונדזער בית הכנסת ע״ש קדושי סטויבץ בישראל, ווו מיר קענען זיך צוזאַמען אויסוויינען צו יזכור און זאָגן אַ קדיש נאָך אונדזערע קדושים.**

זיצן פון רעכטס: תנחום אסתרקין, משה אסתרקין, שלמה אגינסקי; שטייען פון רעכטס: גצל ריסר, משה בורסוק, שמואל ליב אַגינסקי, מענדל מאַכטיי.

# יוסף רייך / פֿראַגמענטן פֿון „וואַלד אין פלאַמען"

יוסף רייך, דער מחבר פון דעם בוך „וואַלד אין פלאַמען", איז געווען אַ פליט פון וואַרשע, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט די גרויזאַמע צייט אין סטויבצער געטאָ און שפּעטער אין וואַלד. די זכרונות פון יענער צייט האָט ער פאַראייביקט אין זיין בוך, וועלכער איז דערשינען אין יאָר 1954 אין בוענאָס־איירעס (פאַרלאַג יידבוך).

אין די באַגרענעצטע ראַמען פון דעם „ספר הזכרון" ברענגען מיר בלויז געציילטע פראַגמענטן פון אויבנדערמאָנטן בוך, וועלכער דאַרף געלייענט ווערן פון יעדן בן־עיר.

די רעדאַקציע

דענ 27טן יוני האָבן די דייטשן פאַרנומען סטויבץ. די ערשטע צוויי טעג האָבן די דייטשן נישט געטשעפּעט די יידן.

דעם 29טן יוני 1941. באַלד אינדערפרי זיינען מיר געוואָרן איבערראַשט און פאַרוואונדערט דורך אַ שטאַרקער שיסעריי, וואָס האָט זיך געהערט האַרט נעבן אונדז. דורך די פענצטער האָבן זיך דערזען די פלאַמען פון די שכנותדיקע ברענענדיקע הייזער און דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז מיר געקומען אויפן רעיון, איז געווען אַ דערפרייענדיקער — דאָס זיינען מן־הסתם „אונדזערע" צוריקגעקומען און קעמפן מיט די דייטשן. אַרויסקומענדיק אין דרויסן האָב איך זיך אָבער ביטער אַנטוישט. אומעטום איז געווען פול מיט דייטשן, וועמענס אויסזען און האַלטונג האָט נישט געזאָגט עדות, אַז ס׳זאָל זיך דאָ נאָענט געפינען עמיצער וואָס קאָן זיי באַאומרויקן. די אויסגעשטרעקטע אויטאָמאַטן גרייט צום שיסן, אין זייערע הענט, זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף שוצלאָזע און צום טויט־דערשראָקענע מענער, וועלכע זיי האָבן געבראַכט צו פירן פון אַלע זייטן.

די געבראַכטע זיינען געוואָרן פאַרייניקט צו דער מחנה מענער, וואָס האָט זיך שוין געפונען פריער אויף אַ פלאַץ רעכטס פון מיר, אַרומגערינגלט דורך ס. ס.־לייט מיט אָנגעצילטע אויטאָמאַטן. איך האָב זיך געוואָלט צוריקציען אין שטוב אַריין און כ׳האָב זיך אינסטינקטיוו געשאַרט אויף לינקס, טוליענדיק זיך האַרט צו דער וואַנט פון שטאַל. נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. באַלד זיינען לעבן מיר אויסגעוואַקסן צוויי דייטשן און אונטערשטופּנדיק מיך מיט די לופעס פון אויטאָמאַטן, האָבן זיי מיך איבערגעגעבן אַן אַנדערן דייטש, וועלכער האָט מיך אַוועקגעפירט אויף לינקס צו אַ גרופּע מענער וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט אָפּגערוקט פון גאָס און נענטער צום פעלד. אונדזער גרופּקעלע איז געווען אַ קלענערע ווי די, וועלכע האָט זיך געפונען אויף רעכטס און די באַציונג פון די דייטשן צו אונדז איז געווען נישט אַזאַ שטרענגע ווי צו זיי. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, מ׳האָט אונדז אַוועקגעפירט הינטערן שטאָט אויף אַ פעלד און דאָרטן געהאַלטן אונטער אַ וואַך. פון שטעטל האָט זיך כסדר געהערט אַ שיסעריי און אונדז האָט געמאַטערט די פראַגע — וואָס קומט דאָרט פאָר?..

מיר האָבן זיך באַמיט עפּעס געוואָרן צו ווערן ביי די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געהיט. נאָך זייערע רייד נאָך איז אויסגעקומען, אַז דורך אַ פענצטער פון דער לעניןָ־גאַס (מינסקער) זאָל מען האָבן אויסגעשאָסן צום מאַרשירנדיקן מיליטער און אַלס שטראָף דערפאַר, ווערט פאַרניכטעט די דאָזיקע גאָס. נאָכן אָפּהאַלטן איייניקע שעה, האָט מען אונדז באַפרייט און איך בין מיט אַלע כוחות, אין איין אָטעם, געלאָפן אין שטאָט.

קומענדיק אויף דער לעניןָ־גאַס (מינסקער) בין איך דערשיטערט געוואָרן פון דעם חורבן, וואָס די דייטשן האָבן דאָרט אָנגעמאַכט דורך דער קורצער צייט. די דאָזיקע שענסטע און באַלעבסטע גאָס פונם שטעטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־הקברות, וואָס איז געווען פול מיט נישט־באַגראָבענע מתים. עס האָט זיך דאָרט נישט געפונען קיין לעבעדיק נפש, ביי וועמען עפּעס צו פרעגן, ביי וועמען עפּעס געוואָר צו ווערן. די איינצלנע שטובן, וואָס זענען נישט געוואָרן אונטערגעצונדן דורך די דייטשן, זיינען געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן, אַלץ איז דאָרט געלעגן אויף הפקר און קיין דייטשן האָבן זיך אויך נישט געזען אין ערגעץ. אַרום איז געווען שטיל און רואיק, פון ערגעץ האָט זיך נישט געהערט קיין קלאַנג און סימן פון לעבן. אַלץ איז געווען פאַרגליווערט, אָפּגעשטאָרבן. בלויז די גופים פון די טויטע מענער, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אומעטום, די סקעלעטן פון די איבערגעבליבענע הייזער, וועלכע האָבן נאָך געברענט, ווי ליכט פאַר די נשמות פון די אומגעקומענע, האָבן דערציילט וועגן פאַרברעכן, וואָס איז דאָ באַגאַנגען געוואָרן. מיט אַ ציטערדיק האַרץ האָב איך זיך דערנענטערט צום אָרט, ווו עס האָט געוווינט מיין שוואָגער. אויף דער טיר איז געהאָנגען אַ שלאָס און איך האָב לייכטער אָפּגעאָטעמט, מסתמא זיינען זיי אין ערגעץ אַוועק, — האָב איך געטראַכט — און זיינען אפשר ניצול געוואָרן פון טויט. כ׳בין אַרויס אין גאָס און אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָב איך זיך, אַזוי ווי אויף עמעצנס אַ באַפעל, אומגעקערט און בין צוריק אַריין אין הויף. כ׳האָב נאָכאַמאָל באַטאַפּט דעם שלאָס, צי ס׳איז גוט פאַרמאַכט, כ׳האָב אַריינגעקוקט דורכן פענצטער אין שטוב. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטע און גאָרנישט באַמערקט קיין באַזונדערס. נאָר גייענדיק טיפער אין הויף האָב איך באַמערקט אין אַ ווינקל ביים שטאַל זיינען געלעגן דריי מתים: אויף די אָנגעוואָרפענע קלעצער, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט פון שטאַל, מיטן רוקזאַק אויף די אַקסלען און מיט אַ קליינעם בלוט־סימן אויף דער לינקער שלייף, איז געלעגן מיין שוואָגער נח פיש. זיין טויט האָט געמוזט קומען אַזוי אומגעריכט און פּלוצים, אַז ער איז געוואָרן פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט אין דער זעלבער פּאָזע און מיטן זעלבן אויסדרוק ווי ביים לעבן. ער האָט נישט אויסגעזען ווי אַ מת נאָר ווי אַ וואַקסענע פיגור. לעבן אים, מיט די פּנימער צו דער ערד זיינען געלעגן, זיין שוועער יצחק בלאָך און זיין שוואָגער, סטאַשעק בלאָך. אָפּגערוקט אַ פּאָר מעטער פון דעם דריילינג, אַרומגענומען און פאַרפלאָכטן צווישן זיך מיט די הענט, זיינען געלעגן, דער טויטער קערפּער פון אינזשיניער כאַיטאָוויטש און זיין פרוי. דאָס איז געווען די איינציקע פרוי, וואָס האָט זיך געפונען צווישן דער

גרויסער צאָל דערשאָסענע אין דעם ערשטן אַרויסטריט פון די דייטשן אין דעם שטעטל סטויבץ. דעמאָלט זיינען נאָך די דייטשן געווען „ריטערלעך" און האָבן געשוינט פרויען. זי האָט מסתמא נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר געליבטן מאַן.

אין מיטן יולי 1941. די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס זיינען איצט פאַרבייגעגאַנגען דורך סטויבץ, זיינען שוין נישט געווען אַזעלכע מוסטערהאַפטע און האָבן שוין נישט געמאַכט אַזאַ אימפּאָנירנדיקן איינדרוק, ווי די ערשטע מאָטאָריזירטע שטורעם־אָפּטיילונגען. אַ סך פון אָט די דייטשן האָבן ליב געהאַט זיך אַרויסצוזאָגן פאַר אונדז וועגן דעם גורל, וואָס עס דערוואַרט די יידן. דער גרעסטער טייל האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט ברוטאַלער פרייד. אַ קליינער טייל — גלייכגילטיק און מאַנכע אַפילו מיט באַדויערן, נאָר אַלע האָבן זיי איבערגעחזרט דאָס זעלבע: „וויר זיינען די ערשטער, מיט אונס איסט עס נאָך ניכט זאָ שלים, נאָך אונס קומען די צווייטע, דאַן ווערט ער פיל שלימער פיר אויך יודען, נאַכער קומען די דריטען, די לעצטען דאַן זייט איר גאַנץ קאַפּוט". טייל פלעגן דאָס וואָרט „קאַפּוט" נאָך אילוסטרירן מיט דער געהעריקער זשעסטיקולאַציע, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט בילדלעך ווי אַזוי מיר ווערן „קאַפּוט". איך האָב דאָס וואָרט „קאַפּוט" דעמאָלט פאַרשטאַנען מער סימבאָליש, קאַפּוט מיט אייער מאַכט, מיט אייער הערשאַפט, אָבער נישט פיזישע אויסראָטונג. נאָר ווי די טראַגישע פּראַקטיק האָט שפּעטער באַוויזן האָבן זיי געוווּסט, וואָס זיי ריידן און זיינען געווען גוט אינפאָרמירט.

סוף יולי 1941. דאָס פייניקן און באַרויבן די יידישע באַפעלקערונג האָט אָנגענומען אַ מער אָרגאַניזירטן כאַראַקטער. ס'זיינען אַרויס פאַרשיידענע פאַראָרדענונגען אונטערגעשריבן דורך דער געקומענער „אָרטס־קאָמענדאַנטור", אַ שטייגער: וועגן אַרבעטספליכט פאַר מענער פון 14 ביז 60 יאָר און פאַר פרויען פון 16 ביז 50 יאָר; וועגן טראָגן אָרעמבענדער מיט מגן דודס; וועגן פאַרבאָט צו קויפן ביי אַריער א"אַ. אייגנאַרטיק איז גאָר געווען דער אופן ווי אַזוי עס איז געווען אָרגאַניזירט דאָס פונאַנדערשיקן די יידן אויף אַרבעט. דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַזאַ בילד: אינעם צענטער פונעם שטעטל, אַנטקעגן דעם שטאָטישן געריכט סוף מינסקער גאַס איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ. דער פּלאַץ האָט זיך געפונען אויף אַ העכערער פלאַך פון גאַנצן אַרום, וואָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ספּעציעל אויסגעבויטער עסטראַדע. אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ האָבן זיך געמוזט צוזאַמענקלייבן יעדן טאָג, 5 אַ זייגער אין דער פרי, די יידן פון סטויבץ. איבער דער גאַנצער לענג פונעם פּלאַץ זיינען געווען אויסגעשטעלט סלופּעס, אַזוי ווי וועגווייזער מיט אויפשריפטן פון 1 ביז 100 פון 100 ביז 200 אאַז"וו ביז אַריבער טויזנט. לעבן יעדן אַזאַ סלופּ זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען אין צוויי שורות 100 מענטשן; מענער אין באַזונדערע קאָלומנעס, פרויען אין באַזונדערע און יוגנטלעכע אין באַזונדערע. אַרום דעם פּלאַץ האָט זיך געפונען ווי צושויער די אָרטיקע אַרישע באַפעלקערונג. צווישן זיי האָבן זיך געפונען סתם נייגעריקע, וואָס זיינען געקומען זיך קוויקן מיט דעם גרויסאַרטיקן בילד און אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען „געשעפטלעך", וועלכע האָבן געוואַרט, אַז מען זאָל זיי צוטיילן יידישע שקלאַפן צו דער אַרבעט.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך באַוויזן דער אָרטס־קאָמענדאַנט מיט זיין געהילף, דער „זאָנדער־פירער" פאַר יידישע ענינים. דער זאָנדער־פירער — אַ פאָלקסדייטש פון לעטלאַנד, וועלכער האָט גערעדט גוט רוסיש איז אַרויס אויפן פּלאַץ, ווי אַ ווילדע חיה, וואָס איז ערשט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון שטייג. ער איז אַרומגעלאָפן אַ צעיושעטער צווישן די אויסגעשטעלטע מענטשן־רייען מיט געשרייען, געוואַלדן, זידלערייען און האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ פחד. פאַרן מינדסטן חטא און אויך אָן וועלכער סיבה, האָט ער געטיילט פעטש. זיינע פעטש זיינען געווען הילכיקע און האָבן אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן פּלאַץ און דערפאַר האָבן מיר אים געגעבן אַ צונאָמען „דער פאַטשער". נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן דאָס צעשיקן אויף אַרבעט. ראשית זיינען געוואָרן דערליידיקט די דייטשע פאָדערונגען אויף יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געוואָרן באַנוצט אויף צו לייגן באַן־רעלסן, בויען וועגן, לאָדענען וואַגאָנען און אויף צו באַדינען די אַדורכפאָרנדיקע מיליטערישע טראַנספּאָרטן. די פרויען האָבן זיי אַממיינסטן באַנוצט אויף צו רוימען און וואַשן וועש. טייל דייטשן פלעגן אַליין קומען זיך אויסקלייבן אַרבעטער און זיי גלייך מיט זיך מיטנעמען. דעמאָלט האָט מען זיך באַמיט דורך פאַרשיידענע אופנים אַריינצופאַלן צו „גוטע" דייטשן. דערביי זיינען אָפט פאָרגעקומען פאַטאַלע טעותים. ווייל די שלעכטע דייטשן האָבן זיך אַ סך מאָל אַרויסגעוויזן פאַר גוטע און די „גוטע" דייטשן פאַר שלעכטע. אָפּגעפאַרטיקט מיט די דייטשע פאָדערונגען אויף יידישע אַרבעטער האָט מען זיך גענומען דערליידיקן די ווייסרוסישע פאָדערונגען, וועלכע זיינען געווען צווייערליי, פון פריוואַטע פערזאָנען און פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די פריוואַטע פערזאָנען (נאָר ווייסרוסן האָבן געניאָסן פון דער פריווילעגיע, פּאָלאַקן נישט) האָבן באַקומען יידישע אַרבעטער אויף צו בויען פאַר זיך הייזער, שייערן און אויף צוצוהעלפן אין דער באַלעבאַטישקייט און אין זייערע פריוואַטע אונטערנעמונגען. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט באַקומען יידישע אַרבעטער אויף אויסצופירן אַלע שווערע און שמוציקע אַרבעטן, וואָס זיינען געווען נייטיק פאַרן שטעטל. אַ ספּעציעלע בריגאַדע פון יידישע פרויען איז געווען באַשטימט אויף צו קערן די גאַסן. ביזן קומען פון די דייטשן האָט זיך געפירט אין סטויבץ, וואָס איז אגב געווען זייער אַ ריין שטעטל, אַז יעדער באַלעבאָס האָט געהאַלטן ריין דאָס שטיקל שטח ווו ער האָט געוווינט. איצט האָבן די יידישע פרויען געמוזט קערן פאַר אַלעמען און דער גרעסטער טייל פון די סטויבצער אַריער, זייענדיק פריי פון אַרבעט, האָבן דערווייל געלעבט ווי פּאַטריצער און האָבן גענאָסן אומגעשטערט אין פולער מאָס פון דעם, דורך זיי אָנגערויבטן, יידישן האָב און גוטס.

25 יולי 1941. היינט זיינען די יידן פון סטויבץ, וועלכע האָבן זיך געשטיקט און געמאַטערט אין דעם גהינום, וואָס ס'האָבן געשאַפן פאַר זיי די שוין היימיש־געוואָרענע דייטשע פייניקער, געוואָרן אויפגעטרייסלט פון אַ פריש אומגליק, וואָס

האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זייערע קעפּ. ס׳זיינען אַראָפּגעקומען אין שטעטל אויף אַ „גאַסטראָל״ די מחבלים פון דער געסטאַפּאָ און האָבן פאַרצוקט פרישע 90 יידישע לעבנס. די זאַך איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: שוין אייניקע טעג ווי כ׳האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט נאָך אייניקע הונדערט יידן, 8 קילאָמעטער הינטערן שטאָט, ביים בויען אַ נייעם וועג. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, דער טעמפּאָ אַ מערדערישער, דער וועג האָט געדאַרפט דינען פאַר דעם אַדורכמאַרש פון דייטשן מיליטער און האָט געמוזט פאַרטיק ווערן אין געציילטע טעג.

אזוי גייענדיק צוריק אַהיים זיינען מיר דערגאַנגען ביז צום שטעטל, נאָר דאָ האָט אונדז דערוואַרט אַ טרויעריקע איבעראַשונג, וואָס האָט אונדז געמאַכט פאַרגעסן פון הונגער און מידקייט און אַרויסגעשלאָגן פון די קעפּ אין איין אויגנבליק אַלע זיסע פּאַנטאַזיעס וועגן פאַרדינטן אָפּרו. אויפן מיטן וועג האָבן שוין פון פריער אונדז אָפּגעוואַרט ס.־דעניקעס. (די נאַצישע פאָרמאַציע „זאָנדער דינסט״), וועלכע האָבן אונדז פאַרהאַלטן און באַגעגנט מיט אַ האָגל פון קלעפּ. זיי האָבן צוריקגעשיקט די דייטשן, וועלכע האָבן אונדז באַגלייט און זיי האָבן אונדז איבערגענומען אין זייער רשות. אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון קלעפּ און זידלערייען האָבן זיי אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און דערנאָך איז אָנגעקומען אַן עלעגאַנטער אויטאָ פון וועלכן עס זיינען אויסגעשטיגן געסטאַפּאָוצעס און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעלעקציע. זיי האָבן אַלעמען אויפמערקזאַם באַטראַכט, יעדן געקוקט אין די אויגן אַריין און זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין באַרוף. יעדן, וועלכן זיי האָבן חושד געווען, אַז ער איז אַן אינטעליגענט, האָבן זיי אַרויסגענומען פון דער ריי און מיטגענומען מיט זיך. און חושד געווען האָבן זיי יעדן, ביי וועמען זיי האָבן באַמערקט אַ לעבעדיקן אויסדרוק אויפן פּנים, אַ גרימאַסע פון פּראָטעסט אָדער פון מענטשלעכער ווירדע. פאַרדעכטיק איז פאַר זיי געווען יעדע גלייכע, גוטגעהאַלטענע פיגור און שטאָלצער אויסזען. כ׳האָב געהערט ווי איין געסטאַפּאָוויעץ האָט געזאָגט צום צווייטן, אָנווייזנדיק אויף אַ הויכן שלאַנקן בחור, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר, „אָט דער לאַנגער האָט אַזעלכע אומרואיקע אויגן״, און מען האָט אים אַרויסגענומען פון דער ריי. דעם ערשטן, וועמען די געסטאַפּאָוצעס האָבן אויסגעקליבן פאַרן קרבן און אַרויסגענומען אים פון דער ריי, איז געווען דער סטויבצער שוחט ר׳ שלמה חארי. דאָס איז געווען אַ זעלטענער טיפּ פון אַ שוחט און אַ זעלטענער טיפּ פון אַ מאַנספּערשוין, וועלכער האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן און האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין אויסזען צווישן צענדליקער טויזנטער. אַ הויכער, אַ ברייטער, מיט אַ שיינער בלאָנד־שוואַרצער באָרד און אַ פּאָר שוואַרצע ברענענדיקע אויגן. שטייענדיק אין דער ריי איז ער אַפילו דעם העכסטן פון צווישן אונדז איבערגעוואַקסן מיט אַ קאָפּ און האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ פעסטער דעמב צווישן נישט־אַנטוויקלטע ביימער. נאָך דעם, ווי ס׳האָט זיך געענדיקט דאָס אַרויסקלייבן די בעסטע, די גראַטענסטע פון אונדז האָט מען די איבעריקע געשלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ און געיאָגט ווייטער. נאָכן אָפּגיין אַ שטיקל וועג האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע פּראָצעדור פון סעלעקציאָנירן אויף דאָס ניי, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן פון אַנדערע געסטאַפּאָוצעס. דאָס האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט דריי מאָל און יעדעס מאָל זיינען אונדזערע רייען קלענער געוואָרן מיט אייניקע פּערזאָן און צווישן די געבליבענע איז געוואַקסן די צאָל צעשלאָגענע און צעקאַליעטשעטע. דאָס זעלבע האָט זיך אין דעם טאָג איבערגעחזרט אויך ביי אַנדערע גרופּן יידישע אַרבעטער. אַחוץ דעם האָט מען נאָך אַרויסגענומען פאַרשיידענע פּערזאָנען לויט אַ ליסטע, פון זייערע הייזער. די אַלע מענטשן זיינען אויף אייביק פאַרשוווּנדן אָן אַ שפּור, דאָס אָרט און דער אופן פון זייער אומקום איז געבליבן דער סוד פון די דייטשע תלינים.

אָנהייב אויגוסט 1941. עס איז געקומען אין סטויבץ אַ פרישע אָרטס־קאָמענדאַנטור, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „די ווינער״, ווייל דער קאָמענדאַנט און דער גרעסטער טייל פון דער מאַנשאַפט האָבן געשטאַמט פון ווין.

דאָס איבערנעמען די מאַכט דורך די „ווינער״ האָט זיך אָנגעהויבן גרויסאַרטיק און האָט געוועקט גוטע האָפענונגען ביי די יידן פון סטויבץ. נאָכן איבערנעמען זיין אַמט האָט דער נייער קאָמענדאַנט, אַ ווינער פּראָפעסאָר אין ראַנג פון אַן אָבער־לויטנאַנט, גערופן צו זיך די יודנראַט־מיטגלידער, געבעטן זיצן און גערעדט מיט זיי פריינדלעך און מיטפילנד. ער האָט זיך אויפגערעגט אויף דעם „באַרבאַריזם״, וואָס יידן מוזן טראָגן ספּעציעלע צייכנס און האָט צוגעזאָגט צו באַמיען זיך, אַז ס׳זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די „שענדלעכע״ (זיין באַצייכענונג) פאַראָרדענונג. דערווייל האָט ער געמאַכט דעם ערשטן זשעסט און אַריינגעטראָגן פאַרלייכטערונגען אין דער פאַראָרדענונג וועגן אַרבעטס־פליכט פאַר יידן וואָס ס׳האָט אַרויסגעגעבן די פריערדיקע קאָמענדאַנטור, אין דעם זין, אַז מענער זיינען פאַרפליכטעט צו אַרבעטן נאָר פון 16 ביז 50 יאָר און פרויען פון 18 ביז 40. די יודנראַט־מיטגלידער זיינען צוריקגעקומען פון דער קאָמענדאַנטור אין אַ געהויבענער שטימונג און זיינען געווען געריררט פון דער איידעלער און מענטשלעכער באַציונג מצד דעם קאָמענדאַנט. אין די טעג פון גוטער האָפענונג האָב איך געאַרבעט אין דער קאָמענדאַנטור אַלס שניידער. געאַרבעט האָב איך אין דעם צימער פון נייעם זאָנדער־פירער פאַר יידישע ענינים, קאָך, און האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך צוקוקן פון דער נאָענט צום שפּעטערדיקן תליון פון צענדליקער טויזנטער יידן פון דער גאַנצער אַרר־מיקער געגענט. איצט איז ערשט דער יודנראט צוגעטרעטן אויסצופירן זיין אייגנטלעכע ראָל.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן זיך די סטויבצער תושבים געבונטעוועט, וואָס די „ביעזשענצעס״ האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט אין יודנראַט. נאָר מ׳איז צווישן זיך אַדורכגעקומען און דער יודנראַט איז געוואָרן רעאָרגאַניזירט אין דעם זין, אַז צום „ביעזשעניעץ״, דעם פּרעזעס פון יודנראַט האָט מען צוגעטיילט אַ פאַרטרעטער אַ סטויבצער תושב. דער פּרעזעס פון יודנראַט איז געווען אַ געוויסער וויטנבערג, אַ פּליט פון לאָדזש. דאָס איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר דרייסיק,

אַן אָרנטלעכער מענטש מיטן אַ גוטן כאַראַקטער, נאָר אויף צו זיין אַ געזעלשאַפטלעכער מנהיג האָט ער נישט געהאַט קיין שום קוואַליפיקאַציעס. זיין נאָמינאַציע פון די דייטשן אויף דעם דאָזיקן אַמט האָט ער באַקומען אַדאַנק זיין רעפּרעזענטאַטיוון אויסזען און אויך אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט געקענט גוט ריידן דייטש. דאָס איז געווען אַ בחור פון דער „גאָלדענער יוגנט", וואָס האָט גיכער געקאָנט פּרעטענדירן צו ווערן אויסגעצייכנט פאַר עלעגאַנטער האַלטונג און מענלעכער שיינקייט ווי צו פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן און סאַטיספאַקציע צו זען אים לעבן די דייטשע הערשער, שטענדיק אַ זויבערער, האָט ער אַפילו אין די ערגסטע צייטן נישט פאַרלוירן זיין מענערלעכן גלאַנץ און רייץ און אין זיין קעגנוואַרט האָבן די דייטשן מיט זייער ראַסן־טעאָריע אויסגעקוקט ווי חוזק. דער צופאַל האָט דעם דאָזיקן עלעגאַנטן בחור אויסגעשטעלט אויף אַזאַ אַמט, צו וועלכן ער איז נישט געווען פּעאיק.

פּראַס דאָס איז געווען אַ זעלטן קלוגער, פּעאיקער און ענערגישער מענטש, אַ גוטער סוחר מיט אַ נייגונג צו גרויסע ריזיקאַלישע געשעפטן. סטויבץ מיט אירע יידן איז געווען צו ווייניק אויף איינצושליסן זיין גאַנצע ענערגיע און איז געווען אַ צו קליינער אָביעקט פאַר זיין פאַרנעם. ער איז, פאַרשטייט זיך, אין קורצן געוואָרן דער פאַקטישער באַלעבאָס פון יודנראַט. אַלע איבעריקע זיינען געווען בלויז שטומע עדות לעבן אים. די סטויבצער האָבן געלייגט גרויס האָפענונג אויף פּראַסן. זיי האָבן געגלויבט, אַז ער, וואָס האָט געפירט פאַר דער מלחמה אַזעלכע גרויסע געשעפטן און האָט „געדרייט מיט אַ וועלט" וועט זיך אויך מיט די דייטשן אַן עצה געבן. נאָר וואָס האָט געקאָנט העלפן דער שאַרפסטער מוח, דער פיינסטער אינערלעכער מעכאַניזם, דער בעסטער קאָפּ, אַז יעטוועדער דייטש, דער נאַרישסטער, דער טעמפּסטער האָט אים געקאָנט צו יעדער צייט, צו יעדער סעקונדע צעשמעטערן. ס'קאָן זיין, אַז די חכמה פון אַן אַלט און דערפאַרן פאָלק, די פּעאיקייט צו אַנאַליזירן צופיל, דאָס וועגן און מעסטן מיטן געדאַנק אַלע מעגלעכקייטן, איז געווען אַן אומגליק פאַר די יידן. אין דער הפקרדיקער, היטלעריסטישער צייט האָט מען געדאַרפט האַנדלען לויטן אינסטינקט, אַזוי ווי אַ חיה, ווייל דאָס זיין אַ רואה את הנולד האָט געבונדן דעם ווילן און געהאַמעוועט יעדע טעטיקייט פון אָפּוער, פון נקמה.

דער יודנראַט האָט רעאָרגאַניזירט די אַרבעטס־פאַרמיטלונג אין דעם זין, אַז יעדנס אַרבעטספּלאַץ זאָל זיין, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, אַ סטאַבילער ; דאָס שיקן אויף אַרבעט זאָל נישט פאָרקומען כאַאָטיש און צופעליק ווי ביז איצט ; יעדער אַרבעטער זאָל קאָנען זיך צושטעלן צו דער באַשטימטער פאַר אים אַרבעט דירעקט און זאָל נישט זיין געצוווּנגען ווי ביז איצט, צו קומען יעדן פאַרמיטאָג אויף דער אַרבעטס־בירזשע. דאָס איז געווען אַ גוטער אויפטו און אַ גרויסע פאַרלייכטערונג פאַר די אַרבעטנדיקע, דאָס האָט אָבער אויך געהאַט שאָטנזייטן, וואָס זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס די באַדינגונגען און די געפאַר ביי די שקלאַפן־אַרבעט (די אַרבעטער זיינען מיט גאָרנישט געוואָרן באַלוינט) זיינען נישט אומעטום געווען קיין גלייכע.

דעם 10 אויגוסט 1941. די טעג פון גוטער האָפענונג פאַר יידן אין סטויבץ האָבן זיך געענדיקט. די אילוזיעס וועגן דער „גוטער" קאָמענדאַנטור זיינען צערונען געוואָרן. ס'איז געשען אַזעלכעס אויף וואָס קיינער האָט זיך נישט געריכט, אַזעלכעס וואָס האָט מער דערשטוינט און דערשיטערט די סטויבצער יידן, ווי דער מלחמה־אויסברוך, אזוינס, וואָס איז נישט געווען משיג צו זיין מיטן שכל. די „גוטע ווינער" זיינען איבער נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די שרעקלעכסטע, אין די בלוטיקסטע מערדער. אין דעם טאָג האָבן זיי אָן אַ פאַרוואָס געשאָסן צוויי יידן ; אַ גרויסע צאָל יידן האָבן זיי מערדערלעך צעשלאָגן ביי דער אַרבעט, אויף דער גאַס און אין די שטובן. אַלטע לייט און קינדער האָבן געמוזט ווייטער גיין צו דער אַרבעט. יידן איז פאַרווערט געוואָרן צו גיין אויפן טראָטואַר, אויפן אָרט פון קאָמענדאַנטס צוזאָגן אָפּצושאַפן דעם מוז צו טראָגן אָרעמבענדער מיט מגן־דודס, איז געקומען די פליכט צו טראָגן געלע לאַטעס אויף דער פּלייצע און ברוסט און נאָך אַנדערע גזירות.

דער גרעסטער קלאַפּ, וואָס האָט אַמיינסטן דערדריקט איז געווען דאָס אַרעסטירן די יודנראַט־מיטגלידער, ווען ס'האָט געדראָט דערשאָסן צו ווערן. דאָס אַלץ איז געקומען אַזוי פּלוצים און אומגעריכט, אַז די געהירן האָבן זיך געדרייט דערפון און מען איז שיעור נישט אַראָפּ פון זינען. נישט אַזוי ווייט פון דער פיזישער שרעק ווי פון דער אויסטערלישקייט פון דעם געשעענעם. אַ שטייגער ווי שטויביקע חיות וואָלטן פּלוצים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וועלף אָדער טויטע קעגנשטאַנדן וואָלטן זיך אָנגעהויבן באַוועגן.

די יודנראַט־מיטגלידער האָט מען נישט געשאָסן, נאָר נאָכן אָפּהאַלטן זיי צוויי טעג אין אַרעסט און דורך שלאָגן און דראָען מיט טויט האָט מען זיי פּסיכאָלאָגיש געהעריק צוגעגרייט צו קאָנען אויספירן זייער אויפגאַבע ביי די נייאַנטשטאַנענע באַדינגונגען.

די סטויבצער קאָמענדאַנטור איז שנעל טרויעריק באַרימט געוואָרן אויך אויסער סטויבץ. קאָך מיט זיינע געהילפן זיינען אַרומגעפאָרן ווי „גאַסטראָלערן" איבער די אַרומיקע שטעטלעך און אויסגעשאָסן טויזנטער יידן. מיר פלעגן זען, ווי זיי זיינען אַרויסגעפאָרן מיט ליידיקע לאַסט־אויטאָס און זיינען צוריקגעקומען מיט פולגעפּאַקטע, מיט די זאַכן פון די דערשאָסענע. דערנאָך זיינען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז אין טורעץ, קלעצק, ניעסוויעזש, מיר, גאָראָדיע, שווערזשנע אָדער אַנדערשוווּ זיינען דערשאָסן געוואָרן אַזויפיל און אַזויפיל הונדערטער יידן.

קאָך איז געוואָרן רייך ווי קורח און האָט געלעבט ווי אַ מזרחדיקער פּירשט. די צייטן, ווען ער איז געשלאָפן אויף אַ ציכל פון פּויערישע לייוונט אָנגעשאָטן מיט היי, און האָט זיך געבעטן ביי מיר, אַז כ'זאָל אים שאַפן שטאָף אויף אַן אָנצוג — זיינען שוין לאַנג פאַרביי. אַחוץ קאָכן האָבן זיך געפונען צווישן די „ווינער" נאָך אייניקע תלינים, וועמענס

בלוטיקע געשטאַלטן האָבן זיך טיף און טראַגיש איינגעקריצט אינעם זכרון פון דער יידישער באַפעלקערונג פון סטויבץ. איינער פון די עקלדיקסטע פון צווישן זיי איז געווען דער „געלער", ביים נאָמען רייכל.

דאָס איז געווען אַ פּראָסטער דייטשער זעלנער פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק. אַ פאַרזעעניש פון דער נאַטור. אַ סאַדיסט און אַ וואַמפּיר, אַ טיפּ פון אַ האַרימאַן. בלוט, טרערן און מענטשלעכער ווייטיק איז געווען זיין גענוס.

אים איז געוואָרן איבערגעגעבן אַ גרופּע יידישע אַרבעטער איבער וועלכע ער איז געוואָרן דער אויסשליסלעכער באַלעבאָס און זיי האָבן געדינט ווי שטאָף פאַר זיינע פאַרברעכערישע אינסטינקטן. וועמען ער איז אַריינגעפאַלן צו אים אין האַנט, האָט זיך שוין פון פריער געזעגנט מיטן לעבן און אויב מען איז אַרויס פון אים אַ לעבעדיקער, איז געווען אַ נס. דער „געלער" איז געווען דער בלוטיקער קאַשמאַר פאַר די יידן אין סטויבץ אין „רואיקע טעג". ס'איז נישט פאַרביי קיין איין טאָג, אַז צווישן דער גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט אונטער זיין אויפזיכט זאָל נישט פּאַסירן עפּעס אַן אומגליק, אַז ס'זאָלן נישט קומען פון דאָרטן קיין צעממיתטע, מיט צעבראָכענע אברים, געשמיסענע, גאַנץ אָפט זיינען טייל אַרבעטער פון דאָרטן אין גאַנצן נישט צוריקגעקומען. ווייל זיי זיינען געוואָרן פאַרפייניקט דורכן „געלן". דער „געלער" איז נישט מיד געוואָרן, ער איז נישט אָפּגעשטאַנען אין זיין אַרבעט. אים האָט מען נישט געקאָנט איבערקויפן אַזוי ווי די אַנדערע. ער האָט נישט געדאַרפט קיין גאָלד, ער האָט נישט געדאַרפט קיין אַנדערע קאָסטבאַרקייטן. אים איז געווען נייטיק דאָס בלוט, די טרערן פון זיינע קרבנות. ער האָט זיך געקוויקט מיט זייערע יסורים, מיט זייער פּיין, זייער שרעק, זייער צער זיינען געווען נאַרונג פאַר זיינע סאַדיסטישע נייגונגען. ער האָט נישט אָפּגעלאָזט פונעם אויג זיינע קרבנות אויף קיין איין מינוט, נאָר ווי אַ וואַמפּיר געגנאַגט זייער מאַרך און בלוט. ער איז געווען איינפאַלעריש און דערפינדעריש ביים פייניקן זיינע קרבנות און ער האָט געהאַט אַ פערזענלעכן באַציונג צו זיי. אַזוי האָט איין מאָל פּאַסירט, אַז ער האָט צעהרגעט איינעם פון זיינע אַרבעטער, אַז ער איז געווען זיכער, דאָס יענער לעבט שוין נישט מער. נאָר נאָך דעם, ווי ער איז פונדעסטוועגן אויפגעשטאַנען און ווייטער געלעבט, איז ער געוואָרן אַזוי „געריירט", אַז ער האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, געגעבן גוט אָפּצועסן און געשענקט אַ פּאָר שיך. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך איבערהויפּט צו אים בעסער באַצויגן ווי צו אַנדערע און האָט אים פּאַוואָריזירט.

ביי די אַלע אייגנשאַפטן האָט דער „געלער" פונדעסטוועגן נישט פאַרמאָגט די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס אויף צו זיין אַ מאַסן־מערדער לויטן דייטשן פּאַרנעם, לויט דער דייטשער טעכניק. ס'איז פּאַראַדאָקסאַל, ס'קאָן זיין, אַז דווקא זיין סאַדיזם האָט אים געשטערט דאָס צו ווערן און דערפאַר, האָט ער זיך פאַרנומען בלויז מיט קליינער אַרבעט. אויף זיין קאָנטאָ האָט ער נישט געהאַט קיין צענדליקער טויזנטער אומגעבראַכטע, אַזוי ווי זיין קאַמעראַד קאָך, נאָר קוים איי־ניקע צענדליק.

אַזאַ פאַרברעכער איז מסוגל צו ווערן יעדערער אָנשטענדיקער און קולטורעלער דייטש. ער דאַרף נאָר באַקומען אַ באַפעל און אַ געהעריקע דאָזע „אידעאָלאָגישע" באַגרינדונג, אַז דאָס איז נייטיק און נוצלעך פאַר דער גרויסקייט פון זיין פאָטערלאַנד.

5 נאָוועמבער 1941. היינט איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש וואָס האָט ווידער אויפגעטרייסלט ביזן גרונט די שוין אַ ביסל באַרואיקטע געמיטער. דער גרעסטער טייל יידן איז שוין געווען פאַרמאַכט אין געטאָ. בעת מ'האָט אַריינגעקלאַפּט די סלופּעס און אַרומגעצוימט דאָס געטאָ, האָבן מיר געפילט אַ ווייטיק, אַזוי ווי מען וואָלט אונדזערע אייגענע נאַקעטע לייבער אַרומגעוויקלט מיט דער פאַרזשאַווערטער שטעכיקער דראָט. נאָר מיט דער צייט האָט מען זיך צו דעם אויך צוגעוווינט. יעדער איז געווען פאַרנומען און נאָכן ענדיקן די שקלאַפן־אַרבעט, זיך אָנגעשטרענגט איבער די כוחות, כדי זיך אויסצוקאָמבינירן אַ שטיקל אָרט צום וווינען.

אין שוויערזשנע האָבן די דייטשן צוזאַמענגעקליבן אַלע יידן אויף אַ פּלאַץ, אַרויסגענומען פון צווישן זיי די קינדער, די שוואַנגערע פרויען און אַלע עלטערע מענטשן און זיי דערשאָסן, — צוזאַמען איבער 400 פּערזאָן.

שוויערזשנע ליגט 3 קילאָמעטער פון סטויבץ, אויף דער אַנדערער זייט פון טייך ניעמאַן, און האָט זיך גערעכנט ווי אַ טייל פון סטויבץ. נאָכן קומען פון די דייטשן זיינען די שוויערזשנער און די סטויבצער יידן געוואָרן אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע דורכן בריק, וואָס עס איז זיי נישט דערלויבט געווען אַדורכצוגיין. אין שוויערזשנע האָט זיך געפונען אַ גרויסער טאַרטאַק, ווו עס האָבן געאַרבעט אַ סך יידן, און דערפאַר, האָבן די דייטשן זיי נישט פאַרטריבן אין סטויבצער געטאָ, נאָר דאָרטן געשאַפן אַ באַזונדערן געטאָ מיט אַן אייגענעם יודנראַט. נאָכן דערשיסן די נישט אַרבעטס־פעאיקע האָבן די דייטשן ליקווידירט דאָס געטאָ און פון די לעבנס־געבליבענע געשאַפן אַן אַרבעטס־לאַגער.

דעם 15־טן מאַי 1942 זיינען אַוועק פון סטויבצער געטאָ אין וואַלד 5 פּערזאָן באַוואָפנט מיט ביקסן. זיי זיינען געגאַנגען אין שליחות פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיי באַזאָרגט מיט געווער. מיט זיי צוזאַמען איז אַוועק אַ גוויסער שפּיגעל, אַ פּליט פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוועצק, אַ קאָמוניסטישער טוער פון פאַר דער מלחמה. ער האָט געאַרבעט אין אַ סמאָליאַרנע אין סטויבצער ראַיאָן און האָט געקענט די אַרומיקע וועלדער. זייער אויפגאַבע איז געווען איינצושטעלן אַ קאָנטאַקט צווישן אונדזער אָרגאַניזאַציע און די פּאַרטיזאַנער.

אַ פאָטער פון איינעם פון די אַוועקגעגאַנגענע, אַ מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן טישלער־פאַראיין אין וואַרשע האָט זיך אַזוי איבערגענומען פון דעם, וואָס זיין זון איז אַוועק פון געטאָ מיט געווער אין האַנט, — אַז פון גרויס פאַרצווייפלונג איז ער געלאָפן זיך טרינקען אין טייך ניעמאַן. דאָס כאַראַקטעריזירט גענוג בולט די שטימונג אין געטאָ צו יענער צייט.

דער יודנראַט האָט שוין איצט נישט באַקומען קיין באַפעלן און אינסטרוקציעס פון דער „אָרטס־קאָמענדאַנטור",

נאָר פון דער זשאַנדאַרמעריע. זיי, צוזאַמען מיט דער ווייס־רוסישער פּאָליציי אונטער דער אָנפירונג פונעם עלטערן זשאַנדאַרם שולץ — זיינען איצט געוואָרן די באַלעבאַטים איבער די יידן. דאָס האָט געהייסן „ציווילע פאַרוואַלטונג", די „אָרטס־קאָמענדאַנטור", האָט זיך איצט בלויז פאַרנומען מיט מיליטערישע ענינים.

די ערשטע בלוטיקע אַרבעט וואָס די זשאַנדאַרמעריע האָט אויסגעפירט זעלבסשטענדיק (אין אָנהייב האָבן זיי דאָס פּראַקטיצירט אונטער דער קאָמאַנדע פון דער „אָרטס־קאָמענדאַנטור"), איז געווען דאָס ליקווידירן די איינצלנע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געלעבט אין די דערפער. אויף איין אָרט איז זיי די אַרבעט נישט אין גאַנצן געלאַטיק אַדורך. דאָס איז געווען אין דאָרף קישעלאָוושטשינע נישט ווייט פון שווערזשנע. דאָרטן האָט געלעבט דער שניידער פייוול מיט זיין פאַמיליע. זיי זיינען געווען גוט צונויפגעלעבט מיט דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיי באַטראַכט ווי אַ טייל פון זיך ווי נוצלעכע איינוווינער פונעם דאָרף. בעת די זשאַנדאַרמעריע האָט אַרומגערינגלט די כאַטע פון דער דאָזיקער יידישער פאַמיליע און געוואָלט זיי אומברענגען, האָט פייוול זיך פאַרמאַכט פון אינעווייניק און אונטערגעצונדן די שטוב. אַז די שטוב האָט שוין געברענט איז ער אַרויס דורכן פענצטער, און מיט אַ פלאַש געשפּאָלטן דעם קאָפּ פון אָנפירער פון דער זשאַנדאַרמעריע. דער זשאַנדאַרם איז לאַנג אַרומגעגאַנגען מיט אַ באַנדיזשירטן קאָפּ, און עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דייטשער מענטאַליטעט, וואָס ער האָט זיך געקלאָגט אויף דעם „דומען־יודע", פאַרוואָס ער האָט אים געטאָן אַ עוולה — „ער דאַרף דאָך וויסן דאָס איך האָבע קיינע שולד, איך האָבע דאָך איין בעפעל בעקאָמען" — האָט ער געזאָגט מיט טעמפּער נאַיוויטעט.

אין דער צווייטער העלפט פון חודש יולי 1942 זיינען דערגאַנגען ידיעות אין געטאָ וועגן דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון די יידן אין די אַרומיקע שטעטלעך. יעדן טאָג איז אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה פון אַן אַנדער אָרט. דאָ פון גאָראָדעיע, דאָ פון קלעצק, פון ניעסוויעזש און פון אַנדערע ערטער. די דאָזיקע ידיעות האָבן אַרויסגערופן מהומה און פּאַניק אין סטויבצער געטאָ. דער עולם האָט אַראָפּגעלאָזן די הענט, אַריינגעפאַלן אין יאוש און פאַרנאַכלעסיקט די אַרבעט, „אַז מען וועט סיי ווי סיי נישט לאָזן לעבן" — האָט מען געענטפערט די יידישע אונטערטרייבער. עס האָט געדראָט ס'זאָל געשטערט ווערן די אַרבעטס־דיסציפּלין, דער יודנראַט מיט זיינע מענטשן האָבן זיך באַמיט צו באַרואיקן די געמיטער און גערופן אַלעמען נאָך בעסער, און פלייסיקער צו אַרבעטן. דאָס האָט געדאַרפט זיין די סגולה פאַר די סטויבצער יידן, אַז די דייטשן זאָלן זיי נישט אומברענגען.

5 אויגוסט 1942. היינט איז דורך סטויבץ פאַרבייגעפאָרן אַ לאַסטצוג מיט דעפּאָרטירטע יידן פון וואַרשעווער געטאָ. דער צוג האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן אַ ביסל. ער איז גלייך געוואָרן שטאַרק באַוואַכט דורך דער דייטשער וואַך־פּאָליציי, וועלכע האָט געשטערט צו דערנענטערן זיך צו אים. פון דער ווייט געהערטע, כאַאָטיש־אַרויסגעשריגענע, אָפּגעהאַקטע זאַצן דורך די פאַרמאַכטע וואַגאָנען, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן זיינען באַפאַלן דאָס געטאָ, געשאָסן און געכאַפּט מענטשן. איינער האָט אויסגעשריגן: „נישטאָ שוין קיין וואַרשעווער געטאָ, נישטאָ שוין אין וואַרשע קיין יידן"... דער צוג איז אַוועקגעפאָרן ווייטער אויף מזרח.

22 סעפּטעמבער 1942. היינט האָט אַ באַן־מאַשיניסט געבראַכט פון באַראַנאָוויטש אַ טרויעריקע ידיעה, אַז דאָרט קומט פאָר אַ שחיטה אין געטאָ. דאָס איז שוין די דריטע „אַקציע" אין באַראַנאָוויטשער געטאָ און דאָס דאַרף זיין די לעצטע, וואָס דאַרף אַנטגילטיק ליקווידירן דאָס באַראַנאָוויטשער געטאָ. אין סטויבצער געטאָ האָט די דאָזיקע ידיעה געמאַכט אַ באַזונדער שווערן און דערדריקנדיקן איינדרוק און האָט אַרויסגערופן מער צערודערונג און פּאַניק ווי די אַנדערע ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פון יידן אין די אַרומיקע ערטער. די סיבה דערפון איז געווען די אייגנאַרטיקע „טעאָריע", וואָס די סטויבצער יידן האָבן זיך געשאַפן, אַז די דייטשן האָבן ליקווידירט די יידן נאָר דאָרטן, ווו ס'איז נישט פאַראַן קיין גרויסער באַן־קנופּ, ווייל אויף אַזעלכע ערטער זיינען די יידן נישט נויטיק. דאַקעגן־זשע ווו עס איז פאַראַן אַ גרויסער באַן־קנופּ, ווי אַ שטייגער: באַראַנאָוויטש־סטויבץ־מינסק, לעבן יידן און וועלן ווייטער לעבן, ווייל זיי זיינען נויטיק צו דער אַרבעט פאַר די דייטשן. נאָר אויב מען ליקווידירט שוין די יידן אין באַראַנאָוויטש איז אויס מיט דער דאָזיקער לאָגיק און אַלע ראַציאָנעלע אויסטייטשונגען.

דעם זעלבן טאָג האָט פּאַסירט נאָך עפּעס. די שוועגערין מיינע, וועלכע האָט געאַרבעט אין אַלגעמיינעם אַרבעטס־אַמט אויסערן געטאָ, איז היינט געקומען מיט צוויי שעה פריער פון דער אַרבעט ווי געוויינטלעך — אַ פאַרוויינטע און אַ דערשלאָגענע. די סיבה דערפון איז געווען דאָס, וואָס דער פאַרוואַלטער פון אַרבעטס־אַמט, דער ווייסרוס פּרושענאָווסקי איז געקומען צו גיין אין ביוראָ אַ דענערווירטער. אַ צעשטרייטער און האָט איבערגעגעבן, אַז די דייטשן האָבן זיך געוואָנדן צו אים נאָך 50 קריסטלעכע אַרבעטער אויף צו גראָבן גריבער הינטערן שטאָט. אַ שרעקלעכע זאַך וועט געשען!... האָט ער אויסגערופן און פאָרגעלייגט דער שוועגערין צו ענדיקן פריער די אַרבעט. די שוועגערין איז גלייך אַוועקגעלאָפן צו די פאָרשטייער פון יודנראַט און זיי דאָס איבערגעגעבן. נאָר די הערן פּראַס און וויטנבערג האָבן זיך אויסגעלאַכט פון איר: „פלוידערט נישט קיין ווייבערישע נאַרישקייטן און מאַכט נישט אָן קיין פּאַניק, גייט אַהיים און שלאָפט רואיק".

נאָר פונדעסטוועגן איז מען אין געטאָ די דאָזיקע נאַכט נישט רואיק געשלאָפן. עס זיינען באַשטימט געוואָרן דיזשורן, וואָס האָבן געוואַכט און אָבסערווירט וואָס עס קומט פאָר אַרום דער געטאָ־פאַרצוימונג. איך האָב דיזשורירט ביז דריי אַזייגער און איך האָב נישט באַמערקט קיין שום באַזונדערס.

23 סעפּטעמבער 1942. דער פרימאָרגן האָט זיך היינט

אָנגעהויבן אַ סך פריער ווי געוויינטלעך, איך האָב קוים באַוויזן איינצודרימלען ווי איך בין געוואָרן אויפגעוועקט דורך מיינע שכנים. אַלע זיינען שוין געווען אויף די פיס. דאָס ערשטע וואָרט וואָס איך האָב געהערט איז געווען, אַז דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט פון פּאָליציי. סוף־כל־סוף איז געשען דאָס שרעקלעכע, עס איז געקומען דער שוואַרצער טאָג. עס האָט באַקומען אַ רעאַלן אויסזען דאָס שרעקונגס־בילד, וואָס האָט געלעבט אין אונדז די גאַנצע צייט, געפּייניקט אין די טרויעריקע טעג און קאָשמאַרנע נעכט. נאָר קיין צייט אויף צו טראַכטן און צו מאַכן אַ חשבון־הנפש איז נישט געווען. די צייט איז קורץ!.. מיר זיינען אַרומגערינגלט און צאַפּלען זיך אָנמעכטיק געפאַנגענע אין אַ נעץ. יעדער זוכט פאַר זיך איינצוגראָבן טיף אין דער ערד אפשר וועט אים דער שונא נישט באַמערקן.

פּיינלעכע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיט די קינדער. טייל מאַמעס פלעגן ביז איצט מיטנעמען זייערע קינדער צו דער אַרבעט, אַ געוויסע צאָל קינדער פלעגן זיך זעלבסטשטענדיק אַרויסכאַפּן פון געטאָ מיט די אַרבעטער־גרופּן. זיי זיינען געווען פּאַסטוכער אָדער געטאָען אַנדערע אַרבעטן ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג און אַזוי אַרום פאַרדינט אויף ברויט פאַר זיך און זייערע עלטערן. היינט איז געהיטן געוואָרן שטרענג, עס זאָל זיך קיינער פון זיי נישט אַרויסבאַקומען. עס איז געווען רירנדיק ווי די קינדער האָבן זיך געבעטן ביי די קאָנטראָלערן און באַמיט זיך זיי איבערצוצייגן, אַז זיי זיינען שוין דערוואַקסענע און האָבן די פליכט צו אַרבעטן גלייך מיט אַלע אַנדערע. שוין נאָך דעם, ווי אונדזער גרופּע איז געווען פאָרמירט, האָט נאָך לאַנג געדויערט ביז מען האָט אונדז אַוועקגעפירט צו דער אַרבעט און איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן וואָס עס טוט זיך אַרום מיר: אַרום די געטאָ־פאַרצוימונגען, ווי ווייט מיין אויג האָט געקאָנט נאָכפאָלגן איז געווען געדיכט באַשטעלט מיט ווייסרוסישער פּאָליציי, באַוואָפנט מיט ביקסן, אויטאָמאַטן, האַנטגראַנאַטן און מאַשין־געווער. אַרום דעם געטאָ־טויער, נישט ווייט פון שולצן זיינען געשטאַנען עלטערע אין ראַנג פּאָליציאַנטן פריילעכע, אויפגערוימטע און מונטערע, אויסגעפּוצטע אין זייערע שוואַרצע מאַנטלען און ווייסע הענטשקעס אַזוי ווי אויף אַ יום־טוב. ביים געטאָ־טויער איז געווען אַ גרויסער געדראַנג, אַלע האָבן זיך געשטופּט מיט די אַרבעטס־קאַרטן אין די הענט און געריסן זיך פאָרויס מיט דעם גוואַלטיקן באַגער צו וועלן זיין אויף יענער זייט געטאָ־טויער, אויסערן פּאָליציי־קאָרדאָן.

דאָס אַרויסלאָזן פון געטאָ איז צוגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם. יעדע פּערזאָן איז געוואָרן גענוי נאָכקאָנטראָלירט דורך שולצן אַליין. ס'איז שוין געוואָרן קלאָר, אַז אַרויסגעלאָזט צו דער אַרבעט ווערן נאָר די, וואָס אַרבעטן ביי דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט". ס'ווערן דאָך געמאַכט איינצלנע אויסנאַמען. עס מאַכט זיך אויף דאָס טויער פאַר ד"ר סירקין. ד"ר סירקין איז אַ באַוווסטער און אָנגעזעענער קינדער־דאָקטאָר, זייער פּאָפּולער אין דער גאַנצער געגנט אויך ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל אים פאַרטרעטן. דאָקטאָר סירקין פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויך אַרויסלאָזן זיין פרוי מיט די צוויי קינדער נאָר שולץ באַשטייט נישט דערויף און ער בלייבט אויך אין געטאָ. עס מאַכט זיך נאָך אַ מאָל אויף דער געטאָ־טויער, דאָס מאָל פאַרן זייגער־מאַכער אָן פיס. ער פאָרט אויף אַ וועגעלע, לעבן אים גייט זיין 14 יעריקער זון. דאָס איז אַ מענטש אין גאַנצן אָן פיס. בעת ער געפינט זיך אויף דער ערד און קוקט צו אייך אַרויף ווערט אייך זייער אומהיימלעך. נאָר דערפאַר, אַז ער געפינט זיך אויפן וועגעלע אָדער אויף אַ שטול און איר קוקט אויף זיין ענערגיש, אינטעליגענט געזיכט, הערט אויס זיינע קלוגע רייד, פאַרגעסט איר, אַז ער איז אַ בעל־מום. דעמאָלט האָט איר פאַר זיך אַן אָנגענעמען מענטש און אינטערעסאַנטן מיטשמועסער. ער האָט אַ פרוי מיט דריי שיינע, אינטעליגענטע קינדערלעך. אַחוץ דעם יינגל נאָך צוויי יינגערע בלאָנדע מיידעלעך. אַז ער פאָרט אַהיים פון דער אַרבעט, שטייען די צוויי מיידעלעך פון הינטן אויפן ראַנד פון וועגעלע, אָנהאַלטנדיק זיך אָן אים, אַרומהאַלדזנדיק זיין האַלדז. שולץ לאָזט אים אַרויס פון געטאָ, אָבער דאָס יינגעלע זיינס — נישט. די סעלעקציע איז פאַרענדיקט. דער געטאָ־טויער איז פאַרמאַכט און פון אינעווייניק, פאַרצווייפלטע צום טויט־פאַרמשפּטע מענטשן, וועלכע ווילן נישט אָפּטרעטן פונעם טויער, וועלכע רייסן זיך צום לעבן. צו אונדזער גרופּע האָט מען איצט פאַראייניקט נאָך אַ פאָר צענדליק מענטשן, מען האָט אונדז נאָך אַ מאָל געציילט, נאָך אַ מאָל קאָנטראָלירט און מיר מאַרשירן אָפּ.

מיר האָבן זיך דערוווּסט געוויסע פּרטים פון דער נעכטיקער שחיטה:

אַרויסגעפירט פון געטאָ האָט מען אין לאַסט־מאַשינען הינטערן שטאָט אויף דעם אָרט, ווו עס זיינען שוין געווען פון פריער אויסגעגראָבענע גריבער. די קרבנות האָט מען געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט און צו קניען האַרט ביים ראַנד פון די גריבער. דאַן האָבן אויף זיי געשאָסן פון מאַשין־געווער די ווייסרוסישע פּאָליציי־לייט אונטער דער אָנפירונג פון דייטשער זשאַנדאַרמעריע מיט שולצן בראש. דער גאַנצער יודנראַט און די יידישע פּאָליציי איז דערשאָסן געוואָרן. פראָסן מיט וויטנבערגן האָט מען געצוווּנגען צו זיין אָנוועזנד אויפן פּלאַץ בעת עס איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע. דערנאָך האָט זיי שולץ באַפוילן אַריינצווואַרפן אין די גריבער די טויטע, וועלכע זיינען דאָרט אַליין נישט אַריינגעפאַלן. בעת זיי האָבן געטאָן די דאָזיקע אַרבעט האָט מען זיי אַליין אויך געשאָסן פון הינטן מיט „גנאַדע־שאָסן". דער אָנפּיסיקער זייגערמאַכער איז דערשאָסן געוואָרן אין געטאָ נישט ווייט פונעם טויער.

דאָס ליקווידירן די רעשטלעך פון די באַהאַלטענע יידן אין געטאָ, האָט ווייטער געדויערט. מיר האָבן כסדר געהערט איינצלנע שאָסן און אויפרייסן. דאָס האָט מען אויפגעריסן די בונקערס צוזאַמען מיט די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, און די איינצלנע שאָסן וואָס מיר האָבן געהערט, זיינען געווען געצילט אויף די, וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט לעבעדיקערהייט פון די באַהעלטענישן.

# נחמה אינזעלבוך / פון יענע שרעקלעכע טעג

שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן שטעטל גלייך אין אָנהויב מלחמה, דעם 22־טן יוני 1941. די דייטשן האָבן מאַרשירט און גערוקט זיך צו אונדז מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. די שטעטלדיקע זיינען געווען צעטומלט, צעשראָקענע — מען האָט ניט געוווּסט וווּהין צו לויפן. אַ טייל איז געלאָפן צום גרענעץ קיין נעגאָרעלע און אַנדערע — אין די אַרומיקע דערפער, כדי אויסבאַהאַלטן זיך און איבערקומען די שרעקלעכע טעג.

מיין מאַן יאָסל האָט געאַרבעט אַלס סאָוויעטישער אָנגעשטעלטער אויפן וואָקזאַל און געמוזט זיין ביי דער אַרבעט ביז דער לעצטער מינוט. ווען עס איז געפאַלן די ערשטע דייטשע באָמבע אויפן וואָקזאַל, בין איך באַלד אַהין געלאָפן זען וואָס מאַכט יאָסל. פאַרלאָזן די אַרבעט האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף. דעם זעלבן טאָג האָט מען אים טאַקע מאָבליזירט, אָבער אַלס פאַמיליע־מאַן פון אַ פרוי מיט 4 קינדער, האָט מען אים באַלד באַפרייט. זונטאָג האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט די גאַסן פילסודסקי — שפּיטאַלנע — נעצאַלע און געוואָרפן אין די הייזער גראַנאַטן און ברענ־באָמבעס, מיטן אויסרייד אַז דאָרטן באַהאַלטן זיך באָלשע־וויקעס. אַלץ האָט געברענט. יאָסל איז מיט אַ קינד אויף די הענט אַרויסגעלאָפן פון שטוב אין גאָרטן אַריין. מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער האָב איך זיי ביידן געפונען טויטע. דעם זונטאָג האָבן זיי צעשאָסן אויף אונדזער גאַס בערך 200 נפשות. מיר האָבן זיי אַלעמען באַערדיקט ביי אונדז אין גאָרטן. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָבן מיר די ביינער איבערגעטראָגן אויפן יידישן בית עלמין.

געבליבן בין איך אַליין מיט 3 קליינע קינדער. קיין צרות האָבן ניט געפעלט. מ׳האָט גערעדט אַז באַלד וועט מען אונדז פאַרצאַמען אין אַ געטאָ. ערב דער ערשטער שחיטה איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אָנטאָן מיין חנה׳ן אַ פּאָר שיך מיט הויכע קנאַפּל, פּרובירן דורך דעם כאַטש ראַטעווען איין טאָכטער. אין דער ערשטער שחיטה האָב איך פאַרלאָרן מיינע 2 טעכטערלעך ציפּעלע און צערנעלע. אַזוי האָבן מיר געלעבט אין שרעק, אין צרות, אין נויט און אין פּיין. דורכגעמאַכט 2



**די משפחה פילשציק**

נחמה, יוסף, שולמית, צערנע, ציפּע

שחיטות און געזען מיט די אייגענע אויגן ווי טייערע ווערן אויסגעקווילעט און אַלץ ווערט פֿאַרניכטעט.

ערב דער דריטער און לעצטער שחיטה, האָבן זיך אין געטאָ נאָך געפֿונען בערך 200 פֿרויען און אַ קליינע צאָל מענער. צוריק קומענדיק פֿון דער אַרבעט, האָבן מיר באַמערקט, אַז דער געטאָ ווערט אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן דורך ווייסרוסישע און לעטישע פּאָליציי. דאַן האָב איך מיט מיין חנה'ן באַשלאָסן אַנטלויפֿן פֿון געטאָ. עס איז געווען אַ קאַלטע דעצעמבער נאַכט. און מיר האָבן דערזען ווי אין איין פּלאַץ האָבן 2 יינגלעך איבערגעשניטן די דראָטן פֿון צאַם, לאַנג ניט געטראַכט און מיר זענען אַרויסגעקראָכן שטילערהייט דורך דעם פּאַרקאַן און די דראָטן. מיר זענען פֿאַרקראָכן אויף די קני צום קריסטליכן בית הקברות ווו מיר האָבן געטראָפֿן נאָך עטלעכע סטויבצער יידן: עטיל און זלאַטקע קאַפּלאַן, סעוועק הארענקריג, סילים מנקר'ס 2 מיידלעך און 2 יינגלעך, אַלע צוזאַמען האָבן מיר זיך געלאָזן קריכן און גיין איבער די פֿעלדער, ביז מיר זענען צוגעקומען צו די באַן־ליניעס. איבערגייענדיק די באַן־ליניעס, האָט זיך געעפֿנט

דערקענט אַלס יאַנעק סטאַרזיק פֿון זאַדוואָריע, וועלכער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט ביי וועלוול טוניק אין בוינע. פֿרעגנדיק אים וווהין איז גלייכער צו לויפֿן, האָט זיך דער שייגעץ פֿאַרטראַכט אַ ווײלע און דערציילט אונדז ניט גאַנץ־גערן, אַז ביי זיי באַהאַלטן זיך אויס עזריאל טוניק און דבורה קאַפּלאַן זייער שוועסטער. דער שייגעץ האָט געזאָגט, אַזוי ווי ערשט מוז ער גיין אַרבעטן, ראָט ער אונדז, מיר זאָלן זיך לאָזן גיין טיפֿער אין וועלדל און זיצן דאָרט ביז נאַכט, דערנאָך וועט ער קומען אונדז נעמען. עס איז געוואָרן שווער אויפֿן האַרצן — קען מען דען אים גלויבן? ווייל אַממערסטן זענען קריסטן געלאָפֿן מעלדן די דייטשן.

ניט האָבנדיק אָבער קיין ברירה, און אויך ניט וואָס צו פֿאַרלירן, זענען מיר אַריין טיפֿער אין וועלדל ווו מיר זענען געזעסן הונגעריקע און געוואַרט אין גרויס שרעק אַ גאַנצן טאָג.

פֿון די געטאָ אַנטלאָפֿענע מיט אונדז צוזאַמען זענען געבליבן נאָר איך מיט מיין טאָכטער און די צוויי שוועסטער קאַפּלאַן. די איבעריקע האָבן זיך דורכן טאָג צערוקט יעדערער אין אַ באַזונדער ריכטונג.



די משפּחה פֿון קלמן אינזעלבוך
יהודית, חנה לאה, חיה, נחמה, קלמן

אויף אונדז אַ שיסעריי פֿון די באַן־היטער, וועלכן האָבן דערהערט אונדזערע טריט. די נאַכט איז געווען זייער אַ פֿינצטערע, און דאָך זענען די קוילן געפֿאַלן נעבן אונדז. געלאָפֿן זענען מיר ביז מיר האָבן דערגרייכט דעם וועלדל ניט ווייט פֿון בוינע. וואָס טוט מען ווייטער? עס איז פֿינצטער. ציטערנדיק פֿון קעלט און שרעק האָבן מיר קוים דערלעבט טאָג. אין דער פֿרי דערהערן מיר טריט און דערזען פֿון ווייטן אַ שייגעץ. די שוועסטער קאַפּלאַן האָבן אים באַלד

אַוונט־צייט איז דער שייגעץ געקומען. באַלייכטנדיק מיט זיין טאַשן־לעמפּל האָט ער אונדז געפֿונען. מיר זענען מיט אים אַוועק צו זייער שטוב אין עק דאָרף. אין שכנות מיט זיי זענען נאָר געווען געציילטע הייזער. דעם שייגעץ'ס מוטער דערזעענדיק אַזאַ גרופּע איז זי געוואָרן ניט שטאַרק באַגייסטערט. איך האָב זיך באַלד אָריענטירט ווו מיר האַלטן. גענומען אַראָפּציען פֿון זיך מיינע זאַכן, איך האָב איר אָפּגעגעבן מיינע שטיוול, מיין מאַנטל, דאָס ביסל געלט וואָס כ'האָב

געהאַט ביי זיך, און אַפילו די גאָלדענע קאַראַנקעס פון מיינע צייגער אין מויל האָב איך איר אָפּגעגעבן. צונעמענדיק דאָס אַלץ איז זי געוואָרן פריינדלעכער און אַ זאָג געטאָן: איך באַהאַלט אייך. איר וועט זיין מיט מיר און עסן וואָס איך. זי האָט אונדז באַלד אַריינגעפּירט אין שטוב, געגעבן עסן. יענע נאַכט האָבן מיר אַלע צוזאַמען אויסגעגראָבן אַ גרוב אין שטעלכל נעבן שטוב, פון אויבן צוגעדעקט עס מיט ברעטלעך מיט שטרוי און זאַמד. מיר האָבן איבערגעלאָזן בלויז אָפן אַ קליינע לאָך צום אַריינקריכן. די לאָך איז געווען פאַרשטעלט און אַ ביסל פאַרמאַסקירט, עס זאָל אַ פרעמדן ניט רייסן אין די אויגן, איבערהויפּט די שכנים אָדער דייטשן, וועלכע פלעגן זייער אָפט אַריינקומען צו זייער טאָכטער זאָשקע. די גרוב האָט די קריסטין אויסגעבעט מיט אַ ביסל שטרוי וואָס פלעגט ווערן נאַס און צעפוילט. אין די נעכט פלעג איך אַרויסקריכן פון גרוב און אַריינגיין אין שטוב, העלפן דער קריסטין אין אירע שטוביקע אַרבעט. ניט איינמאָל זענען מיר אָפּגעקומען מיט טויט־שרעק ווען מ׳פלעגט קלאַפּן ביי נאַכט אין טיר.

אין גרוב זענען מיר אָפּגעזעסן פון ענדע דעצעמבער 1942 ביזן אָנהייב יולי 1944, ווען די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט.

די קריסטין איז ניט געווען קיין רייכע, און האָט אונדז, 6 פערזאָן, געגעבן עסן און פיל מאָל אַפילו ניט צו זעט. דערפאַר האָבן אונדז די שרעק, ליידן און פיין זאַט געמאַכט. די פאַמיליע „סטרזיק" פאַרדינט די פולע רעכט און דאַרף אַריינגערעכנט ווערן אין דער אַלגעמיינער יידישער געשיכטע צווישן אַלע חסידי אומות העולם.

פון די זעקס געראַטעוועטע: איך, מיין טאָכטער חנה, (לוי), אסתר קאַפּלאַן (זינגער), זלאַטקע קאַפּלאַן (גוטמאַן), עזריאל טוניק, די אַלע מיט זייערע פאַמיליעס האָבן געפונען זייער היים אין ישראל. דבורה קאַפּלאַן מיט איר פאַמיליע געפינען זיך אין אַמעריקאַ.

## אסתר ברוכאנסקי (מעדניצקי) / שרעק און פיין

פרייטיק פאַרנאַכט, זענען גלייך געפאַלן די ערשטע קר־בנות. די הייזער האָבן געברענט. מ׳איז געלאָפן צום טייך. לייבע מאַכטיי און מיכאל נאַראַצקי האָבן איינגעשפּאַנט פערד־און־וואָגן, אַרויפגעזעצט די פאַמיליעס, און געפאָרן מיטן ברעג פון טייך אין דער ריכטונג צו זיאַמנע. די ערשטע סנאַראַדן פון סינאַוועד וועלדל האָבן דערהרגעט די פערד און איבער־געקערט די וועגענער און דערביי האָבן געפונען זייער טויט לייבע מאַכטיי מיט זיין פרוי רבקה און די קינדער שיינע, עטל און משה׳לה. אויך גאָלדע רוווע, מאַכטייס מיידל, מיכל נאַ־ראַצקי מיט זיין פרוי, באשע שלמה׳צקעס מיט דער טאָכטער האָניע, אליעזר וויינשטיין (טראַצקע דער שוסטער)., אַלס פאַרווונדעטע האָב איך געטראָפן באַשען און חיה לייבעס טעכטער. איך האָב אַרויסגעכאַפּט פון וואָגן אַ העמד, צעריסן עס און פאַרבונדן מיט דעם זייערע ווונדן. אויף דעם זעלבן שרעק־לעכן אופן האָבן געפונען זייער טויט: מאַנדל מאַלצאַדסקי מיטן זון בערל און איידעם מיכאל פיש, ווי אויך משה׳ל טוניקס פרוי רבקה (דעם אָדעסערס).

צו מאָרגן שבת איז געווען אַ רוהיקער טאָג. זונטיק האָבן די דייטשן אומגעבראַכט אויף שפּיטאָלנע גאַס בערך 200 יידן. זיי האָבן פאַראָרדנט אַז יעדערער מוז גיין אַרבעטן. קיין אַר־בעט האָט ניט געפעלט. הונגעריקע, אָפּגעריסענע פלעגן ווי־בער איבערלאָזן זייערע קינדער אין געטאָ, און געמוזט גיין שווער אַרבעטן, ביים באַן, אין טאַרטאַק, און שווערזנער זשווירוואָוניע.

עטלעכע טעג פאַר דער ערשטער שחיטה, האָבן די מער־דערס אָנגעהויבן סתם אַ ביסל „שפּילן" זיך מיט די יידן. אידל דוד קאַפּילאָוויטשעס שווער, אַ עלטערער ייד מיט אַ גרויסער באָרד און אַ בעל הדרת פנים, האָבן זיי אים אָנגעטאָן אַ פּאַ־ליצייישע היטל מיט לענטעס, אַוועקגעשטעלט ביים טויער פון געטאָ מיט אַ לאָפּאַטע אויפן אַקסל, געשפּאַסט און חוזק געמאַכט פון אים, און ווער עס איז דורכגעגאַנגען פון די מער־דערס, האָט ער אים געדאַרפט סאַלוטירן. און חס־ושלום טאָ־מער ניט פּינקטלעך געסאַלוטירט, האָבן זיי אים געצופּט און געריסן די באָרד. אַזוי האָבן זיי אים געמאַטערט און געפּיי־ניקט אַ גאַנצן טאָג, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן.

אין דער ערשטער שחיטה האָבן די מערדערס אויסגעקוי־לעט דריי פערטל יידן פון שטעטל. 9 טעג האָט געדויערט די שחיטה, ביז זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט אַלע פאַרבאַהאַל־טענע פון די קעלערס און בוידעמס. ווען מיר זענען אַריין צוריק אין געטאָ, האָבן מיר דאָרטן געטראָפן אַ שרעקלעכן חורבן און פאַרבלוטיקטע ווענט. פאַרבלוטיקטע זאַכן האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן.

די צווייטע שחיטה, אַכט אַזייגער פרי. אַלע זענען אויס־געשטעלט געווען ביים טויער אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, דער טויער איז אָבער געווען געשלאָסן. פּלוצלינג איז אַראָפּ־געקומען דער מערדער שולץ און אויסגערופן, אַז אַלע שוואַנגערע פרויען, אַלטע, שוואַכע, בלייבן אין געטאָ. גע־לייענט האָט ער פון אַ ליסטע, און פאַרקלענערט די צאָל באַ־שעפטיקטע אויף די אַרבעטס־פלעצער. ער האָט געציילט 5 אַרויסגיין צום טויער, און 5 שטיין בלייבן ביים־וואָנט פון שאָשע אַגינסקעס מויער. ווי נאָר עס זענען אַרויס די אַרבעטער, זענען באַלד אָנגעקומען לאַטישן און אַרומגערינגלט דעם געטאָ. דאָס איז געווען זונטיק. מיר האָבן געאַרבעט ביז 12 אַזייגער. פון דער אַרבעט האָט מען אונדז געבראַכט צום געטאָ. וואַרטנדיק ביים טויער, איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַריינלאָזן אונדז אין געטאָ, אָבער מיר האָבן שוין קיינעם ניט געטראָפן, נאָר פלעקן בלוט אַרום און אַרום. איצט איז שוין ניט געווען וואָס צו וואַרטן מער. מ׳האָט געמוזט אַנטלויפן. מיין ברודער עלע איז



אַ טרויער־פאַרזאַמלונג נאָך אונדזערע קדושים — י״א תשרי אין תל־אביב

אַנטלאָפן מיט אַ גרופּע, אָפּגעוואַלגערט זיך אַ ביסל אין וואַלד, איז ער אין אַ אָוונט צוריקגעקומען אַ פּאַרוואָקסענער, מיט אַ באַהאַלטענער ביקס אונטערן מאַנטל, מיר מיטנעמען. איך האָב אים אויסגעבאַהאַלטן עטלעכע טעג אויף אַ בוידעם אין געטאָ. ער איז ווידער אַוועק, דערשלאָגן זיך צו אַ גוי אויף אַ כוטער. מיטן זעלבן גוי, האָב איך געקומען צו אים. אַזוי האָבן מיר זיך געמאַטערט, ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צום נאַליבאָקער וואַלד, דאָרטן האָבן מיר זיך אָנגעשלאָסן אין זאָרינס פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג, וועלכע האָט געציילט 600 נפשות: 200 מענער, די איבעריקע פרויען און קינדער.

# דוד סלוצאק / אַ שרעקלעכער טאָג

אין געטאָ אַ טומל, אַ פּאַניק. מען האָט אָנגעזאָגט אויף אַלע אַרבעטס־פּלעצער. אַז אַלע דאַרפן פאַרלאָזן פרי די אַרבעט און קומען אין געטאָ. פון אַלע זייטן קומען גרופּעס צעשראָקענע. קיינער ווייס נישט וואָס דאָ קומט פאָר. יעדערער לויפט אין יודנראַט פרעגן אינפאָרמאַציעס. די מיטגלידער פון יודנראַט זענען אויך פול מיט שרעק און פאַרצווייפלונג. זיי דערציילן אַז עס איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון קאָמענדאַנטור צו שיקן אַרבעטער קיין באַראַנאָוויטש און קיין מינסק.

יעדערער פון אונדז לויפט צו זיך אַהיים נעמען עפּעס אויפן וועג און געזעגענען זיך מיט די שטוביקע. די שטימונג איז אַ שרעקלעכע. אויסערן טויער פון געטאָ שטייען אַלע אויסגעשטעלט אין דריי רייען. 270 מאַן פאָרן קיין באַראַנאָ־וויטש און 230 ווערן אָפּגעפירט קיין מינסק. מיין גורל איז אויסגעפאַלן קיין מינסק.

אין אָוונט זענען מיר געקומען קיין מינסק. מען האָט אונדז אָפּגעפירט קיין קאָמאַראָווקע און אונדז איזאָלירט אין אַ לאַנגן באַראַק נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייטן צו שאַפן פאַר זיך וואָס צום עסן.

מיר האָבן געדאַרפט גיין צו פאַרשיידענע שווערע אַר־בעטן, און אויסקומען מיט 150 גראַם ברויט אַ טאָג. צו דעם אַביסל מעל מיט וואַסער פאַרקאָכט אַן זאַלץ. מיר האָבן גע־נומען פילן אַז ביסלעכווייז פאַרלירן מיר די כוחות.

עס איז צוגעפאַלן דער ווינטער מיט די קעלטן. פון נישט זייענדיק באַזאָרגט מיט קיין וואַרעמע קליידונג און דערצו די שלעכטע דערנערונג, האָט מען אָנגעהויבן קרענקען.

אַזוי זענען קראַנק געוואָרן בערל זאַרעצקי, יצחק נאַ־ראַצקי, און נאָך אַנדערע. מ׳האָט זיי צוגענומען אין שפּיטאָל און צוריק זענען זיי ניט געקומען. שפּעטער זענען געשטאָרבן פון הונגער: יוסף יוזעלעווסקי, לייזער מלקוס, וועלוול קומאַק, בערל שמעונס ברוכנסקי, חיים מונע דאָקטאָראָוויץ און נאָך אַ סך. די לאַגע איז געוואָרן שרעקלעך ניט צום איבערטראָגן. מיר האָבן מקנא געווען די טויטע, וואָס זיי זענען שוין פּטור געוואָרן פון אַזעלכע שרעקלעכע צרות אוןליידן. דערווייל זענען צו אונדז דערגאַנגען געריכטן פון דער סטויבצער שחיטה, אַז מיר האָבן שוין דאָרטן אויך אַלעמען פאַרלאָרן. אַלס צוגאָב צו די אַלע ליידן האָבן מיר נאָך געדאַרפט צוקוקן די ליידן פון די מינסקער יידן — פרויען און קינדער, הונגעריקע, באַרוועסע און נאַקעטע. בכלל האָבן זיך די דייטשן באַגאַנ־גען אין מינסק מיט די יידן נאָך ערגער ווי אומעטום. מינסק האָט ביי די דייטשן געדינט פאַר אַ צענטראַל שעכט־הויז. אַהער האָט מען געבראַכט גאַנצע טראַנספּאָרטן מיט יידן פון דייטשלאַנד, האָלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיי. דאָ האָט מען זיי אויסגעשאָסן אין מאַסן־שחיטות.

יעדן טאָג קומענדיק צוריק אין געטאָ נאָכן שווערן טאָג אַרבעט, פלעגן מיר זאָט ווערן פון די שלעכטע גערוכטן, וואָס עס האָבן אונדז דערציילט די יידן, וואָס פלעגן בלייבן אַרבעטן אין געטאָ. עס איז ניט געווען קיין טאָג, וואָס מ׳האָט ניט אומגעבראַכט עטלעכע הונדערט יידן. די חברים פון יודנראַט האָט מען שטענדיק געזען אַרומלויפן איבערן געטאָ פאַר־כעסטע, צעשראָקענע פונקט ווי ווילדע חיות. דער פּרעזעס פון יודנראַט עפּשטיין איז געווען אַ פּליט פון לאָדזש, ער

האָט שטענדיק געדאַרפט אויספילן די פאַראָרדענונגען פון די דייטשישע מערדער. די יידן זענען געווען ביי די דייטשן ניט מער ווי אַ שפּילצייג. יעדערער פון אונדז האָט געזען מיט אָפענע אויגן וואָס פאַר אַ סוף עס דערוואַרט אונדז אין געטאָ.

דער איינציקער וועג איז געבליבן צו אַנטלויפן אין וואַלד. אָבער ווי לויפט מען, אַז פאַר אונדז זענען די וועגן אומבאַקאַנט אין דער געגנט פון מינסק. צענדליקער בחורים האָבן דעם געטאָ פאַרלאָזט. און מען האָט פון זיי לעבעדיקע גערוסן, אַז אין נאַליבאקער פּושטשע געפינען זיך פּאַרטיזאַנער גרופּן. אייניקע קומען צוריק אין געטאָ, און נעמען אַרויס זייערע פריינט און באַקאַנטע, פון די איבעריקע מענטשן באַהאַלטן זיי זיך אויס, מען זאָל זיי ניט נאָכלויפן. צופעליק האָבן מיר באַמערקט ווי אַ מינסקער יינגל איז געקומען צוריק פון וואַלד אַוועקצונעמען זיין מוטער מיט 2 שוועסטערלעך אין וואַלד אַריין. ניט לאַנג טראַכטן, האָבן זיך צוזאַמענגערעדט איך, מיין ברודער אברהמל, מנדל איזנבערג, הערשל חישין, יעקב פּעקער און זיין זון יהושע פּעקער, הירשל טוניק (פּראַדקעס), און הירשל איזנבערג (אַרע־ישראל־איסרס), און מיר זענען אַרויס פון געטאָ. דער יינגל האָט אונדז געפירט אין דער ריכטונג קיין סטאַראַיע־סעלא בערך 30 קילאָמעטער פון מינסק. דעם טאָג פלעגן מיר איבערזיצן אין אַ וועלדל. און ביינאַכט ווידער גיין, ביז מיר זענען דערגאַנגען קיין רעבזעוויץ. אויפן וועג האָבן מיר פאַרלאָרן דריי מאַן פון אונדזער גרופּע. מיין ברודער אברהמל, הירשל פּראַדקעס און הירשל אַרעס, — אַ מערדער־האַנט האָט זיי געטראָפן אין וועג.

מיט עטלעכע טעג פאַר אונדזער אַנטלויפן פון מינסקער געטאָ, איז אַנטלאָפן אַ גרופּע צווישן זיי דריי סטויבצער: בעבע באַסקין, ידידיה קאַפּלאַן, און יצחק חצקעלעוויץ (איטקעס פון דראזדי אַ איידעם). לויפנדיק אין וואַלד, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע דייטשן, וועלכע האָבן זיי אַוועקגעשיקט קיין אויסשוויץ.

נאָכן קריג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז נאָר 2 זענען לעבן געבליבן זייענדיק אין אויסשוויץ: בעבע באסקין און יצחק חצקעלעוויץ. ידידיה קאַפּלאַן האָט ניט דערלעבט די באַפרייאונג. ער איז קראַנק געוואָרן און די דייטשן האָבן אים דערשאָסן.

פון רעבזעוויץ האָבן מיר זיך געלאָזן גיין צו נאַליבאָקער פּושטשע, ווו מיר האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זאָרינס גרופּע. דאַן האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן זאָרינס אַטריאַד. פון אָנפאַנג האָט דער אָטריאַד געציילט 270 מאַן, בלויז 60 מענער, די איבעריקע פרויען און קינדער. אין מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו ווערן אַ ראַזוועדצ׳יק אויף אַ פערד. מיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַרהיטן אונדזער אָטריאַד פון אַ



**די פאַמיליע סלוצאַק**

וועלוויל, שרה, אלימלך, יעקב, יצחק, זאוויל.

דייטשישן איבערפֿאַל און אויך פֿון אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער וואָס דאָס האָט אויך ניט געפֿעלט, פֿאַרזאָרגן מיט עסן און קליידונג פֿאַר די אומבאַוואָפֿנטע פֿרויען און קינדער. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן מיר אַרויספֿאָרן אונטעררייסן אַ פֿײַנטלעכן באַן מיט מיליטער און אַמוניציע וואָס איז געגאַנגען צום פֿראָנט.

אייביק וועלן מיר טראָגן אין האַרצן די נעמען פֿון אונדזערע ברידער און חברים צום געווער, וואָס האָבן צוזאַמען געקעמפֿט פֿאַר נקמה פֿון דעם פֿינצטערן טייוולשן כּוח, און האָבן ניט דערלעבט דעם אַנטגילטיקן נצחון איבערן שונא, און ניט דערלעבט דעם גרויסן שׂכר פֿאַר אונדזער צער — די אַנטשטייאונג פֿון מדינת ישׂראל.

## שמעון עפּשטיין / ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן

דעם 27טן יוני 1941. די ייִדן אין שטעטל זײַנען צעשראָקן און פֿאַרזאָרגט. דאָס האַרץ זאָגט פֿאַר אַ שלעכטן מאָרגן פֿול מיט שרעק. מען לויפֿט פֿון שטעטל אין די דערפֿער. אַ שיסערײַ — די סאָוועטישע אַרמיי אַנטלויפֿט, די דײַטשן זענען שוין אין שטעטל. דער טאַטע, די מאַמע, מײַן שוועסטערקע פֿריידע און איך לויפֿן אויסבאַהאַלטן זיך בײַ באַקאַנטע גויים אין דאָרף שטעצקי. די שטעטל איז אין פֿלאַמען — אַלץ ברענט. אין וועג רופֿט זיך אָפּ צו מיר מײַן מאַמע: זון מײַנער, אפֿשר איז אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט לויפֿן איבערן גרענעץ קיין רוסלאַנד, זאָל כאָטש איינער פֿון אונדזער משפּחה זיך ראַטעווען. איך בין דאַן אינגאַנצן אַלט געווען 18 יאָר. מיט אַ שווערן געמיט, איבערלאָזנדיק די עלטערן און מײַן שוועסטערקע אין דאָרף, בין איך אַוועק אין דער ריכטונג צו נעגאַרעליע. דער גרענעץ איז שוין געווען אָפּן. איך בין ווײַטער געגאַנגען אין דער ריכטונג צו קוידענאָוו. אין קוידענאָוו האָב איך זיך אַרײַנגעגנבֿעט אין אַ לאַסט־באַן. דורכפֿאָרנדיק מינסק האָב איך געזען ווי די שטאָט ברענט פֿון אַלע זײַטן. כ׳בין געקומען קיין מאָהילעוו — דאָרטן האָב



שמעון עפּשטיין מיט גצל רייסר אויף אַ וויזיט בײַם נשׂיא מר שז״ר ברענגענדיק אַ גרוס פֿון הירשל שימקעס.

איך געטראָפֿן לאה און יעסקע גערשענאָוויץ, און צוזאַמען זענען מיר געלאָפֿן ווײַטער ביז טאַמבאָוו.

אין סעפּטעמבער 1941 בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און מ׳האָט מיר געשיקט אין אַ מיליטערישער שולע. אין 1942 האָב איך באַקומען די ראַנגע „לויטענאַנט פֿון אַ טאַנק־דיוויזיע". איך בין אַוועק קעמפֿן אויפֿן סמאָלענסקער פֿראָנט ווו איך האָב ניט איין מאָל געזען דעם טויט פֿאַר די אויגן. צוויי מאָל פֿאַרוווּנדעט געוואָרן בײַ סטאַלינגראַד. שפּעטער ווען מ׳האָט פֿאַרלאָרן דעם צוטרוי צו ייִדיש פּוילישע סאָלדאַטן, האָט מען מיר געשיקט קיין קוי־בישעוו אַרבעטן אין אַ סאַניטאַרישער אָפּטיילונג.

אין 1946 מיטן דערלויבן די פּוילישע ייִדן אַרויספֿאָרן קיין פּוילן, בין איך געקומען קיין ברעסלאַוו. דאָרטן האָב איך געטראָפֿן רייזל פּרוסינאָווסקי און שמעון ברוכאַנסקי. זיי האָבן מיר געהאָלפֿן אַוועקגיין קיין טשעכאָסלאָוואַקיי. פֿון דאָרטן אָנגעקומען קיין עסטרייך, דײַטשלאַנד, פֿראַנקרײַך. אין פּאַריז האָב איך זיך פֿאַרבונדן מיט מײַנע פֿעטערס און מומע אין אַפֿריקע און מיטן ברודער אין ראָדעזיע.

אין יולי 1950 האָב איך באַקומען פֿון מײַנע פֿעטערס: הירשל, לייבצע, מייסל, און פֿון מײַן מומע רייזל אַ סערטיפֿיקאַט צו קומען צו זיי. זיי האָבן מיר געגעבן אַ וואַרעמע היים, און געגעבן באַשעפֿטיקונג פֿאַר וואָס איך בין זיי דאַנק־



שול־קינדער גליטשן זיך ווינטער אויפֿן ניעמאַן

באַר. איך האָב אַ היים, אַ פרוי מיט 2 ליבע טעכטערלעך. מיין איינציקע שטרעבונג איז נאָר קומען און באַזעצן זיך אין אונדזער מדינת ישראל.

מיינע אַנגעשריבענע עטלעכע שורות זאָלן דינען אַלעס מצבה די פאַרשטאָרבענע און אויסגעקוילעטע מיטגלידער פון מיין פאַמיליע נייפעלד־עפשטיין.

מיין זיידע און באָבע בערע און שימקע.

מיין טאַטע און מאַמע — משה און פייקע. מיין שוועסטערקע פריידע. מיינע מומעס רייזל און זלאַטע מיט אירע טעכטערלעך שימקע, באַשע.

מיינע פעטערס: פייוול און פראַדל נייפעלד מיט 3 קינדער. משה, בערעלע, שימקע, עזריאל רודיצקי מיט זיין פאַמיליע, מייסל נייפעלד און מרדכי פוזניאַק.

כבוד זייער אַנדענק.

# מנדל מכטיי / דער אומקום פון די יידן אין די דערפער

אויפן רעכטן זייט פון ברעג פון ניעמאַן, אַראָפּ מיטן וואַסער 4 קילאָמעטער אַן אַ זייט פון דאָרף זיוקאָוו־בערעק, נעבן דאָרף אטאליעז, האָבן דאָרט געלעבט, די פאַמיליע גארמיזע פינע, און זיין פרויביילקע (שלייף). זיי האָבן געהאַט אַ סמאָליאַרנע, אַ ירושה פון נחמן שלייף, און פון דעם געצויגן פרנסה.

אַראָפּ מיטן וואַסער אויפן לינקן זייט ניעמאַן, אין דאָרף בערעזנע, האָבן געלעבט די פאַמיליע ליס שמערל, און שימע מיט זייערע קינדער. זיי האָבן פיל געהאַט אויסצושטיין, ווען דער מינסקער גובערנאַטאָר, האָט באַפוילן אַרויסטרייבן יידן פון די דערפער. זיי פלעגן זיך באַהאַלטן ביי זייערע יידישע שכנים, אויפן רעכטן זייט ברעג, ווו ס׳איז געווען ווילנער גובערניע, ווייל פון דאָרטן האָט מען ניט געטריבן יידן. בכלל איז ניט געווען וואָס מקנא זיין זייערע גליקן. ווען מ׳איז פאַרביי געפאָרן, זענען די פענצטער געווען פאַרשטעקט מיט קישנס, ווייל ווען אַ דאָרפישער קריסט פלעגט זיך אָנשיכורן, פלעגט ער אויסברעכן ביים יידן די שויבן. אמת, ער פלעגט פאַר דעם פאַרגעניגן באַצאָלן, אָבער ווו קריגט מען תיכף אַנדערע שויבן. — אָבער אויך דאָס האָט געטראָגן דעם נאָמען לעבן...

נאָך בערעזנע 2 קילאָמעטער, אויפן רעכטן זייט ברעג אין אַ איין־און־איינציק הויז האָבן דאָרטן געלעבט ראובן און האדע קריניצקי מיט זייערע קינדער. יאָרן לאַנג האָבן זיי אַרענדירט דעם פאַראָם מיטן פעלד, פון מירער קניאַז מירסקי, און פון דעם געצויגן פרנסה. פאַר דער ערשטער וועלט־קריג, פלעגן דאָרט זומער צייט איינשטיין סוחרים און וואַלד־באַאַמטע, איבערהויפּט סטויבצער, ווי: דאַנציג, דארסקי און נאָך אַזעלכע, ווייל דאָרטן איז אַריינגעפלאָסן דער טייך סולא אין ניעמאַן. האָט זיך אויף דער פאַמיליע אָנגעזוצט אַ פאַרוואַלטער אַן אַנטיסעמיט, און פאַרפירט קעגן זיי אַ פראָצעס, כדי אַרויסטרייבן די יידן. פאַרשטייט זיך, אַז דער פירשט איז געווען גערעכט.

איין מאָל ווען ראובן איז ניט געווען אין דער היים, זענען געקומען דעם פירשטס לעסניקעס און מיט געוואַלט האָבן זיי אַריבערגעפירט אויף שיפלעך די יידישע פאַמיליע איבערן טייך. וואָס האָט ראובן געקענט טאָן? וישב, האָט ער זיך באַזעצט ניט ווייט אין אַ קליינעם ישוב מיטן נאָמען קלין. מען האָט אים שטאַרק רואינירט און ער האָט זיך זייער געפּלאָגט.

אויפן לינקן זייט ברעג ניעמאַן איז געווען גאָר אַ קליינער ישוב — קריניצניע, דאָרטן האָבן געלעבט דער אַלטער פייווע קריניצקי מיט זיין זון בערל, און זיין פרוי חיה־גיטל פון דאָרף דודאק (שוליער) מיט זייערע קליינע קינדער. זיי האָבן אַלע געאַרבעט און פאַרנומען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט און ווי עס איז זיך דורכגעלעבט, אָבער ס׳איז ניט געווען וואָס צו מקנא זיין זיי.

די פינצטערע צייטן האָבן זיי אויך ניט אויסגעמיטן. די טאָכטער אסתר, וועלכע האָט געהייראַט אין דער מיר מיט פרץ גאראדייסקי, איז מיט די קינדער אַנטלאָפן אין איר געבורטס־דאָרף, אפשר וועט דאָרט זיין בעסער זיך דורכצולעבן. אָבער פון די מערדער איז ניט געווען וווּהין צו אַנטלויפן, און דער אומגליק האָט זיי דאָרטן געטראָפן. אסתר האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קריסטין און געגאַנגען אין מיר פרעגן אין יודנראַט וואָס הערט זיך. אין דעם יודנראַט, האָט מען געוווּסט אַז מען גרייט זיך קומען אויסטויטן די יידן אין די דערפער. דאָס האָבן זיי געוווּסט פון דעם ייד אָסוואַלד רופאייזן, וועלכער האָט געדינט אַלס איבערזעצער ביי די דייטשן. אַזעלכע גליקלעכע נייעס, פלעגט ער מיט גרויס מסירת נפש איבערגעבן דעם יודנראַט. זי האָט זיך פון דעם דערוווּסט, אָבער ס׳איז שוין געווען שפּעט. און וווּהין האָט מען געקענט לויפן מיט קליינע קינדער, אַז דורך און דורך, זענען געווען פאַסטקעס צו כאַפּן יידן!?

די מערדער זענען רואיק געקומען אין בערעזנע. און מיט געוואַלד אַרויסגעטריבן די פאַמיליע ליס, און דערביי אויך די פאַמיליע קריניצקע פון דאָרף קלין. געבראַכט האָט מען זיי קיין קריניצניע, אַרויסגעטריבן אויך דעם אַלטן פייווען, חיה־גיטלען און פרצן מיט די קינדער. מען האָט זיי אָפּגעפירט הינטערן שייער און אַלע צוזאַמען, אַ 20 מאַן דערשאָסן. בערל איז געגאַנגען זוכן וואָס צו עסן פאַר די קינדער, איז ער דאָרטן אין דעם מאָמענט ניט געווען. ער האָט צום אומגליק אַפילו געהערט די לעצטע געשרייען פון די ווייבער און קינדער. אָט דאָרף אָנקומען זיין שוועסטער אסתר און זי קען אַריינפאַלן גלייך אין די מערדערס הענט. ער האָט איר געטראָפן און אָנגעזאָגט איר די פינצטערע בשורה. גיין קיין מיר אין געטאָ האָבן זיי ניט געקענט. זיי איז גאָר ניט איינגעפאַלן, אַז מען קען אין די וועלדער זיך באַהאַלטן. האָבן זיי באַשלאָסן גיין אין סטויבצער געטאָ. דורכגייער האָבן די דייטשן געשאָסן אויפן אָרט, נאָר זיי האָט אָפּגעגליקט און די מערדער האָבן

זיי דערלויבט אַריין אין געטאָ. בערל און אסתר, מיט נאָך אַ פּאָר יידן, איז איינמאָל געלונגען אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון זייער געבורטס־דאָרף קריניצניע. אַרום זייער הויז אין די געדיכטע וועלדער, האָבן זיי זיך אָפּגעמאַטערט 2 יאָר און דערלעבט זען די מפלה פון די דייטשן.

יידישע פאַמיליע. נאָר איין טאָכטער רחל, וועלכע איז ניט געווען אין דער היים (זי איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד), האָט זיך געראַטעוועט. ווען זי איז געקומען דערנאָך אַ היים אין דאָרף, האָט זי זיך דערוווּסט פון אירע שכנים, אַז דער פּאָפּ (דער גלח) האָט אירע עלטערן אויסגעהאַלטן מיט שפּייז.



סוניה, יוסף, חייקל, אסתר, פרץ גורודייסקי

איבערן טייך אַנטקעגן סטויבץ אין דאָרף סטאַראַ־סווערזנע, האָט געלעבט אַ יידישע פאַמיליע: דער שניידער ברוך יאַנקעלעוויטש, און ראשע מיט זייערע קינדער. לויט ווי קריסטן האָבן דערציילט, האָבן זיי געלעבט אַ לאַנגע צייט נאָך דער ליקווידאַציע פון די געטאָס אין סטויבץ, סווערזנע. קומענדיק אין דאָרף פלעגן די דייטשן אַהין קיינמאָל ניט אַריין. זיי האָבן געטראַכט, אַז דאָרטן זיצט אַ אָרעמער קריסט. אַזוי האָבן זיי געלעבט אין נויט, און אין טויט־שרעק. אָבער ס'איז געווען צו גוט, אַז אין יענער צייט זאָל לעבן אַ גראַדע אירע חברים מיט וועמען זי איז אויפגעוואקסן און צוזאַמען מיט זיי געלערנט, האָבן אַרויסגעגעבן איר משפחה די דייטשן. (דער דאָרף איז אונטער דער פוילישער מאַכט געווען קאָמוניסטיש געשטימט). אין דערבייאיקן דאָרף פּערעטאַק, האָט געלעבט די פאַמיליע אַלטער, מיט צוויי שוועסטער ניט קיין פאַרהייראַטע, אָבער נאָך פאַרן חורבן האָבן זיי זיך באַזעצט אין סטויבץ.

אָט אַזוי האָבן באַצאָלט מיטן לעבן יידן, וועלכע האָבן געלעבט אין די דערפער אַרום סטויבץ.

# בתיה מילצנזאן יאהאנעסבורג / יזכור

דאָס האַרץ קלעמט פון געוויין,
כ׳וואָלט זיך טוליען גערן
צום קאַלטן זאַמד און שטיין,
אַ גרוס פון מיין היים הערן.

פוסט און גרוי איז אונדזער לעבן,
אין האַרצן ברענט אַ פייער.
טרויעריקע, גרויזאַמע בילדער שוועבן,
עס איז פאַרשווונדן אַלץ וואָס איז טייער.

כ׳בענק נאָך מיין שטעטעלע,
ווו כ׳האָב אַ לעבן פאַרבראַכט.
טייער איז מיר יעדער בוים און בלעטעלע,
פון אומקום, חורבן, ווער האָט עס געטראַכט.

איך זע דעם מאַרק, יעדער פור.
פון די שולן, הייזער און קראָמען
איז ניט געבליבן קיין שפור,
אָפּגעמעקט איז געוואָרן אונדזער קהילה׳ס נאָמען.

דאָס הייליקסטע האָט דער שונא צעטראָטן
און אויסגעלאַכט זיך פון אַלע געבאָטן.
די גאַסן זענען פוסט און שטום,
„לא ינום שומר ישראל" — ווו זשע איז דער וועכטער?
אויף יעדן טריט פילט זיך חורבן און אומקום,
ווו זענט איר יידישע טעכטער?

עס טרויערן די וועלדער אַרום,
ס׳ברויזט דער ניעמאַן מיט צאָרן
ער רופט און שטורעמט: רבש"ע קום,
זע, וואָס פון דיין פאָלק איז געוואָרן.

שטעלן מיר זיך „יזכור" זאָגן,
אַלע צוזאַמען אין דרייען געבויגן,
האַלטן מיר אין איין קלאָגן
טעג און נעכט מיט געשוואָלענע אויגן.

דער טאָג פון נקמה איז כאָטש ווייט,
ס׳וועט נאָך קומען אָבער אַ צייט
פון יידישן שאַפן און קעמפן אויף דאָס ניי,
עם ישראל חי...



זיצן פון רעכטס: אומבאַקאַנט, דניאל האַרענקריג, זיין פרוי חייענקע, חנה ליבע סאגאלאָוויץ; שטייען פון רעכטס: האַרענקריג, אומבאַקאַנט, חייענקע סאגאלאָוויץ, מיילאך און באשקע מילצנזון, אסתר פון שווערזנע, אסתר סאגאלאָוויץ, (געצעס), אומבאַקאַנט.

# בצלאל בן משה באַסקין בוענאָס־איירעס / איך דערמאָן זיך

לזכרון דורות עולם, על אלה אני בוכיה. עיני יורדה מים, על הנהרגים והנשחטים והנשרפים, שנפלו בעירנו סטויבץ, בידי רוצחים.

סטויבץ! מיין שטעטעלע סטויבץ! דאָס שטעטעלע אין וועלכער איך האָב מיין יוגנט פאַרבראַכט! דריי און צוואַנציק פרילינגס האָב איך אונטער דיינע הימלען געלעבט — אָט די זעלבע הימלען, וואָס האָבן צוגעזען דיין פאַרניכטונג און היינט באַוויין איך דיר. קיינמאָל וועל איך דיר ניט פאַרגעסן. איך דערמאָן מיך ווען איך האָב זיך מיט דיר צעשיידט, 25.12.1930. ס׳איז געווען יום־טוב ביי די קריסטן, ביי דיינע שפּעטערדיקע מערדער, ניי־יאָר, אַ קאַלטער ווינטערדיקער טאָג. די שטוב פול מיט ווייבער: מומעס, שכנהס. אַלע האָבן געוויינט. נאָר איינער האָט ניט געוויינט: דאָס בין איך געווען — אָט דער וואַנדער־יינגל. און דאָס זעלבע אויפן וואָקזאַל, פיל באַגלייטער: דער פאָטער ע״ה וויינט, מיין שוועסטער, מיינע ברידער — אַלע וויינען. מען בעט זיך, איך זאָל זיך צוריקקערן אַ היים, אַזוי פיל דורות האָבן דאָ געלעבט, דו וועסט אויך לעבן. זיי האָבן נעבעך ניט פאָראויסגעזען, אַז ניט ווייט פון זיי לעבט אַ פאָלק, וואָס האָדעוועט מערדערס, וועלכע וועלן מיט צען יאָר שפּעטער זיי פאַרניכטן. די יוגנט האָט עפּעס יאָ געפילט. איך דערמאָן זיך מיינע יוגנט־חברים, וועלכע זענען געקומען מיר באַגלייטן, צווישן זיי: חיים עפשטיין, אידל דוד קאָפּילעוויטש, מיינע קוזינען פייווע אגינסקי, פיניע טוניק — אַלע אומגעקומען... איך געדענק זייערע ווערטער ביים געזעגענען זיך: צאלע (בצלאל), דו פאָרסט אַוועק אין דער גרויסער וועלט, און מיר קענען עס ניט דערווייזן. מיר בלייבן דאָ אין אייראָפּע, און דאָס איז אַן אינדזל מיט אַ לאַווע, וועלכע קען ביי יעדן מאָמענט ווערן טעטיק. אין אייראָפּע קומען פאָר מלחמות אַלע צוואָנציק יאָר אומגעפער, איז טאָמער מיר וועלן זיך ווענדן צו דיר נאָך הילף, פאַרגעס ניט דיינע יוגנט־חברים! ברידער מיינע, איך האָב אייך ניט פאַרגעסן, איך באַוויין אייך ביי טאָג און ביי נאַכט. אייביק וועל איך אייך געדענקען, איך שטיי אויף יעדן אין דער פרי מיט אַ קללה אויף מיינע ליפּן צו אייערע מערדערס, ימח שמם! איך קען אַפילו צו אייער קבר ניט צוקומען כדי אַ טרער צו פאַרגיסן. אונדזער איינציקע האָפענונג איז צו דערלעבן נעמען נקמה אין אייערע מערדערס, אָט די וואָס האָבן אייך אומגעבראַכט.

עס ווילט זיך מיר גאָרנישט גלויבן, אַז סטויבץ וואָס האָט הונדערטער יאָרן עקזיסטירט — לעבט שוין ניט מער. איך געדענק, דאָס איך האָב אַמאָל געזען אַ מצבה פון אָנהייב 18־טן יאָרהונדערט, און ס׳איז נאָך דאָ דער אַלטער בית־עולם, וואָס האָט אויך עקזיסטירט ביי צוויי הונדערט יאָר. אַלזאָ אומגעפער, אַריבער פיר הונדערט יאָר האָט סטויבץ עקזיסטירט, אַרומגערינגלט מיט וועלדער ביים ברעג פון טייך ניעמאַן, מיט אַן אייזנבאַן־ליניע וואַרשע—מאָסקווע. די אמתע צאָל יאָרן פון איר עקזיסטענץ איז אומבאַקאַנט. סטויבץ איז אין מיין יאָרהונדערט עטלעכע מאָל אָפּגעברענט געוואָרן, און צוריק זיך אויפגעבויט. אָבער בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה (1939) איז דאָס שטעטל אַוועק מיטן פייער און אירע איינוווינער זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע היטלעריסטן. סטויבץ האָט פאַרן לעצטן וועלט־קריג געציילט אַרום 700 יידישע משפחות. די מערהייט איז באַשטאַנען פון סוחרים און קליינהענדלער, אָבער אויך די בעלי־מלאכות, האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען יודעי־ספר. צווישן די סטויבצער בעלי־בתים האָבן זיך געפונען פיל בני־תורה און דאָס זעלבע האָבן זיי געזוכט איינפלאַנצן אין זייערע קינדער, שיקנדיק זיי אין חדר, אין די ישיבות. סטויבץ האָט פאַרמאָגט אַ גוטע „תרבות״־שולע, אַ מלוכהשע גימנאַזיע, אַ תלמוד־תורה, שולן, אַ פאָלקס־באַנק, ביקור־חולים, הכנסת־אורחים, גמילות־חסד־קאַסע, לינת־הצדק און אַ שיינע ציוניסטישע יוגנט.

די ציוניסטישע באַוועגונג איז אַריינגעדרונגען אין שטעטל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָנגעפירט דורכן לערער און משכיל ר׳ אלתר יאָסעלעוויטש ע״ה. די ערשטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1921. די גרינדערס זענען געווען דער שרייבער פון די שורות, נח, מאָטל און חנה באַרסוק, דוד קאָפּילאָוויטש. רבקה און שיפרה גרונעס, יוסף פילשצ׳יק, יוסף מאַכטיי, חיים ראָזאָווסקי, חאַצקל פלאַקסין, בעבע ירוחמס און נאָך אַנדערע, וועלכע וועלן מיר אַנטשולדיקן פאַרן ניט דערמאָנען זיי. נאָכהער האָבן מיר זיך צעטיילט אין צוויי פאַרטייען: „התאחדות״ און „פועלי־ציון״. אויך האָבן מיר געגרינדעט דעם „החלוץ״. איך און יהודית מאַכטיי ע״ה, זענען געווען די ערשטע צוויי חלוצים, וואָס מיר זענען אַוועק אויף הכשרה אין די מיכאַלינער וועלדער צווישן קאָסעווע און רוזשאנאי. נאָכהער האָבן מיר אָנגעהויבן קלערן וועגן דער צוקונפטיקער יוגנט, און מיר האָבן געגרינדעט די „גורדוניה״ צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען, עטעלע באַרסוק, מולע מילצענזאָן, מערע פראשציצקי, חיה׳לע סראגאוויץ, אַלע זענען דאַן נאָך קינדער געווען. מיר האָבן זיי דאַן באַהאַנדלט, ממש ווי אייגענע קינדער, און אַזוי האָט געוואַקסן אַ יוגנט פון וועלכע אַ טייל זענען אין ארץ־ישראל און פיל זענען אומגעקומען דורך די מערדערס. איך מוז באַטאָנען דאָס דער ציוניזם אין סטויבץ, האָט זיך ניט אָנגעהויבן מיט אונדז, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אין סטויבץ עקזיסטירט אַ ציוניסטישע יוגנט, אָנגעפירט פון מנהיג הדור, דעם משכיל זלמן רובאַשאָוו, איצט זלמן שזר. גלייכצייטיק האָט אין סטויבץ עקזיסטירט אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע מיט



**סטויבצער און רעבזעוויצער פרויען אין שול אויף אַ הזכרה נאָך דיקדושים — י״ב תשרי אין אַרגענטינע**

זיצן פון רעכטס: הינדה פבריקנט, שרה פוזיאק, מישקע בורדא, שרה רייסר, מרים גרמיזא, מלכה גערש. צילע טוניק,ביילע פוזיאק, אסתר טוניק, חיה טוניק, ריטלע שולקין, רחל בסקין, שרה ברוכנסקי, קטאלינע טוניק, סענארא שולקין.

אַ שיינער יוגנט, אָנגעפירט פון חיים דוואָרערצקי, מולע קאַפּלאַן ע״ה און נח קושניר יבדל לחיים. נישט קוקנדיק, וואָס עס זענען געווען צוויי עקסטרעמע לאַגערן: ציוניזם און בונדיזם, זענען מיר אין פריוואַטן לעבן געווען פריינדלעך, ברידערלעך. די עליה קיין ארץ־ישראל האָט זיך אָנגעהויבן פון אָנהויב צוואָנציקסטן יאָרהונדערט. די ערשטע חלוצים זענען געווען זלמן רובאַשאָוו, יצחק בערנשטיין, דב עפשטיין, ראובן לוין וואָס לעבן שוין אין ישראל אַריבער פופציק יאָר.

אין 1922, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די עליה קיין ישראל. די ערשטע חלוצים זענען געווען מיינע יוגנט־פריינד: יוסף מאַכטיי, חיים ראָזאָווסקי, פייגל בערנשטיין, רבקה גרונעס, נח און נחמה באַרסוק, בעבע הארחורים, חאַצקל פלאַקסין, מרים קומאק. מיט דער דאָזיקער עליה זענען פיל אַוועק קיין ישראל אָבער די מערהייט האָט ניט דערלעבט צו פאַרווירקלעכן זייער טרוים, און אָט דעם שיינעם חלום האָבן זיי מיטגענומען אין מאַסן־קבר אַריין.

אין שרעקלעכע יסורים האָבן זיי זייער לעבן פאַרענדיקט, דאָס בלוט פון מאַן און פרוי, עלטערן און קינדער, ברידער און שוועסטער האָבן זיך צונויפגעגאָסן, צונויפגעמישט און עס שרייט פון דער ערד: ראַכע, נקמה!

לאָמיר טראָגן שטענדיק אין געדאַנק, טיף איינגעקריצט אין האַרצן און אין דער טיפעניש פון דער נשמה זייער הייליקן אָנדענק, דעם אָנדענק פון דעם שטעטעלע, ווו מיר זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, און האָבן אונדזערע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט.

סטויבץ איז געווען אַ שטעטל פון תורה, פון גרויסע רבנים, לומדים, תלמידי־חכמים, מתנגדים און חסידים, בעלי־בתים און בעלי־מלאכות, סוחרים און קליינהענדלער, אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן ערלעך און שווערלעך פאַרדינט זייער שטיקל ברויט. אָט דאָס שטעטעלע איז מער נישטאָ... חרוב געמאַכט... אויסגעהרגעט אַלע יידן... דערשאָסן און באַגראָבן אין איין ברודער־קבר. לאָמיר דערמאָנען און געדענקען די קדושים וטהורים, שמסרו נפשם על קידוש־השם.

„יתגדל ויתקדש" — זאָלן זייערע נעמען געגרויסט ווערן און הייליק זיין.

# נחמן פלאקסין ארגענטינע / ווי קען מען פארגעסן

איך קען דיר, אָ סטויבץ, ניט פאַרגעסן
סיי בייטאָג און ביינאַכט.
ביי דער אַרבעט, ביים טרינקען ביים עסן,
שטענדיק וועגן דיר איך טראַכט.

איך זע דיר אין וואָר און אין חלום,
איך זע דיינע יונגע און אַלטע,
איך זע דיר אין צייטן פון שלום
און אין גרויזאַמע טעג קאַלטע.

איך זע דיינע שולן, בתי מדרשים, פאַראיינען,
דיינע פאַרטייען מיט די רייסערייען,
איך זע דיינע שמחות, דיין וויינען,
דיין יובלען, דיין טומלען, דיין שרייען.

איך זע אייך ביים לערנען, ביים דאַווענען,
אין היץ, און אין קעלט און אין שנייען,
איך זע אייך ביים דרשן ביים רעדנער
און ביי ציוניסטיש־רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען.

אַ קאַלירפולע ביסטו סטויבץ געווען,
געמערט זיך, געפרייט און געליטן,
ביז דער גרויסער אומגליק איז געשען
און דו ביסט געוואָרן פאַרשניטן.

געקומען זיינען די נאַצי־הינט,
פאַרניכטעט אָרים און רייך,
פאַרשניטן אַלע, זקן און קינד,
אין זאַיאַמנע דאָרט ביים טייך.

איך זע דיינע הרוגים מאַרטירער,
איך זע דיינע קדושים פאַרן טויט,
איך זע אייער הייליקן פירער
דעם צדיק ר׳ יהושע מיט אייך גייט.

איך זע ווי איר גייט צו דער עקדה
ס׳וואָרט דער מלאך המות אויף אייך אַלע,
עס גייט צום טויט די גאַנצע עדה
אַלט און יונג, חתן און כלה.

אָט נעמט איר זיך אַלע אַרום,
איר זעגנט זיך פאַרקלעמט און פאַרביטערט,
איר טוליעט זיך ווי שעפעלעך שטום...
עס גרוילט מיר, איך ווער אַזש פאַרציטערט.



**משפחת פלאַקסין**

נחמן, יוחנן, לייבל, משה, חנה, ציפה, יחזקאל, מרדכי, יוסף

אַט הער איך דעם קנאַל פון די ביקסן,
איך זע ווי איר פאַלט אין גרוב אַריין.
איך הער די קולות, יללות און זיפצן,
איך זע ווי די גרוב שלינגט אייך איין.

איר ווערט פאַרשאָטן מיט ערד גלייך,
אָבער וואָס זע איך פון גאַנץ ווייט?
די ערד באַוועגט זיך איבער אייך,
אַ לאַנגע, לאַנגע צייט...

און לאַנג הערט זיך דאָרט אין קבר
אַ שטומער געוויין און געבעט,
עס ציטערט און צאַפּלט אַן אָבר
פון אַ גוסס וועלכער עס רעדט:

אַ, פאַרוואָס רבונו של עולם קומט אונדז
פאַרוואָס שווייגסטו און קוקסט גאָט אַזוי?
פאַרוואָס הערסטו ניט אונדזער אוי,
פאַרוואָס לאָזטו אונדז מאַכן צו שפּאָט???

---

און אַ שטים קלינגט אָפּ פון דערווייטן,
וועלכע לאָזט זיך אין חלל הערן:
עס קומען אַן בעסערע צייטן
עס גייט אויף דער מאָרגן־שטערן

דורך אייערע יסורים, קברים און טויטן,
אַ מדינה קומט אויף אַ פרייע,
עס הערט זיך דער שאַל פון טרומייטן,
אין מדינת ישראל די נייע.

אַהין וועלן קומען די פּליטים צוגיין,
אַ היים דאָרט צו בויען פאַר אַלע,
עס וועט זיך שוין מער ניט הערן קיין געוויין,
נאָר שמחות פון חתן און כלה.

ס׳וועלן קומען אַהין פון אַלע עקן וועלט
יידן דורכן ים און דורך לופט,
די זון זי שיינט דאָרט און העלט
און צו בויען דאָס לאַנד זי רופט.

און פון חורבות קברים און ליידן
אַרויסקומען וועט די ליכט און די שיין,
פול וועט דאָס לאַנד זיין מיט אַרבעט און פריידן,
אַ נצחיותדיקער לעבן וועט עס זיין.

עס וועט זיך מער ניט הערן קיין יאָמער,
עס וועט זיך ניט הערן קיין אַי,
ווייל גאָט וועט זיין אונדזער שומר,
ווייל עם ישראל חי. עם ישראל חי!!!

## געצל רייסר / א. צוריק קיין סטויבץ אין יולי 1944

דעם 12טן יולי 1944 האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל, אַרויסגיין אויף שמירה אין די עקן פון וואַלד און ניט אַריינלאָזן אַהין די צעטומלטע דייטשע מיליטערישע רעשטלעך פון די 22 דיוויזיעס הינטער מינסק, פון וואַנען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע רוסישע אָפענסיווע. דערווייל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז סטויבץ איז שוין פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, אָבער דער אָנגריף־כוח איז געווען אַ צו קליינער, האָבן זיי געמוזט זיך צוריקציען. ערשט דעם 5־טן יולי איז סטויבץ ענדגילטיק באַפרייט געוואָרן. קומענדיק צוריק, האָבן מיר ערשט געטראָפן און געזען דעם גרויסן חורבן פון אונדזער שטעטל. די פאַרשטעקטע ביסל יידן האָבן אָנגעפאַנגען אַרויסקריכן. צווישן זיי זעקס יידן, וועלכע אַ קריסטין האָט זיי אויסבאַהאַלטן אין דאָרף זאַדוואָריע במשך פון צוויי יאָר און געגעבן זיי עסן און טרינקען. די זעקס זענען געווען: נחמה רייסר (קלמנ׳ס) מיט איר טאָכטער חנה לאה, 3 שוועסטער, חיים לייב קפלן׳ס טעכטער; דבורה, אסתר, זלאַטקע און עזריאל טוניק. נאָך איינער נחום קאַנטאָראָוויץ (עזריאל רודיצקיס איידעם), וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין זאַיאַמנע ביי אַ קריסטין, אָבער באַלד נאָך דער באַפרייאונג, איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. מיר האָבן אים געבראַכט צו קבר ישראל אויפן אַלטן בית עלמין. אַ טראַגישער

פאַל האָט פּאַסירט מיט דניאל האַרענקריג, אַרבייטנדיק שוין ביי די סאָוויעטן אין שווערזנער טאַרטאַק; פאָרנדיק קיין מינסק מיט אַ לאַסט־אויטאָ איז געשען אַ וועג קאַטאַסטראָפע ווו ער האָט זיין טויט געפונען. מ׳האָט אים געבראַכט קיין



דניאל האַרנקריג ז״ל

סטויבץ און מיר האָבן אים געדאַרפט באַערדיקן אויפן שטאָטישן בית עלמין. זיין פרוי חיענקע און צוויי טעכטער מושקע



**אין אויגסבורג (דייטשלאַנד) אויף אַ הזכרה נאָך די קדושים**

זיצן פון רעכטס: סוניה רעזניק, שרה טוניק, סוניה לוין, רוזה באגין, נחמה רייסער, דוד הענקין, סוניה מאראן, יעקב חיים מאראן, איטקע אינזעלבוך; שטייען פון רעכטס: מענדל מאכטיי, דוד לוין, אומבאַקאַנט, יעקב לוין, אייזיק ברקוביץ, יוליק פינצעווסקי, לייבע טוניק, ראובן מאַכטיי, בערל פייווע בערקוביץ, חנה רייסער, מרדכי גולדשטיין, קלארע הארענקריג, געצל רייסער, אלי׳ מוצניק, אומבאַקאַנט, חנה סארנאוו, משה סארנאוו, ישראל פראשציצקי.

און קלאַרע זענען שפּעטער אַוועקגעפאָרן צו פריינט אין וועגע־צועלא.

די ביסל אויפגעקליבענע יידן פון שטעטל, האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן פון שרעק און פיין. אייניקע זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. די 3 ברידער, זלמן, הלל, און בערעלע אַקון (די זין פון ברוך עוזר שמחה זלמנס דעם סטאָלערס), זענען געפאַלן אויפן פראָנט צוזאַמען מיט די איבעריקע יידישע קעמפער. ס׳האָט זיך דערנענטערט דער ערשטער ראש־השנה נאָך אונדזער אַרויסגיין פון קאַלדיצעווער גיהינום, די שטימונג איז געווען אַ שלעכטע, האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ מנין אויף שפּיטאַלנע גאַס, ווו מ׳וועט קענען צוזאַמען זיך אויסוויינען אויף אונדזער גרויסן חורבן. אַ ספר־תורה האָבן מיר אויסגעקויפט ביי אַ קריסט פון פּאָטשטאָווע גאַס, וועלכער האָט דערציילט, אַז ער האָט עס געקויפט און אויסגעבאַהאַלטן פון דער ווייס־רוסישער פּאָליציי אין יענע טרויעריקע טעג, ווען די פּאָליציי צוזאַמען מיט די קריסטן האָבן געריסן ספרי־תורה און געמאַכט פון דעם לאַפּטשעס. מיר האָבן טאַקע האַרציק געדאַווענט יענעם ראש השנה און יום־כיפור. צו מאָרגנס נאָך יום־כיפור האָבן מיר אַלע זיך געלאָזן צום ברידער־קבר, ערב דעם יאָר־צייט־טאָג נאָך אונדזערע קדושים. פון דאַן איז ביי אונדז פאַרהייליקט דער טאָג, י״ב תשרי, אַלס דער אָנדענק־טאָג נאָך אונדזערע ליבסטע און בעסטע.

די סאָוויעטישע מאַכט, האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע צו פאָרשן די דייטשע־מערדערישע טאַטן. זיי האָבן איין מאָל אַ זונטיק אויפגעגראָבן דעם מאַסן־קבר אין עטלעכע ערטער און מיר זיינען אָנוועזנד געווען און צוגעזען די גרויסע טראַגעדיע. כמעט יעדן זונטיק זענען מיר געגאַנגען צום קבר אויסוויינען זיך און אומגעקערט זיך מיט אַ גרויסן ווייטיק אין האַרצן ביז מיר האָבן איין מאָל באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ מצבה אויפן מאַסן־קבר, און אויף די איבעריקע קברים וואָס זענען צעשפּרייט איבערן שטעטל.

דעם 9־טן מאי 1945, האָט זיך געענדיקט די צווייטע וועלט מלחמה. פאַר אַלעמען אַ גרויסע פרייד; פאַר אונדז איז דאָס געווען גאָר אַ קליינער טרייסט בלייבנדיק עלנט, פאַרלירנדיק אַלץ און אַלעמען. עס איז אונדז מיאוס געוואָרן דאָס לעבן אין אונדזער געבורטס־שטעטל, ווו מיר זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, ווו מיר האָבן אונדזערע יוגנט יאָרן פאַרבראַכט. שווער צו לעבן צווישן קברים, אויף יעדן שריט און טריט חורבן און קברים. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ רעגיס־טראַציע צו פאָרן קיין פוילן, — רוסלאַנד האָט ערלויבט אַרויסצופאָרן פון די אַלע קרייזן, וואָס האָבן געהערט ביז 1939 צו פוילן. אַלע האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין.

מיר זענען געקומען קיין פוילן, קיין לאָדזש ווו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט די מערהייט פון די געראַטעוועטע יידן. אין אַלגעמיין איז אין פוילן אויך ניט געווען זיכער פאַר יידן צו בלייבן, איבערהויפּט נאָכן פּאָגראָם אין קעלץ. די סטויבצער האָבן זיך צוזאַמען גערעדט אויפצוקלייבן זיך אין דעם יאָר־צייט־טאָג, י״ב תשרי, דאַווענען מיט אַ מנין ביי יעקב לעווין אויף צעגעלנאַנע גאַס. די ווונד איז נאָך געווען פריש. עס האָט זיך געוואָלט זאָגן אַ קדיש, אויסוויינען זיך אַלע צוזאַמען אויפן גרויסן אומגליק.

פון פוילן זענען מיר אַלע געפאָרן קיין דייטשלאַנד. מיט דער הילף פון דער אַזוי גערופענער „בריחה". דאָ האָבן די אַמעריקאַנער איינגעאָרדנט „אונררא"־לאַגערן פאַר דער שארית הפליטה, פאַר די אַנטלאָפענע פון גרויסן פייער. אין

שרעק און מורא זענען מיר געזעסן אין דייטשלאַנד, דאָס לאַנד פון רויבערס און מערדערס, וואָס האָט אויסגעמאָרדעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. אויך דאָ האָבן מיר באַשלאָסן צונויפצורופן אַלע סטויבצער אויף איין פּלאַץ, נאָענט צום יאָר־צייט טאָג, קיין אויגסבורג אויפן האַלב־וועג פון מינכען — אולם. כמעט אַלע זענען געקומען, אָפּצוגעבן כבוד די הייליקע נשמות.

ערשט אין יאָר 1948 מיטן אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה האָבן מיר דערגרייכט אונדזער ענד־ציל: לשוב לארץ אבותינו ארץ ציון וירושלים.

# ב. פּראָטאָקאָל פון דער טרויער זיצונג

פון דער טרויער־זיצונג וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 22סטן יוני 1945, אין טאָג פון דעם אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה מיט דער באַטייליקונג פון די חברים: בערל־פייוועס בערקאָוויטש, געצל רייסער, און געטלער וואָלף פון לאַדז. באַשליסן מיר — ניט אָרועקצופאָרן פון דאַנען ביז מיר וועלן ניט איינאָרדענען די קברים פון די אומגעקומענע יידן אויף קידוש השם אין סטויבץ.

דעם ערשטן דענקמאָל האָבן מיר אויפגעשטעלט אויפן גרויסן קבר קעגנאיבער דעם אַלטן בית־עולם ווו עס ליגן העכער 2000 יידן. דער שטח פון קבר פאַרנעמט: 70 × 14 מעטער. אין דענקמאָל איז איינגעמויערט אַ בראָנזענע־טאָפל מיט אַ רוסישן אויפשריפט:

אַ אייביקער אָנדענק די אומגעקומענע יידן דורך באַר־באָרן און היטלערן אין 43—1942.

אַרום דענקמאָל האָבן מיר געמאַכט אַ טיפן גראָבן אויפן גאַנצן שטח פון קבר, פוןביידע זייטן אָנגעשאָטן 2 מגן־דודס פון שטיינער אָפּגעקאָלכטע, אין די ווינקלען איינגעשטעלט 4 צעמענטענע סלופּעס.

דעם צווייטן דענקמאָל האָבן מיר אויפגעשטעלט אויפן קבר נעבן „געטאָ" אויף יורזדיקע גאַס, וועלכער פאַרנעמט אַ שטח פון 8 × 5 מעטער. דאָ ליגן אַרום 70 פרויען און קינדער. מיר האָבן אַריינגעשטעלט צעמענטענע סלופּעס געמאַכט אַ פאָרם פון אַ קבר, אַרומגעלייגט מיט גראָז, און אָנגעהאָנגען אַן אויפשריפט אויף אַן אייזערנעם טאָפל.

דער דריטער דענקמאָל איז ניט ווייט פון צווייטן.

דער קבר פאַרנעמט אַ שטח פון 40 × 3 מעטער. דאָ ליגן בערך 200 יידן. דעם קבר האָבן מיר אַרומגעלייגט מיט גראָז און שטיינער.

דעם פערטן דענקמאָל האָבן מיר אויפגעשטעלט אין „געטאָ", ביי יעקב־בערל דעם סטאָלער אויפן הויף. ווו עס ליגן בערך 60 יידן, וועלכע זיינען אומגעקומען פון אַריינגע־וואָרפענע גראַנאַטן זיצנדיק אין קעלער באַהאַלטן. דער קבר פאַרנעמט אַ שטח פון 6 × 5 מעטער און איז אַרומגערינגלט מיט שטיינער און גראָז. אין מיטן קבר איז איינגעמויערט אַ אייזערנע טאָפל מיט זעלבן אויפשריפט.

דעם פינפטן דענקמאָל אויף אַקינציצער וועג, בערך אַ קילאָמעטער פון שטאָט האָבן מיר געפונען 2 קברים, איינער נעבן דעם אַנדערן, פון די 87 יידן מיט פרייע־פּראָפעסיעס, אומגעבראַכטע דורך דער „געסטאַפּאָ" אין תמוז תש״א. גע־מאַכט אַ פאָרעם פון אַ קבר.

אַרום דעם אַלטן בית־עולם. וועלכער איז גענצלעך חרוב געוואָרן דורך די מערדער, האָבן מיר געמאַכט אַרום אַ טיפן גראָבן וועלכער פאַרנעמט אַ שטח פון 200 × 150 מעטער.

מיר האָבן צוריק אויפגעשטעלט די אומגעוואָרפענע אַלטע מצבות, קענטיקער געמאַכט די 2 גרויסע קברים פון די אומ־געקומענע: דער ערשטער קבר איז פון די 20, — די שענסטע יוגנט וואָס איז אומגעקומען דעם לעצטן טרויעריקן פרייטיק פאַר ראש־השנה תש״ב.

דער צווייטער קבר איז פון די איבערגעטראָגענע רעשט־לעך פון די וועלכע זיינען אומגעקומען דעם ערשטן טרויעריקן זונטיק אויף שפּיטאַלנע גאַס.

מיטלען אַדורכצופירן די פּאַראייביקונגס אַרבעט האָבן באַשטייערט: בערל פייוועס בערקאָוויטש, געצל רייסער, אליהו אינזעלבוך, כאַדירקין, חייענקע האַרענקריג, סטאָקליצקי יצחק.

די פיזישע אַרבעט האָבן אַדורכגעפירט 80 געפאַנגענע דייטשן, פאַר וועלכע מיר האָבן געצאָלט מיט ברויט און 5 רובל אַ טאָג. די אַרבעט האָט געדויערט 10 טעג.

איין עקזעמפּלאַר פון פּראָטאָקאָל איז פאַרבליבן ביי דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין וואַרשע.

/ בערל פייווע בעראַקאָוויטש
/ געצל רייסער
/ וואָלף געטלער

כ״ב תמוז ה׳תש״ה.
סטויבץ דעם 3־טן יולי 1945.

# נח באַרסוק / אַ בריוו*

בודאַפעסט, 1940—21.3

שלום ב.

— דיין פּאָסט־קאַרטל האָב איך דערהאַלטן, פאַר וועלכער כ׳דאַנק דיר זייער און דו וועסט מיר זייער אַנטשולדיקן פאַר מיין לאַנגן שווייגן, ס׳איז פּשוט ניט מעגלעך ביי אונדזער אָרט לעבן און באַדינגונגען צו קאָנצענטרירן זיך און שרייבן. נאָר ווילנדיק, אַז דו זאָלסט אויף מיר אויך ניט זיין ברוגז, וועל איך זיך באַמיען דיר איבערגעבן דאָס וואָס כ׳ווייס, נאָר כ׳בעט, מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין ניט לאָגישן שרייבן.

כ׳גיב איבער דאָס בילד פון פאַר דער מלחמה, כראָנאָלאָגיש.

ווי דו ווייסט האָבן זיך די באַציאונגען מיטן שכן פאַרערגערט פון מערץ אָן. פון דעמאָלט אָן, האָט זיך שוין אָנגעהויבן טומלען אין אונדזער קליין שטעטלדיקער וועלטל און אונדזערע פּאָליטיקער פלעגן זיך צונויפקלייבן אין באַנק און באַהאַנדלען פראַגן, אַזוי איז דערגאַנגען ביז דעם 30 אין VII ווען ס׳איז געווען די ערשטע מאָביליזאַציע. דאַמאָלט אין שטעטל האָט זיך געטאָן חושך, מ׳האָט געוויינט. גאַנץ שטאָט איז געווען אין גאַס, געשטאַנען ביי די סלופּעס און מ׳האָט זיך געפּלפּולט וועגן דער לאַגע אין באַנק. וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן קענסטו זיך דאָך פאָרשטעלן. און ביי אַזאַ לאַגע האָב איך געמוזט אַרבעטן, אין דער צייט ווען כ׳האָב זיך געריכט אַז אָט ברענגט מען מיר דעם צעטל. כ׳פלעג יעדע נאַכט זיצן ביי חיימען און הערן דעם קאָמוניקאָט. דער מלחמה־אויסברוך איז געווען פאַר אונדז אומבאַקאַנט, מיר האָבן זיך דערוווסט פרייטיק דעם 1טן סעפּטעמבער צען אַזייגער, אַז מ׳האָט געמאַכט אַ חורבן פון דער הויך. פון דעמאָלט אָן, האָט זיך דער נאָרמאַלער לעבן אָפּגעשטעלט, די פּויערים, וואָס האָבן וואַרשיינלעך געוווּסט, אַז דער שכן וועט אויך קומען, האָבן זיי אָנגעהויבן קומען אין שטאָט און איינקויפן אין אומגעהויערע קוואַנטומס אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אַפילו פלעשער פּערפום, אַבי אויסגעבן דאָס געלט. יעדן טאָג ווען כ׳פלעג זיך לייגן אין בעט פלעג איך קלערן, אַז דאָס איז צום לעצטן מאָל. אין אַזאַ נערוועאישער לאַגע האָבן מיר געלעבט די גאַנצע 16 טעג. יום־טוב האָט מען דריי מאָל באָמבאַרדירט באַראַנאָוויטש, דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלן וואָס ס׳האָט זיך געטאָן ביי אונדז. מ׳האָט זיך געריכט אויף זיי. ביינאַכט איז די שטאָט געווען טויט, פינצטער, מען האָט ניט געטאָרט אַרויסגיין אין גאַס פון 7 אַזייגער אין אָוונט. דערלויבט איז געווען נאָר די וועלכע זענען געווען מאָביליזירט און סטראַזשע־לייט. ביי טאָג פלעגן זיין אָפטע אַלאַרמען. פלעגן מענטשן לויפן ווי משוגעים. מ׳האָט אין דער גאַנצער שטאָט אויסגעגראָבן גריבער צו באַהאַלטן זיך. אין מאַרק צ״ב איז עס געווען נעבן די אַלטע מיידלעך ווו אַלס קאָמענדאַנט איז געווען וויינראַך און נעבן שרה מינקעס, הינטער דעם בייעם בית־מדרש און אין נאָך פאַרשיידענע ערטער. כ׳שרייב דיר אַלץ אין קורצן, ווייל אויב מען וועט דערלעבן, וועל איך דיר אַלץ איבערגעבן געניי. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז דעם באַרימטן 17טן.

איך שיק דיר נעמען פון די פערזאָנען, וועלכע כ׳געדענק וועמען מ׳האָט גענומען צו מיליטער: מיט דער טשינער סלוזשבע (טעטיקן מיליטער־דינסט) פאַרשטייט זיך, זאב טוניקס אַ זון נחה, י. ברוכאַנסקיס, בערל׳ס, הירשל מילצענזאָן, צביה סראַגאָוויטשעס מאַן, אליהו מאַכטייס זון, לייבל רודיצקי, פּרוסינאָווסקעס, פייטל און וועלוול בערנשטיין יוסף־חיים׳ס, וועלוול רייסער, דעם שמש׳ס זון, בועז אַקסעלראַד, מיכל ברוכאַנסקעס זון, קליאַטשוק אויף יורזדקע, מלמד׳ס, דוכט זיך מיר דיין קרוב, אויך ברוך עוזר׳ס, מנחם קושנער׳ס, סלוטשאַק, אהרון טוניק, יעקב ברוכאַנסקיס, דער שניידער, עסטערקין׳ס 2 זין, די פריזיערס דער יינגערער איז געקומען, נעמה׳ס אייניקל, גערשענאָוויטשעס, לייבל יענטלס, פון זיי זיינען נאָך דערווייל קיינער ניט געקומען, די וועלכע איך אונטערשטרייך ביז דעם 25.X, ס׳קען זיין אַז זיי זיינען שוין געקומען, גלייכצייטיק איז ציפּקע און יוכבד מאַכטיי אהרנ׳ס טאָכטער געווען אין וואַרשע אויף קימפּעט, ווייס מען ניט וועגן זיי. נאָר כ׳בעט דיר, אַז קיינער זאָל פון דערויף ניט וויסן און קיינער זאָל חס־ושלום ניט זען דעם בריוו.

אַזייגער 3 אין דער פרי וועקט מיר אויף מיין בעל־הביתטע, אַז כ׳זאָל זיך אויף גיך אָנטאָן, ווייל ס׳פליען איבערן שטאָט דייטשע אַעראָפּלאַנען. כ׳לויף אַרויס. ס׳פליען 9 שטיק. נאָר מערקווירדיק, וואָס זיי פליען פון מזרח ריכטונג אויף מערב און יעדער ווײלע אלץ נייע און זיי פליען נאָר דורך אַלץ צו מערב. אין שטאָט איז אַ ליאַרעם. די קעגן־לופט־שוץ מיט הוילע הענט צו לעשן זיינען אויף די ערטער. אַלע מענטשן ליגן אין די גריבער, נאָר דאָ לויפט דורך דער מעצענאַס ב. און זאָגט מיר, אַז דער שכן האָט גערירט, מ׳לויפט אַלע אין מאַרק, ווייל מ׳זאָגט, אַז דאָרטן זענען שוין דאָ זייערע טאַנקן. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳בין אויך דאָרטן, נאָר קומענדיק אין מאַרק הערט זיך אַ שיסעריי, פאַרשטייסטו דאָך, וואָס ווערט אין מאַרק, מ׳פליט ווי משוגעים צו באַהאַלטן זיך, דאָס שיסט דער „קאָפ" אָפּטרעטנדיק. דערווייל הויבט אָן אויף אונדזער גאַס (פּאָטשטאָווע גאַס) זיך קלייבן די פּאָליציע, אויף ראָווערן צוגענומען ביי חאצע דוד רודיצקי און בערקאָוויטשן און אויף אויטאָס אַנטלויפן זיי. כ׳גיי אויף פּילסודסקי גאַס, מענטשן שושקען זיך, ס׳שטייען רעדלעך. מיט אַמאָל הערט זיך אַ רעש פון עק שפּיטאַלנע און ס׳זעען זיך אייזערנע קערפּערס גייען. ביי עק פּילסודסקי האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ געשריי פון פרייד, ווייל איר קאָנט אייך נישט פאַרשטעלן ווי מיר זיינען געווען דערשראָקן פון דייטש, און ער איז דאָך געווען נאָר 100 ק״מ פון אונדז. מיט בלומען האָט

---

* דער שרייבער פון בריוו איז נח באַרסוק ז״ל, וועלכער האָט געזוכט אַ וועג צו ארץ ישראל דורך רומעניע, אונגאַרן און יוגאָסלאַוויע. — רעד.

מען זיי באַוואָרפן. נאָר אין אַ פּאָר טעג איז דער ענטוזיאַזם פאַרשוונדן, די ווירקלעכקייט האָט זיך באַוויזן אין איר טרויעריקער לאַגע. זיי זיינען געקומען אין מאַרק און זיך אָפּגעשטעלט. אליעזר ראַדונסקי, האָט געכאַפּט קושן דעם טאַנק און די האַנט פון סאָלדאַט. גלייכצייטיק האַלט מען יעקב בערנשטיין און שקאָלניקן אין קאַרטוז בערעזע און מ. מאַכטיי ביי קאָוועל. זיי זיינען אַלע צוריקגעקומען.

אָפּשטייענדיק אַ פּאָר מינוט זיינען זיי געפאָרן ווייטער. אין אַ צען מינוט אַרום האָט אָנגעהויבן גיין קאַוואַלעריע, דערנאָך מאָטאָריזירטע פּיעכאָטע, אויטאָס און האַרמאַטן אָן אַ שיעור. די קרעמערס האָבן זיך געווענדעט, אַז זיי ווילן אָפּגעבן די שליסלען פון די געשעפטן, ווייל ס'איז געווען אוממעגלאַך צו פאַרקויפן די סחורה — מען האָט „געריסן" טאָג און נאַכט. אויפשטייענדיק 2 אַ זייגער ביינאַכט שטייען שוין מענטשן אין קאָלייקע און וואַרטן. האָט מען זיי געזאָגט, אַז זיי מוזן פאַרקויפן. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ מיליץ, מ'איז אַריינגעגאַנגען צו בערל פּ. און געהייסן געבן אַ זילבערנעם סערוויז, און מ'האָט געגעבן. פאַר אַ סך מענטשן איז איצט געוואָרן אַ גליק, מ'פלעגט פּשוט אַריינגיין אין געשעפטן אָנטאָן זיך וואָס מ'דאַרף און אַוועקגיין, און נאָך זאָגן אַז ביי זיי איז אַ גוטע האַנט. דאָס איז אין קורצן. כ'האָב שוין ניט קיין געדולד. אַ צווייטן מאָל וועל איך דיר שרייבן מער.

ווען כ'האָב געזאָגט חיים'ן, אַז כ'פאָר אַוועק און די צייט איז געווען קורץ, ווייל וואָס אַ טאָג ווייטער איז דער גרענעץ געוואָרן מער באַוואַכט, האָט ער געזאָלט פאָרן און ברענגען מיר אַ צעטל, נאָר ס'איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו פאָרן. האָט ער מיר איבערגעגעבן, אַז דער מענטש איז אין תל־אביב און ניט אין ירושלים. ביי אים קענסטו וויסן דעם אַדרעס פון תל־אביבער. פאַרנאַכט בין איך געווען ביי אייך. די מאַמע האָט געוויינט פון פרייד וואָס איר וועט האָבן אַ לעבעדיקן גרוס. דאָרטן האָט מיר חיים געגעבן דו ווייסט דאָך וויפיל. אַלע האָבן אויסגעזען געזונט. פאַרשטייט זיך, אַז ס'וואָלט געווען אַ גליק פאַר זיי ווען זיי וואָלטן געווען ווו דו ביסט. משה'ן און שלום'ן האָבן איך כמעט געזען יעדן טאָג. אַרבעט פאַרשטייסטו דאָך אַליין איז ניטאָ אין באַנק, האָט מען דעם 15טן אָנגעהויבן אַרבעטן, אָבער נאָר צום אינקאַסירן, צו ס'איז איצט דאָ פאַראַן עפּעס ווייס איך ניט.

גרונטשען פלעג איך אָפט זען מיט די קינדער, דער מאַן האָט די לעצטע טעג פאַרן אַריינגיין געקומען פון וואַרשא אָפּגעריסן. אַ הונגעריקער, דאָס זעלבע שעפטל קיטאיעוויטש און זימע.

דו פאַרשטייסט דאָך אַליין (יענקעלעס וואָרט), וואָס קען איך שרייבן וועגן זיי וואָס דו ווייסט, און דאָס ווייס איך.

כ'גלויב אַז דו וועסט מיר אַנטשולדיקן מיין איבעררייסן, כ'גלויב אפשר וועלן מיר זיך אינגיכן זען וועל איך דיר אַלעס איבערגעבן גענוי.

אַ גרוס דיר פון מיין ברודער.
כ'פאַרענדיק, פאַרבלייב מיר געזונט
דיין פריינט נח

אַ גרוס דער שוועסטער, מאַן און קינד, חנהן, מרדכי מיט דער פרוי און קינדער.

פ.ס. פאַרשטענדיק זיך מיטן לערערס קינדער וועגן וואָס דו האָסט מיר געשריבן. און זאָג מייניקע, אַז כ'האָב זיי נעכטן געשריבן און זיי זאָלן זען אַלעס דערליידיקן.

נעכטן האָב איך געשריבן חיימען אַ בריוו.




פון רעכטס: נח, שאָשע, אברהם באָרסוק.

# די ערשטע בריוו פון סטויבץ

רבקה קנטורוביץ — .15.2.45

.... „איך געפין זיך צופעליק צווישן די לעבעדיקע. ווי דאס איז געשען — ווייס איך אליין ניט. דער גורל האט אַזוי געוואָלט, מעגלעך אַז גלייכער וואָלט געווען, ווען איך קום אום צוזאַמען מיט מיינע ליבסטע און טייערסטע”...

... „נאָר איך בין פול מיט האָפענונג אַז מיר וועלן זיך אַמאָל טרעפן און איך וועל אייך איבערגעבן גענוי וואָס מען האָט מיט אונדז געמאַכט, ווי די דייטשע מערדער האָבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט אונדזער פאָלק...”

....„איר קענט אייך גאָרניט פאָרשטעלן ווי צעבראָכן איך בין... איך בין שוין 3 יאָר אָן מיין ליבן טייערן ניסנען, איך האָב באַוויזן אויפצוהאָדעווען אַ פרעכטיק בלאָנד געלאָקטע טאָכטער פאַרן מערדער. איך זאָל אייך שרייבן באַזונדער ווי אַזוי זיי זיינען אומגעקומען טאָר איך עס ניט... נאָר מער ווייניקער ווייסט איר שוין אַלץ. מיר זיינען אין סטאָלפצע איבערגעבליבן ביי 60 מאַן... צו אונדזער אומגליק איז ניטאָ קיין גרענעץ...”

... „גרוניע מיט אירע 2 פרעכטיקע טעכטער זיינען אומגעקומען דעם 8.7.43, דער מאַמען און ביילקען מיט די קינדער האָב איך פאַרלאָרן, אין דעם גרויזאַמען פאָגראָם פון 1942 ווען ס'זיינען אומגעקומען 3000 יידן...

... „איך וועל זיך באַגרענעצן און שרייבן אייך די אַלע אכזריותן, נאָר דאָס האַרץ איז אָנגעלאָדן, און עס ווילט זיך טיילן מיט די איבערגעבליבענע יידן, וועלכע וועלן זיך קיינמאָל ניט קענען פאָרשטעלן, וואָס מען האָט מיט אונדז געטאָן. זייער שווער איז אויף דאָס ניי אָנהויבן בויען דאָס לעבן, נאָר מען מוז. לעבעדיקערהייט קען מען אין גרוב ניט גיין, נאָר די מערדער האָבן געהאַט דעם מוט אונדזערע קינדער לעבעדיקערהייט צו וואַרפן אין קברים.

איך האָף אַז דער בריוו וועט אונדזערע געפילן דערנענטערן. פאַרבלייבט געזונט, איך קוש אייך טויזנטער מאָל,

אייער בעסטער פריינד

רבקה

פ. ס. „ס'איז דער ערשטער בריוו אין יידיש וואָס איך שרייב נאָך אַזוי פיל יאָרן.”

עזריאל טוניק

סטאָלפצי דעם 20.9.44

מיינע טייערסטע און ליבסטע!

נאָך איבער דריי יאָר ליידן און פיין, נאָך איבער דריי יאָר איבערלעבענישן אַזעלכע וואָס ס'איז נאָך אין דער וועלטגעשיכטע ניט פאַסירט, נאָך דריי יאָר פאַרשקלאַפונג האָב איך היינט די מעגלעכקייט אַלס פרייער מענטש צו שרייבן אייך, מיינע טייערע. נעכטן האָב איך באַקומען אייער קאַרטל פון 3.7. ס'פרייט מיך זייער וואָס איר לעבט אַלע, מיינע טייערסטע. יעצט שטייט פאַר מיר די פראַגע וואָס זאָל איך אייך שרייבן? איך זאָל נעמען שרייבן אונדזער גרויסע פאָלקס־טראַגעדיע און פרטים בין איך איצט ניט אומשטאַנד.

ס'וועט אפשר קומען אַמאָל אַ צייט ווען, מיר, די געציילטע איבערגעבליבענע פון מיליאָנען, וועלן קענען זיך אויסשרייען אַביסל פאַר דער וועלט. אָדער פאַרקערט, מיר האָבן גאָרנישט וואָס צו דערציילן. די ערד וועלכע האָט זיך אָנגעזאָפט מיט אונדזער אומשולדיק בלוט, זי קען עדות זאָגן וועגן אַלץ. מיר די איבערגעבליבענע זענען שוין בכלל נישט קיין נאָרמאַלע מענטשן. ס'איז שווער, אַדורכלעבענדיק און פאַרלירנדיק אַזויפיל, צו בלייבן אַ מענטש. מיר האָבן שוין אַלץ פאַרלאָרן. די דייטשע באַנדיטן האָבן אונדז געשאָכטן אין מיטן גאַס. אונדזערע טייערסטע קינדערלעך, עלטערן, פרויען האָבן זיי אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט. היינט דרייען מיר זיך אַרום אויף אונדזערע קברים נידערגעשלאָגענע, אַנטוישטע. מיר שעמען זיך פאַר עמעצן צו ווייזן, אַזוי גאָר ווי מיר וואָלטן דעם גרעסטן פאַרברעכן אָפגעטון. ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז פון אונדז איז גאָרנישט געוואָרן. דאָס שענסטע און בעסטע וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט האָט מען ביי אונדז צוגערויבט.

אייך מיינע טייערסטע אינטערעסירט דאָך זיכער ווער איז געבליבן? צי איר האָט נאָך טאַטע, מאַמע, ברידער, שוועסטער, באַקאַנטע און פריינד? איך האָב נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת באַשלאָסן שרייבן אייך דעם אמת. יתומים זענען מיר אַלע געבליבן פון וועלוול טוניקס פאַמיליע מיט אַלע איבעריקע טוניקס פון סטאָלפצי זענען געבליבן בלויז איך עזריאל און מיין טייערסטע און געליבסטע שוועסטער חוה! איך האָב שוין נישט קיין טרערן. מיין האַרץ איז מיט בלוט פאַרלאָפן. איך האָב שוין, בעסער געזאָגט, קיין האַרץ נישט. פון דער פאַמיליע מילצנזון איז קיינער ניט געבליבן פון מערע פראַשציצקיס פאַמיליע, די וועלכע האָבן זיך געפונען אין סטאָלפצי איז קיינער ניט געבליבן. אירע צוויי ברידער וועלכע האָבן געוווינט נעבן פינסק לעבן דוכט מירביידע. טרייסט זיך און שטאַרקט זיך מיינע טייערע, ס'איז שווער אַזעלכעס צו שרייבן אייך אָבער איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאַרף מען דאָס וויסן.

אונדזערע מענטשן זענען שוין אַזוי פאַרהאַרטעוועט, דאָס איז שוין ביי אונדז גאַנץ נאַטירלעך ריידן וועגן דעם. אונדז בינדט מער מיט די טויטע ווי מיט די לעבעדיקע. דאָרט האָבן מיר דאָך אונדזערע טייערסטע און בעסטע.

אייך אינטערעסירט דאָך זיכער ווי אַזוי איך מיט מיין חוהלען זענען געבליבן לעבן. מיר זענען געווען איבער צוויי יאָר פאַרטיזאַנער. איך מיין אַז איר האָט געהערט וועגן פאַרטיזאַנער. אַלע 70 (זיבעציק יידן) וועלכע געפינען זיך היינט אין סטאָלפצי, זענען מיר אַלע פאַרטיזאַנער. ס'וועט אפשר אַמאָל קומען אַ טאָג אין וועלכן מיר וועלן קענען וועגן דעם אַלעס דערציילן. איך בין געווען מיט אַ פאָר וואָכן צוריק אין מאָסקווע. פון דאָרט האָב איך געגעבן אַ טעלעגראַמע אין „דבר”. אויף אונדז ליגט אַ גרויסע אויפגאַבע. ערשטנס נקמה נעמען, צווייטנס, אַ פאָלק אויפשטעלן.

אייער ברודער און פריינד

עזריאל טוניק

מיינע טייערע ברידער און שוועסטער!

— — — וועגן די אכזריותדיקע פאַרברעכן פון די פאַשיסטישע הינט און אויף וואָס פאַר אַ אופנים זיי האָבן אומגעבראַכט אונדזערע ליבסטע און טייערסטע, האָט איר באַשטימט געלייענט. פאַרשטייט זיך, אַז קיין מענטשלעכער געדאַנק קען דאָס ניט פאַרשטעלן ווי מ׳לעבט דאָס איבער. מיר האָבן דאָך איבערגעלעבט שוידערלעכע יאָרן. מיר האָבן געדאַרפט זען מיט אונדזערע אייגענע אויגן ווי מ׳פירט אונדזערע טייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער צו דער שחיטה און וואַרטן אויפן טויט יעדע סעקונדע. מיר זענען שוין איצט קיין מענטשן ניט, דאָס האַרץ איז צעווייטיקט און קיין טרייסט איז ניטאָ.

מיינע טייערע. איצט וועל איך אייך באַשרייבן אין קורצן וועגן מיר. אין 1941 ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען סטויבץ איז אונדזער שטאָט געוואָרן אָפּגעברענט. מיט דירות און פראָדוקטן איז געווען שווער. בין איך, יעקב־שלמה און לאה׳לה אַוועק צו ראובן אין האראדישץ. געלעבט שטיל און רואיק. ביז וואַנען עס איז געקומען דער שוידערלעכער טאָג ווען מ׳האָט אומגעבראַכט די גאַנצע שטאָט, מיט 1500 יידן. צווישן זיי אונדזער טייערסטער ברודערל יעקב־שלמה, מערל און ישראליקל. מיר, לאה׳לען און ראובן איז געלונגען צו אנטלויפן. אָפּמאַטערנדיק זיך זעקס וואָכן אין פעלדער וועלדער, הונגעריקע, באָרוועסע, זענען מיר געקומען אין סטויבץ, דערוויסנדיק נאָך אונדזערע טייערע עלטערן און ברידער. ביי אונדז איז דאָס געווען אַ גליק צו זיין צוזאַמען מיט אונדזערע ליבסטע עלטערן. עס איז אונדז געווען גרינגער צו ליידן. ס׳איז געווען פון וועמען צו הערן אַ טרייסט־וואָרט. אָבער דער גליק האָט לאַנג ניט געדויערט. דאָס איז געשען תמוז 1942 — אין אַ פינצטערן פאַר אונדז פרימאָרגן האָבן זיך שיכורע ליטווינער אַריינגעריסן צו אונדז און געשאָסן אונדזער טייערן טאַטן. אין איין מינוט איז ביי אונדז צוגענומען געוואָרן די קרוין פון שטוב, ניטאָ שוין מער קיין טאַטע, ניטאָ קיין טרייסט־וואָרט. אין אַ קורצע צייט נאָך דעם גרויסן אומגליק האָבן די דייטשן צוגענומען די אַרבעטס־פעאיקע יוגנט און זיי געשיקט אין לאַגערן אויף אַרבעט. צווישן זיי אונדזערע טייערע ברידערלעך משה׳ל און ראובן. מ׳האָט זיי געשיקט אין מינסק ווו זיי האָבן געאַרבעט זייער שווער. אין אַ קורצער צייט נאָך דעם איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע שחיטה אין וועלכער מיר האָבן אַלעמען פאַרלאָרן. געבליבן בין איך מיט עזריאלן און אויך ניט צוזאַמען. מיר זיינען צוזאַמען אַנטלאָפן, אָבער צוויי יאָר האָבן מיר ניט געוווסט איינער פון צווייטן. מיט אַמאָל זיינען מיר פאַריתומט געוואָרן. געבליבן עלנט. אָפּגעריסן געוואָרן ווי אַ שעפּסעלע פון אַ סטאַדע וואָס בלאָנקעט זיך אַרום אין פעלד און זוכט איר סטאַדע. איר היים. אָבער קיין היים האָבן מיר ניט געפונען. ניטאָ קיין היים. ניטאָ אונדזער אומשולדיק בלוט. אין זיבן טעג אַרום נאָכן אַנטלויפן געבליבן נאָר איין זאַך: נ ק מ ה. נקמה צו נעמען פאַר אונדזערע אומשולדיק בלוט. אין זיבן טעג אַרום נאָכן אַנטלויפן בין איך און נאָך אייניקע סטויבצער אָנגעקומען אין אַ פאַרטיזאַנסקן אָטריאַד. דאָ איז מיר געוואָרן לייכטער. פאַרשטייט זיך אַז ניט איין פאַרטיזאַן איז געפאַלן. אָבער ער האָט געוווסט פאַר וואָס ער פאַלט. ער האָט געוווסט אַז פאַרן טויט נעמט ער נקמה פאַר זיינע ליבסטע. אונדזער עזריאל הירשלס איז אויך אַוועק מיט מיר צו די פאַרטיזאַנער, אָבער אין אַ קורצער צייט איז ער אומגעקומען.

יאָ מיינע טייערע, דורכגעמאַכט האָב איך אַ סך. זייענדיק צוויי יאָר אין וואַלד אונטערן פרייען הימל, ניט איינמאָל ווינטער איז אונדז אויסגעקומען ליגן אויפן שניי, באָרוועס און אפילו הונגעריק. אָבער אונדז איז אַלץ געווען ליב. ווייל מיר האָבן געוווסט אַז מיר פאַרטיזאַנער זיצן אין טיל ביים דייטש. הונדערטער קילאָמעטער פון פראָנט און מיר העלפן דער רויטער אַרמיי. און מיר האָבן געוווסט אַז נאָר זי קען און וועט אונדז באַפרייען פון די הינטישע ציין. יאָ, איר לייענט און אייך גלויבט זיך ניט. און דאָ איז געקומען דער טאָג פון באַפרייאונג. מיר פאַרטיזאַנער גייען אַרויס פון די וועלדער, מיר גייען פאַרנעמען שטעט. שטעלט זיך ביי מיר די פראַגע: וווהין גיי איך? ווער וועט מיר אין דער היים באַגעגענען? צו וועמען קום איך? ניטאָ קיין היים, ניטאָ קיינער. ס׳דערוואַרט מיר מער ניט ווי קברים און חורבות.

קומענדיק האָב איך זיך געטראָפן מיט עזריאלן. איר קענט אייך פאָרשטעלן, אונדזער באַגעגעניש. מיר האָבן געהאַלטן איינעם דעם צווייטן פאַר טויטע. איר שטעלט אייך פאָר ווי אונדז איז אין דער אייגענער שטאָט. מיר דאַרפן לעבן און זען ווו מיר האָבן אַמאָל געווען צוזאַמען. יעדע וועגעלע, סטיעזשקעלע וואָס זיינען פאַרגאָסן מיט בלוט דערמאָנען אונדז אַזויפיל. מיר זיינען פאַרשטיינערט, פאַרגליווערט. סטאָלפּצי, דעם 7 מערץ 1945.

חוה טוניק

# מכתב מחייל הבריגדה

עם תום המלחמה. — חייל הבריגדה היהודית על אדמת איטליה. לראשונה נפגש עם ניצולים מבני עירו והסביבה ומעביר אי אלה ידיעות לאחיו בישראל.

שורות אלה מעידות על הכמיהה הגדולה, הקירבה הנפשית והרצון הכן לקבלם ולעודדם.

המערכת

אי שם באיטליה, ה־20.7.45

שלום וברכה!

החלטתי לכתוב לכם מבלי לחכות לתשובה למכתבי הקודם, ועוד חשוב — וזו בקשת אחת הניצולות מבני נובי־סוירזין — גגה יוסלבסקי. נמצא אני עוד באותו מ. פ. בהרי האלפים ומרגישים אָל־רייט. במהרה נעזוב את המקום ויוצאים רחוק מאד מכאן. אכתוב לכם משם ותדעו...

בימים אלה פגשתי את האחים מלמד — ומיד הודעתי את זה לנח טוניק. נודעו לנו פרטים חשובים עד למאוד, ובמהרה גם אתם תקבלו אינפורמציה כללית. לפי דבריהם הם פגשו אותם בלודז׳ — והם (האחים מלמד) הגיעו הנה מלודז׳ דרך בודפשט. צריכים לקוות שאולי עוד אספיק לפגוש אותם פה לפני שנעזוב את המקום. לפני יום פגשתי את גגה יוסלבסקי ובעלה. מפיהם נודעו לי פרטים חדשים וגם על מספר מה מהניצולים מעיירה זו, והם: רבקה וניומקה ויליטיבסקי, קוביץ דוד, יוסלבסקי גגה ומוניעק, דוקטורוביץ אברהם, בערל גרשוביץ חיים, הירשל ורייזל. אברהם דוד ומשפחתו, ליבסון יצחק, אחיו של מאיר שורץ — מסטולפצי ועוד... נא בבקשה להודיע לועד עולי עיירה זו...

דרשו בשלום כל הסטולפצאים, וכתבו לי על הנשמע אצלכם ובכלל על הכל ואשמח מאד.

הדורש בשלומכם ומאחל כל טוב מקרב לבו, ידידכם
גרמיזה דב

# בריוו פון אפריקע און ארגענטינע

6 אוגוסט 1949

בעסטע פריינט מייסל און געצל! אייערע בריוו האָב איך דערהאַלטן און מיט גרויס פרייד זיי געלייענט. הערנדיק אַז ביסלעכווייז קלייבן זיך צו זאַמען אונדזערע רעשטלעך פון די מאַסן שחיטות, אויסגעמאַטערטע, אויסגעפּינצטערטע ברידער און שוועסטער פון סטויבץ, מיר זאָלן שוין הערן בעסערס איינער פון די צווייטע, אונדזער יידיש פאָלק זאָל שוין קענען פאַרזיגלען די בלעטער מיט בלוט פאַרשריבענע היסטאָריע. איר וועט מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין פאַרשפּעטיקטן ענטפער אויף אייערע האַרצרייסנדיקן בריוו. דאָס איז ניט געווען מיין שלעכטער ווילן. חלילה, איך האָב געהאַט אַ עקסידענט מיט אַ האַנט. האָב איך שרייבן ניט געקענט, אָבער געטאָן האָב איך אַלעס וואָס עס איז נויטיק.

מיינע טייערע ברידער, איך קען אייך זאָגן אז זינט עס האָט געטראָפן דער גרויסער אומגליק אונדזער יידישן פאָלק, קענען מיר ניט רואיק בלייבן מיטן געדאַנק, ווויסנדיק אַז רעשטלעך פון מיין בלוט און פלייש וואַלגערן זיך נאָך ערגעץ אונעטרוועגנס. מיר האַלטן אין זאַמלען געלט, צו זען שטיצן אונדזערע ברידער און שוועסטער. די אַלע געלט־זאַמלונגען קומען פאָר ביי מיר אין הויז, דער צווייטער צו מיר איז חאַטשע רוסאַק, ער איז שטענדיק מיט מיר, און מיין טאָכטער ברכה איז די סעקרעטאַרין פון די סטויבצער סאָסייטע.

דערהאַלטנדיק אייער בריוו דאָס איר ווילט גרינדן אַ גמילות־חסד, האָבן מיר גלייך גערופן אַ מיטינג. האָבנדיק אַ ביסל געלט האָבן מיר געוואָלט הערן די מיינונג פון אַלע חברים, ווייל אַ טייל האָבן פאָרגעלייגט די געלטער צעטיילן די נויטיקע אַלס שטיצע אָן קיין צוועקן.

אין צווישן צייט האָבן מיר ווידער געשאַפן געלט. דאַן האָב איך מיט חאַטשען ווידער גערופן אַ מיטינג און אויפגע־קלערט די באַדייטונג פון אַ גמילות־חסד און ס׳איז אונדז געלונגען צו באַשטעטיקן אייער פּלאַן. מיר ווינטשן אייך פיל הצלחה אין אייער אַרבעט.

אויב מיר זיינען מיט אייך ניט ביי געווען אין יענע גרוי־זאַמע און שרעקלעכע טעג פון ליידן, פּיין, און אומקום, האָבן מיר אַ פליכט צו זיין מיט אייך היינט, צו העלפן אייך. מיט וואָס מיר וועלן נאָר קענען. אויפבויען זיך פון דאָס ניי. מיטן געפיל, אַז אונדזערע עלנטע איינצעלנע געבליבענע פון אַ משפחה, סטויבצער ברידער און שוועסטער, נעמען אַן אַנטייל אין דעם צוריק־אויפבוי פון אונדזער אור־אַלטער לאַנד ציון וירושלים.

איך שיק אייך דאָ אַ רשימה פון מיטגלידער וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן און באַשטייערט לטובת דעם גמילות־חסד ע״ש קדושי סטויבץ:

ברכה קלאַטשקאַ (מילצנזון) און מאַן, באַשקע מילצנזון. אברהם רוסאַק און פרוי, כאַטשע רוסאַק און פרוי, יעקב ברוך און פרוי, הירשל נייפעלד און פרוי, נחום מלבין און פרוי, בערל בערנשטיין און פרוי, איזל רייסער און פרוי, יוסף רענזאָן און פרוי, מרדכי מתתיהו רוזובסקי און פרוי, ידידיה ברנשטיין און פרוי, זיסל דוואָרעצקי און פרוי, הערשל דוואָרעצקי, רייזל נייפלד, יהודית מלמד (רוסאק) און מאַן, לובע שאַפּיראָ (רוסאַק) און מאַן, מינה זיידל (רייסער) און מאַן, שאָשה קאַפּיאַן (לובלינסקי) און מאַן, יואל לובלינסקי און פרוי, יוסף לובלינסקי און פרוי, פאלה קאָהן מיטן מאַן פון אַמעריקאָ זייענדיק דאָ צו גאַסט.

זייט אַלע געזונט און האַרציק געגריסט פון אַלע סטויבצער אין אַפריקע. שטאַרקט זיך. מיר זיינען מיט אייך!

באַשקע מילצענזון

יאָהאַנעסבורג, 2.2.45

טייערע ברידער פון געמיינזאַמען אומגליק,

דעם רושם פון אייער בריוו, וועלכען איך האָב דער־האַלטן, קען איך אייך גאָרנישט באַשרייבן, אַזוי ווי איר זיינען מיר דערשיטערט געוואָרן, פון דעם רעזולטאַט פון די גרוילטאַטן.

איצט וועגן הילף פאַר אונדזערע אומגליקליכע ברידער. האָבן מיר שוין מיט פיל מאָנאַטן צוריק אָנגעהויבן עפּעס אויפטאָן אין דעם הינזיכט, נאָך איידער מיר האָבן וועלכע עס איז ידיעות געהאַט פון דער היים.

איך רעכן דאָס איר זייט ניט באַהאַוונט, אַז מיר, אין יאָהאַנעסבורג, האָבן שוין פון פיל צענדליקער יאָרן אַ לאַנדס־מאַנשאַפט פון מינסקער גובערניע, צו וועלכער ס׳געהערן אַלע סטויבצער און אויך די פון איר אומגעגנט. די פליכטן פון אונדזער „אגודת אחים" זענען ניט אָפּגעפרעמט צו ווערן איינער פון אַנדערן, און אויך אין געוויסע פאַלן העלפן אַ געפאַלענעם לאַנדסמאַן.

שוין מיט מאָנאַטן צוריק, אַז די רוסן האָבן צוריקגענומען



**א מיטינג לכבוד די געסט פון ישראל אין אפריקע**

זיצן פון רעכטס, שורה 1: פימא קלאצקא, שרה ראבינאוויטש, ראזע רוסאק, יהודית מלמד, חיינקע סעגאלאוויטש.
זיצן פון רעכטס, שורה 2: סאלי פער, ציפורה פער, לייבל בארסוק, ברכה קלאצקא, באשקע מילצענזאן, יעקב ברוך, הירשל נייפעלד, אליעזר רייסער, ה' אגינסקי.
שטייען פון רעכטס: חיה ברוך, לובע שאפירא, מרדכי משה ראזאווסקי, שיינע נייפעלד, לובע דווארעצקי, יעקב נייפעלד בערעצע פאזניאק, שלמה ראזאווסקי, פריידל ראזאווסקי, מינע זיידל, פ' אגינסקי, העניע נייפעלד, יעקב רובענציק, שמעון פאזניאק, נחום מלמד, שמעון עפשטיין, שמואל מילצענזאן, יחזקאל רוסאק.

ווייס־רוסלאנד, און אויך באפרייט סטויבץ, האבן מיר אנגע־הויבן זאמלען געלט, אז ווען די צייט וועט קומען זאל זיין דאס געלט גרייט, צו שיקן הילף פאר די איבערגעבליבענע אין אונדזער היים־שטאט. איצט אז מיר האבן געהערט פון אייך, און אויך געקראגן א קאפי־בריוו פון עזריאל טוניק, האבן מיר נעכטן געהאט א פארזאמלונג, אויף וועלכער מיר האבן גרינטלעך באראטן די ביטערע לאגע און צו שיקן גיכע הילף פאר די איבערגעבליבענע אין סטויבץ.

די מיטלען וועלכע מיר האבן אנגענומען זיינען פאלגענדע:

1. מיר זאלן גלייך שיקן פאסילקעס צו די סטויבצער, וועלכע מיר ווייסן, דאס זיי זיינען געבליבן לעבן, נעמליך: עזריאל טוניק, זיין שוועסטער חוה, מענדל אייזענבערג, משה'ל עסטערקין, עזריאל גינזבורג און זיין פרוי באשע גינזבורג. די פאסילקעס וועלן געשיקט ווערן דורך ספּעציעל פאר דעם געשאפענער ביורא, אין טעהעראן, וועמענס צוועק איז צו שיקן קיין רוסלאנד פאסילקעס פון עסנווארג און זאכן.

2. שיקן א טעלעגראמע צו אייך און לאזן אייך וויסן וואס מיר טוען אויף, אויף דעם געביט.

3. אין נאמען פון אונדזער „אגודת אחים", זאל איך אייך שרייבן א בריוו, און זיך נאכפרעגן ביי אייך איינצלהייטן פון נעמען און אדרעסן, וועלכע מעגלעך איר ווייסט, דאס זיי זיינען לעבן געבליבן אין סטויבץ.

4. זיך נאכפרעגן ביי דעם רוסישן קאנסול, צי איז עס מעגלעך דירעקט פון דאנען שיקן פאסילקעס קיין רוסלאנד. אויב יא, וואלטן מיר דאס אליין געטאן, ווייל ביי אונדז קריגט מען אלעס אין ריישאנינג קארטלעך, און אויף זייער מעסיקע פרייזן. מיר האבן געהערט דאס אין א"י זיינען די פרייזן פון עסנווארג און קליידער זייער געשטיגן, און אויב מען וועט ניט קענען, דאן וועלן מיר עס שיקן דורך אייך.

5. זיך סטארען און זאמלען מער געלט זיינדיק גרייט צו דערלאנגען הילף אין יעדער נויטיקער שעה.

איך בין זייער דאנקבאר ד"ר איזידאר טוניק, פון ניו־יארק, פאר איבערשיקן צו אייך מיין אדרעס, אויך אייך פאר געבן אונדז וויסן וועגן דעם שוידערלעכן אמת.

אין דער נאענטער צוקונפט, אויב איר וועט שרייבן א בריוו צו עזריאל טוניק, ביטע שרייבט א גרוס פון מיר. אויך שרייבט אים דאס זיי זיינען קיין יתומים ניט געבליבן, און דאס זיי האבן געטרייע ברידער, וועלכע וועלן אן זיי ניט פארגעסן און ניט לאזן פאלן.

יחזקאל רוסאק

15.4.45

טייערע ברידער און שוועסטער.

אייערע צוויי בריוו האבן מיר דערהאלטן, מיר דאנקען אייך פאר לאזן אונדז וויסן וועגן די פארשריטן צו העלפן אונדזערע ברידער.

אייער בריוו האב איך איבערגעגעבן צו אונדזער פאראיין. מיר וועלן אייך שרייבן אין גיכן וועגן אלעס וואס מען גייט באשטימען.

ביטע לאזט אונדז גענוי וויסן וועגן אייערע מיטלען וועלכע איר האט אנגענומען צו העלפן לייזן די פראגע פון זייער עקזיסטענץ. איך פערזענלעך בין איינשטימיק מיט אייך

אין הינזיכט פון אַריבערברענגען זיי קיין ארץ־ישראל. זאָל דוכטן אַז עס איז דאָ גענוג געלט, איז עס איצט מעגלעך זיי אַריבערצוברענגען קיין א״י? אויב יאָ וואָס זיינען די פּלענער? מיר דאָ זאַמלען דערווייל געלט, און מיר האָבן שוין אַ היפּשע מטבע.

עס פרייט מיר זייער דאָס עס זיינען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אייניקע סטויבצער. ליידער האָב איך לעצטע וואָך אין אונדזער אַפריקאַנער רעוויזיאָניסטישער צייטונג געלעזן דאָס תנחום רבינוביץ איז געפאַלן אין שלאַכט אין איטאַליע. די נייעס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שלעכטן רושם, און אין דער זעלבער צייט בין איך שטאָלץ מיט דעם, דאָס מיינער אַ יוגנט־חבר, איז געפאַלן אין שלאַכט אַלס ייד פון דער יידישער בריגאַדע, און נישט אַלס איינער אָן אַ נאָמען... זיין נאָמען און אויך פון די איבעריקע געפאַלענע חברים וועלן אייביק בלייבן לעבן אין אונדזערע הערצער, און אויך אין דער צוקונפטיקער יידישער ארץ־ישראל.

איך ענדיק מיין שרייבן מיט דער האָפענונג צו הערן פון אייך אין גיכן. נאָך אונדזער פאַרזאַמלונג גייען מיר אייך גענוי שרייבן, וואָס מיר האָבן באַשטעטיקט, און דאָס גלייכן דאַנקען מיר אויך פאַר די נעמען פון די איבעריקע אין סטאָלפּצי וועלכע מיר גייען אין גיכן שיקן פּאַסילקעס.

גריסט הערצלעך אלע אונדזערע לאַנדסלייט, מיר די היגע שיקן אייך הערצלעכע גרוסן.

איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו ד״ר איזידאָר טוניק אין ניו־יאָרק און געבעטן, דאָס ער זאָל מיר גענוי שרייבן וואָס זיי טראַכטן צו טאָן אויף דעם געביט.

**יחזקאל רוסק**

**1953, דעם 18־טן יוני בוענאָס־איירעס**

**ה׳לפס־פאַריין פון סטויבצער לאַנדסלייט.**

**ליבע פריינד, סטויבצער לאַנדסלייט!**

**מיט גרויס אינטערעס האָבן מיר געלייענט דעם בריוו פון שלמקה וויסאָצקי אין וועלכן ער באַשרייבט אונדז וועגן ענטוזיאַסטישן חנוכת־הבית פון אייער אייגענער דירה ווי אויך וועגן שאַפן אַ ביבליאָטעק. איר מעגט זיין זיכער אַז מיר וועלן ניט אָפּשטיין און וועלן צוטראָגן אונדזער באַשטייערונג, ווייל מיר האַלטן דאָס פאַר אַ זייער וויכטיקן אויפטו**



פון רעכטס: יצחק טוניק, בצלאל באַסקין, **נח און העניע קושניר**

**פון אייער זייט. בכלל פאָלגן מיר נאָך מיט אויפמערקזאַמקייט אייער טעטיקייט, כאָטש מיר שרייבן ווייניק. דאָס נעמט זיך פון די ספּעציעלע אומשטענדן אין וועלכע אַ סך פון אונדז געפינען זיך. אָבער זייט זיכער, ליבע חברים, אַז מיר טראַכטן שטענדיק וועגן אייך. אונדזערע אַלעמענס הערצער ציען זיך**



**אַ גרופּע גימנאַזיסטן**

זיצן פון רעכטס: יאשע פּראַס, רייזל מאזה, ברכה מילצענזאָן, דוד גולדין; שטייען פון רעכטס: נח טוניק, הערשל ראַדונסקי, יאשע לוסטערמאַן, שכנא רייסער.

צו אונדזערע ברידער וואָס געפינען זיך אין ישראל. אפשר וועט אַמאָל שלאָגן די שעה, ווען מיר אַלע וועלן קענען זיין צוזאַמען. דאָס וואָלט געווען אונדזער אַלעמענעס גרעסטע פרייד. דערווייל וועלן מיר זיך באַמיען צו אָנהאַלטן דעם שריפטלעכן קאָנטאַקט פון דער ווייטנס. זונטאָג דעם 14־טן יוני האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג און באַשלאָסן צו מאַכן אַן אַקציע פאַר ביכער. מיר וועלן זיך פילן גליקלעך ווען אין אייער ביבליאָטעק וועט זיך געפינען אַ שאַפע מיט ביכער אויפן נאָמען פון אונדזער לאַנדסלייט־פאַראיין אין בוענאָס־איירעס. מיר האָפן אַז מיר וועלן האָבן דערפאָלג. דערווייל זייט האַרציק געגריסט פון אונדז אַלעמען.

מיט פריינטשאפט
**העניע קושניר**
סעקרעטאַרין

# אונדזער אירגון אין ישראל

אונדזער אירגון אין ישראל, האָט זיך געגרינדעט גלייך מיטן באַקומען די ערשטע טרויעריקע ידיעות וועגן גורל פון אונדזער שטעטל (סוכות 1944). די גרינדער זענען געווען: שניאור זלמן שז״ר — איצטיקער פרעזידענט פון מדינת־ישראל, די פאַמיליעס מילצענזאָן, די ברידער בורסוק און בן־ירוחם. דער ערשטער ציל איז געווען: פאַרבינדן זיך מיט די געראַטעוועטע און געבן זיי די ערשטע הילף.

די פאַרשטאַרקטע עליה קיין ישראל פון די באַפרייטע אין די געטאָס און לאַגערן, האָט געבראַכט פיל לאַנדסלייט. אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו זאָרגן און העלפן אונדזערע שטעטלדיקע ביי זייערע ערשטע טריט אין לאַנד. די הילף איז באַשטאַנען אין געלט־אונטערשטיצונג, הלוואות און קליידונג.

אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, דרום־אַפריקע און אַרגענטינע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן צו העלפן אונדז אין דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט. מיר שאַצן זייער אָפּ די הילף, ווי אויך דעם ברודערלעכן־קאָנטאַקט וועלכן זיי האַלטן אָן כסדר מיט אונדז.

ביי היינטיקן טאָג קאָנצענטרירן זיך אין ישראל בערך 150 סטויבצער משפחות: אין קיבוצים, מושבים און שטעט. מען טרעפט פיל פון זיי אַלס לאַנדווירטן, בוי־אַרבעטער, פקי־דים און אין פאַרשיידענע אַרבעטס־פלעצער.

יעדן יאָר באַגעגענען מיר זיך אויף דער אזכרה, וועלכע קומט פאָר י״ב תשרי, אָפּצוגעבן כבוד דעם אָנדענק פון אונ־דזערע קדושים. לעצטן יאָר האָבן מיר געהאַט דעם כבוד צו באַקומען אַ פרישן גרוס פון סטויבץ דורך אונדזער בכבודיקן איצטיקן נשיא זלמן שז״ר, וועלכער איז געווען אויף דער אזכרה.

אויפן „הר־ציון״ אין ירושלים, האָבן מיר אַנטדעקט אַ לוח־זיכרון פאַר סטויבץ און שווערזנע, אין מרתף־השואה.

ביים קאָמיטעט עקזיסטירט אַ „גמילות־חסדים״ קאַסע — אַ פאַראייביקונג על־שם קדושי־סטויבץ. געגרינדעט איז עס געוואָרן אין מערץ 1949, דורך דער איניציאַטיוו פון די חברים: יחזקאל בן משה, משה בורסוק און געצל רייסער. די קאַסע איז פיל בייהילפיק געווען די נייע־עולים און ביז היינט באַדינט די קאַסע די סטויבצער, אַנטקעגנקומענדיק זיי מיט הלוואות אויף פאַרשיידענע צוועקן. די קאַסע דיספּאָנירט



מר זלמן שזר ורעיתו רחל במסיבת ועד הארגון בעת מסירת תעודה מספר הזהב של קק״ל עם כניסתו לתפקיד שר החינוך הראשון במדינת ישראל.

מיט אַ פאָנד פון זיבעצן טויזנט ל״י. די געלטער אין גרעסטן טייל זענען געשיקט געוואָרן פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד.

נאָכן אויפלייזן זיך פון דער סטויבצער שול אין אַמעריקע, האָט זיך דורך דער איניציאַטיוו פון חשובן מאַן קאַרל היימאַן ז״ל, געגרינדעט אין תל־אביב אונדזער שול, וועלכע עקזיסטירט שוין 10 יאָר. ס׳קומען דאַוונען סטויבצער ווי אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך און אויך אַזעלכע וואָס האָבן הנאה פון אַ דאַוונען לויטן אַמאָליקן ליטווישן נוסח. נאָכן דאַוונען מאַכט מען קידוש, מ׳טרינקט לחיים און מ׳פרישט אָפּ אַמאָליקע זכרונות. אַ גייסטיקן התרוממות הנפש האָבן מיר אין די ימים־טובים, ווען עס קומען זיך צונויף אין שול מער סטויבצער, איבערהויפּט פירט זיך עס אין שמחת־תורה.

ביים ארגון עקזיסטירט אַ פאָלקס־ביבליאָטעק פאַר קינדער און פאַר יוגנט אויפן נאָמען פון באַוווסטן סטויבצער לערער און דערציער — אלתר יאָסעלעוויטש ז״ל.

די אָנפירער פון אונדזער ארגון זענען:

א) עקזעקוטיווע: זלמן שז״ר (ערן־פאָרזיצער), מרדכי מאַכטיי (וויצע ערן־פאָרזיצער), אירווינג קאָמאַק ז״ל און ראָזע דוואָרעצקי (אַמעריקע), בתיה מילצענזאָן און יחזקאל רוסאַק (דרום אַפריקע), בצלאל באסקין און נחמן פלאקסין (אַרגענטינע).

ב) קאָמיטעט־פאַרוואַלטונג: אַדוואָקאַט יצחק טוניק (פאָרזיצער), דב בן־ירוחם (וויצע־פאָריזצער), משה בורסוק (קאָסיר), געצל רייסער (סעקרעטאַר).

ג) קאָמיטעט מיטגלידער: יחזקאל בן משה, אריה מילצענזאָן, רבקה רייך, שמואל אגינסקי, אליעזר מלמד, צבי סטאַלאוויצקי, מנדל מאכטיי, בצלאל בורסוק.

ד) רעוויזאָנס־קאָמיסיע: אַדוואָקאַט נח טוניק און שמואל מילצענזאָן.

# תקנות האגודה

**„ארגון יוצאי סטויבץ בישראל"**

השם: ארגון יוצאי סטויבץ בישראל.

הכתובת: מר גצל רייסר, רחוב אילת 38, תל־אביב ישראל.

**מטרות האגודה:**

(א) לקיים את זכרה של קהילת סטויבץ ולהקים מפעלי תרבות ומפעלים סוציאליים על שמה.

(ב) לארגן ולרכז סביבה את שרידי קהילת סטויבץ וכל יוצאיה בישראל ולקיים קשר ביניהם לבין יוצאי סטויבץ בכל תפוצות הגולה.

(ג) לאסוף ולרכז כל חומר הקשור בקהילת סטויבץ, ייסודה, התפתחותה וחיסולה המר והנמהר למען תת יד ושם לזכרה לדורות הבאים.

(ד) לעודד ולטפח יצירות ספרותיות ואיסוף זכרונות על נושא קהילת סטויבץ ותושביה ומגיניה ומסכת גבורתה ביום עברה וזעם.

(ה) לקבל לרשותה את רכושו של ארגון יוצאי סטויבץ המוחזק עכשיו בידי נאמנים.

(ו) לנהל קופת גמילות חסד על שם קדושי סטויבץ למתן הלוואות בלי רבית לנצרכים מבין יוצאי סטויבץ בישראל.

**דרכי הגשמת האגודה:**

האגודה תתקיים על מס חברים ותרומות מכל מקור בארץ ובגולה בצורת מתנה, צוואה, הקדשות וכל צורה אחרת שהיא.

**סמכויות:**

(א) האגודה תהיה רשאית לצרכי הגשמת מטרותיה לרכוש ולרשום על שמה כל נכסי דניידי ודלא ניידי וכל זכות שהיא בין קיימת ובין ראויה, בתמורה או בלי תמורה, להחזיק כל רכוש שהוא, למכור ולהעביר אותו, ולצורך זה להופיע בפני כל מוסד ממשלתי, עירוני וכו׳, בפני משרדי ספרי האחוזה, בתי המשפט, נוטריון ציבורי, לתבוע ולהיות נתבעת בכל דיון משפטי, להגיש כל בקשה, לחתום כל מסמך, הצהרה וכו׳ באמצעות חברי הוועד המוסמכים לכך לפי תקנות אלה.

(ב) האגודה תהיה רשאית ללוות כספים ולחתום על כל שטרי חוב וכתבי התחייבות אחרים, למשכן את רכושה דניידי ודלא ניידי בין בשלמותו ובין בחלקו, להלוות כספים ולקבל משכנתאות ומשכונות ולהעביר לאחרים משכנתאות שנרשמו לטובתה.

**חברות:**

(א) כחבר באגודה יתקבל כל יהודי מבן 20 שנה ומעלה אשר ימלא אחרי התנאים שנקבעו מזמן לזמן ע״י ועד האגודה באישור האסיפה הכללית.

(ב) הוועד יהיה רשאי להפסיק את חברותו של כל חבר אשר לפי דעת הוועד הוא עלול לגרום לאגודה נזק חמרי או מוסרי וכל חבר שיחשוב את עצמו מקופח ע״י זה יהיה רשאי לערער בכתב על החלטת הוועד לאסיפה הכללית. ערעור כזה יעמוד על סדר יומה של האסיפה הכללית הקרובה.

**מוסדות האגודה:**

לאגודה יהיו המוסדות דלקמן:

(א) האסיפה הכללית.

(ב) ועד האגודה.

(ג) הנהלת קופת גמילות החסד.

(ד) ועדת הביקורת.

**האסיפה הכללית:**

(א) אסיפה כללית של חברי האגודה תכונס לפחות פעם לשנה והאסיפה הכללית הראשונה תזומן לא יאוחר מחודש אפריל שנת 1951.

(ב) האסיפה הכללית תהיה המוסד העליון של האגודה ועל פיה יוכרע כל דבר.

(ג) לכל חבר האגודה ששילם את מיסיו לאגודה תהיה זכות הצבעה של דעה אחת באסיפה הכללית.



מתפללי בית הכנסת ע"ש קדושי סטויבץ בישראל

(ד) האסיפה הכללית תחליט על כל שאלה שתעמוד לדיון בפניה ברוב דעות של המשתתפים בהצבעה פרט לשינויים בתקנות האגודה שלשמם יהיה דרוש רוב של ⅔ של המשתתפים בהצבעה.

**ועד האגודה:**

(א) ועד האגודה יהיה מורכב מ־9 חברים או מכל מספר אחר של חברי האגודה אשר ייבחרו לשם כך ע"י האגודה באסיפתה הכללית.

(ב) תקופת כהונתו של הוועד תהיה מיום היבחרם ע"י האסיפה הכללית ועד לבחירות ועד חדש ע"י האסיפה הכללית הבאה בתנאי שתקופת כהונת הוועד לא תעלה בכל מקרה על 15 חודש.

(ג) הוועד ירכז בידו וינהל את כל עניניה השוטפים של האגודה בהתאם להחלטות האסיפה הכללית ויהיה אחראי לפעולותיו בפני אסיפה כללית זו.

(ד) הוועד יהיה אחראי לזימון האסיפות הכלליות הרגילות של האגודה בזמנן והתקופה שבין אסיפה כללית אחת לשניה לא תעלה בכל מקרה על 15 חודש.

(ה) הוועד יתכנס לפחות פעם לחודש ולכל ישיבות הוועד יוזמנו כל חבריו הנמצאים בארץ. 5 חברים יהוו מנין חוקי ועל כל דבר יוחלט ברוב דעות.

(ו) הוועד יבחר מתוכו 3 אנשים אשר יהוו את הנהלת קופת גמילות החסד של האגודה. אחד מהם יהיה מנהל הקופה, אחד סגן ואחד גזבר הקופה.

(ז) הוועד יתקין תקנות לניהול קופת גמילות החסד של האגודה ויהיה רשאי לשנותן מזמן לזמן אולם כל זה בכפיפות להחלטות האסיפה הכללית.

**אסיפה כללית יוצאת מהכלל:**

הוועד יהיה רשאי לקרוא מזמן לזמן אסיפה כללית יוצאת מהכלל ויהיה חייב לקרוא לאסיפה כללית כזאת לפי דרישה בכתב חתומה לפחות ע"י 25 מחברי האגודה ואשר תפרט את השאלות שלבירורן נדרש כינוס האסיפה הכללית.

במקרה והוועד לא ייכנס את האסיפה הכללית היוצאת מהכלל על אף הדרישה בכתב כנ"ל, אזי יהיו רשאים חותמי הדרישה בכתב לקרוא לאסיפה כללית בתנאי שהזמנתם תכלול את השאלות שלשמן הם מכנסים את האסיפה.

סדרי הדיונים באסיפה כללית יוצאת מהכלל יהיו כסדרי הדיונים באסיפה כללית רגילה הוא הדין לגבי המספר המהווה מנין חוקי.

**חותמת האגודה:**

(א) חותמת האגודה תשא את שם האגודה בצירוף של צורה או סמל שהוועד יחליט עליו.

(ב) תהיה חותמת מיוחדת לצרכי קופת גמילות החסד אשר תכלול מלבד שם האגודה גם את הכתובת:

**„קופת גמילות חסד על שם קדושי סטויבץ"**

**חתימה ויצוג:**

חתימת יושב ראש הוועד או סגנו, או מנהל הקופה או סגנו, בצירוף חתימת המזכיר וחותמת האגודה או של קופת גמילות החסדים תחייב את האגודה.

**ועדת בקורת:**

(א) האסיפה הכללית תבחר בוועדת ביקורת שתקופת כהונתה מיום היבחרה עד היבחר ועדת ביקורת חדשה ע"י האסיפה הכללית.

(ב) תפקידה של ועדת הביקורת יהיה לפקח על מוסדות האגודה ותהיה אחראית אך ורק כלפי האסיפה הכללית ותמציא לה דו"ח על פעולות המוסדות האלה.

(ג) ועדת הביקורת תהיה מוסמכת, מבלי לפנות לוועד, לזמן בכל עת אסיפה כללית יוצאת מהכלל ולשלח בשמה היא הזמנות לאסיפה כללית כזו לכל חברי האגודה.

**חברי הועד הנוכחי:**

| | | |
|---|---|---|
| 1. | זלמן שזר | נשיא כבוד |
| 2. | מרדכי מכטיי | יושב ראש |
| 3. | יחזקאל בן משה | מנהל קופת גמ״ח |
| 4. | עזריאל טוניק | סגן יושב ראש |
| 5. | שמואל אגינסקי | סגן מנהל הגמ״ח |
| 6. | גצל רייסר | מזכיר |
| 7. | משה בורסוק | גזבר |
| 8. | נח בורסוק | חבר |
| 9. | משה אסתרקין | חבר |

תל־אביב, יום כ״ד לחודש מנחם־אב שנת תש״י.

**מדינת ישראל**

**משרדי המינהל המחוזי**

תל־אביב, ת. ד. 1763

מס׳ 487/99

תאריך: ל׳ בתשרי תשי״א

11 באוקטובר 1950

לכב׳

„ארגון יוצאי סטויבץ בישראל״

ע״י מר י. טוניק, עו״ד

ת. ד. 100 ירושלים.

א. נ.

בתשובה למכתבכם מיום 8.8.50 הנני מתכבד לאשר את קבלת המסמכים הבאים:

1. הצהרה בדבר ייסוד אגודה בשם „ארגון יוצאי סטויבץ בישראל״.
2. תקנות האגודה.

בכבוד רב

(—) י. קופרמן

הממונה על מחוז תל־אביב



**דער עמוד פון אונדזער שול**
(אַ מתנה פון אברהם רוסאַק ז״ל)





**קרבנות פון דעם שרעקליכן זונטיק אויף שפּיטאָלנע גאַס**

שמואל, ביילע, גאָלדע, יוסף, הירשל, מושע און **פרומע פּראַקין**

הירשל, גוטל, איטקע, באַשע, מושע מאַנישעוויטש

# לאַנדסמאַנשאַפטן

## ראָזע דוואָרעצקי / אַ קורצער באַריכט פון אונדזער טעטיקייט

ניו־יאָרק

איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער ליידיס אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1927, קומענדיק פון אונדזער ליב שטעטעלע סטויבץ. יונג, פול מיט מוט און לעבן, כאָטש איך בין געווען אַ מיטגלידערין פון מענער־פאַראיין, דערהערנדיק אָבער, אַז עס איז דאָ אַ פרויען־פאַראיין, אונטערן נאָמען „סטויבצער ליידיס אייד סאָסאַיטי", האָט עס מיך אַ צי געטאָן. אַזוי שנעל ווי איך בין געוואָרן אַ מיטגליד האָט מען מיך אַריינגענומען און צוגעטוליעט צו זייער שויס אַזוי ווי גוטע מאַמעס. מען קומט זיך צונויף יעדע צוויי וואָכן צו מיטינגען. „מעמבערשיפּ" (חבר)־איינצאָלונגען — 4.00 דאָלער אַ יאָר.

דער צוועק איז העלפן לאַנדסלייט, באַזוכן אַ קראַנקן, אויסדריקן מיטגעפיל אין צייט פון טרויער, מיטטיילן ליידן און פריידן.

אין יענע צייטן זענען געווען שטרייקן, אַרבעטסלאָזיקייט, און קיין צרות האָבן ניט געפעלט אַפילו אין דער רייכער אַמעריקע. מען פלעגט באַזאָרגן פאַמיליעס מיט מילך, פּוטער, אייער פאַר די וועלכע פלעגן זיך נויטיקן אין דעם. מיר פלעגן באַזאָרגן פאַמיליעס מיט קוילן צום הייצן פאַר אַ גאַנצן ווינטער, צוגעבנדיק אויך אַ פּאָר דאָלער. ס'זענען געווען פאַלן, ווען מיר פלעגן יעדע וואָך לויפן אין האָספּיטאַלס ברענגען קליין געלט צו אַ לאַנדספרוי, וועלכע איז געלעגן נעבעך אָן פיס, געבראַכט איר אַ ווענעלע אויך געקויפט אַ בעט אין זעלבן האָספּיטאַל, כדי מען זאָל דער לאַנדספרוי זיך מער אָפּגעבן.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ גמילות־חסד, וווּ אַ מיטגליד אָן קיינעמס גוט־זאָגן, און אָן פּראָצענט, האָט געקענט לייען געלט.

די אַלע געלטער האָבן מיר געשאַפן דורך פאַרקויפן ראַפעל ביכלעך, טעאַטער אונטערנעמונגען, בעלער, פּיקניקס, וווּ מיר פרויען פלעגן פאַרקויפן נאַשערייען, אייגענע געקאָכטע און געבאַקטע עסנוואַרג, געשיקט פּעקלעך צו סאָלדאַטן פון סטויבצער לאַנדסלייט, וועלכע זענען געווען אין דער אַרמיי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אונדזער בעסטער און שענסטער וועג צו דערקלערן און העלפן אויסדריקן אויף אַ פּראַקטישן אופן זענען די יום־טובים ווי חנוכה, פּורים, פּסח. פאַר פּסח איז אַלע מאָל דורכגעפירט געוואָרן און אויך איצט אַ פּעקעדזש פּאַרטי, וווּ יעדע פרוי ברענגט עטלעכע שיין געפּאַקטע פּעקעלעך. עס ווערט גע„אָקשנט" און די זעלבע פרויען קויפן עס. צייטנווייז איז דער ווערט פון פּעקל ניט ווערט מער ווי פופציק סענט פאַר וועלכן מען באַצאָלט מיט פרייד עטלעכע דאָלער, וויסנדיק אַז דאָס געלט גייט פאַר מעות חטים.

יאָרן גייען, צייטן בייטן זיך. עס איז דאָ פאַרזיכערונג, מען האָט שוין אויסגעגעבענע קינדער, אייניקלעך, דאָס לעבן איז לייכטער, ווייניקער אָרעמעלייט.

מיט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל קומען פאַר נייע אונטערנעמונגען, מען פאַרקירעוועט זיך אויף אַנדערע וועגן: מיר שטיצן די לאַנדסלייט אין ישראל, אויך „היאַס", „הסתדרות", „יונייטעד דזשואיש אַפּיל", „ישראל באָנדס", „רויטער מגן דוד", אַ מושב זקנים, אַ יתומים הויז, אַ האָספּיטאַל פאַר אומקורירבאַרע קינדער, אַ האָספּיטאַל פאַר „קאַמפּסאַמטיור" אַלטע רבנים און נאָך און נאָך.

קיין צופיל געלט האָבן מיר קיינמאָל ניט. האָבן מיר מער — העלפן מיר מער. מיר האָבן געהאַט אויך אַ ענגליש־שפּרעכנדיקן סטויבצער פרויען צווייג. נאָך עטלעכע יאָר פון גוטע אַרבעט פאַר לאַנדסלייט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן זיך. די פּרעזידענטין איז געווען פרוי ביטריס טוניק, ד"ר איזידאָר טוניקס פרוי. פיל יאָרן פון גוטער אַרבעט האָבן זיי אָפּגעגעבן פאַר די סטויבצער.

איצט עקזיסטירן מיר נאָך, די פרויען ווערן עלטער, קיין נייע שליסן זיך ניט אָן. מאַטערט דער געדאַנק, אַז אָט־אָט, און אַזאַ שיינער בנין וועט צעפאַלן ווערן. איך בין גליקלעך, וואָס דער שיקזאַל האָט צוגעשפּילט, אַז איך, אַ געבאָרענע

אין אַמעריקע, אויפגעהאָדעוועט אין סטויבצץ, געקומען צוריק מיט אַ ירושה פון אונדזערע מאַמעס, באָבעס, מומעס, וועלכע זענען שוין מער ניטאָ מיט אונדז העלפן מיר ברענגען אַ שמייכל, אַ טרייסט־וואָרט, און באַזאָרגן מיט דאָס נויטיקסטע.

איך דאַנק אַלע פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט און אַרבעטן נאָך איצט צו מאַכן אונדזער סטויבצער פרויען פּאַראיין גרויס און פּראָדוקטיוו.

ווי שטאָלץ מיר זענען מיט דעם פּרוכת, וואָס באַשיינט דעם ארון־הקודש אין שול פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ישׂראל אויפן נאָמען פון אונדזער אלעמענס באַליבטער שוועסטער פאַלין קאהען, עליה השלום.

אין נאָמען פון אַלע סטויבצער פרויען אין אַמעריקע, נעמט אָן אונדזערע ברכות מיט אַ וואַרעמען גרוס צו אַלע לאַנדסלייט אומעטום. אונדזער איינציקער ווונטש איז צו טרעפן זיך צוזאַמען געזונטערהייט אין אונדזער אייגן לאַנד, אין מדינת ישׂראל.

## בצלאל באַסקין בויענאָס־איירעס / אַ באַריכט פון אונדזער קאָמיטעט

אַ סטויבצער קאָמיטעט האָט זיך געגרינדעט אין אַרגענטינע אין יאָר 1924 מיטן ציל צו העלפן סטויבצער אין זייער נויט. דאַן האָבן אימיגרירט קיין אַרגענטינע פאַרשיידענע טיפּן מערסטנס ניט קיין פאַכלייט, וועלכע האָבן ניט געקענט אַזוי שנעל געפינען אַרבעט, האָבן די סטויבצער לאַנדסלייט באַשלאָסן העלפן די ניי־געקומענע, האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט און מ'האָט אָנגעהויבן אויפצומאָנען פון חברים אַ מיטגלידס־אָפּצאָל אַלס פאָנד פון קענען העלפן אַ נויט־באַדערפטיקן סטויבצער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט דער קאָמיטעט פון זיך אַליין אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אין די שרעקלעכע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווען די פאַרבינדונגען מיט דער אַלטער היים איז איבערגעריסן געוואָרן, איז יעדער סטויבצער געווען צובראָכן פון צער, ווייטיק און דאגה וועגן דעם גורל פון זייערע קרובים און משפּחות אין סטויבצץ. היטלערס רציחות האָבן דערשיטערט די סטויבצער אין אַרגענטינע.

אין 1944 זיינען אָנגעקומען די ערשטע טרויעריקע בריוו פון ארץ־ישׂראל, אַז אַ קליינער הייפל סטויבצער האָבן זיך געראַטעוועט און עטלעכע האָבן זיך דורכגעריסן קיין ישׂראל, איז באַלד געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו העלפן. מיר האָבן באַלד אַרויסגעשיקט געלט, פּעקלעך פון זאַכן און שפּייז, שפּעטער זיינען געקומען צו אונדז די ערשטע געראַטעוועטע: הירשל טוניק (פייגע אברהם־איצ'עס) מיט זיינע 2 זין, פּייווע און לייבע. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן דעם אמת'ן גערוס, וואָס היטלער האָט געמאַכט פון אונדזער שטעטל מיט אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער. דאַן האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט אונדזער טעטיקייט צו העלפן אונדזערע ברידער און שוועסטער אין ארץ־ישׂראל.

אין 1952 האָבן מיר געהאַט דעם כבוד צו באַגעגענען אונדזער חשובן גרויסן סטויבצער לאַנדסמאַן זלמן שזר, דאַן בילדונגס־מיניסטער אין ישׂראל. מיר האָבן פאַר אים איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן קבלת פּנים פון אַלע סטויבצער, מירער און רובזעוויצער אין אַרגענטינע. ער האָט אָפּגעגעבן אַ האַר־



זלמן שז"ר אין אַ רעגירונגס־מיסיע אין אַרגענטינע אויפן צוזאַמענטרעף מיט סטויבצער, מירער און רעבזעוויצער



דער קאָמיטעט אין אַרגענטינע

ציקן גרוס פון ישראל, איר בויען און שאַפן און פון די סטויבצער אין ישראל.

מיר האָבן אונדזער חשובן גאַסט דערלאַנגט אַ קליינע מתנה אַלס אָנדענק — אַ האַנט־זייגער מיט אַ בראַנזילעט פון ריינעם גאָלד. ער זאָל דאָס טראָגן און נוצן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

ווער רעדט איצט — אַלס פרעזידענט פון ישראל איז דערהויבן געוואָרן אונדזער כבוד און פון מדינת ישראל איבער דער גאַנצער וועלט. מיר סטויבצער אין אַרגענטינע היטן אָפּ הייליק יעדן יאָר דעם יאָרצייט־טאָג י״ב תשרי פון אונדזערע קדושים.

אויסער דעם פייערן מיר יעדן יאָר דעם יום העצמאות, דעם גרויסן נס פון דער אַנטשטייאונג פון אונדזער מדינה, וועלכע איז אונדז ליב און טייער. מיר האָפן אַז מיר וועלן קענען אויך קומען און זיך באַזעצן אין אונדזער מדינת ישראל.



**די משפחה פון משה באַסקין**

פרוי לאַנדע און טאָכטער מאַנע, משה באַסקין, שיינדל באַסקין, חיה און ישראל פרושציצקי, יוסף באַרישנסקי, בעבע באַסקין, אייזיק באַסקין, **חאַשקע באַסקין (מלקיס)**

די פאָלגענדע אַרטיקלען זענען דערשינען אין אַן איינמאָליקער אויסגאַבע א. נ. „דער סטויבצער שפיגל״, ניו־יאָרק, יאַנואַר 1930, אַרויסגעגעבן צום 30־יאָריקן יובילעאום פון סטויבצער פאַראיין אין אַמעריקע.

די אַרטיקלען גיבן אַ שיין אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די מזרח אייראָפּעאישע עמיגראַנטן בפרט אין אָנפאַנג פון דעם 20־סטן יאָרהונדערט.

די אַרטיקלען ווערן געדרוקט כלשונם — ווי עס ווערט גערעדט און געשריבן יידיש דורך סטויבצער אין אַמעריקע.

די רעדאַקציע

# „דער סטויבצער שפיגל״

## אַ קורצן איבערבליק צו דער גרינדונג פון אונדזער פאַראיין

עס איז דרייסיג יאָר אַוועק זינט דער פאַראיין איז געשאַפען געוואָרען פון סטייפצער, און פיר סטייפצער.

חול המועד סוכות אין 1899טען יאָהר. זיינען זיך צוזאַמען געקומען צו אונזער ברודער מאריס היימאַן נו. 1 אין הויז. עטליכע לאַנדסלייט — איך געדיינק ניט דעם נומער פון דעם הויז, אָבער איך געדיינק אַז דאָס איז געווען אין פאָרסייט סטריט. זיי האָבען געשאַפען פיר אונז אַזאַ גוטען פעראיין, וועל איך פאָרשטעלען, יעדען ביי זיין נאָמען: מאָריס היימאַן נו. 1 בענדזשאַמין רודיצקי, קאַרל היימאַן, סעם טוניק, סעם זאסולסקי. לואי סיגעל נו. 1 און מאַקס נייפעלד; און נאָך אַ פאָר וואָס דאָ איז יעצט ניט דער פּלייס זיי צו דערמאָנען, ווייל זיי זיינען שוין מער ניט מיט אונדז. און אין דעם זעלבען אָוועגד, איז דער פעראיין געגרינדעט געוואָרען. וואָס טראָגט דעם נאָמען אינדעפענדעט סטייפצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן.

די ערשטע פאַרזיכערונג איז געווען, דאָס דער נאָמען זאָל קיינמאָל ניט געענדערט ווערען. און זאָל עוויג עקזיסטירען. די גרינדערס האָבען זיך צוזאַמען געלייגט צו פאָר דאָלאַר און זיי האָבען אַוועקגעגעבען צו אַ לאָיער אַרויסצונעהמען אַ טשאַרטער. אונטער דער צייט ביז דער טשאַרטער איז פערטיג געוואָרען. האָבען די גרינדערס געמיטעט ביי ברודער בענדזשאַמין רודיצקי אין שאָפּ יעדע וואָך און האָבען געזוכט פלענער ווי צו קענען אַריינקריגען לאַנדסלייט פיר מעמבערס. און אַזוי ווי דער טשאַרטער איז אָנגעקומען דעם 25טען דעצעמבער, האָבען זיך די גרינדער מיט מעהר מוט זיך אַ נעהם געטאָהן צו דער אַרבעט אום צו שאַפען מעמבערס.

עס איז לייכט צו ריידען, אָבער עס איז ניט אַזוי לייכט צו טאָהן. פיעלע לאַנדסלייט, אַז מען פלעגט זיי זאָגען קום אַריין אַלס מעמבער, פלעגט בעקומען איין ענטפער אַז סטייפּצער פעראיין וועט קיינמאָהל עקזיסטירען, און אונזערע לאַנדסלייט האָבען זיך ניט געאיילט אַריינצוקומען.

אָבער די גרינדערס האָבען קיין מוט פאַרלוירען. זיי זיינען אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבייט, און יעדען מיטינג אין וואָך איז גאַנץ אָפט אַריין 1 אָדער 2 מעמבערס, און אין דעם ערשטען יאָהר האָט שוין דער פעראיין פאַרמאָגט אַ מעמבערשיפּ פון 28. היינט שטעלט זיך פאָר ווי גרויס און רייך וייער טרעזשורי איז געווען און עס איז געקויפט געוואָרען די וואַשינגטאָן סעמעטערי. די לאַנדסלייט, איינזעהנדיג אַז עס איז ניט אויף קיין געלעכטער געגרינדעט אַ סטייפצער פעראיין. און עס האָט ניט גענומען לאַנג און דער פעראיין האָט אָנגעפאַנגען וואַקסען אין מעמבערס און אין געלד.

גיט אַ קוק יעצט וואָס פיר אַ שטאָלצע און שטאַרקע פעראיין מיר האָבען! אַ פעטע טרעזשורי. אַ גרויסע צאָהל מעמבערס, כן ירבו. און אַלעס נויטיגעס וואָס אַ פעראיין דאַרף האָבען. אָבער וויכטיגער פון אַלעס איז וואָס עס עקזיסטירט ביי אונז ברודער ליעבע, אייניגקייט און אחדות, העלפען דעם נויטבעדערפטיגען ווען יענער איז אין נויט, צאָהלען קראַנקען בענעפיט אין צייט, און זאָגאַר מיט פּרעזענטען געבען ווען יענער פערדינט! מיר האָבען אויף אַלעס אַ געזעץ, אָבער אַז מען מוז אימיצען העלפען איבער דעם געזעץ טהוען מיר אויך. מיר האָבען פיעלע ברידער אַרויסגעראַטעוועט פון דעם מלאך המוות הענט, און זיי זיינען יעצט מיט אונז. ביי אונז זיינען אָרעם און רייך אַלע גלייך. דעם אויבען אָן ווערט ניט געגעבען צו דעם רייכען, נור צום גוטען אַרבייטער וואָס אַרבייט פיר דעם פעראיין.

ווערטהע גרינדערס! אייך האָט זיך קיינמאָהל ניט געחלומ׳ט אַז איהר וועט שאַפען אַזאַ גרויסע מעכטיגע נאָבעלע פעראיין ווי מיר זיינען יעצט. מיר באַוואונדערען אייערע גוטע אַרבייט וואָר איהר האָט געטאָהן פיר די סטייפצער אין אַמעריקע. מיט געלד קען מען אייך ניט באַצאָהלען פיר אַזאַ אַרבייט. אָבער באַדאַנקען אייך מוזען מיר!

איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ דאַנק אייך צו געבען. נור אין דעם נאָמען פון די 500 מעמבערס מיט זייערע פרויען און קינדער. דאָס מיינט אַ דריי טויזענט נפשות, ווינשען מיר אייך דאָס אַזוי ווי אייער שאַפונג איז געקרוינט מיט ערפאָלג, און אַזוי ווי דער פעראיין וואַקסט און בליהט, אַזוי זאָלט איהר גרינדערס בליהען מיט אונז צוזאַמען; אימער זאָלען מיר שטאָלצירען מיט אייך, און מיר זאָלען אַלע דערלעבען צו פייערען אַ פופציג יאָהריגען יובילעאום, און קיינער זאָל פון אונדז ניט פעהלען, און איך זאָל ווידער שרייבען אַ לויב געזאַנג צו אייך ברידער, און צו אייך גרינדערס.

עס לעבע די אינדעפענדענט סטייפצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן!

הערים מאלבין, פרעזידענט

# סעם טוניק / מיינע זכרונות פון 30 יאר

שווער קומט אָן צוזאַמען ברענגען אַלע מיינע זכרונות, אָנצושרייבען די היסטאָריע פון אונזער פעראיין. ווייל פערשידענע עראינערונגען, געשטאַלטען, סצענעס און בילדער, שוועבען פאַר די אויגען, פלאָנטערען זיך אין מוח, פאַרטומלען די רעיונות, ווי בעטענדיג אויסצושרייבען אַלע פאַקטען, אַלע פאַסירונגען פון דעם ערשטען טאָג פון אונזער גריבדונג ביז היינטיגען טאָג, און פיהלענדיג דעם כבוד וואָס אויף מיין גורל איז געפאַלען צו שרייבען די ביאָגראַפיע פון אונזער פעראיין, און זייענדיג דער ערשטער סעקרעטאַר, בעקאַנט מיט דער גאַנצער פערגאַנגענהייט פון אונזער פעראיין, וועל איך טרייען צוזאַמען קלייבען אַלע מאַטעריאַלען, אַלע פאַסירונגען, און אויסשרייבען מיט אַלע איינצעלהייטען, ווי ווייט עס איז נור מעגליך.

איך מוז פון אָנפאַנג ערקלערען, אַז איך בין דער יעניגער וואָס האָט געבראַכט צו דער גרינדונג פון אונזער פעראיין. און דאָ פאַנגט זיך אָן אונזער היסטאָריע!

קומענדיג אין אַמעריקע אַלס איין אַכצעהן יאָהריגער בחור׳ל, יונג און שטאַרק, געזונט אויף אַלע איברים, פון אונזער געבורטס שטאָט, איין אָרימע שטעטעלע אָבער אַ שעהנע, אַ פרעהליכע, אַ לעבעדיגע, אָהן מיליאָנען, אָהן גרויסע גבירים, אָבער רייך אין נאַטור׳ס עשירות, מיט גרויסע וועלדער, שמעקענדיגע פעלדער אַרום געריגגעלט, און די קאָרען און ווייץ גייענדיג אין זאדוואריער וואַלד אָדער אַרצטשיכער וואַלד. ווען מיר פלעגען נור זיין פריי פון חדר, דער שינאַוועער וואַלד וואו מיר פלעגען זיך שוין שפעטער טרעפען מיט מיידלעך. די גרויסע גערטנער מיט די גרינע אוגערקעס, באב סטרוקעס און אַרבעס סטרוטשעס, מאַקויקעס און רויזען וואָס האָט אונז אינגלאך געגוג אַרבייט געגעבען, און אונזער טייערער טייך ניעמען, וואָס דעם טעם פון איהרע וואַסער פיהל איך נאָך יעצט אין די ביינער, דאָס באָדענדיג זיך אין אונזער טייך ניעמען, דוכט מיר ווי באָדענדיג זיך אין טייך חידקל, וואָס פליסט פון גן עדן, וואו אדם און חוה האָבען זיך געבאָדען. די טשאַייעצקעס און טשאוועגס, סימיאַן מיט׳ן פאַראָם. און אַריינפאַלענדיק פון גאָט געבענטשן ווינקעלע אין אַ נייע וועלט מיט נייע מענשען, אַנדערע טיפען, פרעמדע באַגריפען, וואו אַ ברודער איז קיין ברודער ניט, אַ קרוב קיין קרוב ניט, אַ פריינד קיין פריינד ניט, דעם אַלט־בייעם העלפ יורסעלף פערשטעהט מען מיט רש״י און תוספות, אַז עס איז אין אונזערע אינטערעסען, פון קיינעם גאָרניט צו פערלאַנגען, אַ גרינער מוז זיך אַליין דורכברעכען זיין וועג אין לעבען, וואָס מעהר דו וועסט זיך מוטשען און פלאַגען, וועסטו גיכער קומען צו דיין ציעל, און וועסט אונז נאַכהער דאַנקבאַר זיין. און האָט דיר שוין אַ לאַנדסמאַן געטאָהן די טובה און גענומען לערנען אַ טרייד, האָט ער דיך בעהאַנדעלט פיעל ערגער ווי אַ לעהרען אינגעל ביי אַ שניידער אָדער שוסטער אין דער היים. אַ פאָר וואָכען אומזיסט, נאַכהער אַ דאָלאר אָדער צוויי. אַיי עסען? — נעווער מיינד, אַ גרינער מוז ליידען, און מיר האָבען טאַקע געליטען, און גוט! דאָס איז געווען דעם גריגעמ׳ס אויפנאַהמע מיט 35 יאָהר צוריק.

אונטער די אומשטענדען האָבען מיר זיך געגוג אָנגעפלאַגט, ביז יעדער, ווער בעסער, ווער ערגער. האָט זיך אַליין אויסגעטראָטען זיין סטעזשקע צום וועג פון לעבען. אַזוי איז זיך די וועלט געלאָפען איהר גאנג. מיר האָבען חתונה געהאַט, אויפגעבויט אונזערע נעסטען, איינגעאָרדענט אונזערע היימען, ווער רייכער, ווער אָרימער. מוז מען דאָך ערגעץ בעלאַנגען, און וואו אַז ניט אין סטייפצער חברה וואָס האָט שוין עקזיסטירט מיט פיעלע יאָהרען פריהער. נאָר האָבען זיך אַלע מאָהל אַרומגעריסען, געהאַט אַ שעהנע שוהל מיט אַ גרויסע מעמבערשיפ און זיך ניט געקענט איינטיילען מיט׳ן כבוד פון פרעזידענט. יעדערער האָט געהאַט זיין פאַרטיי, און קוים האָט יענער געזאָגט יע, האָבען די געזאָגט ניין. יעדענפאַלס מיר יונגע אַז מיר פלעגען קומען אין שוהל און געבען גוט צו לייזען, 10 דאלאר פאַר אַ פסוק אתה הראית, איז געווען גאָרניט, און דאָס פלעגט מען איבערגעהן עטליכע מאָהל, ווייל עס האָט קיין פסוקים ניט געסטייעט, טראָץ דעם האָט מען אויף אונז געקוקט ווי אויף פיזשיקעס, אינגלאך, לויפערס. זעלטען ווען האָט מען מקרב געווען. מעגליך אַז די שוהל איז מעהרסטענס קאָנטראָלירט געוואָרען פון ניט קיין סטייפצער, ווי מאדאמסקי, קישעלאף, אגינסקי, און נאָך.

יעדענפאַלס, איך האָב זיך פאָרגעשלאָגען ביי די אגודת אחים אנשי סטויפץ, אַ קאָמיטע איז מיר געקומען בעזוכען: ברודער שלמה חיים בערינשטיין, ברודער אייבראם פינקעלשטיין, פיין פערבראַכט. פאַר׳ן אַוועקגייעהן זאָגען זיי מיר אַז איך וועל קריגען אַ לעטער צו קומען צום נעקסטען מיטינג, זאָל איך קומען. קיין לעטער האָב איך ניט באַקומען. נור מיין ברודער אייבראם טוניק זאָגט מיר אַז מען האָט מיר צוריק געוויזען ווייל אַ מעמבער האָט געסטייעט דאָס ער האָט מיר אַליין געזעהן רויכערען אַ סיגאַרעטעל בפרהסיה. ניט דאָס איז געווען דער מאָטיוו, נור ווייל איך בין פאָרגעשלאָגען געוואָרען פון אַנדערען צד. בין איך געבליבען מחוץ למחנה. און אַזוי ווי איך בין ניט געווען דער אייציגער יענעם אָוונד, האָט מען שוין יענע אויך צוריק געוויזען.

האָט זיך ביי זיי אָנגעפאַנגען אַ טומעל. מיין ברודער האָט געשריען פאַר מיר. לואיס סיגעל האָט געשריען פיר זיין שוואָגער, און נאָך פיעלע. אַלע האָבען זיך געקאָכט, מען מוז גרינדען אַ פעראיין.

מיט אַ צייט שפעטער, זאָגט מיין ברודער א. טוניק, דאָס דעם נעקסטען שבת חול המועד סוכות, זאָל איך קומען צו מאריס היימאן אין 43 פאָרסייט סטריט. צו גרינדען אַ פעראיין. איך בין געקומען אין צייט און האָב שוין געטראָפען דאָרטען מאַקס נייפעלד (מאָטע יאָשקע ראניעס), קארל הייםאן, מאריס היימאן, סעם זאַסולסקי (שואל יאנקעל דעם סטאָליערס), בענדזשאמין רודיצקי, וואלף בערקאָוויטש (וועלוויל אברהם לייבס), לואי סיגעל (טעוויל חיים יאנקעל זאַוועלס). זיין ברודער יאשע, היימאן וויינשטיין (חיים פרא־

דעלעס), סעם טוניק, אייבראַם קאַפּלאַן (אַברעמיל ברוך דעם סטאָליערס), מאַקס סמיט, שמואל עלי קאָהען ע״ה, מאָריס סילווערשטיין, 14 אין צאָהל.

ברודער רודיצקי האָט געעפנט אַ מיטינג און האָט בעטאָנט דאָס אַזוי ווי די חברה נעהמט ניט אַריין קיין יונגע. און כדי די יונגע זאָלען ניט געהן צו פרעמדע סאָסייעטיס, זאָלען מיר בעסער גרינדען איין אייגענע סאָסייעטי פון סטייפּצער פיר סטייפּצער, אָהן אַ שוהל, ווייל מיר ווילען ניט קאָנקורירען מיט די אַלטע חברה. און דאָס איז געוועזן אונזער ערשטער פּראָגראַם ניט צו מישען זיך אין רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע ענינים.

ברודער קאַרל היימאַן האָט אויפגעפאָדערט אַלע זאָלען געבען צו דאָלאַר, וועלכע זיינען גלייך איינקאָלעקטעד געוואָרען און מיר האָבען שוין געהאַט אַ פאַרמעגען פון 14 דאָלאַר, און דעם פעראיין אַ נאָמען געגעבען „די אינדעפּענדעט סטייפּצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן”, און דער פונדאַמענט איז געלייגט געוואָרען.

ברודער רודיצקי האָט פאָרגעשלאָגן דאָס אַזוי ווי מיר זיינען נאָך קליין און אָרעם אויף צו דינגען אַ מיטינג רום, גיט ער אונז זיין שאַפּ צו מיטען דאָרטען וויפיעל מיר ווילען, ביז מיר וועלען זיך איינאָרדענען. זיין פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען, און יעדערער האָט זיך פאַרפליכטעט צו אַרבייטען מיט לייב און לעבען צו ברייגגען וואָס מעהר לאַנדסלייט צום נעקסטען מיטינג שבת אָוועגט, אין 181 לודלאָוו סטריט.

צום נעקסטען מיטינג זיינען מיר שוין געקומען 29. דער שאַפּ איז געוועזן צוגעקליבען טיש און ביינק צושטעלט, אַ האַלבער גאַלונטשיק איז געשטאַנען מיט קיכלאַך און לעקאַך וואָס שוועסטער רודיצקי (סאָרקע געליעס) האָט צוגעגרייט. די אַטמאָספערע איז געוועזן אַ לעבעדיגע, מען האָט געטרונקען לחיים, זיך געוואונשען גליק — זיך און אונזער נייעם פעראיין.

ברודער רודיצקי האָט געעפענט דעם מיטינג. ברודער קאַרל היימאַן האָט איינגעקאָלעקטעט פון יעדען צו דאָלאַר, מען האָט געעפענט נאָמינישאָן פיר בעאַמטע און ברודער סעם זאסולסקי איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פינאַנס סעקרעטאַר, סעם טוניק — פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר און קאַרל היימאַן — טרעזשרער. דער פּרעזידענט אַמט איז אָפּגעלייגט געוואָרען צום נעקסטען מיטינג. דער טשערמאַן האָט געאָרדערט צו קויפען ביכער און שיקען פּאָסטאל קאַרדס צום נעקסטען מיטינג — 2 וואָכען שפּעטער. איך בין אַוועק געגאַנגען אויף קאַנעל סטריט, געקויפט אַ ראָבער סטעמפּ, האָב מיט איהר אָפּגעדרוקט די פּאָסטאַל קאַרדס, און דעם נעקסטען מיטינג האָבען מיר שוין געהאַט מיט אַלע פּיטשעווקעס.

ביז דעם מיטינג זיינען מיר, יונגע, געזעסען שטומע, ווייל צו קיין סאָסייעטיס האָבען מיר פריהער ניט בעלאַנגט, מיט דער אויסנאַמע פון ברודער רודיצקי, וועלכער איז שוין געווען עטליכע מאָהל פּרעזידענט אין סטויפּצער שוהל. און די איבעריגע וואָס האָבען בעלאַנגט צו דער חברה זיינען געווען אונזערע פיהרער.

ביי דעם דריטען מיטינג זיינען מיר געווען גאָר אין אַ געהויבענער שטימונג. מיט אונז איז שוין געווען ברודער ס. פּערלמאַן, ברודער מאָריס העניקין, ברודער העריס מאַלבין. מען האָט געעפנט צום ערשטען מאָהל אַ מיטינג מיט׳ן פאָרלעזען אַ פּראָטאָקאָל מיט איינגאַהמע 38 דאָלאַר, אויסגאַבען 5.65 דאָלאַר פיר ביכער און סטעמפּ. מיר האָבען שוין דעבאַטירט וועגען אַ פּרעזידענט, און מיר האָבען באַשלאָסען דאָס קיין פּרעזידענט זאָל ביי אונדז ניט זיין, ווייל אויב עס איז אַ לאַסט ווילען מיר עס ניט אַרויפוואַרפען אויף אייגעם, און אויב עס איז אַ כבוד ווילען מיר עס אויך ניט אָפּגעבען איינעם. די הויפּט אורזאַכע איז געוועזן די עקספּיריענס וואָס מיר האָבען געהאַט פון דער חברה מען זאָל זיך ניט אַרום רייסען פיר׳ן פּרעזידענט אַמט, און צווייטענס האָבען מיר זיך געוואָלט אַליין רעגירען. מען האָט באַשלאָסען צו אָרדערען אַ זיגעל אָפּצוזיגלען אַלע דאָקומענטען. אָנגענומען בעשלאָסען צו אָרדערען אַ טשאַרטער, אַ קאָמיטע איז אָפּאָינטעט געוואָרען: ברודער קאַרל היימאַן, ברודער ב. רודיצקי און ברודער היימאַן וויינשטיין, וועלכע זיינען אונזערע טשאַרטער מעמבערס ביז היינטיגען טאָג. אַ באָארד אָוו דירעקטאָרס איז ערוועהלט געוואָרען צו פיהרען די סאָסייעטי און אויסאַרבייטען רולס און רעגוליישאָנס.

דאָס איז געוועזן דער ערשטער מיטינג וואָס מיר האָבען זיך, ברידערליך אַמוזירט. ברודער סעם פּערלמאַן, ברודער מ. העניקין, און אויך קאַרל היימאַן, און נאָך אַ פּאָר זיינען געוואָרען די פּובליסיטי אַגענטען, ניט דורכגעלאָזען קיין לאַנדסמאַן, בעטענדיג אַריינצוגעהן אין אונזער פעראיין. מיר זיינען געגאַנגען, געפאָהרען, אַנדערע האָבען מיר געקראָגען. אַנדערע מעהרסטענס מיטעל יאָהריגע פלעגען זיך צו אונז באַנעהמען מיט חוזק — „אַזוינע שנעקעס ווילען פיהרען אַ מלוכה. מעהר ווי אַ פּאָר מאָנאַטען וועט איהר ניט עקזעסטירען”. אונז האָט עס אָבער ניט אָפּגעהאַלטען פון אָנגעהן ווייטער מיט דער אַרבייט. איינער דעם צווייטען האָט געיאָגט, געטריבען. ברודער סעם פּערלמאַן פלעגט קענוועסען בייטאָג — ער האָט געהאַט אַ סטאָר. איך און העניקין — אָפּגעאַרבייט, געקומען, צוגענומען שלום׳ן און אַוועק געגאַנגען. אַיי גיטעל האָט פּאַראַיבעל געהאַט, האָט קיידי אויך פּאַראַיבעל געהאַט, און סילי אויך.

אַזוי האָבען מיר געאַרבייט אונערמידליך ביז מיר האָבען שוין געהאַט איבער 40 מעמבערס. מיר האָבען אָנגעהויבען צו מורמלען, ברידער האָבען אָנגעפאַנגען צו פאָדערען אַז מיר זאָלען דינגען איין אייגענעם מיטינג רום, כאָטש מ׳מוז זאָגען צום קרעדיט פון ברודער רודיצקי, דאָס מיר זיינען פיין בעהאַנדעלט געוואָרען די גאַנצע צייט, דאָך די אויווען ספּעשעל פיר אונז געמאַכט משקה, צובייסען פריי... אָבער דאָס קריכען 5 שמאָלע טרעפּ מיט די ריחות פון זויערע קרויט און אוגערקעס (דאָן סטעירז איז געווען אַ געשעפט פון געזייערטע פּיקעלס), פון די ווענט האָט גענעצט, און ווישען די טשערס פון דעם שטויב פון אויווען ניט אויסצושמירען די שבת׳דיגע תחתונים, ווייל אויב ניט האָט מען זיך אייגעריכט ווי די שדים. אויף דעם האָט אונז ברודער רודיצקי געזאָגט: עס איז

אמת, אָבער פיר אונזער עקזיסטענץ איז נויטיגער מיר זאָלען פריהער קויפען קרקע און נאָכהער רענטען אַ מיטינג רום. ברודער קאַרל היימאַן, א. טוניק, ט. טוניק, און לואי סיגעל האָבען אויך געזאָגט דאָס אַזוי ווי מיר האָבען מיטעל יאָהריגע מעמבערס אויך, און אַ פעראיין אָהן סעמעטערי איז ווי אַ הויז אָהן אַ פונדאַמענט. מיר די יונגע, זייענען כמעט אין גאַנצען גלייכגילטיג געווען צו קרקע. אַלעס וואָס אונז האָט אינטערעסירט איז געווען מעמבערס, און אין שאַפּ האָט מען ניט געוואָלט געהן, האָבען מיר געוואָלט אַ מיטינג רום.

דאָך האָבען מיר נאָכגעגעבען. אַ קאָמיטע איז אַפּוינטעט געוואָרען מיט פול פּאוער צו קויפען קרקע, און צום נעקסטען מיטינג האָט אונז שוין די קאָמיטע רעפּאָרטעט דאָס זיי האָבען געקויפט 5 פלאַטס אויף וואַשינגטאָן סעמעטערי, 85 דאלאר אַ פלאָט.

נאָר ווי אויבען געזאָגט, די מאַיאָריטעט וועלכע זייענען געווען נאָך זעהר יונג האָבען זיך ווייניג אינטערעסירט מיט דעם ענין. אין שאַפּ האָבען מיר שוין לאַנג ניט געמיטעט. דעם 1טען מאַי 1900, האָבען מיר שוין געמופט אין ניו העגרי האָלל, 49 העגרי סטריט.

אַ נייע עפּאָכע האָט זיך פאַר אונז דאָרטען אָנגעפאַנגען. נייע מעמבערס האָבען אַריין געשטראָמט, און מיר, פיהלענדיג האָבען מיר שוין איבערגענומען די גאַנצע קאָמאַנדע. מיר זענען פריי, אינדעפּענדענט, ליכטיג, ציכטיג. אייגענע פּיער וועגט. האָבען שוין געהאַט אייגענע גענעראַלען, פּאָלקאָווניקעס און גענוג סאָלדאַטען אויף צו פיהרען אונזערע מיטינגען. די באָארד אָף דירעקטאָרס האָבען אונז געפּאַסט געזעצע, און ווען זיי זיינען ביים מיטינג אָנגענומען געוואָרען זיינען זיי שטרענג דורכגעפיהרט געוואָרען. אונזער ברידערליכקייט און סאָלידאַריטעט איז געווען צו באַוואונדערען, אונזערע מיטינגען אינטערעסאַנט און אמוזירענד, אונזער איבערגעבענהייט צום פעראיין איז געווען אָהן אַ גרעניץ. האָט מען פאָרגעשלאָגען אַ קאַנדידאַט, האָט ער ניט געטויגט — האָט עס געמעגט זיין איין אייגענער ברודער האָט מען געזאָגט דעם אמת. איך קען עס מיר יעצט ניט פאָרשטעלן ווי עס האָט פּאַסירט, אָבער אַזוי איז עס געווען. אַלעס איז געגאַנגען גוט.

אַזוי ווי מיר האָבען שוין געהאַט קרקע האָט מען שוין ערוועהלט א חברה קדישא. און ענדע זומער האָבען מיר געהאַט אַ חינוך הקרקע מיט רעפרעשמענטס וועלכע האָט אונז אַריינגעבראַכט אַ פּאָר הונדערט דאלאר. האָט מען שוין באַשטימט אַ קאָמיטע צו אָרדערען אַ גדר.

לאַנג האָבען מיר אין העגרי סטריט ניט געמיטעט, דער האָלל איז געוואָרען צו קליין, האָבען מיר געמופט אין 200 איסט בראָדוויי, איבער מאלבינס רעסטאָראַנט. דאָ זיינען מיר שוין געווען איינגעפינדעוועט און באַפעסטיגט. מיר האָבען שוין געהאַט אַ טעהאַטער בענעפיט און געמאַכט געלד. סעקרעטערע האָבען זיך געביטען. ברודער מאָריס העגקין איז געוואָרען פינאַנס סעקרעטאַר און ברודער אייבראַם טוניק — פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר. די גאַנצע צייט אָהן געלד. מיר האָבען שוין געצאָהלט שבעה און קראַנקען בענעפיט, אָבער זעלטען ווען אימיצער האָט גענומען — מען פלעגט עס אָפּגעבען צום גמ״ח וועלכען מיר האָבען געגרינדעט צו באָרגען 5 דאלאר. (יענע צייטען איז עס געווען אַ סומע פון אַ האַלבען מאָנאַט רענט, און ביי מאַנכע — אַ גאַנצער). די טעג זיינען געקראָכען. יאָהרען זיינען געפלויגען, מיר זיינען נאָך אַלץ געווען ביזי, פּערהאַוועט. מיר האָבען געקויפט אַ ספר תורה פיר די חברה קדישא און אַריינגעגעבען אין סטייפּצער שוהל, אין פאַל מען וועט איהר דאַרפען זאָלען מיר האָבען איין אייגענע. עס האָט אונז געקאָסט אַ שעהנע פּאָר הונדערט דאלאר. עס האָט אָנגעהויבן געהן לאַנגזאַמער מיטינגען, ווייניגער בעזוכט, מיר האָבען אָפּגעשאַפט טשערמאַנשיפּ און איינגעפיהרט פּרעזידענטסטווא, פיליכט וועט עס העלפען. ברודער פּערלמאַן איז ערוועהלט געוואָרען דער ערשטער פּרעזידענט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. מיר האָבען געהאַט גענוג געלד, גענוג מעמבערס, נאָר פויל צו קומען. די גאַנצע לאַסט איז געפאַלען אויף די פּאָר צעהנדלינג וואָס שטעהן ביים רודער די גאַנצע צייט ביז היינטיגען טאָג. ביז אין דער צייט פון דער מלחמה פון יאָהר 1914 האָט זיך ווייטער אויפגעפלאַמט די אַקטיוויטעט פון אונזערע מעמבערס צו שאַפען געלד פיר אונזער שטאָט סטייפּץ. מען איז ווייטער געלאָפען, געפאָהרען. געקליבען געלד, געשיקט דורך אונזערען אַ דעלעגאַט, ברודער דזשאָי היימאַן, וועלכער איז געפאָהרען נאָך סטייפּץ. ווייטער געקליבען און געשיקט מיט נאָך אַ דעלעגאַט, ברודער מאָריס העגקין, קיין סטייפּץ. די ביידע דעלעגאַטען האָבען צוטיילט 15.000 דאלאר.

פון דאַן אָן איז אונזער פעראיין אין אַ פּראָגרעסיווען צושטאַנד, יעדען יאָהר מעהר. אונזער גמ״ח — אָנשטאָט 5 דאָלאַר באָרגען מיר יעצט 100 דאָלאַר; קראַנקען און שבעה געלד — פון 5 אויף 10 דאָלאַר אַ וואָך. שטיצע פון 15 אויף 100 דאָלאַר און מעהר: ענדאומענטס — פון 1.50 דאָלאַר פּער קאָפּ, איז יעצט 500 דאָלאַר, געזיכערט דורכ׳ן ענדאומענט פאָנד פון 25,000 דאָלאַר; פון די 5 פלאטס אויף וואַשינגטאָן סעמעטערי האָבען מיר 19 פלאַטס אויף מאונט כרמל און 57 אויף באַראָן הירט סעמעטערי — פרי און קליער; און 40,000 דאָלאַר אין דער קאַסע.

לאָמיר האָפען צו דערלעבען אונזער 50 יאָהריגען יובילעאום און די פעראיין זאָל וואַקסען און פּראָגרעסירען.

# ד״ר זייפערט / בילדער פון דער היים

אין איין שיינעם טאָהל, בעגרעניצט ביי גרינע זאַפטיגע פעלדער, אַרומגערינגעלט פון גרויסע, געדיכטע וועלדער — האַרט ביי איין שעהנעם, רוהיגען, היסטאָרישען טייך — ליגט אַ שעהנע, קליין שטעטעלע — אונזער היימאַט, אונזער געבורט־אָרט, אונזער שטעטעלע — סטייפּץ.

וואָס פאַר אַ צויבער אָרט — סטייפּץ! וואָס פאַר אַ צויבער וואָרט — סטייפּץ! ווי האַסטיג עס קלאַפּט די האַרץ ווען איך באַטראַכט דורך דעם טעלעסקאָפּ פון צייט און שטרעקע די שטעטעלע וואו איך האָב דורכגעלעבט און פאַרבראַכט די זיסטע יאָהרען. וואָס פאַר אַ צופרידענעם און גייסטיגען פאַרגעניגען מיר לעבען דורך אין די מאָמענטען אין וועלכע מיר זעהען די בילדער פון פאַרגאַנגענע צייטען וועלכע דער גוטער מלאך האָט פאַר אונז געמאָהלט אין אונזערע זכרונות, מיט וועלכע מיר קוויקען זיך און אין וועלכע מיר לעבען נאָך אַ מאָל דורך די יאָהרען וועלכע זיינען אַוועק. וואָס פאַר איין אמת׳ער, הערצליכער און גייסטיגער פאַרגעניגען איז צו זעהן זיך אין די זיסע ערינערונגען ווי מיר האָבען געלעבט, ווי מיר האָבען געדיינקט, ווי מיר האָבען געליעבט און ווי מיר האָבען גענאָסען אין די צייטען וועלכע זיינען מעהר ניטאָ.

עס איז נאַכט — רוהיג און געלאַסען פליסט דער ניעמען און שפּיגעלט אָב די פולע לבנה וועלכע שוועבט איבער׳ן שטעטעל און באַזילבערט די דעכער פון די הייזער. די איינוואָהנער זיינען פאַרזונקען אין טיפען שלאָף און חלומ׳ען פון מסחר, פון אַרבייט און פון קהל׳שע זאַכען, און די לבנה שוועבט איבערן בלויען הימעל און רוקט זיך וואָס ווייטער אַוועק. די שטערען ווערען בלאַסער און פאַרשווינדען, די שאָטענס ווערען לייגגער — ערגעץ לעבען געלען קלויסטער קריי׳הט אַ האָהן און עס פאַנגט אָן צו טאָגען.

עס הערט זיך אַ סקריפּ — עס באַווייזט זיך אַ איד מיט דעם טלית און תפילין אונטער׳ן אָרעם — ער רייבט אויס די אויגען, גיט אַ געניץ. טהוט אַ קוק אויפ׳ן הימעל און געהט צום בית־המדרש. פון אַלע גאַסען קומען אָן אידען, יונגע און אַלטע, מיט די פעקלאך אונטער די אָרעמס, איילענדיג צום זעלבען פּלאַץ. עס ווערט מעהר ליכטיג, און עס הויבט אָן מעהרער צו קאָכען דער לעבען — די בעל־העגלה׳ס יאָגען זיך צום פּאָיעזד, די בעקער שטעלען אויף די ביידלעך, שילטענדיג די יונגוואַרג וועלכע האָבען דורך דער נאַכט די ביידלאך אומגעוואָרפען — עס עפענען זיך די קראָמען — עס קומען אָן די מוזשיקעס פון די אַרומיגע דערפער און דער מאַרק הודזשעט מיט קויפער און סוחרים — און די יונגוואַרג לויפען אין חדר מיט די מיט זיך אונטער די פּאַכוועס.

פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג. — אַ טומעל — אַ געלאָף — עס לויפען אינגלאך און מיידלאך, אידען מיט אידענעס — עס לויפט די גאַנצע שטעטעל — אַלע לויפען צו אַ געוויסען פונקט וואו עס הערט זיך די טענער פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. און באַלד טאַקע קומען אַרויס אויפ׳ן מאַרק עטליכע קלעזמער. שמואל חאַשע בריינעס פיהרט די קאַפּעלע און מאַכט אויף זיין טרובע לאַם־פּאַם־פּאַם. אַ פּאָר אַלטע אידענעס טאַנצען אין פאָרענט. עס געהן חתן־כלה, מחותנים, צום שול הויף. — אָפּגעפּראַוועט די חתונה, מען פיהרט די פּאָרעל אַהיים — עס קומט אָן אַנטקעגען טעוועלע מיט צוויי פולע עמער וואַסער און די מחותנים וואַרפען קופּערנע מטבעות אין די וואַסער אַריין.

די זון לאָזט זיך אַרונטער, עס ווערט עטוואָס טונקעלער. עס ווערען ווייניגער מענשען אויפ׳ן מאַרק. די קראָמען מאַכען זיך צו. אויסגעפּוצטע יונגע אינגלאך לויפען צום שוהל־הויף. דורך די פענסטער צייגט זיך אָנגעצונדענע ליכט און עס הערט זיך דער לאַנג בעקאַנטער ווייבערשער נגון פון ליכט בענשען. און אידען מיט רויטע פּנימ׳ער, ערשט פון מרחץ, שבת׳דיג אויסגעפּוצט ציהען זיך צום שוהל, פון וועלכען עס הערט זיך באַלד, נח דעם שניידער׳ס „לכו נרננה״.

שבת איז דער בית המדרש געפּאַקט. לייבע דער סופר פאַרקויפט עליות מיט זיין זינגענדע שטימע — „צען גילדען — עלף גילדען — צוועלף גילדען״ — און די סטייפּצער אידעלאך קויפען און באַצאָהלען.

שבת נאָך וואַרעמעס. — עס ליגען אויף די בעטען די בעל־הבתים. די בייכער פול מיט טשאָלענט, און כראָפּען גאַנץ געשמאַק. די אינגלאך קלייבען זיך צוזאַמען אין די הויפען און שפּילען זיך. די עלטערע בחורים שפּאַצירען אין די פעלדער — מאַנכע מיט מיידלאך אין די וועלדער, מיט אַ פּאַפּיראָסעל בעהאַלטען אין די אַרבעל. די שטעטעל איז שטיל — פריעדן הערשט איבעראַל — גאָט׳ס שכינה רוהט אויף איהר. פּלוצלינג געשרייען, קולות. עס קראַכען פענסטער. מען שילט זיך אין אידיש און רוסיש, א געשלעג, מען צורייסט פאַרקאַנעס און מען איז זיך מכבד מיט שטעקענס אויף די קעפּ. אברהם עטעס הרג׳עט זיך מיט אַ פּאָר בעל־העגלה׳ס. עס איז דאָ צדדים און עס מישען זיך אַריין שאַכנע פערלעצקיס, בנימין־חיים, קצבים און סטאָלערס און עס ווערט איין אַלגעמיינע מלחמה, בושעוועט אַ צייט, און ענדיגט זיך מיט אַ איזמערעניע ביי שמערעל נחמה עטעס אין שיינק.

זונטאָג! — דער מאַרק איז געדיכט פון פוהרען, און מענשען און סוחרים. די שיינקען טוען גוטע געשעפטען. פויערען געהען אַריין. קומען אַרויס, שאָקלען זיך, קוילען זיך אַרונטער פון גאַניק און בלייבען ליגען אין דער בלאָטע. עס טומעלט זיך און עס רוישט — מען קויפט און מען פאַרקויפט, מען זידעלט זיך מען שילט זיך, מען מאַכט אויף יוואַניש אין דער מאַמען אַריין און מען קריכט ביז איבער די קניע אין בלאָטע.

„טשועס! טשועס!״ — שרייט פעשע אברמיל שיינע ליעבעס.

„פּאָטשאָם יאַייציע״?

„טשועס! פּאָטשאָם בולבא״? — פרעגט מאַניע סיינע מילצעס.

„אַ פערציגער? — אידזי״ —

זישקע שאָשע דבורה׳ס און פריידע אברהם ליב׳ס זיצען ביי טישלאַך און בייטען אויס געלד.

אַ יונגע פרוי רעדט אויס די האַרץ צו אַ גויע — „אנאַט־העמקע, טי זשנייע מאָי מוש — עטאַ חלאָפּ! — כאפּון סאַראַק רוב. אי דאליי דאַ מינסקו, דאַ פינסקו, דאַ סטאַרא — שוואַר־זנע, דאַ טשאַרטי מאַטרי, אַ נכפה זאָל איהם כאַפּען. רבונו של עולם"! און די יונגע גויע שאָקלט צו איינשטימיג מיטן קאָפּ.

מיט אַ מאַהל, אַ געלאַף! — אַ חזיר האָט געכאַפּט אַ בולבע פון בערקע הענעסביידעל און די גאַנצע שטאָדט לויפט נאָך אָפּנעהמען.

פון כאַלאַדניצע הערט זיך קולות — יאַכים שמייסט דאָרט אַ פּאָר שכור׳ע גוים.

ביי חאַנצען אין שיינק מאַכען די פויערען אַ פּאַגראָם, און שמואל און סאָרקע האָבען אַ שווערע שטיקעל אַרבייט אַרויסוואַרפען די שכור׳ע גוים.

און די שטעטעל שוויבעלט און גריבעלט. די שטעטעלע לעבט און האַנדעלט. מאַכט גוטע געשעפטען און אַמוזירט זיך.

אין אַמעריקע — אין פּאַרווערטס האַלל — אַ מיטינג פון די אינדעפּעדענט סטייפּצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן — איך זעה דאָ בעקאַנטע פּנימ׳ער, אַ ביסעלע פּערעלטערט אָבער איך דערקען זיי. די זעלבע סטייפּצער נאָר אַ ביסעל מעהר אויסגעמישט, אַ ביסעל אינטימער. אַ ביסעל מעהר בע־האַנדעלט. — איך זעה דאָ אַרבייטער, ביזנעסלייט, דאָקטוירים, לאָיערס, ריעל עסטייטניקעס, און סתם אָלרייטניקעס. מען אָפּאינטעד קאָמיטיס, מען ברייננגט אַריין רעפּאָרטען, מען דעבאַטירט. פערהאַנדעלט, מען איבערלייגט זיך און מען גיט געלט און נאָך מעהר געלד. עס ווערען געהאָלפען אָרימע און קראַנקע. אַרבייטסלאָזע און נויטבאַדערפטיגע. מען צאָהלט אויס געלד פאַר האָספּיטאַלען, פאַר האָומס און פאַר עהנליכע אינסטיטושאָנס. דערביי פאַרגעסט מען נישט אונזער געבורט־אָרט. אונזער היים. אונזער שטעטעלע סטייפּץ. — גאָטס ברכה אויף אַלע אונזערע סטייפּצער.

# ה. לעמפערט / א מעשה פון די קינדער־יארן

דאָס האָט פּאַסירט מיט 38 יאָהר צוריק. איך בין דאַן אַלט געווען 10 יאָהר.

פּאַסירט האָט דאָס לעבען „ניעמאַן". אונזער שעהנע סטייפּצער טייך וואו מיר אינגלאַך פלעגען זיך באָדען, ווען דער רבי פלעגט אונז אָפּלאָזען אין די הייסע תמוז׳דיגע טעג, אַז מיר זאָלען זיך אַ ביסעל אָפּקיהלען.

איך רוף דאָס „פּאַסירונג". אייגענטליך האָט גאָרניט פּאַ־סירט. דאָס שטעטעל איז ניט איבערגעטרייסעלט געוואָרען. קיינער אין שטעטעל האָט אַפילו ניט געוואוסט אַז עפּעס האָט פּאַסירט. בלויז עטליכע אינגלאַך חברים, וואָס זיינען געגאַנגען אין איין חדר. און זיי, די פּאָר חברים, האָבען דאָס יעמאלט אויך ניט געהאַלטען פאַר איין אויסערגעוויינליכע פּאַסירונג. און זיי, די אינגלאַך, וואָס זיינען יעצט אַלע אין אַמעריקע און מעמבערס פון אונזער אַלעמענס בעליבטען אינדעפּענדעט סטייפּצער פעראיין, האָבען מסתמא שוין לאַנג פאַרגעסען. יעמאלט, דאָנערשטאג אין דער פריה, ביים „פּאַראָם" לעבען ניעמען.

דאָס איז געווען תמוז אין אַ הייסען טאָג, אַ דאָנערשטאָג אין דער פריה, אַרום 10 אַזייגער.

מיר אינגלאַך, זיינען שוין אַלע געזעסען אַרום גרויסען טיש אין שמעון דעם מלמד׳ס חדר און געוואַרט, אַז אונזער רבי זאָל קומען פון בית המדרש און אָנפאַנגען מיט אונז צו לערנען. ער האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס עפּעס פאַרשפּעטיגט.

אין אַ ווייל אַרום איז אַנגעקומען דער רבי, ר׳ שמעון מיט׳ן טלית און תפילין אונטערן פּאַכווע. ער איז אַריין אין הויז לאַנגזאַם פאַרטראַכט און עפּעס ווי זינדיק. ער האָט אַוועק־געלייגט דעם טלית זעקעל אויף אַ פּאָליצקע וואָס איז גע־האַנגען לעבען אַ ליידיגע גראַטקע און האָט עפּעס ווי פאַר־שולדיגט, געקוקט אויף איטקע פרומען, אונזער רבי׳צין.

נו? האָט איטקע פרומע, אַ דאַרע אידענע אַ פרעג געטאָן, האָסט געקראָגען עפּעס? עס איז דאָנערשטאָג, מעהל דאַרף מען דאָך אויף שבת.

שמעון האָט בלויז אַ מאַך געטאָהן מיט דער האַנד — אַ סימן אַז ניט.

איטקע פרומע האָט זיך טרויעריג אָפּגעקערט פון איהם, און זיך גענומען פאַרען אַרום אַ טעפּעל וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קאַלטען דרייפוס.

דער רבי איז צוגעגאַנגען צום טיש, געוואָרפען אַ קוק אויף די אינגלאַך, זיך אַוועקגעזעצט אויבען אַן ווי יעדען טאָג, אויפגעעפענט אַ חומש, צוריק צוגעמאַכט און איז צו־געגאַנגען צו איטקע פרומען און האָט איהר שטיל עפּעס געפרעגט מיט אַ רחמנותדיגען פנים. גאָרניט, האָט איטקע פרומע געענטפערט מיט כעס. אַ בולבע אויך ניט? האָט שמעון געפרעגט שוין אַ ביסעל העכער. — ניין.

שמעון איז צוריק צוגעגאַנגען צום לאַנגען טיש, האָט די אינגלאַך ווידער באַטראַכט, זיינע אויגען זיינען געווען האַלב אויסגעלאָשען, זיינע ליפּען פאַרטריקענט און זיין פּנים ווי פאַרמעט. ער האָט אַ ווייל געטראַכט און געזאָגט: ווייסט איהר גאָר וואָס אינגלאַך, געהט צום ניעמען און באָדט זיך אויס. איך דאַרף זיך געהן זעהן מיט אַ פּאָר בעלי בתים. אָבער קומט צוריק אין אַ שעה אַרום, שקצים, דער וואָס וועט זיך פאַרשפּעטיגען וועל איך צופאַסעווען.

עס האָט ניט גענומען קיין 5 מינוט, זיינען מיר שוין אַלע געווען ביים פּאַראָם. אויסטאָהן זיך האָט לאַנג ניט גע־דויערט, אַ העמדעל און אַ פּאָר פלודערען; קיין גאַטקעס פלעגען אינגלאַך אין סטייפּץ ניט טראָגען. צי ערוואַקסענע מענטשען פלעגען טראָגען גאַטקעס, געדיינק איך ניט, נאָר

מסתמא יע, ווייל איך פלעג אַ מאָל הערען ווי מען פלעגט איינעם רופען: „העלד אין גאַטקעס”.

משה׳ל רישקעס, אָדער ווי מיר קענען איהם דאָ מר. מאריס הענקין, האָט געגעבען אַ וואונק צו עטליכע פון אונזערע אינגלאך, אַז מיר זאָלען זיך ניט אויסטאָהן. געמיינט האָט ער 5 פון אונזערע וואָס זיינען געווען חברים און אַלע מאָל צוזאַמען: הילל יאָשע דעם קאָמישנירס, זיין ברודער הירשעל, מיין ברודער דוד און מיר אַליין.

קינדער, מיר׳ן עסען בלינצעס, האָט ער שטיל געזאָגט. לאָזען די אַנדערע אינגלאך אַריין אין טייך אַריין.

הילל בייפעלד, אַ קליינער אינגעל, אַ געלאַסענער פונקט ווי מיר קענען איהם היינט, האָט אַ שאָקעל געטאָהן מיט׳ן קאָפּ. דאָס האָט געמיינט אַז מיר ווועלען עסען בלינצעס.

מיר פינף חברים זיינען אַוועק אַ ביסעל אָן אַ זייט, זיך פאַרוקט אונטער „אַ באַט” אַז מען זאָל אונז ניט זעהן. משה׳ל האָט אַרויסגענומען אַ זילבערנעם „פּערטעלע” פון אַ קעשינקע פון „אַרבע כנפות” און זאָגט: חיים, לויף אויף גיך צו שמערעל נחמה עטעס און נעהם פאַר אַ פּערטעלע בלינצעס. זאָלסט נעהמען הייסע און פאַרברוינטע און קום אויף גיך צוריק, אַז ניט וועט ווערען קאַלט. מיר׳ן וואַרטען אויף דיר.

ווו שמערעל נחמה עטעס האָט יעמאָלט פאַרקויפט בלינצעס, געדיינק איך שוין ניט, צי אויפן מאַרק, צי אין אַ זייטיגער געסעל. נאָר איך געדיינק אַז איך בין געפלויגען ווי פייל אויפ׳ן בויגען נאָך די בלינצעס. די סלינע האָט מיר לויפענדיג גערונען פון מויל, און לויפענדיג, האָב איך אַלץ ספּעקולירט וויפיעל בלינצעס גיט שמערעל פאַר אַ „פּערטעלע” און וויפיעל עס וועט אָנקומען אויף מיין חלק.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך בין געלאָפען צוריק מיט די בלינצעס איינגעוויקעלט אין דריי פאַפּירען. הייסע, צוגעברוינט און געפרעגעלט אין פּוטער...

ווען איך האָב זיך אַריין געדרייט אין דער רומאָוּוער געסעל, לעבען דער אַלטער שוהל, מיט׳ן טייערען פּעקעלע איןביידע הענד, — פּלוצלינג איך דערהער דעם רבינ׳ס קול: שייגעץ, וואָס איז דאָס פאַר אַ געלאָף? וואו איז די שריפה וואו? וואו איז דיין שטאָדט וואו? אָט אַזוי לערנסטו ביי מיר, דו שקאָץ!?

שמעון דער רבי שטעהט אַקעגען מיר, די ליפען נאָך אַלץ פאַרטריקענט, דער פּנים בלאַס.

וואָס טראָגסטו דאָ אין פּעקעלע? פרעגט ער כלומרשט סטראָגע, אָבער מיט אַ שוואַכן קול. אין קעפּל איז מיר צום ערשטן מאָל אַריין אַ געדאַנק, אַז דער רבי האָט נאָך ניט אָנגעביסן. ער איז פּשוט הונגעריג, דערפאַר איז ער אַזוי אָפּגעשוואַכט.

איך האָב דעם רבי׳ן מורא׳דיג פיינט געהאַט, ווארום שמעון איז בטבע געווען אַ האַרטער מענש. ער פלעגט ניט זשאַלעווען אַ פּאַטש, אַ צי פאַרן אויער, צי אַ שמייס מיט דער פּאַפּרוסקע. טאָמער פלעגט דער אינגעל אָפּדרייען זיין קאָפּ, פלעגט שמעון אָנכאַפּען דעם העכסטען אינגעלס אויער און דרייען און דאָ פלעגט נאָך שמעון פאַרלויפען דעם וועג אויך. אַז ער פלעגט אָנ׳הרג׳ענען אַ אינגעל, פלעגט שמעון גלייך נאָך דעם גלייך אונטערבורטשען: קילע, קילע, אויף זיך אַליין. ווארים די קינדער פלעגען איהם אַזוי שטילערהייד רופען, ווען ער פלעגט אָנשלאָגען, און מיר אינגלאך האָבען איהם דערפאַר נאָך מעהר פיינט געהאַט.

אָבער דאַן, ווען ער איז לעבען מיר געשטאַנען, אין דער רומאָוּוער געסעל, מיט זיין בלייכען פּנים און פאַרטריקענטע ליפען, האָט מיר עפּעס פאַרקוועטשט דאָס הערצעל, און ווייזענדיג איהם די הייסע פעטע בלינצעס, געזאָגט: רבי, נעהמט אַ בלינצע, נישקשה עס איז דאָ גענוג.

ר׳ שמעון האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטען. מיט צוויי פינגער האָט ער גענומען אַ בלינצע, ער האָט עס כלומר׳שט באַטראַכט צי עס לוינט זיך צו עסען. אַ מורמעל געטאָהן מיט די ליפען, עס הייסט אַ ברכה געמאַכט, אָפּגעביסען אַ האַלבע בלינצע, באַטראַכט די צווייטע העלפט, אַ מאַך געטאָהן מיטן קאָפּ, האָט ער מיר געזאָגט, נו? דאָס הייסט ער האָט מיר איינגלאַדען מיטצועסען.

עסט, רבי, עסט, איך וועל ניט פאַרשפּעטיגען.

איך האָב געהאַלטען דעם פּעקעל אָפען אין ביידע הענט און שמעון האָט געשלונגען אַ בלינצע נאָך אַ בלינצע און האָט אַלע מאָל צו מיר געמאַכט, נו? דאָס הייסט איך זאָל אויך עסען.

מיר איז אָבער פערגאַנגען דער אַפּעטיט. אין מיין קליין מוח׳ל האָט געעגבערט אַ פראַגע: וואָס זאָגט מען משה׳לען מיט הילל׳ען? איך וועל זיי זאָגען דער רבי האָט אויפגעגעסען.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די בלינצעס זיינען פאַרשוואונדען.

אַז דער רבי איז שוין געווען זאַט האָט ער געפרעגט: ווועמענס בלינצעס האָסטו דאָס געטראָגען חיים׳קע? איך האָב אים געזאָגט.

שמעון איז אַ פאַרציטערטער געוואָרען. מיט משה׳לען און הלל׳ען האָט ער זיך ניט געוואָלט איינרייסען. ווארום משה׳ל פלעגט איהם אַ מאָהל ברייגנען אַ ביסעל טיטון פון זיין מאַמעס קראָם, און אַ מאָהל אַ פּערטעל צוקער. הילל האָט ניט איין מאָהל געבראַכט דער רבי׳צין ראָזשינקעס אָדער אַ ביסעל פלוימען וואָס ער פלעגט גנב׳ענען ביי זיין טאַטען אין קעלער — מיט זיי האָט ער ניט געוואָלט זיין צוקריגט.

חיים׳קע, זאָגט שמעון ווייך, זאָג זיי ניט ווער האָט אויפגעגעסען די בלינצעס. — איך וועל ניט אויסזאָגען, רבי, זאָג איך איהם צו.

יעצט געה חיים׳קע צום „רום” און רוף די אינגלאך אין חדר אַריין. זאָגט ער צערטליך. אָבער, לייגט ער צו אין כעס, ווער עס וועט ניט קומען דעם וועל איך צושינדען.

יעצט בין איך געגאַנגען לאַנגזאַם, איך בין שוין ניט געלאָפען ווי פריהער.

איך געה און טראַכט: וואָס זאָגט מען פאַרט משה׳לען?

דעם רבי׳ן וועל איך ניט „פערשיטען”. איך האָב אויף איהם יעצט אַזוי רחמנות באַקומען. עס איז עפּעס גאָרניט געווען דער זעלבער רבי— אַן אַנדערער איז דאָס געווען — אַזאַ גוטער, אַזאַ ליעבער.

ניין, איך וועל ניט אויסזאָגען. איך וועל עס נעהמען אויף זיך — איך האָב אויפגעגעסען און געגנוג. און טאָמער וועט משה׳ל מיר געבען אַ פּאָר פּעטש, וועל איך זיי צונעהמען, אָבער פערשיטען דעם רבין — ניט.

און אַזוי טראַכטענדיג בין איך לאַנגזאַם צוגעקומען צו מיינע חברים וואָס האָבען אויף מיר געוואַרט לעבען פּאַראָם.

וואו זיינען די בלינצעס? פרעגט משה׳ל רישקעס.

ניטאָ, זאָג איך.

וואָס הייסט ניט? פרעגט הילל, שמערעל האָט ניט פאַר־קויפט?

ער האָט יע פאַרקויפט, ענטפער איך.

אַליין אויפגעגעסען אויפ׳ן וועג, שרייט משה׳ל מיט כעס. אַפילו מיין אייגענער ברודער דוד איז געווען אויפגעבראַכט.

ניט אויפגעגעסען, בעט איך זיך. איך שווער אויף מיין חלק לעולם הבא, אַז איך האָב ניט אויפגעגעסען.

טאָ, וואו זיינען די בלינצעס, שרייען זיי אַלע צוזאַמען.

איך וועל ניט זאָגען.

מיר וועלען דיר אַריינוואַרפען אין ניעמען אַריין, האָט משה׳ל געסטראַשעט. דו מוזט זאָגען וואָס דו האָסט געטאָהן מיט די בלינצעס.

איהר קענט געהן פרעגען ביי שמערעל נחמה עטעס, בעט איך זיך ביי זיי. געהט ניט, איך האָב געקויפט בלינצעס פאַר אייך נאָר יעצט זיינען זיי ניטאָ. וואו זיי זיינען אַהינגעקומען ווייל איך ניט אויסזאָגען.

עס האָט ניט געהאָלפען די עטליכע פעטש וואָס מיין קאָזין משה׳ל האָט מיר געגעבען. ער האָט מיר כלומר׳שט אויך געגנר־מען שלעפען צום ניעמען דערטרינקען מיך — עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפען. איך האָב ניט אויסגעזאָגט.

מיר זיינען אַלע געגאַנגען צוריק אין חדר.

מיך האָבען זיי געלאָזען פון הינטען. מען האָט צו מיר ניט גערעדט. מיינע חברים זיינען געוואָרען ברוגז מיט מיר.

וואָלטען מיינע חברים יעמאָלט געווען אַ ביסעל עלטער און האָבען מעהר פערשטאַנד — וואָלטען זיי זיך געדאַרפט וואונדערען וואָס דער רבי איז פלוצלונג געוואָרען אַזוי גוט צו מיר און פלעגט מיך רופען חיים׳קע אָנשטאָט „האַמרוק״. און וואָלטען זיי געהאַט מעהר בעאָבאַכטונגס קראַפט וואָלטען זיי געזעהן ווי דער רבי האָט זיך דעם גאַנצען טאָג דענסטמאָל געהאַלטען פאַר׳ן בויך און איז עטליכע מאָל געלאָפען אונטער די מאָהילקעס... נאָר זיי זיינען געווען צו יונג און האָבען דאָס ניט פאַרשטאַנען.

אָט די דאָזיגע אמת׳ע קינדער יאָהרען מעשה׳לע האָט פּאַסירט מיט 38 יאָהר צוריק. איך האָב דאָס געהאַלטען בסוד גאַנצע 38 יאָהר און געקלערט דאָס קיינמאָל ניט אַרויסצר־געבען. נאָר היינט, צום דרייסיג יאָהריגען יובילעאום פון אונזער אַלעמענס געליבטען סטייפּצער פעראיין, האָב איך זיך באַשלאָסען אַז „איצט מעג מען אויסזאָגען״.

## נחום ראזאווסקי / די געשיכטע פון מיינע קינדער יארן

איך געדיינק, ווען איך בין אַלט געווען 6 יאָהר, בין איך שוין אַ יתום געוואָרען; און ווען איך בין אַלט געוואָרען 8 יאָהר, איז שוין מיין ספּאַלניע געווען אויפ׳ן אויווען. מיין פאָטער ע״ה האָט אונז איבערגעלאָזט ירושה אַ גרויסען גראָ־בען מחזור און אַ גוטע פּען מיט אַ טינטער, צוויי גרויסע קאַסטענס מיט תנאים און כתובות און אַ האַק. דעם מחזור און די גוטע פּען האָט מיין ברודער צוגענומען; די צוויי קאַסטענס תנאים און כתובות, און דער טינטער, איז אין דער גרויסער שרפה פאַרברענט געוואָרען, און די האַק איז פאַר מיר געבליבען.

מיין מאַמע ע״ה איז אויך ניט פאַרבליבען אָרים. זי האָט פאַרמאָגט אייגענע 8 זעק פון מעהל, און אַ פאַרוק אויף שבת, און אַ פּאַטשיילקע אויף דער וואָכען, און דורך אַ געוויסע סיבה איז ביי איהר פאַרבליבען טויבע רייכעלס אַ גאָל מעסער און אַ הייבעל, וועלכע זי פלעגט נוצען פון פריה מאָרגען צו באַדעקען די האָר, און 2 סקאָרוועדקעס — אַ פליישיגע און אַ מילכיגע, 2 שיסלען אויך צום פּאָר און 2 קאָך לעפעל — איינע אַ הילצערנע מיט 3 קאַרבען אויף יעדען זייט, און איינע אַ בלעכענע און אַ איינגעדראָטעוועטער ליאַק, און אַ קאָטשע־רע און אַ ווילקע און אַ דרייפוס.

מיין מאַמע האָט מיך זעהר ליעב געהאַט מחמת איך בין געווען איהר מוזיניק, און זי האָט מיך געהאַלטען פאַר אַ קלוגען.

ויהי היום, דאָס איז געווען פרייטאָג, זיץ איך אויף דער גרויסער באַנק, וואָס איז געשטאַנען לעבען טיש, און מיר דוכט זיך אַז איך זיץ ביי הערצקען אין זאַל. די בלאָטע פון אַ גאַנצע וואָך איז שוין ניט געווען, מיין שוועסטער האָט דאָס אויסגעקראָבעט מיט אַ רידלויקע און האָט באַשאָטען מיט געלען זאַמד וואָס איך האָב געבראַכט פון גלח׳ס בארג. די לייכטער זיינען שוין געשטאַנען אויפ׳ן טיש אויסגעשייערטע, די פענסטער זיינען געווען באַהאָנגען מיט פאָרהאַנגען, פון פּאַפּיראָס פּאַפּיער, מיט אַלערליי שניצאַכץ, דער טשאָלענט און דער געדראָטעוועטער ליאַק איז שוין געשטאַנען אין אויווען, דער אויווען איז געווען פאַרמאַכט מיט אַ זאַשלינקע, און אַרום זאַשלינקע איז געווען באַלייגט מיט נאַסע טיכער, אַ געשמאַקער וואַרעמער דוך האָט זיך געהערט פון אויווען, און די בולבעס פון טשאָלענט האָבען זיך שוין אָנגעהויבען פרעגלען. איך האָב אָנגעטאָהן מיין וואַטעווע קאַפּאָטע און די היטעל מיט דער דענקע, און איך בין אַוועק אין שוהל הערען דעם חאַמסקין חזן, ווי ער זינגט השכיבנו. איך האָב זעהר פיעל פאַרגעניגען געהאַט. איך בין געקומען אהיים, אָפּגעזאָגט שלום עליכם, און איך האָב זעהר פיין פאַרבראַכט, ביים טיש אָפּגעגעסען אַ גוטע וועטשערע און איך בין אַוועק שלאָפען. נאָר אַזוי ווי איך האָב זיך געשטעלט אויפ׳ן טאַברעטשיק איך זאָל קענען אַרויפקריכען אויף דעם אויווען, האָב איך דערזעהן אַז איך האָב ניט מיט וואָס אויסבעטען זיך, מחמת

דער אויוועז איז געווען זעהר הייס. מיין מוטער ע״ה האָט דערזעהן אַז איך שטעה און קלער, זאָגט זי צו מיר: וואָס לייגסטו זיך ניט שלאָפען? זאָג איך צו איהר: דער אויוועז איז זעהר הייס און איך האָב ניט וואָס אונטערצולייגן אונטער דער זייט. זאָגט זי צו מיר: הער מיין זוהן, אַזוי ווי איך האָב 8 זעק און איך נוץ זיי מעהר ניט, גיב איך דאָס דיר אַוועק, מיין זוהן, אַלס פּרעזענט. 5 זעק האָב איך אונטערגעלייגט אונ־טערן זייט און 3 זעק צוקאָפּענס, און ווען דער אויוועז איז ניט געווען הייס, פלעג איך אָפּ׳גנב׳ענען פון צוקאָפּענס אַ זאַק און איך פלעג זיך צודעקען.

ויהי הלילה, דאָס איז געווען דאָנערשטאָג, שלאָף איך מיר אַזוי געשמאַק, און עס חלומ׳ט זיך מיר אַז די באָד ברענט, און איך זעה ווי אונזערע פּאָזשאַרנע קאָמאַנדאַ, באַ־שטייענדיג פון די באַוואוסטע נעמען, ווי סטויקעלע און דאַנעס, און פרינציז דער בלינדער און פּאַביאַן שטייען מיט די פּאָזשאַרנע אינסטרומענטען און אָרודיוועז איבערן פייער; און דער פייער טהוט זיך דאָס זייניגע, ווייל די סטייפּ־צער פּאָזשאַרנע באַשטעהט פון 2 קרוקעס מיט אַ פּעסעל וואַסער, מיט איין פּאָזשאַרנע קישקע; איז ביז מען פלעגט דאָס ברייננגען צום פייער, פלעגט שוין אָפּברענען אַ האַלבע שטאָט. און איך זעה ווי ידידיה לויפט איבער די גאַסען און שרייט, עס ברענט, עס ברענט. און איסר בינימין לייב׳ס לויפט אין די גויאישע גאַסען און שרייט פּאָזשאַר, פּאָזשאַר, און טעז:עלע שבת קלעצעלע און שבת טר־טר־טו זיצט מיט לייזער משה׳ן ביי זישע ברייַנעס אויפן פּריזבע, האַלטען צו קוכען אין די הענט און זינגען „מי דראליסאַ, זאַטאַבוי״. דער אוראַדניק האָט דערזעהן אַז איך שטעה און טהו גאָרנישט, האָט ער אַנגעהויבען שרייען צו מיר: „טשאָ טי, דורען, טשאָמו טי ני פּרינעשעס וואָדו״. בין איך געגאַנגען זוכען אַ עמער. גייענדיג, האָב איך דערזעהן אַז גאַנץ שטייפּץ ברענט. האָב איך אָנגעהויבען שרייען מיט אַ פאַרשטיקטען קול: וואָס שטעהט איהר אַלע ווי די גלומפּען? שרייענדיג האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. איך גיב אַ קוק און איך זעה אַז שטייפּץ ברענט גאָר ניט,עס ברענט גאָר מיין זייט. האָב איך זיך אָנגעהויבען ראַטעווען. איך האָב אַרויסגענומען די 2 זעק פון צוקאָפּען, און דעם זאַק וואָס איך האָב זיך צוגעדעקט, און איך האָב זיי אונ־טערגעלייגט אונטערן זייט. אָבער עס האָט נאָך אַלץ געברענט.

איך האָב געמוזט אויפשטעהן און האָב גענומען באַקוקען פון וואַנען דער אומגליק איז געקומען. איך גיב אַ קוק — מיין שוועסטער שטעהט ביים אויוועז און באַקט לאַטקעס. זי האָט אַריינגעלייגט אין אויוועז 10 גראָבע שייטלעך האָלץ און האָט זיי אונטער געצונדען. דער פייער האָט זיך גענומען הויבען העכער און העכער ביז וואַנען מיינע זעק האָבען אָנגעהויבען ברענען.

# ד״ר זייפערט / סטויבעץ ווי איך געדענק זי

אַ שטעטעלע אַ שייַנינקע, אַ בלאָטע ניט קיין קלייַנינקע,
מיט הייזער, גאַסען, מאַרק און מיט אַ טייך.
מיט שיינקען, קראָמען. פייַנינקע, אַ מקוה ניט קיין רייַנינקע.
און גבירים וועלכע זייַנען גאָרניט ו״ייך.
אַ הויכע שוהל אַן אַלטינקע און שטענדיג איז דאָרט
קאַלטינקע.

און דער בית־המדרש איז דאָרט האַרט דערביי.
אַ הקדש מיט דלפונים׳לאך — בית־עולם מיט קרבנים׳לאך.
און שדים, מתים, לעבען זיך דאָרט פריי.
און יאַטקעס מיט קצבים׳לאך, מיט גרויסע און קליינע
כלבים׳לאך.

און אַ טייך וואו ס׳בויען זיך די באַטען.
אַ תלמוד־תורה מיט אַ קלויז, וואו קינדער לערנען זיך נאָר אויס
שילטען זיך אין זייער טאטענ׳ס טאַטען.
אַ געלער קלויסטער מיט אַ גלאָק — אויך האָט
זי אַ קהל׳שען באָק,

און אַ צעך מיט פיעל בעל־מלאכות,
בעלי־בתים מיט גרויסע בערד — בעלי־העגלות
מיט דאַרע פערד.
עסען האָבען זיי אַלע אַ קדחת.
די סטאָלאַרעס מאַכן אַ טיש
און אויך שטוהלען, נאָר ס׳איז ניט צום זיצען.
איטשע תנחומ׳ס שטראָפט דעם נאַראָד, מאָליע
הערצקעס געהט אין באָד
אָבצוקיהלען, אָבער ניט צום שוויצען.
און הירשעל מאלבין קויפט אַ וואַלד, און מיישקע
כוואָלעס מאַכט אַ גוואַלד
ס׳איז ניט ערליך, ער וועט איהם בעשווינדלען.
און אַ יונגע שעהנע בתולה לויפט צום רבי׳ן נאָך אַ סגולה,
ס׳ווילט זיך איהר שוין אָנפאַנגען צו קינדלען.
שבת הגדול טראָגט זי מעהל, ניסעל אפּרויקעס שינדט די פעל
און רובע עטעס פיהרט שוין אַ פאַרשוין.
וועלוועל שיינעס האָט ווי תמיד אָבגעדאַווענט פאַר דעם עמוד,
און היישקע רייסט נאָך יעדען אויס די ציינהן.
דוד דער קברן אויף די באַטעס, שלעפּט די
שטעטעלס גאַנצע בלאָטעס.
און פּאַביאַן פיהרט נאָך אַלץ געלען זאַמד.
היישקע לייבעלע׳ס נתפעלות דערצעהלט אויס אַלע
זיינע מעלות,
און פיהרט צוזאַמען אַ וואַנד מיט אַ וואַנד.
אידלאך לויפען אויף קבר אבות, בוקע טרייבט
נאָך אַלץ קאַטאָוועס,
און יאנצור פאַרקויפט נאָך אַלץ פרישע העכט.
ס׳וויל ניט זיצען ישראל אכקעס, שלאָמע דרעהט
זיך לעבען ראַכקעס.
און חאַשקע שפּילט נאָך אַלץ אָפּ גאַנצע נעכט

חיים־איטשע מאַכט גאָרען־פּורים, אינגלאַך קלאַפּען
המן—פּורים,
און בערקע באַקט ברויט און חלה.
וויבער באַקען, מאַכען טייגלאַך, שבועות היינגט
מען אויף די פּייגלאַך,
ברײנע זלאַטע מינעס ווערט אַ כלה.
און די שטעטעל געהט און געהט זיך, און דער
עולם לאַכט און פרייהט זיך,
בעגריסען יעדען גאַסט ברוך־הבא.
יעדער איז דאַך רייך ווי קורח, ברײנגט מען אויף איין אורח.
ווייל עסען איז דאַך סיי ווי סיי ניטאָ.

און די טעג זיי לויפען, פליהען, און די יאָהרען
שוועבען, ציהען,
ציהען, הויפען, פליהען ביז צום ברעג.
און דער לעבען האַלט אין שוועבען, ברײנגט
זכרונות אין דעם לעבען,
די צייט זי געהט, בלייבט ניעמאַלס שטעהן אין וועג.
אין דער שטאָדט בין איך געבאָרען. פערבייגעלאָפען פיעלע
יאָהרען.
אַ זיסער חלום ווען איך גיב אַ בליק.
אַ שטעטעלע. אַ שײנינקע, — אַ בלאָטע ניט קיין קליינינקע.
און אימער ווילט זיך דאָרטען זיין צוריק.

## א יידישע לאנדסמאנשאפט לעזט זיך אויף נאך 60 יאר שיקט אפ אירע ספרי־תורות קיין ישראל

די סטויבצער לאַנדסלייט, מיטגלידער פון דער „חברה אגודת אחים אנשי סטויבצ״, האָבן נאָך אַ לאַנגן באַטראַכטן זיך באַשלאָסן צו פאַרענדיקן די עקזיסטענץ פון זייער חברה, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק אַלט געוואָרן זעכציק יאָר.

אין דער געשיכטע פון די הונדערטער קליינע לאַנדסמאַנ־שאַפטן אין אַמעריקע, וועלן די סטויבצער האָבן אַריינגע־שריבן זייער אייגענעם שענעם קאַפּיטל.

די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1891. אין פאַרלויף פון די זעקס צענדליג יאָר וואָס זי האָט עקזיסטירט איז שווער צו געפינען אַ יידישע ווילטעטיקייט, אין וועלכער די סטויבצער האָבן ניט אַנטייל גענומען און בייגעשטייערט מיט דער ברייטער האַנט. ווען אַזאַ אָרגאַניזאַציע באַשליסט צו שליסן אירע ביכער און אירע טירן און זאָגן אַז זי עקזיס־טירט ניט מער, וואָלט עס סיי ווי געווען אינטערעסאַנט צו כאַפּן אַ בליק אויף דעם אָפּשלוס פון אַ יידישער אָרגאַניזאַציע נאָך זעכציק יאָר אָבער די סטויבצער האָבן באַשלאָסן זיך אויפצולייזן אויף אַ באַזונדערן שענעם אופן, און עס איז דער־פאַר ווערט צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם אונטערגאַנג פון אַט דער לאַנדסמאַנשאַפט.

נאָך דעם ווי די סטויבצער האָבן איינגעזען, אַז עס איז ענדלעך צייט פאַר זיי אויפצוגעבן זייער חברה, האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצושיקן די פיר פאַרבליבענע ספר־תורהס צו זייערע לאַנדסלייט אין ישראל, וועלכע זענען דאָרט אָרגאַני־זירט אין דער „חברה גמילות חסד אנשי סטויבצ״ אין תל־אביב. דאָס וועלן זיי טאָן צוזאַמען מיט די „יונאַיטעד סטויב־צער פאָוסט־וואָר רעליף קאָמיטע״, וועלכע איז אַן אָפּטיילונג פון אַ גרעסערער אָרגאַניזאַציע, וואָס רופט זיך „די אינדעפּענ־דענט סטויבצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן״.

אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס״ איז געקומען איינער פון די צוויי לעצטע פאַרבליבענע מיטגלידער פון דער חברה, וועלכע האָבן אונדז דערציילט די דראַמאַטישע געשיכטע פון דער עקזיסטענץ און פון דער אויפלייזונג פון דער חברה.



פון רעכטס: אברהם בורג, יעקב, אירווינג און אַזאַ סטאַטס, אירווינג קאַמאַק ז״ל, קאַרל היימאַן ז״ל

מר. קאַרל היימאַן, פון 209 איסט 165טע סטריט, בראָנקס, איז אַ געבוירענער פון דעם שטעטל סטויבץ, אַמאָליקע מינסקער גובערניע. ער איז אין אַמעריקע אַ יאָר זעכציק, און איז אַ מיטגליד אין דער חברה 58 יאָר. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז היינט אַ מאַן פון 82 יאָר, פילט ער זיך נאָך ביים בעסטן געזונט, איז צוזאַמען מיט זיינע זין אין די פּלאַסטיק־ביזנעס און איז פאַר די לעצטע פערציק יאָר טעטיק צווישן די סטויבצער אַלס דער גבאי פון די חברה קדישא.

די לעצטע יאָרן, דערציילט מר. היימאַן, האָט זיך אַלץ מער און מער געוויזן, אַז די חברה האָט שוין באַלד אינגאַנצן ניט צוליב וועמען צו עקזיסטירן. עס זענען אין דער „חברה אַגודת אחים אנשי סטויבץ” פאַרבליבן לעצטנס אינגאַנצן אַכט מענער און עטלעכע אַלמנות. עס איז שוין מער ניט געבליבן ווער עס זאָל אָפּהאַלטן אַ מיטינג. אָבער ענדלעך האָט מען זיך דאָך צונויפגערעדט און אָפּגעמאַכט אַויסצוהויכן די נשמה פון דער חברה.

קליין ווי די אָרגאַניזאַציע איז, האָט זי נאָך פונדעסטוועגן אַן אָנגעזאַמלט שטיקל פאַרמעגן פון די בעסטע יאָרן. אַחוץ די פיר ספר־תורהס, וואָס זענען פאַרבליבן אין שולכל פון די סטויבצער, איז נאָך אויך פאַראַן אַרום פינף טויזנט דאָלער אין קעש, און איבער 120 יאָר, ווען די לעצטע מיטגלידער וועל'ן שוין זיין אויפן בית־עולם פון דער חברה, וועלן נאָר פאַרבלייבן איבעריקע אַכצן קברים. מר. היימאַן איז איצט באַזאָרגט, אַז אַחוץ די פיר ספר־תורהס זאָל די חברה אויך אַוועקשיקן קיין ישראל ווייניקסטנס צוויי טויזנט מיט 500 דאָלער אויף צו בויען דאָרט אַ הויז פאַר סטויבצער לאַנדסלייט.

די אַכט גרינדער פון סטויבצער חברה מיט זעכציק יאָר צוריק זענען געווען: שמואל טוניק, דער פאָטער פון דעם שפּעטער באַקאַנטן דאָ צווישן דער יידישער אינטעליגענץ, מאָריס סמעטס, נעיטען פּרייס, דעיוויד רוסאַק, הערי ברוקס, בערל און בנימין רודיצקי און אברהם בערמאַן.

די גרעסערע אָרגאַניזאַציע די „אינדעפּענדענט סטויבצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן”, וועלכע באַשטייט אייגנטלעך פון מערסטנס אַמעריקאַנער געבוירענע פון סטויבצער עלטערן, איז אַן אָרגאַניזאַציע פון 370 מיטגלידער, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן נייניציק אַלמנות. דער טשערמאַן פון דער רעליף קאָמיטע פון דער אָרגאַניזאַציע. מר. אירווינג קומאַק, האָט פיל געהאָלפן צו אָראַנזשירן דאָס אַריבערשיקן די ספר־תורהס קיין תל־אביב.

# מרדכי מכטיי / ר' יוסף ישעיהו כהן (יוסל־שעיה המלמד)



ר' יוסף ישעיהו כהן

בא לסטויבץ בגיל מבוגר, נקשרה נפשו בה ועד ימיו האחרונים במרחקים חשב עליה ודאג לה. נולד במיר לערך בשנת 1842. מצד אביו נמנה על משפחת הש"ך (מחבר הפירוש שפתי כהן על „יורה דעה”). בגיל 5 נתיתם מאביו, שנקטף בדמי ימיו, יחד עם אחותו הצעירה, אמי ז"ל, עבר לבית סבו, אבי אביו, ואצלם הם גדלו עד אשר התבגרו והקימו משפחות. הוא קיבל חינוך מסורתי כפי שהיה מקובל בימים ההם, בחדר ובישיבה. הוחבה לעבור על פרשת השבוע וההפטרה בכל יום ששי אחרי הצהרים כבר הכניסה אותו לעולם המקרא, והשפיעה עליו במאוד עד שבמקביל ללימודי תלמוד ופוסקים התחיל לקבוע גם עתים לתנ"ך ונקשר אליו בכל נימי נשמתו.

כשהגיע לפרקו התחתן עם בת אברהם אינזלבוך (אברהמ'ל מוציחס). כשנגמרו שנות המזונות (קעסט) על שולחן חותנו באין רבנות פנה למלמדות. בעיקר לימד גמרא וגם תנ"ך, אולם בכל נפשו השתדל להחדיר ללב תלמידיו אהבה לספר הספרים, והוא הסתגל מהר לחיי העיר והתאקלם בה.

כשהופיע ד"ר הרצל עם ספרו „מדינת היהודים” הצטרף למחנה הציוני והיה פעיל בעבודה ציונית. בכתביו שקיבלתי אחרי פטירתו מצאתי רשימת אבל על הרצל. הוא מייחס להרצל תכונות הנביאים ישעיהו, ירמיהו, ומשאו של יחזקאל על העצמות היבשות. בשנת 1910 היגר לדרום אפריקא במקום שנמצאו כל בניו. בחליפת מכתביו עם אחי אהרון הי"ד בולטת דאגתו וכמיהתו לסטויבץ. בשנת 1916 נפטרה אשתו ועד יומו האחרון היה סמוך על שולחן בניו. לא היתה לו שפה משותפת עם בניו שהיו רחוקים מחייו הרוחניים ומובן מאליו שקשה היה לו להידבר עם נכדיו שנולדו באפריקה. לפיכך בילה רוב ימיו, כ־18 שנה בהבעת רעיונותיו בכתב רובם על נושאים יהודיים. חלק הארי מכתביו מהווה מילון יידי־עברי המשתרע על 84 עמודים ושלושה טורים בכל עמוד. המלון מתחיל באות א' ונגמר באות ש', היות שביידיש אין האות ת מצויה אלא במלים עבריות. בכתביו מצאתי הרבה אמרות המראות על מחשבתו הצרופה והבהירה הלשון־רכה אבל דוקרת כחנית, אמרות שנונות למאות השאיר אחריו.

נפטר בשנת תרצ"ה — 18.11.1934.

# צו אלע געוועזענע סטייפּצער אידן!

אין שווערע מאָמענטן פאַרן יידישן פאָלק, אין אַ צייט פון מאַראַלישע ערנידערונג און פולשטענדיקע מאַטעריעלע רויני־נע, ווען דער ווילדער אַנטיסעמיטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען איז געוואָרן דער הויפּט הערשער אין טאָג טעגליכן לעבן, ווענדן מיר זיך צו אייך, אונזערע ברידער מעבר לים, געוועזע־נע סטויבצער אידן, צו העלפן אונז אין דער שווערער אַרבייט. וועלכע מיר האָבן אויף זיך גענומען אויפשטעלן אַ בנין פון אונזער „תרבות״ פאָלקס־שול, וועלכע איז נאָך דער איינציקער ליכטיקער שטראַל אויף דעם שטאַרק פאַרנעבלטן האָריזאָנט פון אונזער געזעלשאַפטליכן לעבן אין סטויפּץ.

שוין 16 יאָר ווי ס׳עקזיסטירט ביי אונדז די „תרבות״ פאָלקס־שול, אַ דאַנק וועלכער העכער 250 יידישע קינדער באַקומען אַ מאָדערנע וועלטלעכע און נאַציאָנאַל־ווירדיקע דערציונג שאַפט אַ פּראָדוקטיוו־שעפערישן און פאָלקס־טרייען יונגן דור, ערצויגן אויף די יסודות פון אונדזערע אַלטע קולטור־ווערטן און טראַדיציע. דער לאָקאַל אין וועלכן די שולע האָט זיך געפונען ענטשפּרעכט נישט די מאָדערנע היגיענישע פאָדערונגען און לויט אַ פּעראָרדענונג פון דער שולמאַכט מוז אומבאַדינגט אויפגעשטעלט ווערן ווערן אַ נייע געביידע. אין געגנפאַל דראָהט מיט צומאַכן די שולע, מיטן אָפּנעמען דאָס רעכט פון לערנען און ערציהען דעם יונגן אידישן דור אין סטייפּץ לויט אונזער נאַציאָנאַלן איינזעהן. און נאָכמער, דאָס וואָלט באַדייט צונעמען די מעגליכקייט ביי הונדערטער אידישע קינדער צו באַקומען עלעמענטאַרע ביל־דונג וועלכע איז היינט צו טאָג אַפילו אומבאַדינגט נויטיק צו אַ ווייטערע פאַך־אויסבילדונג. דאָס וואָלט באַדייט פאַר־גרעסערן די צאָהל אַנאַלפאַבעטן, ווייל צוליב די הערשענדע טענדענצן איז דאָס לערנען פון אידישע קינדער אין אַ רע־גירונגס־שולע ממש אַ גיהינום.

מיר פילן די גרויסע מיסיע, וועלכע מיר האָבן אויף זיך גענומען. מיר האָפן צו פירן אונדזער ווערק געמיינזאַם. ביי דער באַטייליקונג פון אַלע געוועזענע סטייפּצער אידן, וואו זיי זאָלן זיך יעצט נישט געפינען, ווען די אַלטע היים איז נאָך אַ ביסל טייער און ווילן מיט זייערע שפּענדונגען אָנטייל נעמען אין אויפשטעלן דעם גרויסן ווערק.

מיר מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, זשאַלעווען נישט קיין צייט און ענערגיע פאַר דער הייליגער אַרבייט. אָבער ענטרעכטעט, פאַרזאָרגט און פאַראָרימט, אויסגעריסן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס שטעהט די סטייפּצער אידישע באַפעלקערונג מאַכטלאָז און שוואַך פאַר אַזאַ אויפגאַבע. ס׳קענען נישט גענוג זיין די שפּענדונגען אַפילו ביי דער מאַקסימאַלסטער אָנשטריינגונג פון אַלע אָרטיגע יידן, און דעריבער איז אונזער בליק געווענדעט צו אייך. געוועזענע סטייפּצער אידן, וועלכע האָבן שוין נישט איינמאָל אַרויסגע־וויזן אַזוי פיל פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל לגבי די געפּיי־ניגסטע און פאַרפּאָלגטע ברידער און נישט איינמאָל אַרויסגע־האָלפן זיי אין אַ צרה, איהר זאָלט אויך דאָס מאָהל פאַרשטעהן די וויכטיגקייט פון דער זאַך, אַקטיוו אונז צו העלפן און שפּענדן לטובת דעם בנין. די הילף איז דרינגענד נויטיג און מוז וואָס שנעלער קומען, זאָל קיין איינער פון אייך נישט פעהלן אין דער רשימה פון די בויער און יעדער זאָל צולייגן אַ האַנד צום גרויסן ווערק פון אויפשטעלן אַ בנין פאַר אונזער „תרבות״ פאָלקס־שול.

געלדער שיקן אויף דעם אַדרעס פון איינעם פון די פאָלגענדע פערזאָנען:

ברקו טוניק, ווילנסקה גאַס, אָדער פייבל נויפעלד, אָדער אויפן אַדרעס פון קאַסירער אליאש חיניטש, פּלאַץ קאָסציעלני.

דער קאָמיטעט:

זאב טוניק
אלי׳ חיניטש
דב בר חיים טוניק
פייווע בר׳ דב נייפלד
יצחק בר׳ עזור ברנשטיין
שמעון קיטאיעוויץ
אבא באגין
יהודה ליב רודיצקי
זעליג חרחורים
נחום קאנטאראוויטש
חיים אפשטיין
געצל רייסער
דוב ברוכנסקי
תנחום שולקין
דב משה רייסער
שמואל בר׳ יעקב קומאק

סטויבץ 12 פעברואר 1938.

# זלמן שזר / איך קער זיך אום

איך קער זיך איצט אום
פון מיין פיין אַ באַגליגטער...
מיר האָט זיך באַוויזן,
ווי אַ יורש פון ריזן,
מיין דעמב — אַ צעפּליקטער
וואָס ציטערט אין שטורעם,
פאַרבלוטיקט און שטום
און באַזונט פון יסורים.

אין פאַר־יתום׳דיקן שווייגן
קראַכן מעכטיקע צווייגן,
ווען עס רייסט זיי און שינדט
פון זיין קערפּער דער ווינט.

די אין ליבשאַפט געהיטע —
אשר טפּחתי ורביתי!
פאַרלאַכט און באַשמוציקט
פאַרשווונדן געשווינט.

צאַפּלט נאַקעט־פאַרטראַכטער
מיין דעמב דער פאַרלאַכטער,
פעלן צווייגן? פוילט אַ שורש?
אָבער פון ריזן אַ יורש!
אַ פאַרבלוטיקט־געבוקטער,
אַליין גלויביקער צוקט ער
און דערהויבט זיך אין שטורעם
ווי פון האָפענונג אַ טורעם.

תמוז תשכ״ב — צווישן מאָסקווע און ירושלים

# נחמן פלאַקסין ארגענטינע / לידער

### בייזע ווינטן

בייזע ווינטן, שטאַרקע שטורעמס
בלאָזן איצט אין מיין גאָרטן,
רייסן רויזן, רייסן בלומען,
אין מיין אלטער היימאַט דאָרטן.
רייסן בוימער, אַלטע שטאַמען,
ברעכן דעמבעס, אַלטע צעדער,
פאַלן, קראַכן פונעם שטורעם
אַלע בוימער פון די סעדער.
און דער ליבער, זיסער פרילינג
איז נאָך ווייט מיט זיין קומען,
און דערווייל די ווינטן רייסן
פון מיין גאָרטן — רויזן, בלומען.

### טריט פון משיח

די טריט פון משיח, איך הער זיי פון ווייטן,
משיח, ער קומט באַלד אויסלייזן די יידן,
עס קומען־אָן נייע גליקלעכע צייטן —
צייטן פון פרייהייט, פון גליק און פון פרידן.
אויף זיין אייגענעם באָדן, אייגענעם לאַנד,
אַ פאָלק ווערט ישראל, מיט לייטן צוגלייך;
ער וועט מער ניט וויסן פון אומרעכט, פון שאַנד,
יושר און שלום וועלן דאָרט פליסן ווי אַ טייך.
צדק און יושר וועלן דאָרט הערשן איבעראַל,
אמת און אחדות — אַ טעגלעכע זאַך.
דער יחיד וועט זאָרגן שטענדיק פאַרן כלל,
פאַר יעדן וועט זיין דאָרט איבערן קאָפּ אַ דאַך.
דער גלות האָט אונדז צעריסן, צעשפּליטערט,
צעטיילט אויף שפּראַכן, אידייען, פּאַרטייען,
ארץ־ישראל וועט אונדז פאַראייניקן צוזאַמען,
אַלע ווי איינער וועלן דאָס לאַנד בויען.
אַלע ווי איינער, איינער פאַר אַלע,
אַקסל צו אַקסל, האַנט ביי האַנט,
וועלן זינגענדיק שאַפן און בויען
פאַרן יידישן פאָלק דאָס יידישע לאַנד.

### יידישע שיפן

פאָרן שיפן איבער ים׳ען,
שיפן גאָרנישט ווי אַמאָל,
פלאַטערן אויף זיי פאַנען
בלוי־ווייסע פון ישראל.

פאָרן שיפן איבער ים׳ען,
שיפן גרויסע אָן אַ צאָל:
ס׳פאָרן יידן זיין צוזאַמען
מיט די יידן אין ישראל.

פלאַטערט שטאָלץ אין אַלע זייטן,
שטאָלץ די פאָן פון ישראל.
עס קומען איצט נייע צייטן
פון דעם אַלטן גאָר אַמאָל!

פלאַטערט פאַנען! בלאָזט, איר, ווינטן,
פירט מיין פאָלק צו יענעם ברעג,
וואָס מיין פאָלק שוין לאַנגע יאָרן
זוכט און זוכט צו אים אַ וועג!

האַלט פעסט, מאַטראָסן, דאָרט דעם רודער,
לאָזט אים נישט אַרויס פון האַנט:
איר פירט איצט אייערע אייגענע ברידער
אין זייער לאַנג־געגאַרטן לאַנד!

קאַפּיטאַנען, קוקט אין קאָמפּאַס,
נישט פאַרלירט דעם גלייכן וועג,
פירט די יידן, שנעל און זיכער,
צו ישראלדיקן ברעג!

פלאַטערט שטאָלץ אין אַלע זייטן
שטאָלץ זייט פאָנען פון ישראל —
עס קומען אָן בייזע צייטן
פון דעם אַלטן גאָר אַמאָל!

טרייסט אים אַלע זיינע דריקער,
טרייסט אים, בעט אים איבער שנעל —
איר האָט פון אים גערוסן שטיקער,
זיין זון וועט איצט שוין לייכטן העל.

טרייסט אים דאָפּלט פאַר זיין ליידן,
פאַר זיין פאַלן שוין פיל מאָל;
טרייסט אים, העלפט אים אויפצובויען
זיין אייגן היים אין לאַנד ישראל!

**נחמו, נחמו, עמי**

טרייסט מיין פאָלק דעם שטאַרק־געפּלאָגטן,
טרייסט אים, ווינטשט אים איצט פיל גליק!
טרייסט מיין פאָלק דעם שטאַרק־געפּלאָגטן,
אין זיין לאַנד ער קומט צוריק.

אַ זון אַ ליכטיקע מיט גאָלדענע שטראַלן
גייט־אויף אין ישראלס לאַנד,
ער וועט מער נישט זיין געפאַלן,
מער נישט וויסן פון קיין שאַנד.

# צוויי סטויבצער גאלדערנע חתונות

„סטויבץ אונדזער שטעטעלע, אַפּנים אַז דער שונא האָט געמוזט זיין זייער שטאַרק און אכזריותדיק, אויב ער האָט דיך געקאָנט פאַרניכטן״.

ווען אונדזער שטעטעלע וואָלט נאָך עקזיסטירט, וואָלטן מיר דערלעבט אַ סך גאָלדערנע חתונות, אָבערליידער האָט די מערדערישע האַנט אַלץ חרוב געמאַכט. איצט איז ביי אונדז יעדער זאַך אַ ווונדערליכע ערשיינונג. די לעצטע פּאָר יאָר האָבן מיר דערלעבט צו פייערן פון דערוווייטנס 2 גאָלדערנע חתונות ביי אונדזערע לאַנדסלייט מעבר לים.

די ערשטע ביי לייבצע נייפעלד (דער זון פון בערע און שימקע) אין יאָהאַנעסבורג (אַפריקע). די צווייטע חתונה אין אַמעריקע ביי סעם גינזבורג, פון דער היים היישקע אינזעלבוך (דער זון פון קלמן און חנה לאה).

מיר אַלע ווינטשן זיי געזונט ביז 120 יאָר.

ארגון יוצאי סטויבץ בישראל



לייבצע און הינדה נייפעלד, יאָהאַנעסבורג



גיטל און סעם גינזבורג, ברוקלין

# ספר סוורז'נה

## (נובי־סוורז'ן) רוסיה הלבנה




לוח הזכרון במרתף השואה על הר ציון ירושלים

# תוכן

# האזכרה הראשונה לקדושי סוורז'נה -

לא ישחקו עוד ילדים יהודיים בחול חוצותייך
ולא יודלקו נרות לכבוד השבת בבתיהם
לא ישירו ולא יעלוזו נערים ונערות בשדותייך
כי הושמדו על ידי הגרמנים ועוזריהם.

אד"ש.



הפתיחה — נואם א. ד. שקולניק



הקהל באולם

# ט"ו חשון תשי"ד - 1953 בתל־אביב



**„אל מלא רחמים" בערב הזכרון**

משמאל לימין: ח. גולדין, י. צלקוביץ, מ. פרוטס, א. ד. שקולניק ש. שוורץ, י. שמושקוביץ, י. ד. לכוביצקי, ש. רזניק



**חברי המערכת**

ש. רזניק, י. צלקוביץ, א. ד. שקולניק, מ. יוסילבסקי



יוסף תקוע, מצאצאי סוורז'נא, בנה של דבורה ברכות (טיקוצינסקי) ונקרא בשם אבי אמו ר' יוסף ברכות ז"ל, שהיה מתושבי סוורז'נא ואחד מנכבדי העיירה. ר' יוסף ז"ל נשדד ונרצח בדרך, בנסיעתו מסוורז'נא למינסק בשנת 1916 בימי מלחמת העולם הראשונה. יוסף תקוע הנהו אחד מהדיפלו־מטים הצעירים המוצלחים ביותר. מילא תפקידים חשובים בשירות המדינה: בתור חבר ועדת שביתת הנשק הישראלית—ירדנית וכנציג ישראל באומות המאוחדות, היה גם שגריר ישראל בבראזיל וכעת הוא שגריר ישראל בברית המועצות.

# ראובן ספעראנס / מיין געבורט־שטעטל סווערזשנא*

אין מינסקער גובערניע,ביים טייך ניעמאַן, איז געלעגן מיין קליין שטעטל סווערזשנא, מיט אַ 115 יידישע הייזער. אין מיטן שטעטל איז געווען דער מאַרק מיט שיינע געמויערטע קראָמען. פון איין זייט מאַרק איז געווען דער רוסישער קלויסטער, מיט אַ פראַכטפולן גרויסן סאָד, וואָס האָט פאַרשמעקט דאָס גאַנצע שטעטל. פון דער צווייטער זייט איז געווען אַ פוילישער קלויסטער. הינטער אים — אַ שיינע אָזשערע, מיט הויכע שיינע ביימער. אַרום די צוויי זייטן פון דער אָזשערע זענען געשטאַנען וואַסער־מילן.

די אַנדערע צוויי זייטן פון מאַרק זענען געווען פאַרבויט מיט יידישע שיינע אַריינפאָר־הייזער, שענקען, תבואה־לאַגערן. אין אַלע 4 עקן שטאָט זענען געווען גרויסע אַריינפאָר־הייזער מיט ריזיקע קרעטשמעס. אין מינסקער גאַס, הינטער דער שטאָט, האָט זיך געצויגן איבערן טייך ניעמאַן אַ לאַנגער הילצערנער בריק. דער בריק איז געווען דער שליסל פון מאָסקווע־מינסק־ברעסט ליטאָווסק־וואַרשע איידער די אייזנבאַן איז געבויט געוואָרן. מען דערציילט, אַז ווען נאַפּאָלעאָן איז געגאַנגען אויף מאָסקווע און צוריקגעלאָפן פון דאָרט, האָט ער ניט געהאַט קיין אַנדער וועג, ווי צו גיין דורך שווערזנא און זיינע סאָלדאַטן זענען געפאַלן ווי פליגן.

ווי אויבן געזאָגט, האָט דאָס שטעטל געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען מיט די גרויסע שטעט, פון וואַנען עס האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען מיט סחורה פון מאָסקווע־מינסק קיין וואַרשע. סוחרים, קאָמיסיאָנערן, וואָיאַזשאָרן האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן אין אונדזער שטעטל און אַלע קרעטשמעס זענען געווען פול. ווינטער פלעגט מען אַרויספירן פון די וועלדער געהילץ, און זומער פלעגט מען עס שיקן דורכן ניעמאַן קיין קעניגסבערג, אין דייטשלאַנד.

די באַלעבאַטים זענען געווען רייך, אַלע ווילגעלערנטע, פרומע. געוויינלעך האָט מען גענומען איידעמס אויך ווילגעלערנטע, פרומע. אַזוי ווי איין חברה משניות איז געווען פון די אויסגעקליבענע למדנים. האָט זיך געגרינדעט נאָך אַ חברה משניות. מען דערציילט, אַז איין מאָל, שמחת־תורה, איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן די ביידע חברות, און איינער פון די באַוווּסטע באַלעבאַטים, ר׳ ישראל ליפשיץ ע״ה האָט אויף מאָרגן, נאָך שמחת־תורה באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ באַזונדערן בית־מדרש. וכך היה. ער האָט אויסגעבויט אַ נייעם בית־מדרש און האָט אַוועקגענומען די אַלטע חברה משניות צו זיך און ער אַליין האָט אויסגעהאַלטן די נייע שוהל.

אין 1874 איז אויסגעבויט געוואָרן די באַן־ליניע מאָסקווע־בריסק. דער פאַרקער מיט פערד איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַראָרעמט געוואָרן, און די קרעטשמעס זענען פוסט געבליבן. אייניקע זענען פאַרברענט געוואָרן, אַנדערע האָט מען איבערגעבויט אויף וווין־הייזער. די איינציקע באַשעפטיקונג וואָס איז פאַרבליבן, איז געווען וואַלדוועזן.

די שטאָט איז טאַקע פאַראָרעמט געוואָרן, אָבער ניט אין תורה. פיל רבנים און מגידים האָט דאָס שטעטעלע אַרויסגעבראַכט. אייניקע פון זיי, ווי הרב יוסף ראָזען און הרב ישראל סווערנאָווסקי, זענען אויף דער עלטער געקומען קיין אַמעריקע.

איינער פון אונדזערע שטאָט־גאונים איז געווען ר׳ אליהו דער דיין, וועלכער פלעגט טאָג און נאַכט זיצן אין בית־המדרש איינגעהילט אין טלית און תפילין און לערנען. זיין הכנסה איז געווען, וואָס יעדן פרייטיק פלעגט אַ מלמד צונויפקלייבן אין שטעטל קאָפּיקעס פאַר אים און זיין פאַמיליע. ראש־השנה פלעגט ער דאַווענען אין שוהל מוסף, און ווען ער פלעגט אַרויסזאָגן מיט אַ הויכן באַסאָווון קול „הנני העני ממעש״ האָט זיך געדוכט, אַז די ווענט טרייסלען זיך פאַר מורא.

ווי געזאָגט, איז דאָס שטעטל געווען אַ געלערנטע און זייער אַ פרומע; מיט אַמאָל האָט זיך די לאַגע געביטן. ווען קייזער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געוואָלט פאַרשפרייטן בילדונג צווישן די יידן אין רוסלאַנד (אין 1875־76) האָט ער אַלע שולעס און גימנאַזיעס געעפנט פריי פאַר די יידן. האָט זיך געפונען איינער, אַ ווילגעלערנטער, אַ ביסל אַ פרייגעזאָננער, אַ שטיקל דיפּלאָמאַט, ר׳ נתן מינקער, און האָט אַרויסגענומען זיינע צוויי זין פון דער ישיבה, און זיי אַוועקגעשיקט אין דער סלוצקער גימנאַזיע. מען קאָן זיך פאָרשטעלן דעם צאָרן און האַס, וואָס מ׳האָט אויף אים געטראָגן.

גלייך נאָך אים האָט אַ צווייטער באַלעבאָס, ר׳ הירש פריידין, אַוועקגעשיקט זיין איינציקן זון שטודירן, און ער האָט טאַקע געענדיקט מיט אַזוינע אויסצייכענונגען, אַז דער קיי־

---

* געווען געדרוקט אין „טאָג״, ניו־יאָרק אין יוני 1946.

זער אַליין, אַלעקסאַנדער דער דריטער, האָט אים באַוויליקט אַ רעגירונגס־שטעלע אַלס אינזשינער, און ער איז דערמיט געווען דער איינציקער ייד אין רוסלאַנד. אין יענע צייטן זענען אַלע צייטונגען געווען פול וועגן אים. נאָך אים זענען אַוועק צוויי ברידער פון דער פאַמיליע גרונדפעסט, און האָבן געענדיקט אַלס פּראָוויזאָרן. נאָכדעם האָט אַ געוועזענער שרייבער אין דער „אופּראַווע" אַוועקגעשיקט זיין זון אין גימנאַזיע, דאָס איז געווען ר' אברהם נח שוואַרץ, און דער זון האָט געענדיקט אַלס „וואָיעני דאָקטאָר".

עס איז אַזוי ווייט אַוועק, אַז דער אַלטער פרומער חזן, וואָס איז געווען 50 יאָר חזן אין שטעטל, האָט דערלעבט 3 אייניקלעך גימנאַזיסטן, און זיי פלעגן קומען אַהיים זומער אויף וואַקאַציע אין די מונדירן, און קומען שבת אין שוהל מיטן אַלטן זיידן. אַפילו ביי דעם „ליכטציער" (דאָס איז מיין פאָטער ע"ה), וואָס פלעגט פאַרקויפן ליכט אויף שבת, זענען אַוועק פון דער ישיבה צוויי זין אין גימנאַזיע. פיל אַנדערע זענען אַוועקגעפאָרן שטודירן אין אַנדערע שולעס. זומער־צייט האָט געזרוישט אין שטעטל פון סטודענטן, גימנאַזיסטן, „גאָלדענע קנעפּ", „זילבערנע קנעפּ", און קאָקאַרדעס. דאָס שטעטל, מיט די גרויסע למדנים, האָט טאַקע אויף דעם געקוקט זייער קרום, כאָטש די יונגעלייט, אין זייער וואַקאַציע־צייט האָבן זיך געהאַלטן אָנשטענדיק און זענען געגאַנגען שבת אין שוהל אַריין, אָבער אין גאַס, אויפן לאַנגן הילצערנעם בריק, האָט מען געשפּאַצירט און גערעדט נאָר רוסיש.

דער ערשטער, וואָס האָט אַוועקגעגעבן זיינע קינדער אין גימנאַזיע, ר' נתן מינקער, האָט קיין מזל ניט געהאַט. איין זון זיינער איז אַראָפּ פון זינען, און דאָס פלעגט ביי אים אָנהאַלטן עטלעכע חדשים און אַמאָל מער. ער איז געווען הויך געבילדעט און חריפותדיק. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן צונג און איז אויך געווען אַ שרייבער. ער האָט געשריבן אין „וואָסכאָד" און אין אַנדערע רוסישע צייטונגען, און אַפילו אין העברעאישע צייטונגען. ער איז געווען אַ לערער אינעם שטעטל סטויבץ, און כאָטש דאָס שטעטל סטויבץ האָט פאַרמאָגט 5 מאָל אַזוי פיל משפחות ווי שווערזשנע, איז זי דאָך געווען הינטערשטעליק אַנטקעגן אונדזער שטעטל.

דער צווייטער זון פון ר' נתן האָט געענדיקט אין פעטערבורג אַלס אַפּטייקער מיט גרויסע אויסצייכענונגען. ער האָט געדאַרפט וואַרטן אויף זיין דיפּלאָם עטלעכע טעג, האָט ער זיך דאַן פאַרקילט און איז געפאָרן אַהיים זיך אויסרוען. קומענדיק אַהיים איז ער צוויי וואָכן געלעגן קראַנק. איך געדענק דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן, ווען דאָקטוירים האָבן אים אויפגעגעבן, איז אַריינגעקומען צום קראַנקן זון די אַלטע באָבע און געזאָגט צו אים:

„הער, מיין זון, אַלע מעדיצינען האָסטו שוין געהאַט, איצט נעם מיין מעדיצין. נאַ, טו אָן דעם אַרבע־כנפות".

אויף מאָרגן, פרייטיק, איז געווען די לויה. גלויביקע ווייבער האָבן געמורמלט צווישן זיך: דאָס איז גאָטס שטראָף.

דאָס שטעטעלע איז געוואָרן וואָס ווייטער פוסט. די אַלטע זענען געשטאָרבן, און די יונגע זענען אַוועק קיין אַמעריקע.

און אָט איז אַ קאָמישע געשיכטע, וואָס מ'האָט דערציילט ביי אונדז אין שטעטל:

מיט יאָרן צוריק איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט געוואָרן, און אַזוי ווי קיין פאַרזיכערונג אויף הייזער איז דאַן ניט געווען, האָט די רעגירונג אויסגעליען געלט אויף אויפצובויען צוריק די הייזער. דאָס געלט איז קיינמאָל ניט צוריקגעצאָלט געוואָרן. מאַכט זיך אַז אין אייניקע יאָר אַרום איז דאָס שטעטל ווידער אָפּגעברענט געוואָרן, און דער גובערנאַטאָר האָט אָנטזאָגט צו לייען ווידער געלט. האָט מען זיך געדאַרפט ווענדן צום ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר מוראַוויאָוו, וועלכער האָט גע'שמ'ט פאַר אַ גרויסן אַנטיסעמיט. אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיין אַנדער' ברירה, האָט מען אויסגעקליבן 3 מוטיקע באַלעבאַטים: נתן מינקער, הירש פריידין, און אברהם נח שוואַרץ. קיין באַן איז נאָך דאַן ניט געווען, האָבן זיי קוים זיך דערשלעפּט קיין ווילנע; אָבער עס האָט געדויערט חדשים לאַנג ביז מ'האָט זיי דערלויבט אַריינצוקומען צום גענעראַל־גובערנאַטאָר.

איינער פון די דריי דעלעגאַטן, הירש פריידין, איז געווען אַ קלוגער ייד און אַ גרויסער וויצלער. ווען זיי האָבן שוין דערלעבט אַריינצוקומען אין זיין קאַנצעלאַריע, האָבן זיי געציטערט פון שרעק. דער גובערנאַטאָר איז געזעסן אָנגעטאָן אין זיין שלאָפראָק, אומגעקערט מיט דער פּלייצע צו זיי, און האָט זיך ניט געקימערט, וואָס די דריי יידן שטייען הינטער אים. האָט הירש פריידין שטיל אַ זאָג געטאָן צו זיי:

„איך וועל אים אַ טשעפּע טאָן פון הינטן".

די אַנדערע צוויי זענען געבליבן ווי פאַרשטיינערטע. זיי האָבן געוווסט מיט וואָס דאָס שמעקט; אָבער ער, פריידין, האָט גלייך אַ טשעפּע געטאָן מוראַוויאָווס שלאָפראָק.

דער גובערנאַטאָר איז אויפגעשפּרונגען מיט גרויס צאָרן מיט פלאַמענדיקע אויגן, אָבער פריידין האָט זיך ניט פאַרלוירן און גלייך אַ זאָג געטאָן:

„אייער גרויסהייט, ווו האָט איר גענומען אַזאַ טייערע סחורה, וואָס מען זעט דאָ ניט אַזוינס?"

ביים גובערנאַטאָר איז דער גאַנצער צאָרן אַוועק און ער האָט געענטפערט:

„הא! די סחורה, דו פאַרשטייסט זיך אויף זייד? דאָס האָט מען געבראַכט פון פּאַריז!"

און דערמיט האָבן ביי אים די יידן אויסגענומען, און האָבן אויסגעפירט אַלץ, וואָס זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט.

# א. קאפלאן ניו־יארק / סווערזשנע ווי איך געדענק זי

ס'איז שוין פאריבער מער ווי אן האלבער יארהונדערט פון זינט איך האב פארלאזט מיין געבורטס־שטעטעלע סווערזשנע. דאס איז געווען אין דער תקופה פון דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה. קיין גרויסן חשק צו גיין קעמפן פאר „פאניען" האב איך ניט געהאט, האב איך טאקע באשלאסן אז איך פאר נאך אמעריקע. מיין פאמיליע האט געוווינט פון דורות לאנג אין סווערזשנע און איך בין געווען דער ערשטער ביי אונדז אין דער משפחה, וואס האט באשלאסן אוועקפארן פון שטעטל וו איך האב פארבראכט די בעסטע יארן פון מיין יוגנט.



קאפלאן אברהם מיט זיין פרוי אסתר

איך האב מיר קיינמאל ניט געבויט קיין לופט־שלעסער אין מיין פאנטאזיע, דאס אין אמעריקע שארט מען גאלד אין די גאסן און מען קען לייכט ווערן א מיליאנער... אבער אלס אן אפשטאמיקער פון אן ארבעטער־היים, האב איך מיר ווייניק געשראקן פאר דעם, דאס מיר וועט אויסקומען שווער צו הארעווען און צו פירן א פארביטערטן קאמף פאר מיין עקזיס־טענץ.

מיין זיידע איז געווען ר' יצחק שרה רייצעס. אין שטעטל האט מען אים גערופן איטשע דער בעקער. א ייד א פאנאטיק, וואס זיין גאנצן לעבן האט ער פארבראכט אין בעקעריי, אדער אין בית מדרש און בשום אופן ניט געקענט זיך צופאסן ווי אלע אנדערע יידן פון זיין דור צו דעם כלומרשטן „פראגרעס", וואס די יוגנט וויל איינפירן אין סווערזשנע. אזוי געדענק איך א פאל, אז זיין זון האט זיך געלאזט אויפנייען א נייעם אנצוג אויף יום טוב און דער שניידער האט אים אנגענייט גרויסע שיינע קנעפ, האט דאס אויסגעזען אין די אויגן פון מיין זיידן צו פיל „מאדערנע", האט ער זיי מיט כעס ארויסגעריסן שריי־ענדיק דערביי: אז דאס פאסט פאר א באד־יונג אבער ניט פאר איטשע דעם בעקערס א זון.

פאנאטיקער, קנאים, זענען זיי געווען אין יענער תקופה, אבער ערלעכע און פרומע, פול מיט אהבת ישראל.

ס'איז אונדז שווער היינט אפילו זיך פארצושטעלן מיט וואס פאר א חדוה און פרייד מען פלעגט אויפנעמען די שבתים און ימים־טובים אין שטעטל, מיט וואס פאר א יראת הכבוד מען איז אריין אין בית מדרש לכבוד דעם הייליקן שבת. זייערע ליכטיקע פנימער האבן ארויסגעשיינט פון די גרויע זיידע־בערד, ווי ביי מענטשן וואס זענען געקומען פון אן אנדערער וועלט, פון א וועלט וואס איז כולו שבת... צענדלי־קער יארן טיילט מיר אפ פון יענעם טאג, ווען איך האב צום לעצטן מאל פארלאזן סווערזשנע אויף מיין רייזע נאך אמע־ריקע. אבער נאך היינט ווען מיר, שטעטלדיקע קלייבן זיך צונויף אין ניו־יארק אין אונדזער סווערזשנעם פאראיין, אדער אויף א שמחה ביי א לאנדסמאן, האט נאך קיין איין מאל ניט פאסירט דאס מיר זאלן ניט דערמאנען מיט א טיפער בענקעניש אט יענע קינדערשע יארן פון דער ווייטער פאר־גאנגנהייט.

נאך מער איז די בענקעניש גרויס איצט, ווען דו לעבסט מיטן באוווסטזיין אז דאס אלעס איז פארניכטעט געווארן מיט א גרויזאמער מערדערישער האנט, דורך די היטלעריסטישע רוצחים און אן א פארוואס.

ערע דיין אנדענק, מיין אומגעקומענע יידישע סווערזשנע.

## רבני סוורז'נה

# מ. צינוביץ / א. הרב ר' יוסף קוקס ופעולותיו בסוורזנה

נולד בעיירה קוידנוב בשנת תר"א. שימש בבחרותו את הגאון ר' שמחה משה (בעל ה„משרת משה") בסטויפצי והוסמך על־ידו להוראה. הודות המלצת רבו הנ"ל היה לרב בעיירה פרופייסק (פלך מוהילוב), מקום שם פעל לברכה שנים אחדות ואח"כ היה לרב בשאצק (מחוז סלוצק). משם עבר לרב־נות בסוורזנה, לטשריקוב (פלך מוהילוב) וסווסלושץ ובתרס"ב לברזין (הפלך הנ"ל) ושם נפטר בימי המלחמה העולמית הראשונה.

הרב יוסף קוקס, מלבד למדנותו וכוחו הגדול בהוראה, היה גם דרשן מצויין, לוקח לבבות. ידועים הם שני ספריו „עדות ביהוסף", על סוגיות התלמוד ו„עלי הגיון", על הדרוש. השאיר אחריו בכתובים „חקירת העדות" בדרוש.

הרב קוקס הצטרף לתנועת חיבת־ציון ואף לציונות המדי־נית עם ראשית הופעתה. כתב בשבח הציונות בעתונות העברית שבימים ההם ואף נענה ברצון רב לנהל תעמולה לטובת רעיון דגול זה בעיירות ישראל בתחום המושב היהודי ברוסיה.

בשנת תרס"ב ביקר לשם זה גם בסטויבץ ודרש בשבחה של הציונות. דבר זה מובא בעתון „הצפירה" מהשנה ההיא (מספר 243), בדברים מעין אלה:

„הרה"ג מרן יוסף קוקס אב"ד בעיר טשעריקוב, בעברו דרך עירנו וירא את העזובה הרבה השוררת בפעלי אגודת הציונים דפה נשא מדברותיו בבית־המדרש הגדול, שהיה מלא נאספים מפה לפה ויבאר בדברים מתובלים בפסוקי התורה ופתגמי חז"ל גודל ערך הרעיון הציוני וכי חובת איש מיש־ראל כחרד וכנאור לתת ידו לפעולת הציונים. דברי הרה"ג עשו רושם כביר על כל בני עדתנו להתנדב לעבוד עבודת הציונות בעירנו. וירב מספר החברים החדשים מכניסי השקל, גם מכרו תוים הרבה".

(י. י. קאהן, „הצפירה", גליון 243, תרס"ב)

ידוע הוא גם כן, שבסוורזין יסד ישיבה מקומית, שהיתה כעין מכינה וסניף לישיבתו הגדולה של הרב ריינס. ובאחת החגיגות לכבודה של ישיבה זו (בשנת תרע"ב), נאם הרב מאיר ברלין (שהתארח אז בעיירה זו, בבואו לבקר שם את אמו הרבנית, אשת הנצי"ב, שהתגוררה שם).

על פעולת הציונים בסטויפצי, שנתיים אחרי ביקורו של הרב קוקס הנ"ל, אנו מוצאים ב„הצופה" הוורשאי משנת 1904 — דברים אלה:

„במוצאי שבת־קודש העבר, 11 יאנואר, קראה פה אגו־דתנו הציונית לאסיפה כללית. נאספו כמעט כל חברי האגודה ודנו על שאלות שונות הנוגעות לתנועה זו. הרבה נואמים נאמו לחיזוק הרעיון ולהתפשטותו. גם נבחר בערב הזה יושב־ראש חדש לאגודתנו, במקום היו"ר אשר התפטר ממשמרתו".

# ב. הרב קצנלנבויגן ובנו ר' אברהם חיים

ר' בנימין היה בנו בכורו של הרב שאול קצנלנבויגן (לבית עפשטיין), אב"ד קוסובה וקוברין. נולד בתר"ה בהו־ראדנא. כבן י"ג היה ר' בנימין מחדש חידושי תורה ובא בכתובים בדברי תורה עם רבה של סעלץ בימים ההם, הגאון ר' ירוחם יהודה לייב פרלמן (אחר־כך אב"ד פרוזינא ומד"א מינסק והידוע בעולם הרבנים בשם ה„גדול ממינסק").

ברבות הימים נהיה ר' בנימין איסר לרב בסוורזנה הסמוכה לסטויבץ. נפטר בשנת תרנ"ז במינסק, שמה הלך לדרוש ברופ־אים. יש לציין, כי אחרי פטירת אביו ר' שאול הנ"ל, המליץ הגאון ר' יצחק אלחנן, אב"ד קובנה, לפרנסי קהילת קוברין, על שני בניו של הרב הנפטר כאחד, על ר' בנימין אב"ד סוורזנה ואחיו הצעיר ממנו ר' אברהם מאיר — רב סנוב ולהויסק (בעל מחבר של שני ספרים תורניים — „מנחה בלולה" (ווילנא תרמ"א) ו„אמרי נועם" (שם תרמ"ה), כי שניהם כאחד ראויים להיות רבנים בקהילה גדולה זו, אולם משום־מה לא יצא דבר זה לפועל (ראה ב„המליץ" 1892. מספר 154).

יש לציין את שני בניו של ר' בנימין איסר הנ"ל, שגודלו וחונכו בסוורזנה. האחד הוא ר' אברהם חיים, שהמשיך מסורת בית אבותיו (משפחה זו מתייחסת להגאון המקובל ר' אריה לייב בעל ספר ה„פרדס" — אב"ד קניגסברג ו„למעלה בקודש") ויהי רב בישראל. הצטיין כגדול בתורה, כדרשן, איש נימוסין ויפה־רות.

אחרי פטירת אביו היה לממלא מקומו ברבנות סוורזנה. אחר־כך נתמנה לרב בטאלאטשין (פלך מוהילוב), משם עבר לסמולביטש (פלך מינסק). אחרי שהרב יחזקאל אברמסקי — רבה של קהילה זו — נתמנה לאב"ד סלוצק — בתרפ"ב, כשעזב הגאון ר' זלמן איסר מלצר את סלוצק.

מסמולביטש נתמנה ר' אברהם חיים לרב ניעזין וסארא־טוב ויהי לאחד הרבנים המפורסמים, שהחזיק עוד מעמד מסויים בשלטון הסוביטים. כדאי להזכיר, שהוא היה חתנו של הגאון ר' אליהו ברוך קמאיי — אב"ד ור"מ מיר הסמוכה לסטויבץ־סוורזנה.

דרשה אחת של ר' אברהם חיים נמצאת ב„מאסף" לדרוש של הרב יעקב מאיר סגלוביץ — אב"ד הורודישץ ודאנציג.

## הרב ר' יוסף ראזין

נולד בסוורזנה בתרכ"ז לאביו ר' אברהם דוד. היה תלמיד ישיבות מיר, וואלוזין, סלובודקה וראדין. בתרנ"ז נבחר לרב בקוסטיוקוביץ (פלך מוהילוב) ובתרס"ג לרב בסוויסלוץ (פלך גרודנה). הצטיין כלמדן מופלג וכפשטן וסדרן במשנתו הלימודית.

בשנת תרפ"ג היגר לארצות־הברית. שימש בתור רב בבית־הכנסת „שומרי אמונה" בבורו־פארק ואחר־כך בבית־הכנסת „חברה תהלים". עבר לפאסאייק נ.ד.ז. שע"י ניו־יורק רבתי. פעל שם במשך עשרים ושש שנים. זכה לשיבה טובה ונפטר ט"ז תשרי תשי"ד (1953). בשנות תרצ"ז—תרצ"ח היה נשיא „אגודת הרבנים" החרדים בארצות־הברית וקנדה ובש־נות תש"ב—תש"ח — נשיא אגודת הרבנים בניו־דזורסי סיטי.

ר' יוסף ראזין מתואר כבעל הדרת פנים, תמיר בקומתו, פנים מפיקים טוב לב. היה פיקח ובקי בהוויות העולם ומשום־כך היו באים אליו לדיני־תורה גם אנשים, שדרכם היה לפנות לבתי ערכאות של נכרים. נטה ללכת בדרך הפשרה ובכוח שכנועו היה מפשר בין בעלי בית־הדין. לא היה קיצוני אדוק והסתגל לרוח הזמן.

היה גם חובב ציון. התענין ביישובה החדש של ישראל והירבה לפעול לגאולת הארץ. ביקר בארץ־ישראל שלוש פעמים, השקיע ממונו בירושלים. ביקורו האחרון בישראל היה בשנת תש"ט, בהיותו אז אורחה של מדינת ישראל וזכה לראות במו־עיניו קוממיותה של ישראל העצמאית, שנפשו ערגה לכך כל ימי חייו.

אחרי פטירתו הופיעה רשימת הערכה לזכרו בירחון התורני־רבני „הפרדס", ניו־יורק.

## ר' יעקב שלום (יש"ק)

על בנו הצעיר של „הרב הזקן מסוורזנה, מנכבדי רבני הסביבה ועדין הרוח" (כוונתו לר' בנימין איסר הנ"ל), מספר לנו מר זלמן שז"ר, בספרו הידוע „כוכבי בוקר". בין השאר הוא מציין את ההשפעה הגדולה שהשפיע עליו בן הרב הנ"ל:

„יעקב שלום זה, בן־ישיבה לשעבר (ב„קבוץ" המוסרני־קים של ר' יוזל בנובוגרודק), התמשכל ונהיה לסופר עברי. עוד בבחרותו הדפיס שירים בפרוזה ב„הדור" של דוד פרישמן בשם „יש"ק". התגלגל אחר־כך לחוץ־לארץ. בלונדון פירסם סיפורים ומאמרים בשבועון העברי ה„יהודי" (שי"ל בלונדון), בעריכת יצחק סובאלסקי.

לצערם הרב של בני משפחתו ומוקיריו, מת יש"ק בדמי ימיו, בנסיבה טרגית — טבע באגם שווייצארי. זכה להערכת הספד והוקרה מדוד פרישמאן.

סיפורו מתקופת לונדון „ליל חורף", זכה למהדורה מיר חדת (אחרי מותו), על־ידי י. ח. ברנר, בהוצאת אגודת „דוברי עברית" בלונדון.

מר זלמן שזר מגדיר את סיפורו זה של יש"ק כ„סנונית המבשרת את הנובילה העברית ה„מודרנית"".

בקשר לשייכותו של יש"ק לסוורזנה, יש לציין במיוחד את רשימתו הסנטימנטאלית והמעניינת על בית־העלמין היהודי בעיירה זו. מפאת חשיבותה הרינו מביאים אותה מחדש בספר הזכרון הזה, לזכר קהילת סטויבצי־סוורזנה.

## יעקב שלום קצנלנבויגן / צלילי העבר*

(רשמי הווי של סוורזנה)

בדד ונעזב, מבודל ונזיר מן החיים ומרוחק מן האור, האושר והיופי, הנני יושב בחדרי הבודד, בדיוטה הרביעית, בקרן חשכה ועצובה, בתוך בירת התבל לונדון, ההומיה והע־ליזה.

בחיי אין אור, אין שמש, אין ירח, אין כוכבים, אין טבע והדר הטבע, רק בתוך חומות גבוהות ומעשנות אני יושב ועל ראשי שמים כהים עם שמש נזעמה. סביבי עבדות, חשכה וד־ממה, בתוך חרות מתנוצצת וצעקנית... סביבי רבבות נזירים מן החיים, בעוד אשר החיים הומים, רוגשים ונוצצים סביבם ומגרים בם את התשוקה והתאבון...

סביבי כרמים יפים, פרדסים פורחים, משתה עליזים ועל־ידם מסתובבים ומרקדים רבבות אומללים, רעבים וצמאים, מסתכלים בתאבון בשפעת פרי הגנים והדרם ורק ריר התשוקה שוטף על סנטריהם הצומקים... עיניהם תתנוצצנה ברעבתנות בלתי מסופקת, בקנאה נוראה באלה השבעים המאושרים, המקיאים מרוב שובע, מרוב שפע...

ואני אחד מאלה הרבבות!

ובחדרי הבודד, בזויתי האפלה הנני יושב והוגה נכאים... נכאי אני, נכאי אלפי האומללים, הנעזבים, הבודדים והנזירים בעל כרחם מן החיים, כמוני!...

תחת חלון חדרי יהמה הרוח וישיר שירים נוגים וחשכים בחשכת חיי... הוא מבשר את קרבת הסתו!...

השמים כהים, הירח והכוכבים מעטפים שחורים, והרוח יתדפק על חלוני וירעד את זכוכיותיו המשפיעות בדממת הליל צלצולים נוגים, עצובים וטמירים...

בלבי מועקה נוראה, מעיני תחפוצנה לפרוץ דמעות, בגרוני אני מרגיש כעין מרירות... ראשי העיף כפוף על איזה ספר ישן ועיני הרעבות והעיפות תבקשנה בו אילו תנחומים ללבי הפצוע והנלאה, מעט אורה, הה! לוא רק מעט אורה בתוך חיי החשכים

מעט רעננות ללבי ההולך ויבש תחת תגרת־יד המחסור, העוני וקטנות החיים...

ובחוץ יהמה הרוח כחלילים רבים, נוגים ועצובים ומתנו־עעים ובלבבי הנוגה יתעוררו געגועים חזקים, בוערים ומרים מאוד.

הוי, געגועים, מה נוראים אתם! מה נוראה, מסכנה אורסית היא נעימתכם!... והרוחות תהימינה תחת חלון חדרי הבודד, מתפרצות דרך הסדקים הרבים, מרעידים את אש נרי הכהה ומספרות לי על עברי, על צללי עברי... והעולמות אחרים לגמרי, עליהם שפוכה רוח תמימות, חן וחסד וחוט של רוח הקודש מתוח עליהם.

אז הייתי חופשי, מאושר ושמח. נר החיים היה על ראשי, רצוי הייתי לחיים, בן אהוב־לטבע, התענגתי על השמש, על הירח והכוכבים... ובשעה שהזכרונות האלה באים עלי פתאום כנופיות כנופיות ומתפרצים אל תוך לבבי, אל תוך ראשי, הנני מרגיש כי כולי, כמו אנשא על כנפי הרוח אל החיים ההם, ואז תחדור קרן אור אחת אל חיי החשכים והאפלים, ולבי יחפוץ למות מרוב מרירות נעימה ומתוקה...

הבה אפנה מקום לצללי עברי בספר זכרונותי, המלא נכ־אים, עבדות, עוני ושפלות.

הנה יום הששי אחר חצות.

אני משוחרר מן החדר, שוכב על חוף הנימן המתפתל בזגזוגיו הנפלאים ומסתכל בגלים הרועשים ושורקים, מש־תעשעים תחת קרני השמש הלוהטת ומשתובבים כילדים עלי־זים. משני עברי הנימן ישתרעו שדות, חורשות קטנות ושיחים ועל הדשא ירעה המקנה ויגעה מרוב נחת־רוח ושפעת הטוב שהשפיעה עליהם התולדה, מבלי מתן שכר...

לא הרחק ממני תשתרע חורשת אגוזות, על גבעה נמוכה ומשופעת, אשר תחתיתה תגיע עד הנימן, אשר מימיו הזכים ירחצוה וישתעשעו בשיחיה הצעירים ובתועפותיה. לימין יש־תרע בית העלמין החדש של העיר, אבל מסביב אין אף זכר למוות.

* החומר לקוח מ„היהודי" תרס"ב — שבועון עברי שהופיע בלונדון.

מסביב חיים, יופי ועליזות.

המקנה גועה ולועס את העשב בעצלתיים ובמנוחה. הרועים יחללו בחלילים ואלפי צפרים, הדואות במרחב תכלת האויר המצוחצח, יאמרו מזמור שיר לערב שבת קודש... והנימן, זה הנהר הצעיר, המתגאה בחנו, חן עלומים ובהדרת הצעירים וגאון הבחורים המרחפים עליו, מפכה את מימיו על חלוקי האבנים בשריקות נעימות, קוסמות ושובבות.

ואמנם נפלא, הדור ואיום הוא הנימן בחצי יום קיץ יפה! גולת השמש בעמדה בחצי השמים תשתקף כלה במימיו הצלו־לים, הזכים והטהורים, כמטבע עיני יפהפיה תמימה. וקרניה משתברות במראת המים, מפוזות ומרקדות על פני חלקתם השקופה, כרצי זהב קטנים. ובעבור רוח קל ירגשו קצת המים, יתרוממו ויתנו קול נעים כקול לחישת הנאהבים, גולת השמש רועדת במים ורצי הזהב השבורים יצאו במחולות יפים ומלבבים.

אני שוכב על מצע דשא תחת אלה קטנה, הסוככה עלי בענפיה הירוקים ומתענג על המחזה הנהדר הזה.

מסביב אורה, עליצות וחיים.

הרוח הנעים והקריר ישתעשע בשערות ראשי המלא הזיות ילדות ודמיונותיה, יעבור על חלקת המים ויביא בכנפיו קרירות מתוקה, ענוגה ומלטפת, כנשיקת שפתי שושנים...

המים הצחים הצטחקו, הגלים נתנו בשיר קולם וכל החי למינהו יצא במחול; העגלים והסיחים רקדו ממש כשובבים וישתובבו בלי שום „דרך ארץ" כלל. לעומת זאת היו הסוסים והפרות מתהלכים במתינות ובהכרת ערך עצמם, כיאות לזקנים בני תרבות... והצפרים הסתובבו במרחב שמי התכלת במחולות מחנים המיוחדים רק לבעלי־כנף, המרחפים באויר...

ובלבבי חג נעים ועליז.

אז, בתקופת ילדותי התמימה, בטרם ידעי עוד מה המה החיים, טעמתי את כל מתקם הנפלא... הלב דפק בי משפע התענוג, משפע האורה והעליצות.

כך הייתי שוכב בחול זמן רב, עד אשר השמש החלה לשקוע ימה, הרועים אחרי עדריהם התנהלו אט הביתה, גולת השמש האדומה השתקפה במים כעמוד אש אדום... ובעבור איזו דגה בתוך הנהר, התנועעו המים וינוע עמוד האש.

ואני שוכב בחוף ורוחץ בים עדנים. מרחוק ישתרע בית־העלמין החדש, אשר רק קברים אחדים יראו בו.

הפרבר הבור הזה ניתן במתנה מאת הגרף רדזיוויל לגרי עירי, לקבור שם את מתיהם. בית־העלמין הישן נפסל לקבורת מתים מטעם הממשלה, באשר הוא כבר בתוך העיר. לפי דעת הממשלה ראוי ליחד מקום מיוחד למתים, לבלי יתערבו בני עלמא דקשוט בעניני החיים וערמומיותיהם...

זמן רב היתה עומדת סערה גדולה ברקקה של ק"ק שוור־זנה ו„החברים הקדושים" היו תוהים ומפחדים למתיהם. ובאמת, מה תעשה ק"ק בלי בית־עלמין? ומתים, ב"ה לא יחסרו לק"ק שוורזנה, כליתר הק"קים שבעולם. מה עשו? עמדו זקני העיר וערכו מכתב בקשה אל הגרף הנזכר, לומר: חוס נא עלינו אדון רב החסד והחנינה! תן לנו מקום לקבור את מתינו, כי מה נעשה למתינו?!

הבקשה היתה צודקת. וינדב הגרף בטובו הגדול פרבר גדול ליהודי שוורזנה, לקבור את מתיהם ומאז היתה הגבעה הריקה הזאת, שלא הסכינה מימיה לקבל שום מרות, לבית־עלמין למתי שוורזנה, ובית־העלמין הזה, שעוד לא הספיק ללבוש עליו מעטה אבל ורוח המות עוד טרם הספיקה לבוא בו, יטבל עתה באדמימות השקיעה ויצהל ממש כצעיר תמיד, פורק עול, שאינו יודע את החיים ותלאותיהם. הוא מצטחק, מקבל עליו את שפעת אור השמש ולא יחפוץ להראות גם אותות מות.

ובית העלמין הזה יראה לי רק בשעשועו של המות, לא כמות אמיתי, הקברים הרעננים האחדים לא יכירם מקומם פה כלל; הם פה כאורחים בלתי קרואים ובלתי רצויים.

בכל שמחה, אורה וחיים.

### בשוורזנה

בבית־המדרש בשוורזנה כבר מתכוננים להתפלל את ה„מנין הראשון".

בשעת הנץ החמה ישנו איזה קסם מיוחד לבית המדרש, רוח תנומה מרחפת עוד על קירותיו, העמודים עומדים כחול־מים והשולחנות והספרים המפוזרים עליהם, כמו מפהקים. הקירות כאילו ישתדלו להעביר שינה מעיניהם ואגודות של אורה כבר זוחלות על הקיר המערבי...

הנאספים הולכים אנה ואנה בכובד ראש ומגמגמים „מה טובו". גם הם מפהקים: לא נעימה היא הקימה ממיטות חמות לגרי שוורזנה.

חייהם נוסח אחד, גוון אחד, פרפור בעד ההוויה והסתר־בבות ברחובות למצוא פת לחם. עצובה היא הווית גרי שוורזנה ומונוטוניים הם חייהם, אשר אין בהם שום ענין לענות בו, מל־בד הרדיפה אחר פת לחם יבשה...

עניים אחדים, המחזרים על הפתחים, שוכבים עוד פרקדן על הספסלים העומדים סביב התנורים ומתענגים בחיק התנומה. העניים האלה, הסמוכים על שולחנו של גבוה, כלומר: על שולחנם של אחיהם בני־ישראל, על־חשבונו של המקום ברוך הוא, לנים גם בבית־המדרש. העניים האלה הם רק עוברי דרכים ובבית־המדרש הם רק אורחים נוטים ללון והיום הם כאן ומחר בעיר אחרת. עשרה בטלנים אין בעיר הזאת. ובאמת מה יעשו בטלנים אשר רוב אנשיה בטלנים? כי כל הדברים שהבטלנים מומחים להם, למן אמירת התהילים לשלום החולה או לנשמת המת, לינה בבית הגוסס וקשקוש בנגינה אחר מיטתו, להתפלל בבית האבל ועוד מיני שרותים של בטלנים כאלה, היו נעשים ע"י אנשי שוורזנה בעצמם, כעל־ידי בטלנים היותר מצויינים במלאכתם. רק עני אחד, אייזיק המשוגע, הנהו אזרח בבית־המדרש בשוורזנה. בילדותו היה עילוי וילעיטוהו כשור גמרא ופוסקים, עד אשר יצא מדעתו. כשתי שנים גברה עליו המרה השחורה, אך אחר כך נתפקח. הוא היה ממשפחה מיוחסת ועשירה ועד אשר היו אבותיו בחיים כלכלוהו וימציאו לו כל צרכיו. אבותיו השיאו לו גם אשה ויולד בנים ובנות ויחי על חשבון אבותיו. גם אחרי התפקחותו כל צרכו, עוד נשא עליו את הכינוי משוגע, על שם עברו. אמנם גם כשהיה כתקונו בראו בו לפעמים עקבות שגעון: התלוצץ יתר על המידה, שהורשתה לאדם מישראל, נבל את פיו ויתיחס בקלות־ראש אל דברים

קדושים, אשר רק מפני שחשבוהו לאי־נורמלי ויתרו לו על זאת. כך חי עד שנתו החמישים. אך הנה מתו עליו אבותיו ומקור פרנסתו דלל והוא איננו מסוגל לשום עבודה רוחנית או גופנית ויקם ויגרש את אשתו וירחק ממנו את בניו ובנותיו ויפרש לבית־המדרש.

פרישתו לבית־המדרש, לא היתה כמובן לשם עבודת הבורא ולא לשם תלמוד תורה, כי אייזיק, כמו שהיה עילוי, היה לבו גס בתורה ותפילה ויתיחס אל כל מיני המצוות והפרישות בקלות־ראש של פילוסוף עילוי. אלא מה ראה אייזיק לפרוש לבית־המדרש? פשוט, יען כי שעריו פתוחים היו לכל עני והקדוש ברוך הוא, מי שהבית שלו, אינו דורש שכר דירה... ויתפרנס אייזיק ממקורות שונים ומשונים:

קרן קיימת היתה לו ויתנה בריבית לבטוחים שבעיר ובכל ערב שבת היה מקבל את „דמי השבוע". הוא היה לן בלילה בבית המת, לשמור עליו מן העכברים ולמחר ביום היה מקשקש בנגינה אחר מיטתו, לאסוף צדקה אשר תציל ממות. עני חשוב בא לעיר ויסובב אייזיק עמדו על פתחי נדיבי שוור־זנה, בתור עד על חשיבותו כביכול ובעד זאת היה מקבל מן העני סכום ידוע.

אייזיק זה היה משכים לקום בבוקר, לפני בוא המתפללים ויהי סר לבית שמרקה הרופא, שעמד סמוך לבית־המדרש, לשוחח על עניני היום, לשתות כוס חמין ואת הסוכר היה מוציא מכיסו ואגב, היה מוכר לאשת שמרקה את הלחם, שהיה קונה מן העניים המחזרים על הפתחים, בזול גדול. גם זה היה ענף נכבד מפרנסותיו הרבות.

גם בבוקר הזה לא היה כבר אייזיק בבית־המדרש. המת־פללים כבר היו לבושים בטליתותיהם ותפיליהם ויסובבו את זונדל פשטידא, ויזרזוהו לגשת אל ה„עמוד", אך פתאום נפתחה הדלת ברעש ואייזיק בא הביתה. פניו נהרו ועיניו המצטחקות הביעו שמחה חזקה: הוא התכונן לספר חדשה מענינת.

מאוד מאוד היה אוהב אייזיק לספר חדשות מענינות. אייזיק היה „כף הבישול" של העיר שוורזנה. הוא ידע הכל ויספר הכל לכל, בהוספות וגוזמאות משלו. סביבו כבר נאספו כל המתפללים והוא פתח את פיו ויאמר:

— אה, השמעתם? הנה נשמתה של פרת שמרקה יצאה באחד...

— היכי דמי? — הקשה רבי משה אהרן הנחתום, סקרני גדול ואוהב להעמיק בכל דבר על דרך הפשט הפשוט — מה ענין אחד אצל פרה? היכי דמי אתה באחד?

ובכלותו את שאלותיו שב אל תפילתו: לעולם יהא אדם ירא שמים... ואזנו האחת נטויה אל עבר פני אייזיק לקלוט מן האויר את הדברים אשר יצאו מפיו ועיניו היה נושא למרום ומתפלל...

אייזיק חיכה עד אשר נאספו אליו כל המתפללים ויואל לבאר את חידודו:

— הדבר פשוט, רק אחת ליום היו נותנים לה לאכול ותצא נשמתה... אחדים נתנו בצחוק קולם ואחדים אשר החידוד לא מצא חן בעינים ביותר נאנחו על האסון אשר בא על שמרקה מכּרם. הם ידעו היטב, כי במות פרתו נשבר גם מטה לחמו. הם ידעו היטב כי הרפואה בלבד לא תוכל לפרנס שנים־עשר פיות.

בין כה וכה ושמרקה בא לבית־המדרש להתפלל ותיק הטלית והתפילין תחת זרועו. פניו היו רציניים חועפים ובגשת אליו זינדל הסנדלר ויחל להגיש לפניו שאלות ולדבר אליו מעין תנחומין, לא השיבו כלום. עתה היה למיוחס בעיניו, עתה בבוא עליו אסון לא ירהיב איש יהודי להתלוצץ עליו. עתה פנו אליו גם בעלי הבתים הגבוהים בשאלות על דבר הפרה ועל דבר האמצעים לקנות אחרת. שמרקה נחשב בכל זמן התפילה לגיבור היום. כל המתפללים שמחו מאוד על המקרה הזה, למרות חפצם להצטער בצערו. שחייהם של גרי שוורזנה כל כך כהים, כל כך מחוסרי גוונים, עד כי מיתת איזו פרה תיחשב לחדשה מעניינת וכבדה בחייהם... איך שיהיה ובבית־המדרש שררה מעין רוח של ערב יום־טוב. מלתא זוטרתא! לא בכל יום תתרחש חדשה כזאת.

צפרא טבא — אמר הגוי בבואו — כאן יגור פאני שמרקה הדוקטור?

— כאן, כאן, יבוא נא הוד מעלתו — מלמל שמרקה במבוכה.

— ישב נא, הוד מעלתו, ביקשה חנה אשתו — בהגישה לו כסא.

— השד יודע אותו...

— את מי, בר־נש! ישאל שמרקה בתמהון.

— את הצלע שלו, פאני שמרקה, זה שני שבועות שהנהו כואב... כל התרופות עשיתי ושום דבר לא הועיל... גם פטרוש המכשף לחש עליו ועדיין לא נרפא... גם אלזוטה, יכנס הרוח באם אמה, עשתה את שלה, תפח רוחה של המכשפה הזאת, והכל להבל... הנה אומרים לי שאציג קרני דאומנא...

יודקה החנוני אומר, כי זה טוב... גם אביו נרפא מקרני דאומנא...

— כרגע, הוד מעלתו, כרגע ארכיב לו קרני דאומנא...

חנה שפחה את הסיר על האח לחמם מים ושמרקה הדליק נר ויתן אות לחנה, שתצא, והגוי השתטח על השולחן בפישוט ידיים ורגליים ושמרקה לקח את האיזמל שלו, הקיז דם וירכיב קרני דאומנא. האיכר ירד מעל השולחן, הביא בסדר נכון את התחתונים שלו, שילם דמי ריפוי ויצא את הבית.

בצאת האיכר מן הבית ראו והנה על הארץ נמצא כיס מלא רובלים... לשמחת שמרקה וחנה לא היה גבול. זמן מה לא יכלו להבין את גודל האושר אשר בא עליהם בהיסח הדעת. שאלת החזקה נפתרה בטוב, כמובן מן השמים ריחמו עליו...

— מה תאמרי, חנה, אדמה כי זהו אחד מבני ל"ו, או אולי הוא אליהו הנביא... אפשר הוא סתם יהודי טוב... הם יכולים כשהם רוצים...

— אני יודעת — בוודאי לא היה זה גוי פשוט...

— ובכל זאת, היודעת אַת מה שאמר?

— ובכל זאת צריך לסובב בשוק לראות את הגוי ולהשגיח לאן יפנה, ומה יעשה? ואַת חנה בשלי תפוחי אדמה בשבילי ובשביל הילדים...

הוא יצא וכעבור חצי שעה שב הביתה, פניו נהרו משמחה

וטוב לב, עיניו נוצצו באותו הברק שהיה מיוחד לו רק באש־מורות בקרי השבת.

— סובבתי בכל השוק ולא מצאתי את הגוי, בוודאי היה אליהו הנביא, לבי אומר לי כך... הנך רואה, חנה, בזכות מצ־וותי... וכמה תאמרי עתה, חנה? הא?... ואיזה גאון משונה מלא את לבבו, הוא הרגיש, כי גם הוא איננו יהודי פשוט, גם את ביתו ביקר אליהו הנביא. באותה שעה חשב את עצמו במידה ידועה ליהודי טוב... „לי ברוך השם, יש מליצים טובים במ־רומים; אבל ברקה? תפח רוחו של אותו תיש...

— חנה, ועתה תני את תפוחי האדמה שלך...

על השולחן עומד סיר גדול מלא תפוחי אדמה. הילדים, שמרקה וחנה אשתו, היושבת לצדו כבשעת רצון, אוכלים אותם בכל פה: אחדים מן הילדים משוררים ומרקדים בלחיים מלאות תפוחי־אדמה ובבית שמרקה הלולא וחנגא.

# ציון לנפש

י"ש קאצנלבוגן. הקהל העברי ידעהו בשם יש"ק, „סופר צעיר בעל כשרון בלתי מצוי". כפי שהתבטא עליו בשעתו דוד פרישמן (עבודותיו העיקריות של יש"ק נתפרסמו ב„הדור") — נולד ברוסיה, בפלך מינסק. נפתולי החיים בימי נעוריו ברוסיה — חיים שאינם קרויים חיים — הניעוהו לנוד למרחקים. זמן מה חי חיי מהגר בלונדון, התענה בברלין, ולבסוף, ברא־שית שנת 1904, והוא כבן שלושים, השתקע בציריך, לשם השתלמות בתורת הכלכלה באוניברסיטה.

הימים הללו היו ימי תסיסה כבירה בחיי הנוער היהודי, ברוסיה. התחילו מנשבות רוחות חדשות, שאיפה לגאולת הנד־כאים בעולם. יש"ק השתייך ל„פועלי ציון" והיה אחד הבודדים בחבורת המהגרים שמצאו עוז בנפשם לדגול בשם ציון, ואפילו לעשות נפשות לרעיון הלאומי.

הרבה חברים, חברים לצרה, היו לו בין יריביו לדעה. דרכי פולמוסו עמהם היו מקוריות מאוד. הוא נלחם רק בנשק האירוניה. בזה היתה ידו על העליונה.

מתוך עוני ורעב, בחדר שאפליליתו מרובה על אורו, יצר את יצירותיו ואיש לא ידע מצוקותיו: לא נתן לזרים להתערב ברשות היחיד שלו. מחונן היה בכשרון הסתכלות מפליא וסג־נונו היה ער, חי ומגוון, בלי סלסולי יתר. עבודתו האחרונה היתה תיאור חיי היהודים בלונדון. בימי שבתו בציריך התעמק בעבודה חדשה, שבה השקיע את מיטב כוחותיו. את לילותיו הקדיש לעבודה, ואת ההפסקות מפרק לפרק — להתרעננות בטבע שבסביבת העיר הנהדרת.

באחד מערבי הקיץ היפים, השקטים, שבהם רוחצים מש־ברי האגם במטר הכסף של אגן הסהר, נישאו הסופר וארבעה מחבריו בסירה קלה על ראי המים, שנצנץ בראי גליו. רוך ועדנה שלמה נסוכים על פני המקום... לרגליך פרוש מרבד תכול, המתנדנד לרוח היום, כולו אומר: כבשוני!

בערב הכבוש, בחצות, קרה אסון: אנית מסע נתקלה במ־לוא מרוצתה בסירה והפכה אותה על פיה, בלב האגם העמוק, רחוק מן החוף, הפכה ונמלטה לנפשה. יש"ק השחיין הציל את חבריו אחד אחד, ומתוך התאמצותו הכבירה אפסו כוחותיו וטבע במים אדירים לעיני המוצלים בידיו, ואין מושיע. בלע הים את טרפו ואת גווית המנוח לא מצאו עד היום הזה.

את כל חייו הקדיש יש"ק לעידון נשמת האומה, וגם במותו הציל נפשות מישראל. אין מזכירים היום את הסופר החלוץ, החביב, שאת כל ישותו ומהותו נתן לנו, לעם. בגנזי הארכיון בעירית ציריך משנת 1904 כתוב, כי באגם הציריכאי טבע סטודנט מהגר רוסי...

(א. רזנסקי, „הארץ", 1936)

# א. ד. שקאָלניק / געווען אַמאָל אַ יידיש שטעטל סוועדזשנע

אונדזער שטעטל סוועדזשנע, וואָס איר אָפיציעלער נאָמען איז געווען נאָווי־סוועדזשען — „ניי־סוועדזשען", ווייל 4 קילאָמעטער צפון־מערבדיק פון שטעטל האָט זיך געפונען אַ דאָרף מיטן נאָמען סטאַרי סוועדזשען ד.ה. אַלט סוועדזשען.

די יידן אָבער האָבן זיך קיינמאָל ניט באַנוצט מיטן אָפיציעלן נאָמען פון שטעטל נאָר פּראָסט אויף יידיש גערופן זי סוועדזשנע און מיט דעם נאָמען איז זי באַקאַנט געווען אין גאַנצן געגנט. ניט געקוקט אויף דעם וואָס די שטעטל האָט געהייסן ניי־סוועדזשען, איז זי געווען לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן די עלטסטע פון אַלע שכנותדיקע שטעטלעך אפילו פון איר נאָענטסטער און פיל גרעסערער שכנה, סטויבץ.

כאָטש מיר פאַרמאָגן ניט כמעט קיין היסטאָרישע דאָקומענטן דורך וועלכע מ'זאָל קענען פעסטשטעלן די גענויע דאַטע פון איר אַנטשטייאונג בכלל און פון דעם אָנהויב פון יידישן ישוב אין סוועדזשנע בפרט, קאָן מען דאָך משער זיין, דאָס סוועדזשנע האָט שוין עקזיסטירט לערך אין פופצנטן יאָרהונדערט.

אין זיין באַשרייבונג וועגן דער געשיכטלעכער אַנטשטייאונג פון סטויבץ שטיצט זיך מרדכי מאַכטיי אויף זכרונות, היסטאָרישע פאַקטן און השערות און ער קומט צום אויספיר, אַז סטויבץ האָט שוין עקזיסטירט אין זעכצנטן יאָרהונדערט, און אז זיין פאָטער האָט געזען אַן אַלטן כתב־יד ווו ס'ווערט געשריבן: „סטויבץ הסמוכה לסוורז'נה". דאָס קען דינען אלס פאַקט, אַז סוועדזשנע האָט שוין עקזיסטירט פון גאָר אַ פריערדיקע תקופה און איז געווען מערער באַקאַנט פון סטויבץ. ס'איז אויך דאָ אַ סברא, אַז די ערשטע מתים פון סטויבץ האָט מען געבראַכט צו קבורה אין סוועדזשנע, ווייל סטויבץ האָט נאָך דאַן ניט געהאַט קיין יידישן בית הקברות.

דאָס איז אַלעס וואָס איז אונדז, מער אָדער ווייניקער, באַוווּסט וועגן דער געשיכטלעכער אַנטשטייאונג פון סוועדזשנע.

ניט האָבנדיק קיין מאַטעריאַלן פון וואַנען מיר זאָלן קענען שעפּן ברייטערע ידיעות וועגן אונדזער שטעטל, מוזן מיר זיך ליידער, באַנוגענען מיט דעם אויבנדערמאָנטן קורצן היסטאָרישן איבערזיכט.

סוועדזשנע געפינט זיך אויפן לינקן זייט פון דעם טייך ניעמאַן. 2 קילאָמעטער צפון־מזרחדיק פון סוועדזשנע אויפן רעכטן ברעג פון ניעמאַן האָט זיך צעשפּרייט סטויבץ. די ביידע שטעטלעך וואָלטן זיכער במשך פון די הונדערטער יאָרן פון זייער עקזיסטענץ צונויפגעשמאָלצן זיך אין איין שטאָט, ווען ניט דער ניעמאַן וועלכער האָט געשאַפן אַ נאַטירלעכע מחיצה דורך זיין צעגיסן זיך יעדן פרילינג מיטן צעגיין פון שניי אויף אַ מרחק פון עטלעכע קילאָמעטער און אַזוי אַרום אוממעגלעך געמאַכט די פאַראייניקונג פון די אַזוי נאָענטע שכנותדיקע צוויי קהילות.

ביזן יאָר 1920 האָבן די ביידע שטעטלעך אַדמיניסטראַטיוו אָנגעהערט צו מינסקער גובערניע ווי אויך צו מינסקער אויעזד (ראַיאָן). די שטאָט מינסק געפינט זיך בסך־הכל 75 קילאָמעטער מזרחדיק פון סוועדזשנע. ניט געקוקט אויף דעם נישטיקן מרחק איז אָבער געווען אַ קאָלאָסאַלער געאָלאָגישער קאָנטראַסט צווישן די צוויי נאָענטע שטעטלעך, דורך דעם וואָס דער רעכטער זייט ניעמאַן ווו ס'האָט זיך געפונען סטויבץ, איז געווען אַ זאַמדיקער אומפרוכטבאַרער באָדן און צוליב דעם אויך ווייניק באַזעצט; דאַקעגן דער לינקער זייט ניעמאַן ווו ס'געפינט זיך סוועדזשנע איז דער באָדן פרוכטבאַר און באַשאָנקען מיט אַ זעלטן־שיינע לאַנדשאַפט און דערפאַר אויך גערדיכט באַפעלקערט. אַזוי אַז דאָס שטעטל



**טיול קבוצת צעירי סוורז'נה בוילנת — 1938**

יושבים משמאל: יואל אַגינסקי הי"ד א. ד. שקולניק, בתיה טרשצ'ינסקי, משה דוקטורוביץ.
עומדים: שמואל אפּשטיין, בנימין שנקמן, יחזקאל גולובנציץ, ראובן טרשצ'יניצקי הי"ד.

האָט זיך געפונען אין שויס פון דער נאַטור ממש ווי אין אַ גן־עדן.



**ביים אָזיערע**
שענקמאַן בנימין און מיניע. הי״ד

פון דרום־מזרח זייט איז געפלאָסן מיט זיין רואיקן שטראָם און זויבערדיקן וואַסער דער ניעמאַן, וועלכער איז געווען זייער אָפט, אין די זומער חדשים, באַדעקט מיט פּליטן וועלכע זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון די אויסגעהאַקטע אַרומיקע וועלדער וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם געגנט אין אַ גענוגנדער צאָל. געטריבן זענען געוואָרן די פּליטן דורך די שטעטלדיקע און אַרומיקע פויערים קיין קעניגסבערג, דייטשלאַנד. די וועלדער ווי אויך דער באָדן אויף וועלכן ס׳געפינט זיך סווערזשנע איז געווען דער פּריוואַט־אייגנטום פון פירשט ראַדזיוויל. אַזוי אַז די צינזן פאַר די פּלעצער האָבן די סווערזשנער יידן ניט געצאָלט אין דער מלוכה־קאַסע, נאָר אין שלאָס פון די ראַדזיווילס אין ניעסוויזש, וועלכע האָט זיך געפונען 25 קילאָמעטער דרומדיק פון סווערזשנע.

קנאַפּע 2 קילאָמעטער מערבדיק פון שטעטל, האָט זיך געפונען דער סיניאַווער וואַלד. דאָס איז געווען אַ יונג סאָסנעוועלדל פון אַ פּאָר קילאָמעטער די לענג, וווּ אַהין ס׳פלעגן קומען אָפּרוען זיך, אין די זומער חדשים, בחורים פון דער מירער ישיבה און פאַרהילכן דעם וואַלד מיט דעם ניגון פון דער גמרא, וועלכער פלעגט זיך צוזאַמענגיסן מיטן פריילעכן צוויטשעריי פון די זאָרגלאָזע פויגל אין אַ געטלעכער מעלאָדיע.

## שבת אין שטעטל

גאַנץ אַנדערש האָט דער וואַלד אויסגעזען שבת נאָכמיטאָג. יידן, פאַרהאָרעוועטע פון אַ גאַנצער וואָך פון שווערער אַרבעט. פאַרשטיקטע אין די ד׳ אמות פון זייערע אַרבעטספּלעצער, ווער ביים שוסטער־וואַרשטאַט, ביים שניידער־מאַשין און ווער אין קוזשניע ביים גליענדן אייזן — האָבן פרייטיק פאַר נאַכט זיך אויסגעבאָדן אין ביעמאַן, איבערגעטאָן די שבתדיקע מלבושים און געהיילט זיך צום בית מדרש כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן קבלת־שבת בציבור.

קומענדיק אַהיים — געמאַכט קידוש איבער צוויי ווייסע חלות וועלכע זענען געווען ספּעציעל באַפּוצט לויט דעם געשמאַק פון יעדער באַלעבאָסטע לכבוד דעם הייליקן שבת. אָפּגעגעסן די פרייטיקצונאַכטיקע וועטשערע און געלייגט זיך אָפּרוען אַ ביסל פריער ווי אַ גאַנצע וואָך.

שבת גאַנץ פרי, לויט דער געוווינהייט פון אַ גאַנצער וואָך, ניט געקענט שלאָפן אַ ביסל שפּעטער, איז מען שוין געלאָפן פון גאַנץ פרי אָן אין בית־מדרש, אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר צענדליק קאַפּיטלעך תהילים ביזן דאַווענען. אָבער דערפאַר נאָכן טשאָלנט, מאַכנדיק זיך אַ חשבון, אַז כל זמן דער מענטש לעבט דאַרף מען געניסן פון אַ ביסל עולם הזה, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ פּאָר שכנים און געלאָזט זיך גיין אין סיניאַווער וואַלד. גייענדיק, פאַרשטייט זיך, האָט מען ניט גערעדט חלילה פון פּוסטע זאַכן, ווייל טאָמער האָט איינער גענומען באַקלאָגן זיך, אַז היינטיקע וואָך איז געווען אַ ביסל שוואַכער אין אַרבעט, איז גלייך אַריין דער צווייטער אין מיטן די רייד און האָט אים דעמאָנט, אַז היינט איז שבת און ס׳איז ניט רעכט צו רעדן וועגן וואָכעדיקע ענינים, וועלנדיק פאַרגעסן דעם שווערן יאָך פון פרנסה, וואָס האָט געדריקט ווי אַ משא אויפן רוקן פון יידישן בעל־מלאכה און האָרעפּאַשניק פון די קליינע שטעטלעך אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. מיט אַלעמענס צושטימונג איז מען גלייך אַריבער אויף גאָר אַן אַנדערן שמועס ווי למשל, פאַרטייטשן איניקע פסוקים פון דער סדרה וואָס מען האָט נאָר וואָס ביים דאַווענען געלייענט אין בית מדרש. אָדער דער אַלטער חזן ר׳ בערל וואָלף האָט זיך פלוצלינג דערמאָנט, דאָס ער געדענקט, אַז דער צדיק ר׳ בנימין איסר ז״ל, וועלכער איז געווען יאָרן לאַנג רב אין סווערזשנע, פלעגט גיין פון דאַווענען אַהיים, זענען יידן, תלמידי חכמים, נאָכגעגאַנגען הינטער אים און נאָכגעשפּרייזט אין די טריט פון גרויסן צדיק בכדי אין זיין זכות צום גוטן געניסן.

אַזוי טיף שמועסנדיק איז אַדורך די צייט און מ׳איז אָנגעקומען אין וואַלד. ווער ווייס ווי לאַנג מען וואָלט נאָך אַזוי געגאַנגען ווען ניט דער פאַל, וואָס רפאל מענדל, זייענדיק פאַרטיפט אין שמועס, איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ טרוקענעם צווייגל וועלכער איז מיט אַ קנאַק, וואָס האָט אָפּגעהילכט איבערן וואַלד, צעבראָכן געוואָרן אונטער זיינע פיס, און דאָס איז געווען די סיבה וואָס האָט אַלעמען מיט איין מאָל וואַכעדיק געמאַכט. יעדער האָט זיך ווי אויפגעבראַכט פון עפּעס אַ זיסן טרוים און אונטערגעברומט לויטן באַוווסטן שטייגער: נו, אַ, שבת, אַ, אַ! דאַן איז אָנגענומען געוואָרן אַ פאָרשלאַג, אַז אויב מען וויל ניט האָבן מער קיין עבירות איז אַמבעסטן ניט „אַרומשלעפּן" זיך מער איבערן וואַלד, ווייל פון צו פיל אַרומקריכן קומט קיין גוטס ניט אַרויס. אַ ייד וועלכער וויל אָפּהיטן דעם שבת ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, דאַרף זיצן אין דער היים. אין שטוב איז אויך דאָ וואָס צו טאָן: זאָגן פּרק, אָדער אַריינקוקן אין אַ ספר. אַרומקלעטערן איז אַ עסק פאַר גויים. וואָס מ׳שטיינס געזאָגט ווייסן זיי פון זייער זונטיק, מ׳שיכורט אָדער מען שלאָגט זיך. אָבער אַ ייד... נו, מילא, ס׳איז בעסער אַז מ׳רעדט ניט... לאָמיר טאַקע זיך צוזעצן זיך און אָפּרוען זיך לכבוד שבת. אונטער דעם ערשטן בעסטן בוים האָבן זיך טאַקע

אַלע אויסגעצויגן בהרחבה׳דיק, נשמה־יתירה׳דיק, באַווונדערט גאַטס שיין וועלטל מיט די בלויע לויטערע הימלען. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און אַלע זענען איינגעשלאָפן ווי פאַרשיכורטע פון די שמעקעדיקע בוימער און פון דער פרישער לופט.

אויך די יוגנט האָט געשטראָמט שבת אין וואַלד. נאָך אין מיטן דער וואָך האָט מען זיך אָפּגערעדט, אַז שבת וועט מען זיך דאָרטן טרעפן. אַזוי זענען אָנגעקומען גרופּעסווייז ייִנגלעך און מיידלעך פון סוועזשנע און פון סטויבץ. ס׳זענען געווען אויך פאַלן, ווען אַ ייִנגל מיט אַ מיידל האָבן זיך דאָ באַקאַנט צום ערשטן מאָל. זיי זענען נאָך ניט געווען גענוג דרייסט און מורא געהאַט צו זאָגן „דו״, באַנוצנדיק זיך מיטן וואָרט „איר״ און שטאַרק גערויטלט זיך ווען עמעצער איז פּלוצעם אַדורך פאַרביי, מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל צומאָרגנס ניט דערציילן דעם טאַטן אָדער דער מאַמען, אַז מען האָט געזען זייער „בענאָק״ שטייענדיק מיט אַ „מויד״ שבת אין וואַלד. בסך הכל האָבן זיי געקענט אפשר אַלט זיין 15 אָדער 16 יאָר. בדרך כלל איז דער שבת אַדורך אין וואַלד זינגענדיק און טאַנצנדיק און פיל פאַרהייראַטע פאָרלעך האָבן צו פאַרדאַנקען זייער ערשטע באַגעגעניש דעם סיניאַווער וואַלד.

## מייטשעס בארג

אויסער דעם סיניאַווער וואַלד, האָט צוגעגעבן דעם שטעטל אַ ספּעציעלן חן דער אַזוי־גערופענער „מייטשעס־באַרג״, וועלכער האָט זיך געפונען ניט ווייט פון שטעטל אויפן וועג צום וואַלד. כאַטש מייטשע גאָלדין איז שוין געווען אַ ייִד אַ זקן און האָט שוין פון לאַנג איבערגעגעבן די פאַרוואַלטונג פון באַרג צו זיין זון ירחמיאלן, פונדעסטוועגן האָט דער באַרג נאָך אַלץ געטראָגן דעם נאָמען פון זיין אַמאָליקן בעל־הבית. דער אויבנדערמאָנטער באַרג איז געווען אַ יחיד־במינו אין גאַנצן געגנט, מיט דעם וואָס ער איז געווען רייך מיט וואַפּנע־שטיינער און פון זיין פּראָדוקציע האָט מען געבויט שטעט און דערפער אין דער גאַנצער סביבה. צענדליקער פאַמיליעס האָבן געצויגן פון אים זייער חיונה. ס׳איז שווער געווען פאָרצושטעלן זיך דעם באַרג אָן יענקל מאַשעס מיט די בלויע ברילן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויען אויסזען צוליב דעם ווייסן שטויב וואָס איז געפאַלן אויף זיי פון דעם איבערגעברענטן קאַלך. ווי וואָלט אויסגעזען דער באַרג אָן איטשקע אברהמ׳ל, בערע בליומעס מיט די צווי זעק אַרומגעדרייטע אויף זיינע קראַנקע פיס. אָן אייביקן בונד האָבן זיי געשלאָסן מיטן באַרג ביזן לעצטן טאָג פון זייער פּראָלעטאַרישן לעבן. ביידע, סיי יאנקל און סיי איטשקע, זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט פיל יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־קריג. איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער, וואָס איז פאַרבליבן אויפן באַרג איז געווען שלמה חיים, אָבער צווישן אים און דעם באַרג האָט ניט געהערשט קיין שלום־בית און ס׳האָט ווי עפּעס געפעלט צו דער פריערדיקער האַרמאָניע.

דער באַרג האָט אויך געדינט ווי אַ פּערזאָרגונגס־פּונקט פון געוויסע רעליגיעזע הצטרכותן אָן וועלכע אַ פרומער ייִד קען זיך ניט באַגיין. למשל, די יאַלאָוועץ קוסטעס וועלכע האָבן פאַרדעקט דעם גאַנצן אויבערפלאַך פון באַרג, זענען אויסגענוצט געוואָרן ווי סכך אויף צו באַדעקן די סוכות. מיט זייער איינגענעמען אַראָמאַט פון פרישער זשיוויצע האָבן זיי צוגעגעבן אַ ספּעציעלן פרימאַט פאַרן חג־האסיף, ברענגענדיק מיט זיך אַ גרוס פון דער נאַטור און דעם ריח פון פעלד. אין הייזער ווו ס׳איז ניט געווען קיין לוח און קיין זייגער און מען האָט ניט געוווסט גענוי די צייט פון דער שקיעה ערב שבת, איז גענוג געווען אַרויסגיין אין דרויסן, אַ קוק געבן אויף מערב זייט, און אויב די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין הינטערן באַרג, איז דאָס שוין געווען דער בעסטער סימן אַז ס׳איז שוין צייט בענטשן ליכט.

שטייענדיק אויפן שפּיץ באַרג האָסטו געזען פאַר זיך דעם גאַנצן געגנט אויף קילאָמעטערס ווייט. אויף דרום זייט האָט זיך פאַר דיינע אויגן אַנטפּלעקט אַ הערלעכע פּאַנאָראַמע פון פאַרזייטע שטחים וועלכע האָבן פאַרכישופט מיט זייער שיינקייט ; ברייטע פעלדער מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן האָבן זיך געשפּיגלט קעגן דער זון אויף אַן אומענדלעכן מרחק ווי ווייט דו האָסט נאָר געגרייכט מיטן אויג. אַ ווינטעלע האָט סודותדיק געלאָקט די גאָלדענע קעפּלעך פון די פולע זאַנגען, וועלכע האָבן זיך געבויגן צו דער ערד אונטער דער משא פון רייף־ווערנדיקע קערנער פון גערשטן, האָבער און קאָרן. ס׳האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק ווי די כוואַליעס פון ים וואָלטן געכאַפּט אַ שטיפערישן פלירט מיט די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון אין אַ פרילינגס פרימאָרגן.

צענדליקער דערפער און פּריצישע הויפן וועלכע זענען געווען דער פּריוואַט־אייגנטום פון די ראַדזיווילס. ווי אויך אומענדלעכע וועלדער האָבן זיך געפונען אין יענער געגנט. לויט ווי אַלטע גויים האָבן דערציילט, האָט אין איינעם פון יענע הויפן דער גרויסער פוילישער דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש געשריבן קאַפּיטלעך פון זיין אומשטערבלעכער פּאָעמע „פּאַן־טאַדעאוש״. די דאָרפישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון ווייסרוסן פּראַוואָסלאַוונע און ווייסרוסן קאַטאָליקן. מיטן פאַרנעמען דורך דעם פּוילישן מיליטער אין יאָר 1920 דעם מערבדיקן טייל פון ווייסרוסלאַנד, האָט זיך דער קאַטוילישער טייל פון דער באַפעלקערונג דעקלאַרירט אַלס פּאָליאַקן.

ביזן דעקרעט פון באַוווסטן צאַרישן מיניסטער און שונא־ישראל סטאָליפּין : אַרויסצוטרייבן די ייִדן פון דערפער, זענען כמעט אין יעדן דאָרף געזעסן יידישע ישוב׳ניקעס, וועלכע האָבן במשך דורות זיך איינגעלעבט צווישן די פּויערים און האָבן ווי ניט איז פאַרדינט אויף זייער אָרעמער חיונה.

אויסער דעם פּרוכטבאַרן באָדן מיט דער פיל צאָליקער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער, איז ביז די זיבעציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט געווען אַ וויכטיקער מקור פון פרנסה דער אַזוי־גערופענער יעקאַטיערינאָווסקער גאַסטינייץ (טראַקט), וועלכער האָט זיך געצויגן אויף הונדערטער קילאָמעטער, אויסגעזעצט פון ביידע זייטן מיט אַלטע ביימער וואָס זייערע צווייגן האָבן זיך געבויגן צו דער ערד. דאָס איז דאַן געווען די צענטראַלע פאַרבינדונגס־וועג פון רוסלאַנד מיט פּוילן, וועלכע האָט דורכגעשניטן סוועזשנע פון מזרח אויף דרום. די פילצאָליקע קרעטשמעס וועלכע האָבן זיך געפונען

אין שטעטל ביז דער שרפה פון 1917, האָבן „עדות געזאָגט" אויף איר אַמאָליקער רייכער פאַרגאַנגענהייט.

חוץ וואָפנע האָט דער באַרג אַנטהאַלטן אין זיך מיליאָנען טאָן זשוויר, דאָס זענען קליינע שטיינדלעך אין דער גרויס פון אַ נוס, אַ מין נאַטירלעכער חצץ וועלכער איז באַנוצט געוואָרן איבערהויפּט אויף די באַן־ליניעס. די שטיינדלעך פלעגט מען שיטן אונטער די הילצערנע באַן־שוועלן כדי צו פאַרמיידן זייער שנעלן פוילן. דער זשוויר איז אויך באַנוצט געוואָרן צו פאַרשיידענע בעטאָן־אַרבעט. צוליב דעם איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה דורכגעלייגט געוואָרן אַ אָפּצווייג פון דער נאָרמאַלער באַן־ליניע צום באַרג. ס׳האָט זיך אָנגעפאַנגען אין פולן ברען די עקספּלאָאַטאַציע פון באַרג. צענדליקער פויערים זענען געווען באַשעפטיקט ביים גראָבן דעם זשוויר און לאָדן אים אויף די וואַגאָנען.

יידן האָבן ביי דעם ניט געאַרבעט צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, איז דאָס געווען אַ עבודת פרך, ווייל די גאַנצע אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן אויף אַ פרימיטיוון אופן, פונקט ווי אין די אַלטע צייטן, מיט פשוטע גראָבאייזנס, וואָס האָט געפאָדערט פיל כוח, און ביי אַ גאָר קליינעם פאַרדינסט; צווייטנס, איז דער באַרג געווען דער פּריוואַט־אייגנטום פון די שווערזשנער פויערים, וואָס האָט זיך גערעכנט ווי אַ טייל פון זייערע פעלדער און דאָס איז געווען אַ גענוגנדע סיבה ניט צולאָזן די יידן צו דער אַרבעט און אַזוי אַרום פּטור געוואָרן פון אַן איבעריקן שותף צו זייער פרנסה. אָבער דאָך זענען געווען זעלטענע אויסנאַמען ווען אייניקע חלוצים, וואָס האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און האָבן געוואָלט פּרובירן זייערע כוחות, צי זיי וועלן באַשטיין דעם נסיון פון שווערער פיזישער אַרבעט אָנקומענדיק אין לאַנד, האָבן זיי זיך „דורכגעשמוגלט" צו דער אַרבעט אַדאַנק זייער נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט אייניקע אָרטיקע שקצים, וועלכע האָבן זיי פּראָטעזשירט פאַר די איבעריקע פויערים און דאָס האָט געדינט ווי אַ מין גאַראַנטיע אַז זיי זאָלן ניט באַוואָרפן ווערן מיט שטיינער ביי דער אַרבעט.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס אין שטעטל האָבן די יידן געהאַלטן די באַרג־אַרבעט פאַר אַ נידעריקע מלאכה וואָס פּאַסט ניט פאַר אַ יידישן בחור צו פאַרנעמען זיך מיט דעם, זענען פונדעסטוועגן אַזעלכע חלוצים טאָלערירט געוואָרן און אַפילו גענאָסן פון אַ געוויסער סימפּאַטיע, נעמענדיק אין אַכט, אַז זיי טוען דאָס ניט, חלילה צוליב סתם פרנסה, נאָר ס׳ליגט דערביי אַ געוויסער אידעאַל פון הכשרה עצמית — צוגרייטן זיך פאַר אַ נייעם יושרדיקן לעבן אין דעם אייגענעם לאַנד, וואָס קען אפשר אַמאָל ברענגען אַ טובה פאַרן כלל ישראל און אויך פאַר די סווערזשנער יידן בתוכם...

סווערזשנער יידן וואָס זענען אַרומגעפאָרן אין פוילן האָבן געקענט אָפט טרעפן אויף פאַרשיידענע באַן־סטאַנציעס אָנגעלאָדענע וואַגאָנען מיט זשוויר פון סווערזשנע און זאָגן דערביי מיט אַ געוויסן שטאָלץ און גאווה: איר זעט די וואַגאָנען מיט שטיינדלעך וואָס שטייען דאָרט, דאָס איז פון „אונדזער" באַרג. . .

אין דער צייט ווען ס׳האָבן געהערשט די היטלעריסטישע מערדער איז די אַרבעט אויסגעפירט געוואָרן דורך סווערזשנער יידן אויפן זעלבן פרימיטיוון שטייגער ווי פריער, נאָר מיט איין אונטערשייד: אָנשטאָט דעם וואָס אַמאָל זענען געשטאַנען ביי די גראָבאַייזנס געזונטע זאַטע גויים, זענען איצט געווען הונגעריקע אויסגעמאַטערטע יינגלעך, מיידלעך און אַלטע יידן, וועלכע זענען איינגעבראָכן געוואָרן אונטערן שווערן יאָך פון איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג באַגלייט מיט אומאויפהערלעכע קלעפּ איבער זייערע קעפּ און רוקנס דורך אַ ס״ס־מאַן וועלכער האָט אַכטונג געגעבן אויף די אומזיסטע יידישע אַרבעטער.

דאָ צווישן די וואַגאָנען מיט זשוויר איז צעקוועטשט געוואָרן צום טויט רחל רייצעס, די פרוי פון יעקב קאַפּלאַן. פון דאַנען זענען אויסגעקליבן געוואָרן די ערשטע 30 יונגטלעכע, וועלכע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויפן בית הקברות און נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט צו גראָבן פאַר זיך אַליין דעם ברודער־קבר, זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

נאָך זייער פאַרניכטונג האָבן די דייטשן באַשעפטיקט ביי דער זשוויר־אַרבעט אויפן באַרג, וועלכע האָט אויף זייער שפּראַך געהייסן די „קיסטל גרובע", אַ גרופּע פון בערך 40־30 סטויבצער יידישע יינגלעך און מיידלעך. זיי האָבן דאָרטן געאַרבעט ביז דער לעצטער שחיטה.

אַזוי איז אַריין אין דער געשיכטע פון בלוט און טרערן פון סווערזשנער און סטויבצער יידן דער אַזוי גערופענער רואיקער מייטשעס באַרג.

## גלויבן און דערציאונגס וועזן אין סווערזשנע רבנים

ווען מיר וואָלטן האָבן היינט אין אונדזער באַזיץ דעם שטעטלדיקן פּנקס וואָס האָט זיך געפירט פון גאָר די אַלטע צייטן און איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, אין וועלכן ס׳איז פאַרשריבן געוואָרן אַלע וויכטיקע געשעענישן פון יידישן לעבן אין דער קהילה קדושה סווערזשנע — וואָלטן מיר זיכער געוויר געוואָרן אַ סך וויכטיקע פאָרפאַלן וואָס זענען פאַרלאָפן אין משך פון הונדערטער יאָרן אויף אַלע געביטן אין שטעטל. איינע פון די רעטענישן פאַר וועלכע מיר שטייען איז, ווער איז געווען דער ערשטער רב אין סווערזשנע, ווען האָט מען אויסגעבויט דעם ערשטן בית מדרש, און וויפל רבנים האָבן זיך בכלל געביטן אין די הונדערטער יאָרן פון דעם יידישן זיין אין סווערזשנע. אויף דעם איז שווער צו געפינען אַ ענטפער.

אַ דאַנק די פאָרשונגען פון ה׳ ציניאָוויטש, דערוויסן מיר זיך אַז הרב קוקיס, וועלכער איז געבוירן אין קוידאַנאָוו מיט 123 יאָר צוריק, איז געווען אַ געוויסע צייט רב אין סווערזשנע. אין „הצפירה" פון יאָר 1901 ווערט געבראַכט, אַז הרב קוקיס איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער חיבת ציון באַוועגונג און נאָכער אַן אָנהענגער פון פּאָליטישן ציוניזם. פון די אַלע שווערזשנער וואָס געפינען זיך דאָ אין ישראל, איז ניטאָ קיין איינער, וועלכער זאָל האָבן אַמאָל געהערט, אַז ס׳איז געווען אַזאַ רב אין סווערזשנע. אַ ברייטערע אָפּהאַנדלונג וועגן הרב קוקיס, ווערט געבראַכט אין דעם בוך, אין דער אָפּטיילונג: „רבני סוורז׳נה" פון ה׳ ציניאוויץ.

## הרב ר׳ בנימין איסר הלוי קאַצענעלנבויגן ז״ל

מער באַקאַנט איז שוין דער נאָמען פון הרב ר׳ בנימין איסר הלוי קאַצענעלנבויגן, וועלכן אונדזערע עלטערן האָבן אים געליבט און דערציילט וועגן אים שבחים. דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, זלמן שזר, שרייבט אין זיין בוך כוכבי בוקר: דער אַלטער סווערזשנער רב (געמיינט ר׳ בנימין איסר ז״ל) איז געווען פון די אָנגעזעענסטע רבנים אין דער גאַנצער געגנט. נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט איז ער געפאָרן זיך קורירן ביי מינסקער דאָקטוירים און איז דאָרטן נפטר געוואָרן, לערך אין יאָר 1897, וווּ ער האָט געפונען זיין אייביקע רו אויפן מינסקער בית הקברות.

## הרב ר׳ חיים אברהם הלוי קאַצענעלנבויגן ז״ל

נאָכן טויט פון גאון און צדיק ר׳ בנימין איסר, וועלכער האָט געשמט מיט זיין תורה און יראת שמים, האָט פאַרנומען דעם סווערזשנער כסא הרבנות זיין זון ר׳ חיים אברהם, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אויפן היימישן לשון חייפע. ער איז געווען אַ עילוי און פעאיקער רב. נאָר קיין גרויס נחת פון זיין רבנות אין שטעטל האָט ער ניט געהאַט. פּשוט צוליב דעם, ווייל ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט מיט אַלעמען צו־זאַמען אין דעם זעלבן שטעטל, און די וואָס האָבן מיט אים אין חדר געלערנט, האָבן זיך ניט געקענט צוגעוווינען, אַז זיי דאַרפן אים רופן רבי, און דאָס ער איז זייער מנהיג און רב פון סווערזשנע. דאָס איז אפשר געווען איינע פון די וויכ־טיקסטע סיבות, וואָס נאָך אייניקע יאָר האָט ער פאַרלאָזט סווערשזנע און איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין טאלא־טשין, מאָהילאָווער גובערניע.

## הרב ר׳ משה לייב רוינעס הי״ד

נאָך דעם ווי חייפע האָט פאַרלאָזט סווערזשנע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט מען אויפגענומען אַלס רב ר׳ משה לייב רוינעס, וועלכער איז ביז דאַן געווען רב אין זאס־קאוויץ, אַ שטעטל אין ליטע. הרב רוינעס איז אָנגעקומען צו אונדז אין זיין בליענדן עלטער, אַ מענטש פול מיט ענערגיע, אַ בעל הדרת פנים און אַ גלענצנדער דרשן. צו זיינע דרשות, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין גרויסן בית מדרש 2 מאָל אין יאָר: שבת תשובה און שבת הגדול, פלעגן קומען הערן ניט נאָר אַלע סווערזשנער נאָר אויך פיל סטויבצער. דער עולם פלעגט שטאַרק הנאה האָבן פון זיין אויסערגעוויינלעכן רע־טאָרישן טאַלאַנט. אויך די יוגנט איז געקומען הערן זיינע דר־שות, וועלכע זענען געווען פול מיט אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט און אהבת ישראל.

מ׳פלעגט אָפט אַרויסרופן הרב רוינעס אין די דערבייקע שטעטלעך ווו מען האָט באַדאַרפט מספיד זיין אַ צדיק אָדער אַן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט. מ׳האָט אים אויך אַרויסגערופן אויף אַ הספד אין דער דערבייקער מירער ישיבה ווען דאָרטן איז געשען אַן אומגליק און איינער פון די ישיבה־בחורים איז פריצייטיק געשטאָרבן. קיין בעסערער מומחה פון אים האָט זיך ניט געפונען אין דעם גאַנצן געגנט. יעדן טאָג, בין מנחה למעריב, האָט הרב רוינעס געלערנט מיט חברה ש״ס אין וועלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען אַלע תלמידי חכמים פון שטעטל, ווי ר׳ חיים מאטוס בלאך ז״ל, ר׳ יעקב רובענטשיק ז״ל, ר׳ נח דער שוחט ז״ל, ר׳ חיים מאטוס חאשעס ז״ל, ר׳ חנן לייב יצחק׳ס ז״ל, ר׳ ראובן קליאטשוק ז״ל, ר׳ שמואל דער שוחט הי״ד און אויך אנדערע וועלכע איך געדענק שוין ניט. הרב רוינעס איז געווען א גרויסער אָנהענגער פון ציר־ניזם, נאָר צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט ער זיך אָפיציעל קיינמאָל ניט אָנגעשלאָסן אין דער מזרחיסטישער אָרגאַני־זאַציע, אָבער זיין טריישאַפט צו ארץ־ישראל האָט ער אַרויס־געוויזן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן איבערהויפּט אין זיינע פּרעכטיקע דרשות.

שווערע צייטן האָט ער אדורכגעמאכט אין סווערזשנע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען הונגער און נויט זענען געווען דאַן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג כמעט אין יעדן הויז. שטאַרק אַקטיוו איז ער געווען אין יאָר 1919 מיט דעם אָקופּירן אַ גרויסן טייל פון ווייסרוסלאַנד דורך די פּאָ־ליאַקן. דאַן איז ער געשטאַנען אין דער שפּיץ פון סווערזש־נער קהילה און האָט אָנגעפירט מיט דער הילפסטעטיקייט פון „דזשוינט" פאַר אונדזער שטעטל. אין דעצעמבער 1919 ווען ער איז געפאָרן אַלס דעלעגאַט צו דעם קהילות־צוזאַמענפאָר פון ווייסרוסלאַנד, וועלכער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מינסק, האָבן פּוילישע לעגיאָנערן אים מערדערלעך צעשלאָגן און אים אָפּגעשוירן די באָרד. לערך אין יאָר 1914 איז ביי הרב רוינעס געשטאָרבן די יינגסטע טעכטערל, ליבע, וועלכע איז געבראַכט געוואָרן צו איר אייביקער רו אויפן סווערזשנעם בית־עלמין. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט הרב רוינעס פאַרלאָזט סווערזשנע און איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין האראדישטש, באַראַנאָוויטשער קרייז. בערך אין יאָר 1938 האָט ער באַזוכט סטויבץ אין טראַגישע אומשטענדן. זיין צווייטע טאָכטער, שיינדל, איז געשטאָרבן אין סטויבצער שפּיטאָל. זי איז געווען פאַרהייראַט מיט הרב ר׳ ליפּא גוטמאַן פון באַראַנאָוויטש, איינער פון די אָנגעזעענסטע תלמידים פון מירער ישיבה. נאָך דער פּטירה פון באַוווסטן נאַליבאַקער צדיק, איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין נאַליבאַק. אָבער נאָך געציילטע יאָרן פון זייער צוזאַמענלעבן איז די רביצן געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק קליינע יתומים. הרב רוי־נעס האָט איר האַרצרייסנד מספיד געווען.

דער רב, ווי אויך די גאַנצע פאַמיליע זענען אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער. דער איינציקער מיטגליד פון דער דאָזיקער פאַרצווייגטער פאַמיליע וואָס איז על פּי נס געבליבן לעבן איז זייער טאָכטער חייקע, וועלכע האָט זיך באַזעצט אין ישראל נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## הרב ר׳ חיים אברהם אלפערט הי״ד

שווער איז געווען פאַר סווערזשנע צו געפינען אַ רב, וועלכער זאָל קענען זיין אַ פּאַסיקער נאָכפאָלגער נאָך הרב ר׳ משה לייב רוינעס. כאָטש קיין קאַנדידאַטן אויף סווערזש־נער כסא־הרבנות האָבן ניט געפעלט. אָבער ווי שטענדיק, אין אַזעלכע פאַלן, שאַפן זיך צדדים און יעדער צד וויל

אַרויס אַלס זיגער. איז איין רב געווען אַ גוטער דרשן, האָבן אים די ציוניסטן ניט געוואָלט ווייל ער איז געווען אַ אגודה'ניק; איז געקומען אַ צווייטער רב, וועלכער איז שוין ניט געווען קיין אגודה'ניק, האָבן אים די בעלי־בתים ניט געוואָלט, ווייל ער איז ניט אַזאַ גוטער דרשן ווי ס'איז געווען דער פריער־דיקער רב. אַזוי האָט זיך עס געצויגן איבער אַ יאָר צייט, ביז ביידע צדדים זענען מיד געוואָרן און איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה: מען זאָל וואַרפן גורל צווישן אייניקע רבנים, וועלכע האָבן קאַנדידירט אויף סווערזשנער רבנות. גערעדט און גע־טון, מען האָט געוואָרפן אַ גורל און זוכה געווען האָט הרב ר' חיים אברהם אַלפערט, וועלכער איז צום באַדויערן שוין געווען דער לעצטער רב פון סווערזשנע. קיין שווערע צייטן האָט כמעט הרב אַלפערט ניט דורכגעמאַכט אין שטעטל, ווייל ס'האָט זיך אויסגעבויט אַ טאַרטאַק פון וועלכן די דירעקטאָרן זענען געווען רעליגיעזע יידן און די שטעטלדיקע איינוווינער האָבן אויך געהאַט פרנסה בשפע, אַזוי האָט זיך שוין במילא דאָס אָפּגערופן אויך אויף דער מאַטעריעלער לאַגע פון אַרטיקן רב.



הרב ר' חיים אברהם אַלפערט והרבנית — נרצחו על ידי הגרמנים הי"ד

ווען די היטלער־באַנדע האָט פאַרנומען סווערזשנע איז הרב אלפערט אויסגעווילט געוואָרן אין יודנראַט. ער האָט שטענדיק געפונען אַ טרייסט־וואָרט פאַר זיין אומגליקלעכער עדה יידן. ווען מען האָט אַרויסגעפירט די ערשטע גרופּע פון 30 יונגנטלעכע צום דערשיסן, האָט מען אים מיטגענומען, ער זאָל ביי זיין ביי דעם בלוטיקן שפּיל און זאָל מיט זיינע אויגן זיך צוקוקן צו דער שוידערלעכער טראַגעדיע. נאָכער ערשט האָבן זיי אויך אים דערשאָסן. אַזוי טראַגיש האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אויף קידוש־השם דער קדוש הרב ר' חיים אברהם אלפערט, וועלכער איז געווען דער לעצטער רינגעלע אין שלשלת היוחסין פון סווערזשנער רבנות. מיט זיין טויט האָט זיך שוין איבערגעריסן אויף שטענדיק די גאָלדענע קייט פון רבנים אין סווערזשנע.

זאָל זיין בלוט זידן און ניט רוען ווי דאָס בלוט פון זכריה הנביא. ארץ אל תכסי דמו!

## חברה חיי־אדם

אויסער דער חברה ש"ס מיט וועלכע ס'האָט געלערנט דער אָרטיקער רב, פלעגן נאָך שטענדיק ביי אַ צווייטן טיש זיצן אַ פאָר מנינים אַזוי־גערופענע יידן פון אַ גאַנץ יאָר פאַר וועלכע ס'איז שווער געווען צו לערנען אַ בלאַט גמרא. אָט פאַר די יידן, פלעגט דער אַלטער חזן ר' בערל וואָלף שפּיץ לערנען חיי־אדם. ס'הייסט דינים פון טעגלעכן געברויך אָן וועלכע אַ פרומער ייד קען זיך ניט באַגיין. אויב נאָר ער וויל פירן אַ כשרה שטוב מיט אַ ריינעם יידישן פאַמיליע־לעבן, און אַזויווי ר' בערל וואָלף איז אויסער חזן געווען אויך אַ שוחט, דעריבער איז ער געווען אַ מומחה אויף דעם געביט פון חיי־אדם און דער עולם צוהערער האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון זיין לערנען.

## חברה תהילים

גוט אָרגאַניזירט איז געווען די חברה תהילים, איבער־הויפּט דאַן ווען יירשל דער דרוקער איז געווען זייער גבאי. צו דער חברה תהילים האָבן דאָס רוב געהערט „עמך". יידן וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין גרויסע פּרעטענזיעס אין לעבן. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט איז קענען אויסגיסן זייער האַרץ פאַרן רבונו של עולם דורך אַ קאַפּיטל תהילים. פלעגן זיי זיך אויסזעצן יעדן שבת, בין השמשות, הינטערן בימה אין גרויסן בית מדרש און זאָגן תהילים. אייניקע פון זיי ווי יירשל דער דרוקער, מאיר פּיישעס, רפאל מגדל, זעליק נאכעס האָבן געקענט דעם גאַנצן תהילים אויף אויסנווייניק. די איבעריקע האָבן געזאָגט אַריינקוקנדיק אין תהילמל. דאָס איז געווען אין זומער. ווינטער צייט, ווען די נעכט זענען לאַנגע, איז ווויל צו דעם וועלכער ווייס ווי אַזוי אויסצונוצן דעם פּרייטיק־צונאַכט ניט נאָר אויף עסן און שלאָפן — דאָס קען להבדיל אַ גוי אויך. אַ ייד אָבער דאַרף די לאַנגע ווינטערדיקע פרייטיק־צונאַכטן אויסנוצן אויף עפּעס וויכטיקערס און שטרעבן צו אַ העכערן תכלית. דערפאַר פלעגט זיך טאַקע יאַשקע דער שמש „פּעדערן" יעדן ווינטערדיקן פרייטיק־צונאַכט און וועקן די חברה־לייט זיי זאָלן אויפשטיין און גיין אין בית־המדרש אַריין זאָגן תהילים. געוועקט דעם עולם האָט ער, מיט אַ לייכטן קלאַפּ אין פענצטער צומורמלענדיק: שטייט אויף! שוין צייט צו זאָגן תהילים! ניט געקלאַפּט מיטן הילצערנעם האַמער, ווי ער פלעגט זיך דאָס נוהג זיין צו טאָן ווען ער פלעגט וועקן אין חודש אלול און עשרת ימי תשובה צו סליחות. אמת, מען דאַרף טאַקע די חברה לייט אויפוועקן, אָבער ער האָט געגומען אין אַכט, אַז פרייטיק צונאַכט וועקט ער בני מלכים, שבתדיקע יידן, דאַרף מען זיך מיט זיי באַגיין דעליקאַטער, איידעלער און מען קען ניט אַזוי וועקן ווי סתם אין אַ וואָכע־דיקער נאַכט און ס'איז אסור, דאָס שבת זאָל מען קלאַפּן עפּעס מיט אַ הילצערנעם האַמער ווי להבדיל אין יעדער נאַכט פון דער וואָך. ביסלעכווייז האָבן זיך חברה לייט צונויפגעזאַמלט און געזאָגט תהילים ביז מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען שחרית לשבת.

אָבער ניט נאָר צוליבן שבתדיקן תהילים האָט די חברה עקזיסטירט. ס'איז געווען אַ פיל העכערער און וויכטיקער זין

דערביי: תהילים זאָגן האָט געדינט ווי אַ מיטל צו מבטל זיין פאַרשיידענע גזירות וואָס זענען געווען נוגע דער שטעטל און אַמאָל אַפילו דעם גאַנצן כלל ישראל. אָפט מאָל אַפילו פון דער גאַנצער וועלט. ווען למשל אַ מלחמה, אָדער עפעס אַ מגפה פון אַ געוויסער קראַנקייט האָט זיך גענומען פאַרשפרייטן איבער דער זינדיקער וועלט. ס׳האָט אויך פאַסירט אַז אַ שטעטלדיקער ייד איז. רחמנא ליצלן, קראַנק געוואָרן און געראַנגלט זיך מיטן טויט, פון וועלכן די דאָקטוירים האָבן זיך שוין מיאש געווען און נאָר דער אויבערשטער אַליין קען העלפן און שענקען אים דאָס לעבן. ערשט דאַן האָט מען דערפילט די וויכטיקייט פון חברה תהילים אין שטעטל. האָט די פרוי פון חולה געכאַפּט די עופעלעך אויף די הענט, ווייל צוזאַמען מיט זיי קען מען דערוועקן מער רחמנות. איז זי געלאָפן צו יירשל דעם דרוקער אַהיים און אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין: ס׳איז אַ שטוב מיט קליינע קינדער און טאָמער חס־וחלילה זאָל די שעה ניט זיין... איז כאָטש נעם און גיי מען טאָר דאָס ניט זאָגן, אין וואַסער אַריין... זאָל ער זען, דאָס מען זאָל תיכף גיין זאָגן תהילים, אפשר וועט מען דערוועקן עפעס אַ זכות אין די הימלען, אַז אַ גאַנצע פאַמיליע זאָל חלילה פאַר דער צייט ניט פאַריתומט ווערן.

יירשל, גערירט ביז טרערן פון דעם שרעקלעכן אומגליק, האָט גלייך געוואָרפן די אַרבעט, שנעל צונויפגעזאַמלט די חברה־לייט אויף איין „אויסערגעוויינלעכן" תהילים־זאָגן און מען איז אַוועק אין גרויסן בית מדרש. דאָ האָט יירשל אויסגענוצט זיין גאַנצן אויטאָריטעט פאַרן רבונו של עולם, ווייל ניט כעני בפתח איז ער געשטאַנען פאַר דעם אויבערשטן, נאָר מיט אַ גאַנץ רייכן באַגאַזש, וועלכן ער האָט אָנגעזאַמלט אין משך פון זיין לאַנגן לעבן: געפאַסט גאַנץ עשרת ימי תשובה און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, שוין אָפגערעדט פון די 6 תעניתים וועלכע זענען אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן נאָך פון די גאָר אַלטע צייטן. אויסער דעם, גאַנץ אָפט צוגעהונגערט ווען ס׳איז געווען אַ מאַנגל אין אַרבעט. אָבער קיין איין מאָל ניט פאַרגעסן צו לויבן זיין ליבן נאָמען און צו זאָגן תהילים.

שווער צו זאָגן ווער ס׳וואָלט פאַרשפילט, ווען ס׳קומט צו אַ דין־תורה צווישן זיי ביידע. דאָס הייסט צווישן אים יירשל דער דרוקער און כביכול מיט דעם אויבערשטן אַליין. אויך די איבעריקע חברה־לייט האָבן זיך ניט געהאַט מיט וואָס צו שעמען און זענען אויך ניט געווען געפאַלן ביי זיך...

אַלע פאַרהאָרעוועטע יידן, וואָס האָבן זיך שטאַרק געמאַטערט אויף צו באַשפייזן די ניט קליינע פאַמיליעס, האָבן קיינמאָל ניט פאַרפעלט חלילה, צו דאַווענען בציבור און מקיים געווען אויך די איבעריקע מצוות וואָס אַ ייד דאַרף זיי אָפּהיטן. איצט קען מען זיך שוין פאָרשטעלן מיט וואָס פאַר אַ זיכערקייט מען האָט זיך צונויפגעקליבן אין אַ מיטן וואָכעדיקן טאָג כדי צו זאָגן תהילים אויף אָפּצוראַטעווען אַ ייד, וואָס ראַנגלט זיך אויפן טויטן בעט מיטן מלאך המות. און צוריק גערעדט, צוליב וועמען טוט מען דאָס אַלץ, אויב ניט טאַקע צוליב אים אַליין, וואָס זיצט אין דעם זיבעטן הימל, כדי ער זאָל האָבן נאָך אַ ייד אויף דער זינדיקער ערד וועלכער וועט מקיים זיין זיינע געבאָטן און לויבן זיין ליבן נאָמען. איז פאַרוואָס זאָל ער טאַקע ניט וועלן העלפן און שענקען אַ ייד נאָך אַ ביסל יאָרן צום לעבן. וואָס הייסט, ס׳פעלט אים דען אויס ווען ער וויל? נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, האָט זיך יירשל אָנגענומען מיט קוראַזש און מיט אַ צעבראָכן האַרץ אַרויף אויף דער בימה, ברייט פונאַנדערגעעפנט דעם ארון־הקודש, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן קולאַק איבערן שטענדער און חברה תהילים האָבן אָנגעפאַנגען צו שטורעמען די שערי רחמים מיט די קאַפּיטלעך תהילים וואָס איז אָנגעוויזן צו בעטן פאַר אַ חולה. און אַזוי זאָגנדיק מיט כוונה איז מען אַריינגעפאַלן אין עקסטאַז און ווען מען האָט שוין דערגרייכט צום קאַפּיטל ס״ט וועלכער פאַנגט זיך אָן מיט די האַרצרייסנדע ווערטער: למנצח על שושנים לדוד, הושיעני אלהים כי באו מים־עד־נפש. האָבן אַלע חברה־לייט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין. ווייבער וועלכע זענען בשעת מעשה דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם בית המדרש צום טייך נאָך וואַסער, האָבן זיך פאַרהאַלטן דערשראָקענע און קוקן צו די אָפענע פענצטער פון שול. איינע פאָרשט דער צווייטער מיט אַ שטומען בליק, אפשר איז וועמען באַקאַנט וואָס פאַר אַן אומגליק האָט געטראָפן אין שטעטל, דאָס מען זאָגט אין מיטן העלן טאָג תהילים? פון בית המדרש דערהערן זיך שוין די קלאַנגען פון דער לעצטער תפילה וואָס מען זאָגט פאַר אַ קראַנקן ה׳ ה׳ אל רחום וחנון ארך אפים א.אַ.וו. מיטן פולן גלויבן, אַז דער געבעט איז אָנגענומען געוואָרן און אַז דער חולה וועט, מיט דעם אויבערשטנס הילף, געהאָלפן ווערן, הויבן זיך אָן די חברה־לייט ביסלעכווייז פאַנאַנדערגיין, יעדערער צו זיך אַהיים, צו זיין ארבעט.

ויהי, און ס׳איז געווען, ווען דאָס תהילים זאָגן האָט אויך ניט געהאָלפן און דער חולה איז דאָך געשטאָרבן, איז עס געווען אַ סימן מובהק, אַז ס׳איז נישט אַנדערש, ווי ער האָט מער קיין יאָרן ניט געהאַט און דער גזר דין איז אים נאָך אָנגעחת׳מעט געוואָרן פון פאַראַיאָרן יום כיפור. אָבער מיטן טויט פון דעם קראַנקן הויבט זיך ערשט אָן די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער חברה. ס׳קלויבן זיך צונויף אַ מנין תהילים־זאָגערס, וואָס גייען אַריבער אין שטוב פון דעם טויטן. יירשל אָבער קען זיך ניט באַטייליקן, ווייל ער איז אַ כהן און אַלס אַזעלכער טאָר ער זיך ניט געפינען אונטער איין דאַך מיט אַ מת. ערשט דאַן פאַנגט זיך אָן דער אמת׳דיקער תהילים־זאָגן בכדי צו געפינען אַ תיקון פאַר זיין הייליקער נשמה אין גן־עדן צוזאַמען מיט די אבות אברהם, יצחק ויעקב ווו ער זאָל רוען תחת כנפי השכינה, און מיטן פסוק: צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו, באַגלייטן אים די חברה־לייט ביז צו זיין אייביקן רו.

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי האָט געווירקט די חברה תהילים אין שטעטל, ניט ווי די חברה ש״ס, וועלכע האָבן געלערנט נאָר פאַר זיך, וואָס איז באַשטאַנען פון אָנגעזעענע בעלי־בתים: חברה תהילים איז באַשטאַנען פון עמך וועלכע דאגה׳נען ניט נאָר פאַר זיך, נאָר לטובת הכלל... פאַר דער גאַנצער שטעטל.

אויסער דעם גרויסן בית־מדרש אין וועלכן ס׳האָבן זיך

קאָנצענטרירט אַלע חברות און אויך דאָרטן איז געווען דער שטענדיקער זיץ־אָרט פון שטעטלדיקן רב, איז נאָך געווען דער אַזוי־גערופענער, קליינער־בית־מדרש, אויפן נאָמען פון גביר און נדבן ר' ישראל ליפשיץ. דער קליינער בית־המדרש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין זויבערקייט, וואָס איז אָפּ־געהיט געוואָרן דורך דעם אויפזעער פון בית מדרש ר' חיים יעקב שלומ'ס, וועמען ס'איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דער אויפזיכט דורך די יורשים פון ר' ישראל ליפשיץ וועמענס



ר' חיים יעקב־שלומ'ס גאלאוונטשיץ ז"ל

שטענדיקער וווין־אָרט איז געווען אין סאָסנאָוויץ. די יידן פון טרעטשאַן, וועלכע האָבן ווייט געהאַט צו גיין אין יעדן פון די אויבנדערמאָנטע בתי מדרשים, האָבן געהאַט זייערן אַן אייגענעם מנין מיט אַ ספר תורה אין הויז פון אברהם בערל דעם שניידער. פונדאַנען אפשר נעמט זיך, וואָס אין שטעטל האָט מען אים גערופן דער טרעטשאַנער רב.

## חדרים און מלמדים

די בתי מדרשים זענען אָבער ניט געווען דער איינציקער מקור פון תורה, ווייל דאָס שטעטל איז געווען אויך איבער־פולט מיט חדרים ווו הונדערטער תלמידים האָבן דורך זייערע מלמדים באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. אין די חדרים האָט מען געלערנט פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט.

קיין געמישטע חדרים פון יינגלעך און מיידלעך האָבן כמעט ווי נישט עקזיסטירט. דער איינציקער חדר ווו ס'האָבן געלערנט נאָר מיידלעך איז געווען ביי חיים יעקב שלומ'ס, און אויך דער חדר איז געווען נאָר פאַר אָנפאַנגערינס, אָבער מער ווי ביז צו אַ פרשה חומש זענען זיי נישט דער־גאַנגען און ווערנדיק אַ ביסל עלטער, זענען זיי אַוועק אין דער רוסישער פאָלקס־שולע. די אָרעמע עלטערן האָבן צו יענער צייט געהאַלטן פאַר נישט נויטיק שיקן אַ מיידל לער־נען אין חדר.

דאַקעגן איז כמעט נישט געווען קיין פאַל אַפילו אין דער אָרעמסטער שטוב, דאָס אַ יינגל זאָל נישט גיין אין חדר, כאָטש ביז בר־מצוה און נאָכער האָט מען אים אָפּגעגעבן לערנען אַ מלאכה.

די חדרים אָבער זענען אויך געווען איינגעטיילט אין גע־וויסע קלאַסן, פאַרשטייט זיך לויט די פעאיקייטן פון מלמד. אַזוי למשל, האָט אברהמ'ל דער שמש, וועלכער איז באַגאַנ־גען זעלבסטמאָרד דורך אויפהענגען זיך אין שטיבל פון גרויסן בית המדרש, האָט געלערנט קינדער, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען גיין אין חדר דעם ערשטן זמן. אגב אורחא וויל איך דאָ דערמאָנען, אַז אברהמ'ל דער שמש, האָט זיך גע־האָנגען פונקט אין דעם יאָר וואָס איך האָב ביי אים אָנגע־פאַנגען צו לערנען אלף־בית און אַזוי ווי דאָס איז געשען אין מיטן זמן און אַ צווייטער מלמד האָט אין מיטן זמן קיין פרישע קינדער ניט געוואָלט אָננעמען, זענען מיר געווען שטאַרק צופרידן פון דעם גאַנצן עסק... ווייל אַזוי אַרום איז מען דערוייל, ביז עס וועט זיך אָנהויבן דער נייער זמן, פטור געוואָרן אויף אַ פּאָר מאָנאַטן פון חדר.

דער צווייטער דרדקי־מלמד איז געווען מאָטע משה. זאָל ער מיר מוחל זיין, אַליין שטאַרק „גשלאָגן" אויף דער עברי, און האָט נעבעך געמוזט אָנקומען צו דער פרנסה, נאָך דעם ווי ס'איז געשען מיט אים אַן אומגליק, שוין זייענדיק ניט קיין יונגער מאַן, האָט ער צעבראָכן אַ פוס, געבליבן אַ קאַליקע אויף דעם גאַנצן לעבן און אַזוי ווי קיין פאַך האָט ער נישט געהאַט, איז ער געוואָרן אַ מלמד. קיין גרויסן נחת האָט ער פון זיין נייעם פאַך ניט געהאַט. אויב מיטן אלף־בית איז ער נאָך ווי ניט איז אַדורכגעקומען, האָט ער אָבער שטאַרק געמאַטערט זיך נעבעך, ווען ער האָט געדאַרפט אָנ־פאַנגען מיט אַ יינגל חומש. דאָ האָט ער זיך געמוזט כסדר אַרויסהעלפן מיטן גרויסן טייטש־חומש וועלכן ער האָט אַ גאַנצן טאָג ניט אַראָפּגענומען פון טיש.

אַ ענלעכער טיפ מלמד איז אויך געווען נחום גאלאַ־וונטשיץ, אָדער ווי מען האָט אים גערופן נחום דער חסיד.

### ר' לייב יצחק

איינער פון די עלטסטע מלמדים איז געווען ר' לייב יצחק. אַ ייד אַ תלמיד חכם, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זעלטענע מידות און האָט געהאַט אין זינען אַלע אָרעמע לייט פון שטעטל, דאָס זיי זאָלן חלילה ניט בלייבן אָן ליכט און חלה אויף שבת און יום טוב. ווי אויך ווינטער באַזאָרגן זיי מיט האָלץ אויף צו באַהייצן די הייזער.

דער עיקר לערנען ביי אים אין חדר איז באַשטאַנען פון תנ"ך מיט רש"י און גמרא. ער האָט געקוקט אויף זיין חדר ניט נאָר ווי אויף אַ מקור פון פרנסה, נאָר קודם כל ווי אויף אַ גרויסער מצוה וואָס איז אים באַשערט צו מקיים זיין מיטן דערציען אַ דור פון ערלעכע יידן. דערפאַר האָט ער זיך קיין מאָל ניט גערעכנט מיט דער צייט און אַפילו ניט מיט קיין געלט; איז געווען אַ יינגל מיט אַ גוטער קאָפּ ביי אָרעמע עלטערן, וואָס האָבן ניט געהאַט צו באַצאָלן קיין שכר לימוד, האָט ער אים געלערנט אָן געצאָלט, אַבי ער זאָל אויסוואַקסן אַ ייד אַ בן־תורה. לאַנגע יאָרן איז זיין נאָמען דערמאָנט געוואָרן איבערהויפּט צווישן די אָרעמע שיכטן פון סווער־זשנע.

מלמדים פון אַ העכערע מדרגה זענען געווען ר' אליהו טעטס, יענק'ל דער חכם און שמואל דער שוחט, ווו מ'האָט

געלערנט חומש מיט רש״י, נ״ך און אין געוויסע פאַלן אַפילו גמרא. אויסער די אויבנדערמאָנטע קעגנשטאַנדן פון רעליגיעזן כאַראַקטער, האָבן זיי שוין געלערנט מיט די קינדער חשבון, לשון־קודש, שרייבן אַ יידיש בריוול און אַפילו אַ ביסל רוסיש, בכדי מ׳זאָל קאָנען אָנשרייבן אַן אַדרעס.

אַ שטיקל צייט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אָנגעפירט מיט אַ געמישטן חדר פון ייִנגלעך און מיידלעך דער לערער יצחק דאמניטש, וועלכער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מזל און זיין חדר האָט זיך געמוזט ליקווידירן אין גאָר אַ קורצער צייט אַרום.

## די תלמוד תורה

ס׳דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די „תלמוד־תורה״, וועלכע האָט עקזיסטירט אייניקע יאָר אין דעם שטיבל פון גרויסן בית המדרש, ווו ס׳האָבן געלערנט די אָרעמסטע קינדער פון שטעטל פאַר גאָר אַ ביליקן פרייז אָדער אינגאַנצן אומזיסט.

דער ערשטער מלמד וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער תלמוד תורה איז געווען אַ קליין־דאַרער ציכטיקער יידל מיט אַ שיינע ווייסע זילבערנע באָרד, וועלכע איז געווען שטענדיק ברייט צעקעמט און האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ייד אַ תלמיד חכם. געקומען איז ער פון דער פרעמד, אויב איך האָב נישט קיין טעות, פון דערבייאיקן שטעטל מיר. קיינער האָט נישט געוווּסט זיין נאָמען, נאָר מען האָט אים גערופן דער תלמוד־תורה־מלמד. אין זיין צייט זענען די לימודים אין דער תלמוד תורה געשטאַנען אויף אַ געהעריקע הויך, נאָר דער פלוצלינגער טויט האָט איבערגעריסן זיין פרוכטבאַרע טעטיקייט צווישן די אָרעמע קינדער פון שטעטל. נאָך אים האָט אָנגעפירט די תלמוד תורה בענדעט, און נאָך אים יענקל דער שמש. די לעצטע צוויי האָבן ניט געהאַט די מינדסטע פעדאַגאָגישע פעאיקייט און געווען זייער ווייט פון דעם וואָס מ׳האָט גערופן ביי אונדז אַ ייד אַ תלמיד חכם.

אַזוי האָט מער ווייניקער אויסגעזען דער דערציאונגס־וועזן ביי אונדז אין סווערזשנע אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## מאיר־יוסף שוואַרץ

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין גאַנצן שול־וועזן איז אַריינגעטראָטן מיט דעם אָנקומען פון מאיר־יוסף שוואַרץ קיין סווערזשנע. אַ יונגער מאַן פול מיט וויסן און שטאַרק באַהאַוונט אין דער רעליגיעזער און דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. מיט אַ אידעאַליסטישער נאַציאָנאַלער איינשטעלונג און ציוניסטישן באַוווּסטזיין. ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער צווייטער עליה קיין ארץ־ישראל, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט פון וואַנדערונגען איבערן לאַנד, האָט ער ניט געקאָנט געפינען פאַר זיך קיין פּלאַץ פאַר זיין מינדסטן עקזיסטענץ, איז ער געצווּנגען, ווי אַ סך אַנדערע אידעאַליסטן פון יענער תקופה, מיט אַ צעבראָכענעם געמיט אומקערן זיך צו זיין אָרעמער היים אין זיין געבורט־שטעטלע סווערזשנע. דאָס איז געווען בערך אין יאָר 1908.

נאָך זיין צוריקקערן זיך אין סווערזשנע, האָט מאיר־יוסף שוואַרץ, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אויפן היימישן סווערזשנעם שטייגער, מאיר יאָסל, געעפנט אַ מאָדערנעם חדר, וועלכער ס׳פאַרשטייט זיך האָט געמוזט זיין, ווי אַלע חדרים אין יענער צייט, שטרענג רעליגיעז לויטן פאָרעם, אָבער ציוניסטיש און נאַציאָנאַל לויט זיין אינערלעכן אינהאַלט. אויסער די רעליגיעזע קעגנשטאַנדן איז אָפּגעגעבן געוואָרן פיל צייט פאַר עברית, יידישע געשיכטע און העברעאישער ליטעראַטור. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער חדר מתוקן אין סווערזשנע.

אין זייער אַ שווערער לאַגע האָט זיך דאַן געפונען מאיר יאָסל. ניט אַזוי מאַטעריעל ווי גייסטיק האָט ער געליטן צוליב דער איזאָלאַציע וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום זיין פערזאָן. ניט חלילה צוליב דעם, וואָס ער האָט פאַרלאָזן ארץ ישראל און האָט זיך אומגעקערט צוריק אין גלות, דאָס האָט קיינעם ניט אינטערעסירט, אָבער ווי אין יעדן קליינעם שטעטל, אַזוי אויך ביי אונדז, זענען געווען מענטשן וואָס האָבן ליב געהאַט פרייען זיך פון יענעמס דורכפאַל. די בונדיסטן האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם דורכפאַל. ענין צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל אין זיין פריסטן יוגנט איז מאיר־יאָסל געווען אַ חבר פון „בונד״ און גאָר גיך האָט ער זיי „פאַרראַטן״ און איז געוואָרן אַ „ציוניסט״, האָט זיין צוריקקומען געשאַפן גענוג פּראָפּאַגאַנדע כדי צו איבערצייגן, די „האָראָפּאַשנע״ מאַסן אין דעם „פאַלשן״ ציוניסטישן וועג, וועלכע ווענדן אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף פאַרן דאָ זיין, צוליב אַ ציוניסטישע „אוטאָפּיע״ וואָס הייסט פּאַלעסטינע.

פרומע יידן זענען צופרידן געווען וואָס דאָס הייליקע לאַנד איז דערווייל פּטור געוואָרן פון אַ איבעריקן אַפּיקורס, וועלכער האָט געוואָלט דוחה זיין דעם קץ און ברענגען משיח׳ן פאַר דער צייט, און סתם קליינשטעטלדיקע לצים האָבן געהאַט איבער וואָס צו וויצלען זיך, אַז מאיר יאָסעלע האָט געבראַכט פון ארץ ישראל אַ גרויסן „קאַפּיטאַל״ — ער איז געקומען אין הילצערנע פאַנטאָפּלען.

אָבער אַזאַ מענטש מיט אַן אייזערנעם כאַראַקטער ווי מאיר יאָסל, גיט זיך ניט איין אַזוי לייכט איינצוברעכן. ער שטייט פעלדזנפעסט ווי אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף אין ברויזנדן ים האַלטנדיק זיכער דעם רודער אין האַנט און פאַרלירט ניט דעם גלייכגעוויכט אַפילו צווישן צעבושעוועטע שוימיקע וועלן. מאיר יאָסל בלייבט טריי זיין אידעע. ער קעמפט ווייטער מיט די קעגנער אויף רעכטס און אויף לינקס און ער ווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע און פרייע צייט דעם ציוניסטישן געדאַנק ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער טרעט אַריין אין אַ קאַמף מיט די גבאים פון די בתי־מדרשים צו דערלויבן שטעלן אין יעדער שול אַ קערה ערב יום־כיפור פאַר קרן־קיימת־לישראל. איך געדענק נאָך פון מיין פריסטע יוגנט, אָנקומענדיק מיטן טאַטן אין בית המדרש ערב יום כיפור צו מנחה, איז גלייך ביים אַריינגאַנג געשטאַנען אַ גרויסער טיש אַרום וועלכן עס זענען געזעסן די אָנגעזעענסטע בעלי בתים פון שטעטל יעדער הינטער זיין קערה פון פאַרשיידענע חברות און צווישן זיי אויך מאיר יאָסל. נעבן אים איז געשטאַ־

נען אויף אַ הויכן מעשענעם פוס אַ מעשענע קערה פון וועלכער ס'האָט אַרויסגעקוקט אַ ווייסער צעטל מיט גרויסע בלויע אותיות „לישוב ארץ ישראל — לקנית קרקעות”. גלייך נאָך יום כיפור פלעגט ער דאָס געלט איבערשיקן אין אָדעסער פאַלעסטינער קאָמיטעט.

יאָרן לאַנג איז געזעסן מאיר יאָסל ביי דער קערה פון קק"ל — דאָס איז שוין געווען זיין חזקה.

אויך נאָך דעם ווי מאיר יאָסל איז אַריבערגעפאָרן קיין סטויבצ, איז די קערה פון קק"ל יעדן ערב יום כיפור צו מנחה געשטאַנען אין בית המדרש אויפן טיש און יידן, ווי שטענדיק, האָבן מנדב געווען פאַרן קק"ל און נאָך פיל מער ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, ווייל ציוניזם איז שוין נישט געווען מער קיין ענין פון פאַנטאַזיאָרן און אַ גאַנץ היפשער טייל פון סווערזשנער יוגנט האָט זיך שוין געפונען אין ארץ ישראל, אַזוי אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לעבעדיקער קשר צווישן שטעטל און לאַנד.

נאָר עפּעס האָט געפעלט צו דער פריערדיקער אידיליע, וואָס האָט יאָרן לאַנג געהערשט צווישן אים און די קערה. דער זעלביקער צעטל מיטן אויפשריפט לישוב ארץ ישראל, די זעלביקע קערה, אויך דער בית המדרש איז דער זעלבער, אָבער מאיר־יאָסל האָט געפעלט. אַ דור פון תלמידים האָט מאיר־יאָסל אויפגעשטעלט, וועלכע זענען טריי געבליבן זיין לערע און אָפּגעהיט די ווערטן צו וועלכע ער האָט זיי דערצויגן. אַ דאַנק דעם, האָט אויסער דער ציוניסטישער באַוועגונג קיין איין פאַרטיי קיין דריסת הרגל ניט געהאַט ביי אונדז אין שטעטל, און מיט שטאָלץ קאָנען מיר אים אָנרופן: מאיר־יאָסל שוואַרץ — דער גייסטיקער פאָטער פון ציוניזם אין סווערזשנע. ער האָט עס כשר פאַרדינט.

אויסער די אויבנדערמאָנטע חדרים און אויך די העכערע חדרים ווי למשל פון שמואל דעם שוחט אָדער פון מאיר יאָסלען ווו מ'האָט שוין געהאַט אַן אָנונג אין אַ בלאַט גמרא, האָבן אַ טייל פון די עלטערן געשיקט זייערע קינדער פאַרזעצן זייער לערנען אין מירער ישיבה. פאַרשטייט זיך, אַז ניט גלייך איז מען אָנגעקומען אין מירער ישיבה, אויך דאָרטן איז געווען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע טיילן, אַזוי למשל, זענען די שוואַכערע קענער אין תלמוד צום אָנפאַנג אָנגענומען געוואָרן ביי משה יצחקן אין תלמוד תורה, פון אים איז מען אַריבער צו ר' זשאַמען אין „קליין”, נאָכער צו ר' זשאַמען אין „גרויס” און דאַן האָט מען ערשט געדאַרפט דורכמאַכן אַ עקזאַמען ביז מען איז אָנגעקומען אין דער אמתער מירער ישיבה. גרויס איז געווען די צאָל קינדער וועלכע זענען געפאָרן לערנען אין דער מירער ישיבה פאַר דער ערשטער מלחמה, אָבער אַ קליינער צאָל האָט דערגרייכט די ישיבה. די וועלכע זענען שוין אָנגעקומען אין ישיבה, האָבן יאָרן לאַנג פאָרגעזעצט זייער לערנען און אַרויס פון דאָרט מיט טיפע ידיעות אין תלמוד.

אויסער די יידישע חדרים, האָבן נאָך אַ טייל יידישע קינדער זיך פאַרפולקאָמט און געלערנט אין דער רוסישער „נאַראָדנע אוטשילישטשע” (פאָלקס־שולע) און אין „מיניסטערסקע דוווך־קלאַסנע”. אַ טייל יינגלעך האָבן געלערנט אין סטויבצער „גאראדסקאיע”, דאָס איז געווען אַ צאַרישע שולע ווו די לימודים זענען געווען פון 3 קלאסן גימנאַזיע.

איך שטרייך אונטער „פאַרפולקאָמט” צוליב דעם, ווייל ס'איז כמעט נישט געווען קיין פאַל אַז אַ יידיש קינד זאָל אָנפאַנגען גלייך פון אָנהויב אין אַ נישט־יידישע שולע. יעדעס יידיש קינד אָן אונטערשייד, האָט צו ערשט אָנגעפאַנגען לערנען אין חדר ווו ער האָט באַקומען די עלעמענטאַרע ידיעות פון יידישקייט, ווי דאַווענען, לייענען און שרייבן יידיש, אַז אַך־און־וויי וואָלט געווען צו אַזאַ בחור, ווען מען רופט אים אויף צו דער תורה און ער וואָלט ניט געקענט זאָגן די ברכות. ער וואָלט געמעגט אַפילו באַזיצן די העכסטע בילדונג, וואָלט מען אויף אַזעלכן געזאָגט, אַז ער איז אַ עם־הארץ און אַ פּראָסטער יונג. און דערפאַר איז ניט געווען קיין יידישע שטוב ווו די מוטער־שפּראַך זאָל ניט זיין יידיש, ווי דאָס איז געשען אין אַ סך אַנדערע געגענטן פון רוסלאַנד. דאָס איז געווען דער הויפּט־שטריך פון אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, און טאָמער האָט זיך געפונען אַ שטוב ווו מען האָט זיך באַנוצט מיט אַ פרעמדער שפּראַך אָדער גערופן די קינדער מיט גוישע נעמען, איז אַזאַ שטוב געווען פאַראַכטעט און באַצייכנט געוואָרן ווי אַ שטוב פון אַסימילאַטאָרן און מה־יפית'ניקעס.

אַזוי האָט אויסגעזען דער דערציאונגס־וועזן אין סווערזשנע ביז 1914, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־קריג.

אַ יאָר שפּעטער, אין 1915, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען באַראַנאָוויטש און דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט ביז אַ דרייסיק קילאָמעטער פון שטעטל האָבן אַ טייל יידן, אייבערהויפּט דער פאַרמעגלעכער, פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַוועקגעפאָרן קיין מינסק אָדער אין אַנדערע געגענטן אין רוסלאַנד. אַלס רעזולטאַט פון דעם זענען פאַרבליבן אין שטעטל גאָר אַ קליינע צאָל קינדער פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו צאָלן שכר לימוד. די טאַטעס זענען געווען מאָביליזירט אָדער זייענדיק אין אַמעריקע זענען זיי געבליבן אָפּגעשניטן איבערן יענעם זייט ים, און האָבן ניט געקענט העלפן זייערע אומגליקלעכע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן שטאַרק צוגעהונגערט.

קיין מלמדים איז אויך כמעט ווי ניט געווען, אליהו עטעס איז שוין געווען אַלט און האָט שוין מער מיט קיין קינדער ניט געלערנט. שמואל דער שוחט איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און מאיר יאָסל האָט פאַרלאָזט דעם חדר און געעפנט אַ קראָם פון קאָסמעטיק, וואָס האָט דאַן געגעבן פרנסה בשפע פון די פיל זעלנער און אָפיצערן וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין סווערזשנע און אין די אַרומיקע דערפער, אַהין פלעגן זיי קומען אָפּרוען זיך פון פראָנט און פאַרמירן זייערע רייען פאַר די וויטערדיקע פאַרשטייענדע קאַמפן, וועלכע זענען דאַן פאָרגעקומען במשך פון איניקע יאָר כמעט אָן אַ איבעררייס.

אין יענער צייט האָט זיך געפונען אין סווערזשנע יוסף שקאָלניק, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געלערנט אין מירער ישיבה און זיך דערוואָרבן טיפע קענטעענישן אין תלמוד און אין דער העברעאישער שפּראַך. ווערנדיק באַפרייט פון מיליטער אַלס קורצזיכטיקער, האָבן זיך געווענדט צו אים אייניקע בעלי־בתים פון סווערזשנע און פאַרגעלייגט אים צו שאַפן אַ חדר פון אַ באַגרענעצטע צאָל קינדער. זיין חדר האָט אָנגעהאַלטן לערך צוויי זמנים, ווייל סטויבצער בעלי בתים זענען געקומען און פאַרגעלייגט אים פיל בעסערע באַדינגונגען און ער איז אַריבער אין סטויבץ.

נאָך אים האָט אָנגעפירט מיט אַ חדר אין סווערזשנע משה זמודזיאַק, אָדער ווי מיר האָבן אים גערופן, מייסל מינינקעס לויטן נאָמען פון זיין מאַמען. אויך זיין חדר האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ אוזדער מיידל און איז אַריבער אַהין פון וואַנען ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

אין יאָר 1919, ווען ס׳זענען צום ערשטן מאָל געקומען צו אונדז די פּאָלאַקן און האָבן אָקופּירט אַ טייל פון ווייס־רוסלאַנד ביז דעם טייך בערעזינא צו מזרח, האָט דער „דזשוינט" אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט צווישן דער אויסגעמאַטערטער באַפעלקערונג פון 6 יאָר קריג און רעוואָלוציעס. ס׳האָט זיך תיכף איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט לאַנדס־פאַרבאַנדן אין אַמעריקע, אין יעדע שטאָט און שטעטל זענען אויסגעוויילט געוואָרן קהילה־ראַטן און ס׳האָבן זיך געעפנט קיכן פאַר קינדער און אומזיסטע שולעס.

אין סווערזשנע איז דאַן געעפנט געוואָרן, צום ערשטן מאָל, אַ מאָדערנע העברעאישע שולע אונטערן נאָמען „התחיה", וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע קינדער פון שטעטל וואָס האָבן דערגרייכט דאַן צו אַ פּאָר הונדערט און איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ גרופּע פּראַקטיצירטע לערערס, ווי: מאיר יוסף שוואַרץ, יוסף שקאָלניק, שמואל דער שוחט און חיה׳קע דעם רב׳ס. אין שטיבל פון בית־המדרש האָט מען איינגעאָרדנט די קיך אונטער דער אָנפירונג פון אייזיק שיינקמאַן נחום שטיינהויז און אַלס אויפזעערין — שיינקע דעם רב׳ס. די קעכין איז געווען רחל איטשקעס.

ס׳איז פּשוט געווען אַ נחת־רוח אָנצוקוקן ווי הונדערטער קינדער פלעגן זיך אויסזעצן ביי די טישן נאָך יאָרן פון הונגער און נויט און געקוויקט זיך מיט פרישע און נאַרהאַפטע שפּייזן.

די שולע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ הויכן קולטורעלן ניוואָ, וווּ ס׳האָט זיך אויך אָרגאַניזירט אַ פּרעכטיקער קינדער־כאָר אונטער דער לייטונג פון יוסף שקאָלניק. צום ערשטן מאָל האָבן די קינדער דערזען אויף די ווענט פון אַ יידישער שולע בילדער פון יידישע שרייבער און ציוניסטישע מנהיגים. זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז יידן האָבן אויך אַ הימנון און מען דאַרף זיך אויפשטעלן ווען מ׳זינגט „התקווה".

אַ באַגייסטערטע שטימונג האָט געהערשט צווישן די קינדער ווען מ׳האָט זיי דערציילט וועגן ארץ־ישראל, וווּ ס׳בויט זיך די יידישע מדינה. מיט אַ באַזונדערע פאַראינטערעסירונג האָט מען געלערנט די געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל, איבערהויפּט ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידישע דערפער און יידישע פויערים, וואָס קאָנען אַליין אַקערן און זייען און מען דאַרף נישט אָנקומען צו אַ גוי אַז ער זאָל קומען פאַראַקערן די פעלדער, ווי זיי האָבן דאָס געזען אין סווערזשנע. דאָרטן אין ארץ־ישראל גייט זיך אַריין אַ יידישער קאָלאָניסט אין זיין שטאַל און נעמט אַרויס זיין אייגענעם פערד מיטן אַקער און באַאַרבעט זיין פעלד, און ווען ער פאַרענדיקט אַקערן, זעצט ער זיך אַוועק רייטנדיק אויף זיין פערדל אַהיים. גליקלעכע יידן זענען די פויערים פון ארץ ישראל!

צום באַדויערן האָט די שולע לאַנג ניט עקזיסטירט. אין 1920 האָבן זיך צוריקגעקערט די באָלשעוויקעס און צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן און פּאָליטישע טעמים האָט זיך די שולע געמוזט שליסן. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם מאָמענט ווען די לערער האָבן זיך געזעגנט מיט די קינדער, און ווען מען האָט צום שלוס געזינגען די „התקוה", האָבן אַלע קינדער צוזאַמען מיט די לערער געוויינט מיט ביטערע טרערן.

מער האָט שוין קיין שולע אין אַזאַ פאַרנעם אין סווערזשנע נישט עקזיסטירט ביז איר אונטערגאַנג.

אין די ווייטערדיקע יאָרן איז נאָך געעפנט געוואָרן אַ חדר פון נח אבא רובענטשיק, אַ מענטש מיט אַ סך וויסן, אָבער מיט קנאַפּע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן. יאָרן לאַנג האָט ער געקנעלט מיט סווערזשנער קינדער, אָבער קיין פּרוכט פון זיין אַרבעט האָט ער נישט געזען.

ס׳האָט נאָך אים אָנגעפירט מיט אַ חדר אויף דער עלטער חיים פּראַטאַס און דוד לייבסאָן, אָבער עלטערן וועלכע האָבן זיך באַצויגן ערנסט צו דער דערציאונג פון זייערע קינדער האָבן געשיקט זיי לערנען אין דער „תרבות" שולע קיין סטויבץ.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אין דער מלחמה־צייט, לערך אין 1917 איז דורך די איניציאַטיוו פון קאַליע יאַרוסעוויטש געעפנט געוואָרן אַ רוסישע גימנאַזיע אין סווערזשנע, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ און איז באַזוכט געוואָרן דורך אַ סך יידישע שילער פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך, ווייל דאָס איז געווען דאַן די איינציקע גימנאַזיע אין דעם גאַנצן געגנט.

ווען די פּאָלאַקן האָבן צום צווייטן מאָל אָקופּירט אַ טייל פון ווייס־רוסלאַנד און איינגעשטעלט די גרענעץ מיט רוסלאַנד אין קאָלאָסאָווע, בערך 15 קילאָמעטער פון סווערזשנע, האָבן זיי סטויבץ פּראָקלאַמירט אַלס פּאָוויאַטאָווע (ראַיאָן) שטאָט און די גימנאַזיע „איבערגעשמדט" אויף אַ פּוילישע און איבערגעפירט זי קיין סטויבץ.

דאָס איז, מער אָדער ווייניקער, די געשיכטע פון גלויבן און דערציאונגס־וועזן צום סוף פון נייַנצנטן און אין דער ערשטער העלפט פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט אין סווערזשנע.

איבערגעריסן איז עס געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן דורך די נאַצישע מערדער אין יאָר 1941 — און דאָס מאָל מיט אַ טראַגישן סוף.

# פּערזענלעכקייטן

## יעקב שלום קאַצענעלנבויגן

אויסער פאַרשיידענע חברות און רבנים, האָט נאָך סווערזשנע אַרויסגעגעבן אייניקע אָנגעזעענע העברעאישע יידישע דערפּאָלגרייכע שרייבערס, צווישן זיי דער ייִנגסטער זון פון הרב ר׳ בנימין איסר און דער ברודער פון ר׳ חייפע, יעקב שלום קאַצענעלנבויגן, וועלכער איז געבוירן געוואָרן און זיך דערצויגן אין סווערזשנע. געווען איז ער איינער פון די ערשטע שרייבער און דיכטער פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. אין שטעטל איז ער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען דאדל. יעקב שלום האָט פאַרעפנטלעכט זיינע לידער און פּראָזע ביי פּרישמאַנען אין „הדור" אונטערן ליטעראַרישן ביינאָמען „ישק", דערציילונגען אין פּוקסעס „השבוע", ווי אויך מאמרים אין לאַנדאַנער „הדגל".

אויסער אַלס טאַלאַנטפולער דיכטער, איז דאדל געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך נאָך געזען אַקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק, וועלכע זענען פאַרשפּרייט געוואָרן דורך דאדלען צווישן סווערזשנער יידן מיט יאָרן צוריק.

יש"ק איז געווען אַ נייער פּאָעט. זיין געזאַנג, איז געווען אויף העברעאיש, אַ שפּראַך וואָס קיינער אַרום מיר האָט נישט גערעדט אין זיין ליד איז געווען פול מיט גע־שטאַלט פון עקזאַלטירטע שטימונג; ער פלעג אויסזען ווי אַ שיכור, ווען דער שאַפונגס־דראַנג האָט אים אָנגעכאַפּט איך קען ניט פאַרגעסן מיין דערשטוינונג, ווען איך בין מיט אים געגאַנגען אין וואַלד אויפן גרינעם שטעג, וואָס האָט געפירט פון בערגל אין שטוב אַריין. פּלוצלינג האָבן זיך זיינע צוויי אויגן פייערדיק אָנגעצונדן מיט אַ ברען, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אין קיינעמס אויגן וועלכע איך האָב געקענט. ממש פאַר מיר האָט ער אָנגעהויבן זאָגן פייערלעך אַ פערז נאָך אַ פערז: נייע און געמאָסטענע וועלכע ער האָט מאָמענטאַל געשאַפן. זיי זענען קונציק געשלאָסן געוואָרן איינעם צום אַנדערן, צוגעשניטן, געטאָקט און אויס־געהאָקט... ווונדער: זיי האָבן זיך אויך געגראַמט צום סוף, אַזוי ווי זיי וואָלטן עדות געזאָגט יעדער פערז אויפן צווייטן.

איך דערמאָן זיך אַן אָוונט אין אטאליז, ווען אין שטוב האָבן זיך פאַרזאַמלט העברעאישע קענער. האָט ער דאַן אַרויסגענומען פון זיין קעסטל אַ דערציילונג מיטן נאָמען „מים שלנו" (וואַסער צום פּאַרקנעטן די טייג פאַר מצות). דאָס זענען געווען דערציילערישע זכרונות פון זיין קינדהייט, ווי אַזוי ער האָט ביינאַכט געהאָט באַגלייט זיין פאָטער (דאָס הייסט — דעם סווערזשנער רב א.ד.ש.), ווען יענער איז געגאַנגען שעפּן וואַסער צום מצות באַקן. די דערציילונג איז געווען דורכגעזאַפּט מיט יום־טובדיקער קדושה, קינדער־בענקשאַפט און זקנים־ליבשאַפט. ער איז שוין געווען שלי־מותדיק אין פאָרעם, ניי אין אויסדרוק און אַריינדרינגענדיק אין האַרצן אַריין.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז ער האָט זיך געשיפלט איבער אַן אָזיערע מיט זיינס אַ באַקאַנטער אין דער שווייץ. אַ כוואַליע האָט זיך אַ הויב געטאָן איינצושלינ־גען דאָס שיפל. יש"ק האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן, אַריינ־געשפּרינגען אין וואַסער און געראַטעוועט זיין באַגלייטערין, נאָר ער אַליין איז דערביי אַראָפּגעזונקען אין תהום אַריין. ווער איז זי געווען, און ווו איז די דאָזיקע באַקאַנטע, וואָס האָט אים געזען אין די לעצטע מינוטן צוליב וועלכער ער האָט מקריב געווען זיין לעבן? צי האָט מען דערנאָך געפונען זיין קערפּער? צי האָט מען אים געבראַכט צו קבר ישראל? צי איז דאָ אַ צייכן אויף זיין קבר? — ביז איצט האָב איך ניט באַוויזן זיך צו דערוויסן וועגן דעם. (לויט „כוכבי בוקר" פון זלמן שזר).

דאָס איז געווען דער טראַגישער סוף פון הרב ר׳ בנימין איסרס מוזיניק, וועלכער איז געבוירן, דערצויגן און אויס־געוואַקסן אויף סווערזשנער באָדן.

## משה זייפערט

מיט פיל יאָרן פאַר יש"קן האָט געלעבט און געווירקט צווישן סווערזשנער יוגנט איינער פון די באַגאַבסטע יידישע שרייבער אין יענער תקופה משה זייפערט.

אין 1873 האָט מ. זייפערט אויסגעהאַלטן דעם פעלדשער־עקזאַמען און נאָך דעם ווי זיין פאָטער, דער סווערזשנער פעלדשער, איז געשטאָרבן, האָט משה זייפערט אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן אין סווערזשנע און אויך אין דעם דערבייאיקן שטעטל סטויבץ. שוין דאַן פאַנגט ער אָן זיין ליטעראַרישע פּובליציסטישע טעטיקייט, ער דרוקט פעליעטאָנען אין ראַד־קינסאָנס „הקול" און ציוניסטישע אַרטיקלען אין „המגיד", קאָרעספּאָנדענציעס אין וואָסכאָד", „כראָניקא" און „ראַסוויעט" (לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור פון זלמן רייזן).



משה זייפערט

אַרום 80 יאָר איז ער אַלט געווען ווען דער טויט האָט אי־בערגעריסן זיין פּרוקטבאַרע טעטיקייט, און 65 יאָר פון זיין לעבן, האָט ער געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אויך געשריבן אין העברעאיש, רוסיש און דייטש. די לעצטע 17 יאָר

פון זיין לעבן איז ער געווען פארבונדן מיטן ניו־יארקער „טאגעבלאט", ווו ער האט פארעפנטלעכט אייניקע פון זיינע בעסטע ווערק, ראמאנען פון יידישן לעבן, וועלכע האבן גע־מאכט א רושם אין צענדליקער טויזנטער יידישע הייזער. ער איז געלעזן געווארן פון גאנצע פאמיליעס און יעדער לע־זער האט אים באוואונדערט, סיי פאר זיינע אויסגעצייכנטע יידישע טיפן און בילדער, סיי פאר זיין רייכער פליסיקער שפראך.

און אט וואס עס שרייבט די רעדאקציע פון „ניו־יארקער טאגעבלאט" אין איר לייט־ארטיקל אין טאג פון זיין לויה, י' שבט פ' בשלח, תרפ"ב:

„גליקלעך איז דער מענטש וואס קען שאפן גליק און פארגעניגן פאר זיינע מיטמענטשן.

גליקלעך איז דער וואס קען מאכן די הערצער פון זיינע מיטמענטשן הייסער שלאגן, וואס קען ברענגען א שמייכל אויף זייערע ליפן. זייפערט איז געווען איינער פון יענע גליקלעכע, וואס קענען ברענגען גליק און פארגעניגן צו זייערע מיטמענטשן, א לעבן פון שרייבן נאכאנאנד מער ווי א האלבן יארהונדערט פון שאפן נאכאנאנד. פון בויען וועלטן מיט זיין פאנטאזיע, פון שילדערן בילדער, פון ברענגען צום לעזער אלטע חלומות פון זיין קינדהייט, פון א אפפרישן אין אים אדער אין איר זיין אדער איר יוגנט — וואס קען זיין שענער ווי אזא לעבן ווי דער פון זייפערט!

וויפל גליקלעכע מאמענטן, האט עס זייפערט מיט זיין רייכער פאנטאזיע געגעבן צו זיינע לעזער און ווי גרויס איז געווען די מעשים, וואס ער האט פאר זיי געטאן!

מען קען לעבן א לעבן פון מער קאמפארט ווי משה זייפערט, דער ארעמער פעדער־מענטש האט געהאט. מען קען האבן פיל מער פארגעניגן אויף דער וועלט ווי משה זייפערט האט געהאט, אבער מען קען ניט האבן קיין רייכערן לעבן ווי משה זייפערט האט געהאט. א מענטש וואס קען אזוי לאנג און אזוי פיל שאפן, לעבט רייך און גליקלעך אפילו ווען ער האט קוים מיט וואס א טאג איבערצוקומען. און ווען אן אכציק־יאריקער מאן שטארבט אין מיטן פון זיינעם א ווערק, שטארבט מיט דער פעדער אין האנט און מיט נייע פלענער פון נייע שאפונגען — איז ער געוויס געשטארבן א גליקלעכער.

באצאלן? די וועלט באצאלט ניט די וואס שאפן פאר איר. פונקט ווי איר באצאלט ניט א בלום פאר דאס וואס זי גיט אייך. אבער ניט פאר באצאלן שאפט דער מענטש. ער ארבעט בכדי ארויסצוגעבן דאס וואס אין אים געפינט זיך. דער שעפער האט דעם אמתן פארגעניגן ניט אין נעמען נאר אין געבן. זייפערט האט דעם יידישן פובליקום א סך געגעבן.

זייפערט האט געבראכט צו דעם ייד פון אמעריקע דעם הויך פון דער היים. ער האט פאר אים געמאלן דעם יידישן לעבן. ער האט געגעבן זיינע לעזער, א צווייטע יוגנט, דערמאנענדיק זיי אן זייער אלטער היים.

זייפערט האט געלעבט, געשאפן און געגעבן, מער ווי דאס קען א מענטש אויף דער וועלט ניט אויסטאן.

משה זייפערט האט אין משך פון לאנגן שעפערישן לעבן אנגעשריבן 64 ראמאנען און הונדערטער סקיצן און דערציי־לונגען. ער האט אויך אנגעשריבן 37 פיעסן און דראמען. זיינע דערפאלג רייכסטע פיעסן זענען „שומר ישראל" און „מלכת שבא". אלס זיינע בעסטע ראמאנען ווערן פארעכנט „דער טורעם פון בבל", „בארג אראפ" און „זישע פארהור־לייניקער". כאטש משה זייפערט איז געבוירן געווארן אין יאר 1845 אין ווילקאמיר, קאוונער גובערניע, איז ער דאך א סווערזשנער, ווייל ווען זיין פאטער האט זיך באזעצט ביי אונדז אלס פעלדשער, איז משה אלט געווען קוים 10 יאר און אין סווערזשנע האט ער אנגעפאנגען זיינע ערשטע ליטע־רארישע ארבעט. אויך זיין ערשטע פרוי איז געווען א סווערזש־נער און זיכער האט געהאט א גרויסע השפעה אויף זיין צארטער נשמה די רייכע נאטור וואס האט ארומגערינגלט דאס שטעטל פון אלע אירע זייטן.

### ד"ר לעאן מאצקין

גאר א נאענטע שייכות מיט סווערזשנע האט די פאמיליע מאצקין פון וועלכער ס'איז ארויסגעקומען איינער פון די שענסטע געשטאלטן פון פאליטישן ציוניזם ד"ר לעאן מאצקין.

ווי יצחק גרונטפעסט (איטשקע יאכקעס) וועלכער איז יארנלאנג געווען „מעשטשאנסקי־סטאראסטע" פון דער יידי־שער געמיינדע אין סווערזשנע, האט מיר דערציילט, האבן די פאמיליעס מאצקין די גאנצע צייט פון צארישן רעזשים ארויסגענומען פעסער אין סווערזשנער יידישער „מעשטשאנס־קער־אופראווע", ווייל לויטן צארישן געזעץ האט מען געמוזט נעמען א פאספארט נאר דארטן, ווו מען איז געווען פארשריבן אין די ביכער, אפילו ווען מען האט נאכהער געביטן דעם וווינונגס־פלאץ. אגב זענען די פאמיליע מיטגלידער גרונט־פעסט געווען נאענטע קרובים מיט די מאצקינס און פלעגן פון צייט צו צייט פארן צו גאסט קיין קיעוו, ווו די מאצקינס האבן געוווינט.

### יוסף תקוע

ווייניקע סווערזשנער ווייסן, אז דער יונגער באגאבטער דיפלאמאט יוסף תקוע, וועלכער איז געווען פארשטייער פון ישראל אין אונ"א אויף אבא אבנ'ס פלאץ, ווען יענער האט פארלאזן דעם אמט, נאכער איז ער געווען ישראל־אמבא־סאדאר אין בראזיל און איצט ישראל אמבאסאדאר אין ראטן־פארבאנד, איז א סווערזשנער. זיין מוטער איז דבורה ברכות, די טאכטער פון יאסל לייבאטעס.

די משפחה ברכות איז געווען גוט באקאנט אין שטעטל, דורכן טראגישן טויט פון יאסלען, דער פאטער פון דער פא־מיליע, וועלכער איז דערמארדעט געווארן אויפן וועג קיין מינסק אין יאר 1916 און וועמענס נאמען ס'טראגט איצט דער יונגער דיפלאמאט, דעם נאמען פון זיין דערהרגעטן זיידן. דער פארפאל פון מארד האט פאסירט אויף פאלגנדן אופן.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט זיך יאסל פארנו־מען מיט האנדל. אזוי ווי סחורה האט מען געמוזט ברענגען פון מינסק און מיטן באן איז געווען אוממעגלעך צו פארן, ווייל די באנען זענען געווען פארנומען מיט מיליטערישע טראנספארטן, האט יאסל, ווי פיל אנדערע יידן אין יענער



די יינגסטע טאָכטער פון יאָסלען רחל
מיט איר מאַן און קינד. הי״ד.

צייט, געקויפט אַ פערד און וואָגן און געפירט די סחורה פון מינסק מיטן פור. אויף איינער פון אַזאַ רייזע, ווען מיט אים איז דאַן אויך מיטגעפאָרן בנימין בוניעס, זענען זיי אויפן וועג באַפאַלן געוואָרן דורך באַנדיטן, נאָכדעם ווי מען האָט יאָסלען באַרויבט, האָט מען אים דערמאָרדעט אין וואַלד און בנימין איז אָפּגעקומען מיט שווערע ווונדן.

אין יאָרן אַרום האָט בנימין דערקענט אין שושאַרינען, אַ געוועזענער סאָלדאַט פון צאַר ניקאָלייס אַרמיי, וועלכער האָט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה סטאַציאָנירט אין סווערזשנע, אַלס איינעם פון די מערדער וועלכער האָט אויסגעפירט דעם שוידערלעכן מאָרד אויפן מינסקער טראַקט איבער יאָסלען. ס׳איז פאָרגעקומען אַ פראָצעס און ער איז דורך דעם פוילישן געריכט פאַרמשפט געוואָרן אויף אייביקע תפיסה צוזאַמען מיט נאָך אַ גוי. זיין שטראָף איז ער אָפּגעקומען אין דער טורמע פון נאָוואָגרודעק. די דייטשן האָבן אים באַפרייט, זיכער פאַר דער העלדישקייט וואָס ער האָט געמאָרדעט יידן נאָך איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט... שושאַרין האָט זיך אומגעקערט קיין סווערזשנע און פאַרנעמט אַן אָפיציעלן אַמט אין דעם סווערזשנעם „סעל־סאָוויעט", ד.ה. אין שטעטלדיקער זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין ראַטן־פאַרבאַנד.

## די ווירטשאפטלעכע לאגע פון די יידן אין סווערזשנע

ביי היינטיקן טאָג געפינט זיך אין אונדזער רשות אַן אינטערעסאַנטער אַרטיקל „מיין געבורטס־שטעטל סווערזשנע" פון ראובן ספעראנס, געדרוקט אין אַמעריקאַנער „טאָג". דאָס איז איינע פון די עלטסטע באַשרייבונגען וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון סווערזשנער יידן ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט.

אין יענער תקופה ווען קיין באַן איז נאָך ניט געווען און די ווייטסטע נסיעות האָט מען דורכגעמאַכט מיט אַ פערד און וואָגן, אָדער ווינטער־צייט מיט אַ שליטן, האָט סווערזשנע געדינט ווי אַ צענטראַלער פונקט ווו די וועגן האָבן זיך געקרייצט פון מזרח אויף מעריב און צוריקוועגס, איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, דאָס יידישע בעלי מלאכות, קרעמער און הענדלער, קרעטשמערס און גרויסע סוחרים האָבן געהאַט פרנסה בשפע. מען האָט דאָס אויך געקענט אַרויסזען פון דעם, וואָס כמעט ביז פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אין אָט דעם קליינעם שטעטעלע געווען צוויי שוחטים: שמואל דער שוחט און דער אַלטער חזן ר׳ בערל וואָלף שפּיץ. דאָס האָט געקענט דינען אַלס באַווייז, אַז אַמאָל איז געווען געבוג אַרבעט פאַר צוויי שוחטים און די טראַדיציע איז אָפּגעהיט געוואָרן. ס׳איז אמת, אַז אין די לעצטע יאָרן האָבן ביידע שוחטים ניט געהאַט קיין פרנסה פון דער שחיטה. האָבן זיי טאַקע ביידע געפונען צוגאָב־פאַרדינסטן: שמואל איז געווען אַ מלמד און דער חזן ר׳ בערל וואָלף, האָט זיך פאַרנומען מיט קונסט־אַרבעט פון רעליגיעזן געברויך; זיינע מענטעלעך צו ספרי תורות און זיינע געשניצטע עמודים פאַר בתי מדרשים, זענען געווען אַ שם־דבר און זענען פאַרקויפט געוואָרן אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אויך פאַרנעמען מיט מצבות קריצן, כאָטש אויף דעם געביט איז ער געווען ניט קיין גרויסער מומחה אָבער וואָס טוט ניט אַ ייד ווען ער דאַרף האָבן פרנסה און לעבן איז אַ מצווה, פאַרנעמט מען זיך מיט וואָס מען קען און מיט וואָס מען קען ניט. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען פאָרגעקומען שטאַרקע קריגערייען בין מנחה למעריב אין גרויסן בית מדרש צווישן חזן און אלטער האנעלעס, ווייל



אלתר מונבז. הי״ד

דער חזן האָט געהאַלטן, אַז דער פעטער וועלוול (געמיינט ווילהעלמען), וועט געווינען די מלחמה און „מיקאלייקע" ימח שמו, וועט נאָך מוזן אַנטלויפן אַפילו פון פעטערבורג. דאַקעגן איז אַלתר געשטאַנען אייזנפעסט אויף ניקאָלייס זייט, ס׳הייסט ניט אַזוי געהאַלטן פון קיסר, נאָר פון דער גרויסער רוסישער אַרמיי. ער איז טאַקע געווען אַ בעל־מלאכה אָבער ניט קיין פשוטער, דערצו איז ער געווען פון די יחידים, וועלכע האָבן אַריינגעקוקט אין אַ בלאַט און אויך אַפילו אין אַ רוסישן. זיין זון, האָט ער ניט געשיקט אין ישיבה ווי דאָס רוב סווערזשנער יידן, נאָר אין „מיניסטערסקע אוטשילישטשע", ניט חלילה,

ווייל ער איז געווען אַ אַפּיקורס, נאָר ווייל ער האָט פּיינט געהאַט „דוכאָווענסטווע”. אויף מאַמע לשון, האָט ער דאָס אָנגערופן, די קרומע רוקנס, געמיינט די כלי קודש. דאָס האָט אים, אָבער ניט געשטערט צו דאַווענען ביים עמוד שחרית אין די ימים נוראים. ווען ער פלעגט צוקומען צו די אינהאַלטספולע תפילות פון מחזור, פלעגט ער זיך פונאַנדערוויינען ווי אַ קינד. ווי באַלד אַז זיין גאַנצער שטייגער אַרט לעבן איז געווען פּאַראַדאָקסאַל, האָט מיט אים געקענט אויך געשען דער דאָזיקער פּאַראַדאָקס, אַז דווקא ער, אלתר דער שוסטער, כמעט אַ רעוואָלוציאָנער, זאָל וועלן, אַז נאָר רוסלאַנד זאָל געווינען די מלחמה. ער איז געווען זיכער, אַז די רוסישע אַרמיי וואָס ציילט צענדליקער מיליאָנען וועט מאַכן פון די דייטשן כעפרא דארעא און ס׳וועט ניט איבערבלייבן פון די יעקעס קיין שריד ופליט והראיה, ניקאָליי ניקאָלאַיעוויטש שטייט שוין מיט זיין אַרמיי אויף די קאַרפּאַטן און אויב דער אַרגומענט האָט געקענט אפשר פאַרן חזן ניט זיין גענוג, איז אַלתר, ווי געזאָגט, געווען אויך ניט קיין עם־הארץ און האָט גלייך גענומען פאַר אַ שותף אין ויכוח דעם תלמוד, ווייזנדיק שוואַרץ אויף ווייס, אַז שמואל האָט געזאָגט, דינא דמלכותא דינא, דאָס האָט אויך געקענט דינען ווי אַ רמז און אפשר אַ וואָרענונג פאַרן חזן אַז ס׳איז גלייכער, דאָס ער זאָל האַלטן ס׳מויל און ניט פירן קיין „אַגיטאַציע” צווישן די יידן אין בית מדרש פאַרן דייטש. דאַקעגן דער חזן ר׳ בערל וואָלף איז אויך געווען אַ ייד אַ עקשן און האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט אונטערגעבן און האָט אַלתרן צוריקגעשמיסן אין פּנים אַריין אַזעלכע וואָגיקע אַרגומענטן, ווי קישינעווער פּאָגראָם, תחום המושב, בייליס־פּראָצעס א.אַ.וו. דאָ האָט שוין יאשקע געצלס, וועלכער איז געווען די גאַנצע צייט אָנוועזנד ביים ויכוח און פאַרנומען אַ נייטראַלע שטעלונג און מער ניט געקענט שווייגן, גלעטנדיק זיין באָרד, האָט ער אָנגעפאַנגען בזה הלשון: ערשטנס, פאַרשטיי איך ניט צו וואָס איז די קריגעריי, ווייל ווי איך פאַרשטיי איז די מלחמה קיין מלחמה ניט. ס׳איז בלויז אַ פּרווו פוןביידע קיסרים זען ווער ס׳האָט אַ גרעסערע אַרמיי און דאָ קריגט מען זיך. לאָמיר זיך ניט נאַרן, צו וואָס דאַרף מיקאָליי מיט ווילהעלמען אַ מלחמה, ווי האָבן ניט וואָס צו פרעסן? האַ, פרעג איך ביי אייך. אלא וואָס, וועט איר מיר זאָגן, מען שרייבט אין די גאַזעטן, איז פאַרוואָס זייט איר אַזעלכע בהמות און פאַרשטייט ניט אַז פאַר ווי איז דאָס פּשוט אַ פּרנסה, נאַראָנעם, קריגן זיך און זיי ווערן מיסאַייסער (מתעשר). דאַן האָט ער זיך געווענדט אַהין, וווּ דער חזן איז געזעסן און געזאָגט: אייך, חזן, פאַרשטיי איך אינגאַנצן ניט, וואָס הייסט די רוסן וועלן פאַרשפּילן? אויב ס׳איז טאַקע יאָ אַ מלחמה, ווי איר אַלע זאָגן, קומט אויס, לויט אייער מיינונג, אַז דער דייטש שיסט מיט פּוליעס און פאָניע שיסט מיט בולבעס. גלויבט מיר, אַז די רוסן האָבן אַזעלכע קניידלעך (בלשון סגי נהור געמיינט באָמבעס), וואָס קענען חרוב מאַכן די גאַנצע וועלט.

עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ מאמרא (עם רב) מיט אַזוי פיל „פעכאָטע” און טשערקעסן. ווייסט איר וואָס דאָס מיינט, איין קאָזאַק קען צעהרגענען טויזנט דייטשן. איר וועט געדענקען נאָך מיין וואָרט, וואָס יאשקע האָט געזאָגט, ס׳איז ניט קיין מלחמה. ס׳איז זיך שווער פאָרצושטעלן וואָס יאשקע וואָלט אַריינגעכאַפּט פאַר אַזאַ מין שטעלונג. עפּעס אַ קלייניקייט, יידן האַלטן אין מיטן ברען פון מלחמה, מען טיילט איין טעריטאָריעס פאַרן דייטש אָדער פאַרן רוס, צום סוף קומט אַזאַ יאשקע און מאַכט דעם גאַנצן ענין צו גאָרנישט! אָבער דאָ איז געשען ממש אַ נס, ס׳האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ פאַטשעריי איבער די שטענדערס — אַ סימן אַז מען שטעלט זיך דאַוונען מעריב, אַזוי אַרום איז געוואָרן אַ צייטווייליקע הפסקה אין דעם שטורמישן ויכוח אין סווערזשנעם בית־מדרש, ווו ס׳האָט געדאַרפט אַנטשיידן ווערן דער גורל פון דער וועלט און ווער ס׳וועט געווינען די מלחמה...

אַזוי האָט זיך יעדן טאָג בין מנחה למעריב באַנייט דער זעלבער ויכוח, נאָר אַ דאַנק דער רעוואָלוציע פון 1917 האָט זיך געענדיק די דיסקוסיע צווישן חזן און אלתר האַנעלעס. אמת, די מלחמה האָבן זיי ביידע פאַרשפּילט, אָבער קיין גוטע פריינט איינער דעם צווייטן זענען זיי שוין ניט געווען ביזן לעצטן טאָג פון זייער לעבן.

מיט דעם אינערלעכן לעבן האָט זיך סווערזשנע ניט אונטערשייד פון אַלע שטעטלעך פון יידישן גלות־רוסלאַנד. די וועלט איז קיינמאָל ניט געווען קיין גלייכע, פול מיט אָפּנייגונגען, דאָ באַרג אַרויף און פּלוצלינג באַרג אַראָפּ. מען איז קיינמאָל ניט געווען זיכער אַז דער מאָרגן וועט זיין ענלעך צום היינט. אַזוי האָט זיך דאָס אַפּנים געצויגן זייט יאָרן פון דעם יידישן לעבן אין שטעטל. מען האָט חתונה געמאַכט קינדער, גענומען ווילגעלערנטע איידעמס, געגרינדעט חברות, אַלע טעג געדאַוונט בציבור און געהאַט פון וואַנען צו לעבן. מיט איין צווייג פון פּרנסה האָט זיך סווערזשנע אונטערשייד פון פיל אַנדערע יידישע שטעטלעך, און דאָס איז געווען דער פאַך פון גערטנעריי. איך מיין ניט דאָס, וואָס יעדער ייד כמעט האָט געהאַט נעבן זיין שטוב אַ גאָרטן פון גרינס און ניט נאָר וואָס ער האָט געהאַט גענוג גרינס פאַרן אייגענעם געברויך און פאַר זיין בהמה, גאָר ער נאָך געהאַט גענוג אויף צו פאַרקויפן. יעדן זומער, אין אוגערקעס־סעזאָן, יעדן פרימאָרגן פלעגן אַראָפּקומען די סטויבצער גרינס־הענדלערינס: שרה זלאָטניק (טרובציכעס), שפרה קאַפּלאַן (די טוקערין), טייבע אברהמקעס און איינקויפן אוגערקעס בכדי צו פאַרקויפן אויפן סטויבצער מאַרק. די פרייזן און די שטימונג ביי די איבערקויפערינס איז געווען ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן נעכטיקן טאָג. אויב נעכטן איז געווען אַ גוטער מאַרק־טאָג און מען האָט פאַרקויפט די אוגערקעס צו גוטע פרייזן, זענען געקומען יעדערע פון די איבערקויפערינס באַזונדער, איינע פריער פון דער צווייטער בכדי זי זאָל אַריינכאַפּן אַליין אַ פרישן וועגל אוגערקעס. טאָמער אָבער איז נעכטן געווען אַ שוואַכער מאַרק און די פרייזן געפאַלענע — זענען שוין געקומען אַלע דריי ווייבער צוזאַמען און געמאַכט יד אחת, ס׳הייסט אַ מין קאָאָפּעראַטיוו מיט אַן אייגענעם פרייז און קיין איינע פון זיי האָט ניט געצאָלט מיט אַ גראָשן טייערער פון דער צווייטער.

פאַרשטייט זיך, אַז די סווערזשנער בעלי־בתים האָבן ניט אַזוי גרינג מסכים געווען אַראָפּלאָזן פון פרייז און דאָ פלעגט

זיך אַנהייבן אַ דינגעניש. די סטויבצער ווייבער האָבן געשווירן אַז זיי וועלן שוין אין לעבן מער נישט האַנדלען מיט אוגערקעס און די סווערזשנער גערטנער אייגנטימער האָבן דאַקעגן געשווירן, אַז ווען חלילה, זיי וועלן וויסן אַז די גערטנער זאָלן בלייבן פּוסטעווען, וועלען זיי שוין מער קיין אוגערקעס נישט זייען און נישט האָבן צו טון מיט די איבערקויפערינס. אַזוי האָט זיך איבערגעחזרט יעדעס יאָר און יעדן זומער. ביידע צדדים האָבן פאַרגעסן די שבועות — די סווערזשנער האָבן ווידער געזייט אוגערקעס און די סטויבצער איבערקויפערינס זענען ווידער געקומען קויפן.

אָבער ניט וועגן די גערטלעך בין איך אויסן, ווייל די אַלע גערטנער־אייגנטימער, האָבן דאָס ניט געהאַלטן פאַר זייער מקור פון פרנסה. ס'איז בלויז געווען אַ צוגאָב צום שטענדיקן פּאַרדינסט. יעדער גאָרטן־אייגנטימער איז געווען אַ בעל־מלאכה אָדער אַ קרעמער און פון דעם האָט ער געצויגן זיין פרנסה.

דאַקעגן זענען אין סווערזשנע געווען אַ סך פאַמיליעס, וועלכע זייער איינציקער מקור פון פרנסה איז געווען גערטנעריי אָדער ווי מען האָט זיי אָנגערופן די „פרייסישע אָגראָדניקעס", ווייל זיי פלעגן נאָך פסח אַוועקפאָרן קיין דייטשלאַנד איבערהויפּט קיין קעניגסבערג צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע קינדער און אַ טייל פלעגן נאָך מיטנעמען אויך פרעמדע מענטשן ניט נאָר פון זייער משפחה. דאָרטן פלעגן זיי דינגען ביי דייטשע גוטסבאַזיצערס צענדליקער מאָרגעס ערד, פאַרזייט עס מיט גרינס און נאָכן סעזאָן, לערך נאָך סוכות, געקומען צוריק אַהיים צו זייערע פרויען און קינדער.

די אַלע „פרייסישע" האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ ספּעציעלע געשלאָסענע קאַסטע פון אויסדערוויילטע אין שטעטל, אַלע אויבנאָן־בעלי־בתים אין בית המדרש, געזאָגט אַ ברייטע דעה און געהאַלטן זיך העכער סיי פון די קרעמערס און שוין אָפּגערעדט פון די בעלי מלאכות.

זייערע קינדער האָבן זיך געלערנט אין די גוישע שקאָלעס און אויף זיי האָט מען געקוקט ווי אויף מענטשן, וואָס האָבן שוין אויסגעזען אַ וועלט.

די ערשטע קריג האָט זיי פאַרכאַפּט אַלעמען אין דייטשלאַנד, האָבן די דייטשן פאַרהאַלטן אַלע מיליטער־פּעיקע בחורים אַלס פליכטלינגע און די עלטערע לייט מיט די מיידלעך אָפּגעשיקט צוריק אַ היים.

פון די איבערגעבליבענע בחורים אין דייטשלאַנד האָט זיך שוין מער קיינער ניט צוריקגעקערט אַהיים קיין סווערזשנע. זיי האָבן דאָרטן חתונה געהאַט און געלעבט אין דייטשלאַנד ביז היטלערס אָנקומען צו דער מאַכט. נאָך דער אַנטשטייאונג פון היטלעריזם זענען פון זיי אייניקע געקומען קיין ארץ ישראל צוזאַמען מיט די משפחות יחיאל און וועלוול שמושקאָוויטש, מיכאל קליאַטשוק און זלמן רעזניק.

די ערשטע מלחמה האָט זיך געענדיקט, אָבער קיין דייטשלאַנד זענען שוין מער די סווערזשנער גערטנער ניט געפאָרן. אַ טייל האָבן פאַרגעזעצט זייער פאַך אין דעם נאָך מלחמה־דיקן פוילן און אַ טייל האָבן איבערהויפּט אויפגעהערט בכלל אַרבעטן צוליב דער עלטער. ווי דאָס זאָל זיך ניט האָבן געענדיקט, אַ פאַקט איז, אַז אין סווערזשנע האָט אַ באַדייטנדער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג זיך אָפּגעגעבן מיט לאַנדווירטשאַפט און פון דעם געצויגן זייער פרנסה.

ווי געזאָגט, האָבן סווערזשנער יידן פאַרדינט זייער חיונה בכבוד, אָבער דאָס אַלץ איז געווען ביז די זיבעציקער יאָרן פון נייגצנטן יאָרהונדערט, ד"ה ביז דער תקופה איידער ס'איז דורכגעפירט געוואָרן די באַן־ליניע מאָסקווע—בריסק און אין סטויבץ איז אויפגעבויט געוואָרן אַ באַן־סטאַנציע. זינט דאַן הויבט זיך אָן די ירידה פון סווערזשנע בכלל און פון סווערזשנער יידן בפרט.

מיט יעדן יאָר איז סטויבץ גרעסער געוואָרן און סווערזשנע קלענער. די באַוועגונג מיט פערד און וואָגן הערט אויף, די קרעטשמעס בלייבן פּוסט און לער, קיין דורכפאָרער קומען שוין מער נישט און דער יעקאַטערינאַווסקער טראַקט הויבט אָן ביסלעכווייז צו באַוואַקסן ווערן מיט גראָז. ס'זענען געבליבן בלויז די צוויי רייען אַלטע מאַיעסטעטישע ביימער אוממעכטיקע מיט אַראָפּגעלאָזטע צווייגן צו דער ערד, וועלכע האָבן געשאַפן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געקלאָגט אויף דעם ווירטשאַפטלעכן אונטערגאַנג פון סווערזשנער יידן.

זיי זענען געבליבן ביזן לעצטן טאָג פון יידישן אומקום ווי שטומע עדות פון יענער רומפולער און גלענצנדער תקופה אין לעבן פון די יידן אין סווערזשנע.

אַ ביסל האָט זיך געענדערט די לאַגע צום גוטן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ יידישער סוחר איטשע וועליע האָט אויסגעבויט אַ טאַרטאַק אין סווערזשנע צו שניידן ברעטער. גויים האָבן אָנגעפאַנגען אַרבעטן און פאַרדינען, ממילא האָבן געהאַט פרנסה די קרעמער. אויך האָבן אָנגעפאַנגען בעסער פאַרדינען די יידישע שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס און שמידן, אָבער דאָס גליק האָט לאַנג נישט געדויערט. אייניקע יאָר נאָכן עקזיסטענץ פון טאַרטאַק איז איין מאָל אַ פרייטיק־צונאַכטס אויסגעבראָכן אַ שרפה און דער טאַרטאַק איז גענצלעך פאַרברענט געוואָרן. מען האָט אַפילו געזאָגט אַז די בעלי בתים אַליין פון פאַבריק האָבן געמאַכט אַ „בורא מאורי האש". אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז דאָס געווען ווידער אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר די יידן אין סווערזשנע.

ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, האָבן יידן איבערגעלאָזן די פרויען מיט די קינדער און אָנגעהויבן אויסוואַנדערן נאָך אַמעריקע מיט דער האָפענונג אַז דאָרטן וועט מען ווערן שנעל רייך און גאָר אין גיכן וועט מען קענען איבערנעמען די פרויען מיט די קינדער.

## די ערשטע וועלט-מלחמה אין 1914

ווי זאָגט אַ יידיש גלייכווערטל: „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט". אין אויגוסט 1914, פרייטיק ערב שבת חזון, זענען אויסגעהאַנגען געוואָרן מעלדונגען אין די גאַסן, אַז ס'איז אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן עסטרייך און סערביע. רוסלאַנד מאָביליזירט איר מיליטער און איז גרייט העלפן סערביע. דער דייטש גייט העלפן עסטרייך.

אַ שוואַרצע כמאַרע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער וועלט און ס'האָט זיך אויך געפילט אין סווערזשנע. ווייבער

האָבן שוין ניט געמאַכט קיין שבת. ס'האָבן זיך געזאַמלט רעדלעך מענטשן אין די גאַסן. מען האָט געריסן זיך די האָר פון קאָפּ, געוויינט, געחלשט. יעדער איינער האָט געמאַכט אַ חשבון פון דעם שרעקלעכן צושטאַנד. איבערהויפּט פרויען האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכנונג פון דער געשאַפענער לאַגע. מען נעמט צו דעם מאַן, דעם איינציקן באַשפייזער, עס בלייבט איבער אַ שטוב מיט פּיצלעך קינדער. אומעטום איז מען שולדיג: אין די קראָמען, ביים בעקער, און שוין מאָרגן ווו נעמט מען ברויט פאַר די קינדער, קיינער וועט דאָך ניט וועלן באָרגן. אין איין שטוב איז דער מצב שרעקלעכער פון דער צווייטער. ווייבער הויבן אָן מאַכן אַ רעכנונג: וואָס וואָלט דאָס איר געאַרט, ווען איר מאַן איז אָן אַ פוס, אָדער אָן אַ האַנט, אַלץ בעסער ווי גיין, זאָל די בייזע שעה, די רגע ניט זיין — לייגן דעם קאָפּ פאַר פאָניע גנב. פאַר וואָס, פאַר וועמען, פאַרן גוטן לעבן דאָ!? אָבער די אמתע טראַגעדיע האָט זיך ערשט אָפּגעשפּילט אויף צומאָרגנס שבת חזון. גאַנץ פרי זענען שוין יידן געלאָפן דאַווענען. דער בית המדרש איז געווען איבערפולט פון מתפללים. מיט אַמאָל האָבן זיך האַסטיק אויפגעעפנט די טירן פון גרויסן בית המדרש און עס האָבן זיך אַריינגעריסן צענדליקער פרויען מיט עטע כאָניעס אין דער שפּיץ, ביי וועלכע ס'זענען מאָביליזירט געוואָרן דריי זין און חיה'לע מרדכי'ס, ביי וועמען מ'נעמט אויך צוויי זין און רעשקע יענקל דעם דרוקערס, וועלכע איז האַלב בלינד און בלייבט איבער מיט דריי קינדער פון וועלכע דער עלטסטער איז קוים אַלט 8 יאָר און חיה צירליע, וועלכע שוואַנגערט מיטן צווייטן קינד שוין אין די לעצטע חדשים, — אלע לויפן שנעל און פראַלן אויף די טירלעך פון ארון הקודש און עס דערהערן זיך קולות און געשרייען: „הייליקע ספרי תורות, איר שטייט דאָ און שוויגט, גייט אַרויף אין הימל, שטעלט זיך אַוועק פאַרן כסא הכבוד, שרייט צום רבונו של עולם, ער זאָל צערייסן דעם גזר־דין און אונדזערע קינדער זאָלן חלילה קיין יתומים נישט בלייבן". די געשרייען זענען ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן יאָמערלעכן געוויין. מען הערט שוין ניט קיין ווערטער נאָר אַן אַלגעמיינעם כליפּען. אַ שרעקלעכער געיאָמער. אַלע וויינען: דער רב, די מתפללים, די ווענט פון בית המדרש, ווי דער געוויין פון דער מוטער רחל אויף אירע פאַרלוירענע קינדער. נאָר דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט קעגן דעם וואָס ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט שבת נאָך מיטאָג, ווען אַלע מאָביליזירטע זענען געגאַנגען צו דער באַן. יעדער מאָביליזירטער מיט אַ זעקעלע אויף די פּלייצעס, און ס'האָבן אים באַגלייט אַלע שטוביקע מיט שרעקלעכע קולות און געשרייען.

אָט גייט ראובן געצלס, אַ פעסטער ייד, וועלכער האָט שוין אַלס אַרטעלעריסט דורכגעמאַכט די יאַפּאַנישע מלחמה, אָט קומט אָן משה אהרון, אַ קרעפּקער ייד מיט ברייטע פּלייצעס און אַ שוואַרצער באָרד — אויך ער איז געווען אין דער יאַפּאַנישער קריג. אָט קומט משה'קע הערצלס, וועלכער האָט זיך ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק אויסגעדינט און זיין חתונה האָט געזאָלט פאָרקומען שבת נחמו, און ס'קומען נאָך און נאָך, אַלע מיט די זעלביקע באַגלייטער מיט די זעלביקע געוויינען. אויך די קריסטן קומען אָן מיט זייערע באַגלייטער.

אַלטע גויים גייען נאָך שעפּטשען שטילערהייט און צלמען זיך, און אַזוי לאָזט זיך דער שרעקלעכער טרויער־צוג צום סטויבצער וואָקזאַל.

מיט אַ מאָדנעם געפיל בין איך געווען דאַן באַהערשט. אין מיין קינדערישן מוח האָט זיך דאָס ניט געקענט „פּאַטויפּען", וואָס הייסט שבת גייען יידן אָנגעטאָן אין וואָכעדיקע קליידער מיט זעק אויף די פּלייצעס. איך האָב שוין דאַן געפילט, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכעס פּאַסירט דאָ. שרעקלעכע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף דעם גאַנצן וועג. יעדע מינוט איז געפאַלן אַן אַנדערע פרוי אין חלשות און אייזיק דער אַפּטייקער איז אַרומגעלאָפן, געגעבן עפּעס אַ שמעק צו טאָן פון אַ פלעשעלע און יענע איז גלייך געהאָלפן געוואָרן. דער וואָקזאַל איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, אַ לאַנגער צוג פון לאַסט־וואַגאָנען איז געשטאַנען גרייט אוועקצופירן דעם גאַנצן „זאַפּאַס" מיליטער קיין מינסק אויפן „זבאָרנעם פונקט" ביים „וואָינסקי נאַטשאַלניק".

פלוצלינג דערשיינט טשאַרניעצקי, דער „זעמסקער נאַטשאַלניק", אָבער ניט ווי שטענדיק אין אַן אָפּגעריסענעם רעקל מיט פאַרלאַטעטע שיך. דאָס מאָל איז ער געווען פאַרפּוצט אין שוואַרצע קאַמאַשן, גרינע דענגאַל הויזן מיט אַ שוואַרצן סורדוט, באַהאָנגען מיט מעדאַלן. ער האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע און מיט טרערן פאַרענדיקט לויטן רוסישן שפּריכוואָרט, אַז פון אַ געדיכטן וואָלקן פאַלט דאָס רוב אַ קליינער רעגן און גאָט וועט נאָך געבן אַז אַלע וועלן זיך נאָך געזונט אומקערן אַ היים. ווען אַלע זענען שוין געזעסן אין די וואַגאָנען, און דער צוג האָט גענומען רירן, האָט ער אויסגעטאָן זיין היטל, זיך דערנענטערט צום צוג און אַ קוש געטאָן איינעם פון די וואַגאָנעס אָפּווישנדיק דערביי די טרערן פון זיין פּנים.

### די שווערע נויט פון די משפּחות

צוריק אַהיים איז שוין יעדער געגאַנגען באַזונדער. מען האָט שוין ניט געוויינט, ניט געחלש'ט נאָר פאַרגליווערטע געגאַנגען מאַכנדיק אַ חשבון הנפש וועמען איז ערגער, צי דעם וואָס איז אַוועק, אָדער די קינדער וועלכע וועלן בעטן עסן און ס'וועט ניט זיין קיין ברויט אין שטוב.

אומדערטרעגלעך איז אויך געוואָרן די לאַגע פון די אַזוינע גערופענע „אַמעריקאַנער ווייבער", דאָס הייסט פון די פרויען וועלכע האָבן געלעבט גאַנץ אָנשטענדיק פון דעם, וואָס זייערע מענער האָבן זיי צוגעשיקט פון יענעם זייט ים, פון „קאָלאָמבוסעס" מדינה. האָפנדיק אַז ווען מ'וועט אָפּשפּאָרן אַ ביסל געלט, וועלן זיי אויך קענען אַריבערנעמען זייערע פאַמיליעס און איצט פלוצלינג איז איבערגעריסן געוואָרן יעדע פאַרבינדונג מיטן עבר־לים און מען איז פאַרבליבן אָן וועלכע ס'איז מיטלען פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

אין דעם הינזיכט איז זייער לאַגע געווען אַפילו ערגער פון די פרויען וועמענס מענער זענען מאָביליזירט געוואָרן, ווייל סוף כל סוף, האָט יעדע פרוי באַקומען, מער ווייניקער, באַצאָלט פון דער רעגירונג פאַר איר מאָביליזירטן מאַן אָדער זון אויב ער איז געווען דער שפּייזער, דאַקעגן די „אַמערי־

קאַנער פּרויען" זענען געבליבן אָן קיין פאַרזאָרגונג און אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן פשוט ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפן אַ שטיקל ברויט פאַר זיך און פאַר די קינדער. ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו דער געשאַפענער לאַגע, מען האָט אויך גענומען טראַכטן אין שטעטל וועגן די „אַמעריקאַנער" פרויען, וואָס קאָן מען פאַר זיי טאָן. אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט יענקל עטעס. ער איז פשוט אַרומגעלאָפן פון שטוב צו שטוב מיט אַ קאָשיק און געקליבן ברויט, וועלכעס ער פלעגט פאַרטיילן צווישן די געוועזענע גבירטעס, די אַזוי־גערופענע „אַמעריקאַנער" פרויען. און זאָל דאָס פאַרצייכנט ווערן צו זיין זכות, אַז ווען ניט יענקל עטעס, וואָלט די לאַגע פון די דאָזיקע פאַמיליעס געווען ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלע.

אין אַ קנאַפּן יאָר אַרום, ד.ה. זומער 1915, איז אָפּגעברענט געוואָרן סטויבץ. וועגן בויען אויף דאָס ניי, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. דאָס רוסישע מיליטער האָט אויפן מערב־פראָנט געליטן איין מפּלה נאָך דער צווייטער און דער פראָנט האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער דערנענטערט צו אונדז. קיינער איז ניט געווען זיכער אויב גאָר אין קורצן וועט מען נישט דאַרפן אַנטלויפן. דערפאַר טאַקע האָבן פיל סטויבצער איבערגעצויגן זיך ווינען אין סוורזשנע. אַנדערע ווידער זענען באַצייטנס אַוועקגעפאָרן קיין מינסק. די הייזער אין סוורזשנע זענען געווען איבערפולט מיט סטויבצער. יעדערער האָט געטראַכט אַז דאָס איז בלויז צייטווייליק, אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז מען פאַרבליבן אין סוורזשנע ביז ס׳האָט זיך געענדיקט די קריג.

### דער ביטערער גורל פון די מאַסן פּליטים

אין קורצן נאָך דער שרפה פון סטויבץ, זענען די סוורזשנער גאַסן פאַרפּלייצט געוואָרן מיט טויזנטער היימלאָזע, וועלכע זענען דורך די רוסן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון לאָמזער און גראָדנער געגנט, און זיי האָבן דורכגעמאַכט זייער וועג מיט פערד און וואָגן טיפער קיין רוסלאַנד.

ביי טאָג איז געווען אוממעגלעך אַריבערצוגיין פון איין זייט גאַס אויף דער צווייטער און ביי נאַכט פלעגן זיי בלייבן רוען אויף די פעלדער, פונאַנדערגעלייגט פייער כדי צו אָפּקאָכן אַ ביסל עסן. ווען מען איז ביי נאַכט אַרויס אין גאַס און געשטעלט זיך אויפן בערגל ביים קלויסטער, האָט זיך געדאַכט אַז ס׳ברענט דער גאַנצער אַרום, פונקט ווי הימל און ערד וואָלטן זיך פאַרוואַנדלט אין איין שטיק פייער. גאַנץ פרי איידער די זון איז נאָך אויפגעגאַנגען, האָט מען זיך שוין געלאָזט צוריק אין וועג. וואָכן און חדשים האָט געדויערט די עוואַקואַציע און צווישן די עוואַקואירטע זענען אויסגעבראָכן פאַרשידענע עפּידעמישע קראַנקהייטן. אַלע פעלדער אַרום אונדז זענען פאַרזייט געוואָרן מיט קברים. פון טאָג צו טאָג איז געוואַקסן די צאָל צלמים אַרום דעם שטעטל. יעדער צלם אַ פרישער קבר. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. האָב און גוטס האָט זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער. פון דורות מענטשלעכע האָראָוואַניע איז געוואָרן צו גאָרנישט אין משך פון אייניקע וואָכן יעדער ייד כמעט האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ פערד און וואָגן און געהאַלטן אים גרייט אויף צו אַנטלויפן טיפער אין רוסלאַנד, ווייל קיינער איז ניט געווען זיכער מיט דעם מאָרגנדיקן טאָג. אַזאַ לאַגע האָט אָנגעהאַלטן כמעט ביזן סוף 1915. די דייטשן האָבן פאַרנומען באַראַנאָוויטש און דער פראָנט האָט זיך אָפּגעהאַלטן לערך אַ דרייסיק קילאָמעטער מערבדיק פון סוורזשנע, אַזוי איז דער פראָנט געבליבן ביז 1918.

דאָ איז פאָרגעקומען אַ פאַרבעסערונג אין דער מאַטעריעלער לאַגע פון די סוורזשנער יידן. די סיבה איז געווען פאָלגנדע: סטויבץ איז געווען איינגעהילט אין חורבות פון דער שרפה, אויסער אַ פּאָר באַראַקן פון ברעטער, וואָס אייניקע בעלי־בתים האָבן אויפגעשטעלט, האָט קיינער ניט געבויט. די שטעטלעך מיר און האראדזייע, זענען געווען צו נאָענט צום פראָנט, אַזוי אַז דער אידעאַלסטער פונקט פון מיליטערישער צוגרייטונג פאַרן פראָנט איז געווען סוורזשנע.

נאָך אייניקע מאָנאַטן פון קאַמף אויפן פראָנט, פלעגט יעדער קאָרפּוס מוזן זיך אָפּרוען און דערגענצן מיט פרישע כוחות דעם פלאַץ פון די געפאַלענע אויפן פראָנט. אַזאַ אָפּרוען זיך פלעגט אַמאָל דויערן אַ מאָנאַט און מער. דאַן פלעגט דער שטאַב פון קאָרפּוס איינגעקוואַרטירט ווערן אין סוורזשנע אין בנין פון „מיניסטערסקע אוטשילישטשע", און דאָס גאַנצע מיליטער — אין אַלע דערפער אַרום סוורזשנע. יעדער קאָרפּוס האָט אין צייט פון קריג געציילט 80 טויזנט סאָלדאַטן. יעדער סאָלדאַט איז געקומען מיט געלט פון פראָנט און האָט געזוכט וואָס צו קויפן פאַרן געלט, אַזוי אַז סוורזשנע האָט אָנגעהויבן צו לעבן. אין יעדער שטוב כמעט, האָט מען געעפנט אַ קראָם און יעדע קיך איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעקעריי. וויפל סחורה מען האָט געבראַכט און וויפל געבעקס מען זאָל האָבן געבאַקן, איז קיין מאָל ניט געווען גענוג אויף צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון די סאָלדאַטן. אין משך פון די דאָזיקע יאָרן זענען קיין סוורזשנע געקומען פאָלגנדע קאָרפּוסן: 16־טער, 35־טער, 5־טער סיבירער קאָרפּוס, 3־טער קאַווקאַזער, 24־טער און ווידער אַמאָל 3־טער קאַווקאַזער און 9־טער קאָרפּוס. אַזוי אַז אויך בעלי־מלאכות זענען געווען פאַרלייגט מיט אַרבעט. ניט נאָר די פרנסה האָט זיך געבעסערט, נאָר אויך דער אויסערלעכער אויסזען האָט זיך געביטן, גאַנץ סטויבצער גאַס ווו ס׳האָט זיך געפונען דער שטאַב און די גענעראַלן, איז געוואָרן אויסגעשאָטן יעדן טאָג מיט פרישן געלן זאַמד און ביי נאַכט האָבן געברענט לאַמטערנעס אין די גאַסן.

אויסגעפוצטע זשאַנדאַרן האָבן פאַטרולירט איבער סוורזשנע און אָפּגעהיט די אָרדענונג.

אַזוי איז אַריבער דאָס יאָר 1916 אָן קיין באַזונדערע ענדערונגען אויסער אייניקע שלאָפלאָזע נעכט, ווען ס׳פלעגט פאָרקומען אַ פאַרביסענע שלאַכט אויפן פראָנט און אין שטעטל פלעגט זיך הערן דער אָפּקלאַנג פון אַ ווייטער קאַנאָנאַדע פון דער שווערער אַרטילעריע. מענטשן האָבן מורא געהאַט אויסצוטאָן זיך און געוואַרט מיט אַ קלאַפּונג אין הארצן אויף דעם וואָס מען האָט געוואָלט ס׳זאָל ניט געשען. זייער אָפט פלעגט קומען אַ דייטשער אַעראָפּלאַן אויף וועלכן

ס׳פלעגט גלייך געעפנט ווערן אַ פייער פון 4 האַרמאַטן, וועלכע זענען געשטאַנען גרייט נעבן אַלטן בית עולם. יעדעס מאָל פלעגט ער וואַרפן אַ באָמבע אויפן וואָקזאַל און די באָמבע פלעגט פאַלן אין ניעמאַן אַריין.

אָבער אויך צו דעם האָט מען זיך צוגעוווינט. ס׳זענען געווען טעג ווען דער אַעראָפלאַן איז ניט געקומען, זענען מענטשן אַרומגעגאַנגען אומגעדולדיק, גלייך ווי ס׳וואָלט זיי עפעס געפעלט.

## די פעברואַר־רעוואָלוציע

אַזוי איז אָנגעגאַנגען דאָס לעבן אין שטעטל ביזן 12־טן מערץ 1917. מיט אַמאָל איז פאַרצויגן געוואָרן אַ כמאַרע אויף אַלעמענס פנימער. יעדער איז געגאַנגען פאַרטיפט אין זיך אַליין. יידן האָבן אָנגעהויבן קומען דאַווענען מנחה און מעריב, און אויב ס׳זענען געשטאַנען צוויי מענטשן און האָבן זיך געסודעט, איז גלייך איבערגעריסן געוואָרן זייער שמועס ווען ס׳איז צוגעקומען אַ דריטער. אַלץ אָפטער האָבן זיך געהערט די ווערטער פון איינעם צום צווייטן: רעדט ניט קיין נאַרישקייט, באַלבעט ניט, זוכט ניט קיין צרות, און דאָס גלייכן. אין אַ פאָר טעג אַרום האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז דער פריסטאַוו איז אַנטלאָפן פון סטויבץ, אָבער גלייך האָבן זיך באַוויזן יידן, וועלכע האָבן עקשנותדיק אָפגעלייקנט די ידיעה און די שפאַנונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ערשט דעם 17־טן מערץ ווען מען האָט געזען ווי סאָלדאַטן האָבן אַוועקגעפירט דעם אוריאַדניק מיט די סטראַזשניקעס קיין אקינטשיץ צום עטאַפּנעם קאָמענדאַנט, דאַן ערשט האָט מען שוין אָן מורא איינער דעם צווייטן געפאַלן אויף די העלדזער און אָפגעגעבן מזל־טוב מיט דער רעוואָלוציע, און שוין אַרויסגערעדט מיטן פולן מויל „דאַלאָי ניקאָלאַי״ און זאָל לעבן קערענסקי מיט דער צייטווייליקער רעגירונג. סקעפּטיקער זענען נאָך געווען צוריקגעהאַלטן און האָבן געוואָרנט, אַז יידן דאַרפן זיך ניט פרייען צופיל אין די גאַסן און ניט וואַרפן זיך אין די אויגן, ווייל מען קען אַמאָל האָבן דעם זעלבן סוף וואָס אין פינפטן יאָר...

ביסלעכווייז האָבן זיך יידן צוגעוווינט אַז די רעוואָלוציע איז טאַקע אַ פאַקט. מען האָט זיך אָנגעהויבן שפירן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, אָבער פרנסה אין שטעטל איז געוואָרן שוואַכער, קיין פריש מיליטער־לייט צום אָפרוען זיך פון פראָנט זענען ניט געקומען, ווייל די צייטווייליקע רעגירונג האָט אָנגענומען אַ טאַקטיק פון ניט אָנגרייפן דעם שונא צוליב פאָלגנדע סיבות:

ערשטנס, כדי מען זאָל קענען אָנווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דער אינערלעכער פאַרפעסטיקונג פון דער רעוואָלוציע אין לאַנד גופא. פאַרשטייט זיך אַז דאָס לאָזט זיך ניט מאַכן ווען מען קעמפט אויף די פראָנטן און די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט אַהין און וואָס יעדער דורכפאַל אויפן פראָנט איז עלול צושטערן די אַזוי שווער דעראָבערטע פרייהייט. און צווייטנס איז די סאָלדאַטן אַליין שוין דערעסן געוואָרן צו וואַלגערן זיך יאָרן לאַנג אויף די פראָנטן. דערהערנדיק אַז אין לאַנד איז אַ רעוואָלוציע און מענטשן פרייען זיך אין די גאַסן, האָבן זיי פאַרלוירן דעם חשק קעמפן און איינשטעלן זייער לעבן. דער לאָזונג אין דער אַרמיי איז געווען אַוועקלייגן דאָס געווער און גיין אַהיים. דאָס האָבן פאַרשטאַנען די אַנטאַנטע מדינות און זיי האָבן בלויז פאַרלאַנגט פון קערענסקען, דאָס אויב די אַרמיי וויל איצט ניט אָנגרייפן דעם שונא, זאָל מען איר צו דעם ניט צווינגען, אָבער בשום אופן ניט פאַרלאָזן דעם פראָנט, בכדי דער שונא זאָל ניט קענען אָפציען די כוחות פון מזרח פראָנט און איבערוואַרפן זיי אויף מערב ווו דער דייטש האָט דאַן געליטן איין מפלה נאָך דער צווייטער. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויך די דייטשן האָבן פאַרלוירן דעם פריערדיקן לוסט צום קריג און איין צד האָט ניט אָנגעגריפן דעם צווייטן. במילא, אַז מען האָט ניט געקעמפט, זענען ניט געקומען קיין פרישע מיליטער קיין סווערזשנע אָפרוען זיך, אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ שטאַרקער מאַנגל אין פרנסה. דער יקרות, האָט געשטיגן פון טאָג צו טאָג און בכדי צו לינדערן די נויט, האָט זיך געעפנט אַ קאָאָפעראַטיוו. די פאַרקויפערס זענען געווען צום ערשטן מאָל יידן און קריסטן צוזאַמען. אין קאָאָפעראַטיוו האָט מען באַקומען אויף באָנען מעל, ברויט, גרויפן און ענלעכע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך פאַר ביליקע פרייזן.

## די שריפה

דעם 8־טן מאַי 1917, 7 אַזייגער אין דער פרי האָט אָנגעפאַנגען ברענען דער שייער פון אַליעש שטשאָרש אויף דער רומאָווער גאַס. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פון דעם וואָס סאָלדאַטן האָבן אויף אַ געהיימען אופן געטריבן „סאַמאַהאָנקע״, דאָס בראָנפן וועלכע ווערט געמאַכט אויף אַ פרימיטיוון שטייגער, דער קעסל האָט זיך אָנגעצונדן און תיכף האָט אָנגעפאַנגען ברענען דער שטרויענער דאַך פון שייער און צוליבן גרויסן ווינט אין יענעם פרימאָרגן, האָט זיך דער פייער בליץ שנעל פאַרשפרייט און אין משך פון געציילטע מינוטן איז שוין געווען אַ האַלב שטעטל אין פלאַמען. ס׳איז אויך ניט געווען



**סטויבצער גאַס**

ל. עפשטיין, ל. קוזניעץ הי״ד, י. עפשטיין

ער זאָל לעשן די שריפה, ווייל די גאַנצע יוגנט פון שטעטל, אָט זיך געפונען אין דער אַרמיי און קיין פייערלעשער־אָר־ אַניזאַציע האָט ניט עקזיסטירט. יעדער האָט געראַטעוועט פון ין שטוב, וואָס ס'האָט זיך געלאָזט און דער פייער האָט נבושעוועט פריי פון איין שטוב צו דער צווייטער, פון איין אָס אין אַנדערער און געענדיקט האָט זיך די שריפה דאַן, ען ס'איז שוין ניט געווען מער וואָס צו ברענען.

ס'האָבן אָפּגעברענט ביידע בתי מדרשים, דער מאַרק מיט ; קראָמען און כמעט דער גאַנצער יידישער טייל פון שטעטל.

## אָוויעטן, דייטשן און פּאָליאַקן

ערגער איז געוואָרן די לאַגע נאָך דער אָקטאָבער רעוואָ־ 'ציע. צוליב דעם אָפּטן בייטן זיך פון דער מאַכט פון איין יט און דער מלחמה צושטאַנד פון צווייטן זייט. ס'האָט זיך וך געפונען אין פאַרקער 4 סאָרטן געלט : ביקאָלאַיעווסקע, 'מסקע, קערענסקעס און סאָוועטסקע, אַזוי דאָס די פויערים אָבן פאַרלוירן דעם צוטרוי צו די אַלע געלטער און האָבן 'יפגעהערט צו קומען אויף די מערק מיט זייערע פּראָדוקטן. נר הונגער האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. יידישע נלי־מלאכות האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער די דערפער און נן האָט אָנגעפאַנגען בייטן אַרבעט אויף פּראָדוקטן. די יערים האָבן אויסגענוצט די קריטישע לאַגע אין שטאָט און גבן געצאָלט פאַר דער אַרבעט לעכערלעכע פּרייזן. אַזוי ;של, האָט אַ שניידער פאַר אויפנייען אַן אַנצוג באַקומען אַ ד קאָרן, אַ שוסטער פאַר מאַכן אַ פּאָר שטיוול — אַ פּאָר פּוד ;רטאָפל. אָבער מען איז געווען צופרידן וואָס מען האָט גע־ 'בעט ביים פויער אין שטוב, האָט מען דערווייל אויך באַקר־ נן עסן.

ערגער איז געווען די לאַגע פון מענטשן, וועלכע האָבן ט געהאַט קיין פאַך, זיי האָבן געמוזט צאָלן די פויערים מיט לד אָדער מיט צירונג, אַנדערש האָבן זיי ניט געוואָלט ;רקויפן קיין פּראָדוקטן.

אָנהייב פרילינג 1918, האָבן די באָלשעוויקעס נאָך אַן ;מאַך מיטן דייטש, פאַרלאָזט ווייסרוסלאַנד ביז דער שטאָט 'שע. פאַרן פאַרלאָזן סווערזשנע, האָבן זיי צווישן די דער־ ;קסענע צעטיילט ביקסן מיט קוילן און גאַנץ רואיק פאַר־ ;זט דעם געגנט. פאַר פסח 1918 זענען געקומען די דייטשן. ייך נאָך זייער קומען, האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אומ־ רן דאָס באַקומענע געווער פון די באָלשעוויקעס. די ווירי ;זאַפטלעכע לאַגע האָט זיך אַ ביסל סטאַביליזירט אָבער אָן ויסע ענדערונגען. די פראַגע וואָס עסט מען, איז כמעט ניט 'אָפּ פון טאָג־אָרדענונג.

ביים ענדע 1918, נאָכדעם ווי ס'האָט אויסגעבראָכן די וואָלוציע אין דייטשלאַנד, האָט אויף אַ כאַאָטישן אופן, דאָס 'טשע מיליטער אָנגעפאַנגען אַנטלויפן פון אַלע רוסישע גע־ ;ן (אויך פון סעוורזשנע). דער גאַנצער געגנט איז געבליבן וועלכע ניט איז מאַכט, די דייטשן זענען אַנטלאָפן און די ;ן זענען נאָך ניט געקומען. מען האָט גערופן אַן אַלגעמיינע רזאַמלונג פון יידן און קריסטן אין בנין פון דער רוסישער לקס־שולע אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויס־ וויילן אַן אָרטיקע פאָלקס־מיליציע וואָס זאָל היטן די אָרדענונג ביז ס'וועט זיך איינשטעלן אַ סטאַבילע מאַכט. אַלס נאַטשאַל־ ניק פון דער מיליציע איז אויסגעווײלט געוואָרן יעווגעני דראָזדאָווסקי און צווישן די מיליציאָנערן זענען אויך געווען צוויי יידן : משה'ל גראַנדע און גבריאל גאַלאָוועניציק. אין קורצן איז אַראָפּגעקומען פון מינסק אַלס קאָמענדאַנט אַ טאַ־ טאַרין מיישיטאָוויטש און אין דעם צוזאַמענשטעל איז די מי־ ליציע פאַרבליבן במשך פון דער גאַנצער צייט וואָס די באָלשע־ וויקעס זענען ביי אונדז געווען. אין דער צווישן־צייט, האָבן זיך אָרגאַניזירט פּוילישע לעגיאָנען, וועלכע האָבן פאַרנומען גרוי־ סע שטחים פון ווייס־רוסלאַנד און די רויטע אַרמיי האָט גע־ מוזט פירן מיט זיי אַ פאַרביטערטן קאַמף. די לאַגע איז גע־ וואָרן אומדערטרעגלעך צוליבן הונגער, אויך די רויטע אַרמיי האָט ניט געהאַט וואָס צו עסן. יידישע סוחרים זענען געפאָרן אין די דערפער כדי צו קויפן ביי די פויערים די תבואה און אַוועקגעפירט עס קיין מינסק, ווו די פרייזן זענען געווען נאָך העכערע, אַזוי אַרום איז געווען אוממעגלעך צו קויפן אַ שטיקל ברויט און די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג איז אויסגעגאַנ־ גען פון הונגער. האָט מען שבת אין בית מדרש פאַרהאַלטן דעם לייענען. דער רב רוינעס האָט אַפּעלירט צו די הענדלער זיי זאָלן אויפהערן אַרויספירן די תבואה פון דער געגנט, ווייל דאָס הייסט געהאַנדלט מיט מענטשלעכע לעבנס. שבת צו־ נאכט, האָט מען אַריינגעטראָגן די מיטה אין בית מדרש אי־ בערגעדעקט מיטן שוואַרצן געוואַנט אַזוי ווי מען וואָלט געטראָגן אַ טויטן, אויפן בימה, האָט מען אָנגעצינדן שוואַרצע ליכט און דער רב האָט מסכים געווען מען זאָל אויסרופן אַ חרם, אַז מען טאָר ניט אַרויספירן קיין תבואה פון סווערזשנע אין אַנדערע שטעט. ווען שמואל דער שוחט איז אַרויף אויפן בימה אויסרופן דעם חרם, האָבן אייניקע יידן „נוגעי בדבר", אָדער סתם ערלעכע יידן, ניט וועלנדיק בייזיין ביי דער שרעק־ לעכער צערעמאָניע, האָבן זיי געוואָלט זיך אַרויסקריגן פון בית המדרש. האָבן זיך געפונען אייניקע פאַרביטערטע פון הונגער און מען האָט פאַרשפּאַרט די טירן פון בית מדרש און קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט. ווען שמואל דער שוחט האָט אָנ־ געהויבן לייענען דעם נוסח פון חרם, וועלכער הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „בהסכם הרב ובהסכם בעלי־בתים", האָבן ווייבער אָנגעהויבן חלשן אין דער ווייבער־שול.

דעם חרם האָט מען אויסגערופן, אָבער די הענדלערס האָבן ווייטער אָנגעפירט מיט זייער שוואַרצן האַנדל מיט תבואה און די הונגעריקע האָבן וואָס אַמאָל אַלץ מערער געהונגערט. אַמשווערסטן האָבן געליטן די פאַכלאָזע מענטשן און די „אַמע־ ריקאַנער" משפחות, וועלכע זענען הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון פרויען מיט קליינע קינדער, אין דער צייט ווען זייערע מענער אין אַמעריקע האָבן מיט גאָרנישט ניט געקענט העלפן זייערע הונגעריקע פאַמיליעס. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן די לאַגע ביז שבת חזון תרע"ט — 1919. דאַן איז אַריין אין סווערזשנע צום ערשטן מאָל דאָס פּוילישע מיליטער, וועלכע איז דערגאַנגען ביז דעם טייך בערעזינא און דאָרטן זענען זיי געבליבן שטיין ביז זומער 1920. מיט דער פּוילישער אָקופּאַציע האָט זיך גלייך געענדערט די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון

שטעטל צום גוטן. שנעל האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט אַמעריקע און די פריערדיקע הונגעריקע „אַמעריקאַנער״ פאַמיליעס זענען מיט אַמאָל געוואָרן נגידים. די מענער האָבן אָנגעהויבן שיקן צו זייערע פאַמיליעס טויזנטער דאָלאַרן, נאָך אַזויפיל יאָרן הונגער און נויט האָט מען אָנגעפאַנגען עסן מכל טוב. די פריערדיקע קליידונג וואָס איז באַשטאַנען פון געפאַרבטע זעק, זענען שנעל פאַרביטן געוואָרן אויף די בעסטע שטאָפן גענייט לויט דער לעצטער מאָדע. אין יעדער שטאָט און שטעטל זענען אויסגעוויילט געוואָרן קהילה־ראַטן און געשטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיטן אַמעריקאַנעם „דזשוינט״, וועלכער האָט אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן צווישן דער אויסגעהונגערטער און פאַרמאַטערטער באַפעלקערונג. זומער 1920 האָבן די פאָליאַקן פלוצלינג אָנגעהויבן אָפּטרעטן פון בערעזינא פאַרלוירנדיק איין פונקט נאָכן צווייטן. אַ גאַנצע וואָך האָט געדויערט דאָס אָפּטרעטן פון פוילישן מיליטער דורך סווערזשנע. אין משך פון דער וואָך האָבן זיי געהאַלטן אין איין ראַבירן די שטעטל. אַלע יידן האָבן פאַרלאָזט די הייזער און צונויפגעזאַמלט זיך נעבן גרויסן בית מדרש, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אין בויען אויף דאָס ניי. די גוים האָבן אויסגעהאָנגען הייליקע בילדער אויף די הייזער כדי מען זאָל קענען אונטערשיידן פון אַ יידישע שטוב און אַ גוישע, אַלע קראָמען זענען צעראַבירט געוואָרן, ייִנגלעך און מיידלעך זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער. דאָס ראַבירן איז פאָרגעזעצט געוואָרן סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט. ערשט מיטוואָך ביי נאַכט האָט מען פאַרברענט דעם לאַנגן בריק איבערן ניעמאַן, אויך דעם אייזערנעם בריק פון דער באַן־ליניע האָט מען אויפגעריסן. פרייטיק אין דער פרי איז אָנגעקומען סאָוויעטיש מיליטער. שטיל רואיק זענען אָנגעקומען די רויטע אַרמייער, מיט אַ מענטשלעכער באַנעמונג צו אַלץ און צו אַלעמען. פאַר יעדער טרונק וואַסער וואָס מען האָט דערלאַנגט אַ דורשטיקן סאָלדאַט, האָט ער העפלעך געדאַנקט.

אין דעם מאָמענט האָט מען זיי מוחל געווען די שרעק פאַר דער „טשעקא״ און אַפילו דעם הונגער וואָס מען האָט געליטן אונטער זייער רעזשים.

די רויטע אַרמיי האָט געמאַכט אַ געדריקטע שטימונג אויף דער באַפעלקערונג מיט זייערע צעריסענע קליידער און גאַנץ אָפט אַפילו באָרוועסע פיס אָנגעטאָן אין אַלטע פויערשע לאַפּטשעס, אָבער מיט אַ פּאַטריאָטישן ברען אין האַרצן און מיט אַ מסירות נפש׳דיקער איבערגעגעבנקייט פאַר דער רעוואָלוציע און באַפרייאונג פון פעלקער, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין פאָרויס, ווער צו פוס און ווער רייטנדיק אויף אַ פערד אָן אַ זאָטל. „יעשטשאָ דאַליעקאָ דאָ וואַרשאַווי״ — איז נאָך ווייט צו וואַרשע? — דאָס איז געווען די הויפּט־פראַגע, וואָס יעדער רויטער אַרמייער האָט געפרעגט יעדן ציווילן וואָס ער האָט באַגעגנט. מיט אַ ספּעציעלער ליבע האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג באַצויגן צו זיי. אין יעדן רויטן אַרמייער האָט מען געזען אַ חבר און אַ פריינד, ווי אויך אַ באַשיצער פון די רויבערישע אויסגעפּוצטע און אָנגעפּרעסענע פּוילישע לעגיאָנערן. אין אייניקע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ פרייוויליקע בריגאַדע פון מינסק אין באַשטאַנד פון אַ פּאָר הונדערט מאַן, כמעט אַלע יידן, אויפּצושטעלן אַ צייטווייליקן בריק איבערן ניעמאַן. צוויי יונגע בחורים אינזשינערן זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין הויז פון אסתר ברכות, די באָבע פון איציקן ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, יוסף תקוע.ביידע אינזשינערן האָבן געשפּילט פידל, האָט מען גאַנץ אָפט געקענט הערן אין די זומער־אָוונטן דורך דעם אָפענעם פענצטער ניגונים פון פאַרשיידענע העברעאישע לידער, ווי אויך „התקווה״. ביי זיי האָב איך טאַקע באַקומען צו לעזן דעם ביכל „אונדזער לאַנד״ פון יידישן שרייבער אנכי. אין סווערזשנע איז ווידער אָנגעקומען מיליטער און צווישן זיי פיל יידן. ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט יום כיפור איז דער רב געגאַנגען לויט דער ביטע פון אייניקע יידישע סאָלדאַטן, בעטן ביים פּאָלקאָווניק פּאדוויז (אויך אַ ייד), ער זאָל באַפרייען די יידישע סאָלדאַטן אויף יום כיפור פון דינסט. פּאדוויז איז נאָכגעקומען דעם רב׳ס ביטע און האָט באַפרייט אַלע יידישע רויטאַרמייער. איז טאַקע יום כיפור דער בית מדרש געווען איבערפולט פון יידישע „קראַנסנאַ־אַרמייצעס״. ניט געקוקט אויף דעם וואָס אין שטעטל איז געווען פיל מיליטער איז אָבער קיין פרנסה פון זיי ניט געווען, גאָר פשוט, ווייל ס׳איז ניט געווען פאַר וואָס צו לייזן, די קראָמען זענען געווען געשלאָסן, ס׳איז נישט געווען ווו צו באַקומען סחורה, און אויב ס׳האָט זיך נאָך פאַרוואַלגערט ביי אַ קרעמער אַ ביסל באַקאַליי אָדער מאַנופאַקטור, האָט ער דאָס באַהאַלטן בכדי אויסצובייטן ביי די פויערים אויף ברויט. יעדן טאָג זענען פאָרגעקומען אין זאַל פון די פייערלעשער רעפעראַטן, קאָנצערטן און גאַנץ אָפט ספּעקטאַקלען געשפּילט פון מיליטערישן דראַמקרייז. דאָך האָבן מענטשן געלעכצט נאָך אַ שטיקל ברויט.

בעלי מלאכות האָבן זיך ווידער אַרויסגעלאָזט אין די דערפער, ווער מיטן העבל, ווער מיט אַ שניידער־מאַשין, און ווער מיטן שוסטער־געצייג צו אַרבעטן טאָג און נאַכט בכדי אַרויסצובאַקומען ביים פויער אַ ביסל מעל אָדער אַ קוישל קאַרטאָפל.

יידן, נישט קיין בעלי מלאכות, האָבן אויך געלאָזן זיך גיין איבער די דערפער, ווער מיט אַ פּראָשעק סאַכאַרין, מיט אַ פלעשל נאַפט אָדער מיט אַ פּאָר פּראָשקעס פאַרב, אויסצובייטן ביי די פויערים אויף אַ ביסל מעל אָדער קאַרטאָפל. איבער די אַלע ספּעקוליאַנטן מ׳שטיינסגעזאָגט, האָט געוואַכט די אויג פון דער „טשעקא״, איבערהויפּט געפערלעך איז געווען דאָס פאַרקויפן פון סאַכאַרין, פאַר דער „טרפה׳נע סחורה״ האָט געדראָט די האַרבסטע שטראָף. ווי מען האָט דאַן איבערגעגעבן איז ד״ר גאָלדין פון סטויבץ פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך דער מינסקער „טשעקא״ ווייל מען האָט אים געפונען האַנדלענדיק מיט סאַכאַרין. דער הונגער האָט געפייניקט, אָבער די שרעק פאַר דעם אומקערן זיך פון די פּאָליאַקן, איז געווען נאָך גרעסער ווי דער הונגער, און אַזוי האָט זיך דאָס שטעטל געוואַקלט צווישן הונגער און טויט־שרעק. ניט לאַנג האָט געדויערט דער זיין פון די באָלשעוויקעס אין סווערזשנע. בלויז אייניקע מאָנאַטן און נאָכן דורכפאַל פון דער רויטער אַרמיי ביי וואַרשע, אָדער ווי די פּאָליאַקן האָבן עס באַצייכנט „צוד נאַד

וויסלאָן" — „דער נס ביים ווייסל״, וואָס איז אַ מרחק פון
אונדז קרוב אַ 500 קילאָמעטער, האָבן גאָר אין קורצן שוין אָפּ־
געטראָטן די לעצטע אַרמייער פון שטעטל. מיט אַ ריס אין דער
נשמה האָט יעדער ייד באַגלייט די אָפּגעטראָטענע רויטע אַרמיי
און מיט אַ קלאַפּעניש אין האַרצן האָט מען דערוואַרט דעם
אָנקום פון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אַ רוי־
בעריש בלעטל אין דער געשיכטע פון די ווייסרוסישע יידן.

יאָרן האָט געדויערט די קריג. מיליטער איז געקומען און
אַוועק. פאַרשיידענע אָרדענונגען האָבן זיך געביטן, אָבער
קיינער האָט אין סווערזשנע ניט גערויבט, אויסער די פּוילישע
מיליטער וועלכע איז נאָר וואָס אַליין אויפגעשטאַנען תחית
המתים. זיי האָבן גערויבט און געשענדעט אין סווערזשנע. זיי
האָבן געדאַרפט קומען צוריק און ווערן די בעלי בתים פון
יידיש האָב און גוטס, זיי האָט מען דאָס געדאַרפט אַלעס אָנ־
פאַרטרויען. אָט דער געדאַנק אַז די פּאָליאַקן קומען צוריק,
האָט געפּרעסט ווי אַ שטיין יעדן אויפן האַרצן. ס׳האָבן זיך
באַוויזן די ערשטע אויסשפּירער פון דער פּוילישער אַרמיי.
די גאַסן זענען געוואָרן ליידיק, יידן זענען געזעסן באַהאַלטן
אין די הייזער און האָבן אַפילו מורא געהאַט אַרויסצוקוקן
דורך די פענצטער. מיידלעך האָבן זיך אָנגעטאָן אין אַלטע
שמאַטעס, אויסגעשמירט די פּנימער מיט סאַזשע, זיי זאָלן
אויסזען ווי אַלטע באָבעס און זיך פאַררוקט אין די ווינקלעך
פון שטוב, מען זאָל זיי ניט אַרויסזען. אַנדערע האָבן זיך גע־
לייגט אין די בעטן אַריין מיט נאַסע טיכער אויפן קאָפּ אַלס
קראַנקע. אַזוי האָט מען מקבל פּנים געווען דעם צווייטן אָנקום
פון דער פּוילישער אַרמיי צום ענדע יאָר 1920.

ס׳זענען געגאַנגען סאָלדאַטן פוסגייער, ס׳האָבן געריטן
אולאַנער אויף פערד און נאָך זיי האָבן זיך געשלעפּט רעשט־
לעך פון בלוטיקן גענעראַל בולאַק באַלאַכאָוויטשעס באַנדעס,
וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיטן חרב מאַכן דעם
יידישן ישוב פון מאָזירער אויעזד, טרייע שותפים פון פּיל־
סודסקיס אַרמיי, קעמפן געמיינזאַם קעגן דער קאָמוניסטישער
געפאַר און געמיינזאַם צו רויבן און מאָרדן יידן.

אין אייניקע טעג אַרום נאָכן אָנקומען פון די פּאָליאַקן איז
אָנגעקומען די ידיעה אַז אין ריגע איז געשלאָסן געוואָרן אַ
שלום צווישן רוסלאַנד און פּוילן און אַז דער גרענעץ איז ביים
דאָרף קאָלאָסאָווא, לערך 15 קילאָמעטער מזרח׳דיק פון סווערזש־
נע. דעם קומענדן שבת נאָכן אָנקומען פון די פּאָליאַקן האָבן
פּוילישע זעלנער אין דער פרי אָנגעפאַנגען גיין פון שטוב צו
שטוב נאָר ווו ס׳ווינען יידן און געהייסן אַלע מענער זאָלן
נעמען גראַבאייזנס און גיין מיט זיי. מען האָט אונדז אַוועקגע־
פירט אויף דעם פּוילישן צמענטאַרזש (בית הקברות) וועלכער
האָט זיך געפינען אין דער נאָענט פון שטעטל און מען האָט
אונדז געהייסן גראָבן אַ גרויסע גרוב. עפּעס אַ מאָדנער גע־
פיל האָט יעדערן באַהערשט. דווקא שבת און יידן און צו
וואָס דאַרפן זיי די גרוב? אָבער ווייל דאָס איז געווען אויפן
פּוילישן צמענטאַרזש און פון דער ניט שלעכטער באַנעמונג
צו אונדז פון די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אַכטונג געגעבן אויף
דער אַרבעט, האָט עס אונדז אַביסל באַרואיקט. פאַר נאַכט
ווען די גרוב איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָט מען אַראָפּגע־
בראַכט אויף וועגענער ביי הונדערט פאַרקלאַפּטע קאַסטנס אין
וועלכע ס׳זענען געווען קערפּערס פון געפאַלענע זעלנער פאַרן
שליסן דעם שלום מיט רוסלאַנד. אַזוי ווי סווערזשנע איז געווען
פון די ווייניקע שטעטלעך אין אונדזער געגענט ווו ס׳האָט זיך
געפונען אַ קאַטוילישע קירכע מיט אַ קסיאַנדז (גלח) און אַ
פּוילישער בית הקברות, האָט מען זיי געבראַכט צו באַערדיקן
אין סווערזשנע. ווען ס׳איז באַוווּסט געוואָרן, דאָס צווישן די
געפאַלענע זעלנער, געפינען זיך אויך אייניקע יידן, איז דער
רב מיט אייניקע בעלי בתים געגאַנגען אינטערווענירן ביי דער
פּוילישער מאַכט, דאָס מען זאָל דערלויבן די יידישע זעלנער
מקבר זיין אויפן יידישן בית עלמין, האָט מען די ביטע אָנט־
זאָגט מיטן מאָטיוו, דאָס צווישן זעלנער דאַרף ניט זיין קיין
אונטערשייד — אַלע זענען געפאַלן פאַר דעם געמיינזאַמען
פאָטערלאַנד...

ווינטער 1921 איז איינגעקוואַרטירט געוואָרן אַ פּאָלק אָר־
לאַנער אין סווערזשנע אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר
זוסקאַ, וועלכער איז געווען אַ סאַדיסט און אַ שונא ישראל.
אין יעדער שטוב, וואָס האָט געהערט צו יידן און אויב דאָרטן
זענען איינגעשטאַנען אולאַנער, האָבן די בעלי בתים געמוזט
זיך אַרויסציען פון שטוב, דאַקעגן די קריסטן האָבן געמעגט
ווינען צוזאַמען מיט די אולאַנער. יעדן פרימאָרגן האָט מען
געשלעפּט יידן פון די הייזער, זיי זאָלן רייניקן די שטאַלן פון
די פערד און שניידן „סעטשקע״. קיין אַרבעט איז כמעט ווי
ניט געווען אויף צו פאַרדינען אויף ברויט און טאָמער האָט
אַן אולאַן אין ערגעץ געמאַכט אַ שטיקל ארבעט, האָט מען דאָס
רוב פאַר דעם ניט באַצאָלט און ס׳איז ניט געווען צו וועמען
גיין באַקלאָגן זיך. אַזוי האָט דאָס געדויערט ביז פרילינג 1921
ווען די אולאַנער האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל. נאָכער איז
אָנגעקומען דער צווייטער „באַאן צעלני״, דאָס איז שוין געווען
אַ מיליטערישע אָפּטיילונג מיט אַ גרויסן פּראָצענט יידן און
מיט זיי האָט די יידישע יוגנט זיך גוט באַפריינדעט און אָנגע־
קניפּט חבר׳ישע באַציאונגען. אין די אָוונטן פלעגט מען זיך
צונויפקומען אין יידישע הייזער און געמיינזאַם פאַרבראַכט,
דאָס האָט געהאָלפן אין אַ געוויסער מאָס צעשטרייטן דעם פחד
פאַר דעם פּוילישן מיליטער. אייניקע פון די זעלנער ווי קאַפּל
פראַנק און שלמה גאָלדשטיין האָבן טאַקע חתונה געהאַט מיט
סווערזשנער מיידלעך און פאַרבליבן אָרטיקע תושבים און מיט
נאָך אייניקע פון זיי האָב איך זיך געטראָפן דאָ אין ישראל.
דאָס לעבן האָט זיך ביסלעכווייז סטאַביליזירט און מען האָט זיך
אָנגעהויבן צוגעוווינען צו דער נייער מאַכט. ס׳איז באַנייט
געוואָרן דער קאָנטאַקט מיט אַמעריקע. די קרובים פון מעבר
לים האָבן אָנגעהויבן שטיצן מיט פּעקלעך און געלט זייערע
פאַראָרעמטע ברידער פון פּוילן. קריגס־געפאַנגענע און דעמאָ־
ביליזירטע האָבן אָנגעפאַנגען זיך אומצוקערן אַהיים. די קראָ־
מען האָבן זיך צוריק געעפנט. סחורה איז געווען איבער גענוג,
די בעלי מלאכות זענען פאַרוואָרפן געוואָרן מיט אַרבעט. אויך
בוי־אַרבעטער האָבן געהאַט איבער גענוג אַרבעט. ביסלעכווייז
האָט מען אָנגעהויבן צוריק בויען דאָס שטעטל, וועלכע איז
אָפּגעברענט געוואָרן אין יאָר 1917.

אין קריג זענען געפאַלן פאָלגנדע סווערזשנער: בענדע־

טאַוויץ ברוך, גאַלאָוונטשיק זאַנוויל, טשאַרני בנימין, מונבז מנדל, מינאַקער משה, סטעלמאַך זלמן, קוזניעצאָוו יצחק און קאַרציעמני זלמן. דער לעצטער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט צוויי יתומים. די אַלע איבעריקע זענען ניט געווען פאַרהייראַט. ערע זייער אָנדענק.

שווער פאַרוווּנדעט האָבן זיך צוריקגעקערט בערל גראַנדע און יירשל רובין, — ביידע אומגעקומען דורך די היטלער־מערדער אין געטאָ.

## 19 יאָר אונטער פּוילישער הערשאַפט

שנעל זענען אַריבער די „זיבן גוטע יאָר", און דאָ פאַנגט זיך אָן די ירידה פון סווערזשנע: די פאַמיליעס וואָס זייערע מענער האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע האָבן פאַרלאָזט סווערזשנע און אָפּגעפאָרן צו זייערע מענער, ווי אויך צענדליקער יוגנטלעכע האָבן אָנגעהויבן אויסוואַנדערן אין מעבר־לים לענדער, ווער נאָך אַמעריקע צו קרובים, אייניקע קיין אַרגענטינע און די חלוצישע יוגנט האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

סטויבץ איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס פּאָוויאַטאָווע (ראַיאָן) שטאָט. די גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט אין סווערזשנע, האָט מען איבערגעפירט קיין סטויבץ. אַלע סטויבצער איינוווינער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין סווערזשנע, זינט דער שׂרפה פון 1915 האָבן צוריק אויפגעבויט זייערע הייזער און אומגעקערט זיך אַהיים. דער שטענדיקער מאַרק־טאָג וואָס איז פאַר די רוסן פאַרגעקומען זונטיק אויף וועלכן ס'פלעגן זיך צונויפקומען מאַסן פויערן פון די אַרומיקע דערפער, פלעגן קאַטאָליקן דאַן קומען אין קאָשטשאָל אַריין און די פּראַוואָסלאַווע אין צערקווע. דער־ווייל פלעגן זיי פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און איינקויפן אַלעס אויף אַ גאַנצע וואָך. אָט דער מאַרק־טאָג איז ליקווידירט געוואָרן צוליבן זונטיק רו, וועלכן די פּוילישע מאַכט האָט איינ־געפירט. אַנשטאָט דעם זענען איינגעשטעלט געוואָרן אין סטויבץ 2 מאַרק־טעג יעדן דינסטיק און פרייטיק. די טויזנ־טער פויערן וואָס פלעגן דורכפאָרן סווערזשנע, האָבן פּאָליציי־לייט אַכטונג געגעבן אַז זיי זאָלן ניט אָפּשטעלן זיך און פאָרן מיט זייער סחורה גלייך אויפן מאַרק אין סטויבץ. אַזוי, אַז די סווערזשנער קרעמער און איבערקויפער זענען בלויז געווען פּאַסיווע צוקוקער ווי טויזנטער פויערן פאָרן אַדורך פאַרביי און קיין פּרנסה איז נישטאָ.

די מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן אויך פאַרלאָזט סווערזשנע, אַזוי אַז פון דעם „שטעטל" איז געוואָרן אַ דאָרף...

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג צום גוטן פאַר דער ווירטשאַפט־לעכער לאַגע אין שטעטל איז געשען אין יאָר 1927, ווען די פירמע „אַנגלאָ־איירפּאַ" איז צוגעטראָטן בויען אַ טאַרטאַק אין סווערזשנע, וועלכער האָט געדאַרפט זיין, לויטן פּאַרנעם, איינער פון די גרעסטע אין פּוילן. ווער ס'האָט נאָר געהאַט הענט און פיס איז באַשעפטיקט געוואָרן ביי אַרבעט. הונדערטער מענטשן פון פאַרשיידענע ספּעציאַליטעטן זענען אָנגעקומען אין סווערזשנע, יעדערער האָט באַדאַרפט אַ דירה, עסן, קליי־דונג, און אַלע האָבן טאַקע געהאַט פּרנסה בשפע. תבואה־הענדלער האָבן זיך ניט „אָנגענומען קיין הענט" אויף צושטעלן שפּייז פאַר די פערד, וועלכע האָבן געפירט קלעצער פון וואַלד פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט.



אַ ווינקל אין הויף פון טאַרטאַק.

אָבער די דאָזיקע תקופה פון פּראָספּעריטי האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, די וועלדער זענען גיך אויסגעהאַקט געוואָרן און איינגעשלונגען געוואָרן פון 4 גאַטערדיקן טאַרטאַק ביז די פירמע „אַנגלאָ איירפּאַ" האָט זיך אין יאָר 1933 געזעגנט ליקווידירט און דעם טאַרטאַק האָט איבערגענומען דער פירשט (קניאַז) אַלבערעכט ראַדזיוויל פון ניעסוויזש. אַלע באַאַמטע זענען זיך צעפאָרן און סווערזשנע איז ווידער געבליבן אָן פּרנסה. דער טאַרטאַק אונטער דער לייטונג פון נייעם בעל־הבית, איז פאַרפאַכטעט געוואָרן צו דער פירמע „קאָנטינענט", וועלכע האָט זייער שוואַך געאַרבעט און דאָס אויך נאָר במשך אַ קורצע צייט.

דער גאַנצער ענין מיטן טאַרטאַק איז געווען ווי מען גיט אַן איינשפּריץ אַ געפערלעכן חולה, וועלכער גוססט, ער עפנט אויף אַ ווײַלע די אויגן און גוססט ווייטער. די מערסטע יידישע הייזער, וועלכע זענען פאַרברענט געוואָרן אין 1917 האָבן זיך ניט אויפגעבויט, די פלעצער פון די פאַרברענטע הייזער זענען געבליבן ליידיקע ווי שטומע מצבות. די יוגנט נאָך דער תּתונה האָבן זיך תמיד איינגעאָרדנט אויסער די גרענעצן פון סווערזש־נע. אַלס צוגאָב צו דער פּרנסהלאָזיקייט, האָבן זיך אויך גע־עפנט גוישע קראָמען. דער אַנטיסעמיטיזם פון טיפּ „מלאַדאַ־פּאָלסקאַ" אונטער דער אָנפירונג פון קסיאָנדז „זון" זיגמונד, האָבן געפירט אַן אַגיטאַציע, מען זאָל ניט קויפן ביי יידן. אויב ס'האָבן נאָך צו ביסלעך געלייזט די פּאָר קצבים, איז אָנגעקו־מען דער נייער געזעץ פון דער שחיטה־גזירה, וועלכער האָט געשאַפן אַ קאָנטינגענט און אַ שטאַרקע באַגרענעצונג אויף כשר פלייש. די אינציאַטאָרין פון דער גזירה איז געווען די דערבאַרימדיקע דעפּוטאַטין מאַדאַם פּריסטעראָווע, וועלכע האָט זיך אָנגענומען די עוולה פון די בהמות.

אַזוי האָט אויסגעזען דער מצב פון סווערזשנע ביים אויס־ברוך פון 2־טן וועלט־קריג, דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939. די מלחמה האָט לאַנג ניט געדויערט און צום גליק זענען פון

די סווערזשנער בחורים קיין קרבנות ניט געווען. אַלע מאָביליזירטע האָבן זיך אומגעקערט בשלום אַהיים. דעם 17־טן סעפּטעמבער איז די רויטע אַרמיי אַריבער דעם גרענעץ און דעם זעלבן טאָג אָנגעקומען קיין סווערזשנע.

אין קורצן איז אויספאַרקויפט געוואָרן די סחורה און די קראָמען האָבן זיך געשלאָסן. אויף דעם פּלאַץ פון די קראָמען האָט זיך געעפנט אַ רעגירונגס קראָם. דער טאַרטאַק איז איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער רעגירונג און האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן. מ׳איז אַוועק אַרבעטן צו פאַרשיידענע אַרבעט און ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צום שטייגער און אַרט לעבן ווי אַזוי עס פירן אים 200 מיליאָנען מענטשן אין משך פון 22 יאָר זינט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז דעם 22 יוני 1941, ווען ס׳האָט זיך פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזן די שוואַרצע כמאַרע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און אַ סוף געמאַכט צו דעם יידישן ישוב אין סווערזשנע.

## פּאָליטיש־קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין סווערזשנע

ביים אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט סווערזשנע פאַרמאָגט אַ רייכע יידישע אינטעליגענץ, צווישן זיי דער זשורנאַליסט ישראל מינקער, וועלכער האָט געשריבן רוסיש, און זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע יידיש־רוסישע צייטונגען און זשורנאַלן. ווי אויך דער באַוווּסטער העברעאישער פּאָעט יעקב שלום קאַצענעלנבויגן (יש״ק), דער זון פון הרב בנימין איסר זצ״ל. די יוגנט פון יענער צייט איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען. די רייכערע פון שטעטל האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די גויישע שקאָלעס און „עמך”, די קבצנים — אין דער ישיבה. די טראַדיציע פון שטודירן און לערנען איז פאָרגעזעצט געוואָרן ביזן לעצטן טאָג פון שווערזשנער עקזיסטענץ.

לייבע בלאָך, דער זון פון חיים מאַטוס, האָט געענדיקט אַלס פּראָוויזאָר אין יאָר 1904 און האָט פּראַקטיצירט אין אָדעס און זיין ברודער איז אַן אַדוואָקאַט אין אַמעריקע. דאָס איז נאָך געווען אין יענער תקופה ווען אויף אַזאַ איינעם, וואָס איז געגאַנגען אין די גויישע שקאָלעס, האָט מען געקוקט ווי ער וואָלט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן. לויט ווי איך געדענק, האָט יצחק רוזין שטודירט אויף דאָקטאָר און נאָכן ענדיקן פּראַקטיצירט אין בעלגיע. יצחק רובענטשיק איז געווען אַ פּראָוויזאָר אין ריגע און יעקב מאַנוסעוויטש האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין איינער פון די שטעט אין לאַטוויע. לייענענדיק איצט זעט דאָס אויס ווי קלייניקייטן, ווייל ווער קען דאָס היינט ניט ענדיקן אַלס דאָקטאָר, מען דאַרף בלויז באַזיצן דעם ווילן און די פעאיקייט דערצו. אָבער ווען מען נעמט אין באַטראַכט די צייט, פופציק יאָר צוריק און העכער אונטער צאַרישן רעזשים, ווען אַ ייד האָט זיך ניט געטאָרט געפינען אין מאָסקווע און אַ יידישע סטודענטקע האָט זיך באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן אין מאָסקווע אונטער אַ פּאַספּאָרט פון אַ גאַסן־פרוי, דאַן קען מען ערשט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ ענערגיע און אייזערנעם ווילן האָט באַדאַרפט באַזיצן אַזאַ מענטש וועלכער האָט זיך דאַן דעצידירט צו דעראָבערן העכערע בילדונג. די אויבן־אויסגערעכנטע זענען ניט געווען די איינציקע. ווען מען לייענט דעם אַרטיקל פון ראובן ספּעראַנס אין דעם בוך, פון די זיבעציקער יאָרן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, ווו ער רעכנט אויס אַ גאַנצע ריי פון סווערזשנער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ און אַז איינער פון זיי, דער זון פון הירש פריידין, האָט געענדיקט אינזשינער מיט אַזעלכע אויסצייכענונגען, אַז דער שונא ישראל, צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער, האָט אים באַוויליגט אַ רעגירונגס־שטעלע און זייענדיק אַ סווערזשנער איז ער געווען דער איינציקער ייד אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד אויף אַזאַ פּאָסטן.

סימנים פון סווערזשנער וואַכזאַמקייט פאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים האָבן מיר נאָך געפינען אין אונדזער דור. אַזוי למשל האָט עקזיסטירט אַ הכנסת־אורחים־קאַסע פון וועלכער שמואל דער שוחט איז געווען דער גבאי. אויפן שול־הויף איז געווען אַ ספּעציעל הויז מיטן נאָמען „דער הקדש”, פאַר דורכפאָרנדיקע אָרעמעלייט, זיי זאָלן האָבן אַ פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן. אויך האָבן עקזיסטירט אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי לינת הצדק, ביקור־חולים־קאַסע, און אַן אייגענע יידישע פייערלעשער־אָפּטיילונג מיט אַלע מכשירים און אַן אייגענעם בנין נעבן גרויסן בית מדרש, וואָס איז געווען דער יסוד אין אַ פיל שפּעטערער תקופה צו שאַפן אַן אַלגעמיינע פאַראייניקטע פייערלעשער־אָפּטיילונג אין שטעטל פון יידן מיט קריסטן צוזאַמען. די גרויסע פּאָמפּע צום לעשן שריפות, וואָס איז געווען אין באַזיץ פון די סווערזשנער פייערלעשערס, האָט ביזן לעצטן טאָג געהייסן אויף זייער גויישן לשון „יעווריייסקינאסאס”. דער בית־המרחץ מיט וועלכן ס׳האָט זיך באַנוצט די גאַנצע באַפעלקערונג פון סווערזשנע איז געווען דאָס אייגנטום פון סווערזשנער יידישן קהל. ס׳איז ווערט צו באַצייכענען אַ זאַך, וואָס אין פיל גרעסערע שטעט פון סווערזשנע איז דאָס ניט געווען, נעמלעך: דער קהל׳שער „ליאָדניק” (אייז־קעלער), אויסגעבויט אַמאָל דורך סווערזשנער ביקור־חולים, אין וועלכן מען פלעגט ווינטער אָנפירן אייז און דאָס פלעגט זיך אויפהיטן אַ גאַנצן זומער. און ווען דער דאָקטאָר האָט איינגעפונען, אַז צוליב דער הויכער טעמפּעראַטור פון חולה מוז מען אים לייגן אַ פענכער מיט אייז צום קאָפּ, האָט מען עס באַקומען אין אייז־קעלער סיי יידן און סיי קריסטן אָן אַ גראָשן געלט. פון דעם אַלעמען איז אַרויסצוזען, אַז מיט פיל יאָרן צוריק איז שוין געווען ביי די סווערזשנער אַ וואַכזאַם אויג און אַ זאָרגפעליקע האַנט פון איבערגעגעבענע עסקנים, וואָס האָבן באַזאָרגט דאָס שטעטל מיט אַלע הצטרכותן.

אויפן קולטורעלן געביט איז סווערזשנע ניט געווען הינטערשטעליק. דאָס האָט מען געקענט זען לויט דעם אויסוואַל פון ביכער אין דער אַלטער ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען געשלאָסן אַ געוויסע צייט און האָט באַנייט איר טעטיקייט נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין 1917. לויט דעם צוזאַמענשטעל פון די ביכער האָט מען געזען, אַז אירע גרינדער זענען געווען שטאַרק באַהאַוונט אין דער העברעאישער, יידישער און רוסישער ליטעראַטור. אויך אַ דראַמאַטישער קרייז האָט עקזיסטירט שוין אין די ערשטע יאָרן פון הייַנטיקן יאָר־

הונדערט, און אַזוי ווי קיין ספּעציעלער זאַל פאַר פאַרשטעלונ־גען אין שטעטל איז נאָך דאַן ניט געווען, זענען די ספּעקטאַק־לען פאָרגעקומען אין דער ליידיקער קרעטשמע פון חיים דוד ראַזין, מיט דער באַטייליקונג פון יצחק דאמניץ, אורי שאפּירא, יחיאל שמושקאוויץ, הלל גאלאוועטשיץ, אהרן יאַסילעווסקי, יענטע, עטל דעם שוחט'ס, האָדל קלאַטשוק, מאשע גרונטפעסט, טייבל קליאַטשוק און וועלוול ברכות.

אַ געוויסע צייט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אומזיסטע אָוונט־קורסן פאַר די אָר־בעטנדיקע מיידלעך פון נישט פאַרמעגלעכע עלטערן, וועלכע זענען ניט געווען בכוח צו שיקן זיי אין אַ חדר. מ'האָט דאַן געהאַלטן, אַז באַקן חלה און שטעלן טשאָלנט אויף שבת, וועט אַ פרוי קאָנען אַפילו ווען זי וועט ניט גיין אין חדר. די קורסן זענען דאַן אָנגעפירט געוואָרן דורך טייבל קליאַטשוק און דעם לערער יצחק דאמניטש. אין יאָר 1905 איז געווען אין סוווערזש־נע טעטיק דער „בונד". מען דערציילט, אַז איינע פון די מייד־לעך, וועלכע איז געקומען אַהיים פון אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון „בונד", שטאַרק אויפגערעגט אויפן קיסר, האָט זי גע־עפנט דעם קאַטוך אויסשרייענדיק מיטן פולן רעוואָלוציאָנערן בריען: „פריי זייט איר די הענער, פון קאַטוך! ניקאַלייקע וועט ביי מיר ניט זיין קיין קיסר!" די באָבע פרומע, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אין שטוב, דערהערנדיק אַזעלכע שרעק־לעכע רעוואָלוציאָנערע רייד פון איר אייניקל, איז פון פחד געפאַלן אין חלשות. איינער פון די לעצטע מאַהיקאַנער פון אַמאָליקן „בונד" ראובן מונבז פון פאַך אַ מעבל־סטאָלער, אַ שטאַרק באַוווסטזיניקער און פול אָנגעלייענט אין דער יידישער און רוסישער ליטעראַטור, איז פאַרוואונדעט געוואָרן דורך דער צאַרישער פּאָליציי בעת אַ דעמאָנסטראַציע אין פינפטן יאָר אין דעם שטעטעלע פון מענדעלע מוכר ספרים, קאַפּוליע, פון וואָס ער איז פאַרבליבן אַן אינוואַליד אויף זיין גאַנצן לעבן. ניט איין מאָל האָט ער מיט מיר אין אַ פריוואַטן געשפּרעך אויסגע־דריקט זיין באַדויערן און חרטה אויף דעם נאַרישן שריט וואָס ער האָט דאַן געמאַכט. ביים אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, האָט ער מיר געזאָגט: איצט, אַז איך האָב שוין דערלעבט די פאַרווירקלעכונג פון דער רעוואָלוציע, שלאָף איך קיין איין נאַכט ניט רואיק אויס מורא, מען זאָל מיר, אַלס געוועזענעם בונדיסט, ניט אַרעסטירן ווי אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער... און אַוועקשיקן קיין סיביר. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ פאַרוואונדעטער, האָט ער ניט געקענט שווער אַרבעטן און זיין פאַמיליע האָט שטענ־דיק געלעבט אין דחקות און נויט. ניט געקוקט אויף פיל נע־גאַטיווע שטריכן אין זיין פריוואַטן כאַראַקטער, איז ער דאָך געווען אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר פון אַ ברוויזנדער תקופה, וועלכער האָט צעשטערט זיין פריוואַטן לעבן לטובת הכלל. ער איז אומגעקומען אַנטלויפנדיק פון געטאָ. ערע זיין אָנדענק.

## אַן עפּיזאָד פון די קינדער־יאָרן

איך וויל דאָ איבערגעבן אַ פאַקט וואָס איז פאַרלאָפן אין סוווערזשנע לערך אין יאָר 1910. יענעם ווינטער ווי אויך אין די פריערדיקע יאָרן פלעגן ציגיינער פאַרפאָרן און איבער־וואַרטן די שווערע שנייען און פראָסט אין דער שטוב פון סאָנטשיכען וואָס האָט געוווינט אין דער מירער גאַס אויפן זאַמד. פאַרוואָס דווקא אַהין? — ווייל דער עלטערער זון פון סאָנטשיכען, האָט חתונה געהאַט מיט אַ ציגיינערקע. פלעגט ער אַ גאַנצן זומער אַרומוואָנדערן מיט די ציגיינער און אויף ווינטער פלעגן זיי פאַרפאָרן צו זיין מאַמען איבערוואַרטן די קעלט.

אין שכנות פון זיי האָט דאַן געוווינט צירע יאַניקס און זי האָט זיך דערוווּסט, אַז צווישן די ציגיינער, געפינט זיך אַ דערוואַקסן יידיש מיידל. זיכער אין דעם איז זי ניט געווען, אָבער פון דעסטוועגן האָט זי געפונען פאַר נויטיק פאַרטרויען זיך וועגן דעם פאַר אייניקע בחורים. די בחורים האָבן זיך פאַרלייגט אויף אויסצופאָרשן די ריכטיקייט פון דער זאַך.

מיט אַ תירוץ, אַז זיי ווילן וואַרפן אין קאָרטן, האָבן זיי אָנגעפאַנגען אַריינקומען צו די ציגיינערקעס. אַזוי אַרום, האָט זיך געשאַפן אַ קאָנטאַקט צווישן בערל קליאַטשוק און דאָס יידישע מיידל. די ציגיינער האָבן אויף דעם קיין אַכט ניט גע־לייגט. די בחורים האָבן דערווייל יעדן אָוונט געטיילט די ציי־גיינער פּאַפּיראָסן און זיי זענען געווען צופרידן פון זייער קומען. אויסער דעם האָבן די יידישע בחורים פאַרבראַכט אויך מיט די איבעריקע ציגיינערקעס, אַזוי אַז ס'איז זיי ניט איינ־געפאַלן, דאָס די בחורים ווייסן, אַז צווישן זיי געפינט זיך אַ יידיש מיידל. בערל פלעגט איר ברענגען שאָקאָלאַד און אַזוי אַרום זיך באַפריינדעט מיט איר ביז זי האָט אים אָנפאַרטרויט אין דער שטיל, דאָס זי איז אַ יידיש קינד. ווען בערל האָט איר געבעטן, זי זאָל פאַרלאָזן די ציגיינער, האָט זי אים געענט־פערט, אַז זי פאַרשטייט גוט איר לאַגע, דאָס נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַזוי באַשמוצט, וועט מיט איר במילא קיין יידישער בחור ניט וועלן חתונה האָבן, אַזוי, אַז ס'איז שוין איר בעסער צו בלייבן מיט די ציגיינער ווי פאַרלאָזן זיי און זיין פאַראַכטעט פון גאָט און פון לייט.

דאַן האָט איר בערל פאָרגעלייגט „הייראַטן" מיט איר. ער האָט מיט איר אָפּגערעדט, דאָס מאָרגן אין אָוונט, וועט ער אויף איר וואַרטן ביים שטוב און אַריינשיקן איר אַ צעטעלע, דאַן זאָל זי אַרויס אין דרויסן און ער וועט איר נעמען צו זיך אַהיים.

אויף מאָרגן אין אָוונט האָט איר אַ קריסטלעכער ייִנגל איבערגעגעבן דעם צעטל לויטן אָפּגערעדטן צייכן און זי איז אַרויס אין דרויסן. צום אָנפאַנג האָט זי זיך געקווענקלט צו מאַכן דעם שריט, אָבער ווען בערל האָט איר שוין געפירט אונטערן אָרעם, איז שוין ניט געווען קיין וועג אויף צוריק, און זי האָט געמוזט שפּאַנען פאָרויס. ווען די ציגיינער האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַ ווײַלע אַרום דאָס זי איז ניטאָ צוריק, האָבן זיי זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר און זיי זענען אַרויס נאָכיאָגן די אַנטלאָפענע מיטן יידישן מיידל. דאַן זענען אַרויס אייניקע בחורים פון זייער באַהעלטעניש וועלכע איז געווען צוגעגרייט פון פריער און מען האָט פאַרשטעלט דעם וועג פאַר די נאָכלויפנדע ציגיינער. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ גע־שלעג צווישן די בחורים און די ציגיינער, און אין צווישנצייט איז שוין בערל מיטן מיידל געווען ביי זיך אין דערהיים.

קומענדיק אין שטוב האָט זי דערציילט, אַז זי האָט ניט קיין עלטערן נאָר זי האַלט זיך אויף ביי איר פעטער, וועלכער האָט אַ קראָם, און זי האָט געהאָלפן אים ביים פאַרקויפן. פאַרשטייט זיך, אַז די ציגיינער וואָס האָבן זיך געפינען אַרום שטאָט,פלעגן אַריינקומען צו זיי אין קראָם און געקויפט פאַרשיידענע סחורות. איינער אַ יונגער ציגיינער פלעגט אַריינקומען אָפטער ווי אַלע און יעדעס מאָל פלעגט ער זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער מיט איר צו פאַרברענגען. און אַזוי אַרום האָט ער איר צוגעטאָן אַ „כישוף", ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דעם פלאַץ אויף זייער ווייטערדיקער ציגיינערישער וואַנדערונג, האָט ער איר פאַרגעלייגט דאָס זי זאָל מיטפאָרן מיט אים און אַזוי ווי דער כישוף איז קענטיק געווען זייער אַ שטאַרקער... האָט זי זיך געפילט מאַכטלאָז קעגנצושטעלן זיך דעם ווילן פון ציגיינער און האָט איין מאָל ביינאַכט איינגעפאַקט אירע זאַכן און איז מיטגעפאָרן מיט אים.

מען האָט גלייך טעלעגראַפירט צו איר פעטער און צו מאָרגנס האָט מען געזען גייענדיק אין דער מירער גאַס אין דער ריכטונג צו סאַנעטשקעס שטוב, ווו ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן די ציגיינערס, אַ שיינע שלאַנקע מיידל, מיט שוואַרצע האָר, נעבן איר אַ פיין געקליידטער מענטש אין די מיטעלע יאָרן — איר פעטער, דער אוריאַדניק, ווי אויך איינציקע סווערזשנער בחורים, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין באַפרייען דאָס מיידל פון די ציגיינער. זיי זענען געגאַנגען אַרויסנעמען די מיידלס זאַכן וואָס זענען איבערגעבליבן ביי זיי. אַלעס איז אַדורך בשלום און דאָס מיידל מיטן פעטער זענען אָפגעפאָרן צו זיך אַהיים. אין בית המדרש האָבן יידן געזאָגט, אַז איר פעטער זאָל האָבן דערציילט פאָלגנדעס: גלייך ווי דאָס מיידל איז פאַרשווונדן און אַלע זוכונגען האָבן ניט געברענגט קיין רעזולטאַטן, איז ער אַוועקגעפאָרן צום באַוווסטן צדיק ר' מרדכי'לע סלאָנימער, וועלכער איז געווען אַ גדול בתורה, בנגלה ובנסתר. פאַר אים האָט ער אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ און דערציילט אים וואָס ס'איז געשען מיט דער אָרעמער יתומה, זיין פלימעניצע, דאָס זי איז פאַרשווונדן ווי חלילה, אין וואַסער אַריין. נאָך דעם ווי ר' מרדכי'לע האָט אים מיט פול צער אויסגעהערט, האָט ער אים געהייסן פאָרן אַהיים געבן צדקה און אָנצינדן ליכט אויף די קברים פון אירע עלטערן. אויפן דריטן טאָג וועט ער האָבן אַ ידיעה ווו דאָס מיידל געפינט זיך און אַזוי איז טאַקע געווען.

## אנטיסעמיטיזם אין די לעצטע יארן פון צארישן רעזשים

אין יאָר 1912 האָט מען אָנגעפאַנגען אַרויסיאָגן אין מינסקער גובערניע יידן פון די דערפער, לויט דער גזירה פון צאַרישן מיניסטער און שונא ישראל סטאָליפין. זענען צוגעקומען אין סווערזשנע נאָך איינציקע אויסגעוואָרצלטע פאַמיליעס פון יידישע ישובניקעס, וועלכע האָבן זיך געגוויטיקט אין פרנסה.

פאָלגנדע פאַמיליעס זענען זיי געווען: סענדער שוואַרץ פון דאָרף סאַוואַני, הירש עפשטיין פון זאַטשערעווע און אברהם דוד ראַפּאַפּאָרט פון מאַהיליאַנקע, האָבן זיי געמוזט אָנפאַנגען בויען זייער לעבן אויפסניי.

אין דעם זעלבן יאָר האָט מען אַנטהילט אַ דענקמאָל אין סווערזשנע צום הונדערסטן יאָרטאָג פון נצחון איבער נאַפּאָלעאָנס אַרמיי אין יאָר 1812. דער דענקמאָל איז געווען אַ הערלעכער, פון גרויס אַרכיטעקטאָרישער געבוי, אַזעלכע דענקמעלער האָבן זיך געפינען בלויז דריי אין גאַנץ רוסלאַנד.

אַזוי ווי קיין באַנען זענען דאַן נאָך נישט געווען, און די אַרמייען האָבן זיך געמוזט באַוועגן מיטן יעקאַטערינאַווסקי טראַקט, דורך סווערזשנע, וועלכע האָט זיך געפונען אויפן צווייטן זייט פון טייך ניעמאַן, וועלכן די רוסן האָבן געמוזט אַריבער כדי פאַרצוזעצן זייער אָנגריף אויף נאַפּאָלעאָנס אַרמיי. דאָס אָרט איז געווען אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פונקט, ווו ס'איז פאָרגעקומען אַ מוראַדיקער קאַמף. דער אויפשריפט אויפן דענקמאָל האָט געלויטעט: אונטער דער קאָמאַנדאָוואַניע פון גענעראַל לאַמבערט איז אָפגעהאַלטן געוואָרן איבערן שונא אַ זעלטענער נצחון אין שטעטל סווערזשנע. די טראָפייען פון אונדזער זיג, 63 געפאַנגענע, 2 זנאַמיעס (מיליטערישע פענער), 2 האַרמאַטן און אַ מיליטערישער אָבאָז (טראַנספּאָרט). אויפן צווייטן זייט פון דענקמאָל איז געווען פאַרשריבן מיט גאָלדענע בוכשטאַבן דער מאַניפעסט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט פאָלגנדע ווערטער: איך וועל ניט אָוועקלייגן די געווער ביז וואַנען קיין איין פוס פון שונא וועט זיך מער נישט געפינען אין מיין קייזערטום. אָבער דער דענקמאָל, האָט קאָנטיק קיין „מזל" נישט געהאַט, ווייל ביי דעם צווייטן אַריינגאַנג פון די באָלשעוויקעס אין סווערזשנע אין זומער 1920, האָט איינער פון זייערע פירער באַמערקט, אַז דער ניקאָלאַיעווסקער אָדלער מיט די קרוינען אויף די קעפּ, וואָס געפינט זיך אויפן שפּיץ פון דענקמאָל פּאַסט זיך ניט אַריין אין דער רוסישער ווירקלעכקייט און שטעכט ממש מיט זיין חוצפה אין די אויגן... אַזוי אַז מ'האָט גלייך געבראַכט אַ פּאָר רויטע אַרמייער, וועלכע האָבן פאַרוואָרפן אַ שטריק אויפן האַלדז פון דעם קייזערלעכן אָדלער, מאַכנדיק דערביי אַ פייערלעכן „מי שברך" פאַר לענין און טראָצקי און מיט דעם אויסגעשריי „דאָלאָי ניקאָליי", האָט מען אים אַרונטערגעשמיסן אויף דער ערד. דערביי איז אַרונטערגעפאַלן דער אויבערשטער שטיין, וועלכער האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ פּיראַמידע. יאָרן לאַנג האָט ער זיך אַזוי געוואַלגערט אויף דער ערד, ביז ער איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס מצבה אויפן סטויבצער צמענטאַרזש אויף די ניין געהרגעטע אין דעם נאַכט־איבערפאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין סטויבץ אין יאָר 1924.

אַזוי איז זיך דאָס לעבן געפלאָסן מיט זיין קליין שטעטלדיקן געמיטלעכקייט. די באַציאונגען צווישן די יידן און דער אָרטיקער ווייסרוסישער באַפעלקערונג איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק ניט קיין שלעכטע, און ווען ניט די העצערישע „דרשות" אין צערקווע פון אָרטיקן פּאָפּ (גלח) פּיאָטר פּאָליי, אָדער די אַגיטאַציע פון שונא ישראל טשאַרניעצקי, וועלכער איז געווען „זעמסקי נאַטשאַלניק" אין סטויבץ, האָבן די באַציאונגען מיט די פּויערים געקאָנט זיין נאָך פיל בעסערע.

אָבער אַפילו נאָך דער גאַנצער אַגיטאַציע פון די צוויי אויבנדערמאַנטע אַנטיסעמיטן איז צו קיין ערנסטע אומרוען אין שטעטל קיינמאָל ניט געקומען, אַחוץ דעם „טראַדיציאָנעלן" צעברעכן די שויבן אין שענק פון עשקען וועלכער האָט פאַרקויפט אומלעגאַל דעם ביטערן טראָפן. אויך דאָס איז געווען אַ זעלטענער פאַל. בלויז אין אַ גרויסן יריד ווען וואַניע מאַרהון אָדער דער שטומער (ביידע אָרטיקע שקצים), האָבן זיך געוואָלט מאַכן וויכטיק אין די אויגן פון די פויערים, בכדי צו געבן אַ „פייערלעכן" אינהאַלט און אַז דער חגא־טאָג זאָל ניט אַריבער גלאַט אָן גאָרנישט...

גלייך אויף מאָרגן נאָכן אויסניכטערן זיך, און לויט דעם מנהג פון שיכורים מוז מען זיך אויף מאָרגן „פּאָדכמעליען", ד"ה אויסטרינקען כאָטש אַ קליין גלעזעלע, אַז דער קאָפּ זאָל ניט ווי טאָן פון נעכטן, פלעגן זיי שעמעוודיקערהייט אַריינקומען צו עשקען בעטן אַנטשולדיקונג פאַר דער נעכטיקער אַוואַנטורע און באַצאָלן פאַרן גאַנן שאָדן.

טאָמער איז געשען אַ ענלעכע אַוואַנטורע אויפן מאַרק, ווען שיכורים האָבן געוואָלט זיך לאָזן ווילגיין איבער אַ ייד, האָט זיך גלייך אַריינגעמישט מיילעך איטשע סראלס, וועלכער האָט געשמט מיט זיין גבורה אין גאַנצן געגנט און געשלאָגן די אַוואַנטוריסטן מכות רצח. אַלע אַנוועזנדע פויערים, האָבן אים געגעבן גערעכט. ערשטנס, ווייל פויערים האָבן בטבע ליב אַ מענטשן, וועלכער איז בכוח צו געבן אַ פּאַטש און צווייטנס, ווייל מיילעך איז געווען אַ ישובניק פון דאָרף מאהילאנקע, דערפאַר האָט ער געהאַט אַ סך אָנהענגער און פריינד צווישן די פויערים, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מיילעך שלאָגט איז ער זיכער גערעכט, ווייל ער איז באַקאַנט געווען אַלס רואיקער בחור, און סתם אומזיסט וועט מיילעך ניט שלאָגן.

ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, איז ער אויף יעדן מאַרק־טאָג געקומען אין סווערזשנע, געשטאַנען אויף דער „וואַך" און „מקיים פסק" געווען יעדן פויער, וואָס האָט געוואָלט אָנרירן אַ ייד.

יאָרן זענען דורך איינטאָניק, איינער ענלעך צום צווייטן.. די הויפּט־פאַרוויילונג איז געווען אין די זומער־מאָנאַטן גיין אָנקוקן ווי אַזוי די אָרטיקע פייערלעשער מאַכן זייערע איבונגען און קריכן אַרויף אויפן שפּיץ פון וואַסער־מיל, וועלכער איז געווען די העכסטע געביידע אין שטעטל. מיט גרויס אינטערעס פלעגט מען אויך דערוואַרטן ווען מינסקער מיליטערישער גאַרניזאָן פלעגט דורכמאַרשירן דורך סווערזשנע צום סקאַבאַליאַווסקין לאַגער אויף זיינע זומער־מאַניעוורעס, וואָס האָט זיך געפונען נעבן באַראַנאָוויטש. דער עיקר אינטערעס איז געווען צו דערקענען צווישן די דורכגייענדיקע יידישע סאָלדאַטן...

די גרעסטע סענסאַציע פון שטעטל וואָס האָט זיך איינגעקריצט טיף אין מיין קינדערשן זכרון האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען דאָס, ווען 13 אויטאָמאָבילן זענען דורכגעפאָרן דורך סווערזשנע. שוין פון גאַנץ פרי, האָבן מענטשן געשטראָמט פון די דערפער און דער עיקר פון סטויבץ. בעלי מלאכות האָבן געוואָרפן די אַרבעט, פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט זענען געלאָפן אָנקוקן דעם בייז־ווונדער ווי אַזוי אַ וואָגן פאָרט אַליין אָן פערד...

אַלע זענען געשטאַנען אין דער גרעסטער שפּאַנונג שעהן לאַנג אונטער דער ברענענדיקער זון, בכדי צו כאַפּן אַ בליק אויף די ווונדערלעכע כלים, וואָס קיינער האָט עס נאָך ביז דאַן ניט געזען. די גאַנצע מינסקער גאַס מיטן מאַרק זענען געווען איבערפולט פון מענטשן. יעדערער האָט זיך געשטויסן צו זיין דער ערשטער אין דער ריי בכדי נאָענטער צו זען די ווונדערלעכע דערפינדונג, און אָט זעט מען זיי שוין פון וויטן ווי זיי קומען אָן פון לאַנגן בריק מיט אַ שרעקלעכן געפילדער, וואָס האָט פאַרטויבט די אויערן. מענטשן גלויבן ניט די אייגענע אויגן, די פערד אויפן מאַרק האָבן זיך געלאָזט אין אַ ווילדן גאַלאָפּ. מסתמא איבעראַשט געוואָרן פון דער שרעקלעכער „רעוואָלוציע", וואָס דער וואָגן האָט געמאַכט און פאָרט אַליין אָן פערד. אָדער אפשר איז דאָס געווען אַ ווייטער פערדישער קוק אין דער צוקונפט, מורא־האָבנדיק פאַר דער סכנה, וואָס ס'דראָט דער פערדישער ראַסע, ווען דער וואָגן וועט ווערן פאַר זיך אַליין אַ בעל הבית.

מיר דאַכט זיך אַז אין דעם זין האָבן די פערד דווקא ניט געהאַט קיין וויטן קוק, ווייל דער וואָגן גייט טאַקע אַליין, אָבער די פערד עקזיסטירן נאָך ווייטער...

אַ לאַנגע צייט איז די טעמע ניט אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג. וואָס מען האָט ניט אָנגעהויבן רעדן, האָט מען ביים סוף געמוזט אַרויפקומען אויף דער ווונדערלעכער דערפינדונג.

איידער מען האָט זיך נאָך באַרואיקט פון דעם לאַנגיאָריקן פחד, באַזונדערס פון דעם אַטענטאַט אין יאָר 1911 אויפן פרעמיער סטאָליפּין, וועלכער אין אויסגעפירט געוואָרן אין קיעוו דורכן ייד באגראוו, ווי אויך דער באַוווּסטער עלילת־דם־פּראָצעס פון מענדל בייליס, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט ערשט אין יאָר 1913 און זיך געצויגן קאַרגע דריי יאָר, האַלטנדיק אין טויט־שרעק דאָס גאַנצע רוסישע יידנטום, איז אָנגעקומען דער אַלגעמיינער אומגליק מיטן אויסברוך פון קריג אין אויגוסט 1914. אויסערלעך האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דער מלחמה אומגליק איז אַן אַלגעמיינער, סיי פאַר יידן און סיי פאַר קריסטן. אָבער אין דער אמתן איז אויך אין דעם אלגעמיינעם אומגליק אויסגענוצט געוואָרן דורך די רוסישע שוואַרץ־מאה דער ספּעציפישער יידישער מאָמענט. נישט גענוג וואָס הונדערטער טויזנטער יידן האָבן זיך געפונען אין דער אַרמיי און אויף די פראָנטן, פאַרטיידיקנדיק מיט זייער אייגן לעבן דעם בלוטיקן רעזשים פון צאַרישן רוסלאַנד, האָט מען נאָך אויסגעזוכט פאַרשיידענע בלבולים בכדי צו האַלטן אין פערמאַנענטער טויט־שרעק די אויסגעהונגערטע קינדער און פרויען פון די מאָביליזירטע מענער.

איבערהויפּט האָט זיך דאָס געלאָזט פילן אין יאָר 1915 ווען די רוסישע אַרמיי האָט געליטן איין מפלה נאָך דער צווייטער אויפן מערב־פראָנט און מיט יעדן טאָג האָט מען זיך גערוקט, אָדער בעסער געזאָגט, געלאָפן אויף מזרח אַלץ טיפער אין רוסלאַנד. דאַן האָט מען באַמערקט ווי די אָרטיקע פויערים גייען אַרום ברוגזע און וואַרפן פאַרדעכטיקע בליקן צו זייערע יידישע שכנים אָן אַ פאַרוואָס, אָבער ווען ס'איז

געלונגען אַריינצוציען אַ פּויער אין אַן אינטימען שמועס, ערשט דאַן האָט ער אויפגעדעקט די „קאָרטן" און איז אַרויס מיטן לשון: וואָס מיינט איר אייך, פלעגט ער אָנפאַנגען, מיר ווייסן אַלץ, דער באַטיושקע (גלח) האָט אונדז דערציילט זונטיק אין צערקווע, אַז די אַלע מפּלות וואָס דאָס רוסישע מיליטער לייד אויף די פראָנטן, איז נאָר צוליב אייך, ווייל איר האָט אונדז פאַרקויפט צום דייטש. יאָרן לאַנג האָט איר אונדז איינגערעדט, אַז די דראָטן וואָס זענען ביי אייך פאַרצויגן פון איין שטוב צו דער צווייטער (געמיינט דעם ערוב), איז דאָס כלומרשט אַ רעליגיעזע צערעמאָניע; היינט איז דאָס שוין מער פאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז דאָס זענען געהיימע טעלעפאָנען דורך וועלכע איר גיט איבער ידיעות צום דייטש... אַלע יידישע סאָלדאַטן, ווי מען ברענגט זיי אויפן פראָנט, גייען פרייוויליק איבער צום דייטש אין געפאַנגענשאַפט. ווען מ'האָט אים געפּרוווט איבערצייגן, אַז ס'איז שוין דאָ שטעטלדיקע יידן פאַרוואונדעטע פון פראָנט, האָט ער אייך גלייך געענט־פערט, אַז דאָס איז ניט אמת, ווייל יידן פאַרוואונדן זיך אַליין בכדי זיי זאָלן זיך אַרויסקריגן פון שלאַכטפעלד...

שטענדיק האָט זיך אַזאַ שמועס פאַרענדיקט מיט דער דראָונג, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט קיין איין ייד ניט בלייבן לעבן און מ'וועט אייך אויסשעכטן.

אַזוי האָט זיך געצויגן די קריג אַ יאָר נאָך אַ יאָר, טויזנטער יידן זענען געפאַלן אויף די פראָנטן און נאָך מערער זענען געבליבן אייביקע קאַליקעס.

אַזוי האָט אויסגעזען דער פּאָליטישער מצב פון די יידן אין גאַנץ רוסלאַנד. אָבער פּלוצלינג איז געשען דער נס און ס'איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין יאָר 1917. ווי אַ שווערער שטיין האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון די יידישע הערצער. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון קנעכטשאַפט, האָט מען זיך פּלוצלינג דערפילט ווי פרייע בירגער אין אַ פריי לאַנד, ווי גלייכע מיט גלייכע אין דער פיל מיליאָניקער רוסישער אימפּעריע פון פאַרשיידענע גלויבנס און נאַציאָנאַליטעטן. ס'האָט זיך גע־דאַכט, אַז די הימלען זעען אויס אַנדערש, דאָס די זון שיינט לויטערער ווי שטענדיק.

מיט יעדן טאָג האָט מען זיך אַלץ מער צוגעוויינט אַז די רעוואָלוציע איז אַ פאַקט און די שרעק אַז ס'זאָל ניט געשען אַזאַ אָפּנעראַרעריי ווי מיט ניקאָלייס כלומרשטער קאָנסטיטוציע אין 5־טן יאָר איז גיך פאַרשוווּנדן. ס'איז מיר שווער צו זאָגן ווי אַזוי און וועלכע אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיקייט האָט אין יענע טעג זיך אַנטוויקלט צווישן דער דערוואַקסענער יוגנט אין סווערזשנע, ווייל זייענדיק נאָך גאָר אַ קליינער יינגל, האָב איך נאָך צווישן די דערוואַקסענע קיין דריסת הרגל ניט געהאַט, נאָר דאָס קאָן איך פעסטשטעלן, אַז אין דער עפנטלעכקייט איז ניט געטאָן גע־וואָרן קיין וועזנטלעכע אַרבעטן אויף דעם געביט, ניט דורך דער יידישער ווי אויך ניט דורך דער קריסטלעכער באַפעלקע־רונג פון שטעטל. ערשט אין אייניקע וואָכן אַרום נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער רעוואָלוציע, איז פּלוצלינג אַראָפּגעקו־מען קיין סווערזשנע אַ גרופּע פון אַ פּאָר צענדליק סאָלדאַטן

טראָגנדיק אַ רויטע פאָן און פאָרויס האָט מאַרשירט אַ סאָל־דאַט מיט דריי בענדלעך וואָס דאָס האָט באַדייט אַ זוואָדנער קאָמאַנדיר. מען איז צוגעקומען ביז דעם „פּאַמעטניק" (דענק־מאָל) און נאָך זיי האָט זיך שנעל צוזאַמענגעקומען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידן און קריסטן.

דאַן איז אַרויף אויף די אונטערשטע שטיינער פון דענק־מאָל, דער זוואָדנער, און געהאַלטן אַ גלענצנדע רעדע, בע־טאָנענדיק דערביי דאָס די אַממיינסטן בעוולטע אין דעם צאַ־רישן רוסלאַנד זענען געווען די יידן, וועלכע זענען איצט צוריק־געשטעלט געוואָרן אין זייערע רעכט און געניסן פון דער פולער פרייהייט צווישן דער פאַרצווייגטער פעלקער־משפּחה אין דעם פרייען רוסלאַנד.

נאָכן פאַרענדיקן זיין געלונגענע רעדע, האָט ער גע־פרעגט, ווער פון דער ציווילער באַפעלקערונג וויל עפּעס רעדן. דאַן איז אַרויף ראובן מונבז, אַן אַלטער בונדיסט, אַן אינוואַ־ליד פון 5־טן יאָר. ער האָט גערעדט קורץ אָבער זאַכלעך פאַרענדיקנדיק מיט פאָלגנדע ווערטער: אייגנטלעך איז דער קייזערלעכער טראָן פון אַליינהערשער אין רוסלאַנד שוין צע־בראָכן געוואָרן נאָך אין יאָר 1905, נאָר די גסיסה־ראַנגלעניש פון דער צאַרישער מאַכט איז געווען זייער אַ שווערע און האָט געדויערט גאַנצע 12 יאָר, אַזוי אַז די איצטיקע רעוואָלוציע איז געקומען ווי אַ קאָנסעקווענץ פון די קאַמפן אויף די באַ־ריקאַדן נאָך פון יענער תקופה.

נאָך אים האָט גערעדט משה'ל גראַנדע, אַ מלחמה־אינ־וואַליד, וועלכער האָט זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט אַז לויט זיינע רייד איז אַרויסגעקומען דאָס אין דער עקזיסטענץ פון צאַרישן רעזשים אין רוסלאַנד, זענען שולדיק געווען די יידישע ספּעק־קולאַנטן און די יידישע „דוכאָווענסטוואָ" — די רבנים.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט מיט אויסגעשרייען „דאָלאָי ניקאָליי" און זאָל לעבן קערענסקי מיט זיין צייטווייַ־ליקער רעגירונג. נאָך אָפּזינגען די מאַרסעליעזע איז זיך דער עולם צעגאַנגען אין יום־טובדיקער שטימונג.

דער זוואָדנער קאָמאַנדיר יעגאָראָוו, האָט געדינט אין אַ טעכניש־מיליטערישער אָפּטיילונג, וועלכע איז געווען איינ־געקוואַרטירט אין די באַראַקעס נעבן דוד לייבס וואַסער־מיל אין סטויבץ. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גלענצנדער רעד־נער און פייערדיקער רעוואָלוציאָנער. אין די שפּעטערדיקע פייערלעכקייטן וועלכע זענען פאָרגעקומען סיי אין סטויבץ און סיי אין סווערזשנע, איז ער געווען דער הויפּט־אָנפירער.

אַזעלכע מיטינגען זענען פאָרגעקומען כמעט יעדע פּאָר וואָכן אונטערן פרייען הימל און אָרגאַניזירט געוואָרן דורך מיליטער־לייט. צום העכסטן פּונקט האָבן די פייערלעכקייטן דערגרייכט דעם ערשטן מאַי 1917 אַזייגער 8 אין דער פרי, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן רירן די ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון סווערזשנע. פאָרויס האָט מען געטראָגן צענדליקער פאָנען און לאָזונגען צווישן זיי אויך אַ בלוי־ווייסן פאָן, וועלכער איז געטראָגן געוואָרן דורך חאַניע גראַנדע און חיים פּראָטאַס, הינ־טער דעם פאָן איז געגאַנגען אַ דעלעגאַציע פון עלטערע יידן מיט גרויע בערד, מיט מאיר יוסף שוואַרץ אין דער שפּיץ. דער

לאָזונג אויף דער פאָן איז געווען געשריבן מיט גאָלדענע בוכשטאַבן: „דאַ זדראַווסטוויעט סוואָבאָדנאַיאַ ראָסיאַ" און די יידישע איבערזעצונג האָט געלויטעט: „יחי העם היהודי". הינטער די פאָנען איז געגאַנגען אַ מיליטערישער ערד־וואַך פון 12 סאָלדאַטן מיט ביקסן. נאָך זיי האָבן מאַרשירט פאַרשיידענע מיליטערישע אָפּטיילונגען, צום ערשטן מאָל מיטן אָנטייל פון אָפיצירן.

מיט דער ריזיקער דעמאָנסטראַציע האָט אָנגעפירט יעגאַראָוו דער זוואָדנער קאָמאַנדיר, וועלכער איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ רויטע פאָן פון קאָפּ ביז די פיס.

אויף דעם גאַנצן וועג האָט אַ ריזיקער מיליטערישער כאָר געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. פון צייט צו צייט פלעגט דער לאַנגער קילאָמעטער־דעמאָנסטראַציע־צוג בלייבן שטיין און 4 סאָלדאַטן פלעגן שאַפן אַ לעבעדיקע טריבונע אויף וועלכער מען פלעגט אַוועקשטעלן יעגאַראָוון און ער פלעגט דערביי מאַכן פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע אויסרופן.

פון ווייטן האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק דאָס ניט קיין מענטש נאָר אַ רויטער פאָן שטייט און רעדט.

אַזוי איז מען דורכגעגאַנגען ביז סטויבץ, דאָרטן האָבן זיך ווידער איינגעשלאָסן פאַרשיידענע דעלעגאַציעס מיט פענער. צווישן זיי אויך אַ יידישע דעלעגאַציע מיט אַ בלויווייסער פאָן מיט ד"ר גאָלדין אין דער שפּיץ.

שעהן לאַנג האָט געדויערט ביז מען איז צוגעקומען צו דער טריבונע וועלכע האָט זיך געפונען אויפן פרייען פלאַץ נעבן דער ווינט־מיל. די ריזיקע מאַסן־דעמאָנסטראַציע האָט זיך געצויגן ביזן וואָקזאַל. רעדנער זענען אַרויף און אַראָפּ פון די טריבונע. ביים סוף פון דעם ריזיקן מיטינג איז שוין יעגאַראָוו געווען אַזוי הייזעריק, דאָס ער האָט שוין ניט געקענט אַרויסריידן קיין וואָרט נאָר געפאָכעט מיט דעם היטל און געמאַכט מיט די הענט אויף וואָס דער ריזיקער עולם האָט געענטפערט מיט הורא אויסגעשרייען, וועלכע האָבן אָפּגעהילכט אויף קילאָמעטערס ווייט.

מיטן שפּילן די מאַרסעליעזע דורכן אָרקעסטער, האָט זיך שפּעט אין דער נאַכט געענדיקט די פייערלעכקייט פון ערשטן מאַי 1917.

נאָך די פייערלעכקייטן פון ערשטן מאַי, האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן ביי דער יוגנט אַ ווילן צו אָרגאַניזאַטאָרישע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טעטיקייטן, אָבער אין דעם 8־טן מאַי 1917, איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אויף וועלכע ס'איז פאַרברענט געוואָרן מער ווי אַ האַלב שטעטל און איבערהויפט דער יידישער טייל פון סווערזשנע, און דאָס האָט אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסער צייט יעדער אַרבעט אויף אַלע געביטן.

נאָך דער שריפה האָט זיך אַ געוויסער טייל פון די נשרפים איבערגעצויגן וווינען אין די פאַרבליבענע הייזער פון איטשע וועליעס ליעסאָפּילני זאַוואָד, וועלכער איז אָפּגעברענט געוואָרן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, צווישן די פאַמיליעס וואָס זענען אַריבער אַהין וווינען איז געווען אויך אונדזער פאַמיליע און דאָרטן איז מען שוין פאַרבליבן ביז 1919 — ביזן אָנקום פון די פּאָליאַקן.

## די ווידער־אויפלעבונג פון דער יידישער ביבליאָטעק

אין איניקע מאָנאַטן אַרום נאָך דער שריפה, האָט זיך אויפגעבויט די שטוב פון שמואל דוד מענכעס, וואָס איז דאַן געווען כמעט די איינציקע שטוב אויף דער סטויבצער גאַס. אין דער שטוב, איז טאַקע צוריקגעעפנט געוואָרן די פריערדיקע יידישע ביבליאָטעק, וועלכע איז ניט געווען טעטיק אַ שפּאָר ביסל יאָרן. דער גרעסטער טייל פון די ביכער וואָס האָבן זיך אויפגעהיט ביי חיה ראַזין, האָבן געדינט ווי אַ התחלה פאַר דער ווייטערדיקער ביבליאָטעק־טעטיקייט. די ביכער זענען געווען אויף העברעאיש, יידיש און רוסיש.

עס איז אויך געקומען אַ יידישער סאָלדאַט און האָט געבראַכט אַ פּאָר זעק מיט בראָשורן אין יידיש און אין רוסיש פון די נייעסטע אויסגאַבן.

ס'איז געעפנט געוואָרן אַ לעזע־זאַל ביי דער ביבליאָטעק אין סווערזשנע אין וועלכן ס'פלעגט זיך צונויפזאַמלען אַ שיינע יוגנט יעדן אָוונט. מען האָט אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג מיט בערל קאַפּלאַן אין דער שפּיץ.

די ביבליאָטעק, זייענדיק די איינציקע פאַר סטויבץ און פאַר סווערזשנע, איז געווען צו קליין נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון די לעזער פון ביידע שטעטלעך. כדי צו פאַרגרעסערן דעם צאָל ביכער, איבערהויפט מיט נייע אויסגאַבן, וועלכע זאָלן זיין מער צוגעפאַסט צו דער רעוואָלוציאָנערער תקופה, האָט מען באַשלאָסן אַדורכפירן אַ ספּעקטאַקל פון וועלכן די הכנסה וועט גיין אויף איינקויפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק.

ס'איז כדאי צו באַצייכענען, אַז די ביבליאָטעק האָט געהאַט אויך פיל קריסטלעכע לעזער, אַפילו די דריי טעכטער פון אָרטיקן פּראַוואָסלאַוונעם פּאָפּ (גלח). אין אַ פיל שפּעטערע תקופה, שוין פאַר די פּאָליאַקן, ווען מיר האָבן דורכגעפירט אַן אַקציע פון שענקען ביכער כדי צו פאַרברייטערן די ביבליאָטעק זענען צווישן די געלט־און ביכער־באַשטייער געווען פיל ווייסרוסן און אַפילו פּאָליאַקן.

גערעדט און געטאָן. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמקרייז אונטער דער רעזשי פון יוסף שקאָלניק מיט דער מיטבאַטייליקונג פון די שפּילער שרה פּראַטאַס, חיה שיינע קאַפּלאַן, מינע צאַלקאָוויץ, חנה שרה'קע יאָסעלעווסקי, בערל קאַפּלאַן, משה זמודזיאַק, קלמן עווענציק און אליהו זמודזיאַק. נאָך אַ 6 וואָכן פון פּרוּוון און צוגרייטונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען ביי מייטשען אין קרעטשמע. איז ענדלעך געלונגען צו ענדיקן דעם איינשטודירן און אין אַ מזלדיקע שעה, האָט מען דערלעבט צו זען געדרוקטע אַפישן אויף יידיש און רוסיש, דאָס דורך דעם סווערזשנעם יידישן דראַמקרייז וועט געשפּילט ווערן אין די באַראַקן פון דער מיליטערישער טעכנישער אָפּטיילונג אין סטויבץ „די שחיטה" פון יעקב גאָרדין, אַ פּיעסע אין 4 אַקטן, פון וועלכער די גאַנצע הכנסה איז לטובת דער ביבליאָטעק. פאַראַנטוואָרטלעכער אויפזעער בערל גראַנדע. דער „זאַל" איז געווען געפּאַקט פון סווערזשנער און סטויבצער. ניט געקוקט אויף דעם וואָס די באַראַקן האָבן זיך געפונען איבער 3 קילאָמעטער פון שטעטל. האָט עס קיינעם ניט אָפּגעהאַלטן פון גיין זען; פאַר פיל צום ערשטן מאָל, אַ יידישן

ספעקטאַקל. דעם אמת געזאָגט, האָבן אַלע געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג און די סטויבצער האָבן צוגעגעבן, אַז די סווערזש־נער שפּילן גוט.

אויך די קאַסע האָט געהאַט אַ גוטן דערפאָלג, און ס׳האָט אַריינגעטראָגן אַ שיינע הכנסה פאַר וועלכע מען האָט איינ־געקויפט אין מינסק איבער הונדערט נייע רוסישע ביכער לויטן גייסט פון יענער צייט. דער דערפאָלג פון דעם דראַמקרייז האָט אַרויסגערופן קנאה ביי די איבעריקע יוגנטלעכע און מען האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ צווייטן דראַמקרייז, און גאָר אין קורצן האָט מען אָנגעפאַנגען צו מאַכן פּרווון פון גאָר־דינס פּיעסע „חאשע די יתומה״. דער פרישער קרייז איז באַשטאַנען פון בתיה אינזעלבוך, מ. צאלקאוויטש, ח. ש. יא־סעליעווסקי, מאטוס בערל, קאפלאן, ישראל צאלקאוויטש, טוביה קליאטשוק, ק. עווענציק און אנשל גאלאווענציק אַלס סופליאר. אין משך פון דער צייט איז פריי געוואָרן דער לאָ־קאַל פון די סווערזשנער פייערלעשער, וועלכער איז געווען, אין פאַרהעלטעניש צום מיליטערישן באַראַק, אַ פּרעכטיקער בנין מיט אַ גוטער סצענע, און דער נייער דראַמקרייז האָט שוין געשפּילט „חאשע די יתומה״ מיט גרויס דערפאָלג אין אייגענעם סווערזשנעם לאָקאַל. אגב אורחא, וויל איך דערביי דערמאָנען, אַז אויך דער סטויבצער יידישער דראַמקרייז האָט זיינע פאָרשטעלונגען דורכגעפירט אין סווערזשנע אַ לאַנגע צייט, ניט האָבנדיק קיין פּאַסיקן לאָקאַל ביי זיך אין שטעטל. נאָכדעם ווי דער צווייטער דראַמקרייז האָט צוגענומען אייניקע שפּילער פון דעם ערשטן, האָט זיך דער ערשטער דראַמקרייז אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירן אויף דאָס ניי און מען האָט זיך גע־גרייט שפּילן „מירעלע אפרת״ מיט פאָלגענדן שפּילער־צוזאַמ־מענשטעל: יוסף שקאָלניק, אליעזר ראזין, משה זמודזיאַק, קלמן עווענצוק, א. ד. שקאָלניק, שרה פראטאס, חיה׳לע ראזין, די טאָכטער פון חיים דוד ראזין, רחל יאסעלעווסקי און אלס סופליאר אליהו זמודזיאַק. דורךביידע דראַמקרייזן זענען במשך פון אייניקע יאָר געשפּילט געוואָרן פאָלגנדע פּיעסן:

„יענקל דער שמיד״, „גאָט, מענטש און טייוול״, „געבראָ־כענע הערצער״, „דאָרט ווי דאָס לעבן פאַרגייט״, „קרייצער סאָנאַטע״, „ביים יידישן קעניג ליר״, און פאַרשיידענע וואָדע־ווילן. די אָפּשאַצונג פון דעם עולם־צושויער איז באַשטאַנען אין דעם וויפל מ׳האָט געוויינט ביי דער פאָרשטעלונג, און אויב פּובליקום האָט ניט געוויינט גענוג, איז די אָפּשאַצונג געווען דאָס די שפּילער טויגן אויף כפּרות.

די הכנסה פון ביידע דראַמקרייזן איז געווען בלויז פאַר דער ביבליאָטעק. אַזוי אַרום האָט זיך טאַקע אין משך פון דער צייט אָנגעזאַמלט אַ היפּשע צאָל ביכער. די ביבליאָטעק איז אָנגעפירט געוואָרן דורך בערל דארעווסקי, וועלכער האָט זיך געדעכנט פאַר אַ גוטן ביבליאָטעקאַר. דער לעזע־זאַל האָט פאַרשטאַרקט זיין טעטיקייט און ס׳האָבן אָנגעפאַנגען אָנ־צוקומען טעגלעכע צייטונגען ווי אויך פאַרשיידענע פעריאָ־דישע אויסגאַבן. די יוגנט, ניט האָבנדיק וווּ אַהינצוטון זיך אין די אָפּגעברענטע סווערזשנער גאַסן, איז פאַר זיי טאַקע געוואָרן די ביבליאָטעק מיטן לעזע־זאַל דער איינציקער זאַמל־פונקט ווו מען פלעגט אַריינזיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דאָרטן איז אויך דיסקוטירט געוואָרן פאַר וועמען מען דאַרף שטימען ביי די וואַלן צו דער „אוטשרעדיטעלנער סאבראניע״ (גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.



בעז׳ל דאַ וועוסקי ז״ל, געשטאָרבן אין אַרגענטינע 1962
זיין פרוי חנה תבל״א

## די באַלפור־דעקלאַראַציע

צו דער העכסטער אַקטיוויטעט צווישן דער יוגנט איז דערגאַנגען אין דעם 2־טן נאָוועמבער 1917, ווען ס׳איז פּראָק־לאַמירט געוואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע.

מאיר יוסף שוואַרץ האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן פון סווערזשנע, אַרומגערינגלט מיט צענדליקער יוגנטלעכע, האַלטנדיק פעק מיט קאָלירטע מודעות געשיקט פון מינסק, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ווי נאָר ס׳וועט זיך ענ־דיקן די מלחמה, וועט די ענגלישע רעגירונג פון זיין קעניג־לעכן מאַיעסטעט העלפן אויפשטעלן אַ יידישע היים אין ארץ־ישראל אויפן סמך פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

הונדערטער אַזעלכע מודעות זענען צעקלעפּט געוואָרן איבער אַלע גאַסן, אומעטום האָבן זיך געזאַמלט רעדלעך יידן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב און געוויינט פאַר פרייד. שבת ביים דאַווענען צו קריאת התורה, האָט מאיר יאָסל גע־האַלטן אַ פייערדיקע רעדע, פאַרגלייכנדיק דעם ד״ר וויצמאַן און סאָקאָלאָוו אַלס די מאָדערנע עזרא און נחמיה, ווי אויך דעם אויסערן־מיניסטער פון ענגלאַנד אַרטור דזשיימס באַל־פור אלס דער מלך כורש פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

נאָך אים האָט גערעדט דער סווערזשנער רב ר׳ משה לייב רווינעס, וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון ארץ־ישראל, געבראַכט ציטאַטן פון די נביאים, וועלכע האָבן פאָרויס־געזאָגט, אַז סוף כל סוף וועלן יידן זיך אומקערן אין זייער לאַנד צו באַנייען די מלכות פון בית דוד.

אַ יום־טובדיקע שטימונג איז געווען אין שטעטל. מאיר יאָסל איז געוואָרן די צענטראַלע פיגור, אַלעמענס אויגן זע־

נען געווענדעט צו אים. מענטשן האָבן שוין געמאַכט חשבונות וואָס פאַר אַ שטעלע ער וועט פאַרנעמען אין דער יידישער מדינה. אַנדערע האָבן געגלויבט אַז ער וועט זיכער ווערן אַ גובערנאַטאָר אין ארץ־ישראל און אַ טייל האָבן געזאָגט אפשר נאָך העכער...

ניט נאָר ביים דאַווענען, נאָר אויך אין לעזע־זאַל איז ער חשובער געוואָרן. צו זיין וואָרט הערט מען זיך שוין צו מיט מער רעספעקט, זיין מיינונג דעצידירט אין אַלע ענינים. אויף חנוכה איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גראַנדיעזער ציוניסטישער אָוונט אין בנין פון דער רוסישער גימנאַזיע. אַ כאָר פון דער־וואַקסענע, באַפוצט מיט מגן־דוד׳ס און בלוי־ווייסע בענדער, אונטער דער לייטונג פון יוסף שקאָלניק, האָט אויסגעפירט פאַרשיידענע ציוניסטישע לידער אויף יידיש און העברעאיש, אָנהויבנדיק מיט דער שבועה פון „פועלי ציון״.



מאיר־יוסף שוואַרץ הי״ד — אומגעקומען אין סווערזשנער געטאָ צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אין דער גרויסער שחיטה

„מיר הויבן די הענט קעגן מזרח און שווערן ביי ציון, איר ערד און איר הייליקע לאַנד״, — אָט די ווערטער האָבן געקענט זיין צוגעפאַסט פאַר יעדער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג און איבערהויפט ביי דער וויגעלע פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. נאָכדעם איז אויסגעפירט געוואָרן אַן איינאַקטאָר שפיל אונ־טערן נאָמען „הויכוח״ אָנגעשריבן דורך מאיר יוסף שוואַרץ, אויסגעפירט דורך ישראל צאלקאוויטש, מאַטיס־בערל קאַפּלאַן, טוביה קלייטשוק און אסתר סעגאַלאָוויטש. דער אינהאַלט פון „הויכוח״ איז אַ דיסקוסיע צווישן אַ ציוניסט , אַ אגודה׳ניק און אַ בונדאָוויעץ. ווען די דיסקוסיע דערגרייכט אַז מען האַלט שיין כמעט ווי ביי צעשלאָגן זיך, מישט זיך אַריין אַ פרוי און מאַכט שלום. אַלע צוזאַמען נעמען זיך פאַר די הענט און כאַפּן אַריין אַ פריילעך יידיש טענצל מיט אַן אָריענטאַלישן ניגונדל וואָס פאַרפירט דיר מיט דיין פאַנטאַזיע ווייט־ווייט ביז די בערג פון גליל. דער זאַל איז געווען איבערפולט. סטויבצער זענען געווען ניט ווייניקער פון סווערזשנער. די הכנסה פון דעם אָוונט איז איבערגעשיקט געוואָרן אין דער צענטראַלע פאַר יידישע היימלאָזע אין רוסלאַנד.

## אונטער פאַרשיידענע מאכט

אָנהויב פרילינג 1918 האָבן די באָלשעוויקעס פאַרלאָזן דעם מערבדיקן טייל פון רוסלאַנד און מיטן אָנקומען פון די דייטשן, האָט זיך געענדיקט יעדע פאַרטייאישע טעטיקייט. די דייטשן האָבן זיך באַצויגן מיט חשד צו דער גאַנצער באַפעל־קערונג און געזען אין יעדן ייד אַ קאָמוניסט. אויסער דעם, זענען די דייטשן געווען פאַרבונדן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה מ״ט טערקיי און די באַלפור־דעלאַראַציע איז דערשי־נען אויפן סמך פון דער מפלה פון טערקיש־דייטשן פראָנט אין ארץ־ישראל, אַזוי אַרום אַז אין אַזעלכע אומשטענדן איז אוממעגלעך געווען צו פירן וועלכע ס׳איז פאָליטישע טעטי־קייט. צום אמת מוז געזאָגט ווערן, אַז די באַציאונג פון די דייטשן צו יידן אין יענער צייט איז געווען אַ טאָלעראַנטע. די ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט אויך ווייטער, עס זענען נאָך געווען יידישע פאָרשטעלונגען. איך געדענק אַפילו אַ פאַל, אַז אין יענער צייט האָבן אויך די ווייסרוסן דורכגעפירט זייער אַ פאָרשטעלונג אויף דער ווייסרוסישער שפראַך. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויף דער פאָרשטעלונג וועט אַרויסטרעטן מיט אַ דעקלאַמאַציע ראַדקעוויץ, דער זון פון סווערזשנער צערקווע־קלינגער. דער אינהאַלט פון דער דעקלאַמאַציע איז געווען ווי אַ יידישער גימנאַזיסט האַלט עקזאַמען, ווו ס׳ווערט געחוזקט ווי יידן ריידן רוסיש. האָבן יידן באָיקאָטירט די פאָרשטעלונג און ניט געקויפט קיין בילעטן. שפּעטער האָט מען באַשלאָסן שטערן די פאָרשטעלונג. ס׳האָט זיך ביי דעם בנין פון די פייערלעשער צונויפגעזאַמלט אַ היפשע גרופּע פון בחורים, צוויי בחורים האָבן געקויפט בילעטן און אַריין אינע־ווייניק און ווען ראַדקעוויטש האָט אָנגעפאַנגען זיין אַנטיסע־מיטישע דעקלאַמאַציע, האָבן די צוויי בחורים פון אינעווייניק אויפגעעפנט די פענצטער און אַלע וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן, זענען כהרף עין אַריינגעשפרונגען אין זאַל דורך די אָפענע פענצטער, אַרויסגעכאַפּט פייפלעך פון די קעשענעס און געמאַכט אַזאַ פייפעריי, אַז מען האָט געקענט פאַרטויבט ווערן. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי פלוצלינג און אומבאַמערקט, אַז די אָרדנער, ווי אויך דער גאַנצער זאַל, וואָס איז געווען איבערפולט מיט אַ קריסטלעכן עולם, זענען געוואָרן צעמישט און האָבן זיך ניט געקענט אָריענטירן וואָס דאָ קומט פאָר. דער דייטשער קאָמענדאַנט, וועלכער האָט זיך דאַן אויך גע־פונען אין זאַל, דערוויסנדיק זיך פון זיין דאָלמעטשער נחמן פּראָטאַס, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט פאַראורטיילט די האַנדלונג פון די סווערזשנער קריסטן ווי אַ געמיינהייט פון ערגסטן גראַד. ער האָט אַפילו געזוכט דעם שייגעץ ראַדקעוויטש אויף

דער סצענע, אָבער יענער איז אַנטלאָפן דורך אַ הינטער־טיר.

אין נאָוועמבער 1918 האָט דאָס דייטשע מיליטער אין דער גרעסטער אומאָרדענונג גענומען פאַרלאָזן די באַזעצטע געביטן פון מערב ווייס־רוסלאַנד. מיטן אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, האָט זיך באַנייט די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט פון דער ציוניסטישער יוגנט אין סווערזשנע, אָבער אין אַ גאַנץ קליי־נעם מאַסשטאַב. ס'זענען אַפילו פאָרגעקומען אייניקע פאַרזאַמ־לונגען מיט דער דערלויבעניש פון אָרטיקן קאָמיסאַר, אָבער אָן הצלחה. דאָס פעלן פון אַ ציוניסטישער פרעסע, זייענדיק אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, ווי אויך דער גייעג נאָך אַ שטיקל ברויט אין די פרילינג חדשים פון 1919, האָט ביי יעדן אָוועקגערויבט דעם ווילן זיין אָנגעשלאָסן אין וועלכער ס'איז געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אין מיטן זומער 1919 האָט צום ערשטן מאָל דאָס פוילישע מיליטער באַזעצט דעם מערב געביט פון ווייסרוסלאַנד ביז דעם טייך בערעזינא. ס'איז גאַנץ שנעל געשאַפן געוואָרן אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט. מינסק איז געוואָרן אַ שטאַרקער ציוניסטישער צענטער. ס'האָט אָנגעפאַנגען צו דערשיינען אַ טעגלעכע צייטונג אונטערן נאָמען „פאָרן פאָלק", וועלכע איז פאַרשפרייט געוואָרן אין דער גאַנצער פראָווינץ. מיט וואַרשע האָבן מיר ניט געהאַט קיין פאַרבינדונגען, נאָר מיט מינסק. דער לעזע־זאַל מיט דער ביבליאָטעק האָבן ווידער באַנייט זייער טעטיקייט, אָבער זיי האָבן שוין ניט געהאַט זייער פרי־ערדיקע צוציאונגס־קראַפט. די הויפּט־אַרבעט איז איצט געווען אין בית מדרש, וועלכער איז טיילווייז צוריקאויפגעבויט גע־וואָרן מיט דער הילף פון סענאַטאָר יעוועליאַוואָסקי, אַ מיטגליד פון דאַנציגער סענאַט. זייענדיק אין סטויבץ צוליב האַנדלס־אָנגעלעגנהייטן, האָט ער באַזוכט אויך סווערזשנע אַלס איי־ניקל פון אַלטן סווערזשנעם חזן. זעענדיק, דאָס דער בית מדרש וווּ זיין זיידע האָט געדאַוונט, שטייט ווי אַ חורבה, האָט ער פאַראָרדנט אליהו־יונה קיטאַיעוויץ, דאָס ער זאָל אַרויסגעבן פון זיין טאַרטאַק אַזויפיל ברעטער אויף זיין חשבון וויפל ס'וועט נויטיק זיין אויף צו פאַרענדיקן דעם בנין. אַזוי אַרום זענען טאָקע אַלע פאַרזאַמלונגען, ווי ווילן אַ קהילה־ראַט, עפענען אַ קיך פאַר קינדער, פונאַנדערטיילן אַמעריקאַנער זאַכן פאַר נויט־באַדערפטיקע, מכשירים פאַר בעלי מלאכות, עפענען אַ שולע פאַר סווערזשנער קינדער,— דאָס אַלץ איז איצט באַהאַנדלט געוואָרן אויף שטורמישע פאַרזאַמלונגען אין גרויסן בית מדרש און ממילא האָט עס צוגעצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער גאַנצער יוגנט. ענדלעך האָט געגומען אַ סוף צו די וויכוחים און די קהילה האָט געקענט אָנפאַנגען איר נאָרמאַלע טעטיקייט. דער אָרטיקער רב ר' משה לייב רווינעס האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע אַקטיוויטעט. מ'האָט אים ניט געקענט טרעפן אין דערהיים און כמעט שטענ־דיק איז ער געווען אונטערוועגס אין די ענינים פון דער קהי־לה. איין מאָל, פאָרנדיק אויף אַ רבנים־צוזאַמענפאָר אין מינסק, איז ער באַפאַלן געוואָרן אין באַן דורך פּאַליאַקן „האַלער־טשיקעס", וועלכע האָבן אים מערדערלעך צעשלאָגן און מיט אַ מיליטערישן באַגנעט אָפּגעשניטן די באָרד. אָנקומענדיק קיין מינסק איז ער גלייך אַוועק אין זאַל פון צוזאַמענפאָר, ווו ער האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע פּראָטעסט־רעדע אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט דעם ווײ־געשריי פון די טויזנטער יידן, וועלכע פלעגן געוואָרפן ווערן פון לויפנדע באַנען, אָדער ביים בעסטן אופן, האָט מען זיי אָפּגעשניטן די בערד.

די רעדע פון הרב רווינעס האָט געמאַכט אַ דערדריקענדן רושם אויף אַלע אָנוועזנדע פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ. איבערהויפּט אויף די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין זאַל. דער פולער טעקסט פון זיין רעדע איז צו מאָרגנס אָפּגעדרוקט געוואָרן אין מינסקער „פאָרן פאָלק". לאַנגע חדשים איז ער ארומגעגאַנגען מיט אַ פאַר־בונדענעם פּנים, שעמענדיק זיך צו ווייזן מיט דער אָפּגעשני־טענער באָרד אין גאַס. אַזוי האָבן זיך געלאָזט ווילגיין אין משך פון גאַנצן יאָר איבער דער יידישער באַפעלקערונג, די לעגיאָנערן פון פּילסודסקיס אַרמיי.

ענדלעך אין מיטן זומער פון 1920, נאָך אַ שטאַרקן אָנגריף פון דער רויטער אַרמיי, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרלאָזן די פאַר־כאַפּטע געביטן פון ווייסרוסלאַנד. אָפּטרעטנדיק האָבן זיי גע־שענדעט און גערויבט דער יידישער באַפעלקערונג אין משך פון אַ וואָך צייט. נישט געקוקט אויף דעם וואָס מען האָט געוווּסט, אַז מיט דעם אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, הויבט זיך אָן ווידער אַ צייט פון הונגער און נויט, האָט מען דאָך מיט אַ ברכה אויף די ליפּן באַגעגנט יעדן רויטן אַרמייער אין וועלכן מען האָט געזען אַ מענטש און אַ באַפרייער פון חרפה און מאָ־ראַלישער אונטערדריקונג, וועלכע איז צייטנווייז שווערער ווי הונגער און נויט.

### די מורא פאַר נקמה

מיטן אָפּטרעטן פון די פּאָליאַקן, איז געשען אַ פיינלעכער פאָרפאַל. דאָס איז געווען אין דעם לעצטן טאָג פון זייער צוריק־מאַרש, ווען דער לעצטער פוילישער סאָלדאַט האָט שוין פאַרלאָזן סווערזשנע און די יידן האָבן זיך שוין גענו־מען אַריינציען צוריק אין זייערע הייזער נאָך דעם ווי אַ גאַנצע וואָך איז מען געווען צעשפּרייט איבער די פעלדער און וועלדער און דער עיקר נעבן גרויסן בית מדרש. דאַן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ביים פוילישן קסיאָנדז (גלח) איז פאַראַן אַ פולער קעלער מיט קאַרטאָפל און יעדער נעמט וויפל ער וויל. אַזוי ווי הונגעריק איז מען געווען פון ניט דערעסן אַ גאַנצע וואָך, און קויפן איז אויך ניט געווען ווו, האָבן זיך אייניקע געלאָזט צום קסיאָנדזס הויף. אָבער די גאַנצע מעשה האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ בלאָף. ביים אַריינגאַנג פון קסיאָנדז שטוב איז געשטאַנען אַ גרויס בילד פון געקריי־ציקטן, דאָס בילד האָט מען געשטעלט צוליב דעם, אַז די פּוי־לישע אָפּטרעטנדע מיליטערלייט זאָלן זען אַז דאָס איז ניט קיין יידישע שטוב און זיי זאָלן דאָרטן ניט רויבן. אָט דאָס הייליקע בילד, האָט עמעצער צעשניטן מיט אַ מעסער, אויף וואָס ס'האָט עדות געזאָגט אַ סווערזשנער שייגעץ, אַז ער האָט געזען ווי דאָס הייליקע בילד האָט צעשניטן דער סווערזשנער בחור הענאָך מענאַקער, דער זון פון לייבע גדולס. ס'איז שווער געווען צו גלייבן אַז הענאָך, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס רואיקער און באַוווסטזיניקער בחור, זאָל אָפּטאָן אַזאַ נאָ־

רישקייט. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. גוויס האָבן עס אויפ־געכאַפּט און בליץ שנעל איז פאַרשפּרייט געוואָרן, אַז די סווערזשנער יידן האָבן געשענדעט דאָס הייליקע בילד פון ישו הנוצרי. פון דעם האָט מען גערעדט אין אַלע דערפער פון גאַנצן געגנט. מילא, פאַר די באָלשעוויקעס האָט מען געשוויגן, אָבער איצט אַז די פּוילישע קומען צוריק? קען מען זיך פאַר־שטעלן מיט וואָס פאַר אַ געמיט די סווערזשנער יידן האָבן דערוואַרט דעם צוריקקער פון דער פּוילישער אַרמיי. הענאָך איז טאַקע פאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט דער אָפּטרעטנ־דיקער רויטער אַרמיי, אָבער סווערזשנער יידן זענען דאָך פאַרבליבן און צווישן זיי אויך די עלטערן פון הענאָכן מיט זיין ברודער און צוויי שוועסטער.

מ׳איז געווען זיכער, אַז דער קסיאָנדז וועט פאַרשטעלן די גאַנצע טראַגעדיע וואָס איז געשען מיט דעם הייליקן בילד און דאַן וועלן די אולאַנער וועלכע זענען געווען איינגעקוואַר־טירט אין סווערזשנע, מאַכן אַ שחיטה צווישן די יידן. ס׳זענען אַריבער וואָכן און חדשים און דער ענין איז פאַרגעסן געוואָרן. אין יאָרן אַרום ווען מיין טאַטע האָט אַרענדירט דעם פּרוכט־גאָרטן וואָס האָט געהערט צו דעם אָרטיקן קאַשטשאָל און איז אַריין אין אַ געמיטלעכן שמועס מיטן קסיאָנדז. האָט דער טאַ־טע געזאָגט, אַז די סווערזשנער יידן וועלן קיינמאָל ניט פאַר־געסן זיין אָרנטלעכע האַנדלונג בנוגע דעם בלבול מיטן היי־ליקן בילד. דערפאַר וועט אים גאָט אויסהיטן פון יעדעס שלעכטס, ווי ער האָט אויסגעהיט די סווערזשנער יידן פון אַ ערנסטער געפאַר. דער קסיאָנדז, זייענדיק גערירט פון די פאַר פשוטע ווערטער, האָט געענטפערט בזה הלשון: ראשית, האָב האָב איך ניט געזען, אַז דער בחור הענאָך מינאקער זאָל דאָס האָבן געטאָן. נאָר אויב מיר זאָלן אַפילו אויף איין רגע צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ער האָט דאָס יאָ געטאָן, איז אָבער ניט מחויב אַ עדה אומשולדיקע יידן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ אומבאַ־רעכטן שריט פון אַ נאַרישן בחור. אָבער גאָר אינגאַנצן רואיק איז דאָך דער צווייטער אָנקום פון די פּאָליאַקן ניט אַריבער. בכדי אָנצוואַרפן אַ שרעק אויף דער ציווילער באַפעלקערונג, האָבן זיי אין אַ פאָר וואָכן אַרום נאָך זייער אָנקומען אין סווערזשנע, אַרויסגענומען פון די בעטן אין מיטן נאַכט די צוויי געוועזענע יידישע מיליציאַנטן אין דער צייט פון די באָלשעוויקעס, משה׳ל גראַנדע און גבריאל גאלאווענטשיץ, אָפּגעפירט זיי אין גמינע און מכבד געווען יעדן איינעם מיט פינף־און־צוואַנציק שמיץ. מען האָט זיי אזוי צעקאַטעוועט, אַז זיי זענען געלעגן עטלעכע וואָכן אין בעט ניט קענענדיק שטעלן זיך אויף די פיס. דאַקעגן די קריסטלעכע מיליציאַנטן מיטן געוועזענעם נאַטשאַלניק מיליציע יעווגעני דראָזדאָווסקי, האָבן זיי אַפילו ניט אָנגערירט.

### די באַנייטע ציוניסטישע טעטיקייט

נאָך דעם ווי דער קריג האָט זיך געענדיקט און דער גרע־נעץ האָט זיך איינגעשטעלט נעבן דאָרף רוסאקאָוויץ, אַרום אַ צען קילאָמעטער מזרחדיק פון סווערזשנע, זענען מיר גע־ווען אין דעם אָפּשניט פון דעם נאָענטסטן פונקט פון דעם פּויליש־רוסישן גרענעץ און דאָס שטעטל איז דעריבער געווען איבערפולט, אין די ערשטע פאָר יאָר, מיט פּויליש מיליטער.

וועגן אַ וועלכע ס׳איז אָפּיציעלע אָרגאַניזאַציאָנעלע טע־טיקייט, האָט ניט געקענט זיין קיין רייד, ווייל די ערשטע פאָר יאָר האָט די פּוילישע מאַכט ניט לעגאַליזירט קיין פּאָליטישע פּאַרטייען, איבערהויפּט אויף די מזרח־קרעסן ווו מיר האָבן זיך געפונען. די צענטראַלע פּאַרטיי קאָמיטעטן, זענען בלויז געווען אָרטיקע קאָמיטעטן פון דער אָדער יענער פּאַרטיי אין דער שטאָט וואַרשע. די ביבליאָטעק איז געבליבן פאַרשלאָסן אין הייז פון פעשע האַנעלעס. ס׳זענען פאַרגעקומען זעלטן־ווען פאַרזאַמלונגען אין פּריוואַטע הייזער אָדער אין גרויסן בית מדרש שטילערהייט אָן דעם וויסן פון דער מאַכט. די הויפּט־אַרבעט האָט זיך דאַן אויסגעדריקט אין זאַמלען געלט פאַרן



**אַ גרופּע סטויבצער און סווערזשנער**

איטקע פּראַטאַס, אונטן, א. טוניק, ל. אַלטמאַן, יאַכע און כיענקע סעגאַלאָוויטש

„קרן קיימת לישראל" אָדער אין פאַרקויפן שקלים. מיטן פולן ברען האָט זיך דאַן אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט יוסף סע־גאַלאָוויטש, אַ יונגער פעאיקער בחור, וועלכער איז געווען באַליבט צווישן דער גאַנצער שטעטלדיקער יוגנט. ער האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרביטן מאיר יאָסלען, וועלכער איז שוין דאַן געווען אַ פאָטער פון 4 קינדער און געהאַט גענוג אייגענע דאגות פון פרנסה.

צו יענער צייט האָבן זיך צוריקגעקערט פון מינסק צוויי יונגע סטודענטן בערל מאַרגאָלין און אברהם משה דאנציג. צוויי ענערגישע בחורים. דער ערשטער אַן אַלגעמיינער ציו־ניסט און דער צווייטער אַ חבר פון דער ציוניסטישער אַר־בעטס־פּאַרטיי „התאחדות". זייער טעטיקייט האָט זיך גע־לאָזט שפּירן סיי אין סטויבץ און סיי אין סווערזשנע. כמעט יעדן שבת פלעגן זיי אַראָפּקומען אין סווערזשנע צוזאַמען

מיט געצל רייסער אויף אַ פּאַרזאַמלונג, וואָס פלעגט פּאַרקומען מיט דער באַטייליקונג פון דער גאַנצער שטעטלדיקער יוגנט, אין הויז פון נחום שטיינהויז ביים עק פון שטעטל ווייט פון די אויגן פון דער אָרטיקער פּאָליציי. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס בערל איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער, איז אָבער די יוגנט אַוועק מיט אברהם משה׳לען, ווייל דער אַלגעמיינער ציוניזם איז שוין דאַן ניט געווען קיין גאַנגבאַרע מטבע און נאָך אין אַ קליין שטעטל ווו די מערהייט זענען געווען קינדער פון אַרבעטער און בעלי מלאכות און סתם ניט פאַרמעגלעכע. צום שבח פון מאַרגאַלינען מוז געזאָגט ווערן, אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט שוין איינגעזען, אַז אים וועט ניט געלונגען צו שאַפן קיין סניף פון אַלגעמיינע־ציוניסטן, האָט ער דאָך ניט איבערגעריסן זיין פּרוקטבאַרע אַרבעט לטובת דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג. פון ביידע שטעטלעך.

### ד״ר טעאָלאָג, ראַבינער הײמאַן

פּלוצלינג האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן פון סטויבץ גרויסע געדרוקטע פּלאַקאַטן אויף יידיש, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט, דאָס פּרייטיק צונאַכטס וועט ריידן אין אַלטן סטויבצער בית מדרש ד״ר טעאָלאָג, ראַבינער הײמאַן. דער אַלטער בית מדרש איז געווען געפּאַקט פון מענטשן. אויך די גאַנצע סווערזשנער יוגנט איז געקומען הערן אים, ווייל דאָס איז געווען דער ערשטער עפנטלעכער רעפעראַט זינט די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט אין אונדזער געגנט און דערצו נאָך פון אַ געקומענעם רעדנער. פונקט צו דער מינוט ווי ס׳איז געווען געשריבן אין די פּלאַקאַטן, איז אַרויף אויף דער בימה אַ העכסט אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט, פיין געקליידט און אַ גלענצנדער רעדנער, וועלכער האָט פאַרכישופט אַלע צוהערער, אָבער אין מיטן רעפעראַט איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן דער ציוניסטישער יוגנט מיט סטויבצער בונדאָוצעס און אַזוי אַרום איז דעם „בונד״ געלונגען אויפצורייסן דעם ערשטן ציוניסטישן רעפעראַט אין סטויבץ. אויפן בימה איז דאַן אַרויף אסתר אוטיעוווסקי און האָט מיט געוויין אַפּעלירט צום פאַרזאַמלטן עולם, דאָס מען זאָל דערמעגלעכן דעם רעדנער פאַרענדיקן דעם רעפעראַט, אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן. גלייך נאָך דעם ווי דער עולם איז זיך צעגאַנגען, זענען מיר, אַ דעלעגאַציע פון סווערזשנער יוגנט, אַריבער אין האָטעל ווו ס׳איז איינגעשטאַנען דער רעדנער און פאַרגעלייגט אים צו קומען מאָרגן שבת האַלטן אַ רעפעראַט אין סווערזשנע און מיר גאַראַנטירן אים פאַר פולקאָמער רו און אָרדענונג, אויף וואָס ער האָט איינגעשטימט.

ווייסנדיק אַז די סטויבצער בונדאָוצעס וועלן זיכער אויך קומען קיין סווערזשנע, האָבן מיר גלייך שבת אין דערפרי זיך פאַרבונדן מיט 10 יידישע סאָלדאַטן ציוניסטן וואָס האָבן דאַן סטאַציאָנירט אין סווערזשנע און געבעטן זייער הילף אַז זיי זאָלן ניט דערלאָזן, אַז ס׳זאָל זיך דאָ איבערחזרן דאָס, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען נעכטן אין סטויבץ, אויף וואָס זיי האָבן איינגעשטימט. שבת בייטאָג איז אַוועק קיין סטויבץ ברענגען דעם רעדנער ישראל צאַלקאָוויטש און איטקע פּראַטאַס, די שפּעטערדיקע פרוי פון צאַלקאָוויטש, (וועלכע איז נאָכער אומגעקומען אין סווערזשנער געטאָ צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער — ערע זייער אָנדענק!). צוזאַמען כמעט מיטן רעדנער, זענען אָנגעקומען אויך די נעכטיקע שטערער פון סטויבץ, וועלכע זענען געוואָרנט געוואָרן דורך די יידישע סאָלדאַטן, וואָס זענען געשטאַנען ביים אַריינגאַנג, אַז אויב דער לעבן איז זיי טייער, זאָלן זיי זיך פאַרהאַלטן רואיק און ניט איבערחזרן זייער נעכטיקע „גבורה״ פון סטויבץ.

דער צוויי שעה׳דיקער רעפעראַט איז אַריבער אין פולקאָמער אָרדענונג, פאַר וואָס דער רעדנער האָט אונדז הערצלעך געדאַנקט. ווער איז געווען דער ראַבינער הײמאַן און ווי אַזוי ער האָט געקריגן די דערלויבעניש, אין יענער צייט, אויף אַ עפנטלעכן רעפעראַט — איז געבליבן אַ סוד ביז היינטיקן טאָג. אײן זאַך איז מיר נאָר באַקאַנט, אַז נאָכער איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דער צענטראַלע פון „קרן היסוד״, אַז מ׳זאָל אים ניט טרויען קיין געלט. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, דעם רושם וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אויף די פאַרזאַמלטע, איז געווען אַ גרויסער צושטייער פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון ציוניזם אין סווערזשנע און אין סטויבץ.

### „התאחדות״

די איינציקע פּאַרטיי וואָס האָט זיך דאַן שנעל אַנטוויקלט און אָנגעפירט מיט דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט אין ביידע שטעטלעך, איז געווען „התאחדות״. כמעט די גאַנצע יוגנט פון ביידע ערטער האָט געהערט צו דער פּאַרטיי. אַ גרויסן צושטייער פאַרן פאַרשפּרייטן דעם התאחדות׳ישן געדאַנק האָבן געגעבן די גימנאַזיסטן פון קלעצק, וועלכע זענען דאַן געקומען קרוב צו 50 מאַן אויף דורכמאַכן דעם לעצטן לערן־יאָר און מאַטורע־עקזאַמענס אין סווערזשנער רוסישער גימנאַזיע, וועלכע איז נאָך דאַן פאַרבליבן כמעט די איינציקע גימנאַזיע אין גאַנצן געגנט און וועלכער די לימודים זענען נאָך געפירט געוואָרן אויף דער רוסישער שפּראַך. דאָס איז געווען אין יאָר 1921—1922. כמעט אַלע גימנאַזיסטן, חברים פון קלעצקער „התאחדות״, וועלכער האָט זיך גערעכנט אַלס איינער פון די שטאַרקסטע סניפים אין גאַנצן געגנט. אייניקע פון זיי ווי אליהו מאניער, שמערל פּרלמן, ליפּעץ און ראַבינאָוויץ האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פּאַרטייאישער אַרבעט כמעט מערער ווי מיט זייערע לימודים.

אין דער שפּיץ פון „התאחדות״ אין סווערזשנע איז דאַן געשטאַנען יוסף סעגאַלאָוויטש און אין סטויבץ אברהם משה׳ל דאַנציג, מיט דער מיטהילף פון צענדליקער אַקטיוויסטן.

### „החלוץ״

אין יענער צייט האָבן זיך באַוויזן ידיעות אין דער פּרעסע וועגן דער אָרגאַניזירונג פון „החלוץ״, וועלכער האָט געשטעלט זיך די אויפגאַבע צוגרייטן און אָרגאַניזירן די יוגנט־עליה קיין ארץ־ישראל. קיין לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט וואַרשע איז נאָך כמעט ווי ניט געווען, כדי צו פאָרן פון אונדז קיין וואַרשע, האָט מען געדאַרפט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער אָרטיקער מאַכט. האָב איך אויסגענוצט מיין באַקאַנטשאַפט מיטן יידישן זעלנער יהושע ערליך, וועלכער האָט גע־



„התאחדות" ו„גורדוניה" סטולפּצי־סורזשנא, כ׳ תמוז 1929 — בינער

דינט אין סווערזשנע און געבעטן אים, אַזוי ווי ער פֿאָרט צו די עלטערן אין וואַרשע. זאָל ער אַריינגיין אין „החלוץ", וואָס האָט זיך דאַן געפֿונען אויף קאַרמעליצקע 11, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון איצטיקן באַוווּסטן אליהו דאָבקין און זאָל ביי אים בעטן אינסטרוקציעס ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אַ סניף פֿון „החלוץ". אין קורצן האָט זיך ערליך (וועלכער געפֿינט זיך איצט אין ישראל) צוריקגעקערט קיין סווערזשנע און געבראַכט גאַנצע פּעק מיט זשורנאַלן און צייטונגען ווי אויך די געפֿאָדערטע אינסטרוקציעס. דער שרייבער פֿון די דאָזיקע שורות, ווי אויך דער חבר נח רובנציק, האָבן זיך אַריינגעוואָרפֿן מיטן פֿולן ברען אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן דעם „החלוץ".

ס׳וועט עפּעס פֿעלן צו דער שלמות׳דיקייט פֿון ספר הזכרון, אויב איך זאָל דאָ נישט דערמאָנען כאָטש אין אַ פּאָר קורצע שטריכן, דעם חבר און פֿריינד נח רובענציק, וועלכער איז אומגעקומען אין דער שחיטה אין סווערזשנער געטאָ. שוין אין זיין פֿריסטער יוגנט איז ער געווען באַהאַוונט אין דער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראַטור, ווי אויך פֿיל געלעזן יידיש און רוסיש. זיין טעגלעכער ברויט איז געווען צו שטודירן די שיטות פֿון דער אַלטער און נייער פֿילאָזאָפֿיע. זיינע באַליבטע שמועסן זענען געווען וועגן רמב״ם, שפּינאָזע, דאַרווין, און קאַנט. דאָס איז אויך געווען די סיבה פֿון זיין פֿאָרערונג צו א. ד. גאָרדאָן. אין די אידעען פֿון דת־העבודה האָט ער געפֿונען אַ שטיקל באַפֿרידיקונג פֿאַר זיין מיסטישער נשמה, וועלכע האָט זיך געבונטעוועט קעגן די טרוקענע אויסרעכענונגען פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם לויט דער מאַרקסיסטישער וועלט־אַנשויאונג. כאָטש אין דעם בלאַנק וואָס ער האָט אויסגעפֿילט פֿאַרן מרכז פֿון החלוץ, האָט ער זיך באַצייכנט אין דער רובריק פֿון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט אַלס חבר פֿון „התאחדות", איז ער דאָך קיין פּאַרטיימאַן קיינמאָל ניט געווען. אַזעלכע מענטשן ווי נח רובענציק קענען זיך ניט איינפּאַסן אין אַ ענג סדום־בעטל פֿון פּאַרטייאישע דאָגמען און פּראָגראַמען. סענטימענטאַל איז געווען דער מענטש, זענדיק אַן אָרעמאַן בעטלענדיק נדבות איבער די הייזער, האָט דאָס אים געקענט רירן ביז טרערן, ווייל אין זיין רעליגיעזער נשמה האָט ער געזען אין דעם עצם בעטלען אַ שטיקל ברויט אויף צו שטילן דעם הונגער פֿון מענטש, אַ באַליידיקונג פֿון דעם צלם אלוקים. נאָך אַ קורצער צייט אָנגעהעריקייט צום „החלוץ" אַלס מזכיר פֿון אָרטיקן סניף און איינזענדיק, דאָס ער וועט ניט קענען זיין פֿון די מגשימים, האָט ער פֿאַרלאָזט דעם סניף, אָבער שטענדיק געווען גרייט צו הילף ווען מען האָט זיך אין אים גענויטיקט. אַ מערדערישע דייטשע קויל האָט אַ סוף געמאַכט צום דענקען פֿון געניאַלן יונגן מוח. שווער צו שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז נח איז שוין מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע.

אין גאָר אַ קורצער צייט איז אונדז געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ ווונדערבאַרן סניף „החלוץ", וועלכער האָט איינגענומען אין זיך כמעט דעם גאַנצן יוגנט פֿון שטעטל, אויך סטויבצער חברים, וואָס האָבן געוואָלט עולה זיין קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך פֿאַרשריבן אין סווערזשנעם „החלוץ". די גאַנצע אַרבעט איז אָבער דורכגעפֿירט געוואָרן אָן אַן אָפֿיציעלע דערלויבעניש פֿון דער מאַכט, אין פּריוואַטע הייזער. זעענדיק, דאָס אָן אַ לאָקאַל וועט זיין אוממעגלעך פֿאָרצוזעצן די ווייטערדיקע טעטיקייט פֿון סניף, האָבן מיר אָנגעהויבן זיך משתדל זיין וועגן לעגאַליזירן אַ סניף „תרבות" אונטער וועלכע מאַרקע מיר וועלן קענען רואיק אַרבעטן. בכדי צו לעגאַליזירן אַזאַ סניף, האָט די פּוילישע מאַכט געפֿאָדערט דריי



שענקמאַן פויגל און אייזיק ז״ל

„זאלאָשיציעלעס", ד״ה פּאַראַנטוואָרטלעכע, וועלכע האָבן באַ־דאַרפט זיין אָנגעזעענע בעלי־בתים, אַז מען זאָל חלילה אויף זיי קיין פּאָליטישן פגם ניט געפינען. פאַרשטייט זיך, אַז ניט לייכט איז אונדז אָנגעקומען צו געפינען אַזעלכע דריי ידן וואָס זאָלן דערויף מסכים זיין. ענדלעך האָבן איינגעשטימט אויף דעם „געפערלעכן" שריט: אייזיק שענקמאַן, נחום שטיינ־הויז און ברל דארעוווסקי. אין אַ מזלדיקער שעה איז לעגאַלי־זירט געוואָרן דער סניף „תרבות" אין סווערזשנע. צו אונדזער פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ, מיר האָבן גלייך געדונגען אַ לאָקאַל אין הויז פון אליהו דעם סופר, ווו מיר האָבן געעפנט די ביבליאָטעק מיטן לעזע־זאַל, וועלכע איז ניט געווען טעטיק זינט די פּאָליאַקן זענען געקומען. אונטערן דעקונג פון דער לעגאַליזאַציע האָבן מיר אָנגעפאַנגען צו פירן אַ נאָרמאַלע טעט־טיקייט. דער סניף „החלוץ" האָט אָנגעהויבן וואַקסן פון טאָג צו טאָג און אַריינגענומען אין זיינע רייען כמעט די גאַנצע יוגנט פון סווערזשנע און אָנגעפירט מיט אַלע צווייגן פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין שטעטל, ווי קרן הקימת לישראל, שקלים, ביבליאָטעק אאַ״וו.

ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ מזכירות פון פאָלגנדע חברים: א. ד. שקאָלניק, יושב ראש; בערל דארעוווסקי, מזכיר; זאב פינס, גזבר; ישראל עפשטיין און נתן זשיטניצקי אַלס חברי הועד. אין דעם צוזאַמענשטעל, מיט קליינע ענדערונגען, האָט די זעלבע מזכירות געפירט די אַרבעט ביזן סוף פון דער עקזיסטענץ פון „החלוץ". אינטערעסאַנט, איז דאָס וואָס די ערשטע וועלכע זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל דורכן סווערזשנער החלוץ, זענען געווען אַלע פון סטויבץ.

די נעמען פון די ערשטע סטויבצער חלוצים זענען: יוסף מאכטיי, חיים ראזאווסקי, פויגל בערנשטיין און בעבע חר־



**הסתדרות „החלוץ" בנובי־סוורז׳ן, תרפ״ה — 1925**

ערשטע שורה, זיצן פון רעכטס: ש. ליפּאָווסקי, פ. פערעלמאַן, ג. באָטווינִיק, י. עפשטיין, ב. דאַרעווסקי, א. ד. שקאָלניק, נ. זשיטניצקי, זאב פינוס, ר. פערעלמאַן, ש. פראָטאַס, ל. ראָזין.

צווייטע שורה: נ. זשיטניצקי, פ. גאָלאָווענטשיץ, ח. שוואַרץ, ח. ש. יאָסיליעווסקי, ר. שטיינהויז.

דריטע שורה: י. קליאַטשוק, מ. סטעלמאַך, ל. אַגינסקי, א. גאָלאָווענטשיץ, ש. באָטווינִיק, מ. גראַנדע, ר. ברכות.

פערטע שורה: א. י. דאַרעווסקי, ש. מ. קאַפּלאַן, א. בערנשטיין, ה. מאָווּשאוויטש, ל. עפשטיין, ח. גאָלדין, א. קראַוועץ, ב. ליאַכאָוויצקי.

חורם (בן ירוחם). אין יענער צייט איז דאָס געווען דער איינ־ציקער „החלוץ" אין גאַנצן געגנט. שפּעטער ווען הערשל פּינסקי איז געקומען באַשטעטיקן חברים צו עליה, האָט ער באַטאָנט, אַז סווערזשנער סניף איז כמעט דער איינציקער וואָס ער באַשטעטיקט חברים צו עליה ניט דורכמאַכנדיק קיין הכשרה, ווייל דאָס איז דער עלטסטער סניף אין פּאָליעסער וואָיעוואָדסטווע. פון סווערזשנעם „החלוץ" האָבן נאָך עולה געווען: פאַניע פּערעלמאַן, שפּרה ליפּאָווסקי, גאָלדע באָט־וויניק, אהרן בערנשטיין, לייבל דאָקטאָראָוויץ, אַנשל גאָלאַ־וועטשיץ און רבקה פּערעלמאַן—אַלע פון סווערזשנע. אין משך פון דער צייט וואָס דער „החלוץ" האָט עקזיסטירט, האָבן אונדז באַזוכט פאָלגנדע שליחים: יהושע מנוח (דגניה), פרידמן (עין חרוד), חיים שורר (נהלל), דוד ראַדונסקי (וואַרשע), הערשל פּינסקי און אהרון וויינער (המועצה הגלילית בפוליסיה). אַלע חברים פון אָרטיקן „החלוץ", מיטן אויסנאַם פון צוויי, זענען געווען חברים פון „התאחדות".

## אלתר דער לערער

אין פרילינג 1922 האָט זיך אומגעקערט פון מינסק קיין סטויבץ אַלתר יאַסילעוויטש, אַדער, ווי מען האָט אים אָמ־ליבסטן גערופן אַלתר דער לערער. ביז דאַן האָב איך אים ניט געקענט, כ'פלעג בלויז פון צייט צו צייט הערן ווי די סטויב־צער חברים פלעגן באַדויערן ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס דער לערער אלתר איז ניטאָ אין סטויבץ. אין קורצן נאָך דעם ווי אלתר יאַסילעוויטש האָט זיך אומגעקערט קיין סטויבץ, האָט בערל מאַרגאָלין פאַרלאָזט סטויבץ און איז אָפּגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. פאַר זיין אַוועקפאָר איז איינגע־אָרדנט געוואָרן אין סטויבץ אַ פּראַקטיקער גרזעגענונגס־באַנ־קעט בשותפות מיט דער סווערזשנער ציוניסטישער יוגנט. אין זיין געזעגענונגס־רעדע האָט מאַרגאָלין געזאָגט, דאָס איצט פאַרלאָזט ער סטויבץ מיט אַ רואיקן געוויסן, נאָך דעם ווי ס'האָט זיך צוריקגעקערט דער לערער אלתר, וועלכער איז געשטאַנען ביים „וויגעלע" פון ציוניזם אין סטויבץ און צוליב דער מלחמה געמוזט, ווי אַ טייל אַנדערע יידן, פאַרלאָזן סטויבץ און פאַרבראַכט אייניקע יאָר אין מינסק. די דאָזיקע ידיעה איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס צופרידנהייט פון פילקעפּיקן עולם וואָס איז געווען אַנוועזנד יענעם אָוונט אויפן געזעגענונגס־באַנקעט לכבוד בערל מאַרגאָלין. פון יענעם אָוונט אָן איז אלתר יאַסעלעוויטש אויף דאָס ניי „געקרוינט" גע־וואָרן אַלס דער גייסטיקער ציוניסטישער מנהיג פון סטויבץ, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אלתר יאַסילעוויטש איז געווען אַן אַלגעמיינער ציוניסט, איז אים געלונגען צו שאַפן שוין



**צום אָפּפאָר פון בערל מאַרגאָלין.**

פון רעכטס אויף לינקס: ערשטע שורה — ראַבינאָוויטש (קליעצק)), א. מ. דאַנציג. צווייטע שורה — מ. ב. קאַפּלאַן, יוסף שקאָלניק, מ. י. שוואַרץ, אלתר יאַסילעוויטש, בערל מארגאלין, אוטיעווסקי. שטייען: א. ד. שקאָלניק, מ. בארסוק, ליפּעץ, (קליעצק), רחל חרחורים, מ. מאנער (קליעצק), איטקע פּראַטאַס, ישראל צלקוביץ.

גלייך פון אָנהויב אַ חברישע סביבה אַרום זיך, פון איבערגעגעבענע פריינד און פאַרערער פון גאַנצער ציוניסטישער יוגנט אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי און ריכטונג, וואָס האָט זיך דאַן געפינען אין סטויבץ און אין סווערזשנע. אויף פיל זיצונגען וואָס איך בין אָנוועזנד געווען אין סטויבץ, ווו ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן פראַגן, סיי אַלגעמיינע און סיי פּאַרטייאישע, איז שטענדיק אַרויפגעשווומען די פראַגע, וואָס וועט זאָגן אויף דעם דער לערער אלתר און צי האָט מען זיך שוין באַראָטן וועגן דעם מיט אים. זעלטן וועלכער מנהיג ס׳האָט מצליח געווען צו שאַפן אַזאַ יראת־הכבוד׳יקע באַציאונג לגבי זיין פּערזאָן און נאָך אין אַ קליין שטעטל ווו פאַרשיידענע סיכסוכים סיי פּאַדטייאישע סיי געזעלשאַפטלעכע נעמען אָן, אין דאָס רוב פאַלן, אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער. אין משך פון אַ סך יאָרן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיטן לערער אלתר אין פאַרשיידענע ציוניסטישע אָנגעלעגנהייטן אָדער אין פּריוואַטע שמועסן, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט פון דער נאָענט צו אָבסערווירן דעם זעלטענעם מענטשן און טרייען ציוניסטישן וועטעראַן, וועלכער איז אין די גורלדיקע טעג פון שווערן געראַנגל אין ארץ־ישראל און אין ציוניזם קיין מאָל זיך ניט איינגעבראָכן, נאָר להיפך, געפונען אַ טרייסט־וואָרט און ניט דערלאָזט קומען צו אַנטוישונג. כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן זיין פרייד, ווען איך און זיין זון עמינדב זענען געפאָרן אַלס דעלעגאַטן צו דער ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „התאחדות" אין סלאָנים, וואָס איז פאָרגעקומען מיט דער באַטייליקונג פון ח׳ יוסף לוי, מזכיר פון צענטראַל קאָמיטעט פון „התאחדות" אין פוילן. איך בין גליקלעך, האָט ער מיר דאַן געזאָגט, וואָס כ׳האָב דערלעבט צו זען ווי מיין עמינדב איז אַוועק אויף דעם ריכטיקן וועג.

ביים סוף פון יאָר 1939, נאָך מיין צוריקקערן זיך פון קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוס־בערעזא, שוין אונטער דער הערשאַפט פון דער ראַטן־מאַכט, פלעג איך זיך אָפט באַגעגענען מיטן לערער אלתר. איין מאָל, ביי אַזאַ טרעפונג אונטער „פּיר אויגן", האָט ער מיר פאַרטרויט, דאָס מען האָט אים גערופן אין נ.ק.וו.ד. און מען האָט געפרעגט, צי ס׳איז אמת, אַז ער איז געווען אַ ציוניסט. אויף וואָס ער האָט געענטפערט, דאָס ער איז געווען אַ ציוניסט, ווייל ער האָט ניט געזען קיין אַנדער אויסוועג ווי צו לייזן די יידן־פראַגע אונטער די פאַרשידענע פאַשיסטישע רעזשימען אין דער וועלט, נאָר ווי אַ קאָנצענטראַציע פון די יידישע מאַסן ערגעץ אין אַ זיכערן ווינקל אויף דער ערד, ווו זיי זאָלן קאָנען פירן אַ נאָרמאַלן לעבן פון מלאכה און ערד־אַרבעט ווי אַלע נאָרמאַלע פעלקער אויף דער וועלט. איך האַלט, האָט ער צוגעגעבן, אַז דאָס איז ניט קיין עוולה. יאָ, האָבן זיי אים געזאָגט, אָבער וואָס טראַכסטו איצט? — איצט, האָט דער לערער אלתר געענטפערט, ווען דער ראַטן־פאַרבאַנד באַציט זיך צו די „יידן ווי צו אַלע פעלקער" פון דער גרויסער סאָוויעטישער מדינה, ברויך איך מער ניט זאָרגן ווי אַזוי צו לייזן די יידן־פראַגע פון רוסישן יידנטום... נו לאַדנאָ, האָבן זיי צו אים געזאָגט, קענסט גיין אַהיים.

ווי לאַנג איך וועל נאָך בלייבן אין דער היים — ווייס איך ניט, האָט ער צוגעגעבן מיט א ביטערן שמייכל... איך האָב אים געפרוווט באַרואיקן, דאָס ער באַדאַרף ניט מורא האָבן, ווייל ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט קיין צוטרוי צו אים, וואָלט מען אים ניט דערלויבט צו זיין אויף אַ רעגירונגס־פּאָסטן אַלס לערער פון אַ שולע.

אַ לערער, האָט ער איבערגעחזר׳ט מיינע רייד מיט פאַרביטערונג, מיר דאַכט זיך, האָט ער פאָרגעזעצט, אַז קיין גרעסערן שטראָף האָט שוין דער טייוול אַליין ניט געקענט צוטראַכטן פאַר מיר, ווי זיין אַ לערער אין אַ סאָוויעטישער שולע און לערנען די קינדער נאָך לויט דער נייער „יעווסעקישער" אָרטאָגראַפיע. אַ לערער וועלכער ווייס, אַז ער מאַכט די קינדער פאַר אייביקע קאַליקעס און דערציט אַ דור צו עם־הארצות. שטעלט אייך פאָר, אַז אַ קינד שרייבט דאָס וואָרט אמת ווי ס׳דאַרף צו זיין, דאַרף איך צוגיין און זאָגן אים, אַז ער האָט געמאַכט אַ פעלער ווייל מען דאַרף שרייבן „עמעס" מיט ע.מ.ע.ס. ברעכן אַלע קינדער אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער א־ה־א־א! ווו האָט דאָס דער לערער געזען, מען זאָל אַזוי שרייבן? איר האָט דאָך אונדז אַליין געלערנט, אַז אמת שרייבט מען מיט אַן א׳ ניט מיט קיין ע׳, און זיי קוקן מיר אָן מיט פאַרדעכטיקע בליקן, ווי זיי וואָלטן באַדויערט וואָס דער לערער איז עפּעס, לא עלינו, ניט ביי די קלאָרע געדאַנקען...

איך, דער לערער פון „תרבות", וועלכער האָט אַ לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער ווידער־אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפּראַך, דאַרף מיט אייגענע הענט אויסוואָרצלען יעדן שפּור פון דער שפּראַך וואָס איז געווען מיין לשון־הקודש, אַן אינטעגראַלער טייל פון מיין אייגענעם איך. דאָס איז די גרעסטע טראַגעדיע וואָס קען נאָר זיין אין לעבן פון אַ העברעאישן לערער און נאַציאָנאַלן ייד.

דאָס איינציק גליק אין זיין לעבן איז געווען, וואָס ער האָט דערלעבט צו באַגלייטן זיינע דריי קינדער קיין ארץ־ישראל, צו וואָס ער אַליין האָט ניט זוכה געווען און אומגעקומען אויף די „עקדה" צוזאַמען מיט זיין עדה סטויבצער יידן. ווער ווייס וואָס פאַר אַ שמוציקע האַנט פון אַ געמיינעם היטלעריסט, האָט אַ סוף געמאַכט צו דעם זעלטענעם פרוכטבאַרן לעבן. דער לערער אלתר איז שוין ניטאָ, אָבער זיין גייסט און ליבע צו ארץ־ישראל וואָס ער האָט איינגעפלאַנצט צווישן זיינע הונדערטער תלמידים, וועט נאָך יאָרן לאַנג לעבן און עקזיסטירן אויף דער פרייער ערד פון מדינת ישראל.

## „השומר הצעיר"

צו יענער צייט האָב איך געגרינדעט אין סווערזשנע אַ קן פון „השומר הצעיר", וועלכער האָט געציילט אַריבער 60 קינדער. דער „השומר הצעיר" דאַן, איז נאָך ניט געווען קיין פּאָליטישע פּאַרטיי און די קינדער פון „השומר" האָבן געשטימט צום ציוניסטישן קאָנגרעס פאַר דער „התאחדות", אָדער פאַר „פּועלי ציון" לויט דעם איינזען פון ווילער. אויף אייבעם אַ שפּאַציר, אין אַ זומער פרימאָרגן, פון סווערזשנער „השומר", האָט די פּאָליציי צעטריבן די „שומרים" און אָנגעזאָגט אַז מער זאָלן זיך די קינדער ניט וואַגן צונויפזאַמלען, ווען ניט, וועלן זיי אַרעסטירן די עלטערן פון די קינדער. מיר האָבן זיך געווענדעט צום חבר ווינאָווער אין סטויבץ און ער



פגישת חברי גורדוניה מסטויבץ, סוירז׳נה, ניעסוויז׳ ורובז׳ביץ׳.
שורה שניה — הראשון משמאל: נח ברסוק, הששית יושבת הנה ברסוק. שורה שלישית יושב משמאל: ש. מילצנזון, השביעי באותה שורה: ש. איזנבוד. עומדים מימין לשמאל: א. ד. שקולניק, אהרון טוניק הי״ד.

האָט איגטערוועגירט ביים סטאַראָסטע, אַנווייזנדיק דאָס אין סטאַטוט פון „תרבות״ געפינט זיך אַ פונקט, דאָס מען מעג אָרגאַניזירן יוגנטלעכע ספּאָרט־גרופּן. דער סטאַראָסטע האָט אים אָבער געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין, צוגעבנדיק, דאָס אויב דיר געפעלט ניט, קאָנסטו מיר אַנקלאָגן פאַר דער צענטראַלע אין וואַרשע. פון דאַן האָט דער „השומר־הצעיר״ אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין סטוועזשנע.

## „גורדוניה״

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך געגרינדעט אין סטוועזשנע די „גורדוניה״, וועלכע האָט אַרומגענומען אַ באַדייטנדן טייל פון דער אונטערגעוואַקסענער יוגנט און ענג צוזאַמענגעאַרבעט מיט דער סטויבצער „גורדוניה״, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגע־פירט דער יוגנטלעכער שמואל מילצענזאָן (איצט אין ישראל). ס׳איז אויך גערופן געוואָרן אַ פגישה פון אַלע „גורדוניה״־סניפים פון די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין סטויבץ אונטער דער אָנפירונג פון שבח אייזנבוד, אַ חבר פון ניעסוויזשער „גורדוניה״ (איצט אין ישראל). ביידע סניפים פון „גורדוניה״ זענען אָרגאַניזירט און דערצויגן גע־וואָרן דורך די „התאחדות״־אָרגאַניזאַציעס פון סטוועזשנע און סטויבץ. אין אַ שפּעטערדיקער תקופה האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט דער „גורדוניה״ מנחם גולדברג (הלוי) וואָס האָט גע־הייראַט מיט דער חברה חמדה, די טאָכטער פון לערער אלתר. ביידע אַבסאָלווענטן פון ווילנער העברעאישן סעמינאַר פון ד״ר טשאַרנא. (איצט ביידע אין דגניה).

דער „צענטער״ פון ציוניזם בכלל און „התאחדות״, גור־דוניה״ בפרט, איז געווען די הויז פון משה׳קע באַרסוק, ווו ס׳האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן כמעט יעדן טאָג חברים פון אַלע ריכטונגען און דיסקוטירט וועגן פאַרשיידענע ציוניסטישע ענינים. די צענטראַלע פיגור אין דער דאָזיקער הויז איז געווען די חברה חנה, וועלכע האָט אויף אירע פּלייצעס אויסגעטראָגן די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט אין שטעטל מיט דער אַקטיווער מיטבאַטייליקונג פון איר ברודער נח, דער פערמאַנענטער מזכיר פון אָרטיקן „התאחדות״. אומגעקומען איז ער אויפן וועג קיין ארץ־ישראל אין איינע פון די באַלקאַנישע לענדער, אַנטלויפנדיק פון די באָלשעוויקעס אין יאָר 1940 און האָט ניט דערלעבט אָנצוקומען אין דעם אויסגעטרוימטן לאַנד. דער גורל האָט געוואָלט, אַז קיין איינער פון די „התאחדות״ חברים וואָס זענען פאַרבליבן אין סטויבץ אין דער צייט פון דער בלוטיקער היטלעריסטישער אינוואַזיע זאָל בלייבן לעבן און אַלע זענען אומגעקומען אין סטויבצער געטאָ דורך די נאַצישע רוצחים. איך בין דער איינציקער וואָס איז געבליבן פון יענער ברויזנדער תקופה. איך בין ניט אומשטאַנד און פאַרמאָג ניט גענוג טרערן אַזויפיל חברים און פריינד צו באַוויינען. אָט שטייט פאַר מיינע אויגן דער שטענדיק לוסטיקער און אַנטייל־נעמער אין יעדן וויכוח יאָסל פּילשטשיק; אָט זע איך דעם אייביק שמייכלענדיקן פּנים פון גוטמוטיקן אבא באָגין, וועל־כער איז געווען יאָרן לאַנג מורשה פון קרן קימת אין סטויבץ.

און ווי קען מען פאַרגעסן דעם פון אַלעמען געאַכטעטן חבר משה׳ל טוניק און די האַרציקע ברידער אהרן, אבראַשע און פיניע טוניק, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט צעשייד מיט זיין פידל. און ווו זענען די ברידער חיים און דוד עפּשטיין, אידל דוד קאַפּילעוויטש, צביה סראַגאָוויץ, רעלקע טוניק און יענקל בערנשטיין, דער פאָטאָגראַף אוטיעווסקי און נאָך וואָס

כ׳האָב שוין פאַרגעסן זייערע נעמען. זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די „פרחי כהונה״, די יוגנטלעכע פון „גורדוניה״, וועלכע האָבן נאָר וואָס אָנגעפאַנגען צו לעבן. די חברות, פריידל ריסאק, צביה גאלאווענציץ, יוכבד זעליוויאַנסקי, גדליהו מענכעס און משה שטיינהויז, אַלע סווערזשנער. אַ טייל פון זיי זענען שוין געווען פאַרהייראַט און אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. ווי אויך די חברות פון סטויבץ: יענטע שפירא, חיה מאַכטיי, חוה מילצענזאָן, בליומע אגינסקי, רבקה מאכטיי, לאה טוניק. די חברים: לייבע אגינסקי, מרדכי ראָזאָווסקי און עזריאל טוניק (דער זון פון הערשלען). קיינעם פון זיי איז ניט געלונגען צו אַנטלויפן, קיינעם פון זיי האָט ניט אויסגעמיטן די בלוטיקע האַנט פון די דייטשישע מערדער, זאָלן זייערע הייליקע נשמות פאַראייניקט ווערן מיט די העלדן פון פאָלק, פון אַלע דורות אין אַלע צייטן.

## מיטן אנקומען פון מאטל מאכטיי

אין איניקע יאָר אַרום לערך אין 1922 האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט דורך דעם וואָס מאָטל מאַכטיי, האָט אָרגאַניזירט אַ סעמינאַר פון יוגנטלעכע סטויבצער, וועלכע זענען אין קורצן געוואָרן די גרינדער פון „פועלי ציון״ יוגנט י.ס.א.י. די שפעטערדיקע „פרייהייט״. זיי איז אפילו געלונגען אַריבערציען אויף זייער זייט דעם חבר איסר ראַבינאָוויטש, וועלכער איז פריער געווען אַקטיוו אין „גורדוניה״. אויך די פאַרטיי „פועלי ציון״ איז געוואָרן אַקטיוו אַ דאַנק דער השפעה פון מאָטלען, וועלכער איז שוין געווען טעטיק באַך דאַן ווען די פאַרטיי „פועלי ציון״ איז נאָרוואָס אַנטשטאַנען. די „התאחדות״ אין סטויבץ האָט דערפילט אין „פועלי ציון״ אַ ערנסטן קאָנקורענט און ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעפאַנגען צו פאַרלירן די העגעמאָניע אין שטעטל אויף אַלע געביטן, וועלכע האָט זיך ביז דאַן געפונען כמעט אויסשליסלעך אין „התאחדותישע״ הענט. אויף סווערזשנע האָט עס כמעט ניט געהאַט קיין ווירקונג. אַלע פרווון צו אָרגאַניזירן אין סווערזשנע אַ „פרייהייט״ אָדער אַ סניף פון „פועלי ציון״ האָבן זיך ניט איינגעגעבן. אין פרילינג 1924 איז פלוצלינג דורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע דורך דער פוילישער פאָליציי ביי מיר אין שטוב, וועלכע האָט געדויערט א־יניקע שעה. איך בין צופעליק ניט געווען אין שטוב, זיי האָבן צוגענומען פיל מאַטעריאַל און בראָשורן, ווי אויך מיין דאָקומענט, וועלכער האָט זיך געפונען אין שבתדיקן אנצוג. ביים פאַרלאָזן די שטוב האָבן זיי פאַראָרדנט, דאָס מאָרגן 10 אַזייגער אין דער פרי זאָל איך זיך צושטעלן אין דער „פיאָנטקע״, ד״ה אין דער אָפּענסיווע פון דער קרייז־געהיים־פאָליציי. גלייך ווי ס׳איז געוואָרן נאַכט בין איך געפאָרן קיין סטויבץ ווו ס׳איז צונויפגערופן געוואָרן אַ עקסטרא זיצונג אין דער „תרבות״ שולע מיט דער באַטייליקונג פון אלתר יאָסעלעוויטש, מאיר יוסף שוואַרץ, אליקום מילצענזאָן און מאָטל מאַכטיי. אַלע צוזאַמען האָבן געזוכט אַ עצה צו דער געשאַפענער לאַגע. איך בין געווען ביי דער מיינונג דאָס איך דאַרף גלייך אַנטלויפן קיין וואַרשע, און פון דאָרטן זוכן אַ וועג קיין ארץ־ישראל. מאָטל איז געווען קעגן דעם, מאָטיווירנדיק דאָס מיין אַנטלויפן וועט וואַרפן אַ שלעכטן שיין אויף דער גאַנצער ציוניסטישער טעטיקייט ביים גרענעץ־געביט און עס וועט אויסגעטייטשט ווערן אַז אונטער דער מאַסקע פון ציוניזם, פאַרנעמט מען זיך מיט ניט לעגאַלע ענינים. גיין אין דער פיאָנטקע״ איז ניט קיין אָנגענעמנער ענין, ווייל מען שלאָגט דאָרטן מערדערלעך, אָבער אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל צו ברענגען דעם דאָזיקן קרבן.

דער לערער אלתר האָט מיר געהייסן, אַז ווען איך וועל מאָרגן גיין אין דער „פיאָנטקע״, זאָל איך פריער קומען צו אים אין דער „תרבות״־שולע און ער וועט מיט מיר מיטשיקן צוויי יינגלעך, וועלכע וועלן זיך אַרומדרייען אין דער צייט פון מיין אויספאָרשונג נעבן דער טיר פון דער „פיאָנטקע״ און אויב מען וועט מיר אָנפאַנגען שלאָגן, זאָל איך מאַכן שרעקלעכע געוואַלדן, אַזוי, אַז די קינדער וועלן לויפן גלייך אָנזאָגן דעם לערער אלתר און ער וועט שוין פון פריער האָבן צוגעגרייט אַ דעלעגאַציע וועלכע וועט זיך פאָרשטעלן פאַרן סטאַראָסטע און וועט אָנווענדן אַלע מיטלען מען זאָל מיך באַפרייען. מיט דעם בין איך אָפּגעפאָרן אַהיים. ס׳איז מיר שווער צו שילדערן ווי איך האָב פאַרבראַכט יענע שלאָפלאָזע נאַכט. איך האָב שוין ניט אַזויפיל געטראַכט וועגן מיר, ווי איך האָב ניט געקענט צוקוקן דעם צער פון די שטוביקע, וועלכע האָבן אויף מיר געקוקט מיט אַזוי פיל רחמנות וואָס איך דאַרף גיין מאָרגן פרי צו דער „עקדה״, אַז ס׳האָט מיר אַזש געשניטן ביים האַרצן און כ׳האָב זיך קוים איינגעהאַלטן איך זאָל ניט אויסברעכן אין אַ געוויין. אין סווערזשנע האָט זיך געטאָן חושך, פון מויל צו מויל האָבן זיך פאַרשפרייט גרויזאַמע קלאַנגען לויט וועלכע מען האָט ביי מיר צוגענומען פעק מיט קאָמוניסטישע ליטעראַטור. אַנדערע האָבן צוגעגעבן, אַז מ׳האָט צוגענומען ממש געהיימע דאָקומענטן פון שפּיאָנאַזש... אויך אין די הייזער פון די חברים פון „החלוץ״ איז אָנגעפאַלן אַ פחד. די עלטערן האָבן געמוסרט זייערע קינדער, אַז זיי האָבן ניט געדאַרפט זיך חברן מיט מיר, ווייל זיי האָבן נאָך פון פריער געוווסט, אַז דאָס וועט גלאַט ניט אָפּגיין און אַז ער וועט נאָך ברענגען אַן אומגליק אויף דעם שטעטל. אין יעדער שטוב האָט מען דערווייל פאַרברענט פאַרשיידענע פאַפּירלעך, ווייל קיינער איז ניט געווען זיכער אַז מאָרגן וועט ניט פאָרקומען אַ רעוויזיע ביי אים. דערפאַר, אַז איך בין אויף מאָרגן פרי געגאַנגען קיין סטויבץ, איז יעדערער, וואָס האָט מיר דערזען פון דערווייטנס, אַריין אין אַ הויף מיט אַ פאָר הייזער פריער, בכדי ער זאָל זיך ניט דאַרפן אָפּשטעלן ריידן מיט מיר ווייל קיין „גוטס״ קאָן אַזאַ באַגעגעניש ניט ברענגען און אויפן שלימזל קאָן זיך נאָך אפשר פונקט אָנדרייען אַ פאָליציאַנט, דאַן איז מען זיכער פאַרלאָרן... אָט די איזאָלירונג פון אייגענע חברים האָט מיר געברענט ווי מיט פייער. ענדלעך בין איך שוין אין סטויבץ. די גאַנצע וועג האָב איך מיר געהאַלטן אין איין טראַכטן. אויף ווי לאַנג וועט מען ביי מיר אוועקרויבן די פרייהייט. אַ רחמנות אויף מיינע עלטערן און אויף מיר אַליין. אָט בין איך שוין אויף די טרעפּ פון סטאַראָסטע און מאַך דעם לעצטן טריט צום וואָלף אין מויל אַריין...

אינטערעסאַנט אַז ווי נאָר איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל פון דער „פיאָנטקע״, האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן דער

גאַנצער פּחד, פונקט ווי איך וואָלט געקומען צו דערליידיקן אַ ענין פון עפּעס אַ פּריוואַטע אָנגעלעגנהייט. פון וואַנט האָט אַראָפּגעקוקט אַן אויפשריפט וועלכע האָט געלויטעט: „ניע וועדזש ניקאמו באדאי וושיסטקיך" (גלויב ניט קיינעם, פאָרש יעדן). איינער פון די געהיים־אַגענטן האָט מיר גלייך דערקענט, אַ פּנים נאָכן בילד פון מיין דאָקומענט וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע הענט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ שטול און געהייסן זיצן נעבן אים. אויפן טיש איז געלעגן דער גאַנצער פּאַק מיט פּאַפּירן וואָס זיי האָבן נעכטן צוגענומען פון מיין שטוב. אויף יעדער פּאַפּירל האָב איך געמוזט געבן אַ דערקלערונג און טאָמער האָב איך ביים דערקלערן אָנגערירט אַ פּאַפּירל, האָט ער געמאַכט קולות. מורא האָבנדיק אַז בשעת מעשה זאָל איך חלילה ניט וועלן פאַרניכטן דעם וויכטיקן דאָקומענט... די אויספאָרשונג האָט געדויערט איבער 6 שעה מיט קליינע איבעררייסן אין וועלכע ער האָט מיר דערלויבט צו פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס. נאָכן אויספאָרשן, האָט ער ביי מיר געפרעגט אַ מיינונג אויף סעמיאָן קיטאַיעוויץ און אויף לוסטערמאַנען. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז זיי ביידע זענען מיר באַקאַנט אַלס גוטע ציוניסטן, האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ געהיימניספולער שמייכעל.

נאָכדעם ווי ער האָט מסדר געווען דעם פּאַק פּאַפּירן וואָס ער האָט פאַרשריבן דורך די 6 שעה, האָט ער מיר פאָרגעלייגט אַז איז זאָל בלייבן אַרבעטן ביי זיי, מאָטיווירנדיק זיין פאָרשלאָג לויט פאָלגנדעס:

זעסטו, האָט ער מיר געזאָגט, לויט דיינע דערקלערונגען דאָ קען איך דיך באַפרייען, אָבער אַזוי ווי ביי אונדז איז דאָ ניטאָ קיין איבערזעצער פון העברעאיש און יידיש, האָב איך דאָס רעכט צו אַרעסטירן דיר, ביז וואַנען אַלעס וועט איבערזעצט ווערן ערגעץ ווו דורך אונדזערן אַ דאָלמאַטש. דאָס קען אַמאָל דויערן אייניקע מאָנאַטן, דאַקעגן ווען דו נעמסט אָן די אַרבעט וואָלסטו אין אַזעלכע פאַלן, געבראַכט בלויז נוצן פאַר אומשולדיקע מענטשן... אויב דיר איז דאָ ניט אָנגענעם צו אַרבעטן, האָב איך פאַר דיר אַן אַנדער פּלאַץ, מיר וועלן דיר איבערשיקן קיין לידע, מיר ווייסן אַז דאָרט עקזיסטירט אַ „קאָמבונד", וועלכע דו, אַלס ציוניסט, האָסט זיי אַזוי פיינט פונקט ווי מיר האָבן זיי פיינט, וועסטו זיך דאַרפן פאַרשרייבן ביי זיי אין אָרגאַניזאַציע און אַלס פּעאיקער יינגל וועט מען דיר זיכער אויסוויילן אין פּאַרטיי קאָמיטעט, דאַן וועסטו אונדז מעלדן, ווען ס׳קומט פאָר אַ געהיימע זיצונג. וועלן מיר קומען און אַרעסטירן דעם גאַנצן קאָמיטעט. דיר, פאַרשטייט זיך, וועט מען אין איין טיר אַריינפירן און פון דער צווייטער טיר וועט מען דיר גלייך באַפרייען, פאַרשטאַנען!...

אָט דער פאָרשלאַג האָט מיר ערגער געפּייניקט ווי די גאַנצע אויספאָרשונג. ענדלעך האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויסגעשטאַמלט: אויב דו ווילסט מיר יאָ טאָן אַ טובה, טאָ זע מען זאָל מיר געבן אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצופאָרן פון פוילן, וועל איך אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל.

איך זאָג דיר עס צו, האָט ער מיר געענטפערט, נאָכדעם ווען דו וועסט דערליידיקן די „אויפגאַבע" אין לידע און העלפן אונדז צו ליקווידירן דעם נעסט פון „קאָמבונד". איך האָב געשוויגן און ניט געענטפערט קיין וואָרט. נאַכער האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן: נו, איך גיב דיר צייט צו באַטראַכטן זיך. איך בין געווען זיכער דאָס איצט וועט ער מיר זיכער פאַרהאַלטן ביז וואַנען איך וועל מסכים זיין צו ווערן אַ געהיים־אַגענט.

אָבער נאָך אַ קורצן שווייגן האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך בין דערווייל פריי און קען גיין, ווען איך האָב ביי אים געבעטן מיין דאָקומענט. האָט ער מיר צום אָנפאַנג אַנטזאָגט, נאָר ווען איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר געפינען זיך ניט ווייט פון גרענעץ און יעדעס מאָל קען איך אויף דאָס ניי פאַרהאַלטן ווערן, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ס׳וועט דיר גאָרנישט ניט געשען ווייטער ווי צו אונדז וועט מען דיר ניט פאַרפירן... דאָך איז ער אַריין אין אַ צווייטן צימער און נאָך אַ קורצן ישוב הדעת האָט ער מיר דערלאַנגט מיין דאָקומענט און פאַראָרדנט אַז איך זאָל זיך מעלדן צוויי מאָל אַ וואָך אויף דער סווערזשנער פּאָליציי ביז אַ ספּעציעלע פאַראָרדענונג.

ווען איך האָב פאַרלאָזט דעם בנין פון סטאַראָסטע, האָט מיר די גאַנצע וועלט אויסגעזען אַנדערש, ווי כ׳וואָלט אויפשטיין פון חוני המעגל׳ס שלאָף. איצט האָבן מיר שוין מענטשן באַגעגנט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן צוגעבנדיק בלשון סגי נהור: וואָס מאַכט דער „אַרעסטאַנט"? וואָס דען, מיר האָבן פריער געוווּסט, אַז ס׳וועט גאָרנישט ניט זיין... וואָס איז אַזוינס, האָסטו געהרגעט אַ מענטשן... פאַרברענט זאָלן זיי ווערן די מערדער, זייער דאגה איז דאָס אַז יידן ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל. אויף מאָרגן בין איך שוין געזעסן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון „החלוץ". פון צייט צו צייט פלעגט אין די אָוונטן באַזוכן פּאָליציי דעם לאָקאַל, געשטאַנען אַ ווײַלע און געוואָרפן אַ וואָרנונגס־בליק און פאַרשוווּנדן געוואָרן. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט מען מיר ווידער גערופן אין דער „פּיאָנטקע", וועלכע האָט זיך שוין דאַן געפונען אויפן וואָקזאַל ביי קליינען אין מויער. דאָרטן האָט מען מיר צוריקגעקערט אַלע בראָשורן און פּאַפּירן וועלכע זיי האָבן צוגענומען מיט אַ האַלב יאָר צוריק. מיט אַ פאַלשע העפלעכקייט האָט זיך דער באַאַמטער פאַר מיר אַנטשולדיקט, פאַר דער אומאַנגענעמלעכקייט וואָס איז מיר פאַרשאַפט געוואָרן, דאָס עס איז געווען אַ פאַרדריסלעכער טעות...

אין יאָר 1925 איז זיך דער „החלוץ" צעוואָקסן, אַז ס׳איז שוין געווען אוממעגלעך צו פאַרבלייבן אין איין צימער ביי אליה דעם סופר אין שטוב. דאַן האָבן מיר אָפּגעדונגען אַ גאַנצע הויז צוזאַמען מיטן גאָרטן פון דער קריסטין ליובא דראזדאווסקי אויף דער רומאָווער גאַס. דעם גאָרטן האָבן מיר אַליין פאַראַקערט און באַאַרבעט פון אָנהויב ביזן סוף מיט אייגענע הענט. דאָס איז געווען די שענסטע צייט פון „החלוץ" אין סווערזשנע. אָבער נאָך דעם ווען די בעסערע חברים זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל און ס׳האָט זיך אָנגעפאַנגען די ירידה פון דער פערטער עליה, ווען מיט יעדן טאָג זענען אָנגעקומען ערגערע גרוסן פון לאַנד, האָט זיך דער „החלוץ" דערנענטערט צום ראַנד פון אונטערגאַנג. אייניקע חברים האָבן חתונה געהאַט. איך בין גערופן געוואָרן אין פּוילישן

מיליטער און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט אַ רומפול בלעטל אין דער געשיכטע פון „החלוץ״ אין סווערזשנע. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען צום שבח פון די סווערזשנער חלוצים, דאָס קיין איינער פון זיי האָט זיך ניט צוריקגעקערט אַהיים. ביי אַלע באַדינגונגען און אומשטענדן זענען זיי געבליבן אין ארץ ישראל. ווען כ׳האָב זיך צוריקגעקערט אַהיים פון מיליטער, וועלכע כ׳האָב אַדורכגעמאַכט אין ווילנע, האָב איך שוין סווערזשנע ניט דערקענט. פאַר די אַכצן מאָנאַטן וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין מיליטער האָט זיך אויסגעבויט אַ קאָלאָסאַלער טאַרטאַק ווו ס׳האָבן געאַרבעט הונדערטער באַאַמטע און אַרבעטער. אין די ווינטער מאָנאַטן, ווען ס׳האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס אַרויספירן די קלעצער פון וואַלד, איז די צאָל מענטשן וואָס האָבן געצויגן זייער פרנסה פון טאַרטאַק דערגאַנגען אין די טויזנטער. די גאַנצע יוגנט האָט געאַרבעט און פאַרדינט. דאָס שטעטל איז געווען איבערפולט מיט פרעמדע אָנגעפאָרענע. צווישן די אַרבעטער, ווי אויך צווישן די באַאַמטע, זענען געווען אַ סך יידן. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ פרישע צאָל קרן קימת פושקעס און פאַרטיילט עס צווישן די באַאַמטע פון טאַרטאַק, וועלכע זענען אַראָפּגעקומען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. די הכנסות פון קרן קימת האָבן געשטיגן יעדן מאָנאַט. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען דעם סטודענט פון ווילנער אוניווערסיטעט יהושע טעליכאנסקי, אַ זון פון אַ הויכן באַאַמטן אין טאַרטאַק, וועלכער איז געווען אַ טרייער איבערגעגעבענער ציוניסט און האָט פיל בייגעשטייערט פאַר דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם צו יענער צייט אין סווערזשנע.

די איינציקע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט נאָך עקזיסטירט אין סווערזשנע פון פאַר מיין מיליטער־דינסט איז געווען די „גורדוניה״, מיט וועלכער ס׳האָט זיך פיל אָפּגעגעבן אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנהייט די חברה חנה באַרסוק פון סטויבץ — די יוגנט איז געווען צו איר צוגעבונדן ווי צו אַ מוטער.

### די ווידער־אנטשטייאונג פון „השומר״

דאַקעגן איז אַנטשטאַנען אַ שיינער קן פון „השומר הצעיר״ וועלכער איז אָנגעפירט געוואָרן דורך געצל רוסאק, אריה עפשטיין, פרומע וועליטאַווסקי (אַלע געפינען זיך אין ישראל) און אברהם רובין, וועלכער איז אומגעקומען מיט אַ טראַגישן אָבער העלדישן טויט פון אַ מאַרטירער פאַר אַריינשמוגלען געווער אין סווערזשנער געטאָ.

דער „השומר הצעיר״ האָט געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל, וועלכן זיי האָבן געדונגען אין הויז פון ר׳ חיים יעקב שלום׳ס און וואָס האָט דאַן געהערט צו יצחק גאלאווענציץ ז״ל. אין משך פון איניקע יאָר האָבן זיי אַנטוויקלט אַ שיינע און פרוכטבאַרע טעטיקייט צווישן דער סווערזשנער יוגנט. ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ סניף פון „החלוץ״ וועלכער האָט אַרויסגעשיקט איניקע חברים אויף הכשרה און אַ טייל פון זיי האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל. מיטן סניף „החלוץ״ האָט אָנגעפירט שמחה רעזניק. אויך האָט עקזיסטירט אַ סניף „העובד״ דורך וועלכן ס׳האָט עולה געווען דער איינציקער חבר פון סווערזשנע ישראל עפשטיין.

### כ׳ תמוז

אמגעלונגענסטן איז אַדורך די פייערלעכקייט פון כ׳ תמוז 1929, צום 25־סטן יאָרצייט פון ד״ר הרצל. וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן מיט געמיינזאַמע כוחות פון סווערזשנער און סטויבצער אין קלוב פון אנגלאָ־אייראָפּאביים טאַרטאַק אין סווערזשנע.

די חגיגה האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ פייערלעכער אַקאַדעמיע אונטער מיין פאָרזיץ. נאָך דער דערעפנונגס־רעדע פון שרייבער פון די דאָזיקע שורות, האָט אַ קינדער־כאָר, אונטער דער לייטונג פון פיניע טוניק, ביי אַ פול־געפּאַקטן זאַל, אויסגעפירט די טרויער־ליד פון לייב יפה, „אל קבר הרצל״, וועלכע פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער:

פון טרויער דערשטיקט און פון טרערן,<br>
באַגלייטן מיר דיר צו דיין רו.<br>
מיר הויבן די הענט און מיר שווערן<br>
צו קעמפן, צו קעמפן ווי דו.

נאַכער האָט דער כאָר אויסגעפירט די ליד פון דוד שמערנוביץ „אל ספוד״, אונטער דער גלענצנדער דיריגירונג פון ח׳ פ. טוניק, וואָס האָט אַרויסגערופן ביים פאַרזאַמלטן עולם שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. אַ רעפעראַט איבערן לעבן און שאַפן פון הערצלען האָט געהאַלטן דער ח׳ מאיר יוסף שוואַרץ.

דער לעצטער האָט גערעדט אברהם משה׳ל דאַנציק, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט פון אַ רייזע אין ארץ־ישראל. די אַקאַדעמיע איז געשלאָסן געוואָרן דורכן חבר אוטיעווסקי און מיטן געזאָנג פון התקוה איז דער עולם אַוועק אין אַ געהויבענער שטימונג. דער לערער אלתר וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען הינטערן פרעזידיום, האָט אָנגעקוואָלן פון נחת. זעענדיק אַז ס׳זענען דאָ נאָכפאָלגער, אויף וועמען ער קען זיך פאַרלאָזן... דאָס איז אויך געווען די סיבה וואָס ער האָט עפּנטלעך ניט געוואָלט דערשיינען אויף דער אַקאַדעמיע. גענוג, האָט ער געזאָגט, געווינט זיך צו איינמאָל דורכפירן אַ זאַך אָן אלתרן אַלס רעדנער. ערשט אויף מאָרגן, כ׳ תמוז, וואָס איז אויסגעפאַלן זונטיק, ווען אַלע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן, האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ גראַנדיעזן פייערלעכן צוג אויפן מאַרק פון סטויבץ. פאָרויס האָט מאַרשירט אַ גרופּע פון עלטערע ציוניסטן אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי, נאַכער האָט מאַרשירט די „גורדוניה״ אַלע אין שאַרע בלוזעס מיט קאָלירטע אויסבינדער. נאָך זיי דער „החלוץ הצעיר״. געשלאָסן דעם צוג האָט דער „השומר הצעיר״ וועלכע האָבן מיט זייערע אוניפאָרמען און מוסטערהאַפטער אָרדענונג געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק. דער צוג האָט מאַרשירט פון סטויבץ נאָך סווערזשנע. דעם גאַנצן וועג האָט מען געזונגען העברעאישע לידער. אין סווערזשנע איז מען אַדורך די סטויבצער גאַס און דעם מאַרק און דורך דער מירער גאַס געלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון סינאַווער וואַלד. דער וואַלד איז געווען איבערפולט פון מענטשן. אין סווערזשנע און סטויפּץ זענען פאַרבליבן נאָר אַלטע און קראַנקע וועלכע האָבן ניט געקענט גיין. אפילו קליינע קינדער מיט וועגעלעך האָט מען געבראַכט אין וואַלד. די פייערלעכקייט און שפּילערייען פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן געדויערט ביז נאַכט. אַזאַ אימפּאָזאַנטע מאַניפעסטאַציע

לטובת דעם ציוניזם, אין שויס פון דער נאַטור צווישן גרינע פעלדער און שמעקעדיקע סאָסנע בוימער, האָבןביידע שטעט־לעך געזען צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן און לײדער צום לעצטן מאָל.

אַ מעכטיקע איבערבראָזונג צווישן די יידן אין סווערזשנע האָבן אַרויסגערופן די געשעענישן אין ארץ ישראל פון יאָר 1929. ס'איז גערופן געוואָרן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין גרויסן בית מדרש מיט דער באַטייליקונג פון אַלע יידישע איינוווינער פון סווערזשנע. מען פלעגט זיך ניט קענען דער־וואַרטן ביז מען זאָל ברענגען די צייטונג אין שטוב, איז מען געלאָפן אין סטויבצ צו דער באַן־סטאַציע און דערוואַרטעט דעם צוג פון וואַרשע, וועלכער פלעגט ברענגען די פּאָסט און די צייטונגען. דער איינציקער צייטונגס־פאַרשפרייטער משה'קה באַרסוק, פלעגט גלייך אַרומגערינגלט ווערן פון פיל מענטשן, וועלכע האָבן געלעכצט נאָך ידיעות פון ארץ ישראל. מיר, אַ גרופּע פון 10 בחורים, וואָס האָבן זיך ניט לאַנג צוריק באַ־פרייט פון מיליטער, האָבן זיך געווענדעט מיט אַ בריוו צום מרכז פון החלוץ אין פוילן, אַז מיר זענען גרייט, אַלס אויס־געדינטע זעלנער, פרייוויליק אַריינצוטרעטן אין די רייען פון הגנה. אויף וואָס מיר האָבן באַקומען אַן ענטפער, אַז ס'ווערט באַטראַכט איצט אַזאַ פאָרשלאַג. ביי דער ערשטער מעגלעכ־קייט וועלן זיי אונדז גלייך מעלדן וועגן דעם. נאָך די געשעע־נישן האָט די צענטראַלע פון קרן קימת אין פוילן אַרויסגע־לאָזט אַזאַ צייכענונג אויף גוטן בריסטאָל פּאַפּיר, מיט דער רשימה פון אַלע נעמען און אַדרעסן וואָס זענען אומגעקומען אין דער צייט פון די אומרוען אין ארץ־ישראל. דער טאַוול איז געווען באַשטימט פאַר לאָקאַלן און אַנדערע עפנטלעכע פלעצער. איך האָב זיך דאַן געווענדעט צום אַלטן גבאי פון גרויסן בית מדרש ר' סנדר שוואַרץ, וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער פאַרערער פון ציוניזם. ער האָט דאַן באַצאָלט דעם פוילן באַטרעף פון טאַוול, וואָס האָט באַטראָפן 15 זלאָטעס,



ר' סנדר שוואַרץ ז"ל

איינגעפּאַסט עס אין אַ שוואַרצער ראָם און אַרויסגעהאָנגען דאָס אין בית המדרש, וועלכער איז געהאָנגען זיכער ביזן אומקום פון סווערזשנע. זעלטן אין וועלכן בית מדרש אין אַן אַנדער שטאָט האָט מען אַזאַ זאַך דערלויבט. דאָס האָט „געשמעקט" מיט ציוניזם און אַ עפנטלעכע אַגיטאַציע פאַרן קרן קימת, וואָס איז געווען ווי אַ דאָרן אין אויג פון „אגודת ישראל", וועלכע האָבן דאַן געבעליבית'עוועט אין די בתי־מדרשים.

נאָך אייניקע יאָר האָט זיך דער טאַרטאַק פאַרמאַכט און די פירמע אַנגלאָ־איראָפּע האָט ליקווידירט אירע געשעפטן אין סווערזשנע. אַלע אַרבעטער און באַאַמטע וואָס זענען גע־קומען פון דער פרעמד האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל. דער אַקטיווער טייל פון דער יוגנט האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל אָדער זיך געפּונען אויף הכשרה. די הכנסות פון קק"ל זענען געפאַלן פון מאָנאַט צו מאָנאַט און די גאַנצע טעטיקייט איז געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פונקט.

**בית"ר**

צו יענער צייט האָט דער סטויבצער בית"ר אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג אין סווערזשנע. קיין גרויסן דערפאָלג האָבן זיי דערביי ניט געהאַט, אויסער די עטלעכע יוגנטלעכע וועלכע זענען צו זיי צוגעשטאַנען גלייך ביים אָנפאַנג, איז זיי ניט געלונגען מער צו פאַרברייטערן זייערע רייען אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זייער עקזיסטענץ. זיי האָבן געגאַסן פון דער סימפּאַטיע פון געצייליטע, וועלכע האָבן זיך אַנטוישט אין דער דעמאָלטיקער ליניע פון פּאָליטישן ציוניזם. כדאי צוצוגעבן, אַז אפילו אין די הייזער ווו דער זון איז געווען פאַרשריבן אין בית"ר, האָבן די עלטרן, ווי פריער, פאַרגע־זעצט צו צאָלן פאַר די ציוניסטישע קרנות.

**גמילות־חסד**

די אַלגעמיינע שטעטלדיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט זיך אויסגעדריקט אין דער „גמילות חסד־קאַסע", וועלכע האָט געגעבן אָן־פּראָצענטיקע הלוואות ביז דער הויך פון 50 זלאָ־טעס. אין אַ שפּעטערדיקער תקופה איז אויך געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון סטויבצער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק.

אויף דער יק"א האָט געעפנט אַן אָפּטיילונג פאַר סווערזש־נע און געשטיצט מיט גרויסע הלוואות די אַלע וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט גערטנעריי און געפלאַנצט פּרוכט־גערטנער אויף די פּלעצער נעבן די הייזער פון יידן וואָס האָבן עס פאַר־לאַנגט. פון יק"א שטיצע האָבן אויך געגאָסן ישובניקעס פון די דערפער אַרום סווערזשנע, מ'האָט געטיילט מאָדערנע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, ווי אויך פאַרפלאַנצט סעדער פון פרוכטבוימער. וועלכע זענען אין דער גאַנצער צייט פון זייער אַנטוויקלונג געשטאַנען אונטער דעם אויפזיכט פון אַ געניטן אַגראָנאָם פון יק"א. ער פלעגט באַזוכן סווערזשנע אין אומגעגנט אייניקע מאָל דורכן יאָר, אָבער די גאַנצע הילף איז געווען ווי אַ טראָפּן אין ים אין פאַרגלייך מיט דער נויט וואָס האָט געהערשט אין אַ שטעטל פון פּרנסהלאָזע יידן. אַלס צוגאָב צו דער שווערער ווירטשאַפטלעכער לאַגע איז צוגעקומען די אַנטיסעמיטישע פּוילישע אָרגאַניזאַציע „מלאָדאַ־פּאָלסקאַ",

וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן שייגעץ זיגמונד, וואָס איז אַראָפּגעקומען מיטן נייעם קסיאָנדז קיין סווערזשנע. מיט יעדן טאָג האָט זיך די אָרגאַניזאַציע פאַרגרעסערט און אַרומגעכאַפּט אַלץ גרעסערע מאַסן פון דער שטעטלדיקער ווייסרוסישער יוגנט. די עפנטלעכע אַנטיסעמיטישע חוצפה און דאָס אַריינוואַרפן שטיינער דורך די פענצטער אין יידישע הייזער ביי נאַכט ווען מען איז געשלאָפן איז געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. (אגב, וויל איך דאָ דערמאָנען, אַז זיגמונד איז אומגעבראַכט געוואָרן מיט אַ גרופּע פון דער פוילישער סווערזשנער אינטעליגענץ, וועלכע די דייטשן האָבן זיי אַרויסגעפירט און דערשאָסן. אַזוי אַרום אַז ער האָט ניט דערלעבט צו זען דעם אומקום פון די סווערזשנער יידן ביזן סוף). מיט איין מאָל איז פאַרגעסן געוואָרן די גוטע שכנהשאַפט פון די ווייסרוסן מיט די יידן און דער בשותפותדיקער קאַמף קעגן געמיינזאַמע אונטערדריקער, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שאַפונג פון דעם בלאָק פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן ביי די וואַלן פון צווייטן און דריטן סיים. אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי דעפּוטאַט סאבאליעווסקי און מיכאל מיצקעוויץ, דער ברודער פון ווייסרוסישן באָלשעוויסטישן פּאָעט „יאקוב קאלאס״, האָבן זיך ניט געשעמט און פאַרנומען הויכע שטעלעס אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון ווייסרוסלאַנד. אין אָט דעם מצב פון ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער דעפּרעסיע איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה פרייטיק דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939. וואָס איז פאָרגעקומען אין סווערזשנע אין דער צייט פון דער קורצער קריג, ווייס איך ניט, צוליב פאָלגנדע סיבה: אין דער שטוב וווּ ס׳איז געווען מיין שטענדיקע וווינונג איז געלעגן אויפן



ר׳ יצחק ויחזקאל גולובנטשיץ ז״ל

קראַנקן בעט מיין שוואָגער יחזקאל, וועלכער איז קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט זייענדיק אויף הכשרה אין אַ „גורדוניה״ קבוצה אין דובנאָ און האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט. אַ טרייער איבערגעגעבענער חבר איז ער געווען, און האָט ניט דערלעבט צו פאַרווירקלעכן זיין שטרעבונג און געשטאָרבן אין בליענדן עלטער פון 22 יאָר, אָבער אויף זיין אייגענער בעט און ניט אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער, — זאָל מען כאָטש אין דעם געפינען אַ טרייסט. צוליב דעם האָט דער דאָקטאָר פאַראָרדנט, דאָס איך מוז זיך אַרויסציען פון שטוב, ווייל די קראַנקייט איז געפערלעך פאַר מיינע דריי קליינע קינדער. דערפאַר האָב איך זיך איבערגעצויגן אין מויער פון מאָניע יאָסעלעווסקי. זיצנדיק אין דעם ערשטן אָוונט פון קריג, ווען די קינדער זענען שוין געלעגן אין די בעטן און מאַכנדיק אַ חשבון פון דער טרויעריק־געשאַפענער לאַגע וואַרטנדיק, דאָס ביי יעדער מינוט קען איך גערופן ווערן אין מיליטער, דאַן ווער וועט מיר פאַרזאָרגן די דריי מינדעריעריקע קינדער וואָס דאָס קלענסטע פון זיי איז אַלט געווען קוים אַ פּאָר מאָנאַטן, האָט זיך פּלוצלינג געעפנט די טיר און ס׳זענען אַריינגעקומען צוויי פּאָליציאַנטן וועלכע האָבן מיר געמאָלדן דאָס זיי האָבן אַ פאַראָרדענונג צו דורכפירן ביי מיר אַ רעוויזיע און תיכף צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אַלץ איבערגעוואָרפן, יעדער זאַך עטלעכע מאָל איבערגעדרייט און נאַטירלעך גאָרניט געפונען, האָבן זיי זיך דאַן געווענדעט צו מיר, דאָס איך מוז גיין צוזאַמען מיט זיי. די קינדער, דערזענדיק דאָס די פּאָליציי נעמט מיר אַוועק, זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן. געלייגט זיך אויף דער ערד קלאַמערנדיק זיך מיט זייערע צאַרטע הענטלעך אָן מיינע פיס און האָבן יאָמערלעך געוויינט בעטנדיק זיך רחמים ביי מיר, איך זאָל ניט אַוועקגיין פון שטוב, ווייל זיי האָבן מורא צו בלייבן אַליין. דער געוויין פון די קינדער האָט אַפּנים געווירקט אויף די שטיינערנע הערצער פון די צוויי פּאָליציאַנטן און זיי האָבן מסכים געווען צו וואַרטן אויף מיר אין דרויסן ביז וואַנען איך וועל איינשטילן די קינדער. נאָכן אַוועקגיין פון דער פּאָליציי האָבן זיך די קינדער שנעל באַרויקט. איך האָב זיי געזאָגט דאָס איך גיי אַרויס עפּעס קויפן צום עסן און קער זיך גלייך צוריק... באַטראַכטנדיק די פיר ווענט פון אומעטיקן צימער און וואַרפנדיק אַ געזעגענונגס־בליק אויף די דריי צעשראָקענע פּיצלעך קינדער, האָב איך פאַרלאָזט די שטוב. אין דרויסן האָבן מיר אָפּגעוואַרט די צוויי פּאָליציאַנטן און אַלע דריי זענען מיר אַוועק אין דער ריכטונג פון סווערזשנעם פּאָליציי־פּאָסטערונעק וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויף דער מירער גאָס ביי שטשאָרסן אין מויער. דורכגייענדיק פאַרביי ירחמיאל גאָלדינס שטוב, האָב איך זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר דערלויבן אַריינגיין קויפן אַ פּעקל טאַבאַק, אויף וואָס זיי האָבן איינגעשטימט. ביי ירחמיאלן בין איך געוווויר געוואָרן, אַז אויך אין סטויבץ זענען פאָרגעקומען אַרעסטן און צווישן אַנדערע האָט מען אויך אַרעסטירט מאָטל מאַכטיי. אויף מיינע אַלע פראַגן ביי די צוויי פּאָליציאַנטן, פאַרוואָס מען פירט מיך אין דער פּאָליציי בעת מען האָט ביי מיר קיין זאַך ניט געפונען? — האָב איך קיין קלאָרן ענטפער ניט באַקומען. ערשט קומענדיק אויפן פּאָליציי־פּאָסטערונעק, האָט מען מיר איבערגעלייענט אַ פאַראָרדענונג פון זיכערהייטס־רעפערענט פון סטויבצער סטאַראָסטווע, דאָס איך ווער אַרויסגעשיקט אין אַ צווייטן „פּאָוויאַט (ראַיאָן) צוליב זיכערהייטס־טעמים אַלס פּאָליטיש־אומגעווונטשענער עלעמענט. דאַן איז געווען אויסגערעכנט, דאָס איך דאַרף מיטנעמען אַרבעטס־קליידער און טאָר ניט האָבן מיט זיך קיין

פינגערל, זייגערל אָדער אַנדערע ווערט־זאַכן. דער פּאָליציאַנט סקאַרזשינסקי האָט מיר געטרייסט, דאָס איך זאָל ניט האָבן קיין עגמת־נפש ווייל ס׳איז פיל בעסער ווי גיין אויפן פראָנט...

## קאַרטוז־בערעזע

אין משך פון דער נאַכט וואָס איך בין איבערגעבליבן אויפן פּאָל אין דער פּאָליציי האָט דער טעלעפאָן ניט גערוט. איינע פון טעלעפאָנאַגראַמען וואָס האָט איבערגענומען דער דיזשורנער פּאָליצאַנט באָשקאָ און עס נאָכער איבערגעגעבן אויף אַלע קלענערע פּאָליציי־אַמטן איז געווען פאָלגנדע: די פּאָליציי זאָל זיין שטאַרק וואַכזאַם, ווייל אויפן שטח פון גרענעץ־געביט דרייען זיך אַרום פיל שפּיאָנען דייטשן און יידן! מיט אַזאַ אַנטיסעמיטישע מאַניע פון פחד איז געווען דאַן אָנגעשטעקט פוילן, אַפילו אין די לעצטע וואָכן פון איר עקזיסטענץ איז זי דערגאַנגען צו אַזאַ אַבסורד, דאָס יידן שפּיאָנירן פאַר דייטשלאַנד. אויף מאָרגן שבת, אין צווייטן טאָג פון דער פויליש־דייטשער קריג, האָט מען מיר איבערגעפירט אין סטויבצער תפיסה, דאָרטן האָב איך שוין געטראָפן פיל אַרעסטירטע קריסטן. אין אַ געמיטלעכן שמועס ליגנדיק אויפן פּאָל פון אַרעסט, האָט מיר איינער אַ יונגער קריסט מיטן נאָמען קאַנאַוואַלאָוו געזאָגט, דאָס ער מאַכט ניט קיין גרויס וועזן פון דעם גאַנצן ענין, ווייל מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָט ער זיך ערשט צוריקגעקערט אַהיים, נאָכן אָפּקומען אַ שטראָף פון 15 יאָר תפיסה פאַר דערמאָרדן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. זענדיק מיט וועמען מען האָט מיך צוזאַמענגעפּאָרט, האָב איך אָנגעהויבן תופס זיין די ערנסטקייט פון מיין לאַגע אין וועלכער איך געפין זיך. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען געהאַלטן אין ברענגען פרישע אַרעסטירטע. אַ פּאָר שעה פאַרטאָג איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר, געהייסן אונדז נעמען די פּעקלעך און אַרויסמאַרשירן אין דרויסן. ביים אַרויסגאַנג זענען געשטאַנען צענדליקער באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן. גלייך איז געגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז מען טאָר ניט ריידן צווישן זיך און ווער ס׳וועט מאַכן אַ פּרווו צו אַנטלויפן, וועט דערשאָסן ווערן גלייך אויפן פּלאַץ. אויפן וואָקזאַל איז געווען „חושך מצרים״, די פּאָר עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס האָבן געברענט זענען געווען אָפּגעפאַרבט אויף בלוי. וואָס צוליב זייער שוואַכן שיין האָבן זיי אָנגעוואָרפן אַ מיסטעריעזן פחד אויף דער טריבער נשמה און געמאַכט דעם איינדרוק ווי דו וואָלסט פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין אַ געהיימניספולער וועלט. אַזוי האָט דאַן אויסגעזען די שטענדיק־שפּרודלדיקע און פריילעכע מיט ליכט באַגאָסענע סטויבצער באַן־סטאַציע ערב דעם חורבן פון דער פאַרברעכערישער פּוילישער רעגירונג פון בעק און פּריסטעראָווע, מען האָט אונדז גלייך געהייסן אַריינגיין אין די וואַגאָנעס פון צוג, וועלכער איז שוין געווען גרייט פאַר דעם צוועק פון פריער. צוזאַמען מיט אונדז זענען אַריין אויך די פּאָליציי באַגלייטער. דער צוג האָט זיך גערירט און געלאָזט לויפן מיט אַ טייוואָלאָנישער געשווינדקייט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. איך וואַרף נאָך אַ געזעגענונגס־בליק פון לויפנדן צוג אויף סווערזשנע. אין דער פינצטער זעען זיך די סילועטן פון די הייזער, וועלכע טוליען זיך איינע צו דער צווייטער ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַר דעם גורל פון מאָרגנדיקן טאָג. דאָרטן צווישן די הייזער ראַנגלט זיך איצט מיטן טויט מיין שוואָגער חאַצקל, דאָרט טוליען זיך איצט אין פחד פאַר דער פינצטערניש פון דער נאַכט, מיינע דריי פּיצלעך קינדער וועלכע האָבן מורא אין דער צייט פון דער מלחמה צו בלייבן אָן טאַטן און איך ווייס ניט וועמען זאָל איך פריער באַדויערן, זיי, אָדער מיין אייגענעם גורל, וועלכער ווערט איצט געפירט ניט ווייסנדיק וווהין. אויף יעדן וואָקזאַל האָט מען געבראַכט פרישע אינטערנירטע. אויף אייניקע ערטער האָט מען זיי געבראַכט געשמידטע אַין קייטן.

אויפן וועג האָב איך זיך דערוווּסט פון מיינעם אַ באַקאַנטן פּאָוולאָווסקי, נאָר וואָס מאָביליזירט אין דער פּאָליציי, וועלכער האָט מיר פאַרטרויט דאָס מען פירט אונדז אין דעמאָלטיקן באַוווּסטן לאַגער פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער „קאַרטוז־בערעזע״. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף דער סטאַציע בלודני, האָט מען אונדז געהייסן אויסשטייגן פון די וואַגאָנעס. פון דאָרטן ביזן לאַגער איז זעקס קילאָמעטער, וועלכע מען דאַרף מאַכן צופוס. פונקט האָט זיך דאַן געפונען אויפן וואָקזאַל אַ מיליטערישער עשאַלאָן, פון וועלכן מיר זענען באַגעגנט געוואָרן מיט די געמיינסטע זידלערייען. ס׳האָבן זיך געהערט אויסרופן „זאַביץ איך זדרייצי אויטשיזנע (דערהרגעט זיי, די פאַרעטער פון פאָטערלאַנד)״. אייניקע האָבן אונדז באַוואָרפן מיט שטיינער, אויף וואָס אונדזער פּאָליציי באַגלייטער האָבן רעאַגירט מיט אַ געהיימניספולן שמייכעלע.

ביים אַריינגאַנג אין לאַגער זענען מיר אויפגענומען געוואָרן דורך דער אָרטיקער פּאָליציי, וועלכע האָט שוין אונדז אָפּגעוואַרט ביים טויער. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף אונדז ווי ווילדע חיות און האָבן אונדז מערדערלעך געשלאָגן מיט דיביינערנע הענטלעך פון די גומענע שטעקנס. די קולות פון די געשלאָגענע איז דערגאַנגען עד לב השמים און ס׳האָט אָפּגעקלונגען אין חלל פון דער וועלט: עד מתי!

וואָס ס׳איז געשען ווייטער האָט ניט קיין שייכות צום דאָזיקן בוך, דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך, וועלכן ס׳איז כדאי אַמאָל צו באַשרייבן. אויף וויפל ס׳איז מיר באַקאַנט איז נאָך דורך קיינעם אויספירלעך ניט באַשריבן געוואָרן דער דאָזיקער טרערן־אינדזל פון ליידן און פּיין, דורך וועלכן ס׳זענען דורכגעגאַנגען טויזנטער מענטשן פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין דער „אַזאַנישער״ פוילן.

מיט איינס אָבער קאָן איך פאַרזיכערן די לעזער פון די דאָזיקע שורות, אַז דער היטלער מערדער הימלער האָט נאָך געקענט נעמען אַ לעקציע ביים פּאָליאַק קאָסטעק בערנאַצקי, ווי אַזוי צו פּייניקן מענטשן. קאָסטעק בערנאַצקי איז געווען דער פּאָליעסער וואָיעוואָדע און דער אייגנטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן דאָזיקן לאַגער, וועלכער האָט זיך נאָך טרויעריק באַרימט געמאַכט פון פריער. מיט זיין אַכזריותדיקער פּייניקונג פון די אַזוי גערופענע „בריסקער אַרעסטירטע״, וועלכע זענען באַשטאַנען פון מיניסטאָרן און דעפּוטאַטן פון פּוילישן „צענטראַליעוו״.

## איך גיי אהיים

נאָך פאַרשיידענע נידודים און וואַנעדרונגען, מער צופוס ווי געפאָרן, ווייל קיין פוילישע צוגן זענען שוין ניט געווען און די רוסישע באַנען קענען ניט פאָרן אויף דער פוילישער שמאָלער באַן־ליניע, בין איך ענדלעך דעם 22סטן סעפּטעמבער אָנגעקומען קיין סטויבץ. אויפן וועג אַהיים האָב איך זיך באַגעגנט מיט סימע טרעשטשעניעצקי, וועלכע איז געגאַנגען קיין סטויבץ. זי האָט זיך אַזוי דערשראָקן דערזעענדיק מיך, דאָס זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן אויף אירע פיס. ווען איך האָב זי געפרעגט די באַדייטונג פון איר מוראדיקער איבערראַשונג, האָט זי קוים אויסגעשטאַמלט: דו לעבסט, סווערזשנער בחורים קלייבן זיך היינט צו גיין אויפגראָבן דעם קבר ווו דו ליגסט באַגראָבן, ווייל אַ גויע איז געקומען און דערציילט, דאָס זי אַליין האָט געזען ווי דערווייטנס ווי די פּאָליאַקן האָבן דיך דערשאָסן און באַגראָבן לעבן סיניאַווער וואַלד, זי איז אפילו גרייט גיין צו ווייזן דעם פּלאַץ. אין אייניקע מינוט אַרום האָב איך זיך באַגעגנט מיט בנימין וועליטאָווסקי, וועלכער איז מיר אָנגעקומען אַנטקעגן פאָרנדיק אויף אַ ראָווער. דערזענדיק מיך אויף אַ מרחק פון אַ פּאָר מעטער, האָט ער בלויז אַרויסגעשריען, ווי ניט מיט זיין קול „שקאָלניק"! און געריכטעט זיין ראָווער מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט קיין סווערזשנע. קומענדיק שוין נאָענט פון שטעטל האָב איך געטראָפן אַ לויפנדע מאַסע פון סווערזשנער יידן און זאָגאַר קריסטן. איך האָב מיר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אָט די אַלע איילן זיך דאָס מקבל פנים זיין מיר, דעם לעבעדיק־געוואָרענעם מת...

סווערזשנע, וועלכע איז ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק פאַרנומען געוואָרן דורך דער מעכטיקער רוסישער אַרמיי, איז דאַן געווען איבערפולט מיט רוסיש מיליטער. אַלע זענען געווען גליקלעך, פון אַלעמענס פנימער האָט אַראָפּגעשיינט חדוה און פרייד, וואָס מען איז אַזוי שנעל באַפרייט געוואָרן פון דער שרעקלעכער מלחמה־געשפּענסט. יעדער האָט זיך געזען ווי אַמשנעלסטן צוצופּאַסן זיך צו דער נייער געשאַפענער ווירקלעכקייט, טרייסטנדיק זיך מיט דעם, דאָס אונטער די זעלבע באַדינגונגען און אונטער דער זעלבער אָרדענונג לעבן 200 מיליאָן מענטשן שוין 22 יאָר. די קרעמער האָבן געזוכט ווי אַמשנעלסטן צו באַפרייען זיך פון די קראָמען און איבערגיין צו וועלכער ניט איז רעגירונגס־אַרבעט. דער טאַרטאַק האָט צוריק אָנגעפאַנגען אַרבעטן, פון רוסלאַנד האָט אָנגעפאַנגען אָנצוקומען געהילף, וועלכע מען האָט אין סווערשזנע געשניטן אויף ברעטער און הונדערטער מענטשן האָבן דערביי געאַרבעט. כמעט אַלע פריערדיקע באַאַמטע זענען געבליבן אויף זייערע פּאָסטנס. ווינטער 1940 האָט מען אַרויסגעפירט אַלע „אָסאַדניקעס" מיט זייערע פרויען און קינדער, ד"ה געוועזענע פוילישע לעגיאָנערן, וועלכע זענען אין דער צייט פון די פּאָליאַקן באַזעצט געוואָרן אויף די פריצישע ערד אַרום סווערזשנע. צוזאַמען מיט זיי האָט מען אויך אַרויסגעפירט טיף קיין רוסלאַנד די סטראַזשניקעס פון פירשט ראַדזיווילס וועלדער. פון דאַן אָן האָט באַהערשט אַ פּאַניק דער ציווילער באַפעלקערונג, סיי יידן און סיי קריסטן, יעדערער האָט געלעבט אונטערן היפּנאָז, אַז ער איז דער נאָענטסטער קאַנדידאַט אויף אַרויסגעפירט צו ווערן צו די ווייסע בערן, ווי מען האָט זיך דאַן מיט אַ ביטערן שמייכל כלומרשט געוויצלט, מורא האָבנדיק איבערצושלאָפן אַ נאַכט. פאַר דער גאַנצער צייט האָט מען פון סווערזשנע קיין איין ייד ניט אַרויסגעפירט. ביסלעכווייז האָט זיך יעדערער צוגעפּאַסט צו אַן אַרבעט און מען האָט אָנגעפאַנגען לעבן ווי אַלע בירגער אין גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, אַזוי צו זאָגן „פּראָלעטאַריזירט" זיך...

אַרויסצופאָרן פון אונדז, ד"ה פון די געביטן וואָס האָבן פריער געהערט צו פוילן קיין רוסלאַנד, האָט מען ניט געקאָנט אָן אַ ספּעציעלער וויזע. דער גרענעץ נעבן קאָלאָסאָווע איז געווען באַוואַכט ווי פריער, ווען ס'זענען נאָך געווען צוויי באַזונדערע מלוכות, רוסלאַנד און פוילן. מיין לעצטער אַרבעטס־פּלאַץ איז געווען, ביי דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך דאַן פאַרנומען מיט דורכפירן אַן אַספאַלט־וועג פון בריסק ביז מינסק, פאַר וועלכער דער הויפּט־מקור פון מאַטעריאַלן האָט געדינט דער סווערזשנער באַוווּסטער מייטשעס באַרג. דערפאַר זענען דאָרטן אויסגעבויט געוואָרן אַ סך נייע הילצערנע באַראַקן, ווו ס'איז געווען דער זאַמל־פּונקט פון אויטאָ־טראַנספּאָרט אויף וועלכע מען האָט איבערגעפירט די אויסגעגראָבענע מאַטעריאַלן פון באַרג צו דעם נייעם וועג. אַ דאַנק אָט דער אַרבעט איז מיר געלונגען צו רעטן מיך און מיין גאַנצע פאַמיליע פון טויט. דעם 22־סטן יוני 1941 ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־דייטשע קריג, האָב איך זיך געווענדעט צום דירעקטאָר פון טראַנספּאָרט, אַז אויב מען וועט חלילה דאַרפן אַנטלויפן פון סווערזשנע, זאָל ער מיר מיטנעמען מיט זיך, ווייל אַלס געוועזענער פּאָליטישער אַרעסטירטער ביי די פּאָליאַקן, וועל איך זיין דער ערשטער קרבן ביי די דייטשן. דער דירעקטאָר, זייער אַן אָנשטענדיקער מענטש, האָט מיר עס צוגעזאָגט. דעם 24־טן יוני איז שוין געווען אוממעגלעך צו אַרבעטן. פון גאַנץ פרי האָבן זיך די דייטשע אַעראָפּלאַנען געדרייט איבער סווערזשנע, איבערהויפּט איבערן שטח פון טאַרטאַק. זיי זענען געפלויגן אַזוי נידעריק, דאָס זיי האָבן דעם טאַרטאַק באַשאָסן פון מאַשין־געווער. מיר אַלע זענען געזעסן אין די באַראַקן נעבן באַרג. פּלוצלינג איז מען אונדז געקומען אָנזאָגן אַז עס פליען 40 דייטשע אַעראָפּלאַנען און מיר זאָלן גלייך פאַרלאָזן די באַראַקן. מיר זענען אַלע זיך צעלאָפן און באַהאַלטן זיך אויפן פעלד אין די קאָרן. דאָרטן האָבן די שאָפערן באַשלאָסן (אַלע פון רוסלאַנד), אַז זיי וועלן פאַרלאַנגען פון דירעקטאָר, אַז מען זאָל פאַרלאָזן דעם דאָזיקן פּלאַץ. נאָך מיטאָג איז אונדז באַוווּסט געוואָרן, אַז דער דירעקטאָר געפינט זיך איצט אין נ.ק.וו.ד. פון סטויבץ און וואַרט אויף דירעקטיוון. דריי אַזייגער בייטאָג איז צו מיר צוגעקומען דער הויפּט־אינזשינער און האָט געמאָלדן דאָס מען פאַרלאָזט סווערזשנע. ער האָט מיר געהייסן גלייך נעמען דעם פערד און וואָגן און לויפן אַריינברענגען די פאַמיליע מיט די זאַכן. ביז מען וועט דאָ צוגרייטן די אויטאָס צום וועג וועסטו קומען צוריק. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, אַז צוריקקערנדיק נאָך אַ דריי פערטל שעה אַרום, האָב איך שוין ניט געפונען קיין זכר פון גאַנצן אויטאָ־טראַנספּאָרט. אַלעס איז געווען

אָפּן, די באַראַקעס ליידיק און איך האָב זיך געמוזט מיט אַלעמען צוריק אומקערן. די גאַנצע וועג אויף צוריק אַהיים בין איך נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן אַזוי ווי כ׳וואָלט גיין נאָך מיין אייגענער לוויה. אַלעס האָט מיר אויסגעזען פרעמד, די ליידיקע גאַסן, די צעשראָקענע פּנימער פון מענטשן וואָס האָבן זיך איצט געשלייכט ווי שאָטנס פון יענער וועלט. פרעמד האָט מיר אויך אויסגעזען מיין אייגענע שטוב אין וועלכער איך האָב איצט מורא געהאַט אַריינצוגיין.

## איך ווער א „בעזשענעץ"

אין בין שטיין געבליבן אויפן הויף נעבן שטוב, דער קאָפּ פול מיט בייזע מחשבות, ווי גיט מען זיך אַ עצה. ווי קען מען זיך לאָזן צופוס אין וועג מיט דריי קינדער, וואָס דער קלענסטער פון זיי איז אַלט 2 יאָר און ווי קען מען בלייבן דאָ, ווען איך ווייס אַז ס׳דערוואַרטעט מיר אַ זיכערער טויט. שטייענדיק אַזוי אין אַן אויסזיכטלאָזער פאַרצווייפלטער לאַגע, ניט פאַרויסזעענדיק קיין שום אויסוועג, איז פלוצלינג דורכגעלאָפן אַ מאַשין פאַרביי מיין שטוב מיט דער שנעלקייט פון אַ פויגל אין וועלכן איך האָב דערקענט אַז דאָס איז אַ מאַשין פון דעם אויטאָ־טראַנספּאָרט וואָס דער דירעקטאָר האָט מיר צוגעזאָגט מיטצונעמען. דער מאַשין איז דערפלויגן ביז דער שטוב פון קאָליע גאַריימאָוויץ און איז געבליבן שטיין. איך בין אים נאָכגעלאָפן מיט די לעצטע כוחות און ווען איך בין אַריין צו קאָליען אין שטוב, האָב איך שוין נישט געקענט ריידן. ווען איך האָב אַביסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און דערציילט דעם שאָפער דעם פאַרלויף פון דער גאַנצער געשיכטע מיט מיין פאָרן, האָט ער מיט באַדויערן געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט מיין לאַגע, נאָר ער קען מיר מיט גאָרניט העלפן, ווייל עס מוז זיך גלייך צוריקקערן קיין סטויבץ ווו ער איז פאַרנומען מיטן איבערפירן פון סטויבצער נ.ק.וו.ד. איך האָב אַראָפּגענומען מיין זייגערל פון האַנט און אים פאָרגעלייגט אַלס באַלוינונג פאַר זיין טירחה. ער האָט מיר העפלעך באַדאַנקט אָבער אַנטזאָגט מיר צו העלפן. דאַן האָט זיך צו אים געווענדעט קאָליע גאַריימאָוויץ, וועלכער איז מיט אים געווען זייער גוט אויפגעטראָגן. נעם אים! זאָגט ער און טו אַ מענטשן אַ טובה, מען קען ניט וויסן וואָס אין אַ לעבן קען פּאַסירן. „לאַדנאָ", זאָגט דער שאָפער, איך ווייס ווו דער טראַנספּאָרט שטייט הינטער סטויבץ, איך דאַרף פאָרן צו זיי נעמען בענזין, נאָר איך רייד מיט דיר אויס צוויי זאַכן, אַז נעבן דיין שטוב פאַרהאַלט מען זיך ניט מער ווי 3 מינוט און ווען איך ברענג דיר צום טראַנספּאָרט און זיי ווילן דיר ניט אויפנעמען, לאָז איך דיר איבער אין מיטן פעלד. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען מיר שוין געווען לעבן מיין שטוב, אַרויפגעוואָרפן די געבונדענע פּעק פון פריער, אַרויפגעזעצט דער פאַמיליע און געלאָזן זיך אין וועג.

***

מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יום וליל את חללי בת עמי (ירמיהו ח׳ 23).
(ווער מאַכט מיין קאָפּ וואַסער און מיין אויג אַ קוואַל טרערן, איך וואָלט באַווײנט טאָג און נאַכט די דערשלאָגענע פון דער טאָכטער מיין פאָלק (איבערזעצט יהואש).

יענעם טאָג האָט אַ ווינט געשטורעמט און מיט אַ וויינענדיקן ברומען ווי דער געיאָמער פון אַ הונגעריקער חיה געשאָקלט די שפּיצן פון די ביימער. די לופט איז געווען אויסגעמישט מיט אַ דינעם שטויב און די זון האָט זיך געטונקט צווישן די לייכטע זומערדיקע וואָלקנס, ווי זי וואָלט ניט וועלן זיין אַנוועזנד ביי דעם אומגליק פון דער וועלט. אַ שיין געטאָן און זיך ווידער באַהאַלטן, גלייך ווי זי וואָלט זיך געשעמט אין אַזאַ צייט צו באַווייזן זיך מיט איר פולע זומערדיקער פּראַכט. די הימלען האָבן אויסגעזען סודות׳פול און מיסטעריעז. די קאָפּ איז פול געווען ווי אָנגעגאָסן מיט בליי און ס׳איז שווער געווען צו קאָנצענטרירן די געדאַנקען. די איינציקע נעבן אויטאָ, מיין שוועסטער רבקה־לאה האָט געקושט די קינדער, שעפּטשענדיק דערביי, גאָט ווייס צי איך וועל נאָך אַמאָל אייך זען... אַלץ איז געמאַכט געוואָרן בליץ שנעל און ווען דער אויטאָ האָט זיך גערירט אין וועג האָט אַרויסגעבראָכן מיין שוועסטער אין אַ יאָמערלעכן געוויין באַגיסנדיק זיך מיט טרערן.

אַזוי האָב איך פאַרלאָזן מיין געבורטס־שטעטעלע סווערזשנע, כ׳האָב אָבער דאַן מיר ניט פאָרגעשטעלט, אַז איך פאַרלאָז עס צום לעצטן מאָל, אַז כ׳וועל שוין מער קיינמאָל ניט שפּאַצירן אין די זומער־פאַרנאַכטן אויף די גרינע פעלדער, אויפן באַרג און צווישן די שמעקנדיקע ביימער פון סינייווער וואַלד ווו ס׳איז פאַרלאָפן די שענסטע שטיפערישע יאָרן פון מיין קינדהייט. כ׳האָב מיר אויך ניט פאָרגעשטעלט אַז איך וועל זיין איינער פון די ווייניקע ביים לעבן פאַרבליבענע וואָס וועט דאַרפן אָנשרייבן די קינות פון חורבן און מספּיד זיין אַ עדה יידן וואָס האָבן הינטער זיך אַ געשיכטע פון הונדערטער יאָרן לעבן און שאַפן.

איז דאָס מעגלעך מיין שטעטעלע, אַז ביסט געבליבן אָן יידן?! איז מעגלעך אַז ס׳ברענען ניט קיין ליכט מער אין יידישע הייזער אין די פרייטיק־צונאַכטן? איז מעגלעך אַז צווישן דיינע שפּאַצירנדע הערט מען ניט מער דעם יידישן לשון?! איז מעגלעך אַז יידישע קינדערלעך שפּילן זיך שוין ניט מער מיט קיין זאַמד אין דיינע גאַסן און קיין יידישע כלה וועט מען שוין קיינמאָל ניט פירן אויף דיין שול־הויף צו דער חופּה?!

אויסגעליידיקט ביסטו געוואָרן פון דיינע יידישע איינוווינער, פאַריתומט זענען געבליבן די פּוסטע פלעצער פון די פאַרברענטע יידישע הייזער וואָס אין יעדער פון זיי האָט געשפּרודלט אַן אייגנאַרטיק יידיש לעבן. אמת, גאַנץ אָפּט מיט זאָרגן און דאגות פרנסה, אָבער אויך מיט יום־טובדיקייט און שבת׳דיקייט פון נשמה־יתירה׳דיקע קרעמער און בעלי־מלאַ־

כות, וועלכע האָבן געהאַט דעם כוח אין געוויסע טעג פון יאָר אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם עול פון וואָכעדיקייט און ווערן כולו יום־טוב. פאַראייניזאַמט שטייען אויך די איבערגעבליבענע ווענט פון די בתי מדרשים ווי טרויעריקע מאָנומענטן נאָך אַ פאַרשניטענער קהילה יידן. דאָס איז אַלעס וואָס איז פאַרבליבן פון הונדערטער יאָרן געשיכטע פון דער יידישער סווערזשנע. פון מענטשן וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן און זענען שוין מער ניטאָ.

אויף די חורבות פון געוועזענם לעבן נישטערן נאָך איצט אַרום די אָרטיקע מערדער, ווי סטאַדעס שאַקאַלן, וואָס האָבן ליב צו לעבן צווישן וויסטעניש און רואינען. ווען איך וויל מיין טייערער שטעטעלע אַמאָל אויפלעבן אין מיין זכרון, זע איך נאָר, ווי פייער צונגען שלינגען איין, איין יידישע שטוב נאָך דער צווייטער, איין גאַס נאָך דער צווייטער און אַ געדיכטער רויך פאַרהילט אין פינצטערניש דאָס ליכט פון דעם טאָג, ווייל דער דזשונגל פאַרטראָגט ניט קיין ליכט, ווייל שאַקאַלן האָבן פיינט די שיין פון דער זון.

די גאַסן זענען פול מיט הרוגים, אויפן מאַרק וואַלגערן זיך די טויטע קערפּערס וואָס ערשט נישט לאַנג האָבן זיי גע־לעבט און איצט טרינקען זיי זיך אין זייער אייגענעם בלוט און דאָס אַלעס פאַר דער איין־און־איינציקער זינד וואָס זיי זענען יידן.



שני תלמידים של בי״ס „תרבות״
מ. גולדין, מ. צלקוביץ׳
נרצחו ע״י הגרמנים, הי״ד

ס׳וואַלגערן זיך אַלטע, ס׳וואַלגערן זיך יונגע, מיט אויס־געקרימטע פּנימער פון די לעצטע גסיסה־ווייען און צווישן די טויטע קלאַמערט זיך אַ הענטל פון אַ זויג קינד אין דער דער קאַלטער ברוסט פון איר גוססדיקער מוטער. דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער ביאַליק האָט געזאָגט, אַז פאַר דעם טויט פון אַ קליין קינד, האָט נאָך דער טייוול אַליין קיין שטראָף ניט געפונען.

ואתה אל רחום וחנון ביסט געזעסן אין דיינע הימלשע היכלן און האָסט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט ווי טמאים פאַר־ניכטן דיין פאָלק ישראל. די קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב, זייערע געשרייען זענען ניט דערגאַנגען צו דיין מלכות שמים, פון די וועלכע זענען שוין אַזוי פיל מאָל געפּרוּווט געוואָרן מיט קידוש־השם צוליב דיין איינציקן נאָמען.

פון ביידע זייטן שטייען זיך רואיק די צוויי קריסטלעכע געבעט־הייזער וואָס פון זייערע שפּיצן קוקן מיט גאוה אַראָפּ די צלמים, וועלכע דאַרפן סימבאָליזירן רחמים און פאַרגע־בונג.

נעבן די טויטע טיילן זיך איצט די אָרטיקע גויים מיטן רויב פון די קדושים, וועלכע ווערט זיי צוגעוואָרפן פון די דייטשע מערדער: אַ פּאָר צעריסענע הויזן, אַ פּאָר אַלטע שטיוול און אַ פאַרבלוטיקטע בלוזקע וואָס איז נאָר וואָס אַראָפּ־געצויגן געוואָרן פון אַ שטאַרבנדיקער יידישער פרוי.

אין דעם ווען זיי זיך פאַרפּוצן און קומען זונטיק אין קלויסטער צום געבעט און קניענדיק פאַרן הייליקן בילד וועלן זיי שעפּטשען מיט פאַרגלאָצטע אויגן די באַוווּסטע תפילה: זיי אונדז מוחל, הערשער פון דער וועלט און פאַרגיב אונדז די זינד, ווי מיר זענען מוחל און פאַרגיבן פאַר די אַלע וואָס לעבן צווישן אונדז...

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען לעיני השמש אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ביי דער העכסטער דערגרייכונג פון קולטור און ציוויליזאַציע אין האַרץ פון אייראָפּע.

פרעמד ביסטו מיר געוואָרן סווערזשנע, פרעמד זענען מיר דיינע פעלדער, פרעמד איז מיר דער באַרג, פרעמד איז מיר דיין וואַלד, פרעמד איז מיר דער אָרט וווּ מיין וויגעלע איז געשטאַנען — פרעמד, אַלעס פרעמד!

דיין לופט איז אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון טויט, דיין ערד איז באַפלעקט מיט אומשולדיק יידיש פאַרגאָסן בלוט. שיין איז בלוט ווען ס׳פליסט אין די אָדערן פון אַ לעבעדיקן מענטש און איבלט מיט דעם מאָמענט ווען דאָס פליסט אַרויס פון מענטשלעכן קערפּער. דערפאַר זייט איר מיר אַזוי עקל־האַפט, ווייל אַלעמענס הענט אייערע זענען באַפלעקט מיט יידיש בלוט.

דער איינציקער אָרט וואָס איז נאָך מיר געבליבן דאָרט נאָענט און טייער, איז דער געמיינזאַמער ברודער־קבר, וואָס געפינט זיך אויפן נייעם בית הקברות וווּ ס׳רוען די רעשטלעך פון דער אויסגעשאָכטענער יידישער סווערזשנע. דער קבר שרייט און מאָנט נאָך נקמה, פאַר לעבנס פריצייטיק פאַרשני־טענע, פאַר יאָרן נישט קיין דערלעבטע.

טייערע סווערזשנער קדושים. רוט ניט אין אייער קבר, וועקט אויף די הייליקע אבות, וועקט אויף דער איינזאַמער מוטער רחל ווי דער נביא ירמיהו האָט דאָס געטאָן ביים חורבן בית המקדש!

נעמט זיך צונויף צוזאַמען מיט אַלע פאַרפּייניקטע פון אַלע צייטן און פון אַלע דורות. שטורעמט די הימלען, שטורעמט

דעם כסא הכבוד, שטעלט זיך פאַר כביכול דעם אויבערשטן אַליין און פאָדערט נקמה!

זאָל ניט האָבן קיין רו די וועלט, זאָלן ניט האָבן קיין רו אייערע מערדער ווי ס'האָבן קיין רו אייערע פאַרפּייניקטע הייליקע נשמות, וועלכע שוועבן אַרום אין דעם חלל פון דער וועלט און פרעגן פאַרוואָס? ס'איז אַפילו ניט געבליבן דאָרט קיינער וועמ ס'זאָל אַ מצבה אייך שטעלן.

מיר דאָ אין מדינת ישראל שטייען אין מרתף השואה אויפן הר ציון אין ירושלים, ביים שטיין וואָס איז איינגע־מויערט לזכר אייער אומקום.

מיר שטייען און בויגן אונדזערע קעפּ פאַר די הייליקע זאַמדן פון אייער ברודער־קבר וואָס איז געבליבן עלנט, אַליין אין דער גוישער וועלט, וווּ ס'איז ניטאָ אַפילו קיין איינער וועמ ס'זאָל כאָטש מיט אַ וואַרעמע טרער אים באַנעצן.

מיר גיבן דאָ אָפּ אַ פייערלעכע שבועה, אייך אייביק צו געדענקען און קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַזוי לאַנג ווי ס'קלאַפּט נאָך דער דופק פון לעבן אין אונדזערע הערצער.

מיר וועלן קיינמאָל ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַזוי האָט דאָס געמוזט געשען און דערפאַר איז אונדז שווער צו זאָגן ברוך דיין האמת.

## יחיאל שמושקביץ / „פּרייסישע אגראַדניקעס"

אַזוי האָט מען אונדז גערופן אין סווערזשנע. מיין פאָטער ר' משה שמושקאָוויץ ע"ה איז געווען דער ערשטער, וואָס איז געפאָרן קיין פּרייסן, אין קעניגסבערג און דאָרט געזייט אַ גאָרטן, וואָס איז באַשטאַנען פון אוגערקעס, קרויט, מערן, בוריקעס און אַנדערע פאַרשיידענע גרינסן. לויט ווי ס'דער־ציילט מיין פאָטער, איז דאָס געווען אין דער צייט פון דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מלחמה אין יאָר 1870. מיט דער צייט האָבן אויך אַנדערע פאַמיליעס פון סווערזשנע אָנגעהויבן פאָרן קיין פּרייסן און זייען דאָרטן גערטנער, און דאָס איז פאַר־בליבן אַלס זייער שטענדיקע פּרנסה, ווי אונדזער שכן ר' אליהו צאַלקאָוויטש, מיינע צוויי פעטערס דוב און זאב קליאַטשוק און אַנדערע פאַמיליעס.

האָט איינער פון זיי אַ טאָכטער חתונה געמאַכט, האָט מען אין איר נדן אָנגעגעבן „פּרייסן" ד"ה מען האָט דעם איידעם גענומען קיין קעניגסבערג און געלערנט אים ווי צו זייען אַ גאָרטן. דאָס איז געווען אַ בכבודיקע פּרנסה מיט אַ זיכערע עקזיסטענץ. זענען די קינדער אונטערגעוואַקסן — האָט מען זיי גענומען קיין קעניגסבערג כדי העלפן דעם פאָטער און מיט דער צייט זענען זיי אויך ביי דעם פאַך פאַרבליבן. אָט אַזוי איז אין סווערזשנע אויפגעוואַקסן אַ באַדייטנדע צאָל משפּחות, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער פּר־נסה.

די אויבנדערמאָנטע „אַגראַדניקעס" פלעגן פאַרלאָזן זייער היים סווערזשנע גלייך נאָך פּסח און צוריקקערט נאָך סוכות. „נאָסעניע" ד"ה די זומען צום זייען די פאַרשיידענע גרינסן פלעגן זיי מיטנעמען פון סווערזשנע.

מיט די „פּרייסישע" האָט מען זיך אין סווערזשנע גע־רעכנט, דאָס זענען געווען אָנגעזעענע פאַמיליעס און זיי האָבן פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער שטעטלדיקער געזעל־שאַפט ווי צום ביישפּיל שול־גבאים און עלטסטע פון חברות.

אין 1914, גלייך מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די דעמאָלטיקע דייטשע מאַכט, די אַלע, צוריק קיין רוסלאַנד געשיקט, געבליבן זענען נאָר איך, מיין ברודער



ר' אליהו ואיידלה צלקוביץ ז"ל

זאב, מיין קוזין מיכאל קליאַטשוק און זלמן רעזניק. מיר האָבן זיך באַשעפטיקט אין דער זעלבער בראַנזשע ביז היטלער ימ"ש איז געקומען צו דער מאַכט. אין יאָר 1936 האָבן מיר פאַרלאָזט קעניגסבערג און געקומען קיין ישראל.

מיט' דעם האָט זיך פאַרענדיקט די פּרשה „פּרייסישע אַגראַדניקעס" אין סווערזשנע.

## מינה פּרוטס / זכרונות פון אונדזער שטעטלע סווערזשנע

ווען איך דערמאָן זיך וועגן די קינדער־יאָרן אין סווערזשנע ווו איך בין געבוירן, זע איך פאַר זיך די יידן פון שטעטל פאַרהאָרעוועטע, וועלכע האָבן ניט געהאַט, ווי מען האָט ביי אונדז געזאָגט, קיין צייט די נאָז אַפּווישן. און ווי מיר יוגנט גייען אויפן באַרג און שרייען „קינדער, אַ פויעז גייט".

איך זע די בוימער פון סאָסנע וואַלד. גרינע פעלדער. גערטנער באַאַרבעט דורך די שטעטלדיקע יידן. די אַזשערע ביים וואַ־סער־מיל אויף וועלכער מען פלעגט שפּאַצירן מיט קליינע שיפלעך. אין מאַנכע מאָל אָפּטאָן אַ שפּיצל דעם מילנער סראַ־גאָוויטש, עפּענענדיק ביינאַכט די דאַמבעס און אַזוי אַרום

אַרויסלאָזן די גאַנצע וואַסער פון אָזשערע. און אויף צומאָרגנס איז געווען פריילעך אין שטעטל. מען פלעגט עס אָנרופן „ליהודים אין סווערזשנע".

איך געדענק ווי אַ טייל פון סווערזשנער יוגנט האָט זיך געלערנט אין גימנאַזיע אין ניעסוויזש, בערך 30 קילאָמעטער ווייט פון אונדז, ווייל ביי אונדז אין שטעטל איז ניט געווען קיין גימנאַזיע און מיר פלעגן פרייטיק גיין צו פוס אַהיים אויף שבת.



מ. פראטאס ביים בריק איבערן ניעמאן

זומער־צייט, ווען מען איז געווען פריי פון לערנען, פלעגט מען זיך באַשעפטיקן מיט פאַרשיידענע אַרבעטן, ווער אין גאָרטן, ווער אין איינעם פון די אַרומיקע דערפער. אַנדערע זענען געגאַנגען גאַנץ פרי אין אַ נאָענטן וואַלד קלייבן יאַגדעס, אָדער שוועמלעך. און יעדער האָט זיך באַמיט אָנצוקלייבן אַ וואָס גרעסערן קרוג יאַגדעס, אָדער אַ וואָס גרעסערן זעקעלע שוואָמען. ס׳איז געווען אַ פרייד אין די פאַרטאָגן צו הערן דעם עכאָ פון אונדזערע שטימען צווישן די בוימער אין וואַלד.

נאָכן לאַנגן קאַלטן ווינטער פלעגן די יידן פון שטעטל זיך אָנהויבן גרייטן צום פסח. דאָס האָט מען אָנגעהויבן שוין פילן גלייך נאָך פורים ווען די יידישע איינוווינער פון שטעטל האָבן אָנגעהויבן באַקן מצות, גרייטן די פסח׳דיקע געפעס וועלכע זענען געלעגן אַ גאַנץ יאָר איינגעפּאַקט, און ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען זיי וועלן ווידער נוצן ברענגען. ערב פסח איז אין יעדער יידישער הויז די פאָדלאָגע געווען באַדעקט מיט שטרוי, און דער טיש מיט זעק אָדער עפּעס אַנדערש, אַ סימן אַז אַלץ איז גרייט צום אויפנעמען דעם יום־טוב.

די יוגנט אין שטעטל איז געווען ציוניסטיש געשטימט. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דורכפירן געלט־אַקציעס לטובת די נאַציאָנאַלע פאָנדן. געווען אין שטעטל איינער מיטן נאָמען יוסף סעגאַלאָוויטש וועלכער האָט געקענט שרייבן פויליש, און די קריסטן פון שטעטל פלעגן צו אים קומען שרייבן ביטעס צו די מאַכט־אָרגאַנען. דער געצאָלט פאַרן שרייבן די ביטעס איז געשפּענדעט געוואָרן לטובת קרן קיימת. אויך איינקונפטן פון פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען אויסגעפירט געוואָרן דורכן אָרטיקן דראַמאַטישן קרייז זענען געשפּענדעט געוואָרן לטובת קרן קיימת.

ס׳ווייטיקט דאָס האַרץ פון דעם, וואָס דאָס אַלץ און די אַלע זענען מער נישטאָ.

אין יאָר 1945 איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה אַז אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער פון אונדזער געבורטס־שטעטעלע זענען אומגעקומען אויף אַ ברוטאַלן אופן דורך די נאַציסטישע מערדער.

אין יאָר 1946 זענען געקומען אין לאַנד די עטלעכע ביים לעבן פאַרבליבענע יידן פון אונדזער שטעטל און מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו דערמאָנען די אומגעקומענע.



פויגל פרוסט ז״ל — נפטרה בירושלים

אין יאָר 1953 איז פאָרגעקומען דער ערשטער יאָרצייט־אָוונט נאָך די אומגעקומענע פון אונדזער שטעטל. און פון דאַן ווערן איינגעאָרדנט יאָר יערלעך אַזכרה־אָוונטן צום אָנדענק פון די אומגעקומענע יידן אין סווערזשנע.

ס׳איז געווען אַ שיינע יידיש שטעטעלע און זי איז שוין מער נישטאָ. מערדער האָבן איר פאַרניכטעט. זאָלן מיר, וועלכע געפינען זיך דאָ אין לאַנד באַערן זייער אָנדענק מיט אונדזער אַרבעט אין אונדזער לאַנד ישראל.

מיינע אָנגעשריבענע דערציילונגען פון מיין שטעטעלע סווערזשנע זאָלן דינען אַלס מצבה נאָך די פאַרשטאָרבענע און אויסגעמאָרדעטע דורך די נאַצי־הענט — מיין פאַמיליע פראטאס.

מיין פאָטער מיכל בר׳ מרדכי, מוטער שרה בת פרץ, ברודער אהרן (בערקע), ברודער (מאָטל) מרדכי מיט פרוי שפרה, קינדערלעך: מיכל, פייגעלע, מיינע שוועסטער באַדאַנע, איטקע, צפורה.

# שמחה רזניק / חיי חברה ותנועות הנוער בעיירה נובי־סווירז'ן

סוורז'נה, עיר מולדתי, מופיעה בדמיוני וניצבת לפני כחיה, על בתיה הקטנים וסימטאותיה שטופי שמש ולהט בימי אביב וקיץ; קודרים ונוגים מכוסי בוץ בסתיו, ועטופי שלג עמוק בחורף, כשעשן מתמר ועולה מארובות הבתים אל השמים הקפואים והבהירים.

הנה הגבעה בככר השוק שעליה התנוססה פעם יד־זכרון עשויה שיש חום, לזכר נצחון הצבא הרוסי על צבאו של נפוליון בשנת 1812. על יד גדרה שיחקו ילדי העיירה משחקיהם השונים וצהלתם הידהדה ברחובות ובסימטאות הסמוכות. בעונת החורף כשהכל כוסה במעטה שלג לבן, סמוקי לחיים ומאושרים בחדוותם גלשו הילדים מהגבעה למטה על מגלשי עץ וברזל ומזחלות שונות.

מזרחית לעיירה זורמים ומפכים מימי הנימן בשלווה לים הבלטי. פלג של מים זכים חוצה את העיירה לשניים. אגם שמימיו מניעים טחנת קמח, ובדממת הערב לאור נוגהו של סהר, שטות לאיטן על משטחו החלק סירות קטנות, בהן צעירים וצעירות מוקסמים מזיוו של ירח, וקסם נעוריהם גם יחד. חבצלת מים ענוגה מסתכלת בהם כחולמת וכאילו מקשיבה לרחשי המים והמיית הלבבות. כרי דשא רחבים פרושים למרחקים מקיפים את העיירה והלאה; יערות, יערות עבותים אפופי מסתורין, משתרעים, מתמזגים עם האופק. בירכתי העיירה מתנשא „ההר של מייטשה", אליו היינו מעפילים בקיץ לצוד צפרים ולטאות ועריכת „מלחמות", ובחורף מעלים בעמל רב את מזחלותינו לפסגתו, וגולשים למטה במהירות מסחררת.

סוורז'נה, עיירה רדומה ורוגעת היתה, קומץ של משפחות יהודיות — כ־75 במספר. יהודים עמלים ברובם, שחיו חייהם ביושר וקברו מתיהם בכבוד. רובם צעדו בשלווה ובשקט יום־יום לבית הכנסת שעל שפת הפלג, כשהטלית ותפילין מתחת לבית־שחים. נזהרו במסורת אבות, ולא שינו אורח חייהם הקבוע מדורי דורות. רב אחד מחוסר פרנסה טיפל בצרכים הדתיים של בני העיירה ושוחט אחד שהוציא פרנסתו משחיטה, חזנות ומלמדות גם יחד.

בית הכנסת שימש גם „חדר". ב„עזרת נשים" למדתי לראשונה מפי מורי מאיר יוסף שורץ ויוסף שקולניק שארצנו היא „במקום שם ארזים בעבים יישקו, וגלי הירדן בשטף ייצקו", שם ב„עזרת הנשים" נתרקמו האהבה והערגה לציון. לאחר מכן למטה ב„שטיבל", בימי חורף מועבים ומושלגים, ספגנו את חזון הנביא על אחרית הימים מפי שמואל השוחט ונח רובינציק.

מספרים שהיו פעם ימי זוהר לעיירה. מדי שבוע היו איכרים מכפרי הסביבה נוהרים ל„שוק" שהתקיים פעם בשבוע. תושבי העיירה השכנה סטולפצי שמעבר לנהר הנימן, היו באים לעיירה לערוך קניותיהם ולסחור סחרם. אכן מספרים ש„היה היה", אך אני זוכר את העיירה רדומה ושלווה — עדרי בקר וצאן חוזרים עם ערב בעצלתיים ממרעם. מלוות בפעיותיהן וגעיותיהן את השמש, השוקעת בפאתי מערב. עגלות עמוסי בר וחציר ריחני מתנהלות לאיטן ונעלמות בסימטאותיה. צלילי פעמוני הכנסיות הפרובסלבית והקתולית הקוראים לתפילה בין שקיעת החמה באופק ודמדומי ערב רוגעים.

מספרים שהיו פעם בעיירתנו סווירז'נה מוסדות ציבוריים בעלי צביון דתי בעיקרם, כגון: „הקדש", „ביקור חולים" וכדומה, אולם איני זוכרם. פעולה ציבורית למטרת צדקה היתה מצומצמת מאוד בשנים האחרונות בעיירתנו, להוציא מן הכלל את הפעולה רבת התנופה של ארגוני הנוער הציוניים למען ה„קרן קימת לישראל" ו„קרן היסוד".

זכרונותי על ארגוני הנוער מתיחסים לשנים 1936—1927, אם כי גם לפני כן היו מדי פעם מתארגנים ארגוני נוער ציוניים בעיקרם.

עם הקמת מנסרה גדולה בקצה העיירה חל מיפנה חשוב בחיי העיירה, הן מבחינה חומרית והן מבחינה חברתית. מערים ועיירות רחוקות וקרובות, מכפרי הסביבה, נהרו פועלים לעיירתנו לעבוד במנסרה. פקידים ובעלי מקצוע הובאו ממרחקים ואף מחוץ לגבולות פולין. אנשים אלה שכרו דירות בעיקר אצל המשפחות היהודיות, התערבו בין האוכלוסיה, ונוכחותם גרמה להתעוררות, בעיקר בין הנוער, שהחל גם הוא לעבוד במנסרה. המצב הכלכלי בעיירה השתפר, התנאים האוביקטיביים גרמו בהכרח לכך שהנוער החל להתנער ולהרגיש את עצמו חפשי ועצמאי.



רחוב מינסק המוביל לנימן
האחים רוסק

לא ארך זמן רב ואחדים העזו גם לפרוק עול מסורת ודת, עד כדי כך, שהחלו לעבוד בשבת. אמנם חריגה זו גרמה להם משבר נפשי קשה, אך ההכרח עשה את שלו, כי לולא עבודתם בשבת לא היו יכולים לעבוד בכלל במנסרה, ורבים לא יכלו לסכן ביסוס מצבן החומרי של משפחות שרבות מהן התקיימו והיו תלויות בשכרם של בניהן או אבותיהן.



**קן השומר הצעיר בסוורז'נה 1940**

שורה ראשונה מימין לשמאל: משה רובינצ'יק, תמר פינס. שורה שניה — יושבים: נ. אגינסקי, ב. טרשצ'יניצקי, א. מנכס ש, קרצמנה, ל. טרכטנברג. שורה שלישית — עומדים: ג. רוסק, פ. ויליטובסקי, א. אפשטין, ח. גרנדה, א. רובין, י. שלימוביץ.

משנתהוו בקיעים בחומת המסורת הפכו אלה לפרצות, והחומה כולה נזדעזעה. הנוער התרחק — אם כי לא לגמרי — מהערכים המקודשים מדורי דורות.

עם „פלישתם" של רבים, ובעיקר צעירים מערים ועיירות שונות לעיירתנו, ועם ההשתפרות שחלה במצב הכלכלי, החלה תקופה סוערת אצל הנוער המקומי שנמשכה מספר שנים. היתה זו תקופה של התארגנות חברתית ופוליטית. תקופה של פעולה תרבותית ענפה באופן יחסי, ופעולה ציונית נמרצת וברוכה. רוב בני הנוער היו מאורגנים בתנועות נוער מסויימות ורובן ככולן ציוניות. רק מעטים נשארו מחוץ למסגרת תנועות הנוער.

הראשונה בין תנועות הנוער היתה „גורדוניה", שאורגנה ע"י סניף „התאחדות" בעיירה וביזמתו הפעילה של אברהם־דוד שקולניק. הסניף הסוורז'נאי של „גורדוניה" ריכז במסגרתו את מיטב הנוער באותה תקופה. רובם היו מסיימי בית הספר היסודי הפולני בעיירה. כארגון ציוני — ובאותו זמן יחידי — ריכז הסניף את כל הפעולה הציונית בעיירה. השפעתו היתה רבה גם על שאר חלקי האוכלוסיה היהודית בעיירה.

זוכרני יום אחד, הייתי נוכח באחת האספות של סניף „גורדוניה", שהתקיימה בבית פרטי. מה קנאתי אז באלה המאורגנים. עד היום איני יכול להסביר למה נמנעתי אז — אני ועוד נערים ונערות בגילי — מלהצטרף לתנועה הזאת.

כעבור זמן החלו לבקר בעיירה אחדים מחברי הסניף הסטולפצאי של „פעלי ציון צ.ס.", במטרה לארגן סניף של „פרייהייט" בעיירתנו. היו אלה הירשל קומאק, יענקל וודונוס וגוטל ברנשטיין, שביקרו מדי פעם בעיירה. הם שוחחו עם הנוער הבלתי־מאורגן, אך לא הצליחו בהרבה. אני, כותב השורות האלו הצטרפתי לבדי לסניף פרייהייט בסטולפצי, ולאחר מכן הצטרפה אלי עוד נערה — רחל אפשטין. רק לאחר כשנתיים הצלחנו לייסד סניף של „פרייהייט" בעיירתנו.

אך הקדים אותנו „השומר הצעיר" ובעזרת הסניף הסטולפצאי הצליחו להקים בעיירתנו סניף של „השומר הצעיר", שהיה מאורגן יפה. הצטרפו לסניף כוחות מעולים. נערים ונערות בעלי יוזמה ומסורים. לרבים מחבריו היתה תנועת „השומר הצעיר" לא רק מסגרת ארגונית בלבד, אלא מסגרת רעיונית, ועקרונות התנועה היו בשבילם דרך חיים בעתיד. רוב חברי לספסל הלימודים ובני גילי הצטרפו לארגון הזה.

באותו זמן בערך הלך ונחלש סניף „גורדוניה" בעיירה בגלל חוסר בנוער שימשיך בפעולה, במקום אלה שהתבגרו בינתיים.

זמן קצר לאחר ייסודו של סניף „השומר הצעיר" בעיירה, נוסד גם סניף הנוער של „פועלי ציון צ. ס."—פרייהייט.

אחטא למצפוני אם לא אזכיר עוד תנועה שניסתה באותו זמן להקים סניף בעיירה. זוהי תנועת „בית"ר", שגם הצליחה בזה במידה מסויימת. אם זכרוני אינו מטעה אותי הוקמה גם נקודת הכשרה של „בית"ר" בעיירתנו שהתקיימה תקופה קצרה בלבד, אבל מעטים מבין הנוער הצטרפו לסניף „בית"ר" הסטולפצאי.

מובן מאליו, כי סניפי „השומר הצעיר" ו„פרייהייט" חתרו

להשפעה גם על הפעולה הציונית בעיירה שהתבטאה בעיקר במגביות למען ה„קרן קיימת לישראל" ו„קרן היסוד".

שני הארגונים ניהלו פעולה תרבותית־חינוכית בקרב חבריהם בתנופה רבה. פעולתם חרגה לעתים קרובות ממסגרת מצומצמת ע"י קיום ערבים לשאלות ותשובות וכן ע"י עריכת חגיגות שהיו מיועדות בעיקר לתשומת לב בני העיירה. ההתחרות בין שני הארגונים גרמה לעירנות הנוער בעיירה, ויחד עם זה עליה בהכנסות הקרנות הלאומיות.

לסניף „פרייהייט" היו כוחות תרבותיים יותר מעולים הרדות לעזרתם של חברי סניף „פועלי ציון" מסטולפצי ואילו סניף „השומר הצעיר" הצטיין בכמותו, ובארגונו היעיל יותר. כמו כן גם הצליח ה„שוה"צ" לארגן את רוב הילדים בגיל נמוך.

אך לאט רפתה ההתלהבות. בגלל מיעוט האוכלוסיה היהודית בעיירה, לא היתה הילודה רצופה. הפער בגילים בין הנוער שימש מכשלה לפעולה ארגונית סדירה. חסרו אלה שהיו צריכים למלא את מקום ה„ותיקים", וכך קרה שבהתחלת שנת 1933 עמדו שני הסניפים: „פרייהייט" ו„השומר הצעיר" על סף

ניגו אז. אני כותב השורות האלו, פרומה ויליטובסקי (כעת גרינברג) וכמדומני אברהם רובין ז"ל טיילנו בנפרד, ומישהו מאתנו העלה את ההצעה לייסד בעיירה סניף של „החלוץ", בהשתתפות „השומר הצעיר" ו„פרייהייט".

ההצעה נתקבלה בהתלהבות, ובאותו ערב בחוג מצומצם תחת כיפת השמים עובדה תכנית פעולה. תוך שבוע החלפנו מכתבים עם מרכז „החלוץ" בוורשה ולאחר מכן עם המועצה הגלילית בברנוביץ, וקיומו של סניף החלוץ בעיירתנו היה לעובדה קיימת.

זה לא היה סניף „החלוץ" הראשון בעיירה. קדם לו סניף „החלוץ" רב־פעולה, שהתקיים בעיירה מספר שנים קודם לכן, וכמה מחבריו עלו לארץ־ישראל. אותו סניף הקים בשעתו מסגרת חברתית ותרבותית רבת־ערך. אחד ממפעליו התרבותיים היה יסוד ספרייה היחידה בעיירה ובה מאות ספרים, בעיקר ביידיש.

אולם סניף „החלוץ" שנוסד בעיירה בשנת 1933, לא היה המשכו של הסניף הקודם. מהסניף הקודם עברו לרשותו החר



**הסתדרות החלוץ בנובי־סוירז'ן — 1933**

שורה ראשונה — מימין לשמאל יושבים: ב. דוקטורוביץ, א. מנכס, ז. דוקטורוביץ.
שורה שניה: ש. רזניק, ר. אפשטיין, א. רובין, א. אפשטיין, ש. קרצ'מנה, י. גולובנצ'יץ
שורה שלישית — עומדים: ל. רזניק, ב. מנכס, נ. אגינסקי, מ. רובינצ'יק, ח. גולדין, ג. רוסק.

של התפרקות גמורה. ההתרופפות נתנה אותותיה בפעולה הציונית ובעיקר בפעולה למען הקרנות הלאומיות. אך חלק מאתנו לא השלים עם העובדה הזאת והועלה הרעיון לייסד סניף של „החלוץ" בעיירה, בו מצאו את מקומם שני הסניפים גם יחד, מבלי לפגוע במסגרת הארגונית של כל אחד מהם.

היה זה באחד מערבי האביב בשנת 1933, הזכור לי יותר מכל ערב אחר. קבוצה קטנה של נערים ונערות משני הארגונים הנ"ל טיילה לשם בילוי זמן גרידא. איני זוכר על מה דובר בי־

תמת שהוחלפה לאחר מכן לאחרת והספרייה שנמצאה במשך כמה שנים בביתו של אחד התושבים ללא שימוש.

ההכרזה הרשמית על הקמת „החלוץ" נתקיימה בכ' בתמוז באספה השנתית לזכרו של ד"ר הרצל ז"ל, אולם עוד לפני זה היה כבר הסניף מאורגן יפה, כשלרשותו מעון לאספות ומאורגנים בו רוב שכבות הנוער שבעיירה.

ואם להלכה קיימו עוד „השומר הצעיר" ו„פרייהייט" סניפים נפרדים, במקביל לסניף „החלוץ", הרי למעשה נפסקה

פעולתם ופעיליהם התמסרו לארגונו ופעולתו של סניף „החלוץ". במעונו של סניף „החלוץ" מצא הנוער מקום לפורקן רגשותיו וחוויותיו ולעתים קרובות גם התפרקות מנטל דאגות יום־יום. המעון שימש לחברי הסניף המשך לבית המשפחה.

לשם מימון ההוצאות הכספיות להחזקת המעון, קניית ספרי לימוד, רכישת חומר לפעולה תרבותית וכן לקניית ספרים חדשים לספריה, לא הספיקו התשלומים של מס החבר לקופת הסניף. האמצעים הכספיים הושגו ע"י עבודה: החברים היו יוצאים בקבוצות לעבוד אצל יהודי העיירה, בעיקר בנסירה ובחטיבת עצים להסקה. כל אחד תרם חלקו ואף אחד לא השתמט. העבודה שימשה — מבחינה מסויימת — הכנה להכשרה בעתיד וגיבשה רגש אחריות הדדית.

לכל חברי סניף „החלוץ" היה ברור שכל הפעולות מכוונות ליציאה להכשרה ולאחר מכן עליה לארץ־ישראל. רבים היו אמנם מוכנים לצאת להכשרה ואחרי 9 חודשי קיום הסניף ניתנה האפשרות לאחד מאתנו לצאת להכשרה. הראשון היה ישראל שלימוביץ והוא אז בן 17 בלבד. כמעט כל חברי הסניף ליוו אותו בגאווה וקנאה גם יחד אל תחנת הרכבת. לאחר מכן יצאו עוד חברים להכשרה.

שנה אחרי יסודו של סניף „החלוץ", נוסד ביוזמתו סניף „העובד" ובמסגרתו אורגנו אלה ששאפו לעלות לארץ־ישראל, ולא היתה באפשרותם לצאת להכשרה מסיבות שונות. ראשוני סניף „העובד" שעזרו בארגונו, היו: ישראל אפשטיין, שעלה לארץ בשנת 1936 וטוביה לוין ז"ל. פרט לישראל אפשטין לא זכו שאר חברי סניף העובד לעלות לארץ־ישראל, רובם היו בעלי משפחות ולא היה להם הכסף הדרוש למימון עלייתם.

יצויין כאן שמו של אחד מחברי „העובד" והוא חיים דרוקר מניסוויץ׳, שנשא לאשה אחת מבנות עיירתנו ונולדו לו ילדים. הוא היה אדם פשוט ולא מאס בשום עבודה. היה בין הראשונים שהצטרפו לסניף „העובד", במטרה ברורה לעלות לארץ־ישראל. למרות זה שידע, כי אין בידו האמצעים הכספיים, לא פסק מלהאמין שיעלה בידו סוף־סוף לעלות לארץ־ישראל. אך כאחרים, גם הוא לא זכה לכך.

במשך כ־3 שנים היה „החלוץ" הארגון היחידי שפעל בעיירה ופעולתו היתה מורגשת בחיי החברה ובעיקר בין הנוער. אולם בשנת 1936 חלה ירידה ארגונית בפעולת „החלוץ". רבים מחברי הסניף יצאו להכשרה. אחדים עלו לארץ־ישראל ולגבי אלה שנשארו במקום, היה ברור, כי רובם לא יצאו להכשרה. החברים הפעילים שלא הורשו עדיין ע"י המרכז בוורשה לצאת להכשרה, השתדלו להמשיך בפעולת הסניף, אולם ברור היה שזמן רב לא יוכל עוד הסניף להתקיים, אם לא יתווספו כוחות חדשים במקום ה„ותיקים".

בראשית שנת 1936 קיבלנו, אני ומשה רובינצ'יק ז"ל, אישור ליציאה להכשרה והיינו האחרונים שיצאנו להכשרה. היתה לנו הרגשה שעם עזבנו את העיירה מסתיימת גם פעולתו של סניף „החלוץ" בעיירתנו ואמנם הרגשתנו היתה נכונה. היחידי מבין פעילי סניף „החלוץ" שנשאר בעיירה — אברהם רובין — השתדל עוד זמן מה לקיים את הסניף מבחינה ארגונית, אך לא עבר זמן רב והסניף התפורר. לא היה עוד כל טעם בקיומו כשברור היה שחבריו לא יצאו להכשרה ולעליה.

במכתבים שקיבלתי מהחברים בעיירה כתבו לי על ריקנות שהשתררה בעיירה עם הפסקת קיומו של „החלוץ". נעשו נסיונות שוא לארגן את הסניף מחדש, אך ללא תוצאות. הפעולה הציונית היחידה שלא פסקה, היתה הפעולה למען ה„קרן הקיימת", הודות לעזרתם של ציונים ותיקים, תושבי העיירה. אך גם פעולה זו נחלשה.

„החלוץ" שהוקם בשנת 1933 היה הארגון הציוני האחרון שפעל בעיירתנו. עם הפסקת קיומו לא התקיימה יותר בעיירה שום פעולה ציונית מאורגנת ומתוכננת עד לחורבן העיירה.

מן הראוי לציין, שרוב חברי סניף „החלוץ" שיצאו בזמנו להכשרה, עלו לארץ־ישראל ונמצאים בארץ. נוסף להם עלו לארץ גם כמה חברים שלא יצאו להכשרה.

הנני מרגיש חובה להזכיר במיוחד את משה רובינצ'יק ז"ל, שיחד פעלנו בסניף בעיירה ויחד יצאנו להכשרה.

הצעיר היה בין אחיו ואחיותיו (ששת אחיו ואחיותיו נרצחו כולם ע"י הנאצים ולמשפחה לא נשאר שריד). בעודו צעיר הצטרף ל„החלוץ" והתמסר לו בכל לבו. נתחבב על כולנו, והיה לאחד הפעילים בסניף. מה שעשה נעשה בתום לב ובאמונה מלאה שאכן יש ערך למעשיו. מתון היה בהתנהגותו. לא שאף לגדולה ולא רדף אחרי כבוד ובהגיעו להכשרה לקיבוץ „בורוכוב" בלודז', השתדל להשתלב בחיי הקיבוץ של 400 בחורים ובחורות מכל קצוי פולין. כמו בסניף „החלוץ" בעיירה, כן גם בקיבוץ, היה אחד הפעילים. כולם הכירו והוקירו את הבחור הצעיר, שנהג לשבת שעות רבות אחרי העבודה בחדר הקריאה, שקוע בקריאה. בשנת 1938 נשלח ע"י הקיבוץ להשתתף בסמינר „החלוץ" המרכזי בוורשה. בשובו מהסמינר היה לאחד החברים המרכזיים בקיבוץ.

בשנת 1938, כשאושרו בקיבוץ עשרות חברים לעליה, לא היה בין המאושרים, כי נועד למלא תפקידים אחראיים בקיבוץ. כדרכו קיבל עליו את הדין בלי יוהרה וטינא בלב.

אכן תפקידים חשובים נועד למלא, ולא זכה להגיע למטרה שאותה הציב לעצמו. בעודו כה צעיר ושואף לחיים, מצא את מותו בנסעו עם קבוצה מלוחמי גיטו וורשה, לארגן פעולה פרטיזנית ביערות הרוביאשוב. בספר „חורבן ומרד של גיטו וורשה" של מלך נוי, מוזכר משה רובינצ'יק פעמיים ברשימות לוחמי המחתרת הפעילים ובעמוד 403 של אותו ספר, מובאת הקדשה לזכרו ובה כתוב בין השאר:

„מפעילי התנועה החלוצית. פנים מחייכים, מזג טוב. שקדן וצמא דעת. מרבה לקרוא, וחובב שיחת חולין. מסביר פנים לחבר ומעורב בחברה"...

„עם הכיבוש הנאצי עבר לוורשה. מפעילי הקומונה של התנועה ברח' דז'אלנא 34. והיה אחד ממנהלי המטבח הכללי שם בתמיכתו של ה„ג'וינט", שבו אכלו כ־600 חברי התנועה. כשחודשה החוה החקלאית בגרוכוב נתמנה מנהלה האחראי כלפי השלטונות. צביה ופרומקה מזכירו תאותו במכתביהן כאחד הפעילים בתנועת המחתרת. עם הקמת הארגון היהודי הלוחם, היה חבר פלוגה לוחמת של „דרור". במחצית השנייה של 1942 נשלח עם קבוצה פרטיזנית מלוחמי „דרור" מוורשה ליערות חרוביאשוב, ושם נתן את נפשו".

בשנת 1938 בסוף חודש ספטמבר, ביקרתי בעיירתנו אחרי שצבאות ברית המועצות נכנסו לחלקי רוסיה הלבנה ואוקר־אינה, שהיו עד פרוץ מלחמת העולם השניה בתחומי פולין. היתה לי הרגשה שבאתי לראות את עיירת מולדתי בפעם האחרונה.

אמנם היתה זו אותה העיירה שזעבתיה לפני כ־3 שנים, אך מבוכה השתררה בין יהודי העיירה.

הצבא הסוביטי והשליטים החדשים שמונו מטעם השל־טונות הסובייטיים, החלו להנהיג משטר חדש בחיים היום־יומיים. אי־הוודאות והחרדה ליום המחר שררו בכל בית. הרוב השתדל להתאים עצמו למשטר החדש, שהחל הצבא הסוביטי להשליט, אך האווירה היתה רוויה חששות ופחד.

הגעתי לעיירה בערב שמחת־תורה. באותו ערב לא עלצו ילדי היהודים בעיירה, בנופפם דגלי „שמחת תורה". יהודי העיירה לא לבשו בגדי חג בלכתם לבית הכנסת לשמוח בתורה. עצבות קודרת השתלטה בעיירה. תוגה עמוקה בכל אשר תפנה.

יום אחד בלבד שהיתי בעיירה. נפגשתי באותו יום עם אח־דים מחברי בסניף „החלוץ". גם אלה היו במבוכה ובהלך רוח של אין־ברירה.. המציאות היתה קשה אך ברורה. מעין חיץ קם וניצב ביני לבינם. דרכינו נפרדו.

באותו יום נפגשתי גם עם חברי למפלגה — טוביה לוין — עיניו הביעו צער עמוק. קולו רטט בדברו אתי על המצב החדש שהתהווה. הוא הציע לי להישאר בעיירה ולהתאים גם את עצמי למציאות. כשדחיתי הצעתו הבין לרוחי ואמר: „לך, אני מאחל לך דרך צלחה, ולוואי ויכולתי הייתי גם אני הולך". ודמעות נראו בעיניו. הוי! מה טוב היה אילו הלכו גם הוא ורבים אחרים.

למחרת בואי עזבתי את העיירה. היה זה ב„שמחת תורה" לפנות ערב שנת 1939. הנוער, שהתבגר בינתיים וכן אחרים, הלכו באותה שעה לאספת עם שאורגנה מטעם המשטר החדש. אחדים ממכרי ליוו אותי כברת דרך אל מחוץ לעיירה. לא שיערתי אז שבפעם האחרונה הנני רואה את יהודי העיירה בה נולדתי וגדלתי. ברחתי מהמציאות שאתה לא יכולתי להש־לים. לא תיארתי לי שזהו ראשית חורבנה של הקהילה היהודית הקטנה שבעיירת מולדתי.

היה זה ביקורי האחרון בעיירה. באותו זמן החל חורבנה.



ברחוב ניסוויז'
מימין לשמאל: מ. דוקטורוביץ', ר. גרינוולד, צ. גרינוולד, ח. שינקמן, ג. מנקר, י. גולובינצ'יץ

## חנה ויינבערג לאדזש / בעזשענצעס (פליטים) אין סווערזשנע

ווען ניט דער גרויזאַמער וועלט־קריג וואָלטן זיכער פיל פון אונדז ניט געוווּסט די באַדייטונג פון וואָרט „בעזשענעץ". און אויך ניט, אַז עס עקזיסטירט אַ שטעטעלע סווערזשנע.

אין יאָר 1940, האָט די יידישע באַפעלקערונג אין סווערזשנע געציילט בערך 400 איינוווינער און אויפגענומען האָט זי עטלעכע הונדערט „בעזשענצעס" — אַנטלאָפענע פון שטעט און שטעטלעך אין פוילן, וועלכע זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן.

די הויפט־סיבה וואָס אַזוי פיל בעזשענצעס האָבן זיך באַ־זעצט אין סווערזשנע איז געווען, דאָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין רעכט צו באַזעצן זיך אין די שטעט, און דאַרט האָבן זיי אַלע געפונען אַן אַרבעטס־פּלאַץ אין טאַרטאַק.

די בעזשענצעס האָבן באַקומען דירות ביי די סווערזשנער יידישע איינוווינער. אַ טייל האָבן געווינט ביי די ווייסרוסישע איינוווינער אין שטעטל.

דער גרעסטער טייל פון די בעזשענצעס זענען געווען עלנטע יונגע מענטשן. צווישן זיי נאָך אַזעלכע ווי אין עלטער פון 16—15 יאָר, וועלכע האָבן נאָך געדאַרפט זיין אונטער אַן אויפזיכט פון עלטערן און דערציאונגס־אַנשטאַלטן. זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין ניט וויסנדיק וואוהין. גאַנצע פאַמיליעס האָבן זיך אויך אַריינ־געקליבן אין דער סווערזשנער שול. קיינער פון זיי האָט ניט געטראַכט, אַז ער האָט זיך געזעגנט מיט זיינע נאָענטסטע אויף אייביק.

די אומגעגענט פון שטעטעלע איז געווען זייער אַ שיינע — פון איין זייט אַ באַרג, פון דער צווייטער זייט דער רווישנ־דיקער טייך ניעמאַן, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיטן שטעטל סטויבץ. שווער איז געווען דאָס לעבן פון די בע־זשענצעס. די בענקשאַפט צו זייערע פאַרלאָזטע היימען און פאַמיליעס אויפן צווייטן זייט פון טייך בוג, האָט באַשווערט זייער לעבן.

די ניי־אָנגעקומענע אין שטעטל זענען געווען פון פאַר־שיידענע שטעט און שטעטלעך אין פוילן. יעדער מיט זיין מענ־טאַליטעט, און פון פאַרשיידענע קלאַסן: סוחרים, האַנטווער־קער, אַרבעטער. קליינהענדלער, ווי אויך אינטעליגענץ. שפּע־טער זענען זיי אַלע געוואָרן ווי איין פאַמיליע, געטיילט זיך מיטן זעלבן גורל, געלעבט אין די זעלבע באַדינגונגען. אויך די באַפעלקערונג פון שטעטל, האָט איבערגעלעבט דעם קריי־

זיס. אַלע זענען געוואָרן אַרבעטער, אויך דער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער לעבן האָט זיך פאַרענדערט. מען האָט געמוזט אַרבעטן אויך שבת און יום־טוב. יעדן פרי פלעגט מען זען ווי מען גייט פון אַלע זייטיקע געסלעך צו דער הויפטגאַס. אַלע זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט אין טאַרטאַק.

די בעזשענצעס פלעגן זיך ספעציעל צונויפקומען צוזאַמען און יעדער האָט זיך געטיילט מיט די אַנדערע מיט זיינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן. די הויפטזאַך איז געווען האָבן אַ גוטע באַלעבאָסטע וועלכע זאָל מיטהעלפן און פאַרשטיין דעם גורל פון דעם בעזשענעץ.

יעדער בעזשענעץ, האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער צייט ווען די אַרבעט וועט זיך ענדיקן, ווייל דאַן פלעגט דער בריוו־טרעגער — וועלוול קליאַטשוק — צעטיילן די אָנגעקומענע בריוו פון יענער זייט. די בריוו האָבן קלאָר געמאַכט אַז טראָץ דעם שווערן לעבן, דאַרף מען זיין גליקלעך וואָס מ׳געפינט זיך ניט דאָרטן, נאָר מען האָט באַדויערט וואָס מען איז צעשיידט פון די נאָענטסטע.

מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מען מוז נעמען דאָס לעבן ווי עס איז. מיר האָבן זיך צוגעוווינט צו די באַדינגונגען און זיך איינגעלעבט, יעדן טאָג געגאַנגען צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. דער געהאַלט איז געווען זייער קליין און פיל האָבן אָנגעהויבן ליידן פון ניט דערנערן זיך. די קליידונג וועלכע מיר האָבן געבראַכט פון דערהיים, האָט זיך ביי דער אַרבעט אָפגעריסן, און מען איז געבליבן אָן קליידונג און אָן שיך. די וועלכע האָבן געהאַט אַ שבת־אַנצוג האָבן אים אָנגעטאָן צו דער אַרבעט, צוליב דעם האָט מען איינעם פון אונדז געגעבן אַ נאָמען „בורמישטש". אָבער ניט פון נחת האָט מען די זאַכן אָנגעטאָן צו דער אַרבעט.

דאָס פאָלקס־ליד „דאָ דער מאַרק, די שול, דער קלויסטער און דער וויכטיקער קולטור פונקט די פאָזשאַרנע", האָט זיך זייער געפאַסט צו דעם שטעטעלע סווערזשנע. טאַקע אין דער פאָזשאַרנע (פייערלעשער) געביידע זענען פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מען האָט ליידער געמוזט הערן די פראָפאַגאַנדע פון די מאַכט־אָרגאַנען. אויך קינאָ־פאָרשטעלונגען און אַנדערע פאַרוויילונגען זענען דאָרט פאָרגעקומען.

אין אַ געוויסער צייט האָט זיך געשאַפן אַ יידישע דראַמאַטישע סעקציע אין וועלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען אויך בעזשענצעס, וועלכע האָט אויך דורכגעפירט די פאָרשטעלונג „200,000 פון שלום עליכם". עס זענען אויך פאָרגעקומען עטלעכע חתונה׳ס צווישן די בעזשענצעס און סווערזשנער איינווינער.

טראָץ דעם אַלעמען האָט ניט אויפגעהערט די בענקשאַפט נאָך די פריערדיקע היימען. בעיקר האָט זיך דערוועקט די בענקשאַפט פרייטיק צונאַכט, ווען מ׳איז אַרויס אין גאַס און געזען דורך די פענצטער אָנגעצונדענע ליכט און פאַמיליעס זיצן צוזאַמען ביים טיש. יעדער פון אונדז, האָט ביי דער געלעגנהייט דערציילט פון אַמאָל וואָס ער האָט געחלומט וועגן זיין היים.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז ס׳איז אָנגעקומען דער טרויעריקער טאָג און ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע דייטשע עראָפלאַנען. קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט אַז מיר זענען שוין אַרומגערינגלט דורך דעם שרעקלעכן יידן־שונא. יעדער איז געווען צעטומלט ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט אַז אין אַ פאָר טעג אַרום וועלן די דייטשן זיין אין שטעטל. ס׳איז געווען אַ באַפעל ניט צו פאַרלאָזן די אַרבעט, און דאָך האָבן פיל געפרווט אַנטלויפן פון שטעטל קיין רוסלאַנד, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי זענען צוריקגעקומען, ווייל זיי האָבן ניט געקענט דורכמאַכן אַ ווייטן וועג מיט קליינע קינדער אָבער אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט איז אַוועק אין די ערשטע טעג, און זיי איז געלונגען דערגיין ווייט אין רוסלאַנד.

די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל דעם 27־טן יוני 1941. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די טראַגעדיע, די שווערע אַרטילעריע האָט באַשאָסן דאָס שטעטל, דער ערשטער קרבן איז געווען אַ בעזשענעץ — מאַריאַן לאַופער. וועלכער איז אומגעקומען פון אַ קויל, לויפנדיק אויף די טרעפ פון שול ווו ער און זיין פאַמיליע האָבן געוווינט. דאָרטן האָבן זיך געפונען זיינע צוויי שוועגערינס מיט זויג־קינדער. מאַריאַן איז אומגעקומען אויפן אָרט. איינע פון זיינע שוועגערינס איז שווער פאַרווונדעט געוואָרן, האַלטנדיק איר פיצל קינד אויפן האַנט. צומאָרגנס איז זי געשטאָרבן איבערלאָזנדיק אַ קרבן פאַר די דייטשן — איר נייגעבוירן קינד. אַלע האָבן באַדויערט מאַריאַנס טויט, אָבער קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז גליקלעך זענען געווען מאַריאַן לאַופער מיט זיין שוועגערין, וועלכע זענען אומגעקומען ניט דערפאַר ווייל זיי זענען געווען יידן.

מאַריאַן איז געווען אַ יונגער בחור, 20 יאָר אַלט. שטענדיק מיט אַ לאַכעדיקן פנים. צו דער אַרבעט פלעגט ער שטענדיק גיין זינגענדיק. זיין טויט האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה אויפן שטעטל, מען האָט ניט געזען מער די יידישע יוגנט אין די גאַסן. יעדער האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין הויז. ס׳איז געוואָרן רואיק ווי פאַר אַ שטורעם.

די אַלע בעזשענצעס, וועלכע האָבן געוווינט ביי די ווייסרוסישע איינווינער האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען. פיל פון די הייזער זענען פאַרברענט געוואָרן. די בעזשענצעס האָבן געמוזט זוכן דירות, קיין שום שפייז־צוטיילונג איז ניט געווען. ס׳איז געוואָרן אַ הונגער. פיל בעזשענצעס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ הויז, און האָבן געגרינדעט אַ קאָלעקטיוו. מען האָט זיך אַרויסגעלאָזט ביי נאַכט מיט אַ זאַק אין די פעלדער און געגנבעט בוראַקעס, מערן, אוגערקעס און נישט פאַרטיקע קאַרטאָפל. מען האָט געלעבט פון טאָג צו טאָג.

דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז מ׳האָט זיך געקענט פריי באַוועגן. פון דעם דערבייאיקן שטעטל סטויבץ האָט מען געבראַכט טאָג־טעגלעך זייער טרויעריקע נייעס. די אינטעליגענץ פון דאָזיקן שטעטל האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן.

די דייטשן האָבן אָפגעהאַלטן נצחונות אויפן פראָנט און וואָס טיפער זיי זענען אַריין אין רוסלאַנד. אַלץ מער האָט זיך דערנענטערט דער גרויזאַמער גורל פאַר יידן.

דער ערשטער מאַסן־מאָרד, וועלכער איז אויסגעפירט געוואָרן אין שטעטל און האָט אויפגעציטערט די יידן, איז פאָרגעקומען ערב יום־כיפור תש״ב. 30 יוגנטלעכע אין בליענדן

עלטער זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם, און דאָרטן דערשאָסן געוואָרן. דערביי זענען געשטאַנען עטלעכע יידן, וועלכע האָבן דעם קבר פאַרשאָטן.

אַ טיפער טרויער, האָט באַהערשט אַלע יידן אין שטעטל, די עלטערן פון די קרבנות, זייערע שוועסטער און ברידער. יעדער האָט געפילט, אַז דאָס איז נאָר אַן אָנפאַנג.

צווישן די אומגעקומענע זענען געווען ריטה הוסט, 20 יאָר אַלט פון וואַרשע, דאָרקע מאַנדעלבוים, 19 יאָר אַלט, פון לאָדזש, בתיה, אַ מיידל פון 16 יאָר, אַ שוועגערין פון די לאופערס, אַ זון פון דער משפחה זיסק. אויך אַ טאָכטער פון דער פאַמיליע פריימאַן, און אַנדערע וועמענס נעמען איך האָב פאַרגעסן. די וועלכע האָבן נאָך עמעצן געלאָזט אין שטעטל, זענען דורך זיי באַוויינט געוואָרן. די אַנדערע האָבן אפשר ערגעץ ווו געהאַט קרובים, אָבער יענע האָבן אַפילו ניט געוווּסט אויף וואָס פאַר אַ אופן זייערע נאָענטסטע זענען אומגעקומען, און ווו זייער קבר געפינט זיך.

יעדער טאָג האָט געבראַכט פרישע גזירות, דער נעכטיקער טאָג האָט געמוזט פאַרגעסן ווערן.

אין „יודנראַט" פון שטעטל איז געווען אַלס מיטגליד איינער פון די בעזשענצעס, שווערטאַק פון וואַרשע.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געמאָלדן געוואָרן, אַז אַלע יידן אין שטעטל דאַרפן אין פאַרלויף פון אַ וואָך געשלאָסן ווערן אין אַ געטאָ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַנדערונג פון די יידן אין די הייזער, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן פאַרן געטאָ. ווער ס'האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט, האָט זיך באַזאָרגט מיט שפייז, מען האָט נאָר מורא געהאַט פאַר הונגער...

אַמערסטן האָבן יידן געאַרבעט אין טאַרטאַק. אַ טייל פון זיי זענען געשיקט געוואָרן אויף אַנדערע אַרבעטן.

אין אַ קורצער צייט נאָכן „איינאָרדענען" זיך אין געטאָ איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע פרויען און קינדער, אויך אַלע וועלכע אַרבעטן ניט, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אינדערפרי אויפן מאַרק־פלאַץ. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן אַז די אַלע וועלן זיך צונויפזאַמלען צום לעצטן מאָל און אַז זייער לעבן וועט זיך ענדיקן אַזוי גרויזאַם ווי ער האָט זיך געענדיקט.

די מענער זענען אַוועק צו דער אַרבעט אין טאַרטאַק. פון דערווייטנס האָבן זיי געהערט אַ שיסעריי פון מאַשין־געווער. זיי איז ניט איינגעפאַלן, אַז אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה האָבן די דייטשע מערדער מיט דער הילף פון דער ווייסרוסישער פאָליציי דערשאָסן אַלע פרויען, קינדער און עלטערע מענער.

ווען די מענער זענען געקומען פון דער אַרבעט, האָט אין געטאָ אויסגעזען ווי נאָך אַ שלאַכט, אַ סך פון די קינדער, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן צוריק אין שטח פון געטאָ האָט מען נאָכגעשאָסן און אַזוי זענען געבליבן ליגן קערפּערס פון קינדער. נאָך אַ ייִנגל פון אַ בעזשענעץ — אהרן עולם — איז אַ פאָליציאַנט נאָכגעלאָפן און מיטן פריקלאַד פון ביקס האָט ער אים צעשפּאָלטן דעם קאָפּ. די אַלע קערפּערס פון די קינדער — וועלכע האָבן זיך אַזוי געריסן צום לעבן — האָט מען געבראַכט צו קבורה אין געטאָ אין אַ ברודער־קבר.

עס זענען אומגעקומען גאַנצע פאַמיליעס. עס זענען געבליבן עלנטע מענער אָן זייערע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי שאָטנס. צומאָרגנס איז דער געטאָ באַזעצט געוואָרן מיט יידן, וועלכע מען האָט געבראַכט פון דעם שטעטל טורעץ, ווו מען האָט אויסגעמאָרדעט די יידישע באַפעלקערונג און געמאַכט דאָס שטעטל יידן־ריין.

באַלד האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מער געפינען מיר זיך ניט אין קיין געטאָ נאָר אין אַן אַרבעטס־לאַגער אַלס נוצלעכע יידן צו אַרבעט. מען האָט אַרומגעצוימט דעם לאַגער, איינגעאָרדנט אַן אַלגעמיינע קיך, און טאָג־טעגלעך געפירט אין רייען באַוואַכט דורך אַ דייטש צו דער אַרבעט און צוריק אין לאַגער.

אַ טייל יידן־פאַכלייט — זענען צוגעשטעלט געוואָרן צום סטאָלעריי־וואַרשטאַט. דאָרטן האָט אויך געאַרבעט אַ בעזשענעץ ראָזענבערג. ווען דער סווערזשנער פאָליציאַנט קאַנדיבאָוויטש, האָט זיך צו אים געווענדט ער זאָל אים צופּאַסן אַ הילצערנעם טייל צו זיין אויטאָמאַטיש געווער, האָט אים ראָזענבערג געזאָגט אַז ער וועט ניט מאַכן קיין זאַך וואָס דינט אויף מאָרדן פרויען און קינדער. דער מערדער קאַנדיבאָוויטש, האָט אים געדראָט, אַז ער וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען, ראָזענבערג האָט געוווּסט וואָס אים דערוואַרט און ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. זיין גורל איז ניט באַוווּסט.

די איבערגעבליבענע יידן האָבן פאַרשטאַנען און געוווּסט וואָס דער מאָרגן קען ברענגען. דאָך האָט יעדער געטראַכט: אפשר וועל איך איבערבלייבן.

אָבער די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און זוכן וועגן ווי אַזוי ניט לאָזן זיך אויסשעכטן. די הויפּט זאַך איז געווען באַקומען געווער.

איינמאָל, אין אַ זומערדיקן טאָג, נאָכן אומקערן זיך פון דער אַרבעט, איז אַריין פאָליציי אויפן שטח פון לאַגער זוכן געווער אין הויז פון רובין, פון וועמענס פאַמיליע איז פאַרבליבן נאָר איין זון. דאָס זוכן איז געווען אָן רעזולטאַטן, אָבער ניט אָן קרבנות. מען האָט צוגענומען דעם לאַגער־פירער שווערטאַק מיט נאָך 5 יידן, און אָפּגעפירט אין דער סטויבצער זשאַנדאַרמעריע. שווערטאַק וועלכער האָט זיך געקענט אַרויסדרייען פון יעדע סיטואַציע האָט דאָס מאָל פאַרלאָרן זיין לעבן. פון דער זשאַנדאַרמעריע איז קיינער קיין לעבעדיקער ניט אַרויס. נאָך אים איז געוואָרן לאַגער־פירער איינער אַ בעזשענעץ מיטן נאָמען קאַזשיק רייכמאַן.

אין דער טראַגעדיע איז באַגאַנגען אַ העלדישן טאַט דער שניידער מענכעס, וועלכער האָט מיט זיין זון גדליה געאַרבעט אין שניידער־וואַרשטאַט אין טאַרטאַק. צווישן די 5 אַרעסטירטע יידן וועלכע מען האָט באַשולדיקט אין קויפן געווער ביי די אוקראַינער איז געווען אויך גדליה. מענכעס האָט מען אַרעסטירט אין טאַרטאַק און אים דאָרט געהאַלטן. ווען מען איז געקומען אין דער פרי נעמען אים האָט מען אים געפונען אַ געהאָנגענעם. ער האָט, ווייזט אויס, ניט געוואָלט אומקומען דורך די הענט פון אַ מערדער. ער איז געווען דער לעצטער פון דער גאַנצער פאַמיליע.

מיר האָבן אַלע שטאַרק באַדויערט דעם טויט פון דעם

שניידער מענכעס, אַרבעטנדיק אויפן טאַרטאַק, האָט ער פיל פון אונדז געהאָלפן מיט עסן.

עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין די וועלדער געפינען זיך אַ סך יידן, אַנטלאָפענע פון די ערטער ווו יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן, אָבער מ׳האָט מורא געהאַט צו ריידן וועגן דעם. מען האָט געוווּסט, אַז אין וואַלד געפינט זיך שפּיגעל, וועלכער האָט אין סווערשזנע פאַרלאָרן זיין פרוי און קינד. די יידן וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן טאַרטאַק האָבן אויפגעכאַפּט פאַרשיידענע נייעס. זעענדיק טראַנספּאָרטן פאַרווונדעטע דייטשע זעלנער, וועלכע פלעגן דורכגיין אויף דער באַן־ליניע דורכן טאַרטאַק. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע פרייד.

אין ביוראָ פון טאַרטאַק האָט געאַרבעט אַ יידיש מיידל, אַ בעזשענקע — סטעפאַ טשאַרנעצקאַ פון וואַרשע. קוקנדיק אויף איר, האָט זיך געדאַכט אַז זי האָט ניט קיין שום געמיינזאַמעס מיט יידן. זי האָט געהאַט אַ וווינונג, באַקומען אַ געהאַלט פון די דייטשן, און געהאַט מעגלעכקייט צו לייענען צייטונגען און הערן ראַדיאָ. יעדע נייעס, וועלכע האָט פאַרשאַפט פאַרגעניגן יידן, פלעגט זי גלייך איבערגעבן. ווי צום ביישפּיל, ווען דער דירעקטאָר האָט געדאַרפט פאָרן קיין מינסק און איז ניט געפאָרן, ווייל פאַרטיזאַנער האָבן אויפגעריסן די באַן־ליניע און נאָך אַזעלכע נייעס, וועלכע האָבן אונדז אינטערעסירט.

איינמאָל האָט זיך געהערט, אַז טורעצער יידן וואָלטן געקענט ברענגען פון זייער היים עסן און בגדים, איז זי געגאַנגען צום דייטשן דירעקטאָר און געבעטן אַ „פּראָפּוסק״ (אַ דערלויבעניש אויף דורכגיין). זי איז געווען גליקלעך, אַז זי קען עפּעס טאָן פאַר די יידן. זי האָט אויך אַ טייל פון אירע פּראָדוקטן אָפּגעגעבן אין לאַגער פאַר די, וועלכע האָבן זיך אַממערסטן גענויטיקט אין שפּייז. ניט איינמאָל איז זי אַריין אין די רייען ווען מען האָט די יידן געפירט אַ היים פון דער אַרבעט בכדי צו נעכטיקן מיט אַלע צוזאַמען אין לאַגער. זי פלעגט זאָגן, אַז זי וואָלט געווען צופרידענער ווען זי קען זיין צוזאַמען מיט אַלע יידן. זי האָט געוווּסט, אַז די פּריווילעגיעס, וועלכע זי האָט באַקומען צוליב איר אַרבעט ביי די דייטשן, וועלן איר ניט ראַטעווען פונעם גורל פון אַנדערע יידן.

סטעפאַ טשאַרנעצקאַ, האָט אויסגעזען ווי אַ קריסטין, פאַרמאָגט אַן איידעלן כאַראַקטער, אַ יידיש האַרץ. זי פלעגט זאָגן, אַז ווען זי וואָלט געהאַט מיט וועמען צו אַנטלויפן, וואָלט זי דאָס געטאָן. ליידער איז דאָס איר ניט געלונגען.

זייענדיק ביי דער אַרבעט האָט מען אָנגעהויבן באַמערקן אַז די זיגערישע דייטשן הויבן אָן ליידן מפּלות, די קריגס־געפאַנגענע אוקראַינער האָבן טיילווייז גענומען אַנטלויפן. טאָג־טעגלעך זענען דורכגעפאָרן מער טראַנספּאָרטן מיט פאַרווונדעטע. אָפּטער פלעגט מען הערן וועגן סאַבאָטאַזש־אַקטן, וועלכע די פאַרטיזאַנער האָבן אויסגעפירט. ביי די יידן אין לאַגער האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופּן, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן. זיי האָט נאָר אָפּגעהאַלטן דאָס וואָס זיי האָבן געוווּסט אַז די איבערגעבליבענע וועלן פון דעם ליידן. דאָס האָט געבראַכט צו רייבונגען צווישן דער יוגנט און עלטערע מענטשן. ס׳איז דערגאַנגען ביז געשלעג, ס׳איז געווען אַ גליק וואָס די דייטשן האָבן זיך פון דעם ניט דערוווּסט. אָבער יעדער איז געווען אָנגעשטרענגט און באַצויגן זיך מיט חשד איינער צום אַנדערן. יעדער איז געשלאָפן מיט אָפענע אויגן און אויערן און זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך אין דרויסן.

אין דער גאַנצער אומגעגנט אין אַלע שטעט און שטעטלעך זענען שוין מער ניט געווען קיין יידן אויסער אין סווערזשנער לאַגער און די לעצטע 200 איבערגעבליבענע יידן אין סטויבצער געטאָ. די איבערגעבליבענע האָבן שוין ניט געוואָלט אַזוי לייכט זיך אונטערגעבן דעם גורל און אין יעדער שטוב איז געווען עמעצער, וועלכער איז געווען גרייט שטעלן אַ ווידערשטאַנד ווען ס׳וועט נויטיק זיין.

דאָס איז געשען אומגעריכט, אין חודש יאַנואַר אין אַ פּראָסטיקן טאָג, ווען אַלע זענען שורות׳ווייז געגאַנגען פון דער אַרבעט, איז אין די זעלבע רייען מיטן זעלבן וועג צום לאַגער געגאַנגען דער העלדישער פאַרטיזאַן הירש פּאַסעסאָרסקי, אונטערן פויערישן מאַנטל האָט ער געהאַלטן געווער, ער איז געקומען אַרויסנעמען די יידן פון לאַגער.

נאָר אַ פּאָר מענטשן האָבן געוווּסט וועגן זיין קומען, און דאָך האָט געהערשט אַ ספּעציעלע שטילקייט צווישן די יידן וועלכע זענען געגאַנגען פון דער אַרבעט. די וועלכע האָבן געוווּסט פון דעם, האָבן מיט האַרצקלאַפּן געטראַכט וועגן דעם, וואָס וועט זיין דער גורל פון די איבערגעבליבענע 320 יידן.

אין עטלעכע שעה שפּעטער, ווען אַלע האָבן זיך געגרייט צום שלאָפן, האָט פּאַסעסאָרסקי באַפוילן גיין פון שטוב צו שטוב אָנזאָגן אַלע יידן פון לאַגער, דאָס יעדער איינער, אַלט און יונג, זאָלן גרייט זיין אַרויסצוגיין פון לאַגער.

אָבער ניט יעדער האָט עס אָנגענומען אַזוי לייכט. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּאַניק. ניט אַלע האָבן מסכים געווען צו פאַרלאָזן דעם לאַגער. ס׳איז שווער צו פאַרשטיין וואָס האָט זיי אָפּגעהאַלטן, וואָס האָבן זיי שוין געהאַט צו פאַרלירן? אָדער אפשר האָבן זיי שוין מער נישט געהאַט קיין כוח און זענען געוואָרן גלייכגילטיק צום ליידן און קען זיין אַז יעדער פון זיי האָט געגלויבט אַז נאָך אַזוי פיל איבערלעבענישן, וועט ער שוין בלייבן לעבן.

ס׳איז אָבער ניט געווען קיין צייט צו טראַכטן. דאָס פאַרלאָזן דעם לאַגער האָט געדאַרפט געשען שנעל. אַ טייל פון די וועלכע זענען יענע נאַכט אַרויס פון לאַגער האָבן זיך צוריקגעקערט. די איבעריקע זענען געלאָפן ווייטער זיך ניט אומקוקנדיק אויף צוריק. ערשט ווען מען איז אָנגעקומען אין ערשטן וואַלד, האָט מען געקענט פריי אָפּאָטעמען. יעדער איז געווען ווי צעמישט. נאָך ניט געקענט זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון דעם וואָס ס׳איז געשען און נאָך ניט באַוויזן צו טראַכטן ווו זענען אַלע איבעריקע, אָבער דאָס האָבן מיר זיך דערוווּסט, דאָס די דייטשן האָבן זיי אַלע צונויפגעזאַמלט און אויסגעשאָסן. ווי טרויעריק ס׳איז, דערמאָנענדיק זיך, אַז פיל יונגע מענטשן, וועלכע וואָלטן געקענט זייער לעבן ראַטעווען, זענען געבליבן אין לאַגער און אַזוי זיך אונטערגעגעבן דעם גרויזאַמען גורל.

הירש פאַסעסאַרסקי האָט דערגרייכט זיין ציל. ער האָט אַרויסגעפירט אַ גרויסן טייל יידן פון סווערזשנער לאַגער, געהויבן דעם מאָראַל ביי די וועלכע זענען געבליבן לעבן. דאָס שטעטעלע סווערזשנע איז געבליבן יידן־ריין, אַלעס וואָס נאָך זיי איז פאַרבליבן איז צעראַבירט געוואָרן.

קיין גרויס כבוד האָט פאַסעראַרסקי ניט געקראָגן ביי זיין „נאַטשאַלסטווע" (אָנפירער) באַרן ברענגען אַ ביסל צעבראָכענע, פיזיש און גייסטיק־דערשעפטע יידן. ווען ער ברענגט אָנשטאָט די יידן אַ צענדליק ביקסן וואָלט ער זיך גערעכנט פאַר אַ העלד. געווער איז אין יענער צייט געווען דאָס וויכטיקסטע. צוליב געווער האָט שפּעטער פאַסעסאַרסקי אָוועקגעגעבן זיין יונג לעבן.

אין וואַלד איז מען מיטגעריסן געוואָרן מיט די נייע באַדינגונגען, מען האָט געוואַנדערט פון פּלאַץ צו פּלאַץ. מיר האָבן גוט געפילט אַז אויך דאָ האָט מען ניט ליב די יידן, אָבער יעדער האָט געוווּסט, אַז דאָ וועט ער ניט אומקומען אויף אַזאַ אופן ווי אין לאַגער ווו זיין לעבן איז געווען אָפּהענגיק פון די דייטשן.

דאָס איז געווען אַ צייט, אין וועלכער מען האָט ניט געוווּסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. מען האָט ניט געקענט בלייבן אויף איין פּלאַץ, ס'איז געווען שווער צו באַקומען שפּייז, אין וואַלד האָבן גראַסירט אוקראַינישע באַנדעס באַוואָפנטע דורך די דייטשן.

נאָך אַ קורצער צייט זיין אין וואַלד זענען אומגעקומען, ביים ערשטן אַרויספאָר ברענגען שפּייז, עטלעכע מענטשן. צווישן זיי דער בעזשעניץ בארעק — אַ בחור פון 19 יאָר, געבוירן אין וואַרשע.

אין אַ צייט אַרום האָט מען געפונען אַ טויטן אין וואַלד דעם בעזשענעץ מיעטעק מילגראם פון וואַרשע. ער איז געווען איינער פון דער גרופּע, וועלכע איז אַוועק מיט פּאַסעסאַרקין.

די לאַגע פון די אַנטלאָפענע סווערזשנער יידן אין וואַלד איז געווען גענוג שווער און וואָס אַמאָל געוואָרן שווערער. די פּאַרטיזאַנער נאַטשאַלסטווע זענען געקומען צום אויספיר, אַז די ניט באַוואָפנטע יידן שטערן זיי, און זיי האָבן צעטיילט אַ טייל יידן אין פאַרשיידענע קאַמפּס־גרופּן. ווי אויך אָנגעהויבן אַרויסשיקן גרופּנווייז אומבאַוואָפנטע יידן, און ווי זיי וואָלטן געזאָגט, גייט און טוט וואָס איר ווילט.

אָבער די יידן האָבן עס אויפגענומען מיט מוט. די וועלדער זענען געווען גרויסע, די דייטשן זענען אין די וועלדער ניט אַריינגעקומען. געפערלעך פאַר די יידן זענען געווען די אוקראַינישע און ווייסרוסישע באַנדעס, וועלכע זענען באַוואָפנט געוואָרן דורך די דייטשן, און האָבן געוואַנדערט פון וואַלד צו וואַלד.

טראָץ די שוועריקייטן, וועלכע מען האָט דורכגעמאַכט אין וואַלד, איז קיינער פון הונגער נישט געשטאָרבן.

די יידן וועלכע זענען צעטיילט געוואָרן צווישן פּאַרטיזאַנער גרופּן, האָבן געקעמפט העלדיש צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּאַרטיזאַנער, און זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זייער העלדישקייט. איינע פון זיי איז געווען פעלא רוזנזאַפט — אַ מיידל פון לאָדזש וועלכע איז פרייוויליק געגאַנגען אויפרייסן אַ פאַבריק אין סלוצק, טראָגנדיק אַ מינע אין אַ לעבל ברויט. ווי ס'האָט איבערגעבן אַ פאַליציאַנט, וועלכער האָט זיך איבערגעגעבן די פּאַרטיזאַנער, האָבן איר געכאַפּט פּויערים און איבערגעגעבן די דייטשן. מען האָט איר שרעקלעך געפּייניקט און עפנטלעך אויפגעהאַנגען אויפן מאַרק אין סלוצק.

ווען ס'איז אָנגעקומען די ערשטע ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט די געגנט פון די דייטשן, האָבן אַלע זיך געפרייט. מיר האָבן אָנגעהויבן מאַכן אונדזער חשבון. מיר זענען דאָך אויך אויף וויטער געבליבן אָן אַ היים און ס'איז ניט געווען וווּהין צו גיין. פיל פון די בעזשענצעס זענען אומגעקומען אין סווערזשנער לאַגער. צווישן אַנדערע: דער דאָקטאָר פון לאַגער אַרבוז מיט זיין פרוי און זון, די צוויי



קאַזיע פיינזילבער הי"ד
געבוירן אין וואַרשע — 1919

חברות ריטה האסט און קאזיע פיינזילבער — צוויי סטודענטקעס פון וואַרשע, וועלכע האָבן געטרוימט פאַרזעצן זייער שטודיום. אַ זון פון דער פאַמיליע זיסק מיט זיין יונגער פרוי מאַלא, טשוסניאַק מיט זיין פרוי פרומקע, וועלכע איז געווען פון די ערשטע בעזשענצעס אין סווערזשנע. רבקה ראַזענאַוויטש און רעגינאַ גאָלדבערג, צוויי סטודענטקעס פון לאָדזש. און נאָך, וועמענס נעמען איך געדענק שוין נישט.

אָבער מיטן באַפרייען די געגנט דורך דער רויטער אַרמיי האָט זיך ניט געענדיקט דאָס פאַרגיסן פון יידיש בלוט.

אַ טייל פון די וועלכע האָבן געראַטעוועט זייער לעבן זייענדיק אין וואַלד, זענען געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט און דאָרטן אומגעקומען, צווישן זיי: וועלוול רוזשע, האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי און אַ קליין קינד, קלמן סטאַלאָוויצע, עלטער מאַנדעלבוים 18 יאָר אַלט, קרישטאַל העניעק, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי און קינד.

שרעקלעך האָט אויסגעזען דאָס שטעטל נאָכן חורבן

צעשטערטע הייזער האָבן אויסגעזען ווי מצבות־חורבות אָן בעלי־בתים, פרויען און קינדער, די גאַס ביי דער גמינע איז אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן מיט מצבות פון יידישע קברים. ס׳האָט געיאָגט וואָס שנעלער אַוועקגיין פון דער פאַריתומטער שטעטעלע.

אויפן בית־הקברות ווו ס׳זענען דערמאָרדעט געוואָרן אומ־שולדיקע פרויען און קינדער זענען ניט געבליבן קיין סימנים פון קברים. וועגענער, וועלכע זענען געפאָרן איבער זיי האָבן איבערגעלאָזט טיפע סימנים פון זייערע רעדער. אַרום האָט געהערשט אַ שטילקייט, און דאָך האָט זיך געדוכט, אַז מען הערט נאָך די געשרייען פון די אומגעקומענע פרויען און קינדער.

# אלטער ראסטקער / יידן אין קאמף קעגען נאצישן אקופאנט*

(אַ קאַפּיטל פון ספר הזכרון לקהילת אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק)

אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען אין קאָפּ קומען פאַרשייי־דענע רעיונות און געדאַנקען פון דעם טרויעריקן עבר, פון דעם גאַנצן קאָשמאַר פון די פאַרגאַנגענע שרעקלעכע יאָרן, גלויבט



א. ראַסטקער ז״ל
געשטאָרבן אין אַמעריקע אין יאָר 1960

זיך קוים, אַז דאָס אַלץ איז געשען אויף דער וואָר, אַז דאָס איז געווען אַ ווירקלעכקייט: אַז די אַלע מענטשן, פריינט, נאָ־ענטע און באַקאַנטע וואָס יעדער פון זיי איז געווען אַ וועלט פאַר זיך, זענען אַזוי גרויזאַם אומגעקומען; דעמאָלט טיילן זיך אויס צום בולטסטן 2 מענטשן, וועלכע האָבן פאַרדינט מיט זייערע מעשים, אַז מען זאָל זיי אַריינגעמען אין דער געשיכטע פון דער יידישער גבורה אין די פאַרשיידענע געטאָס.

* דער מחבר פון דעם קאַפּיטל איז אַן אָסטראָווער, נאָכדעם ווי דייטשן האָבן פאַרנומען זיין געבורטס־שטאָט, איז ער נאָך פיל וואַנ־דערונגען אַנגעקומען קיין סווערזשנע ווו ער האָט געלעבט אַ גע־וויסע צייט, ביז די היטלער באַנדע האָט אים פאַרכאַפּט ביי אונדז אין שטעטל און צוזאַמען מיט אַלע סווערזשנער האָט ער דורכגע־מאַכט דעם גאַנצן גיהינום פון געטאָ און פאַרטיזאַנקע, וועלכע ער באַשרייבט אין דעם בוך פון זיין אומגעקומענער שטאָט.

צוליב געוויסע סיבות האָבן מיר געמוזט אייניקע שטעלן אי־בעראַנדערשן. א. ד. ש.

דער ערשטער העלד מיינער, איז אַ יינגל אין עלטער פון 10 יאָר. זיין פריוואַטן נאָמען האָב איך פאַרגעסן. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען לייבאָוויטש (דאָס איז געווען דער זון פון עטע יעקב חנה פייגעס, א.ד.ש.). איך וועל וועגן אים דער־ציילן גאַנץ קורץ:

אין יאָר 1939, ווען די דייטשע טרופּן האָבן פאַרנומען אונדזער שטעטל אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק, זענען אַלע יידן גע־לאָפן אין דער ריכטונג צו די סאָוועטן. איך מיט מיין פאַ־מיליע האָבן געלעבט ווי אַ סך פּליטים אין דעם ווייסרוסישן שטעטל סווערזשנע, דריי קילאָמעטער פון סטויבץ, האַרט ביי



אסתר ראַסטקער. הי״ד
אומגעקומען אין סווערזשנער געטאָ
צוזאַמען מיט אירע 2 קינדער, יודל און בתיה

דער פּויליש־רוסישער גרענעץ. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז דעם 22 יוני 1941. אַ טייל פון דער ווייסרוסישער באַפעלקע־רונג און אויך אַ טייל פון רייכערן פויערטום האָבן די מלחמה אויפגענומען מיט פרייד. זיי אַלעמען האָט זיך פאַר די 2 יאָר אונטער די סאָוויעטן ניט שלעכט געלעבט. סיבות אויף דעם זענען געווען פאַרשידענע: דער רייכער פויער, האָט מורא

געהאַט פּאַר די קאָלכאָזן; אַנדערע האָבן סתם געוואָלט ראַבירן, זיי האָבן דאָס שוין געפּרוּווט טאָן אין יאָר 1939, ווען די סאָוויעטן האָבן באַזעצט דעם מזרח־טייל פּוילן. דאַן האָט דער ווייסרוסישער פּויער צעראַבירט דעם פאַרמעגן פון די פּאָליאַקן די אַזוי גערופענע „אָסאַדניקעס". וועלכע די פּוילישע רעגירונג האָט באַזעצט אין די ווייסרוסישע געביטן און געגעבן זיי גרויסע הנחות, כדי צו פאַרפּוילישן דאָס געביט.

די איינציקע וואָס האָבן געקוקט מיט צער, ווייטיק און שרעק אויף די לעצטע אָפּטרעטנדיקע סאָוויעטישע מיליטערישע טיילן זענען געווען די יידן. מיטן אָנקומען פון די דייטשע חילות, האָט זיך פאַר די יידן אָנגעהויבן אַן אמתער גהינום. אַ טייל ווייסרוסן זענען געלאָפן אין דער פּאָליציי מיט דעם צוועק צו קענען ראַבירן יידיש פאַרמעגן. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פינצטערע, גרויליקע טעג און נעכט. מיר זענען געוואָרן הפקר. יעדער ווייסרוסישער פּויער, האָט געקאָנט טון מיט אונדז וואָס ער האָט געוואָלט. ביינאַכט פלעגן זיי אַריינשיסן אין יידישע הייזער. די קינדער פלעגן אין טויטשרעק זיך טוליען צו די עלטערן. זיי פלעגן קומען אין די נעכט נעמען יידישע מיידלעך, כלומרשט צו וואַשן די פּאָדלאָגעס אין דער פּאָליציי. דאָרטן פלעגט מען זיי פּייניקן און פאַרגוואַלטיקן. מען פלעגט מאַכן די א.ג. צונויפקלייבונגען פון די יידן, טרייבן זיי איבער אַלע גאַסן, דערביי נישט זשאַלעווען קיין קלעפּ. איבער אונדזער לעבן האָבן געהערשט פאַרברעכער, די אונטערוועלט פון ערגסטן מין, אַזוי, אַז דאָס לעבן איז געוואָרן שרעקלעך דערעסן. מיר זענען געוואָרן דעגראַדירט און דערנידעריקט אַפילו ביי דעם טייל ניט־יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין די פּייניקונגען קיין אָנטייל נישט גענומען.

אויך זיי האָבן אונדז באַטראַכט פאַר אַ נידעריקן מין מענטשן, מיט וועלכע מען דאַרף קיין מגע ומשא ניט האָבן. מיר האָבן זיך געפילט עלנט און צעבראָכן. אַרומגערינגלט פון שונאים. ס'איז דעריבער גאָרנישט קיין ווונדער, וואָס מען איז געוואָרן אַזוי גלייכגילטיק צום טויט. אַ שרעקלעכע אַנטי־יידישע אַגיטאַציע האָבן געפירט די ווייסרוסישע שפּיאָנען: ד"ר שטשאַרס און שקוטקע (צוויי סווערזשנער שקצים — א.ד.ש.). דאָס זענען צוויי רוסישע פאַרשוינען, וועלכע זענען אַנטלאָפן קיין בערלין, דעמאָלט ווען די פּוילישע רעגירונג, האָט פונאַנדערגעלאָזט די ווייסרוסישע פּאַרטיי „הראמאדא", צו וועלכער זיי האָבן געהערט. היטלער האָט זיי געהאָדעוועט און געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען ער וועט זיי קאָנען אויסנוצן צו זיינע רויב־צוועקן, דאָס זענען געווען קאַנדידאַטן פון דער צוגעזאָגטער, ווייסרוסישער מלוכה, דערווייל זענען זיי אַרומגעפאָרן מיט גיפטיקע רעדעס אין אַלע שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד און האָבן פאַרסמט די אַזוי שוין פאַרפעסטעטע לופט.

דעם 10־טן אָקטאָבער 1941 איז געקומען צופאָרן די „געסטאַפּאָ" און אויסגעקליבן 30 יידישע מיידלעך און יונגעלייט פון סווערזשנע און זיי דערשאָסן. נאָך דעם האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען, אַז אונדזער גורל איז אַ גע'חתמ'טער. דעם 5־טן נאָוועמבער 1941 האָט מען אויסגעקליבן אַ ביסל אַרבעטס־פעאיקע און דעם רעשט אָפּגעפירט גרופּנווייז אויף דעם בית עלמין, ווו ס'איז שוין געווען אויסגעגראָבן אַ שרעקלעכער און גרויסער גרוב. געצוווּנגען די קרבנות אַליין אַריינצוגיין אין גרוב און אַזוי נאָך דערשאָסן דעם גאַנצן שטעטל יידן: זקנים, פרויען און קינדער. די ווייסרוסישע פרויען זענען אין דעם טאָג געזעסן אויפן בית עולם און געוואַרט אויף די מלבושים, וואָס מען פלעגט אַראָפּציען פון די קרבנות. דאָס ייִנגעלע לייבאָוויטש, וועלכן איך האָב געקענט, האָט אַלע מאָל געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אויסזען. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פאַרביסנקייט, זיכערקייט געמישט מיט נערוועזיטעט. איך פלעג אים זען, ווען ער האָט זיך געשפּילט מיט אַנדערע קינדער, ער איז געווען אַן אָריגינעל קינד. דעם טאָג איז דער 10־יאָריקער לייבאָוויטש אַוועק מיט זיין מוטער, שוועסטער און ברידער אויף דעם בית עולם. ער האָט אין גרוב ניט געוואָלט אַריינגיין. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער מוטערס הענט, האָט מיט אימפּעט געכאַפּט הויפנס זאַמד און שטיינדלעך און געוואָרפן זיי אויף די מערדער. דאָס האָט ער געמאַכט בליץ שנעל ביז זיי האָבן אים דערשאָסן אָבער ניט אין גרוב. זיי האָבן אים אין גרוב אַליין געמוזט אַריינציען. אַזוי איז געשטאַנען דוד'ס אייניקל אין קאַמף מיטן גרעסטן גלית פון אַלע צייטן, וואָס איז געווען באַוואָפנט ביז די ציין, און ער האָט אין זיין רשות געהאַט נאָר אַ ביסל זאַמד פון בית־עולם...

דער צווייטער העלד איז אַ יידישער פּויער פון דאָרף קיסיעלאַוושטשינע, דריי קילאָמעטער דרומ'דיק פון סווערזשנע. ער האָט געהייסן פּייוול, באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט פאַרן בעסטן פּויער,* אַליין געאַקערט, געזייט און געשניטן זיינע פעלדער. געלעבט אַ לעבן פון אַ פּויער.

ווען די תלינים האָבן זיך גענומען אָפּצורייניקן די דערפער פון יידן, האָט דער זעלבער גורל געטראָפן אויך פּייוולען. שוין פון גאַנץ פרי איז זיין שטוב געווען באַוואַכט פון אַלע זייטן פון ווייסרוסישער פּאָליציי. געוואַרט אויפן שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע וואָס האָט געדאַרפט קומען. ווען ער איז געקומען, האָט מען געוואָלט אַרויספירן פּייוולען מיט זיין פאַמיליע צום שיסן. ער האָט זיי ניט אַריינגעלאָזן אין שטוב, ער האָט פעסט פאַרמאַכט די טיר, זיי האָבן דאַן געעפנט אַ פייער אויף זיין שטוב פון וועלכן עס זענען געפאַלן זיין פרוי און 2 קינדער. פּייוול האָט דאַן געעפנט דעם פענצטער און גענומען פירן אַ פאַרצווייפלטן קאַמף מיט די מערדער. ער האָט געשליידערט אויף זיי שטיינער, פלעשער, געוויכטער און אַלץ וואָס איז אים

* די ערד איז אים פאַרבליבן בירושה נאָך זיין זיידן דעם קאַנטאָניסט, וועלכער האָט געדינט אין מיליטער 25 יאָר פאַרן צאַר ניקאָליי דעם ערשטן און נאָכן אויסדינען זיך, האָט ער באַקומען פון דער מאַכט אַלס מתנה 10 דיעסיאַטין ערד: 100 דונאָם אויף אייביקן באַזיץ. אַפילו אין דער צייט פון סטאָליפּינס דעקרעט, ווען אַרויסטרייבן די יידן פון די דערפער, האָט מען דער משפחה געלאָזט זיצן אין דאָרף און זיי האָבן ווייטער געפירט זייער דאָרפישעווירטשאַפט. אָבער דאָס וואָס ס'האָט ניט געקענט דער צאַרישער מיניסטער און שונא ישראל סטאָליפּין, האָבן דאָס דערוויזן די נאַצישע מערדער. פּייוול ז"ל איז שוין געווען דער דריטער דור אין דאָרף אויף דער דאָזיקער נחלה (א.ד.ש.).

געקומען אונטער דער האַנט. מיט אַ פלאַש האָט ער געטראָפן דעם זשאַנדאַר אין קאָפּ און האָט אים שטאַרק פאַרווונדעט. דערנאָך האָט ער געזען, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן און געעפנט נאָך אַ שטאַרקערן פייער. דאַן האָט ער אויסגעגאָסן נאַפט און אונטערגעצונדן פון אינעווייניק די שטוב, אַליין איז ער אַרויס פון אַ הינטערשטן פענצטער, אָפּגעלאָפן ביי אַ 200 מעטער און איז געפאַלן פון אַ קויל וואָס האָט אים דערגרייכט אויף זיינע פעלדער, וועלכע ער האָט מיט זיין שווייס און בלוט באַאַרבעט אין משך פון צענדליקער יאָרן. די פויערים פון זיין דאָרף האָבן זיך שפעטער גערימט, אַז „אונדזער פייוול איז צו דער שחיטה אַליין נישט געגאַנגען". דעם דייטשן מערדער האָב איך נאָך געזען אַ לאַנגע צייט גיין מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. איינער פון אונדזער לאַגער האָט אים געפרעגט, ווער ס'האָט אים צעשלאָגן, האָט ער געענטפערט מיט דער דייטשער טעמפּקייט: „וואָס האָט געהאַט צו מיר דער יודע? ס'איז דאָך געווען אַ באַפעל"!

## פסח עפשטיין / זכרונות פון דער נאַצישער אָקופּאַציע

קיין דאַטעס געדענק איך נישט, אָבער איך געדענק גענוי, ווי מען האָט אַרויסגערופן עטלעכע און צוואַנציק מענטשן פון דער אַרבעט בכדי אומצוברענגען זיי.

מיר האָבן געאַרבעט ביים אַנלאָדן וואַגאָנען מיט ז'וויר (חצץ). אין אַ געוויסן טאָג זענען געקומען דייטשע באַנדיטן און האָבן באַפוילן זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. איך בין געשטאַ־נען צוזאַמען מיט מיינע צוויי ברידער לייבע און ירחמיאל. יעדן האָט מען געפרעגט, וואָס פאַר אַ פאַך ער קען. ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ שמיד, האָט דער דייטש געענט־פערט, אַז פאַר אַזאַ קליין שטעטל זענען ניט נויטיק אַזוי פיל שמידן. בין איך טאַקע געווען דער ערשטער וועמען מ'האָט געשטעלט באַזונדער. נאָך פיל אַנדערע האָט מען געשטעלט באַזונדער. איך האָב דערווייל אויסגענוצט אַ מאָמענט און זיך באַהאַלטן הינטער די וואַגאָנעס און זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ גרוב. ביים ציילן די אָפּגעקליבענע מענטשן האָב איך געפעלט צום צאָל, אָבער קיינער האָט מיך ניט אַרויסגעגעבן. די אָפּגע־קליבענע האָט מען אַוועקגעפירט און דערמאָרדעט. דאָס זענען געווען די ערשטע אומגעקומענע פון סווערזשנער געטאָ.

אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט מען ווידער אַרויסגעפירט יידן צום דערמאָרדן. דאָס איז געווען די אַלגעמיינע שחיטה. פאַר דעם, האָבן די דייטשן געפאָדערט פון די יידן אין געטאָ שאַפן אַ געוויסע סומע געלט אין גאָלד און אויך פאַרשיידענע זאַכן. אויף צומאָרגנס האָט מען אַלע יידן פון געטאָ צונויפ־געקליבן אויפן מאַרק. די פאַכלייט האָט מען אָפּגעטיילט און צעשיקט זיי צו דער אַרבעט. די רעשט, האָט מען געצוווּנגען אַרויפזעצן זיך אויף לאַסט־אויטאָס און דערביי געשלאָגן זיי אכזריותדיק. יענקל אינזעלבוך האָט פּרובירט אַנטלויפן, און ער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

איך בין געווען אויפן צווייטן אויטאָ צוזאַמען מיט מיין מו־טער און מיינע שוועסטער. מיין מוטער האָט מען שרעקלעך געשלאָגן, ווייל זי האָט ניט געקענט אַרויפגיין אויפן אויטאָ, ביז איך האָב איר אַרויפגעזעצט אין אויטאָ, אויפהויבנדיק איר אויף מיינע הענט.

מיר האָבן געוווּסט, אַז מען פירט אונדז אויפן בית עולם צום דערמאָרדן, האָב איך באַשלאָסן אַראָפּשפּרינגען פון אויטאָ. קיין וואַך איז מיט אונדז ניט געווען. דורכפאָרנדיק נעבן מיל בין איך אַראָפּגעשפּרונגען און נאָך מיר איז אויך אַראָפּגעשפּרונגען די שוואַנגערע פרוי בתיה, די טאָכטער פון ליפּאַווסקי. זי איז אַרונטערגעפאַלן אונטער די רעדער פון אויטאָ און איז גלייך דערהרגעט געוואָרן. ווייטער אַביסל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם זעלבן אויטאָ רייזל מענאַקער. זי איז אומגעקומען נאָכדעם צוזאַמען מיט אַנדערע.

ביים אַראָפּשפּרינגען האָב איך פאַרווונדעט די קני, אַ פּאָר מינוט בין איך געבליבן ליגן אָנמעכטיק אויפן שטיינערנעם ברוק. פונדערווייטנס, האָט זיך דערנענטערט דער דריטער אויטאָ. דער דראַנג צום לעבן, האָט מיך אויפגעמונטערט. איך האָב זיך אויפגעהויבן און אָנגעהויבן אַנטלויפן לענג אויס דעם טייכל פון מיל צום ניעמאַן. די וואַך פון דריטן אויטאָ, האָט מיך באַמערקט און געשאָסן אויף מיר אָבער ניט געטראָפן. אַזוי האָב איך זיך צום צווייטן מאָל געראַטעוועט פון טויט. לענג אויס פון ניעמאַן בין איך דערגאַנגען בגנבה ביז סטויבצער גאַס און פון דאָרטן לאַנגזאַם און אומבאַמערקט אַריין אין דער קוזשניע פון מיינע ברידער אויף מירער גאַס. פון דאָרטן זיך געלאָזן גיין אין מיין קוזשניע אַריין אויפן צווייטן עק פון מירער גאַס.

איך בין געווען אַליין, איינזאַם. פון בית עולם, האָבן זיך געהערט די אָפּקלאַנגען פון אַ שיסעריי. דאָרטן זענען דערשאָסן געוואָרן סווערזשנער יידן, צווישן זיי מיין מוטער און מיינע שוועסטער. ווען די נאַכט איז אָנגעקומען, האָב איך ניט געזען קיין אַנדער ברירה ווי אומצוקערן זיך אין געטאָ. גיין אַליין האָב איך ניט געקענט, ווייל דאָס וואָלט אַרויסגערופן אַ פאַר־דאַכט, אָבער ווען ס'האָט זיך אומגעקערט אַ גרופּע יידן פון דער אַרבעט, האָט זיך מיר איינגעגעבן אַריינשמוגלען זיך צווישן זיי. אַזוי בין איך אָנגעקומען צוריק אין געטאָ.

אין פאַרלויף פון 2 טעג בין איך ניט אַרויס פון געטאָ. אויפן דריטן טאָג, האָב איך באַשלאָסן גיין אין קוזשניע, כאָטש, זייענדיק אַליין האָב איך שוין ניט געהאַט פאַר וועמען צו אַרבעטן.

דעם זעלבן טאָג, 11 אַזייגער פאַר מיטאָג בערך, איז צוגע־פאָרן צו מיין שמידעריי אַן אויטאָ, פון אים זענען אַראָפּ 2 דייטשן און מיט ביקסן אין די הענט באַפוילן נעמען מיין גע־צייג און אַרויפגיין אויפן אויטאָ, ס'איז אָנגעקומען איינער פון „יודנראַט" מיטן נאָמען צווערטאַג און געזאָגט, אַז די דייטשן שיקן מיך אַלס פאַכמאַן צו אַרבעטן אין די סטויבצער קאַסאַרן. דאָרטן האָב איך געאַרבעט 4 מאָנאַטן, יעדן טאָג פלעגט מיר



**אַ גרופּע סטויבצער און סווערזשנער תּלמידים.**

ערשטע שורה: די דריטע פון לינקס, האַניע מונבז. דערמאָרדעט אין דער גרופּע פון די ערשטע 30 יוגנטלעכע. הי״ד.

פירן אַ דייטש צו דער אַרבעט און צוריק. 2 מאָל אין טאָג פלעג איך באַקומען אַ קאָרן־מעל־זופּ.

מען האָט מיר נאָכדעם איבערגעפירט מיט אַנדערע סטויבצער ייִדן קיין באַראַנאָוויטש. דאָ האָט מען אונדז צעטיילט אויף גרופּן, וועמען צום טויט און וועמען צום לעבן און אַרבעטן.

מען האָט מיך אַוועקגעשיקט קיין קאַלדיטשעווע וואָס געפינט זיך צווישן האַראַדישטש און סטאָלאָוויטש. דאָרטן זענעז מיר געווען אונטער דער אויפזיכט פון פּאָליציי פון ווייסרוסן און אוקראַינער. אין דעם פּלאַץ זענען אומגעקומען טויזנטער ייִדן. מען האָט אונדז געפּייניקט אָן רחמנות. פאַר יעדער קלייניקייט האָט מען געמוזט זיך מעלדן און ביים מעלדן זיך האָט מען געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַ גומי אָדער מיט אַ שטעקן.

אַזוי האָב איך געלעבט 8 מאָנאַטן ביז מען האָט מיך איבערגעפירט קיין באַראַנאָוויטש שמידן די פערד פון ס. ד.

4 מאָנאַטן שפּעטער זענען אַנטלאָפן 18 באַראַנאָוויטשער ייִדן. ווען איך האָב זיך דערוווּסט פון דעם, האָב איך אויך באַשלאָסן אַנטלויפן, אָבער ס׳האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן. איך האָב זיך געמוזט צוריקקערן, ווייל ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע קאָנטראָל. בכדי צו פעסטשטעלן ווער ס׳איז אַנטלאָפן, האָט מען אונדז אַרומגערינגלט מיט אַ שטרענגער וואַך. אויף צומאָרגנס גאַנץ פרי, האָט מען אונדז אָנגעלאָדן אויף צוויי אויטאָס און אָפּגעפירט אין קאַלדיטשעווא און דאָרטן האָט מען אונדז שטאַרק געשלאָגן. אויפן אַנדערן טאָג, האָט מען אָפּגעטיילט 150 ייִדן, אָפּגעפירט זיי אין אַ וואַלד און זיי דאָרטן דערשאָסן.

ווידער זענען פאַריבער 4 מאָנאַטן. אין לאַגער זענען פאַרבליבן 93 מענטשן. מיר האָבן באַשלאָסן אַנטלויפן און געעפנט אַ לאָך אין אַ הינטערשטער וואַנט און עס פאַרמאַסקירט. איך האָב אין קוזשניע אויסגעאַרבעט מעסערס און אַ שער צום שניידן דראָטן. אין דער באַשטימטער נאַכט צום אַנטלויפן, האָבן מיר אויסגעשטעלט פּאָסטנס באַוואָפנטע מיט מעסערס ביי די אַרויסגאַנג־טירן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב עמעצער פון אונדזערע פּאָסטנס וועט זיך אָנטרעפן אויף אַ פּאָליציאַנט, זאָל ער אים גלייך דערשטעכן. די ריי צום אַרויסגיין איז געווען לויט אַ גורל. יעדער איינער פון אונדז האָט אַרויסגעצויגן אַ נומער. מיין ברודער לייבע מיט נאָך אַ ייִד האָבן געדאַרפט אַרויס די ערשטע איבערשניידן די דראָטן און לאָזן זיך גיין. אַלע 93 זענען אַרויס אָן שטערונגען, איך בין געווען אין דער לעצטער גרופּע פון 12 מענטשן. מיט די וועלכע זענען אַרויס פאַר אונדז, האָבן מיר פאַרלאָרן די פאַרבינדונג באַלד נאָך זייער אַרויסגיין.

ס׳איז געווען אַ קאַלטע פינצטערע ווינטער־נאַכט, אַ געדיכטער שניי איז געפאַלן באַגלייט מיט אַ שטאַרקן ווינט. מען האָט כמעט ניט געזען איינער דעם צווייטן. מיר זענען געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. אויף צומאָרגנס פרי, האָבן מיר דערזען, אַז בסך הכל האָבן מיר זיך דערווייטערט פון לאַגער בלויז 8 קילאָמעטער, דאָס הייסט מיר האָבן געבלאָנדזשעט. פונדערווייטנס האָבן מיר געזען אַ מענטשן, גייט אַרויס פון לאַגער זוכן אונדז, האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ גרוב. דער שניי האָט פאַדעקט די שפּורן. אַזוי זענען מיר געלעגן אונטערן שניי ביז נאַכט.

מיטן אָנהויב פון דער נאַכט האָבן מיר אָנגעפאַנגען גיין אין דער ריכטונג פון וועלדער, מיטן ציל זיך טרעפן מיט פּאַרטיזאַנער.

ערשט אין 7 מעת־לעת אַרום, זענען מיר אַריין אין אַ וואַלד און געטראָפן זיך מיט פּאַרטיזאַנער פון ביעלסקעס אָטריאַד. ס׳איז געווען האַלבע נאַכט, אַ שטאַרקער פראָסט און אַ ווינט האָט דורכגענומען די ביינער, מיר זענען געווען האַלב נאַקעט און באָרוועס, באַוואָקסן מיט בערד און הונגעריק ווי וועלף.

איך בין אָנגעקומען אין וואַלד אַ פאַרוווּנדעטער מיט דורכגעשאָסענע פינגער אין פוס. ווען ביעלסקי האָט עס באַמערקט, האָט ער מיר געפרעגט, צו וואָס בין איך געקומען? ער דאַרף מיך ניט... מיין לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע, האָב איך באַשלאָסן לאָזן זיך גיין צו אַ צווייטן אָטריאַד. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז צוויי קילאָמעטער ווייטער געפינט זיך אַ ייִדישער אָטריאַד אונטער דער אָנפירונג פון איינעם זאָריק, דאָרטן געפינען זיך סטויבצער ייִדן און צווישן זיי געצל רייסער.

אין זאָרינס אָטריאַד האָב איך באַלד באַקומען גרויסע הילף. מען האָט מיך אָפּגעשיקט אין דער באַגלייטונג פון אַ קראַנקן שוועסטער, 45 קילאָמעטער ווייט אין אַ קריסטלעכן אָטריאַד, ווו ס׳איז געווען אַ דאָקטאָר, דאָרטן האָט מען מיר אָפּערירט און אַרונטערגענומען צוויי פינגער פון פוס.

אין 1944, האָט דאָס רוסישע מיליטער פאַרנומען דעם געביט ווו מיר האָבן זיך געפונען. די פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין רוסישן מיליטער. איך בין מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. אין בריאַנסק האָב איך זיך געשטעלט פאַר אַ מעדיצינישער קאָמיסיע, צו מיין גרויס שטוינונג, האָט מען מיך גלייך אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל צו אָפּערירן

נייעס, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין ניט ווייט פון אונדז, אָבער אין די לעצטע טעג האָבן די דייטשן געמאַכט אַ אָבלאַווע אויף אונדז. מ׳האָט אונדז אָנגעזאָגט, זיינען מיר אַרויסגעלאָפן פון די זעמלאַנקעס און זיך באַהאַלטן אין די טיפע זומפּן פון דעם וואַלד. אַז עס איז געוואָרן שטילער זיינען מיר אַרויסגעקראָכן פון אונדזערע באַהעלטענישן צוריק צו די זעמלאַנקעס — אָבער מיר האָבן דאָרטן געפונען אַכט יידן דערשאָסענע, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין כח צו אַרויסלויפן און זיך באַהאַלטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט די רויטע אַרמיי אַריינגעמאַרשירט אין אונדזער געגנט און מיר זיינען געוואָרן באַפרייט. אָבער מיין גוטער מאַן האָט דאָס ניט דערלעבט. אין דעם זעלבן טאָג איז ער געשטאָרבן נאָך אַ קראַנקהייט פון עטלעכע וואָכן. אַדורכגעמאַכט אַלע שרעקלעכע — ענויים — הונגער — קעלט. געאַרבעט שווער ביי די דייטשן, אַרויסגעראַטעוועט זיך פון אַלע שחיטות, געלעגן אין די וועלדער מיט דעם געדאַנק, אַז ער וועט אַלעס איבערקומען, און האָט ניט דערלעבט דעם טאָג פון דער באַפרייאונג. אויך פריינקמאַנס פרוי, יהודה בענציעס טאָכטער איז געשטאָרבן אין וואַלד.

מיר אַלע — אויסגעמאַטערט, הויל נאַקעט — מיין טעכטערל וויינט און מיר אַלע וויינען מיט — וווהין גייט מען ערשט? און מיר לאָזן זיך אַרויס פון דעם געדיכטן וואַלד צופוס צוריק צו אונדזער רעבזעוויטש. מיר קומען אַהין, און אַ שרעק באַפאַלט אונדז — שטייען הייזער סקעלעטן, מיט צעפראַלטע טירן און פענצטער, ניטאָ קיין גאַס, ניטאָ קיין הויז, עס איז אַ בית־עלמין. מיר וויינען ביטער אָן אויפהער וואו זענט איר טאַטע מאַמע, ברידער, שוועסטער, שוואָגערס און שוועגערינס. ווו זענט איר קינדערלעך פון רעבזעוויטש וואָס האָבן זיך צוזאַמען אויפגעהאָדעוועט, ווו זייט איר אַלע. מיר לויפן איבערן שטעטל און געפינען קיינעם. ביז מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז אויפן וועג צום דאָרף סימקאָוויץ נישט ווייט פון גויישן מאָהילניק, דאָרטן ליגן אין אַ ברודער־קבר פינף הונדערט פון אונדזערע בעסטע, שענסטע און טייערסטע. אין אַ גרויסן ברענענדיקן פראָסטיקן טאָג אין 1942, 20 טעג אין טבת, האָט מען זיי אַרויסגעשלעפּט פון שטעטל און לעבעדיקערהייט געהייסן וואַרפן זיך אין די גרייסע גריבער וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר זיי. די שכנים, די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, האָבן אַלעס צוראַבירט, אַוועקגעגזלט און דערנאָך געהאָלפן לעבעדיקערהייט אַלעמען באַגראָבן. די יידן האָבן זיך געריכט אויף דעם — ווייל דער אַלטער גרייז גראָער רב, מיט ליאָטע אייזנבוד האָבן זיך אָנגעטאָן אין קיטל, טלית און תפילין, צו מקבל פנים זיין דעם רבונו של עולם יום־טובדיק, מיט די געשרייען פון שמע ישראל אויף זייערע פאַרדאַרטע פאַרפראָרענע ליפּן.

פאַרשאָלטן זאָל זיין די ערד וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך אומשולדיק יידיש בלוט — און די רוצחים זאָלן ווי משרגענע הינט אַרומלויפן און שניידן די העלדזער איינער דעם אַנדערן אין די שטעט און שטעטלעך ווו זיי האָבן געמאַכט יידן ריין. און דאָס זאָל בלייבן אַ שאַנד־פליק אויף זיי אַלעמען אויף דור דורות. רבונו של עולם נעם פון זיי נקמה פאַר אונדזער פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט.

# מ. צינוביץ / מתוך העתונות

המליץ 1889 (108) — כותב זעליק פאלייעס

זה כשנה נוסד בעירתנו בית „תלמוד־תורה״, אשר לראשונה היה מספר התלמידים בו כחמישים ועתה עולה ליותר מתשעים בני עניים, אשר בשמם ובשם הוריהם או שאריהם האביונים הנני להגיש תודה וברכה להרב הגבור משכיל אל דבר אמת שמו נודע לתהלה כי בו התאחדו תורה והשכלה מ״ר אריה לייב הכהן בן הגאון בעהמת״ס חפץ חיים, אשר רק בהשתדלותו ועמלו עלתה בידו להביא סדרים נכונים בהת״ת ולהעמידה על בסיס נכון וקיים.

אין לשער כמה יגע הגביר הזה טרם הגיע למחוז חפצו. כי לדאבון לב לא נמצא בעדתנו אף אחד אשר נתעורר לעמוד לעזרתו, ורק הוא לבדו בראותו ילדי העניים פרועים לשמצה ויגדלו ללא תורה ודרך ארץ, נכמרו רחמיו עליהם ולא נח ולא שקט עד אשר הצליח להשיג מה שבקשה נפשו.

הוא הפקיד מורים מומחים ללמד לתלמידי הת״ת תנ״ך ודקדוק שפת קדשנו ומלמדים להועיל להורותם תלמוד. גם מינה מורה ללמדם לשון וכתב רוסי ועברי והוא בכבודו ובעצמו יביט בעין פקוחה על הסדר והנקיון ומדי שבת בשבתו יעביר לפניו כבני מרון את התלמידים לנסותם לדעת אם לימוד בימי השבוע שגור בפיהם. ותודות לא־ל הם יפיקו מעמו רצון.

המליץ 1890 (118) — כותב זעליג פאלייעס

זה יתר משתי שנים נוסד בעירנו בית תלמוד־תורה על־ידי הרה״ג הר״ר אריה לייב הכהן, בן הרה״ג בעהמ״ח ספר חפץ חיים ו„משנה ברורה״.

כעת נמצאו בהת״ת כשבעים נערים אצל שלשה מלמדים. רוב התלמידים הם ילדי הערים הסמוכות לעירנו ומיעוטם בני העיר. הרה״ג בכבודו ובעצמו יבוא פעם בפעם לנסות את כוח התלמידים בלימודים ותמיד יפיקו החניכים רצון ממנו על צד היותר טוב.

אבל פתאום התנערו המלמדים בעירנו ויצאו ממחבואם לדבר עתק על בית הת״ת הזה כי הנערים יגדלו ללא תורה ודרך ארץ. ועוון גדול מנשוא מצאו בבית הזה על אשר ילמדו להנערים תנ״ך עם „הביאור״ ר״ל (של הסופר ש. ל. גורדון) וגם דקדוק, ובעלי־הבתים יתנו אוזן קשבת לדבריהם ואינם חפצים להשתתף בפרוטתם לכלכלת הבית. אחד מיושבי עירנו מלווה ברבית, הרגיל להפשיט את עור העניים מעליהם, לא יוכל לנשוא את התנ״ך והדקדוק והוא עומד וצווח ככרוכיא כי לא „ת״ת הוא כי אם „שקאלע״ ורצונו לקעקע ולהרוס את הדבר הגדול הזה.

עוד דבר גדול נעשה ע״י הרב הג׳ הנ״ל, הוא יסד חברה

„גמילות חסדים" להלוות לעניים כסף בעבוט ועד היום נקבצו ע"י הרה"ג שש מאות רו"כ לקרן קיימת לטובת החברה והרב הג' הנ"ל ישתדל לבחור אנשים לאסוף את הכסף בכל עש"ק כפי נדבת כל איש.

בשם כל הנערים המבקרים את הת"ת ובשם שאריהם וקרוביהם, הנני מגיש תודה וברכה לאחינו בני ישראל באמריקה על חסדם ואמיתם עם הת"ת. כי בשתי השנים מיום הווסד הבית שלחו לטובת הת"ת סך מאה ושמונים רו"כ ונקווה כי גם בימים הבאים לא ימנו הטובים ממנו.

על הגירת יהודים מרובזעוויץ כבר בימים ההם מעידה לנו הקורספונדנציה בהמליץ 1890 (120) מאת אהרן זאוואלעוויטש, שחייט אחד מעיירה זו כבר הספיק בידו להיות שם ולחזור לעיירה עם צרור כסף בידו.

עם כל זה כשרצה לקנות ב„כבר זהב" מפטיר באחת השבתות לא נקרא למפטיר וטענת בעלי הבתים בזה וכי „בשביל שעשה עושר באמריקה ונחל לו כבוד והדר ברובזעוויטש והעולה על רוחו, היה לא היה". דבר זה גרם לסלע המחלוקת שקנאו לכבוד החייט הנ"ל ו„בני החייטים" הלכו לעשות להם „בית מדרש לבד וטכסא לבדה" וגם חנוונים ובעלי בית מרזח מקרבם יצאו ואינם מתערבים עוד את בעלי העיר כטינא בר טינא". וכתבו וחתמו בכתב אמנה כי יבדלו מאת כל הקהל. עשו להם „מנין" לבד ובמהרה בימינו יבנו להם גם בית מדרש. ועתה ינקטו העם ויבקשו סליחה וכפרה מהם, אך קשה כשאול קנאת החייטים רשפיה רשפי אש ושלהבת, ואין שלום בעיר.

ובהמליץ השנה הנ"ל (171) בקשר לנ"ל דבר מענין אחר דומה להנ"ל, כי בן השו"ב של העיירה שהיה אף הוא באמריקה וחזר לעיירה בבחינת „שוחט יצא ושוחט שב", לא נשתנה במעשיו וצורתו, לא נתנו לו בני העיירה לעזור על־יד אביו בשחיטה כאשר עשה לפנים, באמרם כי ארץ אמריקה מטמאת את האנשים ומכיוון שראה איש את אדמת הארץ ההיא טמא יאמרו לו ושומר נפשו ירחק ממנו הוא פגום ושחיטתו נבלה.

בינתיים כשאביו של ה„אמריקאי" נסע למינסק והעיירה נשארה ללא שוחט צעקו העם לאמור אין לנו שוחט ואז בהו רבים מהעם לאמור כי יאכילנו בשר ויאמרו שישחטו משחיטת הלזה וגם הרב שהוא איש חכם לא מצא פסול בשחיטתו ובכן לכדי להתחשב גם בנרגנים עמד על גביו בשחיטתו אך יראי ה' ותושבי שמו לא אכלו משחיטתו ועונים ואומרים כי כל הדר בארץ אמעריקא דומה הוא כמי שאין לו אלוקי.

בסופו של דבר כותב ז. פ. כי „נרצה עוונו של בן השו"ב ונסלחו אחרי ראותם כי רבים משלומי אמוני ישראל יסעו לאמריקא וה' אלקים היושב בארץ ליטא מלוא כל הארץ כבודו גם שם, וגם נוכחו לדעת כי בן השו"ב הוא ירא שמים בסתר ובגלוי ונותנים לו כבר לשחוט אף בבית המטבחיים ואף יראי ה' וחושבי שמו יאכלו משחיטתו בלי שאלת חכם".

המליץ 1890 (126)

אנחנו אלופי העדה דפה עירנו הננו נותנים מחאה גלויה נגד אחד מעירנו שיצא לתאר מצב הת"ת בעירנו ויכולים לאמר קבל עם כי מעולם לא נמצא אף אחד מאנשי עירנו אשר יבוא לערער על פעולת הרה"ג מו"ה א"ל הכהן. כל בני עירנו נותנים לו תודה וברכה עבור כל פעולותיו היקרות שפעל ועשה בכל משק שפתו בעירנו. כן אנחנו מהללים ומשבחים סדר הלימוד שערך להנערים, אשר הכל נעשה במשטר וסדר נכון על פי הגיון ישר בטוב טעם ודעת על פי דרך התורה והוראה וכבר זכינו לראות שכר אמת מפעולותיו היקרות ובחפץ לב לקחנו עלינו להמציא לנערים טרף חוקם ויתר צרכיהם. ולתוקף באו איזה אנשים על החתום עם קיום חותם העדה.

ישראל דוד בא"א מו"ה משה ז"ל ש"ץ ושו"ב הקהל;
זאב וואלף במו"ה יצחק קאנטאראוויץ, זקן העדה;
נתן הלוי ראבינאוויץ;
ירוחם יצחק באוויק;
ישראל אברהם בריל

### הרב ר' אריה־ליב פופקה בן „החפץ־חיים" תושב רובזעוויץ

ר' ליב למד עם אביו כבר בגיל תשע בוואשילישוק, ליפנישוק, וזעטל עיר מולדת אביו. „החפץ חיים" היה בא לעתים לרובזעוויץ לביקור אצל בן אחותו שהיה גר שם. פעם הזדמן שדכן והציע להחפץ חיים עבור בנו ר' ליב את בתו של ר' אברהם ב"ר אליהו. כאשר החפץ חיים התחיל לעיין בדבר מצא השידוך חן בעיניו. נודע לו שר' אברהם מנכבדי העיר, חובב תורה ואיש אמיד.

ר' ליב מתאר את חותנו כמופלג בתורה וירא אלקים ונדבן גדול בסתר, ובעל הח"ח התבטא עליו, כי יקשה למצוא איש כמוהו בין רבבות אנשים בחביבותו ובהתמדתו בתורה ובנקיון כפיו מגזל ומרמאות. ר' ליב קיבל פיטור מהצבא, ובג' חשוון שנת תר"מ התחתן והיה סמוך על שולחן חותנו. אח"כ קיבל עזרה כספית מאביו על עזרתו באיסוף החומר והסדרת חיבוריו משנה־ברורה על שולחן ערוך אורח־חיים. בתקופת שבתו של הר' ר' ליב ברובזעוויץ היה אביו מבקר אצלו בכל שנה, להיודע מקרוב על מצבו החומרי וכן בקשר להתעלותו בתורה וביראת שמים. והיה קובע עמו לימודיו בצוותא בעת היותו אצלו. ר' ליב השקיע מזמנו בעניני ציבור ובעניני חסד לכונן ולתקן דברים הרבה, כידוע בדבר שיפור התלמוד־תורה ויסוד גמ"ח, כו"כ היה מסייע לישוב ארץ־ישראל, אם בקיבוץ כספים לשלח למוסקבה ששם היה המרכז לפני שנפתחה הלשכה באודיסה ואם לעשות נפשות להתיישב בארץ ולעבוד אדמתה. דעתו היתה בזה: הם החפשיים זריזים, הם בינתיים כובשים את הארץ ומתחזקים בה ולא תשאר כברת ארץ לחרדים במצוותיה כשיבואו פעם אף הם להאחז בה. הרי יותר טוב לנאמנים למסורת ולמורשת אבות לעשות תעמולה להחלץ במספר גדול לבוא אל הארץ ולהתגבר על החפשיים בכמות ובמשקל רוחני. אולם, מפני כבוד אביו לא יצא להביע דעתו בזה ברבים.

וביחוד כבש דבר זה בלבו לאחר שנתפרסם ברבים על יסוד ארגון הסוחרים משל חוגו של „אחד־העם" בשם „בני־משה", שלפי מהותה ולפי כוונת מחולליה היתה המטרה לעשות תיקונים בדת, וביחוד בשטח החינוך בישוב החדש שבארץ ישראל.

ר' ליב היה גדול בתורה כאחד המצוינים בפלפול ובהבנה וחכם במילי דעלמא, נוטה אפילו להשכלה מתונה. הוגה חיבה לחובבי ציון ולמזרחי ותומך בגלוי בקרן הקימת.

# אהרן ברוידע / מיין שטעטלע דערעוונע

אַ קליין שטעטעלע מיט אַלטע הילצערנע הייזער. די דעכער געדעקט מיט שטרוי אָדער גאָנטעס (שינדלען), געציילט האָט דאָס שטעטעלע בערך פון 50 ביז 60 יידישע פאַמיליעס. אַמאָל האָט דערעוונע געהערט צו ווילנער גובערניע, אשמיאנער אויעזד, כאָטש פֿוןביידע שטעט איז זי געווען גאַנץ ווייט, אירע דערפער האָבן זיך געגרענעצט מיט די טייכן ניעמאַן און סולא, וועלכע האָבן אָנגעהערט צו נאַוואַרעדקער און מינסקער אויעזדן. די נאָענטסטע באַן־סטאַנציע צו דערעוונע איז געווען סטויבץ און 30 קילאָמעטער האָט מען געדאַרפט פאָרן מיט פערד און וואָגן, קיין סטויבץ. סחורות פלעגט דערעוונע קויפן אין סטויבץ, אָדער אין דער נאָענטסטער גרויסער שטאָט מינסק. לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, וועלכע דערעוונער יידן פלעגן אויפקויפן ביי די פויערשע לאַנדווירטן, פלעגן זיי פאַרקויפן אין סטויבץ אין די יאָרן 12־1910 ווען מ׳האָט דורכגעפירט אַ טעלעגראַפישן אָנבינדונגס־ליניע פון סטויבץ קיין דערעוונע, זייט דאַן האָט זיך געעפנט אין דערעוונע אַ פּאָסט־און טעלעגראַף־אָפּטיילונג. ווי האָבן זיי דערליידיגט פריער זייערע פּאָסט־פאַרבינדונגען איז טאַקע שווער געווען און ליידער איז פון אַלטן דור אויך קיינער ניט פאַרבליבן. די קריסטלעכע אָרעמע באַפעלקערונג איז געווען ווייסרוסישע פון קאַטוילישן גלויבן. זייער באָדן איז ניט געווען קיין זייער פרוכטבאַרער. דאָך האָבן די ביסל יידן געצויגן פון זיי זייער חיונה. דאַקעגן זענען געווען עטלעכע רייכע פריצים, גוטבאַזיצער, וועלכע האָבן אויך פאַרמאָגט וועלדער. יידישע וואַלד־סוחרים אָדער וואַלד־אָנגעשטעלטע האָט דערעוונע ניט פאַרמאָגט.

צווישן די רייכערע יידישע פאַמיליעס האָבן זיך גערעכנט: יעקב נייפעלד, די ברידער טשאַרנע, חיים שלמה קאַפּלאַן, פייווע שימאנאָוויץ, די הורעוויצעס און נאָך אייניקע. זייערע קראָמען זענען געווען אין די הייזער, און קיין ספּעציעלע קראָמען איז ניט געווען ביי זיי. דערעוונע האָט פאַרמאָגט עטלעכע קצבים, בעלי מלאכות, קאראבעלניקעס, און אָרעמע משפּחות. דאָנערשטיג איז געווען דער מאַרק־טאָג. פלעגן זיך צונויפפֿאָרן גויים פֿון די דערפֿער און עס פֿלעגן קומען סוחרים פון סטויבץ און פון די אַרומיקע שטעטלעך. אין דעם טאָג, האָט מען זיך געדאַרפט פאַרזאָרגן מיט פרנסה כמעט פאַר אַ גאַנצער וואָך.

## דערעוונער רבנים

25 יאָר איז געווען רב אין דערעוונע ר׳ פייווע גאלוב. נאָך זיין פטירה האָט איבערגענומען דעם כסא הרבנות זיין איידעם ר׳ אברהם פייטל. אין די לעצטע יאָרן איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב ר׳ אברהם־ליב פאטעלניקאָוו, וועלכער איז געווען באַרימט אַלס גוטער רעדנער. ער איז אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט זיין פרוי און 2 טעכטער צוגלייך מיט דער גאַנצער רעשט דערעוונער ביסל יידן.

שרעק און פיל טראַגעדיעס האָט דערעוונע איבערגעלבט. פלעגט זיך אַ שלעכטער גוי אָנשכורן אין אַ מאַרק־טאָג און מאַכן אַ טומל, איז שוין געווען גענוג, פלעגן זיך אַלע יידן באַהאַלטן אין די הייזער און מורא געהאַט אַרויסרוקן זיך. אין 1915 ווען דער פראָנט האָט זיך איינגעשטעלט 15 קילאָמעטער פון דערעוונע. אין שטעטל זענען געשטאַנען סאָלדאַטן און קאָזאַקן. איין מאָל אין אַ פרימאָרגן האָט מען אַרציק דעם אַפּטייקער מיט זיין פרוי חנה און זייערע 2 קליינע קינדער געטראָפן אין שטוב געהרגעטע. אַ צווייטער פאַל, האָט פאַסירט מיטן חזן־שוחט ר׳ שאול, גייענדיק צו פוס א היים פון מינסק, האָט מען אים געהרגעט אין הריאן ,ניט ווייט פון דערעוונע. אויך הרצל דעם בעל־עגלה וועלכער האָט געהאַנדלט מיט פערד, פאָרנדיק אהיים פון נאַליבאַק, האָט אַ גוי געבעטן זיך ביי אים אונטערפאָרן. ווי נאָר הערצל האָט אים אַרויפגענומען אויפן וואָגן, האָט דער גוי פאַרטשמעליעט, געהרגעט און באַהאַלטן אין וואַלד. עס האָט דאַן געקאָכט די שטעטל, טעג איז מען אַרומגעגאַנגען זוכן אים. דער מערדער איז רואיק אַוועקגעפאָרן אין אַ צווייטער שטעטל פאַרקויפן דאָרטן די פערד, אָבער דאָרטן האָט מען אים געכאַפּט. דער מערדער האָט געוויזן ווו הערצל איז באַגראָבן אין וואַלד און דער מערדער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט־שטראָף.

## קולטור און שול־וועזן

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך דערעוונע באַגנוגנט מיט אַ פּאָר מלמדים, קיין שולן זענען ניט געווען. שפּעטער האָט דערעוונע פאָרגעשריטן פאָרויס. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ציוניסטישע טעטיקייט. מ׳האָט געגרינדעט אַ העברעאישע שולע. ס׳איז געקומען אַ דאָקטאָר, אַן אַפּטייקער, אַ שערער, אַ זייגערמאַכער, אַ פאַבריקל פון לימאָנאַד און סאָדע. מ׳האָט געקענט זען אויך אַ קינאָ. אויך דער וועג איז אויסגעברוקירט געוואָרן. אין די זומער־חדשים האָט קורסירט אַן אויטאָבוס אין דער ריכטונג נאַליבאַק—דערעוונע—סטויבץ. אין זעלבן טאָג האָט מען געקענט צוריקקערן זיך אַהיים, דערעוונע האָט זיך גערעכנט גרעסער ווי נאַליבאַק, ווייל דערעוונע האָט פאַרמאָגט אַ בית־עלמין און די נאַליבאַקער האָבן געמוזט ברענגען זייערע מתים אויפן דערעוונער בית־עלמין.

## קהילה־וועזן

זינט דאַן ווען פּוילן האָט פאַראָרדנט, אַז אין יעדער פּאָוויאַט־שטעטל מוז זיך שאַפן אַ קהילה מיט אַ רב, איז דערעוונע אָנגעשלאָסן געוואָרן אין סטויבצער קהילה צוזאַמען מיט רעבזעוויץ און נאַליבאַק־שווערזנע. דערעוונע האָט געהאַט איר פאָרשטייער אין דער סטויבצער קהילה. צו פרישע וואַלן, פלעגן די דערעוונער קומען קיין סטויבץ שטימען. אין סטויבץ זענען געווען 2 רבנים, וועלכע פלעגן פּרעטענדירן אויסגעוויילט צו ווערן, פלעגט די דערעוונער ניט קאָסטן קיין הוצאות צו קומען קיין סטויבץ צו די וואַלן,ביידע צדדים פלעגן דינגען פורן, און געבן נאָך דערצו די חשובע געסט אַ

גוטן מיטאָג, און אויך באַצאָלן פאַר ניט אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג.

אַזוי האָט געלעבט אַ יידישע קהילה איר אָרט לעבן, אַמאָל בעסער אָדער ערגער, מ׳האָט געליטן. ס׳זענען געווען פאַלן פון רציחות, אָבער אַלעמען האָט מען דאָך ניט אויסגעהרגעט, ביז די דייטשע מערדערס האָבן אויך אויסגעפונען די פאַרוואָרפענע אָרעמע שטעטלע דערעוונע און דער ביטערער גורל האָט אויך די דערעוונער דערגרייכט. דער ערשטער גזר־דין איז געווען פאַרלאָזן די היימען, אַלעמען אַרויסגעטריבן, מיט אַ זאַק אויפן פלייצע געמאַרשירט האָט מען צו פוס פון דערעוונע, וואלמע, נאַליבאַק קיין רעבזעוויץ, מיט קראַנקע פרויען און קינדער. ווער עס איז אָפּגעשטאַנען אין וועג איז דערשאָסן געוואָרן. צווישן זיי פייוול־שמעיה׳ס איידעם, און קליינע וויינענדיקע קינדער.

שרעקלעך און טרויעריק איז געווען דער סוף פון דערעוונע.

וועגן דעם אומקום פון די דערעוונער יידן שרייבט ספּעציעל שלאָסבערג פון נאַליבאַק.

כבוד זייער אָנדענק!

די געראַטעוועטע פון דערעוונע: אַהרון ברוידע, פייוול כאַדאַק, אליהו כאַדאַק, עטל כאַדאַק, יעקב שימאַנוביץ, יודל דאַווידאָביץ, אברהם בערמאַן, עטל קראַסילאָוו, יצחק גורביץ זיין פרוי חייקע און אַ טאָכטער, פייוול צאַרנע, שרה קאַנטאָר פון גראַן, לאה און פאַניע גורעוויץ פון גראַן.

# חיים שלאסבערג / דאס שטעטל נאַליבאַק, איר לעבן און אומקום

נאַליבאַק, אַ קליין שטעטעלע אין סטויבצער ראַיאָן איז געווען באַצייכנט אויף אַלע לאַנדקאַרטעס און געווען באַוווּסט אין גאַנצן געגנט אַ דאַנק די גרויסע וועלדער, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט אויף הונדערטער קילאָמעטער און געווען באַוווּסט אונטערן נאָמען, „נאַליבאַקער פּושטשע".

דאָס שטעטל נאַליבאַק איז אויך געווען באַוווּסט צוליבן באַוווּסטן רב צו וועלכן עס פלעגן קומען יידן און קריסטן בעטן ביי אים אַ ברכה.

די יידישע באַפעלקערונג האָט געוווינט אין שטעטל זייט הונדערטער־יאָרן. אַרום שטעטל האָבן זיך אויך געפונען „ישובניקעס" אין פאַרשידענע דערפער ווי: פּרוד, קלאַטישטשע, צערעביין און רודינע. זיי פלעגן קומען אויף אַלע יום־טובים אין שטעטל דאַווענען, און מיט דער צייט זיך אַריבערקלייבן וווינען אין נאַליבאַק.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך געפונען אין שטעטל בערך 45—40 משפחות וועלכע האָבן געציילט 400—350 נפשות. צוגלייך מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג האָבן זיי געלעבט אין אָרעמקייט און דחקות. דער עיקר עקזיסטענץ זייערער איז געווען געבויט אויף האַנדל, מלאכה, ערד אַרבעט און שענקען וואָס פלעגן צושטעלן בראַנפן און פאַרשידענע געטראַנקען פאַר די פויערים און אַרבעטער. און אַ טייל פאַמיליעס האָבן אויך געניטיקט זיך אין הילף, וועלכע פלעגט ווערן צונויפגעקליבן אין שטעטל אויף יעדן יום טוב, ווי „מעות חיטין" א.א.וו. מיט איין וואָרט: אַ שטעטל ווי אַלע יידישע שטעטלעך, די זעלבע פּרנסות און דאָס זעלבע אָרעמקייט.

די יידן האָבן קוים פאַרמאָגט אויף אויסצוהאַלטן אַ חדר אין וועלכן עס פלעגט לערנען אַ געדונגענער רבי פון א צווייט שטעטל און מיט דעם האָט זיך געענדיקט די בילדונג פון דער יוגנט וועלכע האָט קוים געקאָנט לייענען און שרייבן.

אין די יאָרן 1914—1900 ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט אַ טייל פון דער יוגנט עמיגרירט קיין אַמעריקע און קאַנאַדע, און מיט דער צייט זיי אָנגעהויבן צו שטיצן זייערע עלטערן, דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט־קוועלן פון זייער עקזיסטענץ.

נאָכן סוף פון דער וועלט־קריג איז נאַליבאַק געוואָרן אַ טייל פון דער פּוילישער רעפּובליק. די פּאָליאַקן האָבן געגרינדעט אַ פאָלקס־שולע אין וועלכן יידישע קינדער האָבן אויך געדאַרפט גיין לערנען. אין חדר האָט מען שוין אַנשטאָט דעם „רבין" געבראַכט אַ „לערער", וועלכער האָט אָנגעהויבן לערנען אויך אַלגעמיינע בילדונג. אַ טייל פון דער יוגנט איז אויך געפאָרן לערנען אין ישיבות. די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער באַפעלקערונג האָט נישט דערמעגלעכט דער יוגנט צו פאָרן זיך לערנען אַלגעמיינע בילדונג, און דער קולטור־רעלער צושטאַנד אין שטעטל איז געווען באַדייטנד אָפּגעשטאַנען.

דער געדאַנק וועגן ארץ־ישראל און די השכלה־באַוועגונג האָבן אַריינגעטראָגן ליכט אין יידישן לעבן אין פּוילן, און דאָס גלייכן אין לעבן פון די יידן אין נאַליבאַק. ווי געזאָגט אויבן האָט מען אָנגעהויבן לערנען אויך אַלגעמיינע בילדונג און די עלטערן האָבן זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן וועגן אַ בעסערע צוקונפט פאַר זייערע קינדער.

דאָס יאָר 1929 האָט פאַרשריבן אַ נייע בלאַט אין דער געשיכטע פון שטעטל. אין דעם דאָזיקן יאָר פון די באַוווּסטע אומרוען אין ארץ ישראל האָט זיך צונויפגעקליבן אַ טייל יוגנט, וועלכע האָבן געלערנט אין ישיבות און אין חדר און האָבן באַשלאָסן אליין נעמען זייער גורל אין האַנט. עס האָט זיך געגרינדעט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר" און אין פאַרלויף פון דער צייט נאָך ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

די הויפּט־אויפגאַבע פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז געווען דערנענטערן די יוגנט צו די פּראָגן פון דער צייט, וועגן ארץ ישראל, און וועגן אויפהויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון שטעטל.

עס האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט פאַר קרן קיימת, אַ ביבליאָטעק, ס׳זענען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען א.א.וו.

די יוגנט האָט אָנגעהויבן פאָרן אויף הכשרה, און ערנסט גענומען טראַכטן וועגן עליה קיין ארץ ישראל.

אויך די עלטערן האָבן געלייגט גרויס האָפענונג, אַז די

קינדער וועלן מיט דער צייט אריבערנעמען אויך זיי קיין ארץ ישראל.

אין יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע שטימונגען און מעשים אויך אין פוילן. דאָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן די נאליבאקער ייִדן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן עקאָנאָמישע באָיקאָטן קעגן ייִדישן האַנדל, און די עקזיסטענץ פון די ייִדן איז געוואָרן באַדראָט. צום גרויס באַדויערן זיינען דאַן די עליה־מעגלעכקייטן געווען זייער באַגרענעצט, און די ייִדישע לאַגע איז געווען אָן אַן אויסוועג.

אין יאָר 1939, ווען עס האָט שוין געשמעקט אין דער לופט די פויליש־דייטשע קריג, האָט די פוילישע מאַכט אַרויפגעלייגט אַ גרויסע געלט־קאָנטריבוציע אויפן שטעטל. די לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. אַ טייל יוגנט האָט מען מאָבּליזירט אין דער אַרמיי.

נאָכן אויסברוך פון דער פויליש־דייטשער קריג זיינען אין נאליבאק אַריין די סאָוויעטן. אַלע יוגנטלעכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון פראָנט און קנאַפּע צוויי יאָר איז נאליבאק געווען אונטער דער סאָוויעטיש־רוסישער מאַכט.

נאָכן אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשער קריג איז נאַליבאָק אין די ערשטע טעג אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. עס האָט זיך גלייך געפונען אַ טייל יוגנט פון די אָרטיקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן און האָבן פאַרשאַפט פיל צרות און פּיין דער ייִדישער באַפעלקערונג, איבערהויפּט די וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די רוסן.

איך וויל דאָ דערציילן איין פּרט פון פיל הונדערטער פאַלן וואָס האָט אויפגעטרייסלט דעם געוויסן אפילו פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן עטלעכע פּוילישע יוגנטלעכע באַנדיטן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג צונויפגעטריבן אין באָד, כמעט אַלע ייִדישע איינוווינער פון שטעטל יונג און אַלט, מענער און פרויען, אויסגעטאָן אלעמען נאַקעט און געהייסן וואַשן איינער דעם צווייטן. צו מאָרגנס האָט דער גלח פון שטעטל צונויפגערופן אין קלויסטער די אָרטיקע באַפעלקערונג, און שטאַרק געטאַדלט אַזעלכע אוממענטש־לעכע און סאַדיסטישע טאַטן.

אין נאָוועמבער 1941 האָבן די דייטשן באַשלאָסן צונויפ־קלייבן אַלע ייִדן פון די קליינע שטעטלעך אין איין געטאָ אין דעם שטעטל רובעזעוויטש. זיי האָבן דאָס געטאָן כדי צו האָבן אַלעמען צוזאַמען אין איין אָרט כדי קענען אויספירן זייער „ענדע ציל" פון דער ייִדישער פראַגע.

אין איין האַרבסטיקן נאָוועמבער־טאָג האָט מען אָנגעזאָגט אַלע ייִדן זיי זאָלן דערשיינען אויפן פּלאַץ נעבן גמינע.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן די פּאַניק וואָס דאָס האָט אַרויס־גערופן.

מענטשן וואָס האָבן דורות לאַנג געוווינט אין זייער שטעטלע, דאַרפן פּלוצלינג אַלץ פאַרלאָזן ניט ווויסנדיק אפילו וווּ אַהין, און וואָס זיי דערוואַרט דער מאָרגן.

איך זע פאַר מיינע אויגן, ווי פאַרטאָג, האָבן אַלע ייִדן, יונג און אַלט, זיך געשלעפּט מיט זייערע פּעקלעך אין די הענט, וויסענדיק אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל ווי זייערע פיס טרעטן אויף די ערד וווּ זיי זענען געבוירן געוואָרן. אַרויס־גייענדיק פון שטעטל האָב איך געזען די לאַנגע קייט וואָס האָט זיך געשלעפּט איינער נאָכן צווייטן און געגעבן אַ לעצטן קוק אויף דער אייגענער שטוב, וועלכע מען וועט שוין מער ניט זען און יעדער איינער האָט נאָך אַרויסגעלאָזט אַ טרער אונטערן האָגל פון קלעפּ און שמיץ וואָס זיינען געפאַלן אויף אונזערע קעפּ כדי אונדז צו יאָגן און ניט לאָזן אפילו זיך געזעגענען מיט דער אַלטער היים.

מען האָט אונדז געבראַכט קיין רובעזעוויטש ווו מען האָט אונדז לאַנג ניט געלאָזט זיצן. אַ טייל יוגנט, די אַרויס־געטריבענע פון די אַרומיקע שטעטלעך — האָט מען געכאַפּט און אַוועקגעפירט קיין דוואָרעץ אויף אַרבעט, מען האָט אונדז געבראַכט אין גאַס און אַפילו ניט געלאָזט זיך געזעגענען מיט די עלטערן, וועלכע זענען געשטאַנען פון ווייטן און געזען ווי מען נעמט אַוועק, ניט וויסנדיק אַפילו ווו אַהין.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבן געזען אונדזערע טייערע עלטערן, די נאָענסטע און בעסטע וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט.

אַזוי האָבן זיך צעשיידט אויף אייביק עלטערן פון קינדער, מענער פון פרויען. די איבערגעבליבענע ייִדן אין רובעזעוויטש, דער עיקר די עלטערע מענטשן, האָבן די דייטשן צונויפגע־קליבן אין יוני 1942 און אַלעמען שוידערלעך אויסגעקוילעט — כמעט קיינער פון זיי האָט זיך ניט געראַטעוועט, און אפילו ניט געקומען צו קבר ישראל.

דער צווייטער טייל פון די נאַליבאַקער ייִדן האָבן זיך געפונען אין דוואָרעץ. אין אַ געוויסן טאָג איז דערגאַנגען צו אונדז די שוידערלעכע ידיעה וועגן גרויזאַמען טויט פון אונדזערע נאָענסטע אין רובעזעוויטש.

מיר האָבן געזען אַז עס דערנענטערט זיך אויך אונדזער סוף. די לאַגע אונדזערע אין דוואָרעץ איז געווען זייער אַ שווערע, מיר האָבן שווער געאַרבעט, ניט געהאַט וואָס צו עסן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן אין וואַלד, מיר האָבן פאַרקויפט די לעצטע זאַכן פון זיך און אָנגעהויבן צוגרייטן געווער.

אָבער דער גרויזאַמער מערדער האָט אונדז אויך אין דוואָרעץ נישט געלאָזט לאַנג זיין און אין 28.12.1942, ווען מיר זענען אַויפגעשטאַנען גאַנץ פרי כדי צו גיין צו דער אַרבעט, האָבן מיר געזען אַז מיר זענען אַרומגערינגלט מיט דייטשן.

מען האָט אונדז געוואָלט פאַרנאַרן און געזאָגט, אַז מיר זאָלן קומען מיט קליינע פּעקלעך אין האַנט, ווייל מען וויל אונדז פירן אויף אַרבעט אין אַ צווייטן אָרט. אַ טייל האָבן זיך געלאָזט אַרייננאַרן. אַ צווייטער טייל צווישן זיי, נאַליבאַ־קער ייִדן און פון אַנדערע שטעטלעך, איז געלונגען צו באַהאַלטן זיך און אַנטלויפן אין וואַלד. אָבער דער גרעסטער טייל פון די דוואָרעצער, דאָס רוב נאַליבאַקער ייִדן, זענען

געוואָרן מערדערלעך אויסגעקוילעט, און האָבן געפונען זייער טויט אין די אַלגעמיינע גריבער לעבן נאָוואָיעלנע.

נאָך ביידע שחיטות זענען מיר געבליבן בערך אַ 30 יידן פון אַלע נאַליבאקער יידן. נאָך גרויסע וואַנדערונגען און צרות זענען מיר אָנגעקומען אין דער גרויסער נאַליבאָקער פּושטשע, צעוואָרפן זיך אין פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער גרופּן. מיר האָבן פיל נקמה גענומען פאַר אונדזערע טייערסטע און נאָענסטע. די שטעטל נאַליבאק האָט מען פאַרברענט, מען האָט אויך פאַרברענט די אַלע דערפער אַרום שטעטל. די פּויערים האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד צוזאַ־מען מיט די אַלע באַנדיטן וואָס האָבן אונדז אַזויפיל צרות פאַרשאַפט. אין די נאַליבאקער וועלדער האָבן זיך געפונען צענדליקער טויזנטער פּאַרטיזאַנער צווישן זיי עלענדע, צע־בראָכענע עטלעכע נאַליבאקער יידן, וועלכע האָבן פיל נקמה גענומען און אַ סך כבוד פאַרשאַפט אונדזער שטעטל.

ניט אַלע פון די אַנטלאָפענע נאַליבאקער יידן האָבן זוכה געווען דערלעבן די באַפרייאונג. אַ טייל איז געפאַלן אין וועג פון קעלט און הונגער ווי אויך פון קוילן פון שונא.

אין חודש יולי 1944 זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע מיליטער. מיר האָבן זיך אַלע צונויפגעקליבן אין דעם שטעטל איוועניץ און דאַן ערשט האָבן מיר דערפילט אונדזער עלענטקייט און פּיין. 18 נאַליבאקער יידן זענען פאַרבליבן, צעבראָכענע רעשטלעך פון אַ רומפולע יידישע עדה וועלכע האָט עקזיסטירט הונדערטער יאָרן. מיר האָבן באַשלאָסן אַז מיר וועלן ניט בויען אונדזער צוקונפט אויף די חורבות פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע עלטערן און פריינט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די אַלטע היים, גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך געלאָזט אין וועג.

דער גרעסטער טייל איז געקומען קיין ארץ ישראל און אַ טייל האָט עמיגרירט קיין אמעריקע.

אַזוי האָט זיך געענדיקט אויף אייביק אַ בלוטיקע פּרשה פון איין אַלטע יידישע קהילה. אַ טייל פאַמיליעס האָבן נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַפילו קיין איין קרוב. די קברים פון אונדזערע נאָענסטע און טייערסטע זענען צעשפּרייט אין ווייס־רוסלאַנד נישט ווייסנדיק אפילו ווו זיי זענען.

יעדן יאָר קלויבן זיך צונויף עטלעכע געבליבענע נאַלי־באקער יידן צום יאָרצייט כדי צו דערמאָנען אַלע נאליבאקער קדושים.

ערע זייער אַנדענק.



**סטויבצער „פועלי ציון“ (החלוץ) מיט חברים פון קיבוץ אין ישראל**

זיצן פון רעכטס: אברהם איזנעלבוך, הינדע ראָזאָווסקי, חבר קיבוץ, ציפּע־רחל טוניק, מרדכי ראָזאָווסקי, לייבל גארמיזע; שטייען פון רעכטס: אַקירזשנער, משה׳ל קלוטש, חבר קיבוץ, חיה רעזניק, חבר קיבוץ, משה באָרסוק, משה טוניק (עטקעס), ברכה באָרסוק, בערל מאַלצאדסקי, שלום רודיצקי, חבר קיבוץ.

★

נאָך אין יאָר 1949 איז פאַרנאָטירט געוואָרן אין די סטויבצער פּראָטאָקאָל־העפטן אַ פאַרלאַנג אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך אַ לעבע־דיקע מצבה און פאַראייביקן דער חרובער שטעטל סטויבץ און איר סביבה.

פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון אַרויסגעבן אַזאַ בוך איז געווען כמעט ווי נאָר אַ שיינער ווייטזיכטיקער חלום.

קליין אין מנין און שוואַך אין בנין, זענען געווען אונדזערע סטויבצער. ס׳זענען פאַרבליבן קנאַפּע אינטעלעקטועלע כוחות, וועלכע וואָלטן געקענט ווידמענען זייערע פעאיקייטן פאַר דעם צוועק.

אויף די יאָרצייט־אָוונטן פלעגט קלינגען דער וואַרעמער רוף פון אונדזער זלמן שזר: „ס׳איז דער געבאָט פון דור, און טאַקע דאָ, אויף דער הייסער שעה הויבט אָן טראַכטן וועגן אַ יזכור־בוך פאַר סטויבץ.״

דער גאַדאַנק איז געווען נאָענט צום האַרצן און האָט שטאַרק אַפּעלירט צו די געפילן. אָבער ווי דערגרייכט מען עס?

יאָרן זענען פאַראיבער און במשך פון דער צייט האָבן צענדליקע שטעט און שטעטלעך אַרויסגעגעבן יזכור־ביכער.

אין 1954 איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען די ערשטע שריט וועגן אַרויסגעבן אַ סטויבצער בוך. מיר האָבן אָנגעהויבן באַקענען זען און לערנען די דאָזיקע פראַגע אין אַלע איר אָפּצווייגונגען. מען האָט זיך געווענדעט צו באַהאַוונטע מענטשן וועלכע האָבן אַרויסגע־געבן די ביכער פון די שטעט לונינעץ, באַראַנאָוויטש, קלעצק א.אַ.וו. כדי צו לערנען און געניסן פון זייער נסיון.

דער ערשטער שריט איז געווען זאַמלען מאַטעריאַל, אַרטיקלען, זכרונות, פאַרשיידענע רשימות און וואָס פאַר אַ פאָרעם עס זאָל נישט זיין. גלייכצייטיק נישטערן אין אַרכיוון, ביבליאָטעקן, אין דער פרעסע און אין פעריאָדישע אויסגאַבן וועגן דעם לעבן אין סטויבץ.

די אָפּטע רופן און ווענדונגען צו די סטויבצער האָט צום ערשטן נישט געפונען קיין גרויסן אָפּקלאַנג. ווייניקע האָבן געשיקט נאָטיצן און זכרונות. אָבער יעדע קליינע רשימה יעדער שטיקל געשריבן פאַפּירל איז אָפּגעשאַצט און אָפּגעהיט געוואָרן ווי אַ אבן טוב. לאַנגזאַם האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ פאַפּיר צו אַ פאַפּיר אַ שריפט צו אַ שריפט און עס איז געוואָרן אַ יש מאַין.

אַ גרויסע באַשטייערונג צום בוך האָט בייגעטראָגן מענדל מאַכטיי מיט זיינע פאַרשריבענע העפטן אין וועלכע ער האָט באַהאַנדלט פאַרשיידענע שיכטן און פאָלקס־מענטשן פון סטויבץ. אין די ערשטע שריט פון ספר סטויבץ האָט ער געדינט אַלס שטויס־און טרייב־קראַפט צו די ווייטערדיקע שאַפונגען. אַ טייל פון זיינע בעאָבאַכטונגען דערשיינען אין אונדזער בוך.

אין די אַרכיוון זענען אַנטדעקט געוואָרן אַרטיקלען און קאָרעס־פּאָנדענץ־נאָטיצן וועגן סטויבץ אין „המליץ״, „הצפירה״ א.אַ.וו. פון ענדע פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

די אַקטיווע רעדאַקציע־מיטגלידער האָבן געטאָן אַ חלוצישע אַרבעט, ווידמענענדיק פיל צייט און מי לטובת דעם ספר סטויבץ. טעג און נעכט זענען אָפּגעגעבן געוואָרן ביים סאָרטירן די איינצלנע רשימות, ביים באַאַרבעטן יעדן אָנגעשריבענעם אַרטיקל און ביים איינשטעלן דאָס אַלץ אויפן פּאַסנדן און ריכטיקן פּלאַץ.

ס׳זענען געווען אַנטוישונגען. אָפּט מאָל איז מען געקומען צו אַ פאַרגליווערונגס־פונקט, צו אַ שטיקל קריזיס, ניט אַהער און ניט אַהין. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז עס זעט זיך ניט אַרויס קיין אויסוועג און ענדציל. דאָך האָט זיך די אַרבעט אַ רוק געטאָן פאָרויס און זיך באַוועגט לאַנגזאַם, און ווי עס איז אַרויס אויפן דרך המלך.

אָנערקענונג און אַ דאַנק קומט אונדזער רעדאַקטאָר (ווי אויך רעדאַקטאָר פון „פנקס סלוצק״), נחום כיניטש, פאַר זיין סאָלידאַריש־טיכטיקער מיטאַרבעט, פאַר זיין געדולדיקייט און פאַרשטענדעניש, געפינענדיק אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט יעדן באַזונדער און יעדער סיטואַציע.

געצל רייסער האָט בייגעטראָגן זייער פיל פון זיין שטענדיקער פלייסיקייט און איניציאַטיוו ביים פאַרווירקלעכן דאָס אַרויסגעבן פון בוך. די חברים אליעזר מלמד, צבי סטאָלאָוויצקי און דעם מתקין שלום אחיעזר קומט א אמתער יישר כוח פאַר זייער אומדערמידלעכער אַרבעט ביים באַאַרבעטן סאָרטירן און זאַמלען דעם מאַטעריאַל.

ואחרון אחרון, אַ דאַנק די פיל צענדליקער סטויבצער און אַנדערע וועלכע האָבן געגעבן זייער ביישטייער צום בוך דורך שרייבן אַר־טיקלען, זכרונות און אַנדערע רשימות. ווי אויך די מיטאַרבעטער פון דער קאָפּעראַטיווער דרוקעריי „אַחדות״ און די מיטאַרבעטער פון דער קאָפּעראַטיווער צינקאָגראַפיע אַרצישראלית אין תל־אביב, וואָס האָבן זייער אַרבעט אויסגעפירט געוויסנהאַפט און מיט ליבע צו דער זאַך. — די אַלע האָבן מיטגעהאָלפן צום אַלגעמיינעם דערפאָלג פון אַרויסגעבן דעם „ספר זכרון סטויבץ־סווערז׳נא״.

**הועד למען הספר**



**רעדאַקציע קאָלעגיום**
זיצן פון רעכטס: נחום כיניטש, געצל רייסער
שטייען: אליעזר מלמד, צבי סטאָלאָוויצקי

# יִזְכֹּר

**יַעֲלֶה זִכְרוֹנָם שֶׁל אַנְשֵׁי עִירֵנוּ יְהוּדֵי סְטוֹיבְּץ, הַקְּדוֹשִׁים וְהַטְּהוֹרִים, אֲנָשִׁים נָשִׁים וָטַף, רַבָּנִים, צַדִּיקִים, אַרְזֵי הַלְּבָנוֹן וְאַדִּירֵי הַתּוֹרָה, עַסְקָנֵי צִבּוּר, תְּמִימִים וִישָׁרִים, שֶׁהוּמְתוּ, נֶהֶרְגוּ, נִשְׁחֲטוּ, נִשְׂרְפוּ, נֶחְנְקוּ, וְנִקְבְּרוּ חַיִּים עַל קִדּוּשׁ הַשֵּׁם בִּידֵי הַנָּאצִים וּגְרוּרֵיהֶם. אֶרֶץ אַל תְּכַסִּי דָמָם, יִתְגַּדֵּל שְׁמָם לְעוֹלְמֵי־עַד וְיִתְקַדֵּשׁ זִכְרָם לְנֵצַח־נְצָחִים.**

**אאוסקרן איסר (מאוזדה)**
אשתו נחמה ושני ילדיהם
**אברמוביץ חיים (מברנוביץ)**
אשתו שרה ושני ילדיהם
**אבנציק קלמן**
אשתו פעשה ושני ילדיהם
**אגינסקי אייזל**
אשתו סטערע, ילדיהם: חיה, מוסיה, ברך, לייבה, נחמה
**אגינסקי ביילה (אשת שמואל דער צעשלער)**
**אגינסקי בלומה (אשת זלמן)**
ילדיהם: ישראל, ראשה לאה ועוד
**אגינסקי העניה (אשת ברל)**
ילדיהם: מערע, מושע, בלומה, בתיה, פעשע
**אגינסקי פייוועע**
אשתו דבאשה, בניהם ברל, מאשה
**אגינסקי לייבל (שאָשעס)**
אשתו ביילקה ושלש בנותיהם
**אגינסקי לאה (אשת שמואל לייב)**
בתם שיינה ובנם

**אגינסקי חיה שרה (אשת שלמה)**
ושתי בנותיהם
**אגינסקי משה**
אשתו שאשה
**אגינסקי שפסל**
אשתו חנה רבקה, בנם חיים יהושע
**אוטיבסקי שלמה**
אשתו אסתר
**איזגור משה**
**איזגור יצחק**
אשתו ביילה, ילדיהם: חיים־לייזר, חנה, אליהו
**אייזנברג חוה (אשת נח)**
בנה אברהם
**אייזנברג שרה (אשת אהרון)**
ילדיה: בתיה, צבי, איטקה
**אייזנברג העניה (לבית טוניק)**
ובנה
**אינזלבוך קלמן**
אשתו חנה לאה, בתם יהודית
**אינזלבוך מרדכי**
אשתו העניה, ילדיהם: צבי, שרה

**אינזלבוך שרה (אשת אלי)**
ובנה
**אינזלבוך שאשה (אשת יהושע)**
**אינזלבוך בערל (שאָשעס)**
אשתו העניה וארבעת ילדיהם
**אינזלבוך מלכה (אשת ליב)**
בנותיה: רייזל, רחל, בתיה
**איצקוביץ זישקה (אשת אייזיק)**
ילדיהם: יעקב, גיטה, משה, שלמה
**אלטמן חנה־פייגה (אשת שאול איזיק)**
ילדיה: ליבה, רחל
**אלטמן לייבל**
אשתו בלומה ושני ילדיהם
**אלטמן יעקב**
אשתו איטקה, ילדיהם: עטה לאה, שאול איזיק
**אלטמן אברהם מאיר**
אשתו אלטה, ילדיהם: לייבל, וועלוול, חיים ועוד בת
**אלטמן יקותיאל**
אשתו יוכבד, ילדיהם: שולמית, שלמה
**אלפרוביץ (משפחה בטחנת קמח משעקי)**

**אלפרוביץ יהושע**
אשתו חסיה ושני ילדיהם
**אנגולד ישעיהו**
אשתו איטקה, ילדיהם: חיים, נחמן
**אסתרקין שמריהו**
אשתו אשקה, ילדיהם: יעקב, איידלה, צביה
**אסתרקין בערל**
אשתו חנה, ילדיהם: צבי, שרה, משה
**אסתרקין ברוך**
אשתו זלאטה ושני ילדיהם
**אסתרקין זלאטה (לבית פיסצנר)**
בנותיה: זלדה, מרים
**אפשטיין יצחק שמואל**
אשתו פרומה־רעשע
**אפשטיין יוסף**
אשתו לאה ילדיהם: ישראל, מרדכ י
**אפשטיין משה**
אשתו פייקה ובתם שימקע
**אפשטיין אברהם**
אשתו ליבה ובתם פסיה
**אפשטיין אבא**
אשתו רחל
**אפשטיין היישע**
אשתו שרה ושני ילדיהם
**אפשטיין חיים**
אשתו רחל וילדם
**אפשטיין דוד**
אשתו רחל וילדם
**אקן הלל**
אשתו באשה, בנם שלום
**אקן חיים הירשל**
אשתוביילקה, ילדיהם: מרדכי ועוד אחד
**אקן ברוך עזר**
אשתו חינקה ובנם ברל
**אקון איזיק**
אשתו שרה וילדם
**אקון טייבה, בעלה וילדם**
**אקון זלמן**
אשתו חנה וילדם
**אקון הלל (ברוך עזר'ס)**
אשתו פלה וילד
**אקון עזר**
אשתו ביילקה ושלושת ילדיהם
**אקסלרוד אשר**
אשתו: רחל ילדיהם: יעקב, נחמה, חיים־ לייזר
**אקסלרוד בועז**
אשתו פרומקה, בנם משה
**ארונציק שלום**
אשתו ביילקה ילדיהם: יונה משה ועוד אחד

**ארונציק יצחק**
אשתו דבורה ושני ילדיהם
**ארונציק ירחמיאל**
אשתו לאה, ושלושת ילדיהם

**באגין מיכאל**
אשתו רישה
**באגין אבא**
אשתו סוניה וילדם
**באגין ברטה (ליטוינסקי)**
**באגין משה (מבארנוביץ)**
בנותיו: בילקה, פרידה, בתיה
**באסקין משה**
אשתו מושה בנם איזיק
**באסקין לאה (לבית דוורצקי)**
**בארישנסקי ישעיהו הרב**
אשתו ובנו
**בארישנסקי אייזיק**
אשתו טייבל, ילדיהם: גולדה, נחמה
**בורסוק פייקה (אשת יוסף)**
בתם ברכה
**בורסוק יצחק (מסנוב)**
אשתו רחל ושלושת ילדיהם
**בורסוק ליבה (גוטלס)**
ושלושת ילדיה
**בורסוק נת (בן משה)**
**ביטנסקי יצחק**
אשתו הינדל ושלושת ילדיהם
**בנדלמן רבקה (אשת ישראל)**
ושני ילדיהם
**ברגר דינה רייזל**
**ברגר עוזר (לייבע בענצעס)**
אשתו מלכה ושני ילדיהם
**ברוכנסקי לייב**
אשתו מלכה
**ברוכנסקי דב בער**
אשתו חנה
**ברוכנסקי יצחק**
אשתו פאלה וילדם
**ברוכנסקי יעקב**
אשתו באשה ילדיהם: האניע, שלמה,
**ברוכנסקי מיכל (שלמה'ס)**
אשתו: באשה ילדיהם: האניע, שלמה, יחזקאל, אלימלך, ישראל, פרץ, בנימין
**ברוכנסקי יצחק (שלמה'ס)**
אשתו ביילה ראשה ובתם חוה
**ברוכנסקי יהושע (חצקל'ס)**
אשתו מינה ילדיהם: רחל, יחזקאל, שלום, בלומה, דב, ירמיהו, פריידל

**ברוכנסקי יחזקאל**
אשתו זישה
**ברוכנסקי שמעון**
אשתו חנה ושני ילדיהם
**ברוכנסקי יצחק (חצקל'ס)**
אשתו דבורה ושלושת ילדיהם
**ברוכנסקי לייבל**
אשתו חיה ושלושת ילדיהם
**ברוכנסקי פייוול (שמעונ'ס)**
אשתו שרה ושני ילדיהם
**ברוכנסקי חיינה (אשת אלי)**
ושני ילדיהם
**ברוכנסקי בערל (שמעונ'ס)**
אשתו ביילה וילדם
**ברוכנסקי זלמן (מיכל'ס)**
אשתו רייכל ושני ילדיהם
**ברוכנסקי סלאווע**
(אשת יצחק) בנה חיים ושתי בנות
**ברוק שרה (מינקעס)**
**ברנשטיין יעקב לייב**
אשתו באשה פייגל ילדיהם: ראשקע, הינדה, דבורה, אידל
**ברנשטיין משה יצחק**
אשתו שרה יעסל ילדיהם: הירשל, טייבל, הינדה, שרה—איטקה, בערל, יוסף
**ברנשטיין יעקב**
אשתו גישקה ושני ילדיהם
**ברנשטיין יוסף**
אשתו ליבה ושלושת ילדיהם
**ברנשטיין ראובן**
אשתו מושה, ילדיהם: עוזר, אשקה ועוד שניים
**ברנשטיין יצחק**
אשתו צינה, ילדיהם: שניאור, שמואל, עשקע, עוזר
**ברנשטיין מרדכי (אדעסער)**
אשתו מרים
**ברנשטיין נח (אדעסער)**
אשתו פעשקה ושני ילדיהם
**ברנשטיין יוסף חיים**
אשתו שרה באשה, ובנם פייטל
**ברנשטיין יעקב (שרה באַשעס)**
אשתו מלכה ושני ילדיהם
**ברנשטיין דב (מאוודה)**
אשתו חשה בריינה וארבעת ילדיהם
**ברקוביץ אבא (מברנוביץ)**
אשתו זעלדה ושני ילדיהם
**ברקוביץ דינה (אשת בערל פייווע)**
ילדיהם: מרים, מיכאל, גניה, ליבל
**ברקוביץ טייבה (אשת אברהם**

ברקוביץ אידל (טייבעס)
אשתו שרה וילדם
ברקוביץ יעקב מאיר
אשתו מערע ושני ילדיהם
ברקוביץ חיים ליב
ברקוביץ אברהם (משוורזנא)
אשתו ליבה וילדם
ברקוביץ מירקה

גאפין מיכאל
אשתו פריידל, ילדיהם: בערל, הירש
גוטהרד העניך
אשתו רבקה ובתםביילה
גולדברג שמואל (נפח)
אשתו ליפשה ילדיהם: זלמן, מלכה
גרשון, ישראל, שמעון, גדליה
גולדברג שמואל (צבעי)
אשתו שרה עלקה, ילדיהם: שרה, לאה,
רחל, נח, אלימלך, פרלה
גולדברג זלמן (ממוהילנה)
אשתו חנה וילדם
גולדין תמר (אשת דוד׳ל)
ושני ילדיה
גיטעלעס משה הרב
אשתו ביילה ובתם
גילימובסקי איטקה ובתה
גינזבורג שאול
אשתו שרה, ילדיהם: יהושע ועוד שניים
גורביץ אברהם (באמה)
אשתו באשה וילדם
גורביץ שלמה (ממיר)
אשתו באשקה ושלושת ילדיהם
גורפינקל שלמה
אשתו חיה רעשה ובתם ביילקה
גורפינקל בערל
אשתו פייגל וילדם
גורפינקל נחמה (שלמקעס)
בעלה וילדיהם
גראנדה מאיר (משוורזנא)
אשתו רישה, ילדיהם: יונה, ראובן־השל
גראנדה בערל (משוורזנא)
אשתו רישה ושני ילדיהם
גרונעס ישעיהו־ברכיהו
אשתו ראשע ובנם מרדכי איזיק
גרונעס ליב אהרון
אשתו מלכה וילדם
גרמיזא אסנה רחל
גרמיזא ברוך
אשתו עשקה, ילדיהם: שימה, חיים־יעקב,
רבקה־טישה

גרמיזא ליבל
אשתו שולה וילדם בערל
גרמיזא חיים (ממינסק)
אשתו חוה שלייף) ושלושת ילדיהם
גרשוביץ ליבה (גולדה שלמה׳ס)
וארבעת ילדיה
גורביץ רחל
בנותיה: יענטיל ועוד אחת
דבורעצקי חיים
אשתו דבורה ובנם הערשל
דבורעצקי נחמה (אשת יוסף)
ילדיה: לייבל, הרשל, באשה, מרים
דבורעצקי רחל בעלה וילדם
דובקובסקי משה
אשתו רבקה, בתם עטיל
דומניץ יעקב
אשתו אלקה וילדם
דורסקי ליפמן
דורסקי לובה
ד״ר דנילוביץ שלמה (נהרג בברנוביץ)
אשתו ושני ילדיהם
דקטורוביץ חיים מונה
אשתו חייקה ושלושת ילדיהם
ד״ר דנילביץ הירשל ואשתו

הארנקריג דניאל (נהרג בדרך למינסק)
הרכבי שלמה
אשתו שימה
הרכבי ביסן
ובתו
הרכבי יוסף
אשתו אסתר וילדם
הרלל יאנע (קיטייביץ)
ובתה
הנקין אברהם בערל
אשתו חיה לאה
הייבלום ירחמיאל (סנדלר)
אשתו שרה וילדם

ודונוס איטקה
ודונוס יעקב
אשתו מרים וילדם
וועלץ נחום (מאוזדה)
אשתו מלכה ושתי בנותיהם
וולפסון יחזקאל
אשתו רחל ושתי בנותיהם
וולפסון זאב (חצקל׳ס)
אשתו ראזה, ילדיהם: לוסיה, ברל
ויבוקור לייב
אשתו צביה (סרגוביץ) ובנם נפתלי

ווינריב חיה (לבית הרכבי)
בעלה ובתם
וויינשטיין שמשון
אשתו הינדה, ילדיהם: ישראל חיים, רוזה,
אהרון
וויינשטיין אליעזר (הסנדלר)
אשתו צייטקע וארבעת ילדיהם
וויינשטיין ריינה (אשת שמואל)
וויינשטיין גולדה (לבית אלטמן)
ובנה משה
וויינראך יהושע (ראש הקהל)
אשתו רחל
ווינר אהרן (מביטן)
אשתו פייגל, ילדיהם: מרים, יחזקאל,
לאה, יעקב

זוכוביצקי גרונה (אשת שמואל)
ילדיהם: חיים, פייגל
זילברמן משה (מרובזביץ)
אשתו פייגל, ילדיהם: יעקב, אהרן, מינה
זילברקווייט ליבל
אשתו איטקה ושני ילדיהם
זימנוביצקי חיים
אשתו מאשה ושני ילדיהם
זליקובסקי שמעיהו
אשתו באשע חיה בתם חנה
זליבינסקי ברוך (משוורזנא)
אשתו חנה
זליבינסקי שלמה (משוורזנא)
אשתו אסתר ושני ילדיהם
זלוטניק געצל
אשתו שרה ושני ילדיהם
זלטקין שמואל יוסף
אשתו מושה
זרצקי בערל
אשתו ראשקע ילדיהם: חיים, משה, חיה
זרצקי ביילקה (אשת אליעזר)
ילדיה: משה, צביה, אברהם

זרצקי גודל אשתו פרדה (לבית מירסקי)
ילדיהם: פייגל, חלבנה
זייציק בארקע אשתו רבקה (לבית חרחר
רים) ובתם מלכה

חארי שלמה שו״ב
אשתו פעשקע, ילדיהם: שלום, שולמית,
רבקה, משה דוד ועוד ארבעה
חודירקר ישראל דב
אשתו מלכה ושני ילדיהם

**חיטוביץ מאיר**
אשתו ליבה
**חיטוביץ זימל**
אשתו שרה דבורה, ילדיהם: צביה, חיה, אהרן, לייבל מאשה, בנימין
**חיטוביץ בן־ציון**
אשתו אסתר ושני ילדיהם
**חיניץ אליהו**
אשתו לאה, ילדיהם יעקב ועוד שניים
**חצקלוביץ יצחק**
אשתו גרוניע ושני ילדיהם
**חרחורים אברהם יעקב**
אשתו הינדה ושני ילדיהם
**חרחורים ירוחם**
אשתו פייגל, ילדיה: לייזער, יצחק, פעסיע
**חרחורים חיים**
אשתו מרים
**חרחורים זליג**
אשתו ציפקה, ילדיהם: חנן, חנה, לאה

**טוב מאשה** (לבית לונגין)
**טוכמן יעקב**
אשתו סאליה
**טוניק אידל** (הקצב)
אשתו עטקע
**טוניק משה** (אידל׳ס)
אשתו מלכה וילדם
**טוניק זאב** (ב״ר עזריאל)
אשתו ברכה, ילדיהם: נחמן, פסח, יעקב שלמה, לאה
**טוניק משה** (בן זאב)
אשתו רבקה וילדם
**טוניק ראובן** (בן זאב) ואשתו
**טוניק ציפקה** (אשת עזריאל) ובנם
**טוניק אליהו** (עזריאלס)
אשתו פייגל, ילדיהם: יוסף, זאב, אלקה
**טוניק אלקנה**
אשתו ביילקה ובנם צבי
**טוניק זאוול**
אשתו פייגל
**טוניק מרדכי**
אשתו פראדקה, ילדיהם: מאניה, יצחק
**טוניק שמואל** (קצב)
אשתו גנעשה, ילדיהם: יעקב־מאיר, שולה משה, פסיה
**טוניק נחום** (קצב)
אשתו חנה, ילדיהם: מרדכי, אליהו ועוד אחד.

**טוניק ליבה** (אשת זאב)
ושני ילדיהם
**טוניק הירשל משה׳ס**
**טוניק שאשה פרומה** (אשת צבי הירש)
ילדיהם: אסתר,צילה
**טוניק מריאשה**
**טוניק מאַטקע** (מדרעוונה)
אשתו עלקה, ילדיהם: צביה, ליבה ועוד שניים
**טוניק שפרה** (אשת שלום הקצב)
ילדיהם: נחמה, בערל ועוד שניים
**טוניק אברהם** (בן זאַוול)
אשתו טאַניה, ילדיהם: צילה, גילה, זאַוול
**טוניק פנחס** (בן זאַוול)
אשתו אטל בנם זאַוול
**טוניק אהרן** (בן זאַוול) ואשתו
**טוניק חיים יצחק** (בן אלקנה)
אשתו וחמשת ילדיהם
**טוניק רוניה**
**טוניק ליב** (קושקעס)
אשתו חיה גיטל
**טוניק ליבע** (אשת חיים משה׳ס)
**טוניק בערל** (חיים משה׳ס)
אשתו חנה ושלושת ילדיהם
**טוניק יוסף** (חיים משה׳ס)
**טוניק מיכאל** (חיים משה׳ס)
**טוניק יואל**
אשתו גיטל
**טוניק יודל** (מדערבנה)
אשתו בלומה ושלושת ילדיהם
**טוניק מאַטקה**
**טוניק אברהם** (קצב)
אשתו רבקה ושני ילדיהם
**טוניק ראובן העסל**
אשתו עטה
**טוניק יוסף ראובן** (העסל׳ס)
אשתו פייגל ושני ילדיהם
**טוניק ראובן** (יאשקעס)
אשתו הינדה וארבעת ילדיהם
**טוניק הירשל** (עזריאל׳ס)
אשתו דינה. ילדיהם: עזריאל, יעקב שלמה מרדכי ובת
**טוניק באשקע** (אשת שמעון)
ילדיהם: רבקה, אברהם, אליהו, וועלוול
**טילמן שלום**
אשתו פייגה רבקה ושני ילדיהם
**טרומביצקי נחמה שרה**
**טרובוביץ האדה** (גלעזערקע)
ילדיה: חיה, יעקב, פייוול

**טריבוך חיה רבקה** (מפוצטאווע)
ושני ילדיה
**טריבוך אברהם**
אשתו שרה, ילדיהם: מגדל, יושקע ועוד
**טריבוך פריידה** (משוורזנה)
ושלושה ילדיה
**יוזלבסקי שאשה** (אשת דוד הצבעי)
ילדיה: לאה ועוד אחת
**יוזלבסקי יוסף** (צבעי)
אשתו מלכה
**יוזלבסקי אליעזר** (מברנוביץ)
אשתו פייגל ושני ילדיהם
**יאזומבק רחל** (לבית חרחורים) ובנה
**ייכל בתיה** (אשת בן ציון)
ילדיהם: חיה, רחל, שלמה־יוסף
**יקימובסקי אידל**
אשתו יענטה וילדם צבי
**יקימוביץ אברהם**
אשתו צביה וילדם
**ייכל ברוך**
אשתו צינה, ילדיהם: סוניה, רחל, אברהם־יצחק, ישראל
**ינקלוביץ אברהם**
אשתו גרונה ושני ילדיהם
**יוסלביץ אלתר** (המורה)
אשתו פריידקה ונכדם
**יעל חיה** (אשת אהרן מאוודה)
ושלושה ילדיהם
**יקלציק ישראל**
אשתו מלכה וילדם
**ילובסקי יודל** (מטורץ)
אשתו שאשה ושלושת ילדיהם

**כהנוביץ שפסיל**
אשתו ברכה
**כץ זעלדה** (אשת ליב חאצעס)
ובנה אידל
**כץ יצחק** (ליב חאצעס)
אשתו שפרה ובנם
**כגנוביץ מלכה** (לבית ברנשטיין)
בעלה ובתם עליזה

**ליברמאן הרב ר׳ יהושע דב**
**לוין מינה** (בערל־הרצלס)
**לוין חיה שרה** (לבית טוניק)
ילדיה: שלמה, עמע, היישע, ברל, נינקה
**לוין ליבל** (חיה שרה׳ס)
אשתו שרה ושני ילדיהם

לוין לייבע (היישעס)
ושלושה ילדיו
לוסטרמאןביילקה (אשת חיים)
ילדיה: חנקה, יעקב
לוסטרמאן יואל
אשתו שרה ובנם
לוסטמאַן יוסף
אשתו חנה ובנם
לובצקי משה
אשתו פאניה: ילדיהם: אברהם, מרים, ישראל־מאיר ועוד שניים
לונגין לאה (אשת חיים)
ילדיה: מתתיהו, סוניה, ישראל, אריה
לונגין ריינה
ליניק חיה רחל (לבית ברגר)
ושלושה ילדיה
לייזרזון הרב ירחמיאל
אשתו רייכל ובתם מרים
ליס בנימין חיים
אשתו שרה
ליס עקיבא
אשתו שרה
ליס פייווע
אשתו רישה ושלושת ילדיהם
ליס יחזקאל
אשתו חיה ושלות ילדיהם
ליס אידל
לסוביצקי אסתר מלכה (משוורזנה)
ילדיה: ראובן, שמאי, חזקיהו, מרים
לפקובסקי הודה
ובנה

מארון מאיר
אשתו גוטקה
מארון מלכה (אשת יעקב חיים)
ושני ילדיה
מכטיי אהרן שר״ב
אשתו הינדה
מכטיי לייבע (מיישקעס)
אשתו רבקה, ילדיהם: חיה, יוסל, משה ועוד אחד
מכטיי ראובן (מיישקעס)
אשתו שירקה, ילדיהם: ישראל, מאיר זהבה
מכטיי אלי־הנדל (מיישקעס)
אשתו ביילה ושלושת ילדיהם
מכטיי מינה גולדה (לבית קושניר)
מכטיי הינדה (אשת ברל איסר)
מכטיי פיגל (אשת ראובן)
ושני ילדיה

מכטיי גוטקה (מרומאווע)
מכטיי בנימין ליב
אשתו גוטה ובתם
מכטיי ברוך (הנגר)
אשתו רבקה וארבעת ילדיהם
מכטיי שרה (אשת מנדל)
ילדיה: פעשע־חייקע, הענדל
מכטיי אליהו (חיים יצחק׳ס)
אשתו ראשקה, ילדיהם: חיה ברל, חיים־יצחק, שירקה, רחל, רבקה
מולצדסקי מנדל
אשתו דבורה, ילדיהם ברל, חיה, פסיה, פרידה
מולצדסקי מרדכי
אשתו מרים ושלושת ילדיהם
מולצדסקי פייוול (מברנוביץ)
אשתו דבורה, ילדיהם: יעקב, משה
מוצניק תנחום
אשתו רחל, ילדיהם: גיטל, מטלה, אליהו, יונה, נחום, דב
מוצניק שיימה
מורדצקי ואשתו (רייצעס)
ושני ילדיהם
מילצנזון אליקים
אשתו פייגה ריבה, ילדיהם: הירשל, חוה, סוניה, עמנואל, יעקב־שלמה
מילצנזון דניאל
אשתו עלקה, ילדיהם: חנה, מרישקה, שמואל
מיסקוב יוסף
אשתו רייזל
מוצניק יוסף
אשתו דינה, ילדיהם: יצחק, מרים, דוד, שושנה
מאזה יחיאל
אשתו חייקה, ילדיהם: עוזר, עשקע, אלקה, איצ׳ה, רייזל
מלמד משה
מלמד אסתר (אשת בנימין)
ובנם הרשל
מירסקי חיינה (אשת שלמה)
מירסקי פייווע (בן שלמה)
אשתו רבקה ובנם שלמה
מירסקי אברהם (בן שלמה)
אשתו חוה, ילדיהם: שולמית, רחל
מירסקי יוכבד (לבית מכטיי)
בתה שולמית
מירסקי ליאון
אשתו גרונה, ילדיהם: סלאווע, מרים

מירסקי מנדל (ממהילנא)
אשתו מניה ושני ילדיהם
מלקוס אליעזר
אשתו חאשקה, ילדיהם: יעקב, בערל ועוד אחד
מנקר זליג (קצב)
אשתו מושה, ילדיהם: אסתר, נחה, גילה, דינה, שרה
מנקר יצחק
אשתו פרומקה, ילדיהם: לולה, ברל, גיטל, יוסף, מרים
מנקר אברהם
אשתו רעלקה, ילדיהם: לולה, הירשל, ראובן, שרה, זאב
מנקר נתן
אשתו זלאטה, ילדיהם: מאשה, חסיה, אליהו
מנקר חיים
אשתו חיה ביילה ובנם נחה
מנקר אלתר
אשתו בלומה ובנם
מנקר פייוול יצחק
אשתו ביילה, ילדיהם: יענטע, אלי, יוכבד, חיה
מנקר שפסל
אשתו צירה, ילדיהם: ביילה, זליג ועוד שניים
מנקר לייב
אשתו חנה ושלושת ילדיהם
מנקר חיים
אשתו נחמה ושלושת ילדיהם
מנושביץ גוטל
אשתו באשה, ילדיהם: מוטה, מושה, הירשל
מוצני אברהם
אשתו ליפסה ובתם רחל
מקלר שאול
אשתו ליבה, ילדיהם: משה, נכה ועוד בת
מאזה חנה
מאזה יענטל

נגנביצקי משה
אשתו איטקה ושני ילדיהם
ניביסקי אהרן
ואשתו
נליבוצקי אליהו
אשתו יענטה, ילדיהם: משה, פייוול, צביה, חיה
נייפלד בערל (יאַשעס)

נייפלד אלי (חנה שרה'ס)
אשתו רבקה ושלושת ילדיהם
נייפלד יצחק
אשתו איטקה
נייפלד פייווע (שימקעס)
אשתו פראדה ושלושת ילדיהם
נייפלד בערל (משוורזנה)
אשתו פייגל ושלושת ילדיהם
נייפלד יוסף
אשתו לאה
נייפלד געלה (בת הרב ר' משה)
נרוצקי מיכאל (ממינסק)
אשתו באשה, ילדיהם: יצחק, הינדה ועוד אחד

סאוין יעקב (החיט)
אשתו מנוחה ושלושת ילדיהם
סטולוביצקי דבורה (אשת אליקים)
בניהם: שלמה, חיים, משה
סירקין יחזקאל ד"ר
אשתו בערטא, ילדיהם: רוזה, איזיק
סלוצ'אק זאב
אשתו שרה, ילדיהם: יצחק, יעקב, אלי־מלך, גישה, לייבל, אברהמ'ל, שלום
סלוצ'אק זאוול
אשתו העניה ובנם
סאסלאנד מינדה
ושני ילדיהם
סאפוזניק מרדכי אשתו וילדם
סאפוזניק חיה
סאפוזניק אברהם
אשתו מלכה וילדם
סדובסקי אברהם
סרנוב דוואשה (אשת וועלע)
ושני ילדיה
סרנוב שרה (לבית ליס)
וארבעת ילדיה
סרגוביץ בערל (משוורזנה)
אשתו שרה
סרגוביץ העניע (לבית אקון)
ילדיה: שאלע, זיאמע ועוד אחד
סלוצקי בלומה (אשת ליב מטורץ)
ושני ילדיה
סקורניק מוניה
אשתו מלכה, ושלושת ילדיהם

פאזניק זלאטה (לבית נייפלד)
ובתה
פאליי שלמה
אשתו רייזל, ילדיהם: לייבל, אהרן, לאה

פאלאנעצקי אשר (מיערעמיץ)
אשתו רחל לאה
פארט שמואל (מרובזביץ)
אשתו זלאטה ושני ילדיהם
פיש אברהם (מהאנצביץ)
אשתו סאניה ושני ילדיהם
פיש מיכאל (מנשוויז)
אשתו חסיה וילדם
פישקין ראובן (מרובזביץ)
אשתו באשה וארבעת ילדיהם
פייבושביץ אברהם
אשתו ציפה, ילדיהם: חיים מיכאל הניך ושתי בנות.
פיין אברהם (ממיר)
אשתו רייזל וילדם
פילשציק ראשה (מרחוב שעראקע)
ושלושת ילדיה
פילשציק אברהם (ראשעס)
אשתו חאשה ושני ילדיהם
פילשציק יעקב (ראשעס)
אשתו חיה ביילה ושלושת ילדיהם
פילשציק אלי־הנדל
אשתו אלטה ילדיהם: איטקה, ביילה, יעקב, חיה
פילשציק יוסף (בן רבקה)
ושלושת ילדיו: יהודית, שולמית, ציפה
פלקסין משה
אשתו ציפה
פלקסין מרדכי
אשתו פריידל, ילדיהם: יעקב ועוד שניים
פלקסין לייבל
אשתו עטל ושני ילדיהם
פלקסין יוחנן
אשתו חיה ושני ילדיהם
בתם של פינצנסקי אברהם ובאשה
פינצבסקי צילה (לבית נייפלד) ובעלה
פיסצנר מאיר (ממיר)
אשתו רחל
פעדער ישעיהו
אשתו חשה ושני ילדיהם
פקר זליג
אשתו פייגה
פקר יעקב
אשתו חייקה וארבעת ילדיהם
פרושציצקי נחמה (לבית טוניק)
ילדיהם: פיישע, פייגל, ראובן, איידלה, זלטה
פרושציצקי אייזיק
ואחותו סוניה
פרושציצקי רבקה

פרושציצקי זינה
פרושציצקי יוסף
אשתו סוניה ושלושת ילדיהם
פוצפובסקי יקותיאל
אשתו מרים (לבית מירסקי)
ילדיהם: חיה, שלמה, משה
פראס ירמיהו
אשתו סאניה, ילדיהם: יעקב ועוד שניים
פרעס זלמן (מביאליסטוק)
אשתו רעלקה, ילדיהם: אברשע, יעקב, חיים, חוה
פרוסינובסקי מרדכי חייקל
אשתו מלכה
פרוסינובסקי לייבל ואחותו ברכה
פראקין יוסף
אשתו גולדה, ילדיהם: מולע, הירשל, מושה, פרומה
פרסין ישראל (מקוידנוב)
אשתו פייגה, וארבעת ילדיהם
פרוסינובסקי דשקה
בעלה ובתם יוכבד

ציטרון אהרן
אשתו חנה
ציטרון יעקב
אשתו ברכה
צכנוביץ חיה (חנצעס)
צכנוביץ אברהם
אשתו חנה וילדם
ציריינסקי מאיר
אשתו בלומה, ילדיהם: בערל, ירחמיאל
צירולניק גישה (אשת ברל פיישעס)
צערצעס בנימין
אשתו חייקה ילדיהם: הירשל צערנה
צערצעס גרשון
אשתו ציפה רחל, ילדיהם: משה, בלומה
צערצעס יוסף
אשתו שימה ושני ילדיהם
צירולניק אלי
אשתו הינדה ושלושת ילדיהם
צרני חיים (חיט)
אשתו גישה ובתם שאשע
צרני פינחס
אשתו שרה וילדם
צרני יוסף (משוורזנה)
אשתו זלאטה ושלושת ילדיהם

קאפושצבסקי יהודה (מדרעבנא)
אשתו שרה, בנם אברהם ובתם

